# סדור

# בית ישראל

## עברי־טייטש

כולל סדר התפלות לכל ימות השנה

עם

ילקוט פנינים יקרים ומעשה אלפס

יכיל שלשים ושנים באורים יקרים.

נוסח ספרד

*Printed in U.S.A*

HEBREW PUBLISHING CO.
77-79 DELANCEY STREET
NEW YORK

# לוח המפתחות

וַיַּעַשׂ לַבָּיִת חַלּוֹנֵי שְׁקֻפִים אֲטֻמִים (מלכים א׳ ו׳ ד׳).

דֶער הֵיילִיגֶער תנ״ךְ דֶער צֵיילְט . בְּעֵת שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ ע״ה הָאט גִיבּוֹיעט דֶעם בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ , הָאט עֶר גִימַאכְט דִיא פֶענְסְטֶער אִינְוֶוינִיג שְׁמָאל אוּנ פוּן דְרוֹיסִין
בְּרֵייט , נִיט וִויא שְׁטוּבּ פֶענְסְטֶר (אינוויינינ ברייטער וויא אין דרויסין) , שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ הָאט
אוּנְז מִיט דֶעם גִילֶערִינְט אַהוֹיכִין אוּנ אַוִויכְטִיגֶען לִמּוּד , אַז דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז נִיט
זִויא אַגִיוָואהְנְלִיכֶער פַּאלַאץ, וָואס דֶער צִיל פוּן דִי פֶענְסְטֶער אִיז. אַרַיין צוּא בְּרֵיינְגִין
לִיכְטִיגְקֵייט אִינְוֵוינִיג , וַוייל דֶער בּוֹרֵא אִיז אַלֵיין דִיא לִיכְטִיגְקֵייט . מִיר דַארְפִין פַאר
אִים נִיט אַרַיין בְּרֵיינְגֶען דִיא זוּן לִיכְטִיגְקֵייט. אוֹיךְ דַארְף דֶר בּוֹרֵא נִיט קֵיין פַּאלַאצִין .
וְוִיא עֶר זָאגְט דוּרְךְ יְשַׁעְיָהוּ הַנָּבִיא „הַשָּׁמַיִם כִּסְאִי״ דִיא הִימֶל אִיז מַיין שְׁטוּל אוּנ דִיא
עֶרְד אִיז מַיין פוּס־בֵּיינְקֶעל „אֵיזֶה בַיִת אֲשֶׁר תִּבְנוּ לִי״ ? הַיינְט וֶועלְכֶע הוֹיז קֶענְט אִיר
בּוֹיֶען פַאר מִיר ? דֶער תַּכְלִית פוּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז פַאר אוּנְז מֶענְשִׁין . מִיר זָאלִין
דָארְטִין אַרַיין אַטְהֶעמֶען הֵיילִיגֶע לוּפְט , דוּרְךְ דִיא הֵיילִיגֶע עֲבוֹדָה פוּן דִיא כֹּהֲנִים אוּנ
דִיא זִיסֶע שִׁירוֹת וְתִשְׁבָּחוֹת פוּן דִיא לְוִיִּם , אוּנ דִיא קְדוּשַּׁת הַתּוֹרָה וְהַהֲלָכוֹת פוּן דִיא
סַנְהֶדְרִין פוּן לִשְׁכַּת הַגָּזִית (כי מציון תצא תורה) , אַז נַאכְהֶער וֶוען מִיר וֶועלִין קוּמֶען צוּ
הוֹיז , זָאלִין מִיר זִיךְ הַאלְטִין הֵיילִיג , רֵיין אוּנ אַדִיל , בַּאגֵיין זִיךְ פְרַיינְדְלִיךְ מִיט יֶעדֶער
מֶענְשִׁין , אוּנ בְּעֵת הַאנְדְלֶען אִין מַארְק , זָאל אוֹיף אוּנְז לִיגֶען אַדֶעלְקֵייט . מ׳זָאל נִיט
צוּ קָאכְט וֶוערִין פַארִין רוּבֶּל אוּנ וֶוערִין אוֹיס מֶענְשׁ , אַצְוֵויפִיסִיגֶע חַיָּה , נוּר בְּלַייבִּין
מֶענְשִׁין אִין אַלֶע צַייטִין . אִיז דֶר בֵּית הַמִּקְדָּשׁ גִיוֶועְן דִי אִידִישֶׁע שׁוּלֶע פוּן בִּילְדוּנְג ,
אַרוֹיס צוּ גֶעבִּין לִיכְטִיגְקֵייט אוֹיף דֶר וֶועלְט , אַז דוּרְךְ דֶעם אִידֶענְשׁ גוּטֶע אוֹיפְפִירוּנְג
מִיט אַלֶע מֶענְשִׁין , מִיט אִידִין אוּנ אוּמוֹת הָעוֹלָם , זָאלִין אַלֶע עֶרְקֶענֶען אוּנְזֶר גְרוֹיסִין
לֶעהְרֶער , דָאס אִיז דֶער בּוֹרֵא עוֹלָם, וָואס זַיין לֶעהְרֶע אִיז זָא וִויכְטִיג, לְבַד וָואס
זִיא אַדִילְט דֶעם מוֹחַ , זִיא לֶערִינְט גְרוֹיסֶע וִויסֶענְשַׁאפְט אִין אַלֶע מִקְצוֹעוֹת הַחָכְמָה ,
ווירְקְט זִיא אוֹיךְ זֵייעֶר שְׁטַארְק, אוֹיפְ׳ן הַארְצִין אוּנ אוֹיפְ׳ן חַרַקְטֶער . אִיז לְבַד וָואס
אַלֶע וֶועלִין זָאגִין „רַק עַם חָכָם וְנָבוֹן הַגּוֹי הַגָּדוֹל הַזֶּה״ וֶועלִין זֵייא נָאךְ זֶעהֶען דִיא
„דַּרְכֵי נוֹעַם וּנְתִיבוֹת הַשָּׁלוֹם״ פוּן דֶער תּוֹרָה . מִיט דֶעם וֶועלִין מִיר מְפֻרְסָם זַיין אִין
דֶער וֶועלְט, דִיא לוֹיבּ פוּן הַשי״ת , וְוִיא דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָהוּ זָאגְט „עַם זוּ יָצַרְתִּי לִי״ דִיזֶע
פָאלְק יִשְׂרָאֵל הָאבּ אִיךְ בַּאשַׁאפִין אוּנ אוֹיס גִיבִּילְדֶעט , צוּם צִיעֶל „תְּהִלָּתִי יְסַפֵּרוּ״ זֵייא
זָאלִין מְפֻרְסָם זַיין אִין דֶער וֶועלְט מַיין לוֹיבּ , בִּכְדֵי אַלֶע זָאלִין זִיךְ צִיהֶען צוּם אֱמֶת :
וְאַף שֶׁבַּעֲוֹנוֹתֵינוּ שָׁמֵם בֵּית מִקְדָּשֵׁנוּ , הָאט דֶער בּוֹרֵא אוּנְז נִיט פַארְלָאזִין , עֶר הָאט
אוּנְז גִיגֶעבִּין „בָּתֵּי כְנֵסִיּוֹת״ וָואס זֵיי זַיינֶען „מִקְדָּשׁ מְעַט״ (קליין פארמאט בית המקדש)
זֵיי הָאבִּין אִין זִיךְ פִיל וִוינְצִיג דִי סְגוּלָה פוּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ , אַז דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת
אוּנ דִיא חֲבוּרוֹת קְדוֹשׁוֹת „לְמִקְרָא , מִשְׁנָה , הֲלָכוֹת וְאַגָּדוֹת״ לְבַד וָואס דָאס ווירְקְט
זֵייעֶר פִיל אוֹיף אוּנְזֶער נְשָׁמָה , פַארְהֵיילִיגֶען אִיר , זִיא זָאל זַיין דָבוּק צוּ הַשי״ת, ווירְקְט
דָאס אוֹיךְ אוֹיף אוּנְזֶער חַרַקְטֶער , עֶס זָאל זַיין „כָּל רוֹאֵיהֶם יַכִּירוּם כִּי הֵם זֶרַע בֵּרַךְ ה׳״,
אַז אַלֶע וָואס וֶועלִין אוּנְז בַּאטְרַאכְטִין, זָאלִין אוּנְז דֶר קֶענֶען פַאר אַבֶּענְטְשׁוּנְג פוּן גָאט :
לֵיידֶער אָבֶּער , צוּם גְרוֹיסֶען בֶּעדוֹיעֶרוּנְג , זֶעהֶען מִיר בַּייא פִיל פְּרָאסְטֶע מֶענְשִׁין, אַז
לְבַד וָואס דִיא גֵיין קוּנְג פוּן שׁוּל , אִיז אוֹיף זֵיי שְׁוַואךְ . אִין גַאס אִיז גָאר נִיט
קאנטיג

קאנטיג. אז ער איז היינט גיוועזען אין שול אונ האט גיאטהעמט אפרישין היליגען לופט, עס זאל אים סטאליגען דיא בלוטין, נור דיא בלוטין בלייבין גראב אונ גיפעטיג, אז פאר ארובעל פרנסה ווערט ער צו קאכט, עס איז רעכט חלילה אב צו קויפין גנבות, זיין א פאלשער עדות אונ נאך אזעלכע שווינדלעריי וואס איז מחלל דעם נאמען איד, אונ לבד וואס די היליגקייט פון בית הכנסת איז ניט קאנטיג אויף אים בעת ער איז אין מארק, אפילו בעת ער איז אין שול, שפירט ער איר אויך ניט, אונ פאר אבערעקיל כבוד מדומה קען ארויס פלאצין זידלעריי מיט גרויס חלול שם שמים ובזיון התורה:

**וואס** איז באמת די אורזאך, וואס דיא היליגע אונ ריינע לופט פון שול, ווירקט ניט אויף אונזער בלוט? אונ די ליכטיגקייט פון שול שיינט ניט ארויס אין גאס, צו בעלייכטין אונזער פירונג אין מסחר ודרך ארץ? ערקלערט ישעיה הנביא, נאך דעם פסוק (עם זו יצרתי לי תהלתי יספרו) זאגט ער גלייך „ולא אותי קראת יעקב״? ווארום ביסטו מיר ניט מפרסם (קריאה הוא לשון „פרסום״, כמו ויקרא שם אברם בשם ה׳) בעת דו רופסט זיך „יעקב״ (בעת דוא ביסט אין מארק, וואס דאן הייסטו מיטן נאמן „יעקב״)? היינג פאר וואס איז דיין פירונג אין גאס אזוי נידעריג? אז עס איז גאר ניט קאנטיג, אז דו ביסט א תלמיד פון מיין היליגען אונ אדעלען חדר? „כי יגעת בי ישראל״ ווייל בעת דו ביסט אין שול (וואס דאן הייסטו „ישראל״) ביסטו מיד, דר דאוונען איז ביי דיר א שווערער לאסט, ער פארמאטערט דיר, דוא ווילסט קוים פריי ווערין פון איהם, דוא זופסט ניט אריין דיא היליגקייט פון די ווערטער אין דיינע לונגען אונ הארץ, עס זאל סטאליגן דיינע בלוטין, פר היליגין דיינע גיפילען, נאר מיטן מויל מאלסטו גיך אב קוים פטור גיווארן:

**בעמערקענדיג** דאס אלעס, קען זיין ווען מ׳וועט ארויס געבין דעם שיין, וואס ליגט פארוויקעלט אין דיא קורצע ווערטער פון די היליגע תפלות, אז דער מתפלל זאל קריגען א גישמאק אין זיי, וועט דאס פיל ווירקן אויף אים, אריין טאן דעם גידאנקען אין דיא היליגע ווערטער וואס ער זאגט, אונ ממילא וועלין זייא אים אריין גיין אין הארצין. וועט זיין דיא פעולה דאפילט, הן בעת התפלה וועט ער זיין איבער גיגעבין בלב ונפש צו דיא היליגע ווערטער פון דיא תפלות, אז ער וועט ווערין במדרגת „ישראל״, אונ הן ארויס גייענדיג אין גאס, ווס ער איז דאן במדרגת „יעקב״, וועט דיא זיסקייט פון דיא היליגע גידאנקען בלייבען אויף זיינע ליפען, אז ער וועט דאס מאנכע מאל איבער דערציילין זיין חבר אין מארק, אונ דאס וועט אויף אים ווירקען ניט פארליערן זיין אידישען שטאט אונ זיך וויסען ווי צו האלטין זיצענדיג ביי זיין ארבייט אדער ביי זיין האנדיל אין מארק, אז עס וועט טאקע זיין „ישראל אשר בך אתפאר״. אונ אפילו די בלעמ׳ס וועלין אויך מוזין זאגין „מה טובו אוהליך יעקב״! וויא שיין איז דיין אויף־פירונג אין מארק (וואס דאן הייסטו „יעקב״), דאס איז אלעס ווייל „משכנותיך ישראל״, ווייל אין דיינע שולען האלסטו זיך היליג (מה נורא המקום הזה אין זה כי אם בית אלהים), אז עס פאסט דיר דער נאמן „ישראל״ די ליכטיגקייט פון דיין „מקדש מעט״ באלויכטעט דיין פירונג אין מארק, דוא זאלסט האבין וואס צו ענטפערין ליום הדין אויף דיא וויכטיגע שאלה „נשאת ונתת באמונה?

ד׳ לסדר, ה׳ מצליח בידו, תרס״ט, ווילנא. **בן־ציון** בהרב ר׳ **ירמיהו עקיבא אלפס.**

# שִׁוִּיתִי יְהוָֹה לְנֶגְדִּי תָמִיד

**א** אִיךְ הָאבּ גָאט שְׁטֶענְדִיג פַאר מִיר. דָאס אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער כְּלָל וָואס דֶער יוּד מוּז הָאבִּין עֶר מוּז שְׁטֶענְדִיג אִין זִינֶען הָאבִּין אַז עֶר שְׁטֵייט פַאר גָאט. אוּנ וֶוער עֶס פַאר גֶעסְט אָן דָעם קֵיין מָאל נִיט, קָאן קֵיין מָאל נִיט זִינְדִיגֶען. דֶען לָאמִיר זֶעהֶען וֶוען אַיין מֶענְשׁ שְׁטֵייט פַאר דֶעם קֶינִיג וֶועט עֶר גֶעוִויס אָפּ הִיטֶען יֶעדֶען וָוארְט אוּנ יֶעדֶען טְרִיט עֶר זָאל דֶעם קֶענִיגְס גִיזֶעץ נִיט אִיבֶּער טְרֶעטִין. וֶוען דָאס אִיז אַזוֹ פַאר אַיין מֶלֶךְ בָּשָׂר וָדָם. וִויא מוּז עֶס נָאךְ זַיין וֶוען מֶען וֵוייסְט אַז מֶען שְׁטֵייט פַאר דֶעם גְרוֹיסֶען הֵיילִיגֶען גָאט. וָואס אוֹיסֶער דֶעם וָואס עֶר זֶעהְט אַלְדִינְג וָואס דֶער מֶענְשׁ טוּט. וֵוייסְט עֶר אוֹיךְ יֶעדֶער גִידַאנְקֶען וָואס מֶען הָאט אִין הַארְץ. דְרוּם מוּז מֶען צִיטֶערִין בַּייא יֶעדֶען טְרִיט אוּנ זִיךְ שְׁטַארְק הִיטֶען נִיט צוּ טָאן דָאס מִינְדֶעסְטֶע וָואס בַּייא גָאט אִיז נִיט רֶעכְט:

**ב** אוֹיךְ הָאט דִיזֶער גִידַאנְקֶען בְּכֹחַ צוּ פַאר הֵיילִיגֶען אַלֶע מַעֲשִׂים פוּן דֶעם מֶענְשִׁין אֲפִילוּ וָואס עֶר טוּט וֶועגִין זַיין קֶערְפֶּער דְהַיְינוּ עֶסִין, טְרִינְקֶען, שְׁלָאפֶען, הַאנְדְלֶען, רֵיידֶען, וֶוען עֶר טוּט דָאס מִיט פְרוּמְקֵייט אוּנ גְרוֹיס דֶרֶךְ אֶרֶץ וִויא דִיא חז"ל לֶערְנֶען אוּנְז אִין פִּרְקֵי אָבוֹת (וְכָל מַעֲשֶׂיךָ יִהְיוּ לְשֵׁם שָׁמָיִם) דָאס הֵייסְט אַלְץ וָואס דוּא טוּסְט אֲפִילוּ עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען שְׁלָאפֶען אוּנ אַנְדֶערֶע זַאכֶען זָאלְסְטוּ בַּייא אַלֶעם אִין זִינֶען הָאבֶּען אַז דוּ טוּסְט עֶס כֹּחַ צוּ הָאבֶּען זַיין לִיבֶּען נָאמֶען צוּ דִינֶען, אָדֶער וֶוען דוּ טוּסְט אַיין מְלָאכָה אָדֶער אַיין מִסְחוֹר זָאלְסְטוּ אִין זִינֶען הָאבֶּען אִיךְ וִויל הַאנְדְלֶען בֶּאֱמוּנָה (מִיט עֶרְלִיכְקֵייט) בִּכְדֵי צוּא שְׁפַּייזֶען זִיךְ מִיט מַיין הוֹיז נֶעזִינְד מִיר זָאלֶען הָאבֶּען כֹּחַ צוּ דִינֶען הַשי"ת, אוּנ דֶער וָואס פִירְט זִיךְ אַזוֹ וֶוערְט עֶר אָן גֶערוּפֶען אַיין עֶרִינְסְטֶער דִינֶער צוּ הַשי"ת אוּנ אִיז מְקַבֵּל שָׂכָר אֲפִילוּ אוֹיף זַיינֶע קֶערְפֶּערְלִיכֶע מַעֲשִׂים:

**ג** וִויא מֶען מַאכְט נָאר אוֹיף דִיא אוֹיגֶען נָאךְ דֶעם שְׁלָאף מוּז מֶען זִיךְ אִיבֶּער קְלֶערִין דֶעם גְרוֹיסֶען חֶסֶד וָואס דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט גִיטָאן, מִיט דֶעם וָואס עֶר הָאט אִיהם צוּרִיק גִיגֶעבִּין דִיא נְשָׁמָה. אִיבֶּער דֶעם מוּז מֶען תֵּיכֶף זָאגֶען.

**מוֹדֶה אֲנִי לְפָנֶיךָ מֶלֶךְ חַי וְקַיָּם שֶׁהֶחֱזַרְתָּ בִּי נִשְׁמָתִי בְּחֶמְלָה. רַבָּה אֱמוּנָתֶךָ:**

דָאס הֵייסְט אִיךְ דַאנְק דִיר לֶעבֶּעדִיגֶער אוּנ אַייבִּיגֶער גָאט וַוייל דוּ הָאסְט מִיר צוּרִיק גִיגֶעבִּין דָאס לֶעבִּין מִיט דַיין גְרוֹיס בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט. אוּנ גְלַייךְ אוֹיף שְׁטֵיין בִּזְרִיזוּת צוּ דִינֶען הַשי"ת:

## דיני השכמה לבית הכנסת

**א** אַייבִּיג זָאל זִיךְ אַמֶענְשׁ מַקְדִּים זַיין צוּ גֵיין פְרִיא אִין שׁוּל דַאוֶונֶען, בִּכְדֵי עֶר זָאל זַיין פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע צֶעהֶן, אוּנ בְּעֵת מֶען גֵייט אִין שׁוּל אִיז אַמִצְוָה צוּ גֵיין גִיךְ. אוּנ אַרַיין גֵיין אִין שׁוּל דַארְף מֶען מִיט גְרוֹיס דֶרֶךְ אֶרֶץ אוּנ הַכְנָעָה, אַזוֹ וִויא מֶען גֵייט אַרַיין צוּא אַקֶינִיג אִין הוֹיז. מֶען דַארְף זַייעֶר גֶעהִיט זַיין נִיט צוּ רֵיידֶען קֵיין דְבָרִים בְּטֵלִים אוּנ מִכָּל שֶׁכֵּן מַחֲלוֹקֶת דִיא גַאנְצֶע צַייט וָואס מֶען אִיז אִין שׁוּל אוּנ מִכָּל שֶׁכֵּן בְּעֵת דַאוֶונֶען אוּנ קְרִיאַת הַתּוֹרָה, מֶען טָאר זִיךְ נִיט זִידְלֶען אָדֶער קְרִיגֶען אִין שׁוּל אֲפִילוּ וֶועגִין אַמִצְוָה אָדֶער קַדִּישׁ צוּ זָאגֶען, הֲגַם עַל פִּי דִין קוּמְט אִים צוּ דַאוֶונֶען אָדֶער קַדִּישׁ זָאגֶען, נָאר וֶוען מֶען טְרֶעפְט אָן אוֹיף אַזַא מֶענְשִׁין וָואס וִויל נֶעמֶען מִיט גְוַואלְד דַארְף דֶער קְלוּגֶער אוּנ פְרוּמֶער מֶענְשׁ בֶּעסֶער אָפּ טְרֶעטִין דִיא וֶועג, אוּנ מִיט דֶעם וֶועט עֶר טָאן זַיינֶע גִישְׁטָארְבֶּענֶע עֶלְטֶערִין מֶער נַחַת רוּחַ וִויא מִיט דֶעם קַדִּישׁ זָאגֶען מִיט קְרִיג אוּנ זִלְזוּלִים. אוּנ דֶער זְכוּת פוּן דֶעם

קדיש

קדיש (ווייל יענער זאגט מיט אומרעכט) ווט דם זיין פארעכענט פאר דם פרומענס עלטערין, ווייל ער איז דער ווארער מקדש השם דורך דם מעביר זיין על מדותיו:

ב ווען מען ברייננגט א קינד מיט זיך אין שול דארף מען איהם האלטען לעבין זיך אונ אכטונג געבען ער זאל זיצען רוהיג מיט דרך־ארץ אונ ענטפערין אמן אויף יעדער ברכה. אונ דער וואס איז זהיר אין די היילינקייט פון בית־הכנסת וואס ער ווערט אנגערופען מקדש־מעט (דאס קליין בית־המקדש) וועט זיין תפלה זיין באווילינט פאר השי״ת אונ ער וועט זוכה זיין צו דיענען השי״ת אין בית־המקדש שיבנה במהרה אמן:

דאס זאל מען זאגין מיט גרויס כוונה אבינט אונ מארגין איי מען הויבט אן מתפלל צו זיין:

מי אנכי שאזכה להתפלל לפני הקדוש ברוך הוא שהוא אל גדול ונורא ואנכי איש חוטא והכעסתי שמו הגדול במעשי הרעים ואנכי בשר ודם עפר ואפר ואיני כדאי וראוי להזכיר שמו הגדול הגבור והנורא ומכל שכן להתפלל לפניו ולזכור שמו הגדול כמה פעמים. אוי לי איך אשא פנים לעמוד לפני מלך גדול ונורא מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא עלת כל העלות וסבת כל הסבות. אלא מפני רחמיו וחסדיו הגדולים שהוא מרחם על בריותיו ורוצה בתפלה ותחנונים של עבדיו כמו שנאמר קרוב יי לכל קראיו לכל אשר יקראהו באמת: רצון יראיו יעשה ואת שועתם ישמע ויושיעם: שומע תפלה עדיך כל בשר יבאו:

עס שרייבין אונזערע חכמים גלייך וויא מען קומט אין שול זאל מען זיך בוקין אונ זאגין די פסוקים:

ואני ברוב חסדך אבוא ביתך אשתחוה אל היכל קדשך ביראתך:

אונ דער נאך זאל ער דעם פסוק זאגין בבית אלהים נהלך ברגש:

מען גיהער וואס צדקה צו געבן פר דר תפלה דען דא ווערט די תפלה גלייך אנטפאנגן אונ זאל זאגן די פסוקים:

אני בצדק אחזה פניך: צדק לפניו יהלך וישם לדרך פעמיו:

אונ דער נאך זאל מען זאגין (מה טובו וכו׳) אונ (אני קראתיך וכו׳):

מי אנכי ווער בין איך וואס איך זאל זוכה זיין צו טאן תפלה פאר אזו איין פארכטיגין מלך ווס ער איז איין מלך מלכי המלכים הקדוש ב״ה גילויבט אונ גיהיילינגט איז זיין נאמן איך בין איזינדיגער מענטש אונ האב דיך דר צארינט מיט מיינע בייזע מעשים איך בין איין בשר ודם אונ בין ניט ראוי אז איך זאל דר מאנן דיין היילינן נאמן תפלה צו טאן פר דיר, איך שעם מיך אויף צו הייבן מיינע אויגן פר אזו אפארכטיגן גאט ווס ער איז איין גאט איבר דר גאנצר וועלט גלויבט איז זיין נאמן ביז אייביג. נאר מחמת זיין גינאד אונ זיין גרוס דר בארימקייט וואס ער טוט זיך דר בארימן איבר דר גאנצר וועלט אונ באגערט די תפלות אונ בקשות פון זיין פאלק אזו וויא אין פסוק שטייט קרוב ה׳ לכל קוראיו וגו׳ גאט איז נאהענט צו די וואס רופין אים מיט אמת אונ פאר נעמט דם גישרייא פון די פארכטיגע אונ הערט צו זייער גבעט אמן:

רבש״ע הער פון דר וועלט איך ווייס וואול אז איך בין איין זינדיגער מענטש אונ בין ניט ווערט אז איך זאל מיך שטעלין תפלה טאן פאר אזו אגרויסין אונ איין פארכטיגין גאט ווארום דיין גרויסקייט האט גאר קיין צאל ניט אז מען זאל עס קענען אום דער ציילין אונ איך ווייס אפילו ניט וויא אזו תפלה צו טאן פאר אזו אגרויסין גאט. נאר איך פר זיכער מיך אויף דעם וואס איך ווייס אז דו ביסט איין מלך רחמן אונ באגערסט די תפלה פון דעם מענטשין ווס איז מתפלל מיט איין צו בראכין הארץ דרום שטעל איך מיך אנידער פאר דיר מתפלל זיין אונ האב חרטה אויף מיינע עבירות ווס איך האב ביז אהער גיטאן. אונ דו ואלסט מיר שיקין דיינע היילינע מלאכים וואס זיינען גיזעצט איבער די תפלות אז זייא זאלין מיין תפלה אויף ברייננגען פאר דיר אמן:

תַּנְיָא הָיָה ר׳ מֵאִיר אוֹמֵר חַיָּיב אָדָם לְבָרֵךְ מֵאָה בְּרָכוֹת בְּכָל יוֹם שֶׁנֶּאֱמַר וְעַתָּה יִשְׂרָאֵל מָה ה׳ אֱלֹהֶיךָ שׁוֹאֵל מֵעִמָּךְ (אַל תִּקְרֵי מָה, אֶלָּא מֵאָה, תוספ׳ בשם ס״). (מנחות מ״ג :)

דֶער גְרוֹיסֶער תַּנָּא ר׳ מֵאִיר (בעל הנס) הָאט גִילֶערְנְט, אַז יֶעדֶער אִיד, אִיז מְחוּיָּב צוּ לוֹיבֶּען דֶעם בּוֹרֵא אַלֶע טָאג מִיט הוּנְדֶערְט בְּרָכוֹת, וְוִיא עֶס וֶוערְט גִיזָאגְט אִין פָּסוּק (ועתה ישרא׳) אִיצוּנְד יִשְׂרָאֵל (מה ה׳ אלהיך שואל מעמך) וָואס פֶּערְלַאנְגְט דֶער בּוֹרֵא פוּן דִיר ? נוּר יִרְאַת שָׁמַיִם. (אל תקרי) זָאלְסְט נִיט לֵייעֶנְעֶן „מָה״ וָואס ? נוּר „מֵאָה״ הוּנְדֶערְט, דָאס הֵייסְט הוּנְדֶערְט לוֹיבּ פֶּערְלַאנְגְט עֶר פוּן דִיר. דִיא הֵיילִיגֶע רֵייד, בֶּעטִין זֵייעֶר מְ׳זָאל זֵייא פַארְשְׁטֵיין. וַוייל שְׁטֶענְדִיג אִין תַּלְמוּד, וֶוען דֶר פָּסוּק אִיז אִין פְּשַׁט שְׁוֶוער, גִיבֶּען דִיא חֲכָמִים אַקְנֵייץ, דוּא זָאלְסְט נִיט לֵייעֶנְעֶן דִי נְקוּדָה וִוי עֶס שְׁטֵייט, נוּר אַזוֹי וֶועט וֶוערִין רֶעכְט דֶער פָּסוּק. אָבֶּער דָא אִיז גְרַאד פַארְקֶערְט, וְוִיא עֶס שְׁטֵייט „מָה״ וָואס ? הָאט דֶער פָּסוּק אַבִּיאוּר (וואס פערלאנגט דער בורא ? נור יראת שמים), אָבֶּער אַז אִיךְ גִיבּ אַקְנֵייץ פוּן „מָה״ אוֹיף „מֵאָה״ (הונדערט), בְּלַייבְּט דֶר פָּסוּק גָאר אָן פְּשַׁט. אַלְזָא אִיז אַ מִצְוָה צוּ פַארְשְׁטֵיין דֶעם גִידַאנְקֶען פוּן הֵיילִיגֶען תַּנָּא ר׳ מֵאִיר :

גוּט בֶּעטְרַאכְטֶענְדִיג זֶעהֶען מִיר, אַז דֶר פָּסוּק אִיז טַאקֶע שְׁוֶוער, אוּנ נוּר דוּרְךְ ר׳ מֵאִיר׳ס קְנֵייץ „מֵאָה״ וֶוערְט עֶר רֶעכְט. מֹשֶׁה רַבֵּנוּ זָאגְט צוּ יִשְׂרָאֵל, וָואס פַארְלַאנְגְט דֶער בּוֹרֵא פוּן דִיר יִשְׂרָאֵל? (פארלאנגט ער דען גרויסע זאכען ?) עֶר פֶּערְלַאנְגְט נוּר יִרְאַת שָׁמַיִם. פְרֶעגְט דִיא גְמָרָא הַקּוּשְׁיָה (ברכות לג:) אִיז דֶען יִרְאַת שָׁמַיִם אַ קְלֵיינִיגְקֵייט ? דָאס אִיז דָאךְ אֵיינֶע פוּן דִיא וֶועלְט-אַנְטִיקֶען, וָואס הַשֵּׁי״ת הָאלְט אִין זַיין אוֹצָר (יראת ה׳ היא אוצרו). עֶנְטְפֶערְט דִיא גְמָרָא, אִין (יע), לְגַבֵּי (ענטגעגען) מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, אִיז יִרְאָה אַ קְלֵיינִיגְקֵייט, (משל לאדם) דָאס אִיז גְלַייךְ וְוִיא מְ׳בֶּעט בַּייא אֵיינֶעם אַ גְרוֹיסֶע כֵּלִי אוּנ עֶר הָאט, אִיז בַּיי אִים אַ קְלֵיינִיגְקֵייט אוּנ וֶוען מְ׳בֶּעט אַ קְלֵיינִיגְקֵייט אוּנ עֶר הָאט נִיט, אִיז בַּיי אִים וְוִיא אַ גְרוֹיסֶע זַאךְ. אָבֶּער דִיא גְמָרָא׳ס תֵּירוּץ בֶּעט זִיךְ אוֹיךְ צוּ פֶערְשְׁטֵיין. וֶוען דִי תּוֹרָה וָואלְט דָאס בֶּעטִין בַּיי מֹשֶׁה רַבֵּנוּ, אִיז רֶעכְט. אָבֶּער מֹשֶׁה רַבֵּינוּ בֶּעט דָאךְ דָאס בַּייא אוּנְז אִיז דָאךְ ווִידֶער דִיא קַשְׁיָא. אִיז דֶען יִרְאַת שָׁמַיִם׳ אַ קְלֵיינִיגְקֵייט ? וָואס עֶר זָאגְט מָה? וִוי בַּאלְד אַז מִיר פֶערְמָאגִין דָאס נִיט, אִיז דָאךְ בַּיי אוּנְז דִי קְלֶענְסְטֶע זַאךְ גְרוֹיס, אַפְשִׁיטָא אַזַא גְרוֹיסֶע זַאךְ וְוִיא יִרְאַת שָׁמַיִם, וָואס דָאס אִיז דִיא הֶעכְסְטֶע חָכְמָה, וְוִיא דֶער פָּסוּק זָאגְט (הן יראת ה׳) יִרְאַת הַשֵּׁם אִיז אַ אֵיינְצִיגֶער אוֹיסְנַאהם אִין דֶר וֶועלְט, (היא חכמה) נוּר זִי אִיז דִי וִויכְטִיגְסְטֶע חָכְמָה, מִיט אַמָאל זָאגְט דָא מֹשֶׁה רַבֵּנוּ „מָה׳? עֶר פַארְלַאנְגְט עֶפֶּעס פוּן דִיר אַסַךְ ? עֶר פַארְלַאנְגְט דָאךְ נוּר „יִרְאָה׳. — אוּנ ווִידֶער שְׁטֵייט דָאךְ אוֹיסְגִירֶעכִינְט אִין פָּסוּק נָאכְהֶער אַ גַאנְצִין צֶעטִיל (ללכת בכל דרכיו ולאהבה אותו, ולעבוד את ה׳ אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך וכו׳ וכו׳), אָט דָאס אַלֶעס אַרְט ר׳ מֵאִיר׳ן אוּנ מִיט דֶעם אֵיין קְנֵייץ אַל תִּקְרֵי „מָה׳ אֶלָּא „מֵאָה״ וֶוערְט אַלֶעס פַארְעֶנְטְפֶערְט :

נוּר פְרִיעֶר וֶועלִין מִיר פֶערְשְׁטֵיין דֶעם תֵּירוּץ הַגְּמָרָא (אין לגבי משה מלתא זוטרתא היא), דֶער פְּשַׁט אִיז, אִין דֶער צַייט אַז אִידִין זַיינֶען גִישְׁטַאנֶען אַנְטְגֶעגִין מֹשֶׁה רַבֵּנוּ, וָואס עֶר אִיז גִיוֶוען פוּל מִיט יִרְאָה פַאר דִי רוֹמְמוּת הַבּוֹרֵא, הָאט דָאס גֶעווִירְקְט אוֹיף זֵיי, וָואס הָאט נוּר גִיוָואלְט צוּ לֵייגִין דִי קָאפּ צוּ יִרְאַת שָׁמַיִם, אַז עֶר זָאל אִיר קְרִיגֶען וְוִיא אַגְלָאז רוּקְט זִיךְ צוּ אַפְלַאשׁ פוּל מִיט וַויין (אז עס גייט אריבער) וֶוערְט דִיא גְלָאז

אויך פול מיט די ווייך וואס גיים אריבער פון פלאש. — לאמשל ווען דער ווילנא׳ר גאון אדער איינער פון די חסידי עליון זכרונם לברכה, וואלט קומען צו אונז אין שוהל דאוונען, אונז מיר וואלטין ווערען זיין דאוונען מיט קדושה וטהרה אונ מיט התלהבות, וואלט דאס געווירקט אויף אלע אידין וואס שטייען ארום אים, זיי וואלין אויך דאוונען מיט גרויס יראת שמים, מכל שכן די ישראל וואס זיינען געוועזן לעבען משה רבנו אונ האבין געזעהען זיין קדושה וטהרה, אז ער איז געוועזן שטענדיג מוכן צו ריידען מיט דעם בורא ב״ה, וויא עס שטייט (עמדו ואשמעה מה יצוה ה׳), אפשיטא אז דיא גרויסע ליכטיגע שטראלין פון משה רבנו׳ס יראה, האט אב געשיינט אויף זייא אויך, אונ דער וואס האט נור געוואלט איז אים לייכט געוועזן צו באקומען יראת שמים:

הא תינח, דאס איז רעכט אין דור דעה פון משה רבנו. איז יראה מלתא זוטרתא היא, דיא תורה איז דאך אבער אנ׳עוויגע, וויא לערינט מען דעם פסוק אחרי מות משה? דאן איז דאך שוין יראה גיט אקליינע זאך, בלייבט דאך ווידער דיא קשיא (,אטו יראה מלתא זוטרתא היא״?), מוזין מיר זאגין וויא באלד דיא תורה רופט זיך אויף משה רבנו׳ס נאמען (זכרו תורת משה עבדי) איז א איד וואס לערינט דיא תורה מיט קדושה וטהרה, קען ער קומען גאנץ לייכט צו יראה, וויא עס שטייט (וקרא בו כל ימי חייו, למען ילמד ליראה את ה׳) אז דורך שקידת התורה קומט מען לייכט צו יראה. דאס מיינט דיא גמרא ,אין לגבי משה״ סיי בעת משה רבנו האט געלעבט אונ מ׳איז געוועזן דבוק צוא אים אליין, סיי מ׳איז דבוק צו תורת משה, איז אלעם לייכט צו בעקומען יראת השם:

דיא פראקטיקע זאגט אבער ,אין אומן בלא כלים״, און גיצייג איז מען קיין מייסטער, היינו אנ׳אומנות וואס איר קאמפלעט גיצייג באשטייט אין 48 שטיק אונ דער ווארשטאט האט אב געברענט אונ קוים געבליבען העלפט גיצייג, פאר שטייט זיך אז דיא כלים וועלכע ער ארבעט אויס (מיט ווייניג גיצייג) זיינען זייער גימיין. דם גלייכען צו דיא קינסטליכע ארבייט פון דער תורה פאדערט זיך 48 שטיק גיצייג, וויא דער תנא זאגט (אבות פ״ו) והתורה נקנית ,בארבעים ושמונה״ דברים. (ולכן קראה החכם מכ״א בשם אשת חי״ל שהוא בגמטריא מ״ח). איז בעת מיר זיינען געזעסין אויף אונזער לאנד מיט א בית המקדש מיט נבואה, רוח הקודש, טהרה וקדושה האבין זיך גיפונען צווישען אונז פיל גרויסע תלמידי חכמים, וואס האבין געלערינט בקדושה ובטהרה, מיט גרויס התלהבות ושמחה, האבין אלע זייערע מקורבים גיקאנט אן ציהען פון זייא יראת שמים גאנץ לייכט. אבער אין די שרפה פון בית קדשנו איז פארברענט גיווארין העלפט גיצייג, טהרה, קדושה, שמחה, שמוש חכמים, איז געבליבין ,מלכה ושריה בגוים אין תורה״ אונ שוקדי תורה לשמה באימה וביראה, בענוה בשמחה ובטהרה, בשמוש חכמים, בדקדוק חברים (וויא דיא משנה רעכינט), אז זייער יראה זאל קענען אב שיינען אויף דיא גאנצע שטאט, קען ערשט טרעפין איינער אין וויפיל דורות. טוא וויא אזוי לייען איך היינט ,מה ה׳ אלהיך שואל מעמך? כי אם ליראה, בלייבט דאך דיא קשיא ,אטו יראה מלתא זוטרתא היא״? אונ דער תירוץ ,לגבי משה״ איז היינט זייער שווער צו געפינען:

דיא אנשי כנסת הגדולה אז זייא האבין דאס באטראכט, האבין זייא מתקן געוועזן דעם סדר התפלה וסדר הברכות, דאס איז אלייכטער מיטל יעדער איד זאל

קומען

קוּמֶען צוּ יִרְאַת שָׁמַיִם וְויא דֶער רמב״ם שְׁרַייבְּט (הלכות ברכות פ״א ה״ג וד׳, וז״ל, יברכות רבות תקנו חכמים (הם אנשי כנסת הגדולה) כו׳, נמצאו כל הברכות כולן שלש מינים, ברכות הנייה, וברכת מצות, וברכת תודאה, שהן דרך שבח והוריה ובקשה, כדי לזכור את הבורא תמיד וּלְיִרְאָה מִמֶּנוּ), דוּרְךְ דִיא ״מֵאָה בְּרָכוֹת״ וָואס דֶער אִיד זָאגְט אַלֶע טָאג, הַיְינוּ בִּרְכוֹת הַשַּׁחַר אוּנ דְרַייא מָאל דַאוְונֶען, בִּרְכַּת הַמָּזוֹן אוּנ בִּרְכַּת הַנֶּהֱנִין, צוּא זַאמֶען אִיז הוּנְדֶערְט בְּרָכוֹת, דַאדוּרְךְ וֶועט דֶער אִיד קוּמֶען לַייכְט צוּא יִרְאַת שָׁמַיִם:

דָאס זָאגְט ר׳ מֵאִיר ״חַיָּיב אָדָם״ אַמֶענְשׁ אִיז מְחוּיָּב זָאגִין אַלֶע טָאג ״מֵאָה בְּרָכוֹת״, ד. ה. דַאוְונֶען דְרַייא מָאל, וַואשִׁין זִיךְ, בֶּענְטשִׁין אוּנ מַאכִין אַ בְּרָכָה אוֹיף אַלֶעס, וַוייל דִיא תּוֹרָה אִיז מַזְהִיר פִּיל מָאל, מ׳זָאל זִיךְ אַיין שַׁאפִין יִרְאַת שָׁמַיִם (את ה׳ אלהיך תירא — ליראה את ה׳ אלהיך — אם לא תשמור לעשות את כל דברי התורה הזאת ליראה את השם הנכבד והנורא), נַאכְהֶער זָאגְט משֶׁה רַבֵּנוּ, וָואס פֶערְלַאנְגְט גָאט? מֶער נִיט וְויא יִרְאָה, וַוייל ״יִרְאָה״ אִיז אַלְאקָאמַאטִיף וָואס צִיהט פִיל וַואגָאנֶען, אַז דוּא וֶועסְט הָאבִּין יִרְאָה, וֶועסְטוּ אַלֶעס הָאבִּין (ללכת בכל דרכיו ולאהבה אותו, ולעבוד את ה׳ אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך, לשמור כו׳), אִיז דָאךְ דִיא קַשְׁיָא ״אָטוּ יִרְאָה מִלְּתָא זוּטַרְתָּא הִיא״? אוּנ דֶער תֵּירוּץ ״לְגַבֵּי משֶׁה״ אִיז בִּזְמַן הַחוּרְבָּן זֵייעֶר אַשְׁוַואכֶער תֵּירוּץ. דְרוּם זָאגְט ר׳ מֵאִיר ״אַל תִּקְרֵי מָה״ (דוא קענסט אנדערש ניט לייענען) מָה (וואס דאס וויזט, אז יראה איז אגרינגע זאך) אֶלָּא (נור דורך דעם מיטל פון) מֵאָה, דוּרְךְ דִיא מֵאָה בְּרָכוֹת בְּכָל יוֹם, אִיז יִרְאָה אַלַייכְטֶע זַאךְ צוּ בֶּעקוּמֶען אֲפִילוּ הַיינְט אוֹיךְ:

פוּן דֶעם לֶערְנֶען מִיר, וְויא וַוייט מ׳דַארְף דַאוְונֶען בְּכַוָּנָה אוּנ זִיךְ מִתְבּוֹנֵן זַיין אִין יֶעדֶער בְּרָכָה. לְמָשָׁל דִיא עֶרְשְׁטֶע בַּקָּשָׁה פוּן שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה ״אַתָּה חוֹנֵן לְאָדָם דַעַת״, וֶוען חָלִילָה עֶס ווערְט עֶטְוָואס גֶערִירְט דֶעם מוֹחַ אוּנ עֶס פֶעלְט ״דַעַת״ (פערשטאנד) וְויא וַוייט מ׳אִיז אוּנְגְלִיקְלִיךְ, הַיינְט אַז דֶער בּוֹרֵא אִיז דֶער חוֹנֵן לְאָדָם דַעַת, וְויא וַוייט מ׳דַארְף הָאבִּין עֶהְ״עֶ-פוּרְכְט פַאר אִים. — וֶוען מ׳זָאל זַיין אוֹיף אַ וִויסְטַאוְוקֶע אוּנ זֶעהֶען אַ וואוּנְדֶער וָואס אַקִינְסְטְלֶער הָאט אַיין גִיסְטְרוֹיעֶט, אַז אֵיין פְלַאם עֶלֶעקְטְרֶע הָאט בֶּעלוֹיכְטִין אַגְרוֹיסֶע גַאס, וָואלְט מֶען בֶּעוואוּנְדֶערִין דִי חָכְמָה נִפְלָאָה פוּן דֶעם קִינְסְטְלֶער, אוּנ מ׳וָואלְט אִים שְׁטֶענְדִיג גֶערִימְט. אַפְּשִׁיטָא אַז מ׳שְׁטֵייט אוֹיף אִין דֶער פְרִיה אוּנ מ׳זֶעט, וְויא דֶער פְלַאהם עֶלֶעקְטְרִי. וָואס דֶער בּוֹרֵא הָאט אָנְגִיצוּנְדִין (דיא זון וואס זיא זעט אויס פארין אויג ניט גרעסער וויא אפלאם עלעקטרי), בֶּעלַייכְט זִיא דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, וְוי וַוייט מ׳דַארְף נִתְפָּעֵל וֶוערִין אוֹיף דִי חָכְמָה נִפְלָאָה פוּן יוֹצֵר בְּרֵאשִׁית אוּנ זָאגִין בָּרוּךְ אַתָּה ה׳ ״יוֹצֵר הַמְּאוֹרוֹת״ מִיט גְרוֹיס כַּוָּנָה, אוּנ נָאךְ מֶער, דִי עֶלֶעקְטְרֶע פוּן אַבָּשָׂר וָדָם הָאט נוּר אֵיין סְגוּלָה פוּן לַייכְטִין, דִי זוּן הָאט פִיל אֵייגֶענְשַׁאפְטִין, זִיא גִיט וַוארִימְקַייט, זִיא גִיט שְׁפַּייז־קְרַאפְט אִין תְּבוּאוֹת וּפֵירוֹת אוּנ נָאךְ פִיל סְגוּלוֹת, וָואס מִיר זַיינֶען נָאךְ נִיט דֶערְגַאנְגֶען, וְויא וַוייט מ׳דַארְף זָאגִין דִי בְּרָכָה פוּן יוֹצֵר אוֹר מִיט גְרוֹיס כַּוָּנָה, אוּנ אַזוֹי אַלֶע בְּרָכוֹת פִיר דֶעם, וָואס אִיז זִיךְ מִתְבּוֹנֵן מִיט קָאפּ אוּנ הַארְ״ן:

דֶער מֶענְשׁ וָואס בֶּעטְרַאכְט אַלֶעס מִיט גִידַאנְקֶען, קֶען אִין דֶעם מַאֲמַר פוּן ר׳ מֵאִיר נָאךְ וָואס בֶּעמֶערְקִין, פָארְלֵייפִיג פַּאסְט אַז דֶער מַאֲמַר זָאל שְׁטֵיין אִין מַסֶּכֶת בְּרָכוֹת. וָוארוּם הָאבִּין דִי חַכְמֵי הַתַּלְמוּד אִיהם גִישְׁטֶעלְט אִין מַסֶּכֶת מְנָחוֹת (פרק התכלת

וואס דארפין האבילט זיך גאר ווענין ציצית? פון דעם זעהען מיר, אז דער מאמר האט אויך אשייכות צו דעם ענין פון ציצית. היינו דר תנא רבי מאיר האט בעמערקט אז אין פ׳ צי. ית שטייט צוויי מאל „זכירה״. — 1) וראיתם אותו „וזכרתם״ את כל מצות ה׳. — 2) „למען תזכרו״ ועשיתם את כל מצותי והייתם קדושים כו׳, האט ער (רבי מאיר) אויך ערקלערט, אז דיא 2 „זכירות״ בעציהען זיך אויף די צוויי מצות וואס אין ציצית „תכלת אונ לבן״. — „תכלת״ איז געפארבט מיט „דם חלזון״, דאס איז אעיקר המציאות, אונ „לבן״ איז אגיוואהנליכע אביליגע זאך, די צוויי מינים זייען מרמז אויף די צוויי אופנים וויא צו בעקומען „יראת שמים״. — „תכלת״ ווייזט אויף דעם הויכען מיטל פון „שקידת התורה״ (תכלת דומה לים) פריער מוז מען לערנען מיט גרוים שקידה, ווי פיש איז איר חיות נור אין וואסער, אזוי דארף אתלמיד חכם זיין אריין געלייגט מיט לייב אונ לעבין אין ים התלמוד, ווען אפילו אין אנפאנג איז נאך ניט לשמה אבער אז „לעולם ילמד אדם״ ווען מ׳לערינט שטענדיג קומט „מתוך שלא לשמה צו לשמה״ דאס איז „ים דומה לרקיע״ ער קומט צוא לשמה (וואס עס שטייגט מעל שמים) „כי גדול מעל שמים חסדך (וואס רבא (פסחים נ׳ ע״ב) האט דאס ערקלערט בעוסקים לשמה) „ורקיע דומה לאבן ספיר״, אז מ׳לערינט „תורה לשמה״ ווערט מען ליכטיג וויא דר „אבן ספיר״ ווי משה רבנו האט זוכה גיוועזן (כי קרן עור פני משה) „ואבן ספיר דומה לכסא הכבוד״, אז מ׳איז זוכה צו אזא מדרגה, איז מען שוין שטענדיג דבוק בהקב״ה וויא משה רבנו עמדו ואשמעה מה יצוה ה׳ לכם), דאס איז די הויכע מדרגה וואס „לגבי משה מלתא זוטרתי היא״. אבער ניט אלע קענען קומען צו די מדרגה פון אמת׳ה „תכלת״, פיל פלעגין מאכין פאלשין, געבין „קלא־אילן״ אנשטאט „תכלת״, (דאס איז ארמז, אז פיל לערנען אונ האבין אין זיך קיין יראת שמים, דער לערנען איז נור „לקנטר״ חלילה, דאס איז „קלא־אילן עהנליך צוא תכלת אבע באמת איז דאס פסול. דרום דארף אתלמיד חכם לערנען אפט אב סעלע מוסר אויך):

דער בורא ב״ה, וויל דאך אבער מצדה זיין אלע אידין מטין „אוצר פון יראת שמים״, אליא האט ער אונז גיגעבין (אין ציצית) נאך אזארט, אביליגען וואס אלע קענען בעקומען דאס איז „לבן״, דאס ווייזט אויף דעם לייכטין מיטל פון „מאה ברכות״ צו קומען דורך דעם צו יראה. — דס זאגט די תורה „ונתנו על ציצית הכנף פתיל תכלת, וראיתם אותו״, איר זאלט באטראכטין דעם צייכין וואס תכלת באדייטעט (וואס מ׳מיינט מיט דעם), דאס ווייזט אויף אהויכע מדרגה פון תורה (דומה לים, ולרקיע, ולאבן ספיר, ולכסא הכבוד, וראיתם „אותו״ כביכול זוכה ורואה פני השכינה), אונ ווייל „תכלת״ איז אטייערער ארטיקל ניט אלע קענען אים באקומען, אונ היינט איז דאס לגמרי ניטא, (ד. ה. דיא הויכע מדרגה פון תורה לשמה, זוכה זיין למדרגת נבואה „וראיתם אותו כביכול״ איז זייער שווער צו דערגרייכין). זאלט איר לפחות נזהר זיין אין „לבן״, איר זאלט אויס ווייכען דיא צוויי סרסורים לעבירה (ולא תתורו אחרי לבבכם ואחרי עיניכם, למען תזכרו ועשיתם את כל מצותי) ווען איר וועט זיין „סור מרע״ וועט איר קומען למדרגת „עשה טוב״. דורך „מאה ברכות״, וואס איר וועט שטענדיג גידיינקען דעם בורא, אז ער איז דער „מחזיר נשמות לפגרים מתים״ — ער איז דער „פוקח עורים״, ער איז דער „יוצר המאורות״ ער איז דער „מחיה המתים״, ער איז דער „חונן לאדם דעת״, ער איז דער „רופא חולים״. אז איר וועט דאס זאגן

איינִיגֶע מָאל אַטָאג מִיט קָאפּ אונ הַארְץ וֶועט איר גַאנְץ לַייכְט קוּמֶען צוּ „יִרְאָה" אונ פוּן „יִרְאָה" צוּ „אַהֲבָה" אונ צוּ אַלֶע מִדּוֹת טוֹבוֹת :

אַמֶענְש מִיט גִידַאנְקֶען פַארְשְׁטֵייט, וִויא וַייט מְ'דַארְף זָהִיר זַיין דַאוְוֶנֶען אונ מַאכִין אַלֶע בְּרָכוֹת מִיט כַּוָּנָה, דָאס אִיז דָאךְ אַגְרוֹיס חֶסֶד גֶעבִּין אוּנְז אַזַא לַייכְטִין מִיטֶל, צוּ צוּ קוּמֶען צוּ דִי עֶרְהַאבֶּענֶע מַדְרֵגָה פוּן יִרְאָה. אונ דֶר וָואס אִיז נַאכְלַאסִיג אִין דֶעם אונ דַאוִוינְט אָן קָאפּ, אָן הַארְץ אִיז עֶר מְאַבֵּד בְּיָדַיִם דִיא „מַתָּנָה טוֹבָה" (יִרְאָה), וָואס דֶער בּוֹרֵא הָאט אִים גִיגֶעבִּין, וָואס אַבְרָהָם אִיז גִירִימְט גִיוָוארִין מִיט דֶעם נָאךְ אַלֶע נִסְיוֹנוֹת (עתה ידעתי כי „ירא אלהים" אתה) אונ עֶר קֶען קוּמֶען צוּ דֶעם זֵייעֶר לַייכְט, מִיט 5—קָאפּ' אַפֶּעקִיל צִיצִית. מְ'הָאט אִים נִיט בֶּעלֶעסְטִיגְט בְּרֵיינְגֶען דַוְקָא צִיצִית פוּן תְּכֵלֶת (וואס דארף היינט קאסטין אהין רב) — אונ וֶוען אַזַא קְלֵיינִיגְקֵייט אִיז עֶר פוּיל, דָאס הֵייסְט אַז דֶעם דַאוְוֶנֶען אונ דִיא בְּרָכָה מַאכִין, וָואס זָא וְזָא דַאוִוינְט עֶר אונ מַאכְט אַבְּרָכָה נוּר עֶס אִיז טוּיט אָן אַנְשָׁמָה (דרום ווירקט דאס ניט, בריינגען אים צוא יראה) אִיז דָאךְ דָאס אַבֶּעוַוייז, אַז עֶר אִיז כְּבַזֶּה דְּבַר ה', אִיז זַיין שְׁטְרָאף מְבוֹאָר אִין דֶער תּוֹכָחָה (אם לא תשמור לעשות את כל דברי התורה כו' ליראה את ה' הנכבד והנורא, והפלא כו') זַיין שְׁטְרָאף אִיז נָאךְ פִיל גְרֶעסֶער וִויא דֶער וָואס הָאט נִיט גֶעקוֹיפְט קֵיין תְּכֵלֶת (בעת תכלת איז גיווען צוקריגען), וַוייל תְּכֵלֶת קָאסְט פָארְט זֵייעֶר טַייעֶר. קֶען זַיין אַז עֶר הָאט גִיזַאלֶעוֶועט פִיל גֶעלְט אונ אִין רֶמֶז, אִיז דָאס „תּוֹרָה לִשְׁמָהּ" וָואס בְּרֵיינְגְט לְמַדְרֵגַת נְבוּאָה „וּרְאִיתֶם אוֹתוֹ". אוֹיף דֶעם אִיז אוֹיךְ דָא הִתְנַצְּלוּת, אַזוֹי פִיל אַנְשְׁטְרֵיינְגֶען זִיךְ (כך היא דרכה של תורה פת במלח, וחיי צער תחי' ובתורה אתה עמל) אִיז אִים גִיוֶוען שְׁוֶוער אָבֶּער צִיצִית פוּן לָבָן, ד. ה. דַאוְוֶנֶען מִיט קָאפּ אונ הַארְץ, דִי אוֹיעֶרִין זָאלִין הֶערִין וָואס דִיא מוֹיל רֶעט, עֶס זָאל אַרַיין דִי וֶוערְטֶער אִין הַארְצִין, מְ'זָאל קוּמֶען דוּרְךְ דֶעם צוּ יִרְאָה, דָאס אִיז דָאךְ גְרִינְג :

דֶעם גִידַאנְקֶען הָאט דֶער גְרוֹיסֶער תַּנָא ר' מֵאִיר אַרוֹיס גִיגֶעבִּין אִין זַיינֶע דְרַיי בְּרַייתוֹת (וואס ווערט גיבראכט אין מנחות) אֵיינֶע לֶעבִּין דִיא אַנְדֶערֶע. — 1) תַּנְיָא, הָיָה ר' מֵאִיר אוֹמֵר מַה נִּשְׁתַּנָּה תְּכֵלֶת מִכָּל מִינֵי צִבְעוֹנִין? מִפְּנֵי שֶׁהַתְּכֵלֶת דּוֹמֶה לַיָּם, וְיָם דּוֹמֶה לָרָקִיעַ, וְרָקִיעַ לְכִסֵּא הַכָּבוֹד, דָס הֵייסְט אַז „תְּכֵלֶת" וַוייזְט אוֹיף דִי הוֹיכֶע מַדְרֵגָה פוּן „תּוֹרָה לִשְׁמָהּ" וָוס פִירְט צוּ „יִרְאַת הָרוֹמְמוּת". אָבֶּר „לָבָן" וַוייזְט אוֹיף אַנִידֶערִיגֶערֶע מַדְרֵגָה (יראת העונש). — 2) תַּנְיָא הָיָה ר' מֵאִיר אוֹמֵר גָּדוֹל עָנְשׁוֹ שֶׁל לָבָן מֵעָנְשׁוֹ שֶׁל תְּכֵלֶת, דֶער וָואס טְרָאגְט נִיט קֵיין צִיצִית לָבָן, אִיז זַיין שְׁטְרָאף גְרֶעסֶער פַר דֶעם וָוס קֶען קוֹיפֶען צִיצִית פוּן תְּכֵלֶת אונ קוֹיפְט נִיט (משל למה הדבר דומה למלך ב"ו שאמר לשני עבדיו, לאחד אמר הבא לי חותם של טיט, ולאחד אמר הבא לי תותם של זהב, ופשעו שניהם ולא הביאו, איזו מהם עונשו מרובה? הוי אומר זה שאמר לו הבא לי חותם של טיט ולא הביא), ד. ה. אַזוֹי וִויא אַמֶלֶךְ ב"ו הָאט אָן גִיזָאגְט זַיינֶע דִינֶער, זֵיי זָאלִין קוֹיפִין אונ אָנְטָאן אַפָּארְמֶע, וָואס דָאס וַוייזְט, אַז זֵייא זַיינֶען זַיינֶע דִינֶער, אֵיינֶעם הָאט עֶר בֶּעלֶעסְטִיגְט צוּא קוֹיפֶען אַפָּארְמֶע, וָואס קָאסְט זֵייעֶר טַייעֶר אונ אֵיינֶעם הָאט עֶר עֶרְלוֹיבְּט עֶר מֶעג קוֹיפִין גָאר אַבִּילִיגֶע וָואס קָאסְט ס"ה 10 קָאפּ. אונ בֵּיידֶע הָאבִּין דוּרְךְ זֵייעֶר פְּשִׁיעָה נִיט עֶרְפִילְט דֶעם קֵייזֶערְס פְּרִיקַאז. — וֶועמֶען קוּמְט אַגְרֶעסֶערְ'ן שְׁטְרָאף? פַאר שְׁטֵייט מֶען, דֶעם וָואס עֶר הָאט עֶרְלוֹיבְּט אַבִּילִיגֶע. עֶר הָאט דָאךְ גַאנְץ לַייכְט גִיקָאנְט עֶרְ-

פילעו

פִּילֶען מִצְוַת הַמֶּלֶךְ. — אוּנ אוּם מִיר זָאלִין וִויסִין וָואס אִיז דֶר רֶמֶז פוּן לָבָן? עֶרְקְלֶערְט עֶר אִין דִיא דְרִיטֶע בְּרַייתָא: „תַּנְיָא הָיָה ר׳ מֵאִיר אוֹמֵר חַיָּיב אָדָם לְבָרֵךְ מֵאָה בְּרָכוֹת בְּכָל יוֹם״ דִי „צִיצִית פוּן לָבָן״ אִיז מְרַמֵּז אוֹיף דֶעם דַאוְונֶען, וַואשֶׁען זִיךְ אוּנ בֶּענְשִׁין, וָואס צוּזַאמֶען אִיז דָאס „מֵאָה בְּרָכוֹת״. דוּרְךְ דֶעם קוּמְט מֶען לַייכְט צוּ „יִרְאַת שָׁמַיִם״, וֶוען מְ׳זָאל נוּר צוּ לֵייגִין דִיא קָאפּ, דִיא אוֹיעֶרִין זָאלִין הֶערִין וָואס דִיא מוֹיל רֶעט:

אוּנ אוּם צוּ פַארְשְׁטֵיין, וִויא אַזוֹי אִיז דָאס צִיצִית אַפָּארְמֶע, אַז מְ׳אִיז אַדִינֶער פוּן דֶעם בּוֹרֵא ב״ה, וִויא דִיא תּוֹרָה זָאגְט „וּרְאִיתֶם אוֹתוֹ״ אַז אִיר וֶועט זֶעהֶען דִיא צִיצִית וֶועט אִיר זִיךְ דֶער מָאנֶען אָן אַלֶע מִצְוֹת, וָואס דֶער בּוֹרֵא הָאט אַייךְ פַאר זָאגְט, „וַעֲשִׂיתֶם אוֹתָם״ אוּנ אִיר זָאלְט זַייא טָאן, יֶעדֶער מִצְוָה אִין אִיר צַייט, קֶען מֶען דָאס אַזוֹי עֶרְקְלֶערִין:

חֲבַקּוּק הַנָּבִיא הָאט עֶרְקְלֶערְט, אַזוֹי וִוי „עֲשֶׂרֶת הַדְּבָרִים״ וָואס דֶר בּוֹרֵא הָאט גִישְׁרִיבֶּען אוֹיף דִיא „שְׁנֵי לוּחוֹת הַבְּרִית״, זַיינֶען כּוֹלֵל אִין זִיךְ אַלֶע תרי״ג מִצְוֹת *) אַזוֹי נָאךְ קִירְצֶער, לִיגְט דָאס אַלֶעס אִין דִיא עֶרְסְטֶע צְוֶוייא דִבְּרוֹת „אָנֹכִי וְלֹא יִהְיֶה לְךָ״— אָנֹכִי אִיז כּוֹלֵל אַלֶע „מִצְוֹת עֲשֵׂה״ אוּנ „לֹא יִהְיֶה לְךָ״ אִיז כּוֹלֵל אַלֶע מִצְוֹת לֹא־תַעֲשֶׂה, דִי צְוֶוייא מִצְוֹת רוּפִין זִיךְ „אֱמוּנָה״, (בא חבקוק והעמידן על אחת, וצדיק באמונתו יחיה), ד. ה. אַזוֹי וִוי אֵיינֶער הָאט פִינְף הוּנְדֶערְט זִילְבֶּער רוּבֶּל אוּנ עֶס אִיז אִים שְׁוֶוער צוּ טְרָאגִין שְׁטֶענְדִיג מִיט זִיךְ, בַּייט עֶר דָאס אָב אוֹיף אֵיין פִינְף־הוּנְדֶערְטֶער בִּילֶעט אוּנ בְּעֵת עֶר דַארְף אֵיינִיגֶע רוּבֶּעל בַּייט עֶר אוּם צוּ רִיק אוֹיף זִילְבֶּער־רוּבֶּעל׳ס, אַזוֹי אִיז „אֱמוּנָה״ אַבִּילֶעט פוּן 613 מִצְוֹת:

דִיא צְוֶוייא מִצְוֹת אָנֹכִי וְלֹא יִהְיֶה, וֶוערִין אַיינְגִיפַּאסְט נָאךְ־קִירְצֶער אִין צְוֶוייא וֶוערְטֶער „הויה אֶחָד״. „הויה״ וַוייזְט אוֹיף אָנֹכִי ה״א, ד. ה. אִיךְ בִּין דֶער בַּאשֶׁעפֶער, דֶער קְרַאפְט אוּנ חִיוּת פוּן אַלֶעס, אוּנ דֶער וָוארְט „אֶחָד״ וַוייזְט אַז גָאטֶעס פִּירְמָא שְׁטֵייט נִיט עֶט־קָאמְפ., נוּר עֶר אֵיינֶער אוּנ מֶער קֵיינֶער, עֶר הָאט קֵיין שׁוּתָּפִים נִיט (דאס איז דער זעלבער גידאנקען וויא לא יהיה לך אלהים אחרים על פני). — דִיא בְּרִילְיַאנְטֶענֶע גִידַאנְקֶען הָאט דֶער בּוֹרֵא גִיהֵייסֶען אַיין פַּאסִין אִין אַקֶערְפֶּער, מְ׳רוּפְט דָאס צִיצִית „קִיק־פֶּעדִים״, דָאס הֵייסְט אַז „הויה אֶחָד״ הָאט אוּנְז פַארְזָאגְט „תרי״ג מִצְוֹת״ דֶר וָוארְט „צִיצִית״ בַּאטְרֶעפְט 600, מִיט דִיא 8 פֶּעדִים אוּנ 5 קְנֵיילַאךְ אִיז 613 (תרי״ג), אוּנ אַיין מַאכִין דִיא צִיצִית אִיז מְרַמֵּז אוֹיף „הויה אֶחָד״ (נעמט דאס אריין אין זינען, זיך אויס צו לערנען א ין מאכין ציצית), צוּם עֶרְסְטִין דְרֵייט מֶען אַרוּם 7 מָאל, דֶעם צְוֶוייטִין 8 (דאס איז 2 אותיות פון שם הויה, יָה). — צוּם דְרִיטִין מָאל 11, דָאס אִיז וה (האבין מיר שוין דעם גאנצין שם הוית ב״ה). צוּם פִירְטֶען מָאל 13, דָאס אִיז אֶחָד, אִיז דֶער אַיין מַאכִין צִיצִית מְרַמֵּז אַז ה׳ אֶחָד (דער איינציגער גאט) הָאט אוּנְז פַארְזָאגְט תרי״ג מִצְוֹת, אוּנ אַז מְ׳זֶעט דִיא צִיצִית דַארְף מֶען דָאס טְרַאכְטִין:

---

*) דֶער שֵׂכֶל הַיָּשָׁר וַוייזְט אוֹיף אַזוֹי, וַוייל עֲשֶׂרֶת הַדְּבָרִים אַלֵיין קֶען אַקָאם מֶענְשׁ אוֹיס לֶערְנֶען מִיט אַלֶע פְּרוּשִׁים אִין אֵיין טָאג, וָואלְט משֶׁה רַבֵּנוּ (דֶער הֶעכְסְטֶער קָאם מֶענְשׁ אִין דֶער וֶועלְט) נִיט גִידַארְפְט פַאר־בְּרֵיינְגֶען עַל הַר סִינַי פֶערְצִיג מֵעת לְעֵת (נִיט עסין אוּנ נִיט שלאפין), נוּר וַוייל זֵיי זַיינֶען כּוֹלֵל דִי גַאנְצֶע תּוֹרָה, אַלֶע תרי״ג מִצְוֹת, מִיט אַלֶע פְּרָטִים וְדִקְדּוּקִים, דַאפִיר הָאט עֶר פַארְבְּרַאכְט גַאנְצֶע פֶערְצִיג טֶעג וִויא דֶער בּוֹרֵא הָאט אִים גִיזָאגְט „עֲלֵה אֵלַי הָהָרָה וֶהְיֵה שָׁם, וְאֶתְּנָה לְךָ אֶת לוּחוֹת הָאֶבֶן וְהַתּוֹרָה וְהַמִּצְוָה אֲשֶׁר כָּתַבְתִּי״, זֶעהֶען מִיר ווּאוּיל, אַז אִין דִי „עֲשֶׂרֶת הַדְּבָרִים״ וָואס דֶער בּוֹרֵא הָאט גִישְׁרִיבֶּען, אִיז גִכְלָל דִי גַאנְצֶע תּוֹרָה וּמִצְוֹת.

**אונ דרום איז געמאכט די ציצית מיט קניפּלאך?, צום ביישפּיל, ווען איינער האט אַנייטיגע זאך צו טאן, אונ פון גרויס טרדה איז ער אין פּחד אַז ער קען פאַרגעסן אונ קען קומען צום גרעסטן שאדין. איז דער שטייגער צו מאכין אַקניפּעל אין טאשינטוך, אויף דיזען גידאַנקען** (ווייל דיא מאשין טוך נעמט מען ארויס אלע וויילע, איז ער זיכער אז דאס וועט אים דער מאַנען)**, דאס גלייכין דער מענש, פון גרויס טרדות קען ער חלילה פאַר געסין זיין פּליכטע צום באַשעפער אונ צו מענשין אונ קען ווערין אַצווייפעליגער בער, האט דיא תורה אונז גיגעבין איין עצה** (אלע מצות זיינען גוטע עצות פארין מענשין, וויא דוד המלך זאגט אברך את ה׳ אשר „יעצני", גם עדותיך שעשועי אנשי „עצתי") **איין מאַכין ציצית מיט קניפּלאך אויף דיזען גידאַנקען אַז „הויה אחד" האט אונז גיבאָטין תרי״ג מצות׳ וואס אין זייא איז נכלל, וויא מ׳זאל זיך פירען, קעגין זיך, קעגין גאט אונ קעגין לייטען, שעצין יעדערינם כבוד, חס האבין אויף יעדערינם רובל. אונ דאס זאל זיין אויף אַלע פיר ברעגעס פון קלייד, אויף וועלכין זייט ער וועט זיך קערין וועלין אים דיא ציצית דער מאנען די מצות פון השי״ת, אונ אַז ער וועט זיי דער מאנען וועט ער מקיים זיין** (ראיה מביאה לידי זכירה וזכירה מביאה לידי מעשה):

אונ אַזוי וויא דער קניפּעל וואס מען מאכט אין טאשין־טוך, קען אַנדערש נים ווירקען, סיידען בעת מאַבענדיג דעם קניפּעל טראכט מען וועגין די זאך, דאס גלייכע קענען די ציצית נים ברייכין זייער ציעל, נור אַז בעת מ׳מאכט זיי אַיין, אונ דאס גלייכין יעדער טאג בעת מ׳טוט זיי אָן, טוז מען טראכטין וויא אין שולחן ערוך איז גישריבען „יכוין בהתעטפו שצונו הקב״ה להתעטף בהם, כדי שנזכור כל מצותיו לעשותם", איך טוא אָן דיא ציצית, וויא השי״ת האט מיר ניהייסין, אום זייא זאלין מיר דער מאנען אַלע מצות צו מקיים זיין, אונ אַז מ׳מאכט איין ציצית ריכטיג ווי דער דין °) אונ מ׳טראגט זיי, אויף דיזע כונה, איז מען זוכה זעהן פני השכינה. וויא עס איז מרומז אין די ווערטער „וראיתם אותו" איר וועט זוכה זיין צו זעהן „אים" כביכול, דאס איז אַזא זארט פערגניגען, וואס קיין פעדער איז אים שטאנדע אויס צו שרייבין, אונ עס איז גידפּילט אויף דעם דיא ווערטער אני ה׳ אלהיכם, — „אני ה׳" בעוויזט, איך גאט פערשפּרעך דאס אייך, וואס איך בין בעגלויבט צוא פּרעמיען מיין הבטחה, אונ דער וואָרט „אלהיכם" בעוויזט, אַז איך בין אויך אַשטרענגער ריכטער, רעכענען זיך מיט די וואס פרעסין איבער מיינע גיזעצע, אונ פערגעסין מיינע גוטע עצות, וואס איך האב אייך געגעבען צו אייער עוויגען גליק. אונ אום צו מאכין מער ווירקונג אויף׳ן מענשין, ער זאל זיך פערשטעלין פאר דיא אויגען גאָטעס שטראף, איז גימאכט דיא פארבע (פון דיא ציצית) וויא אַקנאַצקער ראָפּניקל, דיא אויבערשטע דרייטל איז גידרייט אונ דיא אונטערשטע צוויי דריטל איז לויזע פעדים, האט דיא ציצית ריכטיג אַ תמונה פון אַקנאַצקען־ראַפּניקל, דאס ווייזט, דוא מענש, זייא פאַרזיכטיג! טרעט נישט אַרויס פון דיא גראַדע וועג פון דער תורה, פערזיכטע זיך פאַר דעם הימעל־שטראף! (זעה מעשה אלפס חלק ה׳ זייטע 90 דארטין איז עס ארום גישריבען זייער בריים מיט נאך פיל מאמרי חז״ל):

---

°) אַזוי וויא אין מענשליכען קערפּער קען אַנדערש נים רוהען דיא לעבהאַפּט (נשמה), סיידין אַז דער קערפּער איז גאַנץ מיט אַלע זיינע אברים וגידים, אויסערליך אונ אינערליך, דאס גלייכין קען נים רוהען די גאטליכע לעבהאַפּט אין דער מצוה. זיא זאל בעלעבין דעם מענשין (אשר יעשה אותם האדם וחי בהם), סיידין די מצוה איז גימאַן ריכטיג מיט אַלע פרטים ודקדוקים נאך דיא פּראָגראַמע פון דיא חכמה עליונה (דאס איז דיא תורה), וויא עס איז מבואר אין שולחן ערוך. דרום ניפינען מיר פיר נייטיג צו בעמערקין דעם מכשול: מ׳קויפט פאַרטיגע אַרבע כנפות, אָדער מ׳נים אַנייעם טלית צו אַנייטערין וואס ווייס נים הלכות ציצית, אונ זיא נייט אויס די לעכלאך פון דיא כנפות נים על פי דין. דיא לעכלאך דאַרף זיין אַב גירוקט פון ברעג טלית פון ביידע זייטין, נים ווייניגער פון שיעור „קשר גודל" (דאס איז לערך פיר סענטימעטער) אונ נים העכער וויא „דרייא גודלין" (לערך זעקס סענטימעטער). פיל מענשין טראגין אב זייער גאַנצין לעבין אַטלית וואס איז צו גירעכט נים על פי דין, לבד וואס זייא ניינען מבטל אַלע טאג מצות ציצית, מאכין זייא נאך יעדער טאג אַברכה לבטלה, דרום זאל יעדער בודק זיין זיינע ציצית, אונ אויב עס איז נים כדין, זאל ער אויס מאכין די ציצית אונ אויס נייען צנדערע לעכלאך אונ צוריק איין מאכין דיא ציצית. אויך דאַרף מען פאַרזיכטיג זיין, נים צו שלעפּין דיא ציצית אויף דער ערד, משום בזוי מצוה, אינ אויך קען זיך אויס רייסין דיא כנפות. אויך זאל מען זעהען צו געבין אַפּט וואשין דעם טלית משום כבוד המצוה (הקריבהו נא לפחתך), ומי שהיכולת בידו זאל קויפין אויף שבת אַנאייעם טלית.

דֶער נוֹסַח הַבְּרָכוֹת „לְהָנִיחַ" (אוֹפ'ן שׁל יד) אוּנ „עַל מִצְוַת" (אוֹפ'ן של ראש) אִיז מְרַמֵּז, אַז עֶס אִיז דָא אִין מֶענְשֶׁן 2 כּוֹחוֹת, דֶער רָצוֹן (איִנסטינקט) וָואס אִין אַלֶע בַּעֲלֵי חַיִּים, אוּנ נָאךְ אַ כֹּחַ וָואס אִין בַּעֲלֵי חַיִּים אִיז נִיטָא. הַיְינוּ „נֶפֶשׁ הַמַּשְׂכֶּלֶת", אִיר מָקוֹר אִיז אִין מוֹחַ (וואס דארטין איז דער משכן הנשמה), אוּנ מִיטְ'ן כֹּחַ הַשֵּׂכֶל קֶען עֶר גוֹבֵר זַיין דֶעם רָצוֹן (אינסטינקט). אוּנ וַוייל אִין דֶר יוּגֶענְד, אֵיידֶער דֶר שֵׂכֶל וֶוערְט עֶנְטְוִויקֶעלְט וֶוערְט דֶער „רָצוֹן" צוּ גִיוְויינְט נוּר אִין גְרָאבֶּע קֶערְפֶּערְלִיכֶע זַאכֶן, דְרוּם דוּרְךְ דִי תְּפִלִּין וָואס זַייא הָאבִּין אִין זִיךְ דֶעם כֹּחַ הַתּוֹרָה (למען תהיה תורת ה' בפיך), אִיז מֶען מַכְנִיעַ דֶעם רָצוֹן מִיט דִיא תַּאֲוָה לַעֲבוֹדַת הַבּוֹרֵא, דְרוּם אִיז דֶער נוֹסַח „לְהָנִיחַ", אַז דוּרְךְ דִי מִצְוָה פוּן תְּפִלָּה שֶׁל יַד (וואס דארטין איז דא פרשיות פון אחדות ה' אונ נסים ונפלאות פון יציאת מצרים, די עראינערונג) זָאל וֶוערְקֶען אוֹפְ'ן הַארְצִין אַוֶועק לֵייגִין (גובר זיין) דֶעם רָצוֹן מִיט דִי תַּאֲוֹת וָואס זַיינֶען גֶעגִין דֶעם גְרַאדִין שֵׂכֶל, ד. ה. זַיין „סוּר מֵרַע" (אוּיס ווייכען פון שלעכטס). אוּנ אוֹיף דֶעם שֶׁל רֹאשׁ אִיז דֶער נוֹסַח „עַל מִצְוַת", לְרַמֵּז אַז נָאךְ „סוּר מֵרַע" זָאל מֶען זִיךְ מִשְׁתַּדֵּל זַיין צוּ „עֲשֵׂה טוֹב". אוּנ דוּרְךְ דִיא תְּפִלִּין שֶׁל רֹאשׁ (וואס קעגין מוח וואו דער מקור הראיה איז) וֶועט דֶער בּוֹרֵא אִים עֶרְלַייכְטִין דִיא אוֹיגֶען אִין דֶער תּוֹרָה צוּ טָאן גוּטֶעס:

דִיא 7 כְּרִיכוֹת, וָואס מִיר וִויקְלֶען אַרוּם דֶעם אָרִים מִיט דִי רְצוּעָה שֶׁל יַד אוּנ נָאכְהֶער צֵיילְט מֶען זַיי אִיבֶּער מִיטְ'ן פָּסוּק „פּוֹתֵחַ אֶת יָדֶךָ". אִיז מְרַמֵּז, אַז מִיר דַארְפִין זִיךְ אַרוּם בִּינְדִין, ד. ה. מַאכִין גְּדָרִים וּסְיָיגִים נִיט אַרַיין צוּ פַאלִין אִין אֵיינֶע פוּן דִיא 7 נֶעמֶען פוּן יצה"ר, וָואס יֶעדֶער נָאמֶען וַוייזְט אוֹיף אַ אַנְדֶער אַרְט שְׁווִינְדֶעל, וָואס עֶר פַארְשְׁווִינְדֶעלְט דֶעם מֶענְשֶׁין, אוּנ פְלָאנְטֶערְט אִים אַרַיין אִין זִינְד, אוּנ דִי הוֹיפְּט בִּינְדֶע, מִיט וָואס מִיר קֶענֶען זִיךְ צַאמֶען אִים מַכְנִיעַ צוּ זַיין, אִיז נוּר „אֱמוּנָה". — אֱמוּנָה אִיז אַטַייעֶרֶער בַּאנְד, מִיט אִים קֶענֶען מִיר בִּינְדֶען אַלֶע זָארְטִין יצה"ר, דֶר וָואס הָט „אֱמוּנָה" וֶועט הַאנְדְלִין עֶרְלִיךְ, עֶר וֶועט הַאלְטִין שַׁבָּת וִוי דִי תּוֹרָה הָאט גִיבָּאטִין, עֶר וֶועט דַאוְונֶען עֶר גְּנֹבֵט, עֶר וֶועט קֹבֵעַ זַיין עִתִּים לְתוֹרָה, וִוי בַּאלְד עֶר אִיז מַאֲמִין, אַז וֶוער אִיז „פּוֹתֵחַ אֶת יָדֶךָ וּמַשְׂבִּיעַ לְכָל חַי"? נוּר דֶר „רָצוֹן" הַבּוֹרֵא, עֶר מִיט זַיין אָפִּינֶע הַאנְד זֶעטִיגְט אַלֶע בַּאשֶׁעפֶענִים, אוּנ אָן רָצוֹן הַבּוֹרֵא אִיז קַיין זַאךְ, דַאן אִיז אַרָאפּ קִנְאָה, שִׂנְאָה, אַרָאפּ הַאלְטִין פְרַייטִיג שְׁפֶּעט אָפִּין דִי קְרָאם אָדֶער דֶעם שֵׁיינְק, הַכְּלָל מִיטְ'ן בַּאנְד פוּן אֱמוּנָה קֶען מֶען בִּינְדִין אַלֶע זָארְטִין יצה"ר.

דִיא 3 כְּרִיכוֹת, וָואס מ'מַאכְט אוֹיפ'ן מִיטֶלְ'סְטִין פִינְגֶער אִיז מְרַמֵּז אוֹיף דֶעם, — נָאכְהֶער אַז דוּ הָאסְט אָן גִיטָאן תְּפִלָּה שֶׁל יַד (מכניע זיין דעם רצון לעבודת השי"ת) אוּנ דֶעם שֶׁל ראש קֶעגִין מוֹחַ (משעבד צו זיין די חושים) אוּנ עֶרְלַייכְטִין דֶעם שֵׂכֶל פַאר שְׁטֵיין וָואס פַר אַטַייעֶרֶע זַאךְ אַ אִיד אִיז, אוּנ וָואס פַר אַטַייעֶרֶע זַאךְ דִי תּוֹרָה אִיז, אוּנ וֶועסְט אִיר הִיטְ'ן אוּנ שֶׁעצִין וִויא דִי אוֹיגֶען אִין קָאפּ, דַאן וֶועסְטוּ זַיין דֶער „אָדָם הַשָּׁלֵם" וָואס אַלֶע ווֶעלִין הָאבִּין יִרְאַת הַכָּבוֹד (עהרע פורכט) פַאר דִיר, וִוי דִי תּוֹרָה שְׁרַייבְּט „וְרָאוּ כָּל עַמֵּי הָאָרֶץ כִּי שֵׁם ה' נִקְרָא עָלֶיךָ", אַלֶע נַארָאדִין וֶועלִין זֶעהֶען, אַז גָאטֶעס נָאמֶען וֶוערְט גִירוּפִין אוֹיף דִיר (דאס איז תפלין שבראש) וֶועלִין זֵיי הָאבִּין עֶהֶרֶע פוּרְכְט פַאר דִיר, דַאן וֶועט דִיר הַשי"ת פַארְהַיילִיגֶען צוּ זִיךְ, וִוי עֶס שְׁטֵייט „קוֹדֶשׁ יִשְׂרָאֵל לַה'" אַזוֹי וִוי דֶער חָתָן אִיז מְקַדֵּשׁ (ער פאר היילינט צו זיך) זַיין גֶעלִיבְּטֶע, עֶר טוּט אִיר אָן דֶעם טַבַּעַת קִדּוּשִׁין אוֹיפְ'ן פִינְגֶער אוּנ לֵייגְט „וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי לְעוֹלָם" אִיךְ פַארְקְנַאס דִיר צוּ מִיר אוֹיף עֶוִויג. אוּנ וָואס אִיז דִי נַדָן, וָואס דִי כַּלָּה בְּרֵיינְגְט אַרַיין אוּנ דֶער חָתָן אִיז מוֹסִיף אוֹיף דֶעם אַתּוֹסֶפֶת כְּתוּבָּה? עֶנְטְפֶערְט דֶער צְווייטֶער פָּסוּק „וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי בְּצֶדֶק וּבְמִשְׁפָּט" דָאס אִיז דִי חֶלְקִי בַּתּוֹרָה, מִצְוֹת וּמִדּוֹת טוֹבוֹת, אוּנ דֶער בּוֹרֵא אִיז נָאךְ אוֹיף דֶעם מוֹסִיף אַתּוֹסֶפֶת כְּתוּבָּה חֶסֶד וְרַחֲמִים (ע"ד ונתן לך רחמים ורחמך והרבך), אוּנ וֶוער אִיז דֶר שַׁדְכָן. וָוס הָאט צוּ זַאמֶען גֶעפִירְט אַזַא הַיילִיגֶע פָּאר? עֶנְטְפֶערְט דֶר דְרִיטֶער „וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי בֶּאֱמוּנָה" בִּיכְטִ: גֶעקוּמֶען צוּ אַלֶע הַצְלָחוֹת, דֶענְסְטְמָאל „וְיָדַעַתְּ אֶת ה'", יִעֲצְטוּ וֶועסְט זַיין צוּ הָאבִּין אַיְדִיעָה אִין גָאטֶעס הַנְהָגָה אוּנ וֶועסְט זִיךְ מִתְיַחֵד זַיין מִיט דִי סְפֵקוֹת פוּן דַיינֶעקֶע זַיין לִיבֶּען נָאמֶען (לשמך ולזכרך תאות נפש. — זעה ספר היראה לר"י ע"ם זייטע 18 בהערה);

קודם לבישת טלית קטן בבוקר יאמר זה הריני מזמן את גופי להתלבש במלבוש דמצוה :

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו על מצות ציצת :

יהי רצון מלפניך יי אלהי ואלהי אבותי, שתהא חשובה מצות ציצת לפניך, כאלו קימתיה בכל פרטיה ודקדוקיה וכונותיה, ותרי"ג מצות התלוים בה אמן סלה :

בשעת בדיקת הציצית של טלית גדול יאמר פסוקים אלו :

ברכי נפשי את יי · יי אלהי גדלת מאד הוד והדר לבשת : עוטה אור כשלמה נוטה שמים כיריעה :

וקודם שמתעטף בטלית יאמר זה :

לשם יחוד קודשא בריך הוא ושכינתיה בדחילו ורחימו ליחד שם יה בוה ביחודא שלים בשם כל ישראל הריני מתעטף גופי בציצת כן תתעטף נשמתי ורמ"ח אברי ושס"ה גידי באור הציצת העולה תרי"ג וכשם שאני מתכסה בטלית בעולם הזה כך אזכה להלובא דרבנן ולטלית נאה לעולם הבא בגן עדן · ועל ידי מצות ציצת תנצל נפשי רוחי ונשמתי ותפלתי מן החיצונים והטלית יפרוש כנפיו עליהם ויצילם כנשר יעיר קנו על גוזליו ירחף ותהא חשובה מצות ציצת לפני הקדוש ברוך הוא כאילו קימתיה בכל פרטיה ודקדוקיה וכונותיה ותרי"ג מצות התלוים בה אמן סלה :

ואח"כ יברך הברכה מלה במלה בכוונה גדולה (אם לא בירך על טלית קטן יכוין לצאת גם עליו בברכה זו) :

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו להתעטף בציצית :

אחר עטיפת הטלית יאמר זה :

מה יקר חסדך אלהים ובני אדם בצל כנפיך יחסיון : ירוין מדשן ביתך ונחל עדניך תשקם : כי עמך מקור חיים באורך נראה אור : משך חסדך לידעיך וצדקתך לישרי לב :

קודם הנחת תפלין יאמר זה :

לשם יחוד קודשא בריך הוא ושכינתיה בדחילו ורחימו ליחד שם יה בוה ביחודא שלים בשם כל ישראל הנני מכון בהנחת תפלין לקיים מצות בוראי שצונו להניח תפלין ככתוב בתורה וקשרתם לאות על ידך והיו לטטפות בין עיניך והם ארבע פרשיות אלו · שמע · והיה אם שמוע · קדש · והיה כי יביאך · שיש בהם יחודו ואחדותו יתברך שמו בעולם · ושנזכור נסים ונפלאות שעשה עמנו בהוציאנו ממצרים · ואשר לו הכח והממשלה בעליונים ובתחתונים לעשות בהם כרצונו · וצונו להניח על היד לזכרון זרוע הנטויה ושהיא נגד הלב לשעבד בזה תאות ומחשבות לבנו לעבודתו יתברך שמו ועל הראש נגד המוח שהנשמה שבמוחי עם שאר חושי וכחותי כלם יהיו משעבדים לעבודתו יתברך שמו · ומשפע מצות תפלין יתמשך עלי להיות לי חיים ארוכים ושפע קדש ומחשבות קדושות בלי הרהור חטא ועון כלל ושלא יפתנו ולא יתגרה בנו יצר הרע ויניחנו לעבוד את יי כאשר

עִם לְבָבֵנוּ׃ וִיהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ שֶׁתְּהֵא חֲשׁוּבָה מִצְוַת הֲנָחַת תְּפִלִּין לִפְנֵי הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא כְּאִלּוּ קִיַּמְתִּיהָ בְּכָל פְּרָטֶיהָ וְדִקְדּוּקֶיהָ וְכַוָּנוֹתֶיהָ וְתַרְיַ״ג מִצְוֹת הַתְּלוּיִם בָּהּ אָמֵן סֶלָה׃

אחר הנחת של יד על הקיבורת וקודם הקשירה יאמר זה :

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהָנִיחַ תְּפִלִּין׃

ותיכף יכרוך ז׳ כריכות על הזרוע ולא יותר ואח״כ יניח תפילין של ראש וקודם שמהדק יברך :

הנוהגים עפ״י מנהג הגר״א ז״ל אין מברכין על תפלין רק ברכה להניח . ואם שח בנתיים מברך ברכה על מצות על של ראש ואז א״צ לומר אחריה ברוך שם :

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ עַל מִצְוַת תְּפִלִּין׃ ואח״כ יאמר בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ לְעוֹלָם וָעֶד׃ ומהדקה בראשו ויאמר :

וּמֵחָכְמָתְךָ אֵל עֶלְיוֹן תַּאֲצִיל עָלַי ׳ וּמִבִּינָתְךָ תְּבִינֵנִי ׳ וּבְחַסְדְּךָ תַּגְדִּיל עָלַי ׳ וּבִגְבוּרָתְךָ תַּצְמִית אוֹיְבַי וְקָמַי ׳ וְשֶׁמֶן הַטּוֹב תָּרִיק עַל שִׁבְעָה קְנֵי הַמְּנוֹרָה לְהַשְׁפִּיעַ טוּבְךָ לִבְרִיּוֹתֶיךָ׃ פּוֹתֵחַ אֶת יָדֶךָ וּמַשְׂבִּיעַ לְכָל חַי רָצוֹן׃

ואח״כ יכרוך ג׳ כריכות על האצבע האמצעי שני כריכות למטה בפרק התחתון סמוך לידו וכריכה אחת למעלה בפרק האמצעי ובשעה שכורך הג׳ כריכות על האצבע האמצעי יאמר הפסוקים האלו :

וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי לְעוֹלָם ׳ וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי בְּצֶדֶק וּבְמִשְׁפָּט וּבְחֶסֶד וּבְרַחֲמִים ׳ וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי בֶּאֱמוּנָה וְיָדַעַתְּ אֶת יְיָ׃

קודם חליצת תפלין יאמר זה :

וַיְדַבֵּר יְיָ אֶל מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ קַדֶּשׁ לִי כָל בְּכוֹר פֶּטֶר כָּל רֶחֶם בִּבְנֵי יִשְׂרָאֵל בָּאָדָם וּבַבְּהֵמָה לִי הוּא׃ וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה אֶל הָעָם זָכוֹר אֶת הַיּוֹם הַזֶּה אֲשֶׁר יְצָאתֶם מִמִּצְרַיִם מִבֵּית עֲבָדִים כִּי בְּחֹזֶק יָד הוֹצִיא יְהוָֹה אֶתְכֶם מִזֶּה וְלֹא יֵאָכֵל חָמֵץ׃ הַיּוֹם אַתֶּם יֹצְאִים בְּחֹדֶשׁ הָאָבִיב׃ וְהָיָה כִי יְבִיאֲךָ יְהוָֹה אֶל אֶרֶץ הַכְּנַעֲנִי וְהַחִתִּי וְהָאֱמֹרִי וְהַחִוִּי וְהַיְבוּסִי אֲשֶׁר נִשְׁבַּע לַאֲבֹתֶיךָ לָתֶת לָךְ אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ וְעָבַדְתָּ אֶת הָעֲבֹדָה הַזֹּאת בַּחֹדֶשׁ הַזֶּה׃ שִׁבְעַת יָמִים תֹּאכַל מַצֹּת וּבַיּוֹם הַשְּׁבִיעִי חַג לַיהוָֹה׃ מַצּוֹת יֵאָכֵל אֵת שִׁבְעַת הַיָּמִים וְלֹא יֵרָאֶה לְךָ חָמֵץ וְלֹא יֵרָאֶה לְךָ שְׂאֹר בְּכָל גְּבֻלֶךָ׃ וְהִגַּדְתָּ לְבִנְךָ בַּיּוֹם הַהוּא לֵאמֹר בַּעֲבוּר זֶה עָשָׂה יְהוָֹה לִי בְּצֵאתִי מִמִּצְרָיִם׃ וְהָיָה לְךָ לְאוֹת עַל יָדְךָ וּלְזִכָּרוֹן בֵּין עֵינֶיךָ לְמַעַן תִּהְיֶה תּוֹרַת יְהוָֹה בְּפִיךָ כִּי בְּיָד חֲזָקָה הוֹצִאֲךָ יְהוָֹה מִמִּצְרָיִם׃ וְשָׁמַרְתָּ אֶת הַחֻקָּה הַזֹּאת לְמוֹעֲדָהּ מִיָּמִים יָמִימָה׃ וְהָיָה כִּי יְבִאֲךָ יְהוָֹה אֶל אֶרֶץ הַכְּנַעֲנִי כַּאֲשֶׁר נִשְׁבַּע לְךָ וְלַאֲבֹתֶיךָ וּנְתָנָהּ לָךְ׃ וְהַעֲבַרְתָּ כָל פֶּטֶר רֶחֶם לַיהוָֹה וְכָל פֶּטֶר שֶׁגֶר בְּהֵמָה אֲשֶׁר יִהְיֶה לְךָ הַזְּכָרִים לַיהוָֹה׃ וְכָל פֶּטֶר חֲמֹר תִּפְדֶּה בְשֶׂה וְאִם לֹא תִפְדֶּה וַעֲרַפְתּוֹ וְכֹל בְּכוֹר אָדָם בְּבָנֶיךָ תִּפְדֶּה׃ וְהָיָה כִּי יִשְׁאָלְךָ בִנְךָ מָחָר לֵאמֹר מַה זֹּאת וְאָמַרְתָּ אֵלָיו בְּחֹזֶק יָד הוֹצִיאָנוּ יְהוָֹה מִמִּצְרַיִם מִבֵּית עֲבָדִים׃ וַיְהִי כִּי הִקְשָׁה פַרְעֹה לְשַׁלְּחֵנוּ וַיַּהֲרֹג יְהוָֹה כָּל בְּכוֹר בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם מִבְּכֹר אָדָם וְעַד בְּכוֹר בְּהֵמָה עַל כֵּן אֲנִי זֹבֵחַ לַיהוָֹה כָּל פֶּטֶר רֶחֶם הַזְּכָרִים וְכָל בְּכוֹר בָּנַי אֶפְדֶּה׃ וְהָיָה לְאוֹת עַל יָדְכָה וּלְטוֹטָפֹת בֵּין עֵינֶיךָ כִּי בְּחֹזֶק יָד הוֹצִיאָנוּ יְהוָֹה מִמִּצְרָיִם׃

# מַה טֹּבוּ, אֹהָלֶיךָ יַעֲקֹב מִשְׁכְּנֹתֶיךָ יִשְׂרָאֵל: וַאֲנִי, בְּרֹב חַסְדְּךָ אָבוֹא בֵיתֶךָ, אֶשְׁתַּחֲוֶה, אֶל הֵיכַל קָדְשְׁךָ בְּיִרְאָתֶךָ: יְיָ, אָהַבְתִּי מְעוֹן בֵּיתֶךָ וּמְקוֹם, מִשְׁכַּן כְּבוֹדֶךָ: וַאֲנִי אֶשְׁתַּחֲוֶה

## מעשה אלפס

מה טובו וויא גוט אונ טייער זיינען דיינע געצעלטין, יעקב! דאס הייסט, אפילו פאר די פשוטע אידין וואס דר בית המדרש הייסט ביי זיי נור "אהל" (וואס ווערט גימאכט אויף א קורצע צייט), זיי קומען אין איהם נור צום דאוונען אונ דעם גאנצין טאג פארברייגען זיי אין געשעפט, אונ בעזונדער ווי גוט אונ האכגישעצט זיינען "משכנותיך", דיינע רוהע ערטער, ישראל! דאס הייסט די איידעלע אידין וואס דער בית המדרש הייסט ביי זיי משכן (רוהיגגס ארט), זיי פארברייגען פיל צייט אין אים, פארן דאוונען אונ נאכין דאוונען, בין מנחה למעריב אונ נאך מעריב, לערנען א שיעור משניות, א בלאט גמרא, ביי זיי שפילט די הויפט ראלע דאוונען אונ לערנען, דאס איז ביי זיי דער עוויגער פערגניגען, מלאכה אונ געשעפט איז ביי זיי אטפל. די בתי מדרשים וואו אידין דאוונען אונ לערנען, זיינען גיגליכן צו "נחלים" פליסענדע טייכען וואס רייניגען דעם מענשין מטומאה לטהרה. ווען ער איז טמא אונ איז זיך טובל אין טייך ווערט ער טהור, דאס גלייכען דיא שול, דער בית המדרש איז מעלה דעם מענשין מכף חובה לכף זכות, ווען ער איז פערשולדיגט אין זינד אונ גיסט אויס זיין הארץ אין דאוונען, ער לערנט תורה וואס זי מאכט ליכטיג די אויגין צו זעהען די וויכטיגקייט פון א מצוה אונ דעם קלקול אונ פגם פון איין עבירה ווי ער האט זיך אונגליקליך גימאכט מיט זיין שלעכטין פיהרונג אונ האט חרטה אונ בשליסט זיך פעסט צו פארבעסערן זיינע מעשים ווערט ער טהור פון אלע זינד (זעה מעשה אלפס).

## פנינים יקרים

מה טובו. פון דעם וואס די תורה פארגלייכט "אהלים לנחלים" דיא שולין אונ דיא בתי מדרשים צו פליסענדע טייכין, לערנען מיר א מוסר השכל, אזויא וויא דער מענש וואס שטייט אין טייך מיט'ן גאנצין קערפער נור די קאפ אדער אפילו מער נים דער מח איז אויסער'ן טייך, קען ער נים ווערין טהור פון זיין טומאה, דאס גלייכין דער וואס איז אין שול, אין בית המדרש, נור זיין קאפ, זיין מח איז אין דרויסען, ער פארגעסט אז ער איז אין שול, ער מיינט ער איז אויפ'ן מארק אונ ערלויבט זיך צו ריידען פוסטע רייד אונ בעזונדער לצנות אונ מחלוקת קען די שול אויף אים נאר נים ווירקען צו ריינינגען אים. דער טייך קען מטהר זיין דעם מענשין נור אז דער קערפער מיט'ן מח איז אונטער גיטונקט אין וואסער, דאס גלייכען מוז דער מענש זיין אין שול מיט'ן קאפ אונ מח, ער דארף וויסען וואו ער גיפינט זיך יעצט "מה נורא המקום הזה" וויא ערהאבין אונ פארכטיג איז דער היילינגער ארט, "אין זה כי אם בית אלהים" דאס איז די געטליכע הויז "מקדש מעט" דער קליין בית המקדש, דאן ווירקט אויף אים זיין דאוונען אונ לערנען, ווייך מאכען זיין הארץ אונ אנגיסען איר מיט אהבה אונ יראה, אז אפילו ארויסגייענדיג אין גאס, אין געשעפט, זאל ער גידיינקען, אז ער איז בן אברהם יצחק ויעקב, האנדלען ערליך אונ טאן טובות מענשין.

ואני מיט דיינע פיל חסדים וואס דו האסט אונז גיגעבין שולען אונ בתי מדרשים קום איך אין דיין הויז צו בעטין פאר דיר, אונ טו מיר בוקין צו דיין היילינגען היכל מיט עהרע פורכט (יראת הרוממות) צו דיר. יי גאט! איך האב ליב די וואונונג פון דיין הויז, אונ דאס ארט וואו דיין שכינה רועט: ואני אונ איך טו זיך בוקין אונ נייגין, אונ

ואכרעה אברכה, לפני יי, עושי: ואני תפלתי לך יי, עת רצון אלהים ברב חסדך ענני, באמת ישעך:

דיא פוסקים שרייבין בשם הגאונים דער וואס זאגט דעם שיר אדון עולם בכונה איז ער מובטח דאס זיין תפלה ווערט דער הערט ווערין:

אדון עולם, אשר מלך. בטרם, כל יציר נברא: לעת נעשה בחפצו, כל. אזי, מלך, שמו נקרא: ואחרי ככלות הכל. לבדו, ימלוך נורא: והוא היה, והוא הוה. והוא יהיה, בתפארה: והוא אחד, ואין שני. להמשיל לו, להחבירה: בלי ראשית, בלי תכלית. ולו העז, והמשרה: והוא אלי, וחי גאלי. וצור חבלי, בעת צרה: והוא נסי, ומנוס לי. מנת כוסי, ביום אקרא: בידו, אפקיד רוחי בעת אישן, ואעירה: ועם רוחי, גויתי. יי לי, ולא אירא:

מען מוז וויסען דר שיר יגדל איז גאר אמעכטיגער שיר ווס דרינען זיינען בגריפען די דרייצען עקרים ווס דר יסוד איז פון אונזר אמונה און יעדער יהודי איז מחויב צו גלויבען:

יגדל אלהים חי, וישתבח. נמצא, ואין עת. אל מציאותו: אחד,

פירוש ע"ט

וועל זיך קניען פאר גאט מיין באשעפער: ואני און איך בעט ביי דיר, גאט! אין א צייט פון גוטען ווילען, ענטפער מיר, דורך דיין גרויס גנאדע מיט אריכטיגע הילף: אדון עולם הער פון דער וועלט, וואס ער האט גיקיניגט איידר אלע באשעפניש זיינען בשאפין גיווארין לעת אין דר צייט וואס איז אלין בשאפין גיווארין מיט זיין ווילין, דענמאלט איז ווארין גירופין זיין נאמען קיניג: ואחרי און נאך דעם אז עס וועט אלין פערניכטעט ווערין, וועט אליין קיניגין דער פארכטיגער גאט והוא און ער איז גיוועזען א גאט און איז היינט אויך און וועט זיין אויף אייביג מיט שיינקייט והוא און ער איז איינער און עס איז ניט דא קיין אנדערער צו גלייכען צו אים בלי ער האט ניט קיין אנהייב און קיין ענד, און צו אים איז דאס שטארקייט און די הערשאפט והוא און ער איז מיין גאט און ער לעבט תמיד מיין אויסלייזער, און ער איז מיין שטארקער פעלזין, וואס באהיט מיך פון אלע צרות והוא און ער איז מיין צייכען, און מיין א טלויפונג איז צו אים, א גוטין טייל פון מיין גליקס בעכער אין דם טאג ווס איך רוף אים אן בידו אין זיין האנט בהאלט איך מיין נשמה אין דר צייט אז איך שלאף און אז איך טו וואכין ועם און אז מיין גוף איז מיט מ ן נשמה אין איינעם איז גאט מיט מיר און איך האב גאר קיינעם ניט קיין מורא:

יגדל גרויס איז גאט דער לעבעדיגער און געלויבט. גאט לאזט זיך גיפינען ווען מ רופט אים מיט דם גאנצן הארצין און ס איז

וְאֵין יָחִיד, כְּיִחוּדוֹ. נֶעְלָם, וְגַם אֵין סוֹף, לְאַחְדוּתוֹ: אֵין לוֹ דְּמוּת הַגּוּף, וְאֵינוֹ גוּף. לֹא נַעֲרוֹךְ אֵלָיו, קְדֻשָּׁתוֹ: קַדְמוֹן לְכָל דָּבָר, אֲשֶׁר נִבְרָא. רִאשׁוֹן, וְאֵין רֵאשִׁית, לְרֵאשִׁיתוֹ: הִנּוֹ אֲדוֹן עוֹלָם, לְכָל נוֹצָר. יוֹרֶה גְדֻלָּתוֹ, וּמַלְכוּתוֹ: שֶׁפַע נְבוּאָתוֹ נְתָנוֹ. אֶל אַנְשֵׁי סְגֻלָּתוֹ, וְתִפְאַרְתּוֹ: לֹא קָם בְּיִשְׂרָאֵל, כְּמֹשֶׁה עוֹד, נָבִיא, וּמַבִּיט אֶת תְּמוּנָתוֹ: תּוֹרַת אֱמֶת, נָתַן לְעַמּוֹ אֵל. עַל יַד נְבִיאוֹ, נֶאֱמַן בֵּיתוֹ: לֹא יַחֲלִיף הָאֵל, וְלֹא יָמִיר דָּתוֹ. לְעוֹלָמִים, לְזוּלָתוֹ: צוֹפֶה, וְיוֹדֵעַ סְתָרֵינוּ. מַבִּיט לְסוֹף דָּבָר, בְּקַדְמָתוֹ: גּוֹמֵל לְאִישׁ חֶסֶד, כְּמִפְעָלוֹ. נוֹתֵן לְרָשָׁע רָע, כְּרִשְׁעָתוֹ: יִשְׁלַח לְקֵץ הַיָּמִין, מְשִׁיחֵנוּ. לִפְדּוֹת, מְחַכֵּי קֵץ יְשׁוּעָתוֹ: מֵתִים, יְחַיֶּה אֵל, בְּרוֹב חַסְדּוֹ. בָּרוּךְ עֲדֵי עַד, שֵׁם תְּהִלָּתוֹ:

ווייל דָס רוב לַייט זַיינֶען גִיוואוינְט תֵּיכֶף נָאךְ דִי הֶענְט וַואשִׁין צוּ זָאגִין דִי בְּרָכָה עַל נְטִילַת יָדַיִם דְרוּם ווֶוען דֶר חַזָן דִי בְּרָכָה עַל נְטִילַת יָדַיִם אִין דֶר שׁוּל זָאגְט, זָאלִין דִי לַייט עַל נְטִילַת יָדַיִם נִיט נָאךְ אַמָאל זָאגִין, נוּר זֵיי זָאלִין אָמֵן זָאגִין. אָבֶּער דֶר חַזָן מוּז דִי בְּרָכָה נָאךְ אַמָאל זָאגִין אֲפִילוּ ווֶוען עֶר הָאט שׁוֹין אִין דֶער הֵיים דִיא בְּרָכָה גִיזָאגְט:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו, וְצִוָּנוּ, עַל נְטִילַת יָדָיִם:

פירוש ע״ט

נִיטָא קֵיין צַייט צוּ זַיין גִיפִינוּנְג אחד עֶר אִיז אֵיינְצִיג אוּנ עֶס אִיז נִיטָא קֵיין אֵיינְצִיגֶער אַזוֹ ווִי זַיין אֵיינִיגְקַייט עֶר אִיז פַאר הוֹילִין פוּן אַלֶע מֶענְשִׁין אוּנ עֶס אִיז נִיטָא קֵיין עֶנְדֶע צוּ זַיין אֵיינִיגְקַייט אין עֶר הָאט נִיט קֵיין גוּף אוּנ נִיט קֵיין גִישְׁטַאלְט פוּן קֵיין גוּף, מֶען קֶען נִיט גְלַייכֶען זַיין הֵיילִיגְקַייט צוּ קֵיין שׁוּם זַאךְ קדמון גָאט אִיז צוּם עֶרְשְׁטִין גִיווֶען אֵיידֶער אַלֶע בַּאשֶׁעפֶענֶעשׁ זַיינֶען פוּן אִיהם בַּאשַׁאפִין גִיווָארִין, גָאט אִיז דֶר עֶרְשְׁטֶער גִיווֶען אוֹיף דֶער ווֶועלְט אוּנ פַר אִים אִיז קֵיינֶער נִיט גִיווֶען, נוּן דֶער הֶער פוּן דֶער ווֶועלְט צוּ אַלֶע בַּשֶׁעפֶענִשׁ טוּט עֶר ווַייזִין זַיין גְרוֹיסְקַייט אוּנ זַיין מְלוּכָה שפע דִי שֶׁפַע(ערשיינונג) פוּן נְבוּאָה הָט עֶר גִיגֶעבִּן זַיין גִילִיבְּטִי פָאלְק לא עֶס אִיז נִיט גִיווֶען צְווִישֶׁן דִי יִשְׂרָאֵל אַזוֹ אַיין גְלַייכִין ווִי מֹשֶׁה רַבֵּינוּ עֶר אִיז גִיווֶען אַיין נָבִיא אוּנ הָאט גִיזֶעהִן דָס



הֶערְלִיכְקַייט פוּן הש״י תורת אַ ווָארְהַאפְטִיגֶע תּוֹרָה הָאט גָאט ב״ה גִיגֶעבִּין צוּ זַיין פָאלְק דוּרְךְ זַיין בַּאגְלֵייבְּטִין נָבִיא מֹשֶׁה רַבֵּינוּ לא יחליף האל גָאט ווֶועט נִיט פַאר ווֶועקְסְלִין אוּנ ווֶועט נִיט פַאר בַּייטִין דִי תּוֹרָה אוֹיף אֵייבִּיג צופה גָאט קוּקְט אִין ווֵייס פוּן אַלֶע אוּנְזֶערֶע פַארְבָּארְגֶענֶעשׁ אוּנ קוּקְט אָן דִיא עֶנְדֶע פוּן אַלֶע זַאכִין בַּיים אָנְפַאנְג גומל עֶר בַּאצָאלְט דֶעם צַדִיק נָאךְ זַיין צִדְקוֹת נָאךְ אוּנ דֶעם רָשָׁע בַּאצָאלְט עֶר נָאךְ זַיין שְׁלֶעכְטִקַייט ישלח עֶר ווֶועט שִׁיקֶען אוּנְז דֶעם הֵיילִיגִין מָשִׁיחַ אוּיס צוּ לֵייזִין דִי ווָאס הָאפִין צוּ זַיין הִילְף מתים דִי טוֹיטֶע ווֶועט גָאט לֶעבֶּעדִיג מַאכִין מִיט זַיין גְרוֹיס דֶרבַּארְמִיקַייט. זַיין נָאמֶען זָאל זַיין גִילוֹיבְּט בִּיז אֵייבִּיג: בָּרוּךְ גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט אוּנְזֶער גָאט דֶער קֵינִיג פוּן דֶער ווֶועלְט ווָאס עֶר הָאט אוּנְז גִיהֵיילִיגְט מִיט זַיינֶע מִצְוֹת אוּנ

ברוך אתה יי, אלהינו, מלך העולם, אשר יצר את האדם, בחכמה, וברא בו, נקבים נקבים, חלולים חלולים, גלוי וידוע, לפני כסא כבודך, שאם יפתח, אחד מהם, או יסתם, אחד מהם, אי אפשר להתקים ולעמוד לפניך, אפילו שעה אחת: ברוך אתה יי, רופא כל בשר, ומפליא לעשות:

# ברוך אתה יי, אלהינו, מלך העולם, אשר קדשנו, במצותיו, וצונו, לעסוק בדברי תורה:

## מעשה אלפס

ומפליא לעשות. דיא געביידע פון מענשין איז זייער וואונדערליך, ער איז געבוים וויא אפאלאץ דער „זאל" איז די הארץ, דער „קאבינעט" איז דיא קאפ מיט'ן מח, דיא „קיך" איז דער מאגען מיט דיא גידערים. אין יעדער טייל איז וואונדער איבער וואונדער, מען זאל באטראכטין דעם קליינעם קאבינעט וויפיל קינציגע מאשינען אין אים געפינט זיך, דיא קליינע קייקאלאך פלייש מיט הייטלאך פון דיא אויגין דערלאנגען דיא ליכטיגקייט אין מח, דיא קליינע פויק־הייטלאך פון דיא אויערין דערלאנגען אלע שטימען אין מח. היינט דער מח אליין, אגאנצע תפלין זעקעלע קען איינהאלטען אין זיך אגאנצען אלמער מיט ספרים, וויא מען שרייבט אויף איינעם גאונים, זיי זיינען קלאר געוועען אויסווייניג תורה נביאים וכתובים, ששה סדרי משנה, גאנץ ש"ס בבל וירושלמי, רמב"ם, טורים, ארבע שו"ע ומדרשים. דיא וואונדער פון „זאל" וואס יעדער מינוט לייפען דורך אלע בלוטין פון קערפער אין הארצין. אונ פון איר צוריק אין אלע גלידער, אפילו דיא קיך איז אויך וואונדערליך גיבויעט, וויא זיא קאכט אוים דיא שפייז, טיילט דער מאגען פונאנדער, די גוטע טיילין שיקט ער אריין אין לעבער וואס איבער אים איז, אונ דיא פסולת שיקט ער אב אונטין אין דיא קישקעס דורך אסך טיראלאך, עס עפינט זיך אונ לאזט אריין אונ דורך דיא צווייטע טירעלע לאזט דאס ארוים אונ פערשליסט זיך גלייך, אום דיא פסולת זאל ניט קענען גיין צוריק, ביז וואנען עס קומט גאר צו די גראבע קישקע, וואס דורך איר גייט מען אין דרויסען. דיא „ניריו" טיילען אב פון דיא בלוט דיא שלעכטע וואסער אין באסאן (השתנה־געפעס) אונ פון באסאן גייט דאס דורך פיל רורקאלאך אונ הייטלאך ביז אין פנזיר אונ פון דארטין ביז'ן ארויסגאנג, אונ דורך דיא אלע מאשינען ווערט דאס גישלאסען דיא פארטיי פון דיא נשמה רוחנית מיט'ן גוף גשמי, וואונדער איבער וואונדער! אויף דאס אלעס לויבען מיר דיר אונ דאנקען דיר.

## פירוש ע'ט

דאט אונז גיבאטין צו וואשען די הענט (צום דאוונען אזוי וויא דער כהן וואשט די הענט פון כיור צו די עבודה פון קרבנות):

ברוך גילויבט ביסטו גאט אונזער גאט דער קיניג פון דער וועלט דער דא האט באשאפין דעם מענשין מיט קלוג, שאפט אונ האט באשאפין אין אים פיל לעכער וויא די מויל, די נאז, די אויערין אונ פיל הוילע רעהרען. וויא דאס הארץ אונ די גידערים. עס איז באקענט אונ וויסיג פאר דיין קעניגליכען שטול אז ווען איינס פון דיא פארמאכטע אברים זאלין גיעפנט ווערין אדער איינס פון די אפענע זאלין פערשטאפט ווערין וואלט ניט מיגלאך גיוועען צו לעבין ברוך גילויבט ביסטו גאט דער דא היילט אלע בשעפעניש אונ טוט גרויסע וואונדער דער מיט וואס ער באהעפט די נשמה מיט דעם גוף אין איינעם:

ברוך גילויבט ביסטו גאט אונזער גאט דער קיניג פון דער וועלט וואס האט אונז גיהייליגט מיט זיינע מצות אונ האט אונז גיבאטין עוסק צו זיין אין די רייד פון דער תורה:

וְהַעֲרֶב נָא, יְיָ אֱלֹהֵינוּ, אֶת דִּבְרֵי תוֹרָתְךָ בְּפִינוּ, וּבְפִי
עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל, וְנִהְיֶה אֲנַחְנוּ, וְצֶאֱצָאֵינוּ,
וְצֶאֱצָאֵי עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל, כֻּלָּנוּ יוֹדְעֵי שְׁמֶךָ, וְלוֹמְדֵי תוֹרָתֶךָ
לִשְׁמָהּ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, הַמְלַמֵּד תּוֹרָה, לְעַמּוֹ יִשְׂרָאֵל:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר
בָּחַר בָּנוּ, מִכָּל הָעַמִּים, וְנָתַן לָנוּ, אֶת
תּוֹרָתוֹ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, נוֹתֵן הַתּוֹרָה:

## פירוש ע״ט

**וְהַעֲרֶב** אוּנ מַאךְ זִיס דוּ גָאט אוּנְזֶר גָאט דִי רֵייד פוּן דַיין תּוֹרָה אִין אוּנְזֶר מוֹיל אוּנ אִין מוֹיל פוּן דַיין פָאלְק דָאס הוֹיז גִיזִינְד יִשְׂרָאֵל אוּנ מִיר אוּנ אוּנְזֶרֶע קִינְדֶער אוּנ אוּנְזֶרֶע קִינְדְס קִינְדֶער פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל כלנו זָאלִין מִיר אַלֶע ווִיסִין דַיין נָאמִין אוּנ לֶערְנֶען דַיין תּוֹרָה לִשְׁמָהּ ברוך גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט דֶער דָא לֶערִינְט תּוֹרָה צוּ זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל:

**בָּרוּךְ** גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט אוּנְזֶער גָאט דֶער קֵינִיג פוּן דֶער וֶועלְט דֶער דָא הָאט אוּנְז אוֹיס גֶעקְלִיבֶּען נָאךְ יְצִיאַת מִצְרַיִם פוּן

## מעשה אלפס

**וְהַעֲרֶב** כו׳ בְּפִינוּ. אַחוֹלֶה הָאט אַמָאל גִיבֶּעטִין בַּיים דָאקְטָאר, עֶר זָאל גֶעבִּין אַמִיטֶעל ווִיא צוּ מַאכִין זִיס דִי הִינֶערְשֶׁע יוֹךְ, ווַייל וֶועלְכֶע יוֹךְ מֶען קָאכְט פַאר אִים אִיז אַלֶעס בִּיטֶער. לִיבֶּער יוּד, זָאגְט דֶער דָאקְטָאר, נִיט דִיא יוֹךְ אִיז בִּיטֶער נוּר בַּיי אַיךְ אִין מוֹיל אִיז בִּיטֶער, פוּן אַייעֶר נִיט רֵיינֶעם מָאגִין שְׁלָאגְט אַשְׁלֶעכְטִין דוּךְ אִין מוֹיל אוּנ פַארְדֶערְקְט דֶעם צוּנְג מִיט שְׁוָואמִין, זֶעט אַז דֶער צוּנְג זָאל וֶוערִין בַּיי אַיךְ רֵיין דַאן וֶועט אִיר שְׁפִּירֶען אַז דִי יוֹךְ אִיז זִיס ווִיא צוּקֶער. דָאס גְלַייכֶען דִיא מֶענְשִׁין וָואס עֶרְוַייטֶערֶען זִיךְ פוּן דֶער תּוֹרָה ווַייל זֵייא דוּכְט זִיךְ אוֹיס אַז דִיא תּוֹרָה אִיז שְׁוֶוער אוּנ בִּיטֶער עֶרְקְלֶערְט אוּנְז דִיא רוֹפְאֵי הַנְּפָשׁוֹת אַז מִיר הָאבִּין אַנְרוֹיסִין דֵּעוֹת, דִיא תּוֹרָה אִיז זֵייעֶר זִיס אוּנ אַנְגֶענֶעהם ווִיא דָוִד הַמֶּלֶךְ זָאגְט וּמְתוּקִים מִדְּבַשׁ וְנוֹפֶת צוּפִים. נוּר בַּיי אוּנְז אִין מוֹיל אִיז בִּיטֶער דֶער צוּנְג אִיז פַארְפַּאצְקֶעט מִיט לָשׁוֹן הָרָע רְכִילוּת אוּנ שְׁקָרִים, דַארְפֶען מִיר בֶּעטִין וְהַעֲרֶב נָא אֶת דִּבְרֵי תוֹרָתְךָ בְּפִינוּ, עֶס זָאל זַיין זִיס אִין מוֹיל, אָבְּרֵיינִיגֶען דֶעם צוּנְג פוּן שְׁקָרִים, דַאן וֶועלִין מִיר שְׁפִּירֶען אַגֶעשְׁמַאק אִין דֶער תּוֹרָה ווִיא דָוִד הַמֶּלֶךְ זָאגְט שֶׁקֶר שָׂנֵאתִי וָאֲתַעֵבָה אִיךְ הָאבּ זִיךְ שְׁטֶענְדִיג בֶּעמִיהֶעט צוּ הַאסִין אַלֶע עִנְיְנֵי שֶׁקֶר אוּנ פֶערְזָאוּגְנווִידִיגֶען זֵיי, דַאדוּרְךְ וְתוֹרָתְךָ אָהָבְתִּי הָאבּ אִיךְ גִיקְרָאגִין אַלִיבְּשַׁאפְט צוּ דֶער תּוֹרָה.

**וְצֶאֱצָאֵי** עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל. דֶער נוּסַח הַבְּרָכָה לֶערִינְט אוּנְז, אַז עֶס אִיז נָאךְ נִיט גֶינוּג וָואס מֶען דַארְף זִיךְ בֶּעמִיהֶען אַז דִיא אֵייגֶענֶע קִינְדֶער זָאלִין לֶערְנֶען תּוֹרָה אוּנ ווִיסֶען אַז עֶס אִיז דָא אַגָאט אוֹיף דֶער וֶועלְט. מֶען דַארְף נָאךְ זֶעהְן, אַז דֶעם פְרֶעמְדִינְס קִינְד זָאל אוֹיךְ ווִיסֶען גָאטֶעס נָאמֶען אוּנ לֶערְנֶען תּוֹרָה לִשְׁמָהּ, אוּנ דָאס אִיז זֵייעֶר פְּרַאקְטִישׁ, ווַייל עֶס גִיט פִיל קִינְדֶער אָרֶעמֶע מִיט גְרוֹיסֶע פֶעהִיגְקַייטֶען, וָואס זֵיי קֶענֶען זַיין גְדוֹלֵי יִשְׂרָאֵל, אַצִירוּנְג פַאר דָאס פָאלְק, אוּנ דוּרְךְ דִיא אָרֶעמְקַייט פוּן זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערִין וֶוערְט פוּן זֵיי גָאר נִיט, אוּנ דוּרְךְ אַקְלֵיינֶע שְׁטִיצֶע וָואס מֶען זָאל גֶעבִּין דֶעם אָרֶעמֶען פָאטֶער צוּ שְׁטַייעֶר אוֹיף שְׂכַר לִמּוּד, קֶענֶען אוֹיסְוַואקְסִין גְּדוֹלֵי יִשְׂרָאֵל. וֶוער עֶס אִיז אַ מֵבִין פַארְשְׁטֵייט וָואס פַאר אַגְווַאלְדִיגֶע מְצִיאָה דָס אִיז, אַז פַאר קְלֵיינֶע גֶעלְט בֶּעקוּמְט מֶען אַטֵייעֶרֶע קִינְד, ווִיא אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגֶען „כָּל הַמְלַמֵּד אֶת בֶּן חֲבֵירוֹ תּוֹרָה מַעֲלֶה עָלָיו הַכָּתוּב כְּאִילוּ יְלָדוֹ״. דֶער וָואס מַאכְט לֶערְנֶען יֶענֶעמְס קִינְד תּוֹרָה אִיז גְלַייךְ ווִיא עֶר הָאט אִים גִיבוֹירִין, דָאס רֶעכֶענְט זִיךְ רִיכְטִיג ווִיא זַיין אֵייגִין קִינְד. נֶעמְט, מַיינֶע טַייעֶרֶע, גוּט אִין גִידַאנְקֶען, וָוס פַאר אַ ווִיכְטִיגֶע זַאךְ דָאס אִיז, גִיווֵיינְלִיךְ יֶעדֶער פָאטֶער ווִיל דֶעם בֶּעסְטִין חֵלֶק, דָאס הֵייסְט אַז זַיין קִינְד זָאל זַיין אַ לַמְדָן, אַ צַדִּיק, אַ בַּעַל מִדּוֹת. אָבֶּער נִיט אַלֶעמֶען גֶעלוּנְגְט ווִיא עֶס ווִילְט זִיךְ, מֶען פְּלַאנְצְט דַאכְט זִיךְ אַנְוויין גָארְטִין אוּנ עֶס גֵייט גָאר אַרוֹיס דֶערְנֶער ר״ל, אָבֶּער קֵייפֶען פַארְטִיגֶע בוֹימַאלַאךְ אִיז זֵייעֶר בִּילִיג, דָאס הֵייסְט יֶענֶעמְס גוּטֶע קִינְד, וָואס עֶס פֶעלְט הִילְפֶע צוּ מַאכִין אִים פַאר אַ בֶּן תּוֹרָה אוּנ אַ יְרֵא שָׁמַיִם, קֶען מֶען גַאנְץ לַייכְט, מֶען זָאל נוּר הָאבִּין אַגֶעפִיהל, אוּנ אִין דֶעם אִיז אוֹיךְ נִכְלָל שְׁטִיצֶען תַּלְמוּד־תּוֹרָה׳ס אוּנ יְשִׁיבוֹת.

**וְנָתַן** לָנוּ אֶת תּוֹרָתוֹ. צְווֵיי זַיינֶען גִיפָארִין אִין גִינְזֶע־נָאווְגָארָאד אוֹיפִין יַאר מַארְק, יֶעדֶער הָאט גִיהַאט בַּיי זִיךְ

וַיְדַבֵּר יְיָ, אֶל מֹשֶׁה לֵּאמֹר: דַּבֵּר אֶל אַהֲרֹן. וְאֶל בָּנָיו לֵאמֹר, כֹּה תְבָרְכוּ. אֶת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אָמוֹר לָהֶם:

# יְבָרֶכְךָ יְיָ, וְיִשְׁמְרֶךָ: יָאֵר יְיָ, פָּנָיו, אֵלֶיךָ, וִיחֻנֶּךָּ: יִשָּׂא יְיָ, פָּנָיו, אֵלֶיךָ, וְיָשֵׂם לְךָ שָׁלוֹם:

וְשָׂמוּ אֶת שְׁמִי, עַל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַאֲנִי אֲבָרְכֵם:

## אֵלּוּ דְבָרִים, שֶׁאֵין לָהֶם שִׁעוּר. הַפֵּאָה, וְהַבִּכּוּרִים, וְהָרַאְיוֹן, וּגְמִילוּת חֲסָדִים, וְתַלְמוּד תּוֹרָה: אֵלּוּ

### פירוש ע"ט

צְווִישֶׁען אַלֶע פֶּעלְקֶער אוּנ הָט אוּנְז גִיגֶעבִּין אוֹיף דֶם בַּארְג סִינַי זַיין תּוֹרָה: ברוך גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט דֶער דָא הָאט גִיגֶעבִּין דִי תּוֹרָה: יְבָרֶכְךָ גָאט זָאל דִיךְ בֶּענְטְשִׁין אוּנ זָאל דִיךְ הִיטִּין יאר גָאט זָאל דֶרְלַייכְטִין זַיין שְׁכִינָה צוּ דִיר אוּנ זָאל דִיךְ לִיבּ הָאבִּין ישא גָאט זָאל אוֹיפְהֵייבֶּען זַיין שְׁכִינָה צוּ דִיר אוּנ זָאל צוּ דִיר מַאכֶען שָׁלוֹם:

### מעשה אלפס

אגרויסין קאפיטאל. איינער וואר אזאהן פון אקופיעץ' שטענדיג פלעגט דער פאטער פארין, אונ ער פלעגט לערנען ער האט אין געשעפט גאר נ"ם גיוואוסט, נור דיזען מאל האט דער פאטער גראדע ניט גיקענט פארין. דער צווייטער וואר אפראסטער פויער פון דארף, זיינער אפריינד האט אים גילאזין ירושה א ווינרישנעם בילעט, האט זיין בילעט גיוואונען דיא גרויסע גיווינס, האט ער זיך מישב גיוועזן, וואס דארף ער ליגען אין דארף ער וועט אריינפארין אין שטאט אונ וועט מאכין אמאגאזין איז ער אויך גיפארין אויפ'ן יאר מארק קייפען סחורה, זיי זיינען אריין אין אגרויסע נידער=לאגע פון זיידענע סחורה, מען היבט אן צו ווארפען סחורה, אויף יעדער שטיקעל סחורה זאגט דער פייער "בעוויז", מען זאל אים פונאנדער נעמען אונ ווייזען, מען נעמט פונאנדער אשטיק טייערע זיידינס. ער נעמט אין האנד, טאפט אונ טאפט אונ גיט זיך אקרים "ניין" איך וויל ניט, מען נעמט אים פונאנדער אשטיק סאמעט, פלוס. ער טאפט ווייטער אונ זאגט ניין. ווייל ער איז שטענדיג גיוויינט צו פויערשע סחורה גראבע סערמיגע. בקצור צום דריטען מאל האט מען אים מער ניט גיוויזען אונ גיגעבין אנצוהערינס אז ער מעג נעמען דיא וועג. דער זאהן פון קופיעץ אבער הייסט ניט פונאנדער ווארפין, ער זעט נור אז דיא סחורה איז פון דם פאבריקאנט אונ די פון דעם, הייסט ער פאקען, הגם אויף דיא סחורה איז ער אויך קיין מבין ניט, ווייל ער האט קיין מאל אשטיקל סחורה ניט גיהאלטען אין האנט, נור אין קאנטאר האט ער גיהערט דיא נעמען פון דיא פאבריקאנטען וואס זייערע סחורה איז פרימא, מיט אים האט מען גימאכט גישעפט, דאס גלייכען בעת דער בורא האט ערשיינט אויף דער וועלט מיט זיינע סחורה (דיא תורה) האבין דיא פויערים "עשו" אונ "ישמעאל" גיזאגט "בעוויז" (מה כתיב בה) האט מען זיי געוויזען אשטיק טייערע סאמעט "לא תרצח", אשטיק טייערע זיידינס "לא תנאף", "לא תגנוב". זיי האבין ארום גיטאפט אונ גיגעבין זיך אקרים "ניין", עס גיפעלט זיי נ"ט, זאגט דער בורא צו זיי עס גיפעלט אייך ניט טוט וויא איר ווילט זיך — וויא משה רבינו איז גיקומען צו אידן אונ האט גיזאגט אז דער בורא האט פאר אייך סחורה האבין זיי גלייך גיענטפערט נעשה ונשמע, גיב סחורה ווען אויך מיר פארשטייען ניט נור דיא פירמא איז אונז בעקאנט פון אונזערע עלטערין. אז דער וועלט בעשעפער איז דער פאבריקאנט פון דיא סחורה דאס הייסט: אז דיא תורה איז מן השמים איז שוין פאר אונז גינוג. מבינים וועלין מיר שפעטער זיין, אז מיר וועלין איר לערנען. מיט אזעלכע קונים וויל איך האנדלין זאגט דער בורא ב"ה, דאס זאגען מיר אשר בחר בנו מכל העמים, מיט וואס האבין מיר גיקראגין חן ביי דעם בורא וואס ער האט אונז אוס ערוויילט מער פון אלע פעלקער נור מיט דעם וואס "ונתן לנו את תורתו" מיר האבין איר גינומען ווייל זיא איז זיינע, דער נאמען אז זיא איז "זיינע" דאס איז פאר אונז גינוג גיוועזן.

וְיָשֵׂם לְךָ שָׁלוֹם. דער לעצטערווארט פון אלע ברכות איז דער ווארט "שלום", זאגט דיא גמרא, הקב"ה האט ניט געפונען אכלי אין איר זאלין זיך אויפהאלטין אלע ברכות, נור דער שלום, אלע ברכות וואס הקב"ה האט צוגיזאגט געבין צו יודין איז נאר אויב זייא וועלען לערנען תורה אונ טאן מצות אונ מעשים טובים, וויא עס

דְּבָרִים, שֶׁאָדָם אוֹכֵל פֵּרוֹתֵיהֶם, בָּעוֹלָם הַזֶּה, וְהַקֶּרֶן קַיֶּמֶת, לָעוֹלָם הַבָּא: וְאֵלּוּ הֵן, כִּבּוּד אָב וָאֵם, וּגְמִילוּת חֲסָדִים, וְהַשְׁכָּמַת בֵּית הַמִּדְרָשׁ, שַׁחֲרִית וְעַרְבִית, וְהַכְנָסַת אוֹרְחִים, וּבִקּוּר חוֹלִים, וְהַכְנָסַת כַּלָּה, וּלְוָיַת הַמֵּת, וְעִיּוּן תְּפִלָּה, וַהֲבָאַת שָׁלוֹם, בֵּין אָדָם לַחֲבֵרוֹ, וְתַלְמוּד תּוֹרָה, כְּנֶגֶד כֻּלָּם:

דיא בְּרָכָה פון אֱלֹהַי נְשָׁמָה גיהערט צוא דיא בְּרָכָה פון אֲשֶׁר יָצַר דרום זאל מען צווישן דיא ביידע בְּרָכוֹת ניט מַפְסִיק זיין:

אֱלֹהַי. נְשָׁמָה שֶׁנָּתַתָּ בִּי, טְהוֹרָה הִיא, אַתָּה בְרָאתָהּ, אַתָּה יְצַרְתָּהּ, אַתָּה נְפַחְתָּהּ בִּי, וְאַתָּה מְשַׁמְּרָהּ בְּקִרְבִּי, וְאַתָּה עָתִיד, לִטְּלָהּ מִמֶּנִּי, וּלְהַחֲזִירָהּ בִּי, לֶעָתִיד לָבֹא. כָּל זְמַן שֶׁהַנְּשָׁמָה בְקִרְבִּי, מוֹדֶה אֲנִי לְפָנֶיךָ, יְיָ אֱלֹהַי

פירוש ע"ט

אֱלֹהַי מיין גאט. די נְשָׁמָה וואס דו האסט אין מיר גיגעבן איז זיא ריין, דו האסט זיא באשאפן, דו האסט גיפורמט איר גישטאלט, דו האסט זי אין מיר אריין גיבלאזן בשעת איך בין גיבארן גיווארן אונ דו היטסט זיא אין מיר, אונ דו וועסט זיא צונעמען פון מיר אז מיין צייט וועט קומען צו שטארבן, אונ וועסט זיא אין מיר אומקערין אז תְּחִיַּת הַמֵּתִים וועט זיין. אלע צייט וואס די נְשָׁמָה איז אין מיר דאנק איך דיר גאט מיין גאט אונ גאט פון מיינע

פנינים יקרים

שטייט אין פסוק אם בְּחֻקֹּתַי תֵּלֵכוּ וגו'. נור וועלכער יוד קען טאן אלע מִצְוֹת וואס שטייט אין דיא תּוֹרָה. עס זיינען דא מִצְוֹת וואס גיהערין נור צו כֹּהֲנִים, צום כֹּהֵן גָּדוֹל, צום מֶלֶךְ, אונ אנדערע יודין טארן ניט טאן דיא מִצְוֹת פון כֹּהֲנִים, עס קומט זייא מִיתָה אויב זייא וועלין דאס טאן. נור ווען עס איז שָׁלוֹם ביי יודין, זיינען אלע יודין וויא איין מענש, אזויא וויא איין מענש האט פיל גלידער, יעדער גליד טהוט איין אנדער זאך, אונ איין גליד קען ניט טאן דאס זעלביגע וואס דער אנדערער גליד טוהט, לְמָשָׁל דיא אויגן קענען ניט טאן וואס דיא הענט טוהען, דיא הענט קענען ניט טאן וואס דיא אויערין טוהען, נור ווען זייא דינען אלע צו זאמען, יעדער גליד טוהט דאס זייניגע, הייסט ער א מענש, אונ ווען מען זאל דיא גלידער אפשיידען איטער פון אנדערין, איז ער קיין מענש. דאס זעלביגע איז ביי יודין, ווען

עס איז ביי זיי שָׁלוֹם, זיינען זיי וויא איין מענש, כֹּהֲנִים טוהען זייערע מִצְוֹת, לְוִיִּם זייערע מִצְוֹת, יעדער יוד טוט זיין מִצְוָה, ווערט גירעכנט צו זאמען דיא גאנצע תּוֹרָה קומט דיא בְּרָכָה, אבער אז עס איז ניט שָׁלוֹם. איז יעדער יוד [יעדער גליד] באזונדער, און דאך יעדער יוד ניט מְקַיֵּים דיא גאנצע תּוֹרָה, קען ניט קומען די ... יָכָה. דריבער נאך אלע בְּרָכוֹת האט הקב"ה גיזאגט וְיָשֵׂם לְךָ שָׁלוֹם. נאך א טובה טוט דער שָׁלוֹם, לְמָשָׁל איינער האט אַכֵּלִי מיט פירות אונ אין דיא כֵּלִי איז דא א לעכיל, ווען דיא פירות זייען איינציגע, קען יעדעס פרי באזונדער דורכפאלען פון דיא כֵּלִי, אונ אויב מען האט אלע פירות אויפגעצויגן אויף א שנידיל, זיינען אלע פירות וויא איין פרי, קענען זייא ניט דורכפאלין, ביי יודין איז אויך אזויא. ווען עס איז ניט שָׁלוֹם, יעדער יוד איז באזונדער, ווען איין יוד טוט א עֲבֵירָה, קען פון אים צוגענומען ווערין דיא בְּרָכָה, אבער ווען אלע יודין זייגען צוזאמען קומט דיא בְּרָכָה פאר אלע צוזאמען, אֲפִילוּ ער האט א עֲבֵירָה פון דעסטוועגין נעמט ער אויך פון דיא בְּרָכָה. אונ ער קען ניט דורכפאלין, ווייל ער איז צוגעבונדען צו יענע יודין. דיא פרנסע:

וְתַלְמוּד תּוֹרָה כְּנֶגֶד כֻּלָּם. תּוֹרָה האט דיא גיוויכט נעגין אלע, ווייל דורך לערנען תּוֹרָה קומט מען צו אלע גוטע מִדּוֹת, וועלכע דא איז גירעכענט. אזוי וויא דא אין מִשְׁנָיוֹת מס' פֵּאָה איז גירעכנט דיא גוטע זאכין. וואס דיא פרוכט פון דיא מִצְוָה ניט דער בורא אויף דער וועלט אונ דעם קרן האלט ער פאר דעם ענטפער אויף

וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי, רִבּוֹן כָּל הַמַּעֲשִׂים, אֲדוֹן כָּל הַנְּשָׁמוֹת:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, הַמַּחֲזִיר נְשָׁמוֹת, לִפְגָרִים מֵתִים:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר נָתַן לַשֶּׂכְוִי בִינָה, לְהַבְחִין, בֵּין יוֹם וּבֵין לָיְלָה:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁלֹּא עָשַׂנִי, גּוֹי:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁלֹּא עָשַׂנִי, עָבֶד:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁלֹּא עָשַׂנִי, אִשָּׁה:

ווייבער זאגין דאס בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁעָשַׂנִי, כִּרְצוֹנוֹ:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, פּוֹקֵחַ עִוְרִים:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, מַלְבִּישׁ עֲרֻמִּים:

### נ. מעשה אלפס

דיא קינפטיגע וועלט, רעכינט דער תנא „תורה" נעגען אלע, אזוי ווערט גירעכענט אין תוספתא מס׳ פאה דיא הארבע עבירות, וואס דעם עונש וואס מען ליידעט אויף דער וועלט איז נור דיא פירות פון דיא עבירות, אבער דער קרן דאס הייסט דער גרויסער שטראף וועט מען ערשט ליידין אויף יענער וועלט, (ווען מען טוט נים קיין תשובה אויף דעם) רעכינט דער תנא עבודה זרה, אונ גילוי עריות אונ שפיכות דמים, אונ לשון הרע כנגד כולם. ווייל דורך לשון הרע קומט מען צו אלע אונגליקען, דרום דארף זיך יעדער קלוגער אונ פערשטענדיגער מענש זעהען צו ערוויטערין זיך פון לשון הרע. ווען מען האט אווייליע צייט זאל מען בעסער אריינקוקען אין אהייליגען ספר וואס דאס מאכט פייכט דיא הארץ מיט יראת שמים אונ מענשין ליבע, צו זיין פרום צו גאט אונ גוט צו מענשין.

### פירוש ע״ט

עלטערין, דער הער פון אלע ווערק, דער הער פון אלע נשמות: ברוך גילויבט ביסטו גאט, דער דא קערט אום די נשמות צו די טויטע קערפער. אז דער מענש שלאפט איז ער גלייך וויא טויט. אונ גאט קערט אים אום אלע פרימארגין זיין נשמה. איז דאס גלייך ווי ער מאכט אים ניי לעבעדיג: ברוך גילויבט ביסטו גאט אונזער גאט דער קיניג פון דער וועלט, דער דא הט דם דאן פר שטאנד גיגעבין צו פרשטיין צווישען טאג אונ נאכט, אונ די מענשען שטייען אויף פון זייער גילעגער דורך זיין קול: ברוך גילויבט ביסטו גאט דער קיניג פון דער וועלט, דער דא האט מיך ניט בשאפען קיין געטצענדינער: ברוך גילויבט ביסטו גאט דער קיניג פון דער וועלט, דר דא האט מיך ניט באשאפין קיין קנעכט: ברוך גילויבט ביסטו גאט דער קיניג פון דר וועלט, דער דא האט מיך ניט באשאפין קיין אשה, דען איין אשה איז פטור פון תורה לערנען אונ אויך פון אייניגע מצות: (ווייבער זאגען. ברוך גילויבט ביסטו גאט דער קיניג פון דער וועלט, דער דא האט מיך באשאפין נאך זיין ווילען): ברוך גילויבט ביסטו גאט דער קיניג פון דער וועלט, דר דא עפינט די אויגין פון די בלינדע ווייל דער מענש אז ער שלאפט זיינען אים די אויגין צוגימאכט גלייך ווי ער וואלט בלינד גיוועזן: ברוך גילויבט ביסטו גאט דער קיניג פון דר וועלט, דער דא באקליידעט די נאקיטע:

ברוך אתה יי, אלהינו, מלך העולם, מתיר אסורים:

ברוך אתה יי, אלהינו, מלך העולם, זוקף כפופים:

ברוך אתה יי, אלהינו, מלך העולם רוקע הארץ, על המים:

ברוך אתה יי, אלהינו, מלך העולם, המכין, מצעדי גבר:

ברוך אתה יי, אלהינו, מלך העולם, שעשה לי, כל צרכי:

ברוך אתה יי, אלהינו, מלך העולם, אוזר ישראל, בגבורה:

ברוך אתה יי, אלהינו, מלך העולם, עוטר ישראל בתפארה:

## פירוש ע"ט

ברוך געלויבט ביסטו גאט דר קיניג פון דר וועלט, דר דא בינדעט אויף די געבונדענע. דען אז דער מענש ליגט אויך זיין געלעגער איז ער געגליכען צו א געבונדענעם וואס קען ניט רירין מיט זיינע אברים: ברוך געלויבט ביסטו גאט דר קיניג פון דר וועלט, דר דא שטעלט אגידער די איינגעבויגענע, דען ביז אהער איז זיין גוף געוועזן איינגעבויגען ווייל ער איז געלעגן שלאפענדיג די גאנצע נאכט: ברוך געלויבט ביסטו גאט דר קיניג פון דר וועלט, דר דא האט אויסגעשפרייט די ערד אויף די וואסער: ברוך געלויבט ביסטו גאט דער קיניג פון דער וועלט, דער דא האט פערשאפט אלע מיינע באדערפעניש: ברוך געלויבט ביסטו גאט דר קיניג פון דר וועלט דר דא בגרייט אן די טריט פון מענשין צו גיין וואו אהין ער וויל גיין זיינע עסקים צו טאן: ברוך געלויבט ביסטו גאט דר קיניג פון דר וועלט, דר דא גורט אן די ישראל מיט גבורה: ברוך געלויבט ביסטו גאט דר קיניג פון דר וועלט, דר דא קרוינט די ישראל מיט שיינהייט. אויך דאנקען מיר גאט דם

## מעשה אלפס

אוזר ישראל בגבורה. אין מסכת ברכות (ס' ע"ב) לערנען מיר, „כד אסר המייניה" אז מען טוט אן דעם גארטיל זאל מען זאגין „אוזר ישראל בגבורה". דער בורא גורט אן אידין מיט גבורה. איינער פון די נוצין פון גארטיל איז, עס זאל ניט זיין „לבו רואה את הערוה". אונ אזוי וויא פון דרויסען דארף זיין א הפסק דיא הארץ זאל ניט זעהען דיא שענדליכע גלידער, אזוי דער מאנט דאס דעם מענשין אז אויך איניווייניג אין הארצין זאל זיך ניט זעהען קיין שענדליכע גידאנקען פון תאוה וואס דאס איז זייער אגיפערליכע זאך פאר דעם נפש אונ אויך פארין גוף, תאוה איז איינע פון דיא טרויקעפערד, וואס פירין ארויס דעם מענשין פון דער וועלט (הקנאה והתאוה והכבוד מוציאין את האדם מן העולם), צו דעם ארויס טרייבין דיא תאוה פון הארצין דארף מען האבין גרויס גבורה, „איזהו גבור הכובש את יצרו" ווער הייסט איין אמת'ר העלד, דער וואס באהערשט זיינע ליידענשאפטין (תאוות), דער יצר הרע שטארקט זיך אבער אלע ווייל אויפ'ן מענשין אונ שלאגט אים אריין תאוות אין הארצין אונ עס וואלט ניט זיין מעגליך צו רעטען זיך פון דעם, נור השי"ת העלפט דעם מענשין אונ לאזט אים ניט פאלין אין דיא הענט פון יצה"ר. דאס איז דיא כונה פון דיא ברכה, בעת דער איד טוט אן דעם גארטיל, דאס הייסט ער האט אכתה זיך אונטער צו גארטלין צו גיין אין שטרייט געגין יצה"ר פון תאוה איז דער בורא אים צו הילף, אונ ער גורט אים אן מיט גבורה געגין דעם יצה"ר, אז ער זאל אים מנצח זיין. עוטר ישראל בתפארה. דיא חכמי התלמוד האבין מתקן געווען אז מען טוט אן אהיטל אויפ'ן קאפ זאגט מען „ברוך עוטר ישראל בתפארה" דער בורא קרוינט אן אידין מיט הערליכקייט, מען דארף פארשטיין דעם טיפען אונ גייסטין בליק פון דעם. מיר זעהען מאנכע מאל קליינטקייטין וואס מיר וואלטין גאר ניט רעכענען, אז פון דעם זאל תרוב ווערין א מדינה. אבער דיא פראקטיקע האט נאכהער געוויזין אז עס איז אזוי, אתרנגולא ואתרנגולתא איבער אהון מיט אהאן איז חרוב געווארין אגרויסע מדינה וואס האט געהייסין טור מלכא (גיטין נ"ז ב'). בעת אידין זיינע געוועזן אין מצרים וואו

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, הַנּוֹתֵן, לַיָּעֵף כֹּחַ:
בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, הַמַּעֲבִיר שֵׁנָה מֵעֵינָי וּתְנוּמָה מֵעַפְעַפָּי:
וִיהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, יְיָ אֱלֹהֵינוּ, וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, שֶׁתַּרְגִּילֵנוּ בְּתוֹרָתֶךָ,

## פנינים יקרים

ווייט זיי האבין זיך אבגיזונדערט פון דיא מצרים, אין זייערע קליידונג אונ צירונג איז דאך גיבליבען אקליינקייט וואס אנדערע מענער האבין גיטראגין א אוירינגיל אנאלדענעם וויא דיא מצרים, ווער זאל דאס רעכענען אז פון דעם זאל ווערין אזא אונגליק, אז פון דעם איז ארויס גיקומען דער עגל*) דאס גלייכען ווען מיר זעהען אז א איד גייט אן אהיטל דאכט זיך וואס איז דאס? מען מאכט דאס נאר צו קליינגעלט. אבער דער וואס קוקט וייט, זעט דיא גיפעהליגע פירות וואס פון דעם קומט ארויס. מען דערלאנגט אנלאז מהיי אין קאנטאר טרינקט מען אן אהיטל אונ צוזאמען אן אברכה, מען בריינגט פרשטאג, וואו ניי זוכען דיא היטל, דער ווייל עסט מען אן גיוואשין, אן המוציא, אן ברכת המזון, אן אדאנק דעם באשעפער פאר דיא שפייז. וואס הכרת טובה (דאנקבארקייט) איז דער גאנצער גלאנץ פון מענשין, (הסר המצנפת) ארונטער גיצויגין די מיטין איז שוין (והרם העטרה) אראב גינומען דיא קרוין, דיא מענשהייט, דיא דאנקבארקייט, דער וואס איז א כפוי טובה איז גאר אשלאנג נים קיין מענש. דרום האט מען אנגיוואונקען ביי דיא היטל אנטאן, וואס דאס מערקט אן דעם מענשין ער זאל נים גיין בקלות ראש מים ליכטזיניגע גידאנקען וויא אפוסטער זאנג וואס ער האלט פארדעקין דיא קאפ, נור בכובד ראש מים מורא שמים (כסי רישך כי היכא דתיהוי עלך אימתא דשמיא) אראפ גילאזין דיא קאפ וויא אפילער זאנג מים גוטע קערנער וואס האלט אביסל אראפ גיבויגין דיא קאפ אונ אז ער האט מורא שמים אויף זיך אונ איז מכיר טובה דען דער גאנצער דאווענען מים אלע ברכות איז אלעס הכרת טובה, דאנקבארקייט דעם בורא ב"ה פיר דיא אלע טובות וואס ער טוט מיטין מענשין, אזוי שטייגט ער העכער אונ העכער מיט דיא הילף פון בורא ווייל הבא לטהר מסייעין אותו, ביז ער ווערט אין פאלקאמער איד, וואס דער בורא ב"ה ווערט גירימט דורך אים (ישראל אשר בך אתפאר) מאכט מען דיא ברכה עוטר ישראל בתפארה.

שתרגילנו בתורתך. א ארעסטאנט, וואס איז גיוועזען גישמידט דיא הענט אונ פיס אין קייטין, האט אבגישפארט פון זיין לעבענס מיטל איינציגע רובל, אונ האט גישיקט קויפען נאך איינציגע קייטין צו שמידין אים גיווייניליך זעט ער אוים ביי אונז וויא א מטורף. ער האט בעסער גידארפט קויפין אשטאלעניגם פייל, ארום צו פיילין דיא קייטין זיי זאלין נים אזוי שווער זיין אויף אים, דעם משוגעת פון ארעסטאנט זעהען מיר גאנץ אפט ביי אונז אליין, יעדער מענש איז גישמידט פון זיין גיבורטסטאג מיט צוויי קייטין, עסין אונ שלאפין, דער ווינגער האט

## פירוש ע"ט

ער האט אונז גיקריינט מיט תורה אונ מצות: ברוך גילויבט ביסטו גאט דער קיניג פון דער וועלט, דער דא טוט געבין קראפט צו דעם דר דא איז מיד. דען אז דער מענש לייגט זיך שלאפין איז ער מיד פון זיינע עסקים אונ גאט ב"ה באנייעט זיין כח אלע פרימארגין דאס זיינע גלידער ווערען געשטארקט: ברוך גילויבט ביסטו גאט דער קיניג פון דער וועלט, דער דא פערטרייבט דעם שלאף פון מיינע אויגין אונ דרעמלען פון מיינע ברעמען:
ויהי אונ עס זאל זיין דיין גוטער ווילין גאט אונזער גאט אונ גאט פון אונזערע עלטערין דו זאלסט אונז גיוואינען אין דיין

*) אהרן האט זיי גיזאגט פרקו נזמי הזהב אשר באזני נשיכם בניכם ובנותיכם. אהרן האט אויס גירעכנט זייער פראקטיש, אז פרויען זיינען נים אזוי לייכט אב צו געבין זייערע צירונג וועט עס געווים גיווערין ביז משה וועט קומען, אונ דער אמת איז טאקע אזוי גיוועזען, דיא ווייבער האבין נים גיגעבין זייערע צירונג וואס האבין זיי אבער גיטאן? ויתפרקו כל העם את נזמי הזהב אשר "באזניהם" ויביאו אל אהרן, זיי האבין גיזעהען אז די ווייבער גיבין נים האבין זיי אויס גיטאן זייערע איינציגע אוירינגען וואס זיי האבין נאך גיבראכט פון מצרים.
סע"ט

וְדַבְּקֵנוּ בְּמִצְוֹתֶיךָ, וְאַל תְּבִיאֵנוּ לֹא לִידֵי חֵטְא, וְלֹא לִידֵי עֲבֵרָה וְעָוֹן, וְלֹא לִידֵי נִסָּיוֹן, וְלֹא לִידֵי בִזָּיוֹן, וְאַל יִשְׁלֹט בָּנוּ יֵצֶר הָרָע, וְהַרְחִיקֵנוּ, מֵאָדָם רָע, וּמֵחָבֵר רָע, וְדַבְּקֵנוּ, בְּיֵצֶר הַטּוֹב, וּבְמַעֲשִׂים טוֹבִים. וְכוֹף אֶת יִצְרֵנוּ, לְהִשְׁתַּעְבֶּד לָךְ, וּתְנֵנוּ הַיּוֹם, וּבְכָל יוֹם, לְחֵן,

## פירוש ע"ט

תורה, אונ זאלסט אונז בהעפטין אין דיינע מצות אונ ניט לאזין קומען צו קיין זינד אונ צו קיין עבירה אונ צו קיין אונרעכט, אונ ניט צו קיין פרובונג, דען טאמער חס ושלום וועלין מיר ניט קענען באשטיין. אונ ניט צו קיין שאנד, אונ דער יצר הרע זאל אין אונז נ ט געוועלטיגין, אונ דערווייטער אונז פון אשלעכטין מענשין אונ פון אשלעכטין חבר, אונ באהעפט אונז אין דעם יצר טוב אונ אין מעשים טובים, אונ בייג אונזערע גידאנקען צו זיין אונטערטעניג צו דיר, אונ דו זאלסט אונז געבין היינט אונ אלע טאג צו חן אונ חסד אונ רחמים אין

## מעשה אלפס

האט אבער גיגעבין דעם מענשין אטייערע זאך וואס ער קען זיך אליין איינשאפין אצווייטע נאטור, דאס איז דער הרגל גיוואוינהייט איז די צווייטע נאטור, מיט דעם כח ההרגל קען ער גרינגער מאכין די קייטין גיוויינען זיך ווייניגער שלאפין, ווייניגער עסין, בכדי ער זאל האבין מער צייט צו זיין איין עובד השם, אונ אויך צו גיוואהנען זיך צו אלע מדות טובות. וואס טוט אבער דער נארישער מענש ניט נור וואס ער זעט ניט גרינגער צו מאכין די נאטור קייטין, ציט ער ארויף אויף זיך נייע קייטין, איינער גיוויינט זיך איין צו טרינקען (שכרות) וואס פיל מענשין וועלכע האבין גיהאט גילדערנע הענט, אונ האבין גיקענט קלייבין אקאפיטאל, זיינען צו ליב שכרות גישטארבין אין פרעמדע תכריכים. איינער גיוויינט זיך אין קארטין שפילין, וואס ניט איינער איז פון דעם אונגליקליך גיווארין אונ גיגאנגען פון דער וועלט פאר דער צייט. דער גיוויינט זיך איין צו רויכערין פיל, וואס שאדעט צום הארצין אונ פיל מאל צו אידישקייט וואס מען רויכערט ארין אין שבת, אונ שבת צו נאכט שטייט ער אויף הייסע קוילין אונ קלאפט מען זאל גיכער זאגין והוא רחום ווען אויך עס איז נאך ניט צייט, אונ נאך אזעלכע שלעכטע גיוויינהייטען וואס דער מענש אונ דער איד ליידען פון דעם זייער פיל. אמענש מיט אנעפיל דארף פארשטיין אז ישרים דרכי ה' כו' ניט צום אונגליק האט דער בורא גיגעבין די גרויסע מתנה פון הרגל, אז ער זאל זיך מאכין שלעכטע גיוויינהייטען, נור צו זיין גליק, ער זאל זיך גיוויינען צו גוטעס, היינו די ערשטע זאך, זאל ער זעהען ניט צו פארלירין די טייערסטע זאך, דאס איז די צייט, אז ער ווערט פריי פון זיין ארבייט, פון זיין גישעפט, זאל ער נעמען אספר אין האנט, זיך לערנען ווי צו זיין איין איד (בין אדם למקום) אונ ווי צו זיין אמענש (בין אדם לחבירו), אונ ווען ער וועט זיך צו גיוויינען, וועט דאס אים ציהען ווי אמאגנעט, ער וועט גאר ניט קענען אויס בריינגען אמינוט אין נארישקייט, נור אין תורה אונ מעשים טובים, אונ דאן וועט ער שפירין די זיסקייט פון דער תורה, אונ וועט האבין איין פערגעניגענדע לעבין, אקלוגער קען זיך לערנען אקל וחומר, מה דאך רויכערין אציגאר, וואס דאס איז, אין דער ווירקליכקייט ביטער מאכט דער הרגל זיס אז מען זאל ניט קענען לעבין אן דעם, היינט די זאך וואס איז אין דער ווירקליכקייט זיס, (ומתוקים מדבש ונופת צופים) נור אונזער גיפיהל איז פארדרעמילט אונ שפירט ניט, קען דער „הרגל" געוויס ווירקען מען זאל פיהלען איר זיסקייט. דאס איז די כונה פון די תפלה, גלייך ווי מיר צוכענין זיך אויס פון שלאף (המעביר שנה מעיני) בעטין מיר יהי רצון שתרגילנו בתורתך אז די מתנה טובה (דעם הרגל) זאלין מיר באנוצין צו דער תורה, מיר זאלין זיך צו גיוויינען צו לערנען די תורה וועלין מיר דורך איר קומען צו אלע מדות טובות.

ודבקנו במצותיך. אשוסטער אפארטאיך האט גינומען אמאס אויף קאמאשין אונ האט פאר קירצט אונ פאר שמעלט. נאכהער אז מען האט ניט גיוואלט צו נעמען די קאמאשין האט ער גיגעבין איין עצה מען זאל איינשריופין די פוס אין אקלעשטשע אפאר טעג ביז זיא וועט שמאל אונ קורץ ווערין וועט זיא אריינגיין אין קאמאש. צו דעם נאר זיינען גלייך די נייע בעלי עצות וואס פערלאנגען מען זאל פאר קירצען אונ פאר שמעלין די תורה בכדי מען זאל איר קענען אריינפירין אין לעבין. גיוואלד גישריען, נאך אנאנד רויכערין וואס עסט אויף די הארץ מיט'ן לונגען, איז ניט קיין משא אויף'ן לעבין, שפילין געבט אין קארטין אונ נאך אזעלכע דומע זאכין וואס ווערט אבגיטאן אין דער פינסטער, וועלכע נעמען אוועק די גיזונד מיט די געלט

וּלְחֶסֶד, וּלְרַחֲמִים, בְּעֵינֶיךָ, וּבְעֵינֵי כָל רוֹאֵינוּ, וְתִגְמְלֵנוּ, חֲסָדִים טוֹבִים: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, הַגּוֹמֵל, חֲסָדִים טוֹבִים, לְעַמּוֹ יִשְׂרָאֵל:

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, יְיָ אֱלֹהַי, וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי, שֶׁתַּצִּילֵנִי, הַיּוֹם, וּבְכָל יוֹם, מֵעַזֵּי פָנִים, וּמֵעַזּוּת פָּנִים, מֵאָדָם רָע, מִיֵּצֶר רָע, מֵחָבֵר רָע, מִשָּׁכֵן רָע, וּמִפֶּגַע רָע, מֵעַיִן הָרָע, מִלָּשׁוֹן הָרָע, מִמַּלְשִׁינוּת, מֵעֵדוּת שֶׁקֶר, מִשִּׂנְאַת הַבְּרִיּוֹת, מֵעֲלִילָה, מִמִּיתָה מְשֻׁנָּה, מֵחֳלָיִם רָעִים, מִמִּקְרִים רָעִים, וּמִשָּׂטָן הַמַּשְׁחִית, מִדִּין קָשֶׁה, וּמִבַּעַל דִּין קָשֶׁה, בֵּין שֶׁהוּא בֶן בְּרִית, וּבֵין, שֶׁאֵינוֹ בֶן בְּרִית, וּמִדִּינָהּ שֶׁל גֵּיהִנֹּם:

## מעשה אלפס

ווענדעט זיך אלעס אן הרגל. ווען דער מענש געוויינט זיך אן אין די דרכי התורה, צב"ש גלייך וויא ער שטייט אויף, גיין דאוונען אונ דאווענען ארענטליך ניט שמועסין אין שול, ניט עסין קיין זאך אן ברכה. ווארט אין ווארט, ציט דאס אים אונ ער האט פון דעם פערגעניגען אונ דאס גלייכין צו אלע גוטע זאכין. דאס איז די כוונה שתרגילנו בתורתך, ווען מיר וועלין זיין צו געוויינט צו די דרכי התורה איז ודבקנו במצותיך וועלין מיר טאן יעדער מצוה מיט ליבשאפט אונ דבקות. משכן רע. בנוהג שבעולם איז, ווען איינער דינגט אדירה אונ גיט אפילו גוטע האנדגעלט, נאכהער אז ער ווערט געוואהר, אז אין דער שכונה וואהנט זיינער אקאנקורענט, ענטזאגט ער די דירה, ווען אפילו זיינע האנדגעלט גייט פערלארין, ווייל וואס פאר אווירה האט די האנדגעלט געגין דעם שאדין וואס זיין געשעפט וועט לידין פון דעם אלע טאג. אונ אז אין דער שכונה, אפילו אטיר געגין אטיר וואהנט א אפיקורוס, אמחלל שבת בפרהסיא וואס טרעט אויף אלע אידישע היילגקייט, זעט מען גאנץ זעלטין (צו אונזער בעדויערין), אז מען זאל לאזן פאלן די האנדגעלט אונ זיך ענטזאגען פון די דירה, וואס דער ריינער פערשטאנד ווייזט פארקערט, אז אקאנקורענט אין געשעפט קען גאנץ ווייניג שאדען טאן, דער אמת'ר מאמין גלויבט, אז „אין אדם נוגע במה שמוכן לחבירו אפילו כמלא נימא". קיינער קען ניט אנרירען אויף א האר דאס וואס איז בעשטימט פארין צווייטען. אבער יראת שמים איז איבער געגעבין אין מענשין'ס רשות, ער דארף זיך זעהען פארהיטען פון אלעם וואס קען שאדין צו דעם, ובפרט פון אנשטעקענדיגע קראנקייט,

## פירוש ע"ט

יֵצֶר טוֹב אונ אין מַעֲשִׂים טוֹבִים, אונ בייג אונזערע געדאנקען צו זיין אונטערטעניג צו דיר, אונ דו זאלסט אונז געבין היינט אונ אלע טאג צו חֵן אונ חֶסֶד אונ רַחֲמִים אין דיינע אויגין אונ אין די אויגין פון אלע מענשין, אונ דו זאלסט אונז בעלאהנען מיט גוטע גנאדע: ברוך געלויבט ביסטו גאט דער דא בעלאהנט גוטע גנאד צו זיין פאלק יִשְׂרָאֵל:

יְהִי עס זאל זיין דיין גוטער ווילין גאט מיין גאט אונ גאט פון מיינע עלטערין, דו זאלסט מיך היינט אונ אלע טאג בעהיטען פון אזעלכע מענשין וואס זיי זיינען עַזֵּי פָּנִים אונ דאס איך זאל ניט מֵעִיז פָּנִים זיין געגין אנדערע מענשין, אונ בעהיט מיך פון אשלעכטין מענשין אונ פון אשלעכטין חבר דאס איך זאל זיך ניט אפלערנען פון אים זיין שלעכטס, אונ פון אשלעכטין שָׁכֵן אונ פון בייזע באגעגעניש אונ פון דעם שָׂטָן הַמַּשְׁחִית פון אשווערין דין אונ פון אשלעכטין בַּעַל דִּין סייא ער איז איין יְהוּדִי אדער ניט קיין יְהוּדִי:

זייא אפקורסות אונ פרייגעזאנענהייט. דער שטיין לעבין יענעם שאדעט, גיזונד איז שווער אנצוציהען פון יענעם, אבער קראנקייט ר"ל גיט זיך איבער גאנץ גיך. מ'קען נעמען אבייַשפיל פון פראקטיקע, ווע מ'ז"ל לייגין טהיי לעבין אפאס קארעסינע, וועט מען אין גיכען בארפין די טהיי ארויסשיטין, אז עס די

ע"ט ס'

אֱלֹהֵינוּ, וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, זָכְרֵנוּ בְּזִכָּרוֹן טוֹב לְפָנֶיךָ, וּפָקְדֵנוּ בִּפְקֻדַּת יְשׁוּעָה
וְרַחֲמִים, מִשְּׁמֵי שְׁמֵי קֶדֶם, וּזְכָר לָנוּ, יְיָ אֱלֹהֵינוּ, אַהֲבַת הַקַּדְמוֹנִים,
אַבְרָהָם, יִצְחָק, וְיִשְׂרָאֵל, עֲבָדֶיךָ, אֶת הַבְּרִית, וְאֶת הַחֶסֶד, וְאֶת הַשְּׁבוּעָה,
שֶׁנִּשְׁבַּעְתָּ, לְאַבְרָהָם אָבִינוּ, בְּהַר הַמּוֹרִיָּה, וְאֶת הָעֲקֵדָה, שֶׁעָקַד אֶת יִצְחָק בְּנוֹ,
עַל גַּבֵּי הַמִּזְבֵּחַ, כַּכָּתוּב בְּתוֹרָתֶךָ:

וַיְהִי אַחַר הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה וְהָאֱלֹהִים נִסָּה אֶת־אַבְרָהָם וַיֹּאמֶר אֵלָיו
אַבְרָהָם וַיֹּאמֶר הִנֵּנִי: וַיֹּאמֶר קַח־נָא אֶת־בִּנְךָ אֶת־יְחִידְךָ
אֲשֶׁר־אָהַבְתָּ אֶת־יִצְחָק וְלֶךְ־לְךָ אֶל־אֶרֶץ הַמֹּרִיָּה וְהַעֲלֵהוּ שָׁם לְעֹלָה
עַל אַחַד הֶהָרִים אֲשֶׁר אֹמַר אֵלֶיךָ: וַיַּשְׁכֵּם אַבְרָהָם בַּבֹּקֶר וַיַּחֲבֹשׁ אֶת־
חֲמֹרוֹ וַיִּקַּח אֶת־שְׁנֵי נְעָרָיו אִתּוֹ וְאֵת יִצְחָק בְּנוֹ וַיְבַקַּע עֲצֵי עֹלָה וַיָּקָם
וַיֵּלֶךְ אֶל־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר־אָמַר־לוֹ הָאֱלֹהִים: בַּיּוֹם הַשְּׁלִישִׁי וַיִּשָּׂא אַבְרָהָם
אֶת־עֵינָיו וַיַּרְא אֶת־הַמָּקוֹם מֵרָחֹק: וַיֹּאמֶר אַבְרָהָם אֶל־נְעָרָיו שְׁבוּ־
לָכֶם פֹּה עִם־הַחֲמוֹר וַאֲנִי וְהַנַּעַר נֵלְכָה עַד־כֹּה וְנִשְׁתַּחֲוֶה וְנָשׁוּבָה

## פנינים יקרים

זעהען אז די ווערטער „משכן רע", זאל ניט בלייבען נור אין סדור ער זאל זיי מיט נעמען אין הארצין אונ בענוצען ווען עס קומט פאר אין לעבין • וויא דער תנא (אין אבות) זאגט „הרחק משכן רע" ובזכות זה וועסטו ניצול ווערין „מפגע רע" פון אלע שלעכטע באגעגנעס.

והאלהים נסה את אברהם וכו'. מפרשים פרעגין צו וואס האט הקב"ה גענדארפט פרובין אברהם'ן מיט זיין זוהן, הקב"ה האט דאך גיזעהן אז אברהם אליין האט זיך געלאזט אריינווארפין אין פייער פון נמרוד'ן, געוויס וועט ער זיין זוהן אויך מקריב זיין פאר אקרבן • נאר מען דערציילט עס האט אמאהל גיטראפין מען האט געחאפט אגנב, מען האט אים ניט געקענט שטראפין ווייל ער האט געלייקנט, דער שופט האט געהייסין מען זאל אים שמייסין, מען האט אים געשמיסען, ער הט זיך ניט מודה גיוועזן, האט דער שופט גיפרעגט דעם גנב דו האסט קינדער, האט דער גנב גיזאגט איך האב איין זוהן, ער איז אלט צעהן יאהר, דער שופט האט געהייסין מען זאל ברייגגען דעם זוהן, מען האט גענומען דעם קינד שמייסין, דער קינד ווייס גאר ניט פאר וואס מען שמייסט אים, ער שרייט צום פאטער, דער פאטער האט ניט גיקענט פארטראגין דעם צער פון דעם קינד הט ער זיך מודה גיוועזן אויף דיא גנבה, נאכדעם האט מען גיפרעגט דעם גנב פאר וואס ווען מען האט דיך געשלאגין האסטו זיך ניט מודה גיוועזן אונ ווען מען האט דיין זוהן גישלאגין האסטו זיך מודה גיוועזן? האט דער גנב גיזאגט איך וועל אייך זאגין ווען איך בין געגאנגען גנבנן האב איך געטראכט אין הארצין וויפיל יסורים מען וועט מיר טאן זאל איך ניט מודה זיין, דריבער ווען מען האט מיך גישלאגין האט דאס שלאגין גאר נים דערוועקט מיין הארץ מודה צו זיין, ווייל איך האב מיך געריכט אויף דעם שלאגין, אבער אז מען וועט שלאגין מיין זוהן פון מיינעטוועגין, דארויף האב איך מיך ניט פארגעברייט, דאריבער באלד וויא איך האב גיהערט זיין אונשולדיגע שרייען האב איך גענוזט מודה זיין, ווייל יעדער מענש קען פארטראגין זייניגע שמערצין אונ ניט דיא שמערצין פון זיין קינד• דאס זעלביגע איז גיוועזן ביי דיא עקדה, אברהם אונ יצחק האבין געוויס אלע טאג גיזאגט דעם פסוק ואהבת את ה' אלהיך, זאלסט ליב האבין הקב"ה, בכל לבבך ובכל נפשך, מיט דיין גאנצין קערפער [מיט אלע מיני יסורים] אונ מיט דיין גאנצין לעבין, דריבער זיינען אברהם אונ יצחק אייביג גיוועזן גרייט אוועק צו געבין זייער לעבין ווען הקב"ה וועט הייסין, איז ביי אברהם גיוועזן אקלייניגקייט צו גיין אין דעם פייער פון נמרוד, אונ ביי יצחק איז גיוועזן אקלייניגקייט צו זיין אקרבן אויף דעם מזבח, נאר אז הקב"ה וועט זאגין צו אברהם ער אליין זאל שעכטין זיין זוהן [נאך די אלע נסים וואס הקב"ה האט גיטאן צו זיין זוהן'ס גיבארין ווערין] דאס איז קיין מאהל נים גיוועזן אין די גידאנקען פון אברהם'ן, דריבער איז ער קיין מאהל גיוועזן צוגעגרייט צו אזוי אזאך, פון דעסטוועגין ווען הקב"ה האט אים געהייסין נעמען זיין זוהן פאר אקרבן איז ער שוין גיוועזן גרייט דאס צו טאן מיט גרויס שמחה, די פראבע האט נאר געקענט זיין ביי אברהם'ן ניט ביי יצחק'ן, אונ דס איז סאקי גיוועזן אפראבע •

אֲלֵיכֶם׃ וַיִּקַּח אַבְרָהָם אֶת־עֲצֵי הָעֹלָה וַיָּשֶׂם עַל־יִצְחָק בְּנוֹ וַיִּקַּח
בְּיָדוֹ אֶת־הָאֵשׁ וְאֶת־הַמַּאֲכֶלֶת וַיֵּלְכוּ שְׁנֵיהֶם יַחְדָּו׃ וַיֹּאמֶר יִצְחָק אֶל־
אַבְרָהָם אָבִיו וַיֹּאמֶר אָבִי וַיֹּאמֶר הִנֶּנִּי בְנִי וַיֹּאמֶר הִנֵּה הָאֵשׁ וְהָעֵצִים
וְאַיֵּה הַשֶּׂה לְעֹלָה׃ וַיֹּאמֶר אַבְרָהָם אֱלֹהִים יִרְאֶה־לּוֹ הַשֶּׂה לְעֹלָה בְּנִי
וַיֵּלְכוּ שְׁנֵיהֶם יַחְדָּו׃ וַיָּבֹאוּ אֶל־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר אָמַר־לוֹ הָאֱלֹהִים וַיִּבֶן

## מעשה אלפס

וְאַיֵּה הַשֶּׂה לְעוֹלָה? • יצחק פרעגט דעם פאטער וואו איז די שעפעלע צום אפפער? די געשיכטע איז אטייערער בילד פאר אונזער יוגענד • שטעלט זיך פאר, איינגער בוים, בלוט אונ מילך, אין דיא רעכטע בליהענדע יאהרין אין איינציגער זאהן, בייא אזעלכע רייכע אונ גראססארטיגע עלטערין, איינער אין אוועלט, סיי אין תורה אונ סיי אין גדולה (נשיא אלהים), ווען ער דארף שליסען אפארטיי, וועלכע פעדער איז אים שטאנדע אויס צו מאלין זיין זיסע פאנטאזיע, וועלכע שטעלט זיך אים פאר, וויא ער וועט יעצט נעמען די גרעסטע שיינהייט אונ די העכסטע גוטהערציגע, ער וועט זיין דער גליקליכסטער אין דער וועלט, וואו ער גייט אונ וואו ער שטייט דוכט זיך אים אז אלע פייגעלאך זינגען פאר אים אונ די גאנצע וועלט טאנצט פאר אים, אונ בעזונדער יעצט בעת דער פאטער מאכט מיט אים אלוסט רייזע צום הר המוריה, מקריב זיין אקרבן • ער קען גוט זיין פאטער, אז ווען ער גייט מקריב זיין אקרבן, מהסתם בגרייט ער זיך פאר צו אוויכטיגע זאך, אונ ווען ער פירט אים אויך מיט, מהסתם איז די זאך אים אויך בעלאנג, היינט וואס קען זיין אזוי וויכטיג אונ אים אויך בעלאנג, וויא זעהען אפארטיי פאר אים, דא קען זיך אים גאר פארשטעלין אז נאך דעם קרבן וועט מען זיך בעגעגנען מיט א־יחותן אונ אפשר אויך מיט די בעשערטע, אקשיא אויף אמעשה, קיין קינדטלער איז ניט אים שטאנד אב צו ריסעווען אזא זיסע פאנטאזיע • מיט אמאל ווען ער פרעגט דעם פאטער וואו איז די שעפעלע צום אפפער? אונ אברהם ענטפערט, מיין קינד! דו זעלבסט ביסט די שעפעלע, בלייבט ער גלייכגילטיג וויא געוועזן, אונ לאזט זיך בינדען אונ לייגען אויפ'ן מזבח, אונ וויא די חכמי המדרש שרייבין, אז ער האט נאך געבעטין דעם פאטער ער זאל אים פעסט בינדין, פיללייכט מחמת שרעק פון דלף וועט ער זיך אצאפיל טאן אונ בעריהרין דעם כבוד פון פאטער, אה. אזא אדילקייט אונ אזא גראסמוטה איז זיך גאר ניט פאר צו שטעלין • דאס איז אגרויסער פראטעסט געגין אונגארטיגן פיהרונג פון אונזער יוגענד, אז לבד וואס זיי פאלגען ניט זייערע עלטערין ווען זיי לערנען זיי צו גוטין, ווילין זיי נאך אז זייערע עלטערין זאלין מבטל זיין זייער רצון געגין זייער קלענסטין נארישען

קאפריז • איך רייד ניט וועגין פראסטין יוגענד, זייער קליינע קעפעלע, פארנעמט קיין הויכען גידאנקען, איך רייד נור מיט אונזער געבילדעטען יוגענד, וואס קענען גוט רעכענען, וויל איך זיי אויפגעבין אקליינע אויפגאבע • אין ווייטע לענדער איז געשטארבין אמיליאנער, האט זיך געשריבין אין די צייטונגען, וואו עס געפינט זיך א יורש, זאל קומען נעמען ירושה, געוויס האט זיך יעדער איינציגער גינומען אויסרעכענען, פיללייכט איז ער אשטיקל שייכות מיט'ן פערשטארבענעם מיליאנער • אונ מ'האט זיך גינומען לאזין מארבע פינות העולם בעטין ירושה • די וואס האבין גיבראכט ריכטיגע דאקומענטין, אז זיי שטאמען פון דער פאמיליע, אדער זייער גיזיכט איז ענהליך צום בילד פון מיליאנער, די האבין בעקומען זייער טייל ירושה • אבער די וואס האבין ניט קיינע דאקומענטין אונ אויך ניט קיין ענהליכקייט זיינען אוועק בבושת פנים • דאס גלייכען איז מיט אונז • די אבות הקדושים האבין איבערגילאזין אין הימעל־קאסטע אגרויסין זכות פאר זייערע יורשים (ווייל פאר'ן לעבין האבין זיי ווייניג פארצערט דעם זכות פון זייערע פיל מעשים טובים), אונ מיר ווענדין זיך צום אוצר המלך • מען זאל אונז איינהיילען אחלק ירושה, וויא מיר בעטין וזכר לנו אהבת הקדמונים אברהם יצחק כו', פאדערט מען בייא אונז דאקומענטין, צום צייכין אז מיר שטאמען פון זיי, היינו צו זיינען מיר רחמנים, ביישנים, גומלי חסדים, היינט לאמיר זיך ניט נארין, וואו איז אונזער בושה, וואס מיר האבין פון זיי בירושה? וואו איז אונזער ענהליכקייט צו אונזער פאטער יצחק? וואס האט צובראכין אונ מבטל געוועזן זיין זיסע פאנטאזיע, געגין איין וואורט פון זיין פאטער, אונ מיר געבילדעטע ווילין ניט נאכגעבין אונזער קלענסטין קאפריז, געגין די טרערין פון אונזערע עלטערין, בארעכינט פיל פארלירט איר מיט דעם, אזא גראסארטיגע ירושה פון אונזערע רייכע עלטערין • אלזא, מיינע טהייערע, וועלכע פארברענגין אלע פרימארגין פיל צייט, שטיין אנטקעגין שפיגעל אונ פוצין זיך, ביז איר זייט עובר קריאת שמע, שפארט אביסעלע צייט פון פוצין זיך געגין גלעזערנעם שפיגעל אונ קוקט בעסער אריין אין ליכטיגען שפיגל פון פרשת עקידה, פוצט זיך אין אים, איר זאלט זיין שיין, אונ געפינען חן, בעיני אלהים ואדם •

עֹשֶׂה בְרֵאשִׁית. בָּרוּךְ, מְרַחֵם עַל הָאָרֶץ. בָּרוּךְ מְרַחֵם עַל הַבְּרִיּוֹת. בָּרוּךְ, מְשַׁלֵּם שָׂכָר טוֹב לִירֵאָיו. בָּרוּךְ, חַי לָעַד, וְקַיָּם לָנֶצַח. בָּרוּךְ, פּוֹדֶה וּמַצִּיל, בָּרוּךְ שְׁמוֹ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, הָאֵל, הָאָב הָרַחֲמָן, הַמְהֻלָּל בְּפֶה עַמּוֹ מְשֻׁבָּח וּמְפֹאָר בִּלְשׁוֹן חֲסִידָיו וַעֲבָדָיו, וּבְשִׁירֵי דָוִד עַבְדֶּךָ, נְהַלֶּלְךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ, בִּשְׁבָחוֹת וּבִזְמִרוֹת, וּנְגַדֶּלְךָ, וּנְשַׁבֵּחֲךָ, וּנְפָאֶרְךָ, וְנַמְלִיכְךָ וְנַזְכִּיר שִׁמְךָ,

### פירוש ע"ט

זאך און טוט עס באלד ברוך גילויבט איז דר וואס איז גוזר איין זאך און איז מקים. גילויבט איז דער וואס דער בארימט זיך איבער דעם לאנד. גלויבט איז דר וואס דר בארימט זיך איבער די בשעפענעס. גלויבט איז דער וואס בעצאלט איין גוטען לוין צו די וואס פארכטין זיך פר אים ברוך גלויבט איז דער וואס לעבט אייביג און גדויערט אייביג. גלויבט איז דער וואס לייזט אוים און איז מציל איטליכין מענשין פון איין צרה. גלויבט איז זיין נאמען: ברוך גלויבט ביסטו גאט אונזער גאט קיניג פון דער וועלט גאט דער בארימהערציגר פאטער דר וואס איז גלויבט אין מויל פון זיין פאלק ער איז גלויבט און באשיינט אין שפראך פון זיינע פרומע און זיינע קנעכט און מיט די גיזאנג פון דיין קנעכט דוד המלך עליו השלום וועלין מיר דיך לויבין גאט אונזער גאט מיט לויבונג און מיט גיזאנג וועלין מיר דיך גרויס מאכין און מיר וועלין דיך לויבין און מיר וועלין דיך באשיינען און מיר וועלין דר מאנען דיין נאמען און מיר וועלין מאכען דיך

### מעשה אלפס

קדשים" טרעט אב פון אידין בעת זיי זיינען אונריין פון זינד, נאר די מדרגה פון אוהל מועד (קודש) בלייבט און רוהעט מיט זיי אפילו בעת זיי זיינען אונריין, זיי אב צו היטען פון אונגליק און משפיע זיין זייערע נויטווענדיגע הצטרכות. דרום בעטין מיר, אז די מצוה וואס מיר גייען יעצט טאן וויא תפילין לייגען אדער דאווענען, זאל אויף אונז ווירקען און ריין מאכין פון די שלעכטע גידאנקען און הייליגען אונז (אשר קדשנו במצותיו), אז עס זאלין צוזאמען קומען ביידע מדות, אור התורה פון קודש קדשים (קודשא בריך הוא) און נר מצוה פון אוהל מועד (שכינה) זיך משתעשע זיין מיט אונז, דאס איז זייער אהויכע מליצה להסביר את האזן, אזוי וויא בעת דער קינד איז ציכטיג און דיא מוטער האלט אים אויפ'ן האנד איז זיך דער פאטער אויך מתקרב, זיך משתעשע זיין מיט אים. (בשם הגאון ר"ח מולאזין).

מרחם על הארץ. וואס איז דיא אורזאכע וואס איר נעמט קיין מאל נִיט קיין ארימאן ביים טיש, ניט שבת ניט יום טוב, דאכט זיך איר זייט גאר ניט אזוי קארג? (אזוי פרעגט איינער ביים צווייטין) דיא ארימע לייט ריכטין איין דיא גיוועקסטע דילין (ענטפערט ער). דאס איז אגוטער סימן אז איר פארשטייט ניט וואס איר דאווינט. (זאגט יענער) מיר לויבין דעם בורא, ער איז א מרחם על הארץ און פון דעסט וועגין איז ער אויך א מרחם על הבריות און איר זייט נאר א מרחם על הארץ אויף דיא געוועקסטע דילין און דורך דעם האט איר קיין רחמנות ניט על הבריות נעמען איין ארעמאן צום טיש.



קיניגן

מַלְכֵּנוּ אֱלֹהֵינוּ · יָחִיד · חֵי הָעוֹלָמִים · מֶלֶךְ מְשֻׁבָּח וּמְפֹאָר · עֲדֵי עַד · שְׁמוֹ הַגָּדוֹל: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ מֶלֶךְ · מְהֻלָּל בַּתִּשְׁבָּחוֹת:

שַׁבָּת, יוֹם טוֹב, עֶרֶב פֶּסַח, חוֹל הַמּוֹעֵד פֶּסַח וְעֶרֶב יוֹם כִּפּוּר זָאגְט מֶען דָס נִיט:

מִזְמוֹר לְתוֹדָה הָרִיעוּ לַיְיָ כָּל הָאָרֶץ: עִבְדוּ אֶת יְיָ בְּשִׂמְחָה בֹּאוּ לְפָנָיו בִּרְנָנָה: דְּעוּ, כִּי יְיָ הוּא אֱלֹהִים, הוּא עָשָׂנוּ, וְלוֹ (ולא כ׳) אֲנַחְנוּ עַמּוֹ · וְצֹאן מַרְעִיתוֹ: בֹּאוּ שְׁעָרָיו, בְּתוֹדָה, חֲצֵרוֹתָיו בִּתְהִלָּה הוֹדוּ לוֹ בָּרְכוּ שְׁמוֹ: כִּי טוֹב יְיָ, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ וְעַד דֹּר וָדֹר, אֱמוּנָתוֹ:

שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב אוּנ הוֹשַׁעְנָא רַבָּה זָאגְט מֶען דִיא מִזְמוֹרִים:

לַמְנַצֵּחַ מִזְמוֹר לְדָוִד: הַשָּׁמַיִם מְסַפְּרִים כְּבוֹד אֵל וּמַעֲשֵׂה יָדָיו, מַגִּיד הָרָקִיעַ: יוֹם לְיוֹם יַבִּיעַ אֹמֶר, וְלַיְלָה

## מעשה אלפס

מגיד הרקיע צוא פארשטיין דיא כונה פון כפל הלשון „שמים" אונ „רקיע" „כבוד אל" אונ „מעשה ידיו" וועלין מיר ברייגגען וואס אונזערע געטליכע פהילאזאפען שרייבען, ווען דער מענש וויל קומען צוא דיא אמתע מדרגה פון אהבת הבורא ב"ה אונ האבין עהרענפורכט פאר אים, זאל ער גוט בעטראכטין דיא וואונדערליכע בעשאפונג פון דער וועלט, די מיליארדין פערשידענע בריאים, אלע זארטין, חיות, עופות, פיינעלאך, אלע זארטין גראזין, בלומען, בוימער, פרוכטין, פון יעדער צומח, פון יעדער חי קען מען ערשטוינט ווערען בעטראכטענדיג דיא חכמה נפלאה וואס ליגט אין זייא יעדער בריאה איז וויא א מלאך וואס זאגט שירה צוא דעם הייליגען באשעפער וויא דוד המלך זאגט מיט אפאיעדיגען געפיל „מה רבו מעשיך ה'"! וויא פיל אונ ערהאבען זיינען דיינע ווערק, דוא הער גאט! אלעס

האסטו

## בית ישראל

קיניגין אויף אונז אונזער קיניג אונזער גאט: יחיד דער איינציגער דאס לעבונג פון דער גאנצער וועלט דער קיניג דער וואס איז גלויבט אונ באשיינט אויף אימער אונ אייביג איז זיין גרויסער נאמען בעקאנט: ברוך גילויבט ביסטו גאט דער קיניג וואס איז געלויבט מיט לויבונג:

מזמור לתודה, אלויב געזאנג פיר דעם וואס דארף ברייגגען א קרבן תודה, (אראנק אפפער) שאלט געזאנג צו גאט, איר אלע וועלט איינוואהנער עבדו דינט גאט מיט שמחה, קומט פאר אים (אין זיין הייליגן הויז)

מיט פריידיגנזיאנג, דעו ערקענט דאס נור דער באשעפער איז דער פיהרער פון דער וועלט. ער האט אונז בעשאפען אונ צוא אים געהערין מיר, זיין פאלק זיינען מיר אונ די שאף וואס ווערין פון אים געשפייזט: בואו דארום קומט אריין אין זיינע הייליגע הויזערין מיט דאנק, אין זיינע הייפין מיט לויבגעזאנג, דאנקט אים אונ לויבט זיין נאמען: כי דען גוט איז דער באשעפער, עוויג איזט זיין חסד, נור בתנאי אז אין יעדער דור זאל מען זיך האלטין אן דיא אמונה. מען זאל גלויבען אז ער איז דער באשעפער אונ דער פיהרער:

למנצח אגיזאנג צו דוד: השמים די הימלען ערציילן גאטעס עהרע, אונ זיינע האנד ווערק מאכט בעקאנט דער רקיע, (הימיל פערשפרייטונג וואו דיא אטמאספהערע ענד גט זין (זעה מעשה אלפס) יום פון איין טאג צום צווייטין קוועלט דיזע ערצעהלונג אונ איין

 נאכט

לַלַּיְלָה, יְחַוֶּה דָּעַת: אֵין אֹמֶר, וְאֵין דְּבָרִים, בְּלִי נִשְׁמָע
קוֹלָם: בְּכָל הָאָרֶץ, יָצָא קַוָּם, וּבִקְצֵה תֵבֵל מִלֵּיהֶם, לַשֶּׁמֶשׁ

## בית ישראל

נאכט צוא דיא צווייטע ערקלערט דיזע וויסענשאפט, וואס פון טאג ווערט אלעס דער גאנגען די טיפקייט פון חכמת הבורא וואס דאס ערציילט זיין גרויסקייט אונ ביי נאכט בעת מען איז רוהיג פון טרדות אונ ליגענדיג אויפען גילעגער דארף מען בעטראכטין וויסענשאפט פון גאטעס וואונדער: אין אונ דיא ערציילונג (וואס דיא הימיל ערציילט גאטעס עהרע) איז ניט אין דער שטיל עס איז ניטא קיין ווארט אונ קיין רעדע וואס אין זייא ווערט ניט גיהערט די שטימע פון דיא וואונדערליכע בריאה, יעדער בלומעלע יעדער בוימעלע וואס וואקסט פון די ווארימקייט פון דיא זון אונ די איבעריגע הערשאפט פון הימיל, שרייט אויס מיט אהויכע שטימע דיא גרויסקייט פון באשעפער אונ זיין חכמה: בכל אונ אויך ניט אין איין ארט איז זייער ערציילונג נור אין דער גאנצער וועלט ציט זיך פאנאנדער זייער (מאגנעט) שנור וואס אלע פלאנעטין זיינען ארום דיא ערד אונ ציהען איר צו פון אלע קאנטין אונ זיא היינגט אין מיטין מיט דעם רצון פון בורא עולם, אונ אין ענדע וועלט (וואו מענטשין בעזיצען) ציהט זיך זייערע ווערטער וואס אלע ברואים ערקענען אונ ערציילין דיא חכמה נפלאה פון יוצר בראשית: לשמש צו די זון האט ער גימאכט איין גיצעלט אין הימל

## מעשה אלפס

האסטו בעשאפען מיט גרויס חכמה. נור ווייל דער מענטש איז צו פיל צו גיוואוינט מיט די צמחים אונ ברואים פון דיא ערד, האט דער הרגל אויס גילאשן זיינע התפעלות. דרום זאגט דוד המלך „השמים מספרים כבוד אל" דער הימל גיוועלב ערציילט גאטעס עהרע אויף דעם ארט וויא דער נביא זאגט שאו מרום עיניכם! הייבט אויף אייערע אויגין אין דער הויך, צוא קוקען דיא געטליכע וואונדער פון הימל, דיא זאהנע, דיא לבנה, דיא אלע מיליאנען שטערין וועלכע בעלייכטען דיא גאנצע וועלט אונ גיבען ווארימקייט אונ שפייז קראפט אין אלע צמחים. ווען דער מענטש בעטראכט דיא גבורות הבורא ב"ה, וואס ער האט דאס אלעס איין גיארדינט מיט גרויס חכמה. פאלט אויף אים אהיליגער שרעק פאר דעם באשעפער. אונ אום דוא זאלסט ניט מיינען, אז דער בורא האט דאס נור איין מאל בעשאפען אונ פון דענסט מאל אן מישט ער זיך ניט אין דעם פיהרונג פון דער וועלט, וויא א אינזינער וואס האט אויס געבויט אפאלאץ אונ איז נאכהער אוועק אין אויסלאנד. אונ דער פאלאץ פירט זיך אן אים, דרום זאגט אונז דוד המלך ניין מיין קינד! דוא זאלסט ניט רעכענען אז דער באשעפער האט איבער גיגעבין דיא הנהגה פון דער וועלט צו די טבע (נאטור). וויא דען? אזוי וויא ער אליין איז דער „בורא" אזוי איז ער אויך דער „מנהיג". דיא בריאה איז שטענדיג „מעשה ידיו" ער האלט איר אין האנד אונ האט איר ניט ארויס גילאזין פון זיינע הענד. דעם נייעס וואס איז אונז זייער אינטערעסירט אונ נייטיג צו וויסין (מגיד) זאגט אונז דער „רקיע" (דער הימל פערשפרייטונג) וואס ביז דארטין איז דא לופט צום אטהעמען פיר אלע בעשעפעניש, פון דארטין אונ העכער איז דער לופט צוא ארעל וואס מיר קענען דארטין ניט לעבין אונ ביז דארטען גייען ארויף דיא וואלקנס, אונ דארטין ווערט דער רעגין מיטין האגיל, פון דעם רעגין זעהען מיר אז דער בורא האט ניט איבער גיגעבין דיא הנהגה צוא דיא נאטור. מיט דער נאטור דארף גיין רעגין ווען עס פאדערט, אונ אין דיא ערטער וואו עס איז נעהענטער צו טייכען צוא ימים, ווייל דיא זון ציהט ארויף דיא וואסער אין דער הויך אונ עס ווערט פון דעם וואלקנס, אונ דיא פראקטיקע ווייזט אנדערס, עס גייט אוועק פיל ווארעמע צייטין וואס גייט ניט אמאל רעגין אונ פיל צייטין גיט וויס רעגינט אן אין או פהער, אונ פיל צייטין טרעפט אז דער הימל ווערט באדעקט מיט וואלקנס, אס ענדע קומט אווינד אונ טראגט זייא אוועק, פון דאס אלעס זעהען מיר, אז עס איז דא אווירט וואס ארדענט אלעס, אז מען פארדינט ניט מען דעם רעגין אין דער צייט אונ אויף דיא ערטער וואו מען דארף. וויא אין אונזער קאנטראקט שטייט אם בחוקותי תלכו ונתתי גשמיכם בעתם, אונ דאס זעלבע איז געשריבן אין קורצין קאנטראקט וואס מיר זאגין אלע טאג והיה אם שמע תשמעו אל מצותי ונתתי מטר ארצכם בעתו, אונ ווען מיר חלילה קערין אפ פון גאטין ווערט ועצר את

# שָׂם, אֹהֶל בָּהֶם׃ וְהוּא כְּחָתָן יֹצֵא מֵחֻפָּתוֹ, יָשִׂישׂ כְּגִבּוֹר לָרוּץ אֹרַח׃ מִקְצֵה הַשָּׁמַיִם, מוֹצָאוֹ, וּתְקוּפָתוֹ עַל קְצוֹתָם,

## מעשה אלפס

הַשָּׁמַיִם וְלֹא יִהְיֶה מָטָר • מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה • אַזוֹי וִויא דוּא מֶענְשׁ נֶעמְסְט דִיא גוּטֶע כּוֹחוֹת וָואס גָאט הָאט אַיין גִיפְלַאנְצְט אִין דִיר לְקִיּוּם הָעוֹלָם, צוּם בַּיישְׁפִּיל רַחֲמָנוּת הָאבִּין אוֹיפִין צְווייטִין וּפְשִׁיטָא אוֹיף וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער • אוּנ אַז דוּא פַארְדִינְסְט אַרוֹבִּיל אוּנ דַיין הוֹיז אִיז וַויים דַארְפְסְטוּ אוֹיף עֶסִין פוּן אִים אַפּעֶרְטִיל אוּנ דְרַיי פֶערְטִיל בְּרֵיינְגֶען אַהֵיים פִיר דַיין פַאמִילְיֶע וֶוען אָבֶּער דוּא פַאר טְרִינְקְסְט אַלֵיין דַיין גַאנְצִין רוּבִּיל, אוּנ דֶעם כֹּחַ פוּן זָארְגִין פַארִין צְווייטִין, וָואס דוּא קֶענְסְט אִים נִיט פַאר לֶייקְנִין, בַּאנוּצְטוּ אִים אִין אַפִּינְקְטֶערִין אָרְט דוּא הֵייסְט גֶעבִּין אַשְׁנַאפְּס אַפְּלַאס בִּיר נָאךְ אַזוֹלְכֶע שִׁכּוֹרִים וִויא דוּא, אוּנ דַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער הוּנְגֶערִין הָאכְטוּ פַאר טְרַאגִין דַיין רֶעגִין דִיא הַשְׁפָּעָה פוּן דַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנ דִיא פֶעלְד (דַיין פְּרוֹי) וָואס וַוארְט אוֹיף דֶעם רֶעגִין וֶוערְט פַאר בְּרֶענְט אוּנ פַאר טְרִיקֶענְט אָדֶער וֶוען דוּא נֶעמְסְט דֶעם מַעֲשֵׂר (צֶענְטֶע טֵייל) פוּן דַיין פֶערְדִינְסְט וָואס מְ'דַארְף מִיט דֶעם שְׁטִיצֶען יְשִׁיבוֹת אוּנ תַּלְמוּד תּוֹרָה'ס אוּנ גִיסְט אוֹיס אִין וִוייסְטֶע אוּנ לֶעהֶרֶע זַאכֶען וִויא קָארְטִין אוּנ טֶעאַטְעֶרִין אָדֶער אַנְדֶערֶע לוּקְסוּסִין אוּנ אוֹיף הַחֲזָקַת הַתּוֹרָה ווִילְסְטוּ נִיט גֶעבִּין, דָארְטְ'ן זָאל זַיין חָרֵב, פִירְט דֶער בּוֹרֵא מִיט אוּנְז אוֹיךְ אַזוֹי • עֶר לָאזְט דִיא פֶעלְדֶער פַאר טְרִיקֶענְט וֶוערִין אוּנ הֵייסְט דֶער ווִינְט זָאל פַאר טְרָאגִין דִיא וָואלְקִינְס אִין דֶער מִדְבָּר, דֶערִיבֶּער רוּפֶען דִיא חז"ל „גְבוּרוֹת גְשָׁמִים" ווייל פוּן דֶעם רֶעגִין זֶעהֶען מִיר פַאקְטִישׁ אַז זַיין שְׁלִיסִיל אִיז נִיט אִיבֶּער גִיגֶעבִּין צוּא דִיא נַאטוּר, נוּר בַּיים בּוֹרֵא ב"ה אִין הַאנְד אוּנ עֶר נִיט נוּר נָאךְ דִיא מַעֲשִׂים פוּן מֶענְשִׁין, אָדֶער דוּרךְ דִיא תְּפִלּוֹת פוּן צַדִיקִים (בעי רחמי ואתי מטרא) זֶעהֶען מִיר דִי גְבוּרוֹת פוּן הַשי"ת, אַז עֶר אַלֵיין אִיז דֶער בַּאשֶׁעפֶער אוּנ

אליין

## בית ישראל

הִימִל וָואס פוּן אִיר גֵייט אַרוֹיס לִיכְטִיגְקֵייט אוּנ לֶעבִּין צוּם כַּדוּר הָאָרֶץ, סַייא צוּ דִיא צְמָחִים אוּנ סַייא צוּ בַּעֲלֵי חַיִּים, אוּנ דֶער בּוֹרֵא הָאט פַאר אָרְדֶענְט אִיר גַאנְג מִיט אַזַא וואוּנְדֶערְלִיכֶע חָכְמָה, אַז עֶס זָאל זִיךְ שְׁפְּרֵייטִין אִיר לִיכְטִיגְקֵייט אוּנ וַוארִימְקֵייט אִין אַלֶע זַייטִין פוּן דִיא עֶרְד׃ והוא דִיא זוּן הָאט צְווייא גֵיינְג אִיהר יֶעהְרְלִיכֶער גַאנְג אִיז פוּן מַעֲרָב צוּ מִזְרָח, נוּר דֶר טֶעגְלִיכֶער גַאנְג שְׁלֶעפְּט אִיר צוּרִיק פוּן מִזְרָח צוּא מַעֲרִיב אִיבֶּער גְוַואלְד, וִויא אַחָתָן אִיז גִיצְוואוּנְגֶען אַרוֹיס צוּ גֵיין פוּן זַיין חוּפָּה קַאמֶער, אָבֶּער דֶעם יֶעהְרְלִיכִין גַאנְג גֵייט זִיא מִיט מוּטָה אוּנ פְרֵייד וִויא אַהֶעלְד לוֹיפְט אִין אַזַייטִיגֶע וֶועגֶעלֶע פוּן שְׁטְרַייט אַרוֹם צוּרִינְגְלֶען דֶם שׂוֹנֵא׃ מקצה ווייל זִיא הָאט צְווייא וֶועגִין, אִיז הַגַּם אִיר אוֹיף גַאנְג אִיז פוּן עֶנְדֶע הִימִיל דָאךְ גֵייט זִיא נִיט אוֹיפִין גְלַייכִין שְׁנוּר (קו המשוה) נוּר זִיא רִינְגִילְט אַרוּם אוֹיף דִי זַייטֶען וֶועלְט צוּא צָפוֹן אוּנ דָרוֹם דָאס ווייזְט אוֹיף דִיא גְרוֹיסֶע חָכְמָה פוּן בַּאשֶׁעפֶער, וֶוען זִיא וָואלְט גִיגַאנְגֶען שְׁטֶענְדִיג אוֹיפִין גְלַייכֶען שְׁנוּר וָואלְט דִי עֶרְד נִיט קֶענֶען זַיין בַּאזֶעצְט ווייל אוֹיפִין קו הַמַּשְׁוֶה בְּרֶענְט שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנ צוּ דִי זַייטֶען וָואלְט אַר נִיט צוּ קוּמֶען אִיר וַוארִימְקֵייט, אָבֶּער דוּרךְ דֶעם וָואס אִיר קְרַייזְלוֹיף אִיז אָן אַזַייט צוּא צָפוֹן אוּנ

דרום

## פנינים יקרים

לָרוּץ אֹרַח דִיא צְווייא גֵיינְג פוּן דִיא זוּהן (זֶעהֶע אִין בִּיאוּר) אִיז אַמּוּסַר הַשֵּׂכֶל פַארִין מֶענְשִׁין, וֶוען אוֹיךְ דֶער יֶעהְרְלִיכֶער (נַאטִירְלִיכֶער) גַאנְג פִירְט דֶעם מֶענְשִׁין אַרָאפּ פוּן דִיא גְרַאדֶע וֶועג אִין אַזַייטִיגֶע שְׁטֶעגֶעלֶע פוּן מַעֲרָב (וָואס דָארְטִין רוּהְט דִיא שְׁכִינָה) אַנְטְלוֹיפִין צוּ מִזְרָח (וואוּ עֶס שַׁיינְט דִיא זוּהן פוּן הַצְלָחָה) דָאךְ דַארְף זַיין שֵׂכֶל אוֹיס רֶעכֶענֶען אַז דָאס אִיז קֵיין תַּכְלִית, פַאר בְּרֵיינְגֶען זַיין לֶעבִּין דוּרךְ אִין הֶבֶל אוּנ מֶען מוּז זִיךְ אָנְשְׁטְרֵיינְגֶען אַלֶע טָאג גֵיין צוּא רִיק פוּן מִזְרָח צוּ מַעֲרָב וואוּ דִיא שְׁכִינָה רוּהְט, אָבּ צִיהֶען דֶעם גִידַאנְקֶען פוּן דִיא הַבְלֵי הַזְּמַן אוּנ אַרַיין צִיהֶען אִים אִין גֶעפִיהל פוּן תּוֹרָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים, וִויא דָוִד הַמֶּלֶךְ זָאגְט חִשַּׁבְתִּי דְרָכָי אִיךְ הָאבּ שְׁטֶענְדִיג בַּאטְרַאכְט מַיינֶע וֶועגִין וואוּ דִיא אֱמֶת'ע וֶועג אִיז, וָאָשִׁיבָה רַגְלַי אוּנ הָאבּ אָבּ גִיצוֹיגִין מַיינֶע פִיס פוּן זֵייעֶר גִיוואוֹינְלִיכֶען גַאנְג וָואס זֵייא זַיינֶען גִיוואוֹינְט צוּ לוֹיפִין בְּעִסְקֵי הַחוֹמֶר אוּנ פַאר קֶערְעֶוועט זֵייא אֶל עֵדוֹתֶיךָ צוּ דִיא וֶועג פוּן דֶער תּוֹרָה׃

וְאֵין נִסְתָּר, מֵחַמָּתוֹ: תּוֹרַת יְיָ, תְּמִימָה, מְשִׁיבַת נָפֶשׁ, עֵדוּת
יְיָ נֶאֱמָנָה, מַחְכִּימַת פֶּתִי: פִּקּוּדֵי יְיָ יְשָׁרִים, מְשַׂמְּחֵי לֵב,
מִצְוַת יְיָ בָּרָה, מְאִירַת עֵינָיִם: יִרְאַת יְיָ, טְהוֹרָה עוֹמֶדֶת לָעַד,
מִשְׁפְּטֵי יְיָ אֱמֶת, צָדְקוּ יַחְדָּו: הַנֶּחֱמָדִים, מִזָּהָב וּמִפַּז רָב,

## בית ישראל

דָרוּם איז קיין אָרְט ניט פאר בָּארְגִין פון איר וואריקייט אונ דער גאנצער כדור קאן באזעצט ווערין אונ דאס באצייגט אויף די פּעוּלָה פון אַחָ"ם וואס האט איר בעשאפין צו אתכלית: תורת עס איז אָבער דא אהעכערע וועג צוא ערקיננען דעם בשעפער, דאס איז דורך דעם אור התורה, איר ערקענונג איז אַפָּאלקאמע פון איר וויים מען אויך עניָנים רוחניים וויא נבואה אונ תורה מן השמים אונ עניָנים פון דעת נשמה וויא זיא קערט זיך נאכין טויט אין אוצר פון עוויגין לעבן: עדות די ערצייליגען פון דער תורה זיינען ריכטיג, זייא מאכין קלוג אפילו דעם קליינעם בר דעת, ער זעהט וויא גאט באשטראפט דיא רשעים וויא דעם דור המבול דיא לייט פון סדום, פון מצרים אונ דאס גלייכען, אונ זיין השגחה אויף דיא צדיקים וויא דיא אבות הקדושים אונ יוסף הצדיק אונ ד. ג. אונ פון דיא גאנצע היסטאריע פון יציאת מצרים זעהט מען אז השי"ת ענדערט דיא נאטור אונ טוט וואונדער, אונ פון "מעמד הר סיני" לערינט מען, אז אמענש קען דער לאנגען צו אזא הויכע מדרגה וויא "נבואה" איז: פקודי ה' דער טייל פון מצות וואס רופט זיך "פקודים" (דאס איז דיא שלש רגלים וואס אין זייא איז "בעהאלטין" דער אנדיינקונג פון אמונה, וויא דר בורא האט אונז אויס גילייזט פון מצרים אונ גישפייזט פערציג יאר אין אַוויסטין מדבר, אונ גירעט מיט אונז פערזענליך די עשרת הדברים, זיינען רעכט פארטיג אונ ערפרייען דיא הארץ פון דעם וואס איז זייא מקיים: ערינסט מצות ה' גאטעס גיבאט איז לויטער אונ ליכטיג, יעדער מצוה האט איר ציל אויס אדלען דעם הבקטר אונ בעגליקען די זעלע, זייא ערלייכטען די אויגען, זייא לערנען רחמנות אונ גנעדיגקייט אונ אלע גוטע זיטין דער מענש זאל לעבין גליקליך אונ צוא פרידען אויף דער וועלט: יראת ה' די פארכט פר גאט ווען זיא איז ריין האט זיא אבעשטאנד אויף עוויג: משפטי ה' דער מענטשליכער שכל איז ניט אומשטאנד אב צו שטעלין ריכטיגע משפטים, עס זאל שטימען מיט די גירעכטיגקייט. אויך איז ער ניט אומשטאנד אב מעסטין דעם שטראף ריכטיג נאך דיא זינד אבער דיא גאטליכע מצות וואס הייסין "משפטים" (ריכטען) שטימען מיט דיא נאטירליכע



## מעשה אלפס

אַליין דער מנהיג וואס דאס איז דער ערשטער עיקר פון דיא דרייצעהן עיקרים "אני מאמין באמונה שלמה" איך גלויב מיט אריינע הארץ, מיט אריינעם געפיהל שהבורא ית"ש הוא "בורא ומנהיג" לכל הברואים והוא לבדו עשה ועושה ויעשה לכל המעשים. דאס איז דיא כוונה "השמים" דיא הימל מיט אלע אירע העררשאפט, ערציילען דעם כבוד פון בעשעפער, דאס הייסט. אז מיר זעהען דיעם הערליכען וועלט=פאלאין מיט דיא וואונדערליכע עלעקטרישע פלאמען, וואס אין אים ליכט, דיא זוהן מיט אלע פלאנעטען, זעהען מיר וואס פאר אוואונדערליכער חכם, איין אינזינער האט דאס אלעס געאָרדענט, אבער ווער איבערצייגט אונז אז ער איז אויך דער פיהרער? אז דאס איז מעשה ידיו, ער האלט דאס נאך אין האנט? דאס זאגט אונז דער "רקיע" וואס דארטען גייען ארויף דיא וואלקינס צוא גיין רעגין אויף דער וועלט.

וּמְתוּקִים, מִדְּבַשׁ, וְנֹפֶת צוּפִים: גַּם עַבְדְּךָ, נִזְהָר בָּהֶם, בְּשָׁמְרָם עֵקֶב רָב: שְׁגִיאוֹת מִי יָבִין, מִנִּסְתָּרוֹת נַקֵּנִי: גַּם מִזֵּדִים חֲשׂךְ עַבְדֶּךָ, אַל יִמְשְׁלוּ בִי, אָז אֵיתָם, וְנִקֵּיתִי מִפֶּשַׁע רָב: יִהְיוּ לְרָצוֹן אִמְרֵי פִי, וְהֶגְיוֹן לִבִּי לְפָנֶיךָ, יְיָ צוּרִי וְגֹאֲלִי: רַנְּנוּ צַדִּיקִים, בַּייָ לַיְשָׁרִים, נָאוָה תְהִלָּה: הוֹדוּ לַייָ בְּכִנּוֹר בְּנֵבֶל עָשׂוֹר, זַמְּרוּ לוֹ: שִׁירוּ לוֹ, שִׁיר חָדָשׁ הֵיטִיבוּ נַגֵּן, בִּתְרוּעָה:

## מעשה הגדולים

רַנְּנוּ צַדִּיקִים בה׳ לַיְשָׁרִים נָאוָה תְהִלָּה. דֶער מַעֲשֶׂה הַגְּדוֹלִים שְׁרַייבְּט, אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיז גִיוֶועזֶען אַ זָקֵן אַגְרוֹיסֶער גְבִיר אוּנ צוּ דִיא עֶלְטֶער הָאט עֶר גִיהַאט אַבֵּן יָחִיד, אַ מַתְמִיד אִין לֶערְנֶען אוּנ מִיט אַגוּטֶען חַאראַקְטֶער. אוּנ הָאט זִיךְ גוּט גִלֶערְנְט, וֶוען דָאס קִינְד אִיז גִיוָואַרְן זִיבֶּעצֶען יָאהר אִיז עֶר גִיוֶועזֶען בֶּקִיאוּת אִין שַ״ס מִיט אַלֶע פּוֹסְקִים, דֶעמָאלְט הָאט אִיהם דֶער אַלְטֶער פָּאטֶער גִיוָוארְן זַיינֶע גִישֶׁעפְטֶען, אוּנ גִילֶערְנְט אֵיינִיגֶע שְׁפְּרַאכֶען, עֶס אִיז גִיקוּמֶען דֶער טָאג וָואס דֶער פָּאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט עֶר דָאס עֶרְשְׁטֶע גַאנְצֶע יָאהר גִילֶערְנְט תּוֹרָה זֶעהר פִיל, פִיר אַ אַנְדֶערְקוּנְג צוּ זַיין פָּאטֶער׳ס נְשָׁמָה, אוּנ עֶטְוָואס זִיךְ גִימִישְׁט אִין גִישֶׁעפְט, נָאךְ דֶעם הָאט עֶר גֶענוּמֶען מִיט זִיךְ פִיל גֶעלְד, אוּנ אִיז אַרוֹיסְגִיפָארְן אוֹיף דִיא וֶועלְט זֶעהֶען וָואס עֶס טוּט זִיךְ אוֹיף א ר, עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין דִיא קֵיזֶערְלִיכֶע שְׁטָאט, וִויא עֶר גֵייט אַרוֹיס אִין דִיא גַאסֶען, זֶעהט עֶר אִין אֵיין גַאס הֵיינְגְט אוֹיף אַ קֵייט אַ אַייזֶערְנֶער קַאסְטֶען, אוּנ זֶעלְנֶער

מיט

## בית ישראל

גִירֶעכְטִיגְקֵייט אוּנ שְׁטִימֶען אוֹיךְ צוּ זַאמֶען, עֶס אִיז נִיט דֶער וִוידֶער אֵיין מִשְׁפָּט דֶעם צְווייטֶען: חנחמדים וֶוער עֶס הָאט זוֹכֶה גִיוֶועזֶען צוּ פִילֶן אַגִישְׁמַאק אִין דִיא תּוֹרָה וּמִצְוֹת זַיינֶען זַייא בַּייא אִים לִיבְּלִיכֶער פוּן גוּטֶע גָאלְד אוּנ זִיסֶער פוּן הָאנִיג: גם אוֹיךְ אִיךְ וָואס הָאבּ פִיל גָאלְד אוּנ אוֹצְרוֹת מְלָכִים אוּנ הָאבּ פַארְזוּכְט דֶעם טַעַם פוּן עוֹלָם הַזֶה, דָאךְ הִיט אִיךְ פֶעסְט דִיא תּוֹרָה וּמִצְוֹת פִיל מֶער פוּן תַּעֲנוּגֵי עוה״ז, וַוייל תַּעֲנוּגֵי הָעוה״ז אִיז נוּר זִיס אוֹיף אַקְלֵיין וַוײלֶע אָבֶּער פַארְן הִיטֶן תּוֹרָה וּמִצְוֹת עֶרְוַוארְטֶעט מֶען אַגוּטֶע עֶנְדֶע: שגיאות וֶוער קֶען פַאר שְׁטֵיין זִיךְ אוֹיס הִיטֶן פוּן אַיין אִירְטְהוּם וָואס מֶען פַאלְט אַרַיין אִין אַזִינְד נִיט ווִילֶענְדִיג דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיר רֵיינִיג מִיר פוּן פֶערְבָּארְגֶענֶע זִינְד: גם אוּנ וַוייל אֵיין עֲבֵירָה צִיט דִיא אַנְדֶערֶע, קֶען מֶען הָלִילָה פוּן אַיין אִירְטְהוּם קוּמֶען טָאן מוּטְהְוִוילִיג, בֶּעט אִיךְ דִיר דוּא זָאלְסְט מִיר אָבְּהַאלְטֶין פוּן מוּטְהְווִילִיגֶע זִינְד אוֹיךְ הִיט מִיר אוֹיס פוּן הֶעכְסְט פֶערְדָארְבֶּענֶע מֶענְשִׁין וֶועלְכֶע בֶּעמִיהֶען זִיךְ שְׁטֶענְדִיג צוּ פֶערְפִיהְרֶען דֶעם צְווייטֶען אִן אַשְׁלֶעכְטֶע וֶועג. זַייא זָאלִין נִיט הֶערְשִׁין אִיבֶּער מִיר דַאן וֶועל אִיךְ גַאנְץ זַיין אִין אִידִישְׁקֵייט אוּנ וֶועל רֵיין זַיין פוּן גְרוֹיסֶע פֶערְבְּרֶעכֶען: יהיו עֶס זָאל וָואהל גִיפֶעלִיג זַיין דִיא וֶוערְטֶער פוּן מַיין מוֹיל וָואס אִיךְ בֶּעט אוֹיס הִיטִין מִיר פוּן פֶערְדָארְבֶּענֶע לַייט אוּנ דִיא גִידַאנְקֶען פוּן מַיין הֶערְצִין זָאל זַיין בֶּעווִילִיגְט פוּן בֶּעשַׁאפֶן אַרַיינֶע הֶערְץ אוּנ מַיין עֶרְלֵייזֶער, גָאט! מַיין בַּאשֶׁעפֶער קָאנְסְטוּ מִיר עֶרְלֵייזֶען פוּן מַיינֶע זִינְד:

רַנְּנוּ אִיר צַדִּיקִים זִינְגְט אוּנ פְרֵייט זִיךְ מִיט גָאט דֶען נוּר פַאר עֶהְרְלִיכֶע אִיז שֵׁאן (פַּאסֶענְד) צוּ לוֹיבִּין גָאט: הודו דַאנְקְט גָאט אוֹיף דֶער פִידֶעל, אוֹיף דִי כְּלֵי־זֶמֶר מִיט צֶעהְן קְלַאנְגֶען שְׁפִּילְט פַאר אִים: שירו זִינְגְט פַאר אִים נַאיֶע גִיזַאנְג

כִּי יָשָׁר, דְּבַר יְיָ וְכָל מַעֲשֵׂהוּ, בֶּאֱמוּנָה: אֹהֵב, צְדָקָה וּמִשְׁפָּט חֶסֶד יְיָ, מָלְאָה הָאָרֶץ: בִּדְבַר יְיָ, שָׁמַיִם נַעֲשׂוּ וּבְרוּחַ פִּיו, כָּל צְבָאָם: כֹּנֵס כַּנֵּד, מֵי הַיָּם נֹתֵן, בְּאוֹצָרוֹת תְּהוֹמוֹת: יִירְאוּ מֵיְיָ, כָּל הָאָרֶץ מִמֶּנּוּ יָגוּרוּ, כָּל יֹשְׁבֵי תֵבֵל: כִּי הוּא אָמַר, וַיֶּהִי הוּא צִוָּה, וַיַּעֲמֹד: יְיָ הֵפִיר, עֲצַת גּוֹיִם הֵנִיא, מַחְשְׁבוֹת עַמִּים: עֲצַת יְיָ, לְעוֹלָם תַּעֲמֹד מַחְשְׁבוֹת

## בית ישראל

מיט פריינדליכע געזעלשאפט: כי דען גאטעס ווארט איז גערעכט אונ יעדע ווערק זיינע איז מיט וואהרהייט: אוהב ער ליבט צדקה אונ גערעכטיקייט מיט גנאדע עס גאנצע איז פול די וועלט: בדבר דורך גאטעס ווארט איז די הימלען מיט אלע זייערע הערשאפט באשאפען געווארען: וגם ער זאממעלט אויף וויא א וואנד די וואסער פון ים (וויא ביי קריעת ים סוף), ער שפארט איין אין פערזאמלונגס ערטער די אבגרונדען: ייראו פארכטעט פאר גאט איהר גאנצע וועלט, ציטערט פאר איהם אלע וועלט בעוואהנער: כי ווייל נור ער (גאט) האט געזאגט א ווארט אונ עס איז אלעס געווארען אונ ער באשטאנד פון אלעס איז נור דורך זיין באפעהל, אונ אהן באפעהל קאן קיין זאך ניט זיין ווען אויך אלע נאראדין פון דער וועלט זאלין דאס באשטימען קען גאט צו שטערין זייער פלאן אונ זייערע געדאנקען: עצת נור גאטעס ראטה־שלום אונ גוטע געדאנקען אבאשטאנד אימער

## מעשה הגדולים

מיט געוועזען היטען דאס, ער פרעגט ביי דיא זעלנער וואס דאס איז, שרייען זיי אונ טרייבען איהם אוועק, ער האט געגעבין א גרויסע מטבע דיא זעלנער, זייא האבען איהם דערצייללט די מעשה פון דעם אייזערנעם קאסטען, אונ וואס זייא היטען איהם, ביי דעם קייזער איז געוועזען א יודישער קאנטארציק זעהר איין ערענטליכער מענש אונ האט פיל געשעפטין מיט איהם געמאכט ביז דיא הויף לייט האבין אויף דעם קאנטארציק פיל פאר דעם קייזער אנגערעדט, דאס ער האט אגרויסין קאפיטאל אן נייגנבת פון דיא רייכס באנק, דער קייזער האט גערופין צו זיך דעם קאנטארציק אונ האט צו אים געזאגט, גיב מיר א חשבון פון אלע געשעפטין וואס דו האסט ביי מיר געמאכט אין דער גאנצער צייט, דער קאנטארציק איז שטארק ערשראקען געווארען, דען ווער קען בעווייזין א חשבון פון אלענגערער צייט, פון אסך צעהנדלינגער יאהרין צוריק, ער האט זיך שטארק פונאנדער געוויינט פאר דעם קייזער אונ פיל געבעטין רחמים, אבער אלעס אומזיסט, דער קייזער האט איהם ארויס געגעבין א שטראפע, דאס ער זאל איין צאהלען א גרויסע סומע געלד, וועלכע זאגאר זיין גאנצעס פערמעגען איז קיין צעהנטיל דער פון אויך ניט ווערט געוועזן, עס האט ניט געהאלפין זיין פיל וויינען אונ בעטין גנאדע, דער קייזער האט בעפאהלען מען זאל איהם טויטען אונ זיין קערפער ניט בריינגען צו קבר ישראל ביז מען וועט איהם בעצאהלען דיא געלד אין דיא רייכס באנק, אונ האט געהייסען אים אין אייזערנעם קאסטען אויפהיינגען אויף קייטען אין מיטען גאס. וויא דער יונגער מאן (דער בן יחיד) האט דאס געהערט פון דיא זעלנער איז ער גלייך אוועק אין קייזערס פאלאץ אונ זיך געמעלדען, דאס ער האט געהאט א געהיימניס (א סוד) צו רידען מיט דעם קייזער, אונ דער קייזער האט איהם געגעבין א ערלויבניס אריין צו קומען, אונ דער הויף מיניסטער האט איהם פאר געשטעלט, אונ איז אריין צום קייזער מיט א שיינע ברכה אשיינעם אויסדרוק פאר וועלכעם ער האט שטארק נושא חן געווען, פרעגט איהם דער קייזער וואס ער פערלאנגט. ער ענטפערט איך פערלאנג פון זיין קייזערליכער מאיעסטעט דיא גנאדע דאס מען זאל בריינגען צו קבר ישראל דעם קאנטארציק וואס הענגט אויף דיא אייזערנע קייטען אין מיטען גאס, אונ איך בעצאהל דיא סומע געלד אין רייכס באנק, דעם קייזער איז שטארק געפעלין זיינע רייד, אונ פרעגט ביי איהם וואס נאך פערלאנגסט דוא? זאגט ער איך בעט פון דיר דוא זאלסט ארויס געבין א בעפעהל דאס אלע יודען פון דיין רעזידענץ שטאט זאלען אלע גיין מלוה זיין צו דעם בית עולם נאך דעם קאנטארציקס לויה, דער קייזער האט גלייך ארויס געגעבין א בעפעהל דאס דעם קאנטארציק זאל מען בריינגען צו קבר ישראל אונ אלע יודען פון שטאט זאלען גיין צו דיא לויה. מען קען זיך פארשטעלען וואס פאר א לויה דער

קאנטארציק

לִבּוֹ, לְדֹר וָדֹר: אַשְׁרֵי הַגּוֹי, אֲשֶׁר יְיָ אֱלֹהָיו, הָעָם, בָּחַר, לְנַחֲלָה לוֹ: מִשָּׁמַיִם, הִבִּיט יְיָ, רָאָה. אֶת כָּל, בְּנֵי הָאָדָם: מִמְּכוֹן שִׁבְתּוֹ הִשְׁגִּיחַ אֶל, כָּל יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ: הַיֹּצֵר יַחַד לִבָּם הַמֵּבִין, אֶל כָּל מַעֲשֵׂיהֶם: אֵין הַמֶּלֶךְ, נוֹשָׁע בְּרָב חָיִל גִּבּוֹר, לֹא יִנָּצֵל בְּרָב כֹּחַ: שֶׁקֶר הַסּוּס לִתְשׁוּעָה וּבְרֹב חֵילוֹ, לֹא יְמַלֵּט: הִנֵּה עֵין יְיָ, אֶל יְרֵאָיו לַמְיַחֲלִים לְחַסְדּוֹ: לְהַצִּיל

## בית ישראל

אימער אונ עוויג: אשרי דרום איז וואהל דיא פאלק וואס גלויבט אין עוויגין גאט, אונ גליקליך איז דאס פאלק ישראל וואס גאט האט אים אויסערוויילט צום ערבֿ״ הייל פיר זיך דאס הייסט ער האט זייא צו גיפירט צום הר סיני אונ גיגעבען זיין תורה: משמים אין הימיל בליקט גאט ער זעהעט אויף אלע מענשען: ממכון פון זיין רעסטין וואהנונג אי ער משגיח אויף אלע ערד בע וואהנער: היוצר דער וואס האט בעשאפען אלע זייערע הערצער דער פערשטייט אויף אלע זייערע מעשים: אין אקעניג ווערט ניט גיהאלפען דורך פיל מיליטער קיין העלד ווערט ניט גירעטעט דורך פיל קראפט: שקר פאלש איז אויך דער פערד צו הילף ווען אויך ער האט פיל קראפט קען ער ניט רעטען זיין רייטער: הנה נור גאטעס אויג בליקט אויף דיא וואס פירכטין פאר אים, אונ האפין צו זיין גנאדע: להציל צו רעטען פון טויט זייער

## מעשה הגדולים

קאנטארציק האט גיהאט, דאס אפילו קליינע קינדער זאלען ניט פערבלייבען אין דער היים. אויף דעם בית עולם האט דער יונגער מאן געזאגט אגרויסען הספד וועלכער האט געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף דעם קייזער מיט אלע זיינע שרים, דער קייזער האט אהם א גרויסען כבוד אב גיגעבין אונ מיט איהם פערבראכט פיל צייט, ער האט גיבעטין ביי דעם קייזער פאר'ן כלל ישראל, האט איהם דער קייזער גיזאגט נעמען ביי אייך יונגע; געפינען זיך אזעלכע מענשען מיט ווארעמע געפיהלען וויא איר, שווער איך ביי מיין טראן אז איך וועל זיי נוטשעם טאן. פון דיא רעזידענץ שטאט איז דער יונגער מאן ווייטער גיפארען אונ זיך פערזאמט איינגע יאהרען ביז ער האט זיך בעשלאסען אהיים צו פאהרען אין ירושלים, צו זיין רייכע ירושה, וועלכע דער אלטער פעטער האט איהם געלאזן. ער איז געפארען אויף א שיף אויף דעם ים א צייט, איין מאל איז גיווארין א שרעקליכער שטורעם ווינד, אונ דיא שיף איז צו שלאגין געווארין, אונ אלע מענשן זיינען דערטרונקען געווארען אונ דער יונגער מאן איז אויך מיט אלע אריין אין ים, עס האט שוין געהאלטען ער זאל אויך דערטרונקען ווערין, איז פלוצלונג אונטער געקומען צו איהם א גרויסער באלקין שווימענדיג, ער האט זיך גלייך גיזעצט אויף דעם באלקין אונ געשוואומען ביז צום ברעג ים אונ איז געקומען צו דער יבשה, ער האט גאט געדאנקט פאר דעם נס, אבער ער האט אויך שטארק געוויינט, וואס ער ווייס ניט וואו זיך צו קערין, אונ האט ניט וואס צו עסין, וואס וועט זיין דער סוף?

גראדע אין דיא מינוט זעהט ער א גרויסען ווייסען אדלער פליהט אונ שטעלט זיך אב נעבין איהם, ער האט זיך שטארק דערשראקען, דער אדלער איז געשטאנען א צייט מעהר פון א שעה אונ דאס אלין געמאכט מיט די פליגלען, אם ענדע האט ער פערשטאנען דאס דער אדלער פערלאנגט דאס ער זאל זיך זעצען אויף איהם, אונ אז דאס איז א שליח פון הימעל אים צו רעטען, ער האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל אונ האט געזאגט רבש"ע! וויא דוא האסט מיט מיר געטאן נסים ביז יעצט, אזוי זאלסטו מיט מיר ווייטער טאן, אונ ער האט זיך געזעצט אויף דעם אדלער אונ אין א קליינע צייט פון איינע שטונדען נעהמט ער אז ער איז שוין אין ירושלים ביא זיין הויף, דער אדלער האט זיך אבגעשטעלט, אונ איז גלייך פערשוואונדען געווארען, אונ ער איז געבליבען שטיין ביא זיין טויער אין דער פינסטער, דערזעהט ער א מענש אנגעטאן אין ווייסען שטייט ביא דעם טויער איז ער שטארק ערשראקען געווארען, אונ דער ווייסער מענש זאגט צו איהם ליבער פריינד! שרעק זיך גאר ניט, איך בין דער קאנטארציק פון דיא קייזערליכע רעזידענץ שטאט וואס דוא האסט מיט מיר געטאן א חסד של אמת דער פאר האב איך דיר מציל געווען פון טויט, דער באלקין אין ים אונ דער ווייסער אדלער דאס אלעס בין איך געווען דיך צו רעטען, וואויל איז צו דיר אויף

מִמָּוֶת, נַפְשָׁם וּלְחַיּוֹתָם, בָּרָעָב: נַפְשֵׁנוּ, חִכְּתָה לַיְיָ עֶזְרֵנוּ, וּמָגִנֵּנוּ
הוּא: כִּי בוֹ, יִשְׂמַח לִבֵּנוּ כִּי בְשֵׁם קָדְשׁוֹ, בָטָחְנוּ: יְהִי חַסְדְּךָ יְיָ,
עָלֵינוּ כַּאֲשֶׁר, יִחַלְנוּ לָךְ:

לְדָוִד, בְּשַׁנּוֹתוֹ אֶת טַעְמוֹ, לִפְנֵי אֲבִימֶלֶךְ וַיְגָרְשֵׁהוּ, וַיֵּלַךְ: אֲבָרְכָה
אֶת יְיָ, בְּכָל עֵת תָּמִיד, תְּהִלָּתוֹ בְּפִי: בַּיְיָ, תִּתְהַלֵּל נַפְשִׁי

## בית ישראל

זייער לעבין אונ צו ערנערין זייא אין
הונגער צייט: נפשנו אויך אונזער זעלע
האפט צו גאט, ווייל אונזער הילף אונ
בעשיצער איז ער: כי נור מיט אים פרייט
זיך אונזער הארץ ווייל אין זיין הייליגען
נאמען פערזיכערין מיר זיך: יהי עס זאל
זיין דיין גנאדע גאט! איבער אונז,
וויא מיר האפין צו דיר:
לדוד אלויב פון דוד, אלעס ער האט
פאר ענדערט זיין פערשטאנד פאר
אבימלך (דער קעניג פון לשתים), האט
אים אבימלך ארויס גיטריבין אונ דוד איז

## מעשה הגדולים

דיא וועלט אונ דיין שכר איז זעהר פיל אויף יענער
וועלט, דיין ארם איז צוגענייט צווישען דיא גרעסטע
צדיקים וחסידים. דער יונגער מאן איז ביז זיין טויט
גיוועזן א עשיר גדול, ער האט געלערנט תורה טאג
אונ נאכט מיט גרויס קדושה ויראת שמים, זיינע
צדקות זיינען גיוועזן מפורסם אין גאנץ ירושלים
ער האט זוכה גיוועזן צו זעהן דרייא דורות ביי זיין
לעבען, צדיקים עוסקים בתורה אונ גרויסע עשירים,
זייא האבין אלע פיל צדקה געגעבין אונ גוטעס געטאן.
דאס איז דער פסוק רננו צדיקים בה' אויף איהם
געזאגט געווארען, איר צדיקים פרייט זיך מיט דיא
הילף פון גאט, „לישרים" נאר צו אזעלכע ארענטליכע
לייט „נאוה תהלה" פאסט מען זאל זייא לויבען אונ
דערמאנען צוא גוטען, זכותו יגן עלינו:

אוועק פון אים (זעה מעשה אלפס): אברכה איך וועל לויבין גאט אין יעדער צייט (אפילו
ווען מיר גייט ניט גוט) ווייל שטענדיג איז זיין לויב אין מיין מויל (פיר זיין השגחה), איז
געוויס דיא שלעכטע צייט אויך לטובה: בה' דורך דעם בורא'ס הילף ריכט זיך מיין
זעלע, זאלין דאס הערין דיא פרומע אונ זיך פרייען. נאך אכוונה איז, מיין זעלע

## מעשה אלפס טוט

בשנותו את טעמו. אז מען איז גיאגט פון אקיסר גיטאן אז דא איז ניט גוט, אז ער איז פארין קעניג
איז דיא וועלט איינג. דוד בעת ער איז אליין אויך אביי אין האז, האט ער זיך גימאכט משוגע
גיוועזן גיאגט פון שאול המלך איז אים גאנץ ארץ אונ האט אן גישריבן אויף דיא טויערין פון שטאט אז
ישראל גיוועזן איינג אונ איז אנטלאפן צום קעניג פון דער קייזער איז אים שולדיג פיל געלט, האט זיך דער
פלשתים האבין גיזאגט דיא שרים פון פלשתים צו זייער קייזער אבגירופען צו זיינע שרים, עס פעלט אונז דען
קעניג דאס איז דאך דער דוד וואס האט גיהארגעט משוגעים אז איר האט מיר גיבראכט אנאייעם משוגע
אונזער גרויסען העלד „גלות הפלשתי" ערשט איז ער דא? איז געוויס נים דוד, דוד איז גיוועזן אגאנץ קלוגער,
ביי אונז אין האנט לאמיר אים פטרן, ענטפערט זייא טריבט אים דורך פון שטאט, דער ציילט דער פסוק
דער קעניג, וואס האט איר צוא אים? גלית האט בעת מען האט אים ארויס גיטריבין איז ער „גינאנגען"
דאך אזוי אב גימאכט מיט אידין, אויב ער וועט הרגענן דאס הייסט ער איז נים גילאפען אין דעם ליגט אשכל,
זייער העלד (וועלבין זייא וועלין אויס קלייבין צוא מען דער ציילט אז אונזער מענש שטייענדיג ביין
שטרייטין מיט אים), וועלין אידין דארפין זיין קנעכט פריזיוו האט זיך גימאכט טויב, בכדי מע זאל איהם
צו פלשתים, אונ אויב דר אידישער העלד וועט הרגנען באקורין, דער פי־א־שציק איז גיוועזן אקלוגער טראכט
אונזער העלד וועלין מיר זיין ביי זייא קנעכט. ער ביי זיך איך וועל באלד וויסין דיא ריכטיגקייט
ענטפערין דיא שרים, אז יוא אזוי אז דוא קוקסט אויפין אויב ער איז באמת טויב אדער ער מאכט זיך נר, זאגט
אב־מאך דארפסטו דאך אב טרעטין דיין כסא המלוכה ער צוא אים „נייא אהיים"! יענער האט גיהאפט
אונ דוד זאל זיך זעצין אויף אים, דוד האט אבליק גישווינד אונ איז אראפ גילאפין פון פיאם, האט



ער

יִשְׁמְעוּ עֲנָוִים, וְיִשְׂמָחוּ: גַּדְּלוּ לַיְיָ, אִתִּי וּנְרוֹמְמָה, שְׁמוֹ יַחְדָּו: דָּרַשְׁתִּי אֶת יְיָ, וְעָנָנִי וּמִכָּל מְגוּרוֹתַי, הִצִּילָנִי: הִבִּיטוּ אֵלָיו, וְנָהָרוּ וּפְנֵיהֶם, אַל יֶחְפָּרוּ: זֶה עָנִי קָרָא, וַיְיָ שָׁמֵעַ וּמִכָּל צָרוֹתָיו, הוֹשִׁיעוֹ: חֹנֶה מַלְאַךְ יְיָ, סָבִיב לִירֵאָיו, וַיְחַלְּצֵם: טַעֲמוּ וּרְאוּ, כִּי טוֹב יְיָ אַשְׁרֵי הַגֶּבֶר, יֶחֱסֶה בּוֹ: יְראוּ אֶת יְיָ, קְדֹשָׁיו כִּי אֵין מַחְסוֹר, לִירֵאָיו: כְּפִירִים, רָשׁוּ וְרָעֵבוּ

## מעשה אלפים

ער געהייסען אים גלייך אוס קעהרען, דוד איז אבער ניט געלאפען בעת מען האט אים ארויס געטריבען דיא גאנצע וועג פון פלשתים ביז וואנען ער איז געקומען אין גרענעץ פון ארץ ישראל איז ער געגאנגען געלאסען, גלייך וויא א משוגענער וואס פארשטייט גאר ניט וואס מען רעדט צו אים. אין גרענעץ פון ארץ ישראל האט ער דאן אן געהייבען צו גיין גיך ביז מערת עדולם. אונ דאן האט ער געלויבט דעם בורא מיט דעם מזמור. דער מדרש זאגט אז דוד המלך האט בעטראכט דיא כאראקטערען פון מענשען, האט ער זיך געוואונדערט אויף פיל כוחות הנפש וואס דער בורא האט באשאפען צו וואס נוצין זייא? צום ביישפיל גאוה אונ משוגעת צו וואס איז דאס? יעצט האט דיא פראקטיקע איהם געוויזן, אז אלעס נוצט. דער מענש איז וויא אין אפטייק, וואס דארטען געפינט זיך אלע געפערליכע סם, נור ווען מען באנוצט דאס אין דער צייט אונ אין דער מאס, ווערט פון אלע מעדיצין, צו ראטיען מענשען, דרום האט ער געזאגט „בה׳ תתהלל נפשי" מיין נפש מוט שטם לציירען וואס איך האב אזא פאטער אין הימל, דאס הייסט, אז אפילו דער משוגעת פון גאוה ווען מען באנוצט אים אין דער צייט, זיך צו רעטען פון שלעכטע (זינדיגע) מענשען אדער פון שלעכטע מעשים היינו וויא אזוי פאסט דאס פאר מיר, איך איד וואס איך בין פון דיא אתה בחרתני׳קעס, סגולה מכל העמים בנים למקום. זאל איך זידלען, גיין שכורין גיין הלילה זאגין פאלשע עדות, הנדלען מיט גנבות? אונ נאך אזעלכע מיאוסע זאכין דאס איז דאך נאך מיין אידישען שטאט אגרויסע שאנד אדער בעת אידין גייען אין שוהל מקבל זיין דעם הייליגען שבת זאל איך נאך שטיין אין קראם אדער אין מארק אונ טארגעווען. דאס איז דאך פאר מיר דער גרעססער בזיון. אזא זארט גאוה איז שוין גאר קיין משוגעת, „ישמעו ענוים וישמחו" „ענוים" וואס פאר האסען גאוה, גיפעלט דאס אויך זייער:

## בית ישראל

טוט זיך ריהמען מיט גאט, איך שטאלציר אז איך האב אזא פאטער אין הימיל, וואס איז משגיח אויף מיר, אונ מיין נשמה איז א טייל פון אים, אונ אזא זארט גאוה מעגין אויך הערין די ענוים אונ זיך פרייען, גדלו ערצייהלט דיא גרויסקייט פון גאט מיט מיר, אונ צו זאמען זאלין מיר זיין נאמען הויך ערהייבען: דרשתי איך האב געבעטין גאט אונ ער האט מיר געענטפערט אונ פון אלע מיינע שרעק האט ער מיר גירעטעט: הביטו דיא וואס בליקען נור צוא אים לויכטען זייא אונ זייער געזיכט ווערט ניט פארשעמט, זייא זאגין מיט שפאלין באטראכט נור וויא בטחון אין גוט, דיזער ארעמער וויא ער האט גירופין האט אים גאט באלד ערהערט אונ פון אלע זיינע ליידען דאט ער אים געהאלפין קענגין מיר פון דעם נעמען צקל וחומר, אז דיא גאטס פארכטיגע דארפין גאר ניט שרייען פון אירה, ווייל עס רוהט שטענדיג ארום זייא איין שליח פון גאט אונ שבארקט זייא וויא בעוואפענטע מיט געווער: טעמו פאר זוכט נור וועט איהר זעהען וויא גוט איז גאטעס וועג. גליקליך איז דער מענש וואס פאר טרויט זיך אויף אים: יראו פירכטעט זיך פאר גאט איר זיינע הייליגע, ווייל קיינע מאנגיל האבין, די וואס פירכטין זיך פאר אים: כפירים דיא לעמפערטין ווען זיי ווערין ארים (פון דיא מיטלען צו באקומען זייער שפייז) הונגערין זיי אונ דאס גלייכין די וואס לייקענען אן גאט ווען זיי פארלירין דיא נאטירליכע מיטלען הונגערין זייא. אבער דיא וואס פארשטין צוא גאט ווען

וְדֹרְשֵׁי יְיָ, לֹא יַחְסְרוּ כָל טוֹב: לְכוּ בָנִים. שִׁמְעוּ לִי יִרְאַת יְיָ, אֲלַמֶּדְכֶם:
מִי הָאִישׁ, הֶחָפֵץ חַיִּים אֹהֵב יָמִים, לִרְאוֹת טוֹב: נְצֹר לְשׁוֹנְךָ, מֵרָע
וּשְׂפָתֶיךָ, מִדַּבֵּר מִרְמָה: סוּר מֵרָע, וַעֲשֵׂה טוֹב בַּקֵּשׁ שָׁלוֹם, וְרָדְפֵהוּ:
עֵינֵי יְיָ, אֶל צַדִּיקִים וְאָזְנָיו, אֶל שַׁוְעָתָם: פְּנֵי יְיָ, בְּעֹשֵׂי רָע, לְהַכְרִית
מֵאֶרֶץ, זִכְרָם: צָעֲקוּ, וַיְיָ שָׁמֵעַ וּמִכָּל צָרוֹתָם, הִצִּילָם: קָרוֹב יְיָ,
לְנִשְׁבְּרֵי לֵב וְאֶת דַּכְּאֵי רוּחַ, יוֹשִׁיעַ: רַבּוֹת רָעוֹת צַדִּיק וּמִכֻּלָּם, יַצִּילֶנּוּ

## בית ישראל

אֲפִילוּ זַייא וֶוערִין אָרוּם (פוּן נַאטִירְלִיכֶע מִיטְלֶען) פַאר לָאזְט זֵיי אוֹיךְ גָאט נִיט אוּנ עֶס פֶעלְט זַייא נִיט וָואס פַאר זֵיי אִיז גוּט: לכו גֵייט אַייךְ קִינְדֶער צוּ אַייעֶר אַרְבֶּעט, אִין אַייעֶרֶע גִישֶׁעפְטִין, נֶעמְט נוּר אַרַיין אִין גִידַאנְקֶען מַיינֶע רֵייד אִיךְ וֶועל אַייךְ לֶערְנֶען גָאטֶעס פָארְכְט, דִיא תּוֹרָה פַארְלַאנְגְט נִיט מֶען זָאל אַוֶועק וַוארְפִין יִשּׁוּב הָעוֹלָם אוּנ אַנְטְלוֹיפִין אִין מִדְבָּרִיוֹת, וִויא נְזִירִים פוּן אַנְדֶערֶע אוּמוֹת טוּעֶן, אִיךְ וֶועל לֶערְנֶען גָאטֶעס פָארְכְט אֲפִילוּ פַאר דֶעם וָואס וִויל לֶעבִּין: נצור גָאטֶעס פָארְכְט פֶערְלַאנְגְט נוּר דוּ זָאלְסְט הִיטִין דֶעם צוּנְג פוּן שְׁלֶעכְטֶע רֵייד אוּנ דַיינֶע לִיפֶּען פוּן פַאלְשְׁקֵייט: סור גָאטֶעס פוֹרְכְט פֶערְלַאנְגְט דוּא זָאלְסְט אוֹיס וַוייכֶען שְׁלֶעכְטֶעס אוּנ טָאן גוּטֶעס אוּנ דָאס קֶען נוּר גִישֶׁעהֶן וֶוען דוּא בִּיסְט צְוִוישִׁין מֶענְשִׁן דַאן קֶענְסְטוּ טָאן שְׁלֶעכְטֶעס אוּנ מִיט דַיין פְרַייעֶן ווִילִין זָאלְסְטוּ זִיךְ אוֹיס הִיטִין פוּן שְׁלֶעכְטֶעס, אָבֶּער נִיט אִין

## מעשה אלפס

רַבּוֹת רָעוֹת צַדִּיק, צוּפַארְשְׁטֵיין וָוארוּם בַּיין צַדִּיק שְׁטֵייט „רָעוֹת" בִּלְשׁוֹן רַבִּים אוּנ בַּיין רָשָׁע שְׁטֵייט „רָעָה" בִּלְשׁוֹן יָחִיד, וָועלִין מִיר עֶס עֶרְקְלֶערִין מִיט אַיין מָשָׁל, צְוֵוייא אַרְבֶּעטֶער זַיינֶען אַיין מָאל אַרָאפּ גִיפַאלִין פוּן אַדַאךְ, מֶען הָאט זֵיי גִיבְּרַאכְט אִין קְלִינִיק דֶער פְּרָאפֶעסָאר הָאט בַּאטְרַאכְט דֶעם וָואס הָאט זִיךְ אֵיינִיגֶע וואוּנְדִין גִימַאכְט אוּנ זָאגְט אִים, שְׁרֶעקְט זִיךְ נִיט אִיךְ פֶערְאָרְדִין אַייךְ אַזַאלְבּ צוּ לֵייגִין אוֹיף דִיא וואוּנְדִין אִיר וֶועט אַפִּילוּ אַבִּיסְל שְׁמֶערְצִין לַיידִין אָבֶּער קֵיין גִיפַאר, דֶער צְוֵוייטֶער הָאט זִיךְ פוּן אוֹיבֶּען גָאר נִיט צוּ שְׁלָאגִין אוּנ דָאךְ הָאט דֶער פְּרָאפֶעסָאר אִים אַזוֹי וִויא עֶנְטְזָאגְט, אִיז דָאס בַּייא אַלֶעמֶען גִיוֶוען אַגְרוֹיסֶער וואוּנְדֶער, אָבֶּער דֶער וָואס פַארְשְׁטֵייט אִיז דָאס זֵייעֶר רִיכְטִיג, בַּיין עֶרְשְׁטֶען אִיז אַלֶע בֵּיינֶער גִיבְּלִיבִּין גַאנְץ, עֶר הָאט זִיךְ נוּר צוּ רִיסִין פוּן אוֹיבִּין דִיא לַייבּ, אָבֶּער דֶער צְוֵוייטֶער וֶוען אוֹיךְ דִיא לַייבּ אִיז בַּייא אִים גַאנְץ הָאט עֶר זִיךְ אָבֶּער צוּ בְּרָאכֶען אַבֵּיין אוּנ עֶר מוּז בְּלַייבִּין אַקְיילֶיקֶע, דָאס גְלַייכִין וֶוען דֶער מֶענְשׁ פַאלְט אַרָאפּ פוּן זַיין אִידִישֶׁען מַצָּב אוּנ עֶר צוּ וואוּנְדִיגְט זִיךְ מִיט עֲבֵירוֹת וֶוען אָבֶּער דִיא בֵּיינֶער בְּלַייבִּין גַאנְץ, דָאס אִיז דִיא עִקְרֵי הַדָּת, דִיא דְרַייצֶעהן אֲנִי מַאמִינְס זַיינֶען בַּייא אִים פֶעסְט, עֶר גְלוֹיבְּט אַז עֶס אִיז דָא אַגָאט וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִיא וֶועלְט אוּנ עֶר פִירְט דִיא וֶועלְט, עֶר גְלוֹיבְּט אַז דִיא תּוֹרָה אִיז מִן הַשָּׁמַיִם, דֶער בּוֹרֵא הָאט אִיר אוּנְז גִינֶעבִּין דוּרְךְ מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, סַייא דִיא תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב אוּנ

דֶער מִדְבָּר וָואס דָארְטִין קֶען מֶען גָאר נִיט טָאן קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנ וֶוען אוֹיךְ צְוִוישִׁין מֶענְטְשִׁין קֶען קוּמֶען אָפְּט צוּ קְרִיג אוּנ צַאנְקֶערַייא, זוּךְ דוּא שָׁלוֹם, לָאז דַיינֶע אִיבֶּער גֵיין אוּם דֶר שָׁלוֹם זָאל זִיךְ הַאלְטִין: עיני גָאטֶעס הַשְׁגָּחָה בְּלִיקְט אוֹיף גִירֶעכְטֶע אוּנ זַיינֶע אוֹיעֶרִין הָארְכֶען צוּ זֵייעֶר גִישְׁרֵייא: פני גָאטֶעס צָארֶענְבְּלִיק אִיז אוֹיף וֶועלְכֶע עֶס טוּהֶען שְׁלֶעכְטֶעס אוּנ ווִילִין אוֹיס רָאטִין פוּן דֶער וֶועלְט דֶעם זֵכֶר פוּן דִיא צַדִּיקִים: צעקו וֶוען אָבֶּער דִיא גִירֶעכְטֶע שְׁרַייעֶן צוּא גָאט הֶערְט עֶר זַייא אוּנ פוּן אַלֶע זֵייעֶרֶע צָרוֹת רֶעטֶעט עֶר זַייא: קרוב גָאט שְׁטֵייט נָאהֶענְט צוּ דִיא צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער אוּנ דִיא נִידֶערְגִישְׁלָאגֶענֶע אִין מוּטְה, הֶעלְפְט עֶר: רבות וֶוען אוֹיךְ פִיל

יְיָ: שֹׁמֵר כָּל עַצְמוֹתָיו, אַחַת מֵהֵנָּה, לֹא נִשְׁבָּרָה: תְּמוֹתֵת רָשָׁע רָעָה וְשֹׂנְאֵי צַדִּיק, יֶאְשָׁמוּ: פּוֹדֶה יְיָ, נֶפֶשׁ עֲבָדָיו וְלֹא יֶאְשְׁמוּ, כָּל הַחוֹסִים בּוֹ:

תְּפִלָּה לְמֹשֶׁה אִישׁ הָאֱלֹהִים, אֲדֹנָי, מָעוֹן אַתָּה הָיִיתָ לָּנוּ בְּדֹר וָדֹר: בְּטֶרֶם הָרִים יֻלָּדוּ, וַתְּחוֹלֵל אֶרֶץ, וְתֵבֵל

## מעשה אלפס

סייא דיא תורה שבעל פה משנה אונ תלמוד, דיא ערקלערונג וויא דיא מצוה דארף געטאן ווערין. ער גלויבט אין שכר ועונש, ער גלויבט אז משיח וועט קומען, אונ עס וועט זיין תחית המתים, דאס איז דיא ביינער פון דיא נאציאן, אויף וואס דיא פליישׁ מיט דיא הויט האלט זיך. דרום ווען אויך עס קומט פיל צרות אויפן צדיק, ווייל ער האט געמאכט אוואונד אין דיא נשמה ער האט גירעט וואס מען דארף ניט, ער האט גיקוקט וואו מען דארף ניט, ער האט גיהערט וואס מען דארף ניט. דרום קומט אויף אים יסורים, דאס איז אזאלכע אוים צו היילין די וואונדין, אבער עס איז קיין גיפאהר ווייל שומר כל עצמותיו דער צדיק היט אבער אלע זיינע ביינער דאס הייסט דיא אמונה אין אלע עקרי הדת. אונ וויא באלד דיא ביינער זיינען גאנץ וועלין דיא וואונדין ניך פאר היילט ווערין דורך תשובה. אבער דעם רשע (תמותת רעה) קען טוטין איין אונגליק, ווייל זיין עבירה קומט פון אכפירה אין עיקר הדת. דאס הייסט אביין איז צוא בראכען, דרום דארפען איבער הויפט זעהען צו היטען דיא ביינער פון נפש, דאס הייסט דיא עקרי הדת, ממילא וועלין פאר היט ווערין דיא קערפערליכע ביינער אויך:

מעון אתה הייתה לנו. אגרויסער גראף, וואס האט זייער ליב גיהאט זיינע ערד ארבייטער, האט אמאל גיוואלט ווייזין וויא ווייט ער זוכט זייער גליק, האט ער חתונה גיהאט זיינע שיינע גיראטענע טאכטער פאר יונגע מענשין פון זיינע דארף לייט. איינער פון זיי איז גיוועזן אפארשטאנדיגער אונ האט באטראכט דעם גרויסין חסד וואס דער גראף האט מיט איהם גיטאן. האט ער זיך גינומען אפיר, אוועק צו ווארפין אלע דארפיגע גראבע זיטין אונ באטראכטין יעדער טריט פון זיין פרינצעסין, וויא יעדער ווארט איהרער איז קלוג אונ אוים גירעכינט, איר יעדער קער אונ ריר, סיי אין עסין אונ טרינקען אונ היידען מיט אמענשין וויא אלעם איז איידיל אונ פיין, ובפרט איר גרוים גילערינטקייט אין אלעם, הכלל ער האט גיקוקט איהרע טריט אונ גיזעהעט זיך נאך צו טאן יעדער הנהגה איהרע אונ איין האלטען אונ פלייסיג איבער חזרין וואס זיא פלעגט מיט אים לערנען, ביז וואנען ער איז גיווארין זייער גילערינט אונ האט זוכה גיוועזן אז דער גראף פלעגט אים פיל מאל איין לאדין צו זיך בעת עס פלעגין ביא אים צוזאמען קומען פיל שרי הכלך אונ דיא גרעססע גילערנטע לייט, אונ זיא האט באקומען גרויסע מתנות פון פאטער, פאר איר גרויסע מייסטער ווערק, איבער צו ארבייטען פון בלאטע זיך נאלד פון אדארף מאן אויף אקייזערליכען מאן — דער צווייטער איז גיוועזן אגרויסער טיפש אים איז גאר ניט איינגיפאלין צו באטראכטין דעם חסד פון גראף, האט ער זיך גיפירט

## בית ישראל

אונ גליקין טרעפט אמאל דעם צדיק ווייל ער פון אלעם רעטעט אים גאט: שומר ווייל דער צדיק היט אלע זיינע ביינער איינע פון זיי זאלין ניט גיבראכין זיין (זעהע מעשה אלפס): תמותת אבער דעם רשע פירט צום טויט זיין אייגענע בייזע מעשים, אונ די שונאים פון צדיק ווערין באשטראפט: פודה גאט ערלייזט דעם לעבין פון זיינע טריע דינער אונ עס וועלין ניט פאר שולדיגט ווערין דיא וועלכע עס פערטרויען זיך אויף אים:

תפלה למשה א גיבעט פון משה (רבנו), דער געטליכער מאן, מיין גאט איין וואהנונג ביסטו פאר אונז (פאר אונזער נשמה זעהע מעשה אלפס) גיוועזן אין אלע דורות: בטרם נאך איידער דיא בערג זיינען בעשאפען גיווארען אונ איידער דוא האסט בעשאפין דיא גאנצע ערד אונ דיא באוואהנטע וועלט אונ ביז די וועלט וועט שטיין ביסטו גאט (דר וואהנונג פון אונזערע נשמות), דוא ביסט זייער קוועלע, פון דיר גייען דיא נשמות צום מענשין בעת ער

ווערט

ומעולם עד עולם, אתה אל: תשב אנוש, עד דכא ותאמר, שובו בני אדם: כי אלף שנים, בעיניך, כיום אתמול, כי יעבר ואשמורה בלילה: זרמתם, שנה יהיו בבקר, כחציר יחלף: בבקר, יציץ וחלף לערב, ימולל ויבש: כי כלינו

## בית ישראל

ווערט גיבארען: תשב אונ אזוי וויא דוא ביסט גיוועזען דער וואהנונג פון דיא נשמה אידער זיא קומט אין מענשין, אזו ביסטו אויך איר וואהנונג בעת דו קערסט ווידער דעם מענטשין פון זיינע קרעפטין ביז צוא פערניכטונג טוסטו זאגין צו דיא נשמה קער זיך צוא ריק אין גאטעס וואהנונג: כי אזוי זאגסטו צום מענשין, קער זיך צוריק פון די צייטליכע וועלט, די טויזנד יאהר וואס דוא האסט גילעבט אויף דיא חומר דיגע וועלט איז פאר בייא גילאפין וויא דער נעכטיגער טאג אונ וויא איין טייל פון דיא נאכט: זרמתם דוא שטרעמסט זייא אוועק. ד. ה. טויזנד יאהר זיינען אוועק וויא איין שטראם וואסער אונ וויא אשלאף זיינען זייא גיוועזען, דער מענש שלאפט אב זיין לעבין אונ טוט גאר ניט אויף. אין דער יוגינד שפראצט ער אויף וויא גראז: בבקר אין דעם מארגין בליהט ער אויף אונ שפראצט אבער צום אווינד (צום עלטער) ווערט ער פערוועלקט אונ פאר דארט: כי נאך דיא הקדמה אז דער בורא איז דער וואהנונג פון דיא נשמה, פון איהם קומט זיא אין מענשין, אונ צו אים קערט זיא זיך

## מעשה אלפס באפך

וויא פריער, פארבראכט גאנצע ווינטער נעכט אין קרעצמע מיט דיא פויערים, שכורין אונ רויכערין דיא מאכארקע אונ ביכלאך ווייס האט ער נאך אריין גישלעפט דיא פרינצעסין אויך אין זיין בלאטיגען פהרונג, ביז וואנען זיא איז מיט דער צייט גיווארען אפויערטע וויא ער, אם ענדע איז ער אב גישטארבין דא איז איר לעבע זייער טרויעריג גיווארין, וויל אום קערין זיך צו איר פאטער קען זיא ניט, זיא דארף זיך וואלגערין אצייט ביז וואנען זיא וועט אויס רייסין פון איר גיוואהנהייט דיא גראבע פויערשע זיטין אונ אויס וואשין דיא גראבע פלעקין פון אירע טייערע קליידער אונ דאן אז זיא וועט שוין זוכה זיין צו קומין אין פאטערס פאלאץ, וועט זיא דאן אויך קיין האניג ניט לעקין, איר וועט ברענען דיא קנאה געגין דעם גליק פון איר אנדער שוועסטער וואס יענע האט איבער גיהאלטין פון בלאטע אויף גאלד פון אדארף פון ער אויף אקייזערליכען מאן אונ זיא האט פארקערט גימאכט פון גאלד בלאטע פון אפרינצעסין אויף אפויערטע. דעם נידאנקען לערינט אונז משה רבינו ע"ה, מיט זייא איינגע ווערטער ערקלערט ער אונז אוויכטיגען עיקר, ער גיט אונז אריכטיגען אנטווארט אויף דיא פראגע וואס איז דער ארט פון דיא נשמה אידער דער מענש ווערט גיבוירין? אונ וואו קומט זיא אהין נאכין מענש׳ס טויט? בכדי מיר זאלין פאר שטיין דעם ציעל פון מענש׳ס לעבין אויף דער וועלט, ערקלערט ער אונז אז דיא נשמה איז אחלק פון דעם בורא יחיד, אשטראל פון דיא גאטליכע ליכטיגקייט, פריהער איז איר וואהנונג גיוועזען ביים בורא עולם אונ נאכהער אויך, נור אויף אקורצע צייט האט זיא איבער גיצויגין איר וואהנונג אין מענשליכען הערפער בכדי זיא זאל אים אויס איידלין, וויא דיא פרינצעסין דעם דארף מאן:

## פנינים יקרים

תשב אנוש עד דכא וגו׳. דער תנא זאגט הילודים למות, דיא מענשין וואס זיינען גיבארין גיווארין מוזין שטארבין, דער מענש שטארבט יעדער מינוט, ער האט אפגעלעבט אמינוט, האט ער אמינוט ווייניגער צו לעבין, דיא מינוט, דיא שעה, דער טאג, דער יאהר, וואס דער מענש האט אפגעלעבט, זיינען זיינ שטארבענע, דאס זאגט משה רבינו ע"ה תשב אנוש, דוא קערסט אלע מינוט דעם מענשין צוריק פון דער וועלט, עד דכא, ביז דוא צושטויסט אים, ביז ער שטארבט, ותאמר, אונ דוא זאגסט שובו בני אדם, מענשין גייט צוריק פון דער וועלט, דער גוף זאל גיין צוריק אין דיא ערד, פון וואנען ער איז גענומען גיווארין, אונ דיא נשמה זאל גיין צוריק אין הימעל פון וואנען זיא איז גענומען.

בְאַפֶּךָ וּבַחֲמָתְךָ , נִבְהָלְנוּ : שַׁתָּה עֲוֹנֹתֵינוּ, לְנֶגְדֶּךָ עֲלֻמֵנוּ , לִמְאוֹר פָּנֶיךָ : כִּי כָל יָמֵינוּ , פָּנוּ בְעֶבְרָתֶךָ כִּלִּינוּ שָׁנֵינוּ, כְּמוֹ הֶגֶה : יְמֵי שְׁנוֹתֵינוּ , בָהֶם , שִׁבְעִים שָׁנָה , וְאִם בִּגְבוּרֹת , שְׁמוֹנִים שָׁנָה, וְרָהְבָּם, עָמָל וָאָוֶן כִּי גָז חִישׁ, וַנָּעֻפָה : מִי יוֹדֵעַ עֹז אַפֶּךָ וּכְיִרְאָתְךָ , עֶבְרָתֶךָ : לִמְנוֹת יָמֵינוּ, כֵּן הוֹדַע וְנָבִא , לְבַב חָכְמָה : שׁוּבָה יְיָ , עַד מָתָי וְהִנָּחֵם, עַל עֲבָדֶיךָ : שַׂבְּעֵנוּ בַבֹּקֶר חַסְדֶּךָ וּנְרַנְּנָה וְנִשְׂמְחָה, בְּכָל יָמֵינוּ : שַׂמְּחֵנוּ , כִּימוֹת

בית ישראל

וויד'ע גאבין מענשינס טויט , בקלאגט זיך משה רבנו אויף דעם קורצין לעבין פון מענשין , וואס ער אויספייעט ניט צוא ערפילין זיין ציל , וואס צו דעם איז ער געשיקט געווארען אויף דער וועלט . ווייל מיר ווערין פאר לעגט דורך דיין צארין אונ פאר דיין גרים צארין זייגען מיר ערשראקין שתה דו שטעלסט אונזערע זינד געגין דיר וואס דוא האסט אונז אזו פיל גוטעס גיטאן זאלין מיר זיין אזוי אונדאנקבאר , אונ אונזערע זינד פון דער יוגענד וואס מיר האבין שוין לאנג פאר געסין שטעלסטו פאר די ליכט פון דיין אנגעזיכט , ד. ה. ווען אויך פון אונז איז פאר געסן אבער דוא פארגעסט ניט דאס מינדעסטע וואס דער מענש טוט : כי דארום גייען אונטער אלע אונזערע טעג דורך דיין צארינגעריכט אזוי געשווינד וויא איין ווארט וואס ווערט גיך אויס גירעט : ימי דיא צייט פון אונזער לעבין איז גיוואהנליך זיבעציג יאהר אונ ווען ביי גרויסע קרעפטין איז אכציג יאהר אונ דער גרעסטער טייל פון דיא יאהרען גייט אוועק מיט מיה אונ טרויער אונ נאכהער ווערט דער לעבין אבגעשניטען איילענדיג אונ מיר פליהען אוועק פון דר וועלט: מי ווען אויך די יסורים אונ טרויער

וואס דו ברייגנסט אויפין מענשין איז צו אגרויסן ציל , ווייך צו מאכין זיין פאר שטאגטע הארין מיט זיין גאוה, דר יצר טוב זאל בצקומען מוטה אונ שטאלין געגין יצר הרע, אבר זעלטין ווערס פרשטייט די כונה פון דם. אין געגענזיל פיל מענשין פאלין נאך פון מוטה דורך די יסורים, דרום בעט איך דיר , למנות מאך אונז פארשטענדיג , מיר זאלין וויסין צו שעצין אונזערע טעג ניט אויס ברייגען אין נארישקייט נור קונה שלמות זיין זא וועלין מיר בעקומען איין פערשטענדיגעס הערין : שובה בערוהיג דיין צארין ביז וואגען מיר וועלין בעקומען איין פארשטענדיגעס הארין אונ ערבארעם דיך אויף דיינע קנעכט : שבענו זעטיג אונז אין פריה מארגין (אין אונזער יוגענד) מיט דיין גינאדע , דאס איז דער שיין פון אמת אונ אמונה דאן וועלין מיר לויבזינגען אונ פרייליך זיין אין דעם גאנצין פערלויף פון אונזער לעבין , ווייל ווער קען נאך אזוי גליקליך לעבין ווי דר אמת'ר רעליגיאזער אונ פרומער מענש : שמחנו אדער ווען אויך אונזערע יונגע יאהרען זייגען פארשוואונדען אין טרויער , ווייל מיר זייגען גיוועזן אב גיריסין פון די אמתע פרייד אונ ליכטיגקייט פון דיין אנגעזיכט ערפרייא אונז אם

עִנִּיתָנוּ שְׁנוֹת, רָאִינוּ רָעָה: יֵרָאֶה אֶל עֲבָדֶיךָ, פָעֳלֶךָ וַהֲדָרְךָ, עַל בְּנֵיהֶם: וִיהִי ׀ נֹעַם, אֲדֹנָי אֱלֹהֵינוּ, עָלֵינוּ, וּמַעֲשֵׂה יָדֵינוּ, כּוֹנְנָה עָלֵינוּ וּמַעֲשֵׂה יָדֵינוּ, כּוֹנְנֵהוּ:

יֹשֵׁב, בְּסֵתֶר עֶלְיוֹן בְּצֵל שַׁדַּי, יִתְלוֹנָן: אֹמַר לַיְיָ, מַחְסִי וּמְצוּדָתִי אֱלֹהַי, אֶבְטַח בּוֹ: כִּי הוּא יַצִּילְךָ, מִפַּח יָקוּשׁ מִדֶּבֶר הַוּוֹת: בְּאֶבְרָתוֹ ׀ יָסֶךְ לָךְ, וְתַחַת כְּנָפָיו, תֶּחְסֶה צִנָּה וְסֹחֵרָה, אֲמִתּוֹ: לֹא תִירָא, מִפַּחַד לָיְלָה מֵחֵץ, יָעוּף יוֹמָם: מִדֶּבֶר, בָּאֹפֶל יַהֲלֹךְ מִקֶּטֶב, יָשׁוּד צָהֳרָיִם: יִפֹּל מִצִּדְּךָ ׀ אֶלֶף, וּרְבָבָה מִימִינֶךָ אֵלֶיךָ, לֹא יִגָּשׁ: רַק בְּעֵינֶיךָ תַבִּיט וְשִׁלֻּמַת רְשָׁעִים, תִּרְאֶה: כִּי אַתָּה יְיָ, מַחְסִי עֶלְיוֹן.

בית ישראל

ווייניגסטען זא פיל טעג: יראה זאל שוין ערשיינען פאר דיינע קנעכט דיינע וואונדער טהאט אונ דורך דעם וועלין זייערע קינדער ערקענען דיין פראכט, וויא דוא פירסט דיין וועלט מיט גרויס חכמה: ויהי עס זאל זיין די ליבליכע צופרידענהייט פון דעם העדר אונזער גאט אויף אונז, דאס הייסט ווען מיר וועלין ערגרייכען דעם ציעל צוא וואס מיר זיינען גישאפען ווערט גאט האבין נחת רוח פון אונז, אונ אונזערע ארבייט זאל זיין גיפעסטיגט אויף אונז, דאס הייסט אונזערע אלע מעשים זאל זיין לשם שמים, וועלין זייא זיין גיפעסטיגט אויף אונזער שכל אונ נשמה, אבער ווען דער מענטש דיינקט נור וועגין קערפערליכקייט איז ער גיפעסטיגט אויף זיינע האנד ווערק, למשל ווען איינער בויט אשטוב איז ער גיפעסטיגט אונ זיצט אין שטוב ניט דיא שטוב איז גיפעסטיגט אויף אים, אבער ווען איינער לערינט תורה, אונ טוט מעשים טובים, איז דיא תורה ומעשים טובים גיפעסטיגט אויף זיין שכל אונ נשמה, אונ ווען גאט ווערט זיין צופרידין פון אונזערע מעשים ווערט ער זיי בעפעסטיגין אז זייא זאלין האבין אקיום:

יושב ווער עס זיצט אין דעם שוטץ פון גאט דעם העכסטין, ווער עס רוהט אין דעם שאטין פון דעם אלמעכטיגען: אומר פאר שרעק איך אין גאטעס נאמען, וואס ער איז מיין שוטץ אונ מיין פעסטונג, מיין גאט וואס איך פערזיכער זיך אויף אים: כי אז ער ווערט דיר מציל זיין פון אלע אונגליקען סייא פון שלעכטע מענשין וואס שרייטין אונטער דיר אנעטץ, אונ סייא פון נאטירליכע אונגליקען, ווי פעסט אונ פערדארבונג: באברתו מיט זיין פליגעל ווערט ער דיר באדעקין ווען נור דוא ווערסט זיך שיטצען אונטער זיינע פליגעל, דען איין שילד אונ פאנצער איזט זיינע טרייהייט: לא ווערסט זיך ניט פירכטין פאר קיין שרעק וואס טרעפט ביא נאכט, ניכט פאר קיין פייל וואס פליהט ביי טאג: מדבר ניט פאר קיין פעסט וואס גייט אין דער פינסטער, אויך ניט פאר דיא קראנקהייטין וואס טייטין אין מיטין טאג: יפול ווען אויך עס ווערט פאלין פון דיין לינקער זייט טויזינט אונ צעהען טויזענד פון דיין רעכטע זייט אבער צו דיר ווערט ניט צו טרעטין: רק ווען דו ווערסט מיט ליכטיגע אויגען בליקען ווערסטו זעהען, אז אלעס

שַׁמֹּת מְעֹנֶךָ: לֹא תְאֻנֶּה אֵלֶיךָ, רָעָה וְנֶגַע, לֹא יִקְרַב בְּאָהֳלֶךָ: כִּי מַלְאָכָיו, יְצַוֶּה לָּךְ לִשְׁמָרְךָ, בְּכָל דְּרָכֶיךָ: עַל כַּפַּיִם, יִשָּׂאוּנְךָ פֶּן תִּגֹּף בָּאֶבֶן, רַגְלֶךָ: עַל שַׁחַל וָפֶתֶן, תִּדְרֹךְ תִּרְמֹס, כְּפִיר וְתַנִּין: כִּי בִי חָשַׁק, וַאֲפַלְּטֵהוּ אֲשַׂגְּבֵהוּ, כִּי יָדַע שְׁמִי: יִקְרָאֵנִי וְאֶעֱנֵהוּ, עִמּוֹ, אָנֹכִי בְצָרָה אֲחַלְּצֵהוּ, וַאֲכַבְּדֵהוּ: אֹרֶךְ יָמִים, אַשְׂבִּיעֵהוּ וְאַרְאֵהוּ בִּישׁוּעָתִי: ארך ימים וגו׳

## מַעֲשֶׂה אָלְפַס

לֹא תְאוּנֶּה אֵלֶיךָ רָעָה. אַ קִינְד הָאט זִיךְ גִיקְלָאגְט פַאר׳ן פָאטֶער, דַיינֶע שְׁפִּיל צַאצְקֶעס וָואס דוּא הָאסְט מִיר גִיבְּרַאכְט, הָאבִּין מִיר גִישֶׁעדִיגְט, זַייא הָאבִּין מִיר צוּבְּלוּטִיגְט דִיא גִיזִיכְט. שְׁטַייא מַיין קִינְד! (פְרֶעגְט דֶער פָאטֶער), אִיךְ הָאבּ דָאךְ דִיר גִיקוֹיפְט שְׁפִּיל צַאצְקֶעס צוּ פֶערְשַׁאפִין פֶערְגֶענִיגֶען, נִיט אָן מַאכִין דִיר צַעַר, זָאג מִיר אַקָארְסְט וִויא אַזוֹי הָאט דָאס פַּאסִירְט? אִיךְ הָאבּ אַטְרָאט גִיטָאן אוֹיפְ׳ן רוֹיף וָואס דוּא הָאסְט מִיר גִיקוֹיפְט, הָאט עֶר מִיר אַשְׁפְּרוּנְג גִיטָאן אִין גִיזִיכְט אוּנ צוּבְּלוּטִיגְט. אַזוֹי מַיין קִינְד! (זָאגְט דֶער פָאטֶער), בִּיסְטוּ אַלֵיין שׁוּלְדִיג, וַוייל דוּא וֵויסְט זִיךְ נִיט וִויא צוּ שְׁפִּילֶען, אַרוֹיף, דַארְף מֶען קַייקְלֶען, נִיט אָן טְרֶעטִין. נֵיין פָאטֶער, אִיךְ בִּין נִיט אוֹיסִין גִיוֶועזְן אַרוֹיף צוּ טְרֶעטִין אוֹיפְ׳ן רוֹיף, אִיךְ בִּין גִיגַאנְגֶען נֶעמֶען אַצְווייטֶע צַאצְקֶע, בִּין אִיךְ אַרוֹיף גִיטְרָאטִין נִיט ווִילֶענְדִיג. אוֹיף דֶעם (זָאגְט דֶער פָאטֶער), הָאט דָאךְ גָאט דִיר גִיגֶעבִּין שֵׂכֶל אִין מֹחַ אוּנ אוֹיגִין אִין קָאפּ, בֶּעטְרַאכְטִין אוּנ זֶעהֶען ווּאוּ מֶען שְׁטֶעלְט אַטְרִיט. דָאס גְלַייכִין, דֶער מֶענְשׁ בַּאקְלָאגְט זִיךְ אוֹיף דִיא פְּגָעֵי הַזְּמַן, וִויא מֹשֶׁה רַבֵּנוּ הָאט דָא פַארְגִישְׁטֶעלְט אִין פָארִיגֶען מִזְמוֹר (תפלה למשה), וִויא דֶעם מֶענְשִׁינְס לֶעבֶּען אִיז קוּרְץ, עֶר אוּנְטֶערְפַּייעט נִיט צוּ קוּמֶען צוּ זַיין שְׁלֵמוּת אוּנ אוֹיךְ דִיא פְּגָעֵי הַזְּמַן שְׁטֶערִין אִים פוּן גוּטִין צִיעֶל. קוּמְט אִין דֶעם מִזְמוֹר דֶער אַנְטְווָארְט, אַז דֶער מֶענְשׁ וָואס וֵייס, וִויא זִיךְ צוּ פִירִין אוֹיף דֶער וֶועלְט, פַאר דֶעם אִיז דִיא וֶועלְט אַפַּארְגֶענִיגֶען, עֶר קֶען אִין זַיין קוּרְצֶען לֶעבִּין קוּמֶען צוּ זַיין שְׁלֵמוּת, אוּנ ווֶערְט גִיהִיט פוּן גָאט אוֹיף יֶעדֶער טְרִיט, דִיא אַלֶע אוּנְגְלִיקֶען קוּמֶען אוֹיפְ׳ן מֶענְשִׁין נוּר וֶוען עֶר פַארְקְרִימְט אוּנ גֵייט אַרָאפּ פוּן גְרַאדֶע וֶועג וָואס דִיא תּוֹרָה לֶערִינְט אִים. אָבֶּער וֶוען דוּא מֶענְשׁ וֶועסְט הַאלְטִין אָפִין דִיא אוֹיגִין מִיטִין שֵׂכֶל אוֹיף דַיין יֶעדֶער טְרִיט, „לֹא תְאוּנֶּה אֵלֶיךָ רָעָה", אַז דוּא אַלֵיין וֶועסְט זִיךְ הִיטִין עֶס זָאל דִיר נִיט טְרֶעפִין קֵיין שְׁלֶעכְטִין מַעֲשֶׂה קֵיין שְׁלֶעכְטֶע מַחֲשָׁבָה, דַאן וֶועסְטוּ גִיהִיט וֶוערִין מִן הַשָּׁמַיִם, אַז „וְנֶגַע לֹא יִקְרַב בְּאָהֳלֶךָ" אַז קֵיין פְּלָאג, קֵיין אוּנְגְלִיק, זָאל נִיט צוּ טְרֶעפִין נִיט צוּ דִיר אוּנ נִיט צוּ דַיין הוֹיז גִיזִינְד. „כִּי מַלְאָכָיו יְצַוֶּה לָּךְ" מֶען גִיט דִיר אַהִימְלִישֶׁע אַחְרָאיוּת „לִשְׁמָרְךָ בְּכָל דְּרָכֶיךָ" צוּ הִיטִין דִיר אוֹיף יֶעדֶער טְרִיט אוּנ דַאן אִיז „יִפֹּל מִצִּדְּךָ אֶלֶף" וֶוען

## בֵּית יִשְׂרָאֵל

גֵייט מִיט אַיין אַנְדֶערְס, צָאלִין דִיא רְשָׁעִים פַאר זֵייעֶרֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים, דְרוּם וֶוערִין פַארְהִיט דִיא גִירֶעכְטִיגֶע: כי וַוייל דוּא הָאסְט גִיזָאגְט „דָאס נוּר גָאט אִיז מַיין שׁוּטְץ" אוּנ גָאט דֶעם הֶעכְסְטִין הָאסְטוּ גִימַאכְט פַאר אַשׁוּטְץ וָואהְנוּנְג, דַארוּם, לא וֶועט דִיר נִיט טְרֶעפִין קֵיין אוּנְגְלִיק אוּנ קֵיין פְּלָאגֶע וֶועט נִיט גֶענֶעהֶענְן אִין דַיין גִיצֶעלְט: כי דֶען זַיינֶע מַלְאָכִים וֶועט עֶר אָנְזָאגֶען וֶועגִין דִיר, זֵיי זָאלִין דִיר הִיטִין אִין אַלֶע דַיינֶע וֶועגִין: על אוֹיף דִי הֶענְט וֶועלִין זֵיי דִיר טְרָאגִין, עֶס זָאל נִיט אָפְּקְלַאפִּין דַיין פוּס אָן אַשְׁטֵיין: על אוֹיף לֵייבִּין אוּנ בְּרֶענֶענְדִיגֶע שְׁלַאנְגֶען וֶועסְטוּ טְרֶעטִין, וֶועסְט צוּ רֵייבֶּען (מיט דיא פיס) יוּנְגֶע לֵייבֶּען אוּנ פִיר פִיסִיגֶע שְׁלַאנְגֶען: כי וַוייל אִין מִיר בֶּעגֶערְט עֶר, דַארוּם וֶועל אִיךְ אִים רֶעטֶען, אִיךְ וֶועל אִיהם קְרֶעפְטִיגֶען, וַוייל עֶר עֶרְקֶענְט מַיין נָאמֶען: יקראני וֶוען עֶר וֶועט מִתְפַּלֵּל זַיין צוּ מִיר אִין אַיין „עֵת צָרָה", וֶועל אִיךְ אִים עֶנְטְפֶערִין אַז „אִיךְ בִּין מִיט אִים" צוּ רֶעטֶען אִים פוּן דֶעם אוּנְגְלִיק, אוּנ דוּרְךְ דֶעם וֶועל אִיךְ אִים פֶערְשַׁאפִין כָּבוֹד, וַוייל אַלֶע וֶועלִין זֶעהֶען אַז אִיךְ טְהוּא מִיט אִים וואוּנְדֶער: אורך מִיט לַאנְגֶען לֶעבִּין וֶועל אִיךְ אִים זֶעטִיגֶען (אזוי וויא איוב האט מאריך ימים גיוועזן דורך די יסורים וואס ער האט

מִזְמוֹר שִׁירוּ לַייָ, שִׁיר חָדָשׁ, כִּי, נִפְלָאוֹת, עָשָׂה הוֹשִׁיעָה לּוֹ יְמִינוֹ, וּזְרוֹעַ קָדְשׁוֹ: הוֹדִיעַ יְיָ, יְשׁוּעָתוֹ לְעֵינֵי הַגּוֹיִם, גִּלָּה צִדְקָתוֹ: זָכַר חַסְדּוֹ וֶאֱמוּנָתוֹ, לְבֵית יִשְׂרָאֵל, רָאוּ כָל, אַפְסֵי אָרֶץ אֵת, יְשׁוּעַת אֱלֹהֵינוּ: הָרִיעוּ לַייָ, כָּל הָאָרֶץ פִּצְחוּ, וְרַנְּנוּ וְזַמֵּרוּ: זַמְּרוּ לַייָ, בְּכִנּוֹר בְּכִנּוֹר, וְקוֹל זִמְרָה: בַּחֲצֹצְרוֹת, וְקוֹל שׁוֹפָר הָרִיעוּ, לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ יְיָ: יִרְעַם הַיָּם, וּמְלֹאוֹ תֵּבֵל, וְיֹשְׁבֵי בָהּ: נְהָרוֹת יִמְחֲאוּ כָף יַחַד, הָרִים יְרַנֵּנוּ: לִפְנֵי יְיָ, כִּי בָא לִשְׁפֹּט, הָאָרֶץ יִשְׁפֹּט תֵּבֵל, בְּצֶדֶק, וְעַמִּים, בְּמֵישָׁרִים:

## בית ישראל

פריער גיהאט) אונ וועל אים לאזין זעהען אַז די הילף קומט פון מיר דורך מיין הַשְׁגָחָה: מִזְמוֹר שירו דער מִזְמוֹר גייט אויף לֶעָתִיד לָבֹא. זינגט צו גָאט אַנייע גיזאַנג ווארום ער האט גיטאָן וואונדער, ער באַדאַרף ניט האבין קיין הילף פון קיין אַנדערין ווארום זיין רעכטע האַנט העלפט אים אונ זיין היילגער אָרום: הודיע פריער האט גאט גילאָזט וויסין דורך די נְבִיאִים די יְשׁוּעָה אונ הַיינט האט ער אַנפּלעקט פאַר אַלע פעלקער זיין גרעכטיגקייט אונ זיין הילף: זכר גאט האט גידיינקט זיין חֶסֶד וואס ער האט מַבְטִיחַ גיוועזן מיט זיין וואַרהייט צו דעם הויז גיזינט פון די יִשְׂרָאֵל, אַלע וואס זיינען אין עק וועלט האבין גיזעהן די הילף פון אונזער גאט: הריעו טוט שאַלין צו גאט איר אַלע פון דר וועלט, עפינט אַייער מויל אונ זינגט צו גאט: זמרו זינגט צו גאט מיט אַפידיל אונ מיט אַקול פון גיזאַנג: בחצוצרות מיט טרומייטין אונ מיט אַקול פון אַשופר זאָלט איר שאַלין פאַר גאט וואס ער איז איין מַלְכוּת: ירעם דער יַם מיט דעם וואס אין אים איז פאַר האַנדין וועט שטורעמען, די וועלט אונ אַלע וואס אין איר זיצין וועלין אויך שטורעמען: נהרות די טייכין וועלין שלאָגין איין האַנט אויף דר אַנדרע מֵחֲמַת שִׂמְחָה, אַלע בערג באַנאַנדר וועלין זינגען: לפני די שִׂמְחָה וועט זיין פאַר גאט וויל

## מעשה אלפס

עס רוהען אֲפִילוּ אַרום דיר טויזענדער פיינדע, וואס ווילין דיר איינשלינגען „אֵלֶיךָ לֹא יִגָּשׁ" קענען זיי צו דיר ניט צו טרעטין. אונ וואס מיר זעהען מאַנכע מאָל אַז אויף דיא בעסטע מענשען וואס זיינען גוט אונ פרום צו גאָט אונ צו לייטין קומט אויך צַער אונ פּיין? איז דאס צו ליב פערשידענע אורזאַכען, ערשטינס „יִקְרָאֵנִי וְאֶעֱנֵהוּ" כְּדֵי ער זאָל מִתְפַּלֵּל זיין אונ רופין צו גאָט, איז ווען עס וועט אים קיין מאָל ניט טרעפין קיין אונאַנגענעהמליכקייט, וועט ער ביי זיך גרויס ווערין אונ פאַר געסין אָן גאָט. דאָס צווייטע איז „וְאֶעֱנֵהוּ עִמּוֹ אָנֹכִי" ער זאָל קריגען אַבעגריף אַז „איך" בין מיט אים רעטען פון אונגליק, איז ווען ער וועט קיין מאָל ניט אַריין פאַלין אין אַצָרָה, וועט ער ניט פילין אַז דער בּוֹרֵא איז מיט אים, ער וועט מיינען אַז אַלעס גייט מיט דער נאַטור, אונ דריטינס איז „אֲחַלְּצֵהוּ וַאֲכַבְּדֵהוּ" דורך דעם וואס איך וועל טאָן מיט אים נִסִּים איבער דיא נאַטור, וועט ער ערבין פיל כָּבוֹד, אַלע וועלין זעהען וויא גיליבט ער איז ביי מיר, אַז איך ענדער צו ליב אים דיא נאַטור, *) דורך דיזעס אַלעס וועט ער באַמערקען אַז „עִמּוֹ אָנֹכִי בְצָרָה" אַז דיא צָרָה איז גיוועזן בְּהַשְׁגָּחָה לְטוֹבָתוֹ אונ דורך דעם „אֹרֶךְ יָמִים אַשְׂבִּיעֵהוּ" וועל איך אים זעטיגען מיט אֲרִיכוּת יָמִים, אַזוי וויא עס האָט פּאַסירט ביי איוב'ן, אַז דורך זיינע יְסוּרִים האָט ער נאָכהער מַאֲרִיךְ יָמִים גיוועזן „וְאַרְאֵהוּ בִּישׁוּעָתִי" אונ דורך דעם וועט ער זעהען איין יְשׁוּעָה הַשְׁגָּחִית:

*) וויא עס האָט פּאַסירט מיט אונזערע עלטערין, דורך דיא צָרָה וואָס איז גיקומין אויף אַבְרָהָם אָבִינוּ, ווען האָט פערנומען זיין פרוי שָׂרָה צו פַּרְעֹה'ן איז נאָכהער אַז דער בּוֹרֵא האָט איר גירעטעט בְּדֶרֶךְ נֵס, איז זייער נאָמען גיוואָרין גרויס אין דער וועלט, אונ האָבען גיאַרבט פיל כָּבוֹד, אונ דאָס גלייכען ביי דָנִיאֵל אַז דורך דיא עֲלִילָה וואָס מען האָט גימאַכט אויף אים, אַז ער איז אַמוֹרֵד בְּמֶלֶךְ אונ מען האָט איהם געמשפט צו וואַרפין אין לייבען גרוב, איז נאָכהער אַז דער בּוֹרֵא האָט אים גירעטעט בְּדֶרֶךְ נס, האָט ער גיהאַט גרויס כָּבוֹד. אונ אַזוי האָט פּאַסירט הונדערטער גישיכטעס אַז דיא יְסוּרִים זייערע איז גיוועזן בְּהַשְׁגָּחָה, בִּכְדֵי זיי זאָלין רופין צו גאָט אונ ער זאָל זיי ענטפערין בְּדֶרֶךְ נֵס, אונ זייער נאָמען זאָל גרויס ווערין אין דער וועלט.

שיר למעלות, אשא עיני אל ההרים, מאין יבוא עזרי: עזרי מעם יי עשה
שמים וארץ: אל יתן למוט רגלך אל ינום שמרך: הנה לא ינום ולא יישן
שומר ישראל: יי שמרך יי צלך על יד ימינך: יומם השמש לא יככה וירח
בלילה: יי ישמרך מכל רע ישמר את נפשך: יי ישמר צאתך ובואך
מעתה ועד עולם:

שיר המעלות לדוד, שמחתי באמרים לי בית יי נלך: עמדות היו רגלינו
בשעריך ירושלים: ירושלים הבנויה, כעיר, שחברה לה יחדו: ששם עלו

## מעשה אלפס

הנה לא ינום, אגרויסער שר האט זיך אמאל אויף געהאפט אין מיטין נאכט אונ האט פאר קיין פאל ניט געקאנט צוריק איינשלאפין, איז ער אראפ פון בעט אונ זיך געזעצט אוילע קוקין אין פענסטער, ער זעהט פון ווייטין וויא צוויא מענטשין טראגין אקעסטיל אונ קוקין זיך ארום אויב וועד זעהט ז׳ם, איז אים עפעס אויפפאלענד געווארין, האט ער אראפ געשיקט זיין דינער, ער זאל פון ווייטין בעטראכטין וואו זיי גייען, דער דינער זעהט אז זייא גייען אריין אין דיא אידישע גאס, גלייך צום רב׳ס וואהנונג, אונ האבין עפעס אריין געווארפין ביים רב הינטערין שטוב אין אקעלער אונ צוריק געטראגין דיא ליידיגע קעסטיל צום גלח. אין דער פריה איז געווארין אראש אין שטאט, אז עס איז פארלארין געווארין אקריסטליכער קינד אונ דיא שונאי ישראל האבין געזאגט אז געוויס האבין די אידין אים געטייט צו האבין בלוט אויף פסח. בקצור מען האט פערוואכט דעם אידישען קווארטאל אונ מען האט דעם קינד געפונען אצושטאכענעם ביים רב אין קעלער. דער שר איז גלייך געקומען צוא רייטין מיט פיל סאלדאטין פאר היטין עס זאל קיין פאגראם ניט זיין, אונ אום איין צושטילען דעם ווילדען צורייצטין פאלק האט ער געהייסען גלייך שמידין אין קייטין דעם רב מיט דיא אידישע פארשטייער אונ אב פירען זייא אין טורמע. אויף מארגין האט ער געהייסין אלע גלחים זיך אויף קלייבין אין פאלאטע באטראכטין וואס פאר אמשפט ארויס צו געבין אויפין רב מיט די פארשטייער. אונ מען האט אויך געבראכט דיא תפוסים געשמידטע אין קייטין, דער עלטסטער פון דיא גלחים האט געזאגט נאך זיין מיינונג דארף מען זיי אלעמען פאר משפטין צום טוט אונ זייער פערמעגין צו נעמען אויף דער קירכע. אדוני השר! זאגט דער רב מיט גרויס געוויין, אונזערע הענד זיינען ריין פון דעם בלוט שולד, אונזער

נירעכטיגקייט

## בית ישראל

ווייל ער איז געקומען משפטין די וועלט, ער וועט משפטין דיא וועלט מיט גירעכטיקייט אונ דיא פעלקער מיט ארעכט פארטיגין משפט:

שיר למעלות איך הייב אויף מיינע אויגין צו די בערג, צו זעהן פון וואנען וועט קומען מיין הילף: עזרי אבער איך האב ניט קיין הילף פון קיינעם נאר פון גאט וואס האט בשאפין הימל אונ ערד: אל דיינע פים וועט ער ניט לאזין אויס גיגליטשט ווערין, גאט דיין היטער טוט ניט דרעמלען דס הייסט ער טוט ניט אפ זיין השגחה פון דיר קיין מאל: הנה גאט דער היטער פון ישראל טוט קיין מאל ניט דרעמלען אונ ניט שלאפין: יי גאט איז דיין היטער, גאט שטייט ביי דיין רעכטע האנט מגין זיין אויף דיר אזוי וויא אשאטין איז מגין פאר דער היץ: יומם בייא טאג וועט די היץ פון דער זון דיך ניט מזיק זיין אונ בייא דער נאכט וועט דיך ניט מזיק זיין דיא לבנה. גאט וועט דיך היטין פון אלעם בייזין אונ וועט היטין דיין לייב: יי גאט וועט דיך היטין אין דיין ארויס גיין אין וועג אונ אין דיין קומען פון הייגט ביז אייביג:

שיר המעלות לדוד, שמחתי אז מען האט מיר געזאגט אז יום טוב וועט קומען וועלין מיר גיין אין גאטס הויז עולה רגל זיין האב איך זיך געפרייט: עומדות מהמת פיל מענשן וואס זיינען געקומען קיין ירושלים אויף יום טוב האבין מיר געמוזט שטיין מיט אונזרע פים אצייט אין די טויערין פון ירושלים ביז מיר זאלין קענען אריין גיין: ירושלים דיא

שְׁבָטִים, שִׁבְטֵי יָהּ, עֵדוּת לְיִשְׂרָאֵל לְהוֹדוֹת, לְשֵׁם יְיָ: כִּי שָׁמָּה יָשְׁבוּ כִסְאוֹת לְמִשְׁפָּט כִּסְאוֹת, לְבֵית דָּוִד: שַׁאֲלוּ, שְׁלוֹם יְרוּשָׁלָיִם יִשְׁלָיוּ, אֹהֲבָיִךְ: יְהִי שָׁלוֹם, בְּחֵילֵךְ שַׁלְוָה, בְּאַרְמְנוֹתָיִךְ: לְמַעַן אַחַי וְרֵעָי אֲדַבְּרָה נָּא שָׁלוֹם, בָּךְ: לְמַעַן בֵּית יְיָ אֱלֹהֵינוּ אֲבַקְשָׁה טוֹב לָךְ:

שִׁיר הַמַּעֲלוֹת, אֵלֶיךָ נָשָׂאתִי אֶת עֵינַי הַיֹּשְׁבִי בַּשָּׁמָיִם: הִנֵּה כְעֵינֵי עֲבָדִים, אֶל יַד אֲדוֹנֵיהֶם, כְּעֵינֵי שִׁפְחָה, אֶל יַד גְּבִרְתָּהּ, כֵּן עֵינֵינוּ, אֶל יְיָ אֱלֹהֵינוּ עַד

## בית ישראל

שְׁטָאט וואס זיא איז שׁיין גיבויט גיוואָרין אַזוי ווי אַשְׁטָאט וואס אַלֶע בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת האָבין זיך מְחֻבָּר גיוועזין ביי'ען זיא מיט שׁיינְקייט: ששם וואס דאָרטין זייַנֶען אויף גיגאַנגֶען גאַנְצֶע שְׁבָטִים אויף יום טוב דאס איז גיוועזין איין עֵדוּת אַז דיא שְׁכִינָה רוּהֶט אין יְרוּשָׁלַיִם מֵחֲמַת דעם גֶם אַזוי אַגְרוֹים פֶּאלְק האט גיקאָנְט אַריין אין יְרוּשָׁלַיִם אונ דְרוּם איז ראוי גיוועזין צוּ לוֹיבּין גאָט: כי אין יְרוּשָׁלַיִם איז ראוי גיוועזין אַז דיא שְׁכִינָה זאָל דאָרטין רוּהֶען, ווייל דאָרטין זייַנֶען גיזֶעסִין דיא סַנְהֶדְרִין אויף שְׁטוּלִין אונ האָבין גימִשְׁפָּט אונ צוּא דעם הויז גיזינְד פון דָוִד הַמֶּלֶךְ איז דאָרטין אויך גיוועזין שְׁטוּלִין: שאלו אונ דְרוּם זאָלְט איר בֶּעטִין פון גאָט אויף דעם שָׁלוֹם פון יְרוּשָׁלַיִם אונ די לִיבּ האָבֶּר פון דיר יְרוּשָׁלַיִם זאָלין שָׁלוֹם האָבין: יהי שָׁלוֹם זאָל זיין אין דייַנֶע מוֹיעֶרִין, שַׁלְוָה זאָל זיין אין דייַנֶע פַּאלַאצִין דאס הייסְט אַז קיין שׂוֹנֵא זאָל ניט בַּאלֶעגֶערִין אויף יְרוּשָׁלַיִם: למען דָוִד הַמֶּלֶךְ זאָגְט, ניט פון מייַנְט וועגין אַלֵיין בֶּעט איך אַז עס זאָל זיין שָׁלוֹם נאָר פון אַלֶע וואס זייַנֶען מייַנֶע פְרֵיינְט אונ מייַנֶע גיזֶעלִין: למען אונ פון וועגין דעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אונזֶער גאָטֶס הויז

## מעשה אלפם

גירעכטיגקייט קענֶען מיר אויף ווייזין מיט פיל פַּאקְטִין, דאס ערסטֶע, ווער עס האט גילֶעזין אונזער תנ"ך אונ תַּלְמוּד, ווייס, אַז עס קומְט דאָרטין ניט פאר אֲפִילוּ אַרֶמֶז, אַז מיר זאָלין דַארְפִין בְּלוּט אויף פֶּסַח, אין גֶעגֶענְטְהֵייל בייא אונז איז בְּלוּט זייער שְׁטְרֵיינְג פַאר בָּאטִין, ווען מיר גיפִינֶען אַבְּלוּטְס טְרָאפִּין אין אַיין אֵיי, וואַרְפִין מיר איר אַרוֹים. דאס צְווייטֶע אֲפִילוּ פַאר דיא וואס ווייסִין נִים אונזֶער לִיטֶערַאטוּר אונ מֵיינֶען בֶּאֱמֶת אַז מיר דַארְפֶען בְּלוּט, צוּ וואס זאָלין מיר זיין אַזעלְכֶע שׁוֹטִים הַארְגֶענֶען אַמֶענְשֶׁען אונ בְּרֵיינְגֶען אויף זיך אַזַא סַכָּנָה וואס דאס איז קֶעגֶען אונזֶער רֶעלִיגְיָאן וואס זיא שְׁרֵייבְּט וְנִשְׁמַרְתֶּם מְאוֹד לְנַפְשׁוֹתֵיכֶם, וָחַי בָּהֶם וְלֹא שֶׁיָּמוּת בָּהֶם, ווען מיר קאָנֶען דאס קְרִיגֶען מיט אַיין עֶרְלִיכֶען אונ רוּהִיגֶען אַרְט, גֶעבִּין אַיין אָרֶעמֶען קְרִיסְט עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל וואָלְט ער זיך לאָזין שְׁלָאגִין אַיין אָדֶער אונ אָבּ צַאפִּין אַבִּיסִיל בְּלוּט. אונ דְרִיטֶענְס ווען עס זאָל אֶמֶת זיין, אַז מיר הַיְינֶען קְרִיסְטְלִיכֶע קִינְדֶער צוּ לִיבּ בְּלוּט, וואָלְטִין די שְׁלֶעכְטֶע אִידֶען אוּנְז שׁוֹין לַאנְג גֶעמַסֶרְ'ת. ווען מען חַאפְּט דעם גַנָב פַארִין הַאנְד, הֶעלְפְט קֵיינֶע פֶּערֶענְטְפֶערוּנְג נִיט (זאָגְט דער שַ״ס), נוּר אַלְס מִיטְלַייד האָבּ איך איין מִיטִיל צוּ רֶעטִין אַייך פון טוֹיט, ווען איר וועט מיר עֶרְקְלֶערִין אַפָּסוּק אין פְּסַלְתִּיר (תהלים) הִנֵּה לֹא יָנוּם וְלֹא יִישָׁן, וואס דַארְף שְׁטֵיין „וְלֹא יִישָׁן" אַז נָאט דְרֶעמִילְט נִים אַפְּשִׁיטָא אַז ער שְׁלָאפְט נִיט? דער רַב האט אִים עֶרְקְלֶערְט דעם רֵיינֶעם פְּשַׁט, אַמֶענְשׁ קען נִיט זיין קֵיין רֶעכְטֶער „שׁוֹמֵר" ווייל אַמֶענְטְשׁ קען פון שְׁוואַכְקֵייט חַאפִּין דְרֶעמְלֶען אֲפִילוּ אין מִיטִין טָאג, אונ אֲפִילוּ דער שְׁטַארְקֶער מֶענְשׁ מוּז דאָך אויך שְׁלָאפִין בייא נַאכְט, אָבֶער בייא דעם בּוֹרֵא איז נִיטָא קֵיין שְׁוואַכְקֵיים צוּ דְרֶעמְלֶען אונ אויך נִיט דיא נַאטוּר פון שְׁלָאפִין, ווייל ער אַלֵיין איז דער בַּאשֶׁעפֶער פון דיא

וואס וועט אין יְרוּשָׁלַיִם גיבויט ווערין דְרוּם בֶּעט איך גוּטֶץ אויף דיר יְרוּשָׁלַיִם:

שִׁיר המעלות צוּ דיר גאָט וואס דוּ זיצְט אין הִימֶל האָבּ איך אויף גיהויבּן מייַנֶע אויגֶען אונ בֶּעט אַז דוּ זאָלְסְט מיר הֶעלְפִין: הנה אַזוי ווי די אויגין פון די קְנֶעכְט קוּקִין צוּ די הֶענְט פון זֵייעֶרֶע הֶערִין אַז זֵיי זאָלין עֶפֶּעס גֶעבִּין אונ אַזוי ווי די אויגין פון דֶר שִׁפְחָה קוּקִין צוּ די הֶענְט פון די הֶערִינְטֶע, אַזוי קוּקִין אונזֶערֶע אויגין צוּ גאָט בִּיז ער

שֶׁיְּחָנֵּנוּ: חָנֵּנוּ יְיָ, חָנֵּנוּ כִּי רַב שָׂבַעְנוּ בוּז: רַבַּת שָׂבְעָה לָּהּ נַפְשֵׁנוּ, הַלַּעַג הַשַּׁאֲנַנִּים הַבּוּז, לִגְאֵי יוֹנִים:

שִׁיר הַמַּעֲלוֹת לְדָוִד, לוּלֵי יְיָ שֶׁהָיָה לָנוּ יֹאמַר נָא, יִשְׂרָאֵל: לוּלֵי יְיָ, שֶׁהָיָה לָנוּ, בְּקוּם עָלֵינוּ, אָדָם: אֲזַי חַיִּים, בְּלָעוּנוּ בַּחֲרוֹת אַפָּם בָּנוּ: אֲזַי הַמַּיִם שְׁטָפוּנוּ נַחְלָה, עָבַר עַל נַפְשֵׁנוּ: אֲזַי עָבַר עַל נַפְשֵׁנוּ הַמַּיִם הַזֵּידוֹנִים: בָּרוּךְ יְיָ שֶׁלֹּא נְתָנָנוּ טֶרֶף לְשִׁנֵּיהֶם: נַפְשֵׁנוּ, כְּצִפּוֹר נִמְלְטָה, מִפַּח יוֹקְשִׁים, הַפַּח נִשְׁבָּר, וַאֲנַחְנוּ נִמְלָטְנוּ: עֶזְרֵנוּ בְּשֵׁם יְיָ, עֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ:

הַלְלוּיָהּ, הַלְלוּ אֶת שֵׁם יְיָ הַלְלוּ, עַבְדֵי יְיָ: שֶׁעֹמְדִים, בְּבֵית יְיָ בְּחַצְרוֹת, בֵּית אֱלֹהֵינוּ: הַלְלוּיָהּ, כִּי טוֹב יְיָ, זַמְּרוּ לִשְׁמוֹ, כִּי נָעִים: כִּי יַעֲקֹב, בָּחַר לוֹ יָהּ יִשְׂרָאֵל,

## מעשה אלפס

דיא גאמ'ר דרום איז ער דער ריכטיגער, "שומר ישראל". כמו קען זאגין נאך אפשט? פרעגט דער ש"ר, ווארום ניט (זאגט דער רבי), דיא היילגע רייד פון אונזער תנ"ך איז קורץ געשריבין אונ האלטין אין זיך איין פיל גידאנקען. אז יע אזוי (זאגט דער ש"ר) וועל איך אייך זאגין אפשט פון פראקטיקע, הנה לא ינום, גאט דערמילט ניט "ולא יישן" אונ לאזט דעם אנדערין אויך ניט שלאפין שומר ישראל אום צו פאר היטין איך אידין פון אונגליק אונ האט זיא דער ציילט דיא גאנצע היסטאריע אז דיזע נאכט האט אים פאסירט וויא ביא אחשורוש (בלילה ההוא נדדה שנת המלך) אום צו פארהיטין אידין פון המן'ס בלבולים, אונ דיא גלחים האבין גיהאט המן'ס מפלה, וליהודים היתה אורה ושמחה:

## בית ישראל

וועט זיך דר בארימען אויף אונז: חננו דער בארעם זיך אונזער גאט אויף אונז ווארום מיר זיינען גיזעט גיווארן מיט פיל בזיונות: רבת אונזערע לייבער זיינען פיל גיזעט גיווארין פון דעם שפעטונג פון די בעלים וואס זיינען גיזעסין בשלוה אונ פון דיא בזיונות פון דיא בעלים וואס האלטין זיך בגאוה אונ האבין אונז מבזה גיוועזן: שיר המעלות די ישראל האבין גיזאגט אין די צייט פון המן אז גאט וואלט מיט אונז ניט גיוועזן אין דער צייט אז אמענש איז אויף גישטאנגען אויף אונז: אזי וואלטן זייא אונז לעבעדיגערהייט איין גישלונגען אין דער צייט אז זייער צארין גרימט אויף אונז: אזי אונ די וואסער דאס מיינט מען די בעלים וואלטין אונז גיוועזן פאר פלייצט אונ אזוי ווי אטייך וואסער וואלט גיוועזין איבער גיפארין אויף אונזער לייב: אזי אונ אויף אונזער לייב וואלט גיוועזין איבער גיפארין די מוטוויליגע וואסער: ברוך אבער גילויבט איז גאט וואס ער האט אונז ניט גיגעבין אז מיר זאלין זיין א פאר צוקונג צוא זייערע ציין: נפשנו אונזערע לייבער זיינען אנטרונען גיווארין אזוי ווי אפייגיל ווערט אנטרונען פון דער שטרויכלענדיגע נעץ, די נעץ איז צו בראכין גיווארין אונ מיר זיינען אנטרונען גיווארין: עזרנו אונזער הילף קומט, אז מיר דער מאנען גאטס נאמען ווס האט באשאפין הימל אונ ערד: הללויה, לויבט גאטעס נאמען, לויבט איר קנעכט פון גאט: שעומדים דיא וואס שטייען אין גאטעס הויז (דאס זיינען דיא כהנים וואס זיינען מתפלל אין היכל), אויך דיא וואס שטייען אין דיא פארהויפען פון גאטעס הויז (דאס זיינען דיא ישראלים וואס זיינען מתפלל אין דער עזרה): הללויה לויבט גאט, דען ער איז גוט, זינגט לויב צו זיין נאמען דען ער איז ליב: כי דען דיא פאלק יעקב האט

לִסְגֻלָּתוֹ: כִּי אֲנִי יָדַעְתִּי, כִּי גָדוֹל יְיָ וַאֲדֹנֵינוּ, מִכָּל אֱ־הִים:
כֹּל אֲשֶׁר חָפֵץ יְיָ עָשָׂה, בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ בַּיַּמִּים וְכָל תְּהֹמוֹת:
מַעֲלֶה נְשִׂאִים, מִקְצֵה הָאָרֶץ, בְּרָקִים לַמָּטָר עָשָׂה מוֹצֵא
רוּחַ, מֵאוֹצְרוֹתָיו: שֶׁהִכָּה, בְּכוֹרֵי מִצְרָיִם מֵאָדָם, עַד
בְּהֵמָה: שָׁלַח, אוֹתוֹת וּמֹפְתִים, בְּתוֹכֵכִי מִצְרָיִם בְּפַרְעֹה,
וּבְכָל עֲבָדָיו: שֶׁהִכָּה גּוֹיִם רַבִּים וְהָרַג, מְלָכִים עֲצוּמִים:
לְסִיחוֹן, מֶלֶךְ הָאֱמֹרִי, וּלְעוֹג, מֶלֶךְ הַבָּשָׁן וּלְכֹל, מַמְלְכוֹת
כְּנָעַן: וְנָתַן אַרְצָם נַחֲלָה נַחֲלָה, לְיִשְׂרָאֵל עַמּוֹ: יְיָ, שִׁמְךָ
לְעוֹלָם יְיָ, זִכְרְךָ לְדֹר וָדֹר: כִּי יָדִין יְיָ עַמּוֹ וְעַל עֲבָדָיו,
יִתְנֶחָם: עֲצַבֵּי הַגּוֹיִם, כֶּסֶף וְזָהָב מַעֲשֵׂה, יְדֵי אָדָם: פֶּה
לָהֶם, וְלֹא יְדַבֵּרוּ עֵינַיִם לָהֶם, וְלֹא יִרְאוּ: אָזְנַיִם לָהֶם,

בית ישראל

גאט פאר זיך אויס ערוואהלט פון אלע אומות און די היגע מענשן פון אידען וואס רופען זיך "ישראל" זיינען ביי אים דער גיליבטער אוצר: כי דען איך ווייס אז גרויס איז גאט, אונזער הער גאט איז גרעסער פון אלע הערשער: כל איך זעהע אז אלעס וואס גאט וויל האט ער באשאפען אין הימיל און אויף דער ערד, אין די ימים און אין אלע אבגרונדען: מעלה ער מאכט אויף ברייגען וואלקנס פון ים וואס פארין און זעהט דאס אויס וויא אין עק וועלט) און זייא פליהען אין דער הויך וויא לופט באלאנען און ווערען דארטען פערהארטעוועט אין לופט, נאכהער אז ער וויל געבען רעגין טיילט ער אב פון זייא דעם יסוד האש און די עלעקטריע, ווערט דער פון בליצען און דורך דעם ציט ער ארויס די לופט וואס אין זייא איז איינגיהאלטין, דאדורך גיסין זיך די וואלקנס אויף רעגין. און דורך דעם רעגין זעהע איך שטענדיג זיין השגחה פרטית: שהכה ער האט אויך

גישלאגין די בכורים פון מצרים, פון מענשין ביז בהמות: שלח ער האט גישיקט וואונדער צייכען אין דיר "לאנד מצרים" אויף פרעה'ן און אלע זיינע דינער: שהכה ער האט גישלאגין פיל פעלקער און צוא הרג'ת שטארקע קעניגע: לסיחון דעם קעניג פון אמורי און אויך עוג דעם קעניג פון מדינה בשן און אלע קעניגרייך פון לאנד כנען: ונתן ער האט אב גיגעבען זייער לאנד צום ערבטהייל צוא זיין פאלק ישראל: יי גאט, דיין נאמען "באשעפער" פערבלייבט אויף עוויג, מיט דעם נאמען דער מאנען דיר די וואס גלויבען אין דיר אין אלע דורות: כי און מיר האפין אז גאט ווערט זיך אנגעמען פאר די קריוודע פון זיין פאלק און איבער זיינע קנעכט ווערט ער זיך ערבארעמען: עצבי אבער די געצין בילדער פון די היידען זיינען נור זילבער און גאלד, מענשליכע ארבייט: פה זייא האבין א מויל און קענען ניט ריידין, האבען אויגען און קענען ניט זעהען, אויערן האבען זייא און הערין ניט. אויך

וְלֹא יַאֲזִינוּ אַף, אֵין יֶשׁ רוּחַ בְּפִיהֶם: כְּמוֹהֶם, יִהְיוּ עֹשֵׂיהֶם כֹּל, אֲשֶׁר בֹּטֵחַ בָּהֶם: בֵּית יִשְׂרָאֵל, בָּרְכוּ אֶת יְיָ בֵּית אַהֲרֹן, בָּרְכוּ אֶת יְיָ: בֵּית הַלֵּוִי, בָּרְכוּ אֶת יְיָ יִרְאֵי יְיָ, בָּרְכוּ אֶת יְיָ: בָּרוּךְ יְיָ, מִצִּיּוֹן שֹׁכֵן יְרוּשָׁלָיִם, הַלְלוּיָהּ:

הוֹדוּ לַיְיָ כִּי טוֹב כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ:
הוֹדוּ, לֵאלֹהֵי הָאֱלֹהִים כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ:
הוֹדוּ, לַאֲדֹנֵי הָאֲדֹנִים כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ:
לְעֹשֵׂה נִפְלָאוֹת גְּדֹלוֹת, לְבַדּוֹ כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ:

פנינים יקרים

הודו לה' כי טוב כי לעולם חסדו. לְמָשָׁל עֶס זַיינֶען אַמָאהל גִיוֶועזֶן צְוַויי שְׁטַארְקֶע מֶענְשֶׁן, שִׁמְעוֹן אונ לֵוִי, זַייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט וַוייזֶן זַייעֶר שְׁטַארְקַייט זַיינֶען זַייא גֶעגַאנְגֶען צוּ אַוַואסֶער מִיהל וֶוען דִיא וואסער הָאט מִיט אַשְׁטַארְקֶן כֹּחַ גֶעטְרִיבֶּען דִיא רֶעדֶער, הָאט שִׁמְעוֹן מִיט אֵיין הַאנְט פַארְהַאלְטֶן אַרָאד אונ דִיא מִיהל מִיט אַלֶע רֶעדֶער זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין, הָאט לֵוִי גִיזָאגְט צוּ שִׁמְעוֹן נֶעם אַוֶועק דִיא הַאנְט פוּן רָאד וֶועל אִיךְ וַוייזֶן אַגְרֶעסֶערֶע שְׁטַארְקַייט, שִׁמְעוֹן הָאט אַוֶועק גענוּמֶען דִיא הַאנְט פוּן רָאד, דִיא וַואסֶער הָאט אָנְגֶעהויבֶּן לויפֶן אויף דִיא רֶעדֶער, אונ אַלֶע רֶעדֶער הָאבִּין זִיךְ גֶעדְרֵייט מִיט אַשְׁטַארְקֶן כֹּחַ, הָאט לֵוִי אַבְּלָאז גִיטָאן אויף דִיא וַואסֶער אִיז דִיא וַואסֶער אַנְטְלָאפִין פוּן דֶעם אָרְט אונ עֶס אִיז גִיוָוארִין טְרוּקֶן אַרוּם דִיא מִיהל, אונ דִיא מִיהל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין, הָאט לֵוִי גִיזָאגְט צוּ שִׁמְעוֹן דוּא בִּיזְט טַאקִי שְׁטַארְק אָבֶּער דוּא הָאסְט גֶעמוּזְט אֵייבִּיג הַאלְטֶן מִיט דַיין הַאנְט דִיא רָאד, וֶוען דוּא הָאסְט נָאר צוּגֶענוּמֶען דַיין הַאנְט פוּן רָאד, אִיז בַּאלְד דִיא וַואסֶער גִילָאפִין אונ גֶעדְרֵייט דִיא רֶעדֶער, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מִיט אֵיין בְּלָאז אַוֶועקְגִיבְּלָאזִין דִיא וַואסֶער, אונ אִיךְ קֶען גֵיין אַהֵיים, דִיא מִיהל וֶועט אַזוֹי לַאנְג שְׁטֵיין בִּיז אִיךְ וֶועל קוּמֶען אונ צוּרִיק בְּלָאזִין דִיא וַואסֶער אויף דִיא רֶעדֶער, דָוִד הַמֶּלֶךְ ע"ה דֶערְצֵיילְט אִין דֶעם קַאפִּיטֶ'ל דִיא ווּאנְדֶער אונ שְׁטַארְקַייט וָואס הקב"ה הָאט גִיטָאן אויף דֶער וֶועלְט, דֶערְצֵיילְט עֶר נָאךְ אַזַאךְ דִיא אַלֶע זַאכִין וָואס הקב"ה הָאט גִיטָאן זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען אויף אֵייבִּיג, דִי וֶועלְט אִיז בֶּעשַׁאפִין גֶעוָוארִין צוּ טָאן חֶסֶד, כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ, אויף אֵייבִּיג אִיז זַיין חֶסֶד, אַלֶע מֶענְשִׁין קֶענֶען נִיט עֶנְדֶערִין וָואס הקב"ה הָאט בֶּעשַׁאפִין, מֶען קֶען נִיט עֶנְדֶערִין דֶעם גַאנְג פוּן דִיא זוּן אונ דִיא לְבָנָה, נָאר עֶר אַלֵיין קֶען מַאכִין וִויא עֶר וִויל, עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַיִם, אונ עֶר הָאט אַבְּלָאז גִיטָאן אויף דֶעם יַם מִיט אַווִינְט אִיז גִיוָוארִין טְרוּקִין, עֶר הָאט נָאךְ אַמָאל אַבְּלָאז גִיטָאן אִיז דִיא וַואסֶער צוּרִיק גֶעקוּמֶען, אונ אַלֶע זַאכִין וָואס עֶר הָאט בֶּעשַׁאפִין שְׁטֵייעֶן אויף אֵייבִּיג בִּיז עֶר אַלֵיין וֶועט וֶועלִין זֵייא עֶנְדֶערִין:

בית ישראל

אִיז נִיטָא קֵיין אָטְהֶעם אִין זֵייעֶר מוֹיל כמוהם אַזוֹי וִויא דִיא גֶעטְצִין, אַזוֹי וֶועלֶען זַיין דִיא וָואס מַאכֶען זֵייא אונ דִיא אַלֶע וָואס פַארְזִיכֶערִין זִיךְ אָן זֵייא, דָאס הֵייסְט אַזוֹי וִויא דִיא גֶעצִין זַיינֶען טוֹיטֶע אָן לֶעבְּהַאפְט אַזוֹי קֶענֶען זֵייעֶרֶע גִיזֶעצִין נִיט גֶעבִּין קֵיין לֶעבְּהַאפְט אִין דִיא מֶענְטְשֶׁען וָואס טוּעֶן זֵייא, אוֹיס צוּא אֵיידְלֶען זֵייעֶרֶע זִיטֶען: בית דַארוּם אִיר יִשְׂרָאֵל'ס הוֹיז לוֹיבְּט גָאט, הוֹיז פוּן אַהֲרֹן לוֹיבְּט גָאט, הוֹיז פוּן לֵוִי לוֹיבְּט גָאט, אִיר גָאטֶעס פִירְכְטִיגֶע לוֹיבְּט גָאט: ברוך גִילוֹיבְּט אִיז גָאט פוּן צִיוֹן וָואס רוּהְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, הַלְלוּיָהּ: הודו דַאנְקְט גָאט, דֶען עֶר אִיז גוּט, אונ אוֹיף עֶווִיג אִיז זַיין גְנַאדֶע. דַאנְקְט גָאט דֶער אִיבֶּער אַלֶע שְׁטַארְקֶע אִיז, אוֹיף אִימֶער אונ עֶווִיג אִיז זַיין גְנַאדֶע. דַאנְקְט

דעם

מעשה אלפס

נִפְלָאוֹת גדולות לבדו. דִיא מִשְׁנָה זָאגְט (ברכות פ"ט) מֶען קוּמְט צוּ אֵיין אָרְט וָואס דָארְטִין הָאט דֶער בּוֹרֵא הָזוֹאֶה מָקוֹם שֶׁנַּעֲשׂוּ בוֹ נִסִּים לְיִשְׂרָאֵל, וֶוען גִיטָאן נִסִּים צוּ אִידִין דַארְף מֶען מַאכִין אַבְּרָכָה „בָּרוּךְ"

לְעֹשֵׂה הַשָּׁמַיִם, בִּתְבוּנָה כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
לְרוֹקַע הָאָרֶץ, עַל הַמָּיִם כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
לְעֹשֵׂה, אוֹרִים גְּדֹלִים כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
אֶת הַשֶּׁמֶשׁ, לְמֶמְשֶׁלֶת בַּיּוֹם כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
אֶת הַיָּרֵחַ וְכוֹכָבִים, לְמֶמְשְׁלוֹת בַּלָּיְלָה כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
לְמַכֵּה מִצְרַיִם, בִּבְכוֹרֵיהֶם כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃

בית ישראל

דעם הער איבער אלע הערין, דען עוויג איז זיין גנאדע; לעשה דאנקט גאט וואס טוט גרויסע וואונדער אליין (וואס דער מענטש באמערקט דאס גאר ניט), עוויג איז זיין גנאדע. דאנקט גאט וואס האט גימאכט דעם הימל מיט פעסטשטאנד, דען אויף עוויג איז זיין גנאדע. דאנקט גאט, וואס ער האט אויס גיבריי־טעט דיא ערד אויף דעם וואסער, דען אויף עוויג איז זיין גנאדע. דאנקט דעם וואס האט גימאכט גרויסע ליכטן, אויף עוויג איז זיין גנאדע. את וויא דיא זאנע צו גיוועלטיגען ביי טאג, אונ דיא לבנה מיט דיא שטערען צוא גיוועלטיגען ביי נאכט, אויף עוויג איז זיין גנאדע. דאנקט גאט וואס האט גישלאגין דיא מצרים מיט זייערע בכורים אונ דורך דעם

מעשה אלקים

גילויבט איז השי"ת, וואס האט גיטאן נסים מיט אונזערע עלטערין אין דיזען ארט, רעכינט דיא גמרא איינע פון דיא ערטער אין "מעברות נחלי ארנון", בעת אידין זיינען גענאנגען פון מצרים קיין ארץ ישראל, דורך דעם גרויסין מדבר, אונ זיינען גיקומען נאהענט פון אמורי, איז דארטין גיוועז אשמאלע וועג, אטאל צווישען צווייא הויכע בערג, האבין דיא אמוריים באקלערט אפלאן וויא אויס צו הרגנען אידין, זייא האבין גימאכט גרויסע היילין אין דיא בערג אונ האבין זיך דארטין באהאלטין סוזענדער מאן מיט גיווער אונ מיט גרויסע שטיינער, ווען אידען וועלין דורך גיין צווישען דיא בערג וועלין זיי אויף זיי שיסין פון אויבין אונ ווארפין מיט שטיינער ביז זיי וועלין אויס הרגנען ביז איינעם. דעם סוד האבין דיא אמוריים ניט גיוואוסט, אז דער ארון מיט דיא לוחות גייט פאר אויס פאר דיא אידישע מחנה, אונ מאכט גלייך דיא וועג. וויא דער ארון איז גיקומען, איז דער באר פערציטערט גיווארין (לפני ארון הגלי ארץ) וויא אשכבדה וואס גיט ארויס גענין איר ווארטין אונ גייט זיך פיר איר, אזוי האט ער זיך צגייג גיטאן אין מאל גלייך מאכין דיא וועג, אונ מיט זיינע שפיצין איז ער אריין אין דיא לעכער פון דעם אנטקעגענדיגען בארג, וואו דיא אמוריים זיינען גיווען באהאלטין אונ האט זיי צו שטיקט אונ צו ריבין אויף מעל, אז זייער בלוט האט זיך גיגאסין אין טאל אינטין. אידין זיינען זיך גיגאנגין אויבין גאנץ רוהיג אונ האבין גאר ניט גיוואוסט פון דיא גאנצע גישיכטע, ניט פון דעם גאנץ וואס דיא אמוריים האבין אויף זיי פערטיפריגט אונ ניט פון דעם נס וואס דער בורא האט גיטאן. דאס זאגט דוד המלך הודו לעושה נפלאות גדולות, לויבט צו דעם וואס ער טוט מיט אונז גרויסע וואונדער וואס מיר ווייסין גאר ניט, "לבדו" נור ער אליין ווייס, אונ ניט איין מאל פאסירט דאס "כי לעולם חסדו" זיין גנאדע איז עוויג "בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו" אין יעדער צייט איז פאראנען שונאי ישראל וואס פערשפייטן אין דער שטיל שטרויכלונגען צו שעדיגין דעם אידין אונ נור "ה ב"ה מצילנו מידם", ער רעטעט אונז פון זייער האנד, דארפין מיר זאגין שטענדיג לויב גיזאנג צו אים, אזוי וויא אידין האבין דאן גיזאגט בעת זיי האבין זיך דער וואוסט פון דעם, וויא דיא תורה דער ציילט (זיין פ' חקת) "ואשד הנחלים" אז אידין זיינען איבער דעם גיגענד אונ דיא בערג האבין זיך צוריק אוועק גישטעלט אויף זייער פלאץ, איז דער שטיין (באר שעל מרים) וואס האט זיך מיט גיקייקלט אונ האט גיגעבין וואסער וויא אקוואל נובעת מים, דער שטיין האט אראפ גיבראכט אין טאל אונ האט ארויף גיבראכט פון טאל דיא בלוט אונ דיא צוריסענע גלידער פון דיא אמוריים אונ האט דאס ארום גיפירט ארום מחנה ישראל אונ אידין האבין דאס גיזעהען איז ביי זיי גישטאקט גיווארין דיא אהבה צו השי"ת אונ האבין גיזאגט שירה "עלי באר ענו לה".

סע"ט ס'

וַיּוֹצֵא יִשְׂרָאֵל, מִתּוֹכָם | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
בְּיָד חֲזָקָה, וּבִזְרוֹעַ נְטוּיָה | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
לְגֹזֵר יַם סוּף, לִגְזָרִים | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
וְהֶעֱבִיר יִשְׂרָאֵל, בְּתוֹכוֹ | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
וְנִעֵר פַּרְעֹה וְחֵילוֹ, בְיַם סוּף | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
לְמוֹלִיךְ עַמּוֹ, בַּמִּדְבָּר | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
לְמַכֵּה, מְלָכִים גְּדֹלִים | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
וַיַּהֲרֹג, מְלָכִים אַדִּירִים | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
לְסִיחוֹן, מֶלֶךְ הָאֱמֹרִי | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
וּלְעוֹג, מֶלֶךְ הַבָּשָׁן | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
וְנָתַן אַרְצָם, לְנַחֲלָה | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
נַחֲלָה, לְיִשְׂרָאֵל עַבְדּוֹ | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
שֶׁבְּשִׁפְלֵנוּ זָכַר לָנוּ | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
וַיִּפְרְקֵנוּ מִצָּרֵינוּ | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
נֹתֵן לֶחֶם, לְכָל בָּשָׂר | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃
הוֹדוּ, לְאֵל הַשָּׁמָיִם | כִּי, לְעוֹלָם חַסְדּוֹ׃

### בית ישראל

דעם האט ער בעפרייט דיא ישראל פון זייא מיט אשטארקע האנד אונ איין אויס גישטרעקטען ארעם, דען אויף עוויג איז זיין גנאדע: לגוזר דאנקט דעם וואס האט צוא טיילט דעם ים סוף אויף צוועלף שטיקער. אונ האט דורך געפירט אלע צוועלף שבטים דורך אים, דען אויף עוויג איז זיין גנאדע. דאנקט דעם וואס האט אריין גישליידערט פרעה'ן מיט זיין חיל אין ים סוף, אויף עוויג איז זיין חסד: למוליך דאנקט דעם וואס האט גיפירט זיין פאלק ישראל אין דעם וויסטען מדבר. וואס דורך דעם האבין זיי גילערינט גאטעס וועג אונ ארויס גיטריבין פון זייער הארץ דיא שלעכטע גידאנקען פון מצרים, אונ

ער האט גישלאגין פאר זיי גרויסע אונ מעכטיגע קעניגען, וויא דעם סיחון דער קעניג פון אמורי אונ דעם קעניג פון „בשן", אונ ער האט אב גיגעבין זייער לאנד צום ארבטייל צו זיין קנעכט ישראל, אויף עוויג איז זיין גנאדע: שבש לנו אונ דיא אלע נסים פון פריער איז איין אנפאנג אויף שפעטער, אז אין אונזער נידעריגען שטאנד דר מאנט ער אונז די פאריגע נסים אונ בעפרייט אונז פון אונזערע פיינד, דען אויף עוויג איז זיין גנאדע: נותן ער גיט שפייז צו אלע באשעפענעם. הנם עס זעהט אויס אז דאס איז מיט דער נאטור אבער ווער פירט דיא נאטור? נור ער, דרום דאנקט דעם גאט פון הימיל וואס

האט

מִזְמוֹר שִׁיר, לְיוֹם הַשַּׁבָּת: טוֹב לְהֹדוֹת לַייָ, וּלְזַמֵּר
לְשִׁמְךָ עֶלְיוֹן: לְהַגִּיד בַּבֹּקֶר חַסְדֶּךָ וֶאֱמוּנָתְךָ
בַּלֵּילוֹת: עֲלֵי עָשׂוֹר וַעֲלֵי נָבֶל, עֲלֵי הִגָּיוֹן בְּכִנּוֹר: כִּי
שִׂמַּחְתַּנִי יְיָ בְּפָעֳלֶךָ, בְּמַעֲשֵׂי יָדֶיךָ אֲרַנֵּן: מַה גָּדְלוּ
מַעֲשֶׂיךָ יְיָ, מְאֹד עָמְקוּ מַחְשְׁבֹתֶיךָ: אִישׁ בַּעַר לֹא יֵדָע
וּכְסִיל לֹא יָבִין אֶת זֹאת: בִּפְרֹחַ רְשָׁעִים כְּמוֹ עֵשֶׂב, וַיָּצִיצוּ
כָּל פֹּעֲלֵי אָוֶן, לְהִשָּׁמְדָם עֲדֵי עַד: וְאַתָּה מָרוֹם לְעֹלָם יְיָ:
כִּי הִנֵּה אֹיְבֶיךָ יְיָ, כִּי הִנֵּה אֹיְבֶיךָ יֹאבֵדוּ יִתְפָּרְדוּ כָּל פֹּעֲלֵי
אָוֶן: וַתָּרֶם כִּרְאֵים קַרְנִי, בַּלֹּתִי בְּשֶׁמֶן רַעֲנָן: וַתַּבֵּט עֵינִי

### בית ישראל

האט בעשאפען אונ פירט דיא נאטור, אונ אויף עוויג איז זיין גנאדע:

מזמור דער מזמור איז גמאכט גווארין אז דיא לוים זאלין אים זינגען אום שבת: טוב עס איז גוט צו לויבין צו גאט, אונ צו זינגען צו דיין נאמן וואס איז העכר פון אלים: להגיד צו זאגין אלע אין דר פריא דיינע חסדים, אונ דיין ווארהייט צו זאגין אלע נאכט: עלי אויף איין כלי זמר פון צעהן סטרונגס וועלין מיר שפילין צו גאט, אונ אויף אפידעל, אויף דעם וואס מיר וועלין זינגען מיט דעם מויל וועלין מיר נאך צוא שפילין מיט אהארף עס זאל זיין שענער: כי ווייל דו גאט האסט מיך דרפרייט מיט די ווערק פון דיינע נסים, פון וועגין די ווערק פון דיינע הענט וועל איך זינגען צו דיר: מה וויא זייער גרויס זיינען די ווערק פון דיר גאט, דיינע מחשבות זיינען זייער טיף: איש אמענש וואס איז אוים גילערט פון חכמה ווייס ער דאס ניט, אונ איין נאר פר שטייט דאס ניט: בפרוח דאס וואס די רשעים בליען אזו ווי גראז אונ טוען שפראצין אלע וואס ווערקין אום רעכט אונ האבין הצלחה, איז נאר צו בצאלין זיי אויף זייער ביסעל גוטע מעשים אויף דער וועלט, אום זיי זאלין פאר טיליגט ווערין אויף אייביג, זייא זאלין ניט האבין קיין עולם הבא: ואתה אונ דוא גאט ביסט הויך אויף אייביג: כי דיינע פיינט וואס האבין דיך גאט פיינט וועלין פרלארין ווערין, אונ אלע די וואס ווערקין אומרעכט וועלין זייערע בזיינער צו שפרייט ווערין: ותרם אבער מיין הערשאפט וועט דר הויבין ווערין אזו הויך וויא דיא הערנער פון איין חיה וואס ווערט אן גרופן „ראם". מיין קאפ

### פנינים יקרים

כי שמחתני ה' בפעלך במעשי ידיך ארנן. מיר ווייסין אמאהל פירט הקב"ה די וועלט מיט דער נאטור, עס גייט אלץ כסדר פון דיא צייט וואס דיא וועלט איז באשאפין גיווארין. דאס ווערט גערופין מעשי ידיך, דאס איז אפארטיגער פירונג וואס דיא הענט פון הקב"ה האבין שוין לאנג געמאכט, אמאהל פירט הקב"ה דיא וועלט מיט נסים, דיא ארדנונג פון דער וועלט ווערט גיענדערט, דאס ווערט גערופין פעולה, ארבייט, ווייל דאס איז שטענדיג אין דיא ארבייט, נסים קענען אייביג זיין, דאס האט קיין ענדע, זאגט דער פסוק כי שמחתני ה' בפעלך, ווען דוא טוהסט מיט מיר נסים איך זאל געהאלפין ווערין דורך אנס איז ביי מיר אשמחה. ובמעשי ידיך, ווען דוא העלפסט מיר מיט דער נאטור איז ביי מיר דיא שמחה פיל גרעסער, ארנן, איך וועל זינגען אויך ביא דיא שמחה. ווארום ווען הקב"ה טוהט איינעם אנס רעכינט מען אים אפ פון זיינע מצות אונ מעשים טובים.

בְּשׁוּרָי, בַּקָּמִים עָלַי מְרֵעִים, תִּשְׁמַעְנָה אָזְנָי: צַדִּיק כַּתָּמָר
יִפְרָח, כְּאֶרֶז בַּלְּבָנוֹן יִשְׂגֶּה: שְׁתוּלִים בְּבֵית יְיָ, בְּחַצְרוֹת
אֱלֹהֵינוּ יַפְרִיחוּ: עוֹד יְנוּבוּן בְּשֵׂיבָה, דְּשֵׁנִים וְרַעֲנַנִּים יִהְיוּ:
לְהַגִּיד כִּי יָשָׁר יְיָ, צוּרִי וְלֹא עַוְלָתָה בּוֹ:
יְיָ מָלָךְ, גֵּאוּת לָבֵשׁ, לָבֵשׁ יְיָ, עֹז הִתְאַזָּר, אַף תִּכּוֹן תֵּבֵל, בַּל תִּמּוֹט:
נָכוֹן כִּסְאֲךָ מֵאָז, מֵעוֹלָם אָתָּה: נָשְׂאוּ נְהָרוֹת, יְיָ, נָשְׂאוּ נְהָרוֹת,

## מעשה אלפם

לְהַגִּיד כִּי יָשָׁר ה׳, בעטראכטענדיג דיא וועלט, דער מענש וואס ער איז דער קייזער פון דער בריאה (תַּמְשִׁילֵהוּ בְּמַעֲשֵׂי יָדֶיךָ), אין זיין האנד איז איבער גיגעבין אלע בריאים, צו טאן מיט זייא וואס ער וויל, אם ענדע איז ער שוואכער אונ ניידערער מער פון אלעמען, סיי אין זיין לעבענסמיטל, אונ סיי אין האדעווען זיינע קינדער, אלע בעלי חיים קומט דאס אן גרינג, אונ דער מענש האט דאגת חיונה אונ צער גדול בנים, אונ אפילו אין זיין גליקליכע צייט, קומט זיין שכל אונ שטערט אים זיין פערגעניגען, דער שכל ווייזט אים, אז ער איז אפינגם ניט זיכער פון טויט אונ פון קראנקייט חלילה, אונ דיא קעלבעלע בעת זיא לויפט ארום אויף'ן גרינעם גראז, לעבין וואסער, לעבט זיא א טאג, איר שרעקט ניט אב דער אונגליק פון טויט, קומט פארלייפיג אויס, אז דער בורא וואס גיטאן דעם מענשין איין עולה, ער האט אים גימאכט פארין קייזער פון דיא נאטור, צום ענדע איז ער אונגליקליכער פון אלעמען, ובפרט דיא צדיקים זיינען תיל מאל מער גידריקט פיר אלעמען. דיא פראגע איז אבער נור פאר אקליינע קעפעלע אונ אקורצזיכטיגע אויג, וואס זעט נור וואס לעבין זיין נאז איז, אבער ביי דעם וואס האט קאפ אונ מוח אונ זעט נייט, פאלט ארונטער אלע קשיות ער פערשטייט אז דיא וועלט איז (לְבֵי הִלּוּלָא דָּמְיָא) גלייך צו אחתונה, וואס חתן כלה אונ דיא רעכטע מחותנים לייפין ארום אונ זיינען פאר מאטערט אונ עסין גאנץ וועניג, אונ מאנכע מאל גאר ניט, אונ גראדע דיא שלעפער לייט וואס קומען נור עסין אונ טרינקען זיי זיצין זיך רוהיג אונ האבין הנאה דיא קורצע ווייליע, דער רעכטער פערגניגען פיר חתן כלה וועט זיך ערסט אנהייבין שפעטער, אז מען וועט איבער פאטערין דעם טומ'ל. דאס גלייכן דער מענש, ווייל ער איז דער רעכטער מחותן אויף דער וועלט, דער פאר עסט ער זיין ביסען פאר מאטערט אונ פאר הארעוועט, ביי אים וועט זיך אנהייבין דיא רעכטע שמחה ערסט שפעטער, אז ער וועט פאטערין דעם טומ'ל פון דער וועלט, דעם טומ'ל פון גויסין יריד (הַיּוֹם לַעֲשׂוֹתָם), דאן, אויב ער האט איין גיהאנדעלט גוטע סחורה (תורה ומעשים טובים), ער האט זיך משדך גיוועזין מיט דיא „אֵשֶׁת חַיִל" (דאס איז דיא תורה וואס זיא איז נקנית בארבעים ושש ונה דברים כמנין חי"ל), דאן וועט זיין נשמה ערסט אנהייבין צו לעבען. אפאקער כתיגע, אז ניט דעם חומר'ס גישעפטין עסין אונ טרינקען אונ תאות) איבערדער עיקר, נאר דיא עסקים פון נפש איז דיא הויפט זאך, זעהען מיר פון

## בית ישראל

וועט גישמירט ווערין מיט פעטין אייל אונ דאס איז לשון גדולה: ותבט אונ מיין אויג וועט זעהן שלעכטס אויף מיינע שונאים, אז דיא רשעים שטייען אויף מיר צו טאן בייז וועלין מיינע אויערין הערין זייער מפלה: צדיק אבער דער צדיק וועט בליען אזו וויא א טייטיל בוים, אז וויא א צעדער בוים וואס טוט וואקסין אין וואלד אונ טוט זיך שטארקין: שתולים די לומדים וועלין זיין גיפלאנצט אין גאטס הויז, אין דעם הויף פון אונזער גאט וועלין זייא בליען: עוד זייא וועלין נאך מער שפראצין אויף דער עלטער, פעט אונ צווייג האפטיג וועלין זייא זיין: להגיד עס וועט גיזאגט ווערין צווא איטליכין אז אונזער שטארקער גאט איז רעכט פארטיג, אונ עס איז ניט דא אין אים קיין עולה:
יי אז משיח וועט קומען וועט מען זאגין גאט האט גיקיניגט אונ האט אן גקליידעט גרויסקייט, גאט האט זיך אן גיקליידעט מיט שטארקייט אונ האט זיך ארום גיגארטילט מיט כח, אונ דענסט מאל וועלין אלע וויסין אז גאט האט דיא וועלט אויך אן גיבריית, אז זיא זאל זיך ניט אויס גליטשן: נכון דיין שטול

קוֹלָם יִשְׂאוּ נְהָרוֹת, דָּכְיָם: מִקֹּלוֹת מַיִם רַבִּים, אַדִּירִים מִשְׁבְּרֵי יָם אַדִּיר בַּמָּרוֹם, יְיָ: עֵדֹתֶיךָ, נֶאֶמְנוּ מְאֹד, לְבֵיתְךָ נַאֲוָה קֹדֶשׁ יְיָ, לְאֹרֶךְ יָמִים:

**יְהִי כְבוֹד יְיָ לְעוֹלָם, יִשְׂמַח יְיָ בְּמַעֲשָׂיו: יְהִי שֵׁם יְיָ מְבֹרָךְ, מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם: מִמִּזְרַח שֶׁמֶשׁ עַד מְבוֹאוֹ, מְהֻלָּל שֵׁם יְיָ: רָם עַל כָּל גּוֹיִם יְיָ, עַל הַשָּׁמַיִם כְּבוֹדוֹ: יְיָ שִׁמְךָ לְעוֹלָם, יְיָ זִכְרְךָ לְדֹר וָדֹר: יְיָ בַּשָּׁמַיִם הֵכִין כִּסְאוֹ, וּמַלְכוּתוֹ**

## בית ישראל

שטול איז אן גיברייט פון דער צייט אז דוא האסט די וועלט בשאפין, איידער דו האסט בשאפין די וועלט ביסטו אויך גיוועזן. נשאו דיא טייכין האבין אויף גהויבן אקול גאט, דיא טייכין האבין אוף גיהויבין זייער קול, אונ די טייכין האבין אויף גיהויבין זייערע אינדין: מקולות אבער מערער פון דעם קול פון די שטארקע וואסערין אונ פון די אינדין פון דעם ים, ווערט זיך שטארקין דאס קול פון דעם וואס זיצט אין הימל: עדותיך דיינע נביאים וואס האבין עדות גיזאגט אוף דער גאולה זיינען זייער באגלייבט, אונ צו דיין הויז וועט זיין אשיין היליקייט גאט, דער בית המקדש וואס וועט גיבויעט ווערין וועט זיין אויף לאנגע טעג, אונ וועט קיין מאל ניט חרוב ווערין:

יהי עס זאל זיין דער כבוד פון גאט אויף אייביג, ער זאל זיך פרייען גאט מיט אלע זיינע מעשים וואס ער האט גיטאן אויף דער וועלט: יהי עס זאל זיין דר נאמען פון גאט גיבענשט פון איצונד ביז אייביג: ממזרח פון אויף גאנג דיא זון ביז אונטער גאנג, דאס מיינט מען אויף דער גאנצער וועלט איז גילויבט גאטס נאמן: רם גאט איז דער הויבין אויף אלע פעלקער אויף דעם הימל איז זיין כבוד: יי גאט דיין נאמן איז אויף אייביג, יי גאט דיין גידעכעניש איז פון איין דור ביז דעם אנדערין: יי גאט האט אין הימעל אן גיגרייט זיין שטול,

## מעשה אלפים

דעם, אז דער הומר אין דיא עלטערע יאהרין ווערט ער שוואכער אונ שוואכער, אבער דער נפש, די איידעלע גיפילען ביין גרויסען תלמיד חכם, וואס ווייטער ווערט שטארקער אונ גיזעצטער (זקני תלמידי חכמים כל זמן שמזקינין דעתן מתישבת עליהן), ביז וואנען ער קומט צום לעצטין טאג „ותשחק ליום אחרון" וואס דאן איז ער זוכה צו זעהען דיא שכינה אונ זיין נפש צים זיך צו וויא אליכט (נר ה' נשמת אדם) צוא אגרויסען פלאהם (ומראה כבוד ה' כאש אוכלת), אונ בלייבט אין עוויגען פערגניגען (נהנה מזיו השכינה), אונ דער קערפער וואס האט זיך מתעסק גיוועזן בתורה ומצות ליגט במנוחה נכונה, ביז דיא גליקליכע צייט וואס מיר האפין צוא תחית המתים, דאס זאגט דער ט"ג שבת אין זיין לויב גיזאנג צו גאט „מה גדלו מעשיך ה'", אה, וויא גרויס אונ וואונדערליך זיינען דיינע ווערקע, גאט! פון דיא וואונדערליכע וועלט וואס מיר זעהען, קען אקלוגער מענש פאר שטיין „מאד עמקו מחשבותיך" וויא טיף אונ אונבעגריף. זיינען דיינע גידאנקען, וואס מיר קענען ניט דער לאנגען צוא זעהען. אין דעם איז נכלל דיא עוויגע וועלט אונ דיא נשמה פון מענשין וואס מיר זעהען ניט, אונ ווען אויך „איש בער לא ידע" דער דומער מענש, קען דאס ניט וויסען, אבער פון דעם פאקט וואס איך ווייז קענען אלע פארשטיין אז ניט דער קערפער איז דער עיקר תכלית הבריאה נור דיא נשמה, היינו „עוד ינובון בשיבה" פון דעם וואס מיר זעהען אז דיא צדיקים אונ חכמי התורה וו"ס זיינען „שתולים" גיפלאנצט אין גאטעס הויז, שפראצין אונ וואקסין אין זייער גרייז-אלטער „דשנים ורעננים יהיו" פעט אונ פריש ווערין זיי זיין, ניט וויא דער גראבער פאר הומר'טער מענש וואס ווייכט אויס פון גאטעס הויז אונ ליגט נור אין תאות הזמן, וואס ער ווערט עלטער, ווערט זיין קערפער אונ זיינע גיפיהלין אלס שוואכער אונ שוואכער „להגיד כי ישר ה'" דיא פראקטיקע זאגט אונ צו קלערט אונז אז גאט דער באשעפער איז גירעכט „ולא עולתה בו" אונ קיין עולה איז ניטא אין זיין בריאה:

בכל משלה: ישמחו השמים ותגל הארץ, ויאמרו בגוים,
יי מלך: יי מלך, יי מלך, יי ימלך לעלם ועד: יי מלך
עולם ועד, אבדו גוים מארצו: יי הפיר עצת גוים, הניא
מחשבות עמים: רבות מחשבות בלב איש, ועצת יי היא
תקום: עצת יי לעולם תעמד, מחשבות לבו לדר ודר:
כי הוא אמר ויהי, הוא צוה ויעמד: כי בחר יי בציון,

## בית ישראל

אבער פון דעסט וועגין געוועלטיגט זיין קניגרייך אין אלע ערטער: ישמחו עס וועלין זיך פרייען די הימלען אונ עס וועט לוסטיג זיין די ערד, אונ מען וועט זאגין צווישען די פעלקער, גאט אליין האט געקיניגט: יי גאט קיניגט אונ ער האט געקיניגט, אונ גאט וועט אויך קיניגען אויף אייביג: יי גאט איז איין קיניג אויף אייביג, זייא זיינען פארלארין געווארין די עובדי כוכבים פון זיין לאנד: רבות פיל געדאנקען איז אין הארצן פון אמענשען עס האט אבער קיין קיום ניט, אבער דיא עצה פון גאט האט יוא איין קיום: עצת די עצה פון גאט בלייבט אייביג שטיין, די געדאנקען פון זיין הארצין איז פון איין דור צום אנדערין: כי אזוי וואס ער האט געזאגט איז געווארן, ער האט געבאטין אונ עס איז געווארן איין באשטאנד דער צו: כי דען גאט האט אויס דער וויילט אן די שטאט ציון, ער האט געלוסט אז די שטאט

## מעשה אלפס

עצת ה' לעולם תעמוד, דוד המלך פערזיכערט אונז, אז דיא דריי זאכען וועלין עוויג עקסעסטירען, „תורה" אונ „אידישע פאלק" אונ „ארץ ישראל", היינו זיא וועט אם ענדע פערבלייבין אונזער לאנד. דיא „תורה" רופט ער „עצת ה'" אזוי וויא אחכם גיט אקלוגע עצה, אזוי האט דער בורא אונז געגעבין גוטע אונ קלוגע עצות, וויא זיך אויפצופיהרען אין לעבין (תורת חיים), בכדי מיר זאלין גליקליך זיין אין ביידע וועלטין. אברך את ה' אשר יעצני, איך לויב גאט (זאגט דוד) פאר זיינע גוטע עצות (גם עדותיך שעשועי אנשי עצתי), זאגט ער „עצת ה'" נאמעס עצות, דאס איז דיא תורה ומצות „לעולם תעמוד" וועט האבין אבאשטאנד אויף עוויג. — וועט איינער פרעגין, מיט וואס איז ער אזוי זיכער? דיא בחירה איז דאך ביין מענטשין פילייכט וועלין אויף שטיין נייםאדישע חכמים אויס צו האבין דיא תורה ומצות אונ וועלין מיט זייערע שמאטעס (קול-תורא ביכלעך) פערפעסטין דעם גאנצין יוגינד, „להלל כל קודש"? ענטפערט דוד מיט אמשל, ווען איינער זאל געבין זיין חבר איין עצה, ער זאל זיך צו צוואנציג יאהר איין שפאנען אין אוואגין, שלעפין אגרויסע משא, אונ וואס ווייטער זאל מען אלעס צוא לייגין מער אונ מערער משא, ער זאל אזוי שלעפין אונ שלעפין ביז ענדע לעבין, וואלט פר אים באכט זיך אויס לאכען, אז איך קען לעבין רוהיג, וויא אפרייא פייגעלע, זאל איך מיט'ן אייגענעם ווילין ארויף נעמען אויף זיך בערג משאות? היינט זעה וואס פאר אמייסטער דער בורא איז, דיא ערסטע עצה (מצוה) פון דער תורה איז „פרו ורבו ומלאו את הארץ" מען זאל נעמען אפרוי אונ האדעווען קינדער, דאס איז זיך איינגעשפאנט אין וואגין שלעפין אגוואלדיגע משא ביז ענדע לעבין, זעהסטו אז זיין עצה עקסעסטירט, אונ אפילו היינטיגע קליינקע וואס עקשנען זיך אונ ווילען בשום אופן ניט חתונה האבין, אבער סוף כל סוף מוזין זייא זיך אונטער געבין, פאר פאלין „כי הוא אמר! ויהי" (זו אשה), הוא צוה! ויעמוד (אלו בנים, שבת קנ"ב), זעהסטו אז ער האט מיטלען מען זאל מיטין אי נעגעם ווילעי גיין אין שפאן, דאס זעלביגע ווען דיא „כסילים" אונטער דיא פירמא „משכילים" וועט זיך פערגלוסטען זאכען אויס תורה ומצות, אויס שבת, אויס יום טוב, איז ער אויך פאר זארגט מיט עצות וויא דער נביא יחזקאל זאגט והעולה על רוחכם היו לא תהי' חי ה' אם לא בזרוע נטויה אמלוך עליכם (מעמיד להם מ' כקשה כהמן), אונ דיא אפעראציאן וועט ארונטער נעמען דיא בעלמעס פון דיא אויגען, זייא זאלין דער זעהען דעם שיין פון אמת, דאן וועט מען שוין מיטין פרייען ווילען (כלשון „אמלוך", שבני המדינה קבלוהו עליהם ברצונם



הטוב

אִוָּהּ לְמוֹשָׁב לוֹ: כִּי יַעֲקֹב בָּחַר לוֹ יָהּ, יִשְׂרָאֵל לִסְגֻלָּתוֹ: כִּי לֹא יִטֹּשׁ יְיָ עַמּוֹ, וְנַחֲלָתוֹ לֹא יַעֲזֹב: וְהוּא רַחוּם יְכַפֵּר עָוֹן וְלֹא יַשְׁחִית, וְהִרְבָּה לְהָשִׁיב אַפּוֹ וְלֹא יָעִיר כָּל חֲמָתוֹ: יְיָ הוֹשִׁיעָה הַמֶּלֶךְ יַעֲנֵנוּ בְיוֹם קָרְאֵנוּ:

אַשְׁרֵי, יוֹשְׁבֵי בֵיתֶךָ עוֹד, יְהַלְלוּךָ סֶּלָה: אַשְׁרֵי הָעָם, שֶׁכָּכָה לּוֹ אַשְׁרֵי הָעָם שֶׁיְיָ אֱלֹהָיו:

תְּהִלָּה לְדָוִד, אֲרוֹמִמְךָ, אֱלוֹהַי הַמֶּלֶךְ וַאֲבָרְכָה שִׁמְךָ לְעוֹלָם וָעֶד: בְּכָל יוֹם אֲבָרְכֶךָּ וַאֲהַלְלָה

### בית ישראל

שטאט ציון זאל זיין צו אים איין זיצונג: כי דען יעקב האט גאט גיטאן אויס דער וויילן אונ דיא ישראל פאר איין געליבטע פאלק: כי דען גאט וועט ניט פאר לאזין זיין פאלק אונ זיין ארב וועט ער ניט פאר לאזין: והוא אונ ער איז אדערבארמיגער ער טוט פאר געבין די זינד אונ וועט ניט פר דארבין, אונ ער מערט ווידר צו קערן זיין גרים צארין אונ ער טוט ניט דר וועקין זיין גאנצן צארן: יי גאט טוט העלפין, דער קיניג זאל אונז ענטפערין אין דעם טאג ווען מיר רופין צוא אים:

אשרי וואול צו דיא וואס זיצין אין דיין הויז, דאס מיינט מען דאס בית הכנסת, נאך וועלין זייא דיך טאן לויבען איביג: אשרי וואול צוא דעם פאלק וואס האט אזו פיל מצות, וואול דעם פאלק וואס גאט איז זיין גאט: תהלה דוד המלך האט גאט גלויבט, איך וועל דיך מיין גאט דער הויבין אונ וועל לויבען דיין נאמען אויף איביג: בכל אלע טאג וועל איך דיך לובין

### מעשה אלפס

הטובו לויפען דאוונען, *) אונ דאס זעלביג קאנסטו פאר שטיין וויא באלד „כי בחר ה' בציון" אונ אויך „כי יעקב בחר לו יה" וועט געווים זיין „לא יטוש ה' את עמו", ער וועט זיין פאלק ישראל ניט פערלאזן, אז דיא אנטיסעמיטען זאלין זייא חלילה ניט פארלענדין „ונחלתו" אונ זיין „נחלה" דאס איז ארץ ישראל „לא יעזוב" וועט ער ניט איבער לאזין אין פרעמדע הענד. מיר דארפען נור בעטן „והוא רחום" מיט זיין ערבארמונג זאל ער געפינען לייכטע מיטלען וויא צו נייגין אונזער הארץ צו דער תורה „ולא ישחית" ער זאל חלילה ניט מאכען קיין שטיינגע אפעראציאן וויא „קשה כהמן", „והרבה להשיב אפו", ווען אויך מען וועט דארפען שניידין דיא ווילד פלייש, זאל זיין וויא א צערטליכער פאטער, מיט'ן האנד שנייט ער אונ מיטן טויל בלאזט ער, פערלייכטערין דיא שמערצין, — „ה' הושיעה" ערבארמיגער גאט, העלף! בעט דוא ווערסט עס שנענען בבחינת מלך (אם לא בחמה שפוכה אמלוך עליכם, יחזקאל כ' ל"ג), זאלסטו אונז ענטפערין גלייך וויא מיר וועלין דיר רופין, עס זאל חלילה ניט זיין (אז יקראונני ולא אענה, ווייל ותפרעו כל עצתי כו', לא אבו לעצתי (משלי א' כח). זעהע אויבין (אין הודו) דעם משל פון קליינין קינד, פאטער! זאלסט אזו גוט זיין בעטין דעם רבי'ן ער זאל מיט מיר מיטליד האבין:

*) דאס איז דיא כונה פון פייטן (פ' זכור) ואם כל המועדים יהיו בטלים? דאס הייסט טאמער וועלין אויפשטיין פריצי בני עמנו, חכמים בעיניהם, אונ וועלין רעכענען מבטל צו זיין תורה ומצות אונ שבת ויו"ט, ז"לי זייא ניט טאנצין אויפ'ן קאריק, אז זייא האבין שוין אויס גיהאט דיא תורה, אז זייא שטעלין שוין איאהרצייט ליכט נאך איר, זייא זאלין וויסען אז „ימי הפורים לא נבטלים"! עס איז דא אפורים מיט צוגרויסען המן, אונ ער וועט זייא שוין גוט דער מאנען, אז זיי זיינען אידען, אונ דער נאר דער גליק פיר זייא איז, צוא פערבלייבען אידען.

שִׁמְךָ, לְעוֹלָם וָעֶד: גָּדוֹל יְיָ, וּמְהֻלָּל מְאֹד
וְלִגְדֻלָּתוֹ, אֵין חֵקֶר: דּוֹר לְדוֹר, יְשַׁבַּח מַעֲשֶׂיךָ
וּגְבוּרֹתֶיךָ, יַגִּידוּ: הֲדַר, כְּבוֹד הוֹדֶךָ וְדִבְרֵי
נִפְלְאוֹתֶיךָ, אָשִׂיחָה: וֶעֱזוּז נוֹרְאוֹתֶיךָ, יֹאמֵרוּ
וּגְדֻלָּתְךָ, אֲסַפְּרֶנָּה: זֵכֶר רַב טוּבְךָ, יַבִּיעוּ
וְצִדְקָתְךָ יְרַנֵּנוּ: חַנּוּן וְרַחוּם, יְיָ אֶרֶךְ אַפַּיִם,
וּגְדָל חָסֶד: טוֹב יְיָ לַכֹּל וְרַחֲמָיו, עַל כָּל מַעֲשָׂיו:
יוֹדוּךָ יְיָ, כָּל מַעֲשֶׂיךָ וַחֲסִידֶיךָ, יְבָרְכוּכָה: כְּבוֹד
מַלְכוּתְךָ, יֹאמֵרוּ וּגְבוּרָתְךָ, יְדַבֵּרוּ: לְהוֹדִיעַ,
לִבְנֵי הָאָדָם, גְּבוּרֹתָיו וּכְבוֹד, הֲדַר מַלְכוּתוֹ:
מַלְכוּתְךָ, מַלְכוּת כָּל עוֹלָמִים וּמֶמְשַׁלְתְּךָ, בְּכָל
דּוֹר וָדֹר: סוֹמֵךְ יְיָ, לְכָל הַנֹּפְלִים וְזוֹקֵף, לְכָל
הַכְּפוּפִים: עֵינֵי כֹל, אֵלֶיךָ יְשַׂבֵּרוּ וְאַתָּה, נוֹתֵן

בית ישראל

און איך וועל דיך לויבין אויף אייביג: גדול גאט איז גאכפערט און איז זייער גילויבט, און צוא זיין גדולה איז ניט דא קיין פארשטונג: דור איין דור וועלן לובין דיינע מעשים צום אנדרין דור, און דיינע גבורות וועלן זייא זאגין: הדר דיין לויב פון דיין שיינעם כבוד און דיא רייד פון דיינע וואונדר וועל איך דר ציילין: ועזוז און דיינע שטארקע פארכטיגע ווערק וועלין דיא יודין זאגין, און דיין גדולה וועל איך דיר איך דער ציילין: זכר זייא טוען ריידין און טוען דר מאנען דיין פיל גוטס וואס דוא טוסט און טוען זינגען דיין גירעכטיגקייט: חנון גאט איז איין דר בארמיגער און דער לאנגערט זיין צארן און טוט גרויסע חסדים: טוב גאט איז גוט צו אלע, און אויף אלע זיינע ווערק איז זיינע רחמנות: יודוך פון אלע דיינע ווערק קומט אן צו דיר איין דאנק, און דיינע פרומע לויבין דך: כבוד דעם כבוד פון דיין מלוכה טוען זיי זאגין, און דיינע גבורות טוען זייא ריידין: להודיע און זייער טעם איז צו מפרסם זיין גאטס גבורות צו דיא מענטשין, א נ דעם שיינעם כבוד פון זיין מלוכה: מלכותך דיין מלוכה איז אויף אלע עולמות און דיין געוועלטיגקייט איז אויף אלע דורות: סומך גאט לעהנט אונטער צו אלע וואס פאלן, און אלע וואס זיינען איין געבויגין ביז דער ערד מאכט זיי גאט אויף שטעלין: עיני דיא אויגין פון אלע בשעפעניש טוען צו דיר האפין, און

לָהֶם אֶת אָכְלָם, בְּעִתּוֹ: פּוֹתֵחַ אֶת יָדֶךָ וּמַשְׂבִּיעַ לְכָל חַי רָצוֹן: צַדִּיק יְיָ, בְּכָל דְּרָכָיו וְחָסִיד, בְּכָל מַעֲשָׂיו: קָרוֹב יְיָ, לְכָל קֹרְאָיו לְכֹל אֲשֶׁר יִקְרָאֻהוּ:

## בית ישראל

דוא גיבסט זייער עסין וואָרג אין דער צייט: פותח דו עפינסט דיין האנט אונ דו מאכסט אָן זעטין איטליכן וואָס האט אין זיך חיות נאך זיין רצון נאך: צדיק גאָט איז איין צדיק אין אלע זיינע וועגין, אונ איז איין חסיד אין אלע זיינע ווערק: קרוב גאָט איז נאָהענט צו אלע זיינע רופער, צו אלע וואס רופען אים מיט אמת, דאס הייסט מיט דעם גאנצן הארצין

## מעשה אלפס

פותח את ידך. ר׳ אלעזר בר אבינא (ברכות ד׳) פערזיכערט דעם וואס זאגט „אשרי״ דריי מאל אטאג, אז ער איז אבן עוה״ב. פרעגין אנדערע, דאכט זיך יעדער איד איז קלאר אין אשרי, אונ פון דעסט וועגין איז אגרויסער ספק אויף אזך מענשין אויב זיי זיינען בני עוה״ב? מיר ווילין דאס פערענטפערין מיט אמשל, אגרויסע חולה אויף אברוסט פעלער איז גיפארין אין אויסלאנד צו אבארימטין פראפעסאר, דער פראפעסאר האט אים פערארדינט אזעלכע פראשקעס צו נעמען דריי מאל אטאג, אונ האט אים גיגעבין גוטע האפענונג, ווען ער וועט היטין ריכטיג צו נעמען אלע טאג, וועט ער מיט דער צייט פאלקאם גיזונד ווערין, דער חולה האט אויס גינומען די פראשקעס אין מאל אונ האט גילאזט מאכין דעם רעצעפט אצווייטין אונ אדריטין מאל, אונ שפירט קיינע בעסערונג, אהה, וויא די וועלט איז גינארט (זאגט דער חולה צו זיין חבר), מען פארט קיין אויסלאנד צו די פראפעסארין, אם אנדערע ווייסין זיי גיט מער פאר מיר, האצע זיי זאגין צו הרים וגבעות. ווייז מיר אקארסט דעם פראשיק אונ וויא נעמסטו אים? (פרעגט זיין חבר), ער נעמט ארויס אפראשיק אונ מאכט צו רעכט אין אלעפיל וואסער אונ נעמט אריין אין מויל האלט אווייל אונ נאכהער שפייט ער אויס אין גאנצין. דוא שוטה! (שרייט דער חבר), אז דוא פארשטייסט ניט וויא צו נעמען אפראשיק, איז דער פראפעסאר שולדיג? רפואות דארף מען אראפ שלינגען, עס זאל אריין גיין אין די גידערים, אין הארצין, דאן קען דאס ווירקען. דאס גלייכען ווער עס זאגט „אשרי״ נור מיט׳ן מויל קען ווייניג ווירקען, עס דארף זיין „ותורתך בתוך מעי״ צוליגין קאפ אונ הארץ עס זאל פונאנדער גיין אין אלע גלידער, וועט עס געווים ווירקען, וויא דער גרויסער פראפעסאר ר׳ אלעזר פארזיכערט אונז — די גמרא קלערט דארטין דעם טעם וואס איז גראד אשרי? זאל איך זאגין, ווייל אין אשרי גייען די פסוקים נאכין אלף בית? זאל מען זאגין אשרי תמימי דרך (אכט אלף בית׳ן), אונ אויב דא איז דאך דער פסוק פותח את ידך. די אזונה אז דער בורא עפינט זיין האנד אונ שפייזט אלעמען? קען מען דאך זאגין דעם מזמור „הודו לה׳ כי טוב״ דארטין שטייט אויך „נותן לחם לכל בשר״ דער בורא גיט שפייז אלע באשעפענעס. אלא (קומט או ם די גמרא) ווייל אין „אשרי״ איז דא ביידע זאכין, עס איז מסודר נאכין א״ב, אונ דער שבח אז דער בורא איז מזין ומפרנס פיר אלע לעבעדיגע, הכלל „אשרי״ איז אטייערער רעצעפט ווען מען נעמט אים אלע טאג אין מויל אונ אין הארצין, די ווירקונג פון אים איז זייער גרויס. ערשטינס דער פסוק „פותח את ידך״ פליסט איין אין הארצין אמונה ובטחון, וואס דאס איז דער יסוד התורה, דער וואס גלויבט אין בורא עולם אונ פערזיכערט אונ פערטרויט זיך אויף אים, דער מענש איז געווים מקיים אלע מצות אפילו וואס קאסט פיל געלט, אונ מען איז זיכער מיט אים, אז ער וועט קיין אונרעכט טאן בין אדם לחבירו, ווייל ער גלויבט, אז אליין נעמט מען ניט, ווען דער רצון הבורא איז ניט דער ביי, העלפט קיין השתדלות ניט, ער וועט נור זעהען אז דער בורא זאל זיין צופרידין פון זיינע מעשים, וויא דער פסוק „פותח את ידך״ לערינט אונז, ווער עפינט די האנד פון בורא עולם אונ זעטיגט אלע לעבעדיגע? נור דער „רצון הבורא. צווייטינס דער סדר פון „אלף בית״ לערינט אונז, אז איין ערליכער איד, אבטל בטחון, דארף אויך זיין מיט אסדר, בהדרגה, ניט שפרינגען אויף׳ן העכערין שטאפיל, איידער מען איז ארויף אויף׳ן ערשטין. לדשל, ער וועט זיך ווילין יתדבק זיין אין די מדות פון הקב״ה וועט ער זיך אן חאפען גלייך אן די מדה פון „ואת כל הרשעים ישמיד״ קריגען זיך אונ רודפ׳ן שלעכטע מענשין דאס איז אויך ניט קיין וועג, ווייל ווער ווייס, אז דוא טוסט דאס ריין, אן אשום פניה פון קנאה, שנאה, מתכבד בקלון חבירו? אז דוא וועסט גיין בהדרגה, אן הייבין פריהער פון אלף „ארוממך אלהי המלך ואברכה שמך לעולם ועד״, לויבן שטענדיג דעם בורא, ניט ליידין וועגין קיינעם. „חנון ורחום ה׳״ זיין גינעדיג, לאנגמיטהיג אונ טאן פיל חסד. „טוב ה׳ לכל״ זיין גוט

# בֶּאֱמֶת: רְצוֹן יְרֵאָיו יַעֲשֶׂה וְאֶת שַׁוְעָתָם יִשְׁמַע, וְיוֹשִׁיעֵם: שׁוֹמֵר יְיָ אֶת כָּל אֹהֲבָיו וְאֵת כָּל הָרְשָׁעִים, יַשְׁמִיד: תְּהִלַּת יְיָ, יְדַבֶּר פִּי וִיבָרֵךְ כָּל בָּשָׂר, שֵׁם קָדְשׁוֹ, לְעוֹלָם וָעֶד: וַאֲנַחְנוּ, נְבָרֵךְ יָהּ, מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם, הַלְלוּיָהּ:

## מעשה אלפס

צו אַלֶעמֶען, „וְרַחֲמָיו עַל כָּל מַעֲשָׂיו" הָאבִּן אויף אַרֶעמֶע אויך מִיטְלֵייד, בִּעמִיהֶען זִיךְ אִים זָאגִין קְלוּגֶע מוּסָר אַיְנְטֶער פִּיר אויגִין, פִילַייכְט וֶועט זִיךְ קֶענֶען אויף אִים וָואס וִוירְקֶען צוּ בֶּעסֶערִן אִים. „סוֹמֵךְ ה' לְכָל הַנּוֹפְלִים" דוּא וֶועסְט נָאךְ טָאן דִיא מִדּוֹת פוּן הקב"ה שְׁטִיצֶען גִיפַאלֶענֶע אוּנ אויף שְׁטֶעלִין נִיבּויגֶענֶע, דַאן וֶועסְטוּ קֶענֶען זִיךְ פַארְגְלַייכִין צוּ אִים, אויךְ אִין דִיא מִדָּה פוּן „וְאֵת כָּל הָרְשָׁעִים יַשְׁמִיד", וַוייל דַאן וֶועט דַיין כַּוָּנָה זַיין, נוּר לְקַיֵּים רְצוֹן הַבּוֹרֵא, לְבַעֵר הָרַע מִקֶּרֶב יִשְׂרָאֵל, וּלְהָבִיא עֲלֵיהֶם רוֹב טוֹבָה:

## בית ישראל

הַארְצִין: רצון דֶעם רָצוֹן פוּן זַיינֶע פָארְכְטִיגֶע טוּט גָאט, אוּנ זַייעֶר גֶשְׁרַייא הֶערְט עֶר צוּ אוּנ הֶעלְפְט זֵייא: שומר גָאט הִיט אַלֶע זַיינֶע לִיבּ הָאבֶּער, אוּנ אַלֶע רְשָׁעִים פַר טִילִיגְט עֶר: תהלת מַיין מוּיל טוּט רֵיידִין גָאטְס לויבּ אוּנ אַלֶע מֶענְטְשִׁין זָאלֶען אויךְ לויבֶּען זַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען אויף אֵייבִּיג: ואנחנו אָבֶּער מִיר וָואס זַייֶען אָן גִבְּרֵייט צוּ תְּחִיַּת הַמֵּתִים

אוּנ מְקַבֵּל צוּא זַיין טוֹבוֹת פוּן גָאט, וֶועלִין מִיר לויבִּן גָאט פוּן הַיינְט בִּיז אֵייבִּיג, אוּנ דְרוּם לויבְּט גָאט אַלֶע צַייטִין:

## בנין ציון

רְצוֹן יְרֵאָיו יַעֲשֶׂה, דִיא גְמָרָא (תַּעֲנִית כ"ה) דֶער צֵיילְט אַגֶעשִׁיכְטֶע פוּן גְרויסֶען תַּנָּא ר' חֲנִינָא בֶּן דוֹסָא, וָואס דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז וָוארִין גִישְׁפַּייזְט דוּרְךְ זַיין זְכוּת אוּנ עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ בֶּענוּגִינְט מִיט „קַב חָרוּבִין" פוּן שַׁבָּת צוּ שַׁבָּת, אַז אַמָאל הָאט אִים זַיין פְרויא דִיא צַדְקָנִית גִיזָאגְט, בִּיז וִויא לַאנג וֶועלִין מִיר אַזוֹי לֶעבִּין אִין צַעַר, דָאס הֵייסְט, צוּ זֶעהֶען, וִויא עֶס אִיז דָא פִיל אָרֶעמֶע מֶענְטְשִׁין אוּנ מִיר קֶענֶען זֵייא נִיט הֶעלְפִין, דֶער הָאט חֲתוּנָה צוּא מַאכֶען דֶערְוַואקְסֶענֶע טֶעכְטֶער אוּנ הָאט נִיט מִיט וָואס. דֶער וָואלְט קֶענֶען פַאר דִינֶען אִין מַארְק, נוּר עֶר הָאט נִיט מִיט וָואס פַאנַאנְדֶער גֶעמֶען דִיא הֶענְט. דֶער הָאט קִינְדֶער וָואס מֶען דַארְף זֵייא גֶעבִּין אִין חֶדֶר אוּנ הָאט נִיט מִיט וָואס, אַז זֵיא וָואלְט גִיוֶועזֶען אַגְבִירְתֶע, וָואלְט זִיא אַלֶע אָרֶעמֶע, גֶעדְרִיקְטֶע אוּנ גֶעהָאלְפֶען, אַלֶע הוּנְגֶערִיגֶע זַאט גִימַאכְט, הַכְּלָל וִויא וָואלְט טָאן חֶסֶד אוּנ חֶסֶד, ר' חֲנִינָא בֶּן דוֹסָא הָאט גִיוֶועזֶען מִתְפַּלֵּל אוּנ מֶען הָאט אִים דֶערְלַאנְגְט מִן הַשָּׁמַיִם „אַגָּלְדֶענֶע פוּס" דָאס הֵייסְט רַייכְקַייט, אַז עֶר זָאל קֶענֶען שְׁטֶעלִין יֶעדֶער גִיפַאלֶענֶעם אויף אַיין פוּס, עֶר הָאט אָנְגִיפַאנְגֶען טָאן חֶסֶד וִויא מֶען זָאגְט אִין דֶער לַייְנג אוּנ דֶער בְּרֵייט. אַיין מָאל זֶעהְט עֶר אִין חָלוֹם, וִויא צַדִּיקִים זִיצִין אִין גַן עֵדֶן אוּנ לֶעבִּין יֶעדֶערִין שְׁטֵייט אַטִישׁ'ל פוּן דְרַייא פִיס, אוּנ עֶר מִיט זַיין פְרויא זִיצֶען נוּר לֶעבִּין אַטִישׁ'ל פוּן צְווַייא פִיס, דָאס הֵייסְט מֶען הָאט אִים גֶעוִויזֶען אַז עֶר הָאט אַטָעוּת אִין פְּסַק, אַלֶע צַדִּיקִים הָאבִּין דֶעם זְכוּת פוּן תּוֹרָה, עֲבוֹדָה אוּנ גְמִילוּת חֶסֶד, דָאס אִיז דְרַייא וִויכְטִיגֶע פִיס, הַגַּם זֵיי זַיינֶען אָרֶעם אוּנ קֶענֶען אַלֵיין נִיט טָאן גְמִילוּת חֶסֶד בְּמָמוֹנָם, אִיז אָבֶּער השי"ת דֶער קַאסִירֶער פוּן זֵייעֶר גְמִילוּת חֶסֶד, דָאס הֵייסְט, מִיט זֵייעֶר זְכוּת שְׁפַּייזְט עֶר אוּנ הֶעלְפְט טוֹיזֶענְדֶער מֶענְטְשֶׁען. אָבֶּער זֵייא וָואס הָאבִּין פֶערְלַאנְגְט אַלֵיין צוּ זַיין דִיא קַאסִירֶער פוּן זֵייעֶר גְמִילוּת חֶסֶד הֶעלְפִין גִידְרִיקְטֶע, הָאבִּין זֵייא נִיט עֶרְפִילְט דֶעם עַמּוּד גְמִילוּת חֶסֶד וִויא גִיהֶערִיג אִיז, וַוייל דֶער מֶענְטְשׁ זֶעהְט נוּר פַארִין אויג, אָבֶּער קַיין פְּנִימִיּוּת וַוייס עֶר נִיט, אִיז פִיל מָאל טְרֶעפְט מֶען נִיט, מֶען גִיט וואו עֶס אִיז נִיט שְׁטַארְק אָנְגִילֵייגְט אוּנ פוּן דֶעם נֶאנְין נֵייטִיגִין וַוייס מֶען נִיט, יֶענֶער שֶׁעמְט זִיךְ צוּ בֶּעטִין. אִיז גְלַייכֶער אַז דֶער בּוֹרֵא אִיז דֶער גַּבַּאי אוּנ דֶער קַאסִיר, עֶר וַוייס דִיא נוֹיט בַּאדֶערְפְטִיגֶע אוּנ אַז גָאט הֶעלְפְט יֶענֶעם מִיט דֶעם זְכוּת פוּן צַדִּיק אִיז דָאס חֶסֶד בְּתַכְלִית הַשְּׁלֵמוּת. אַז יָא אַזוֹי, זָאגְט עֶר צוּא זַיין פְרויא, דַארְף מֶען בֶּעטִין רַחֲמִים אַז דֶער בּוֹרֵא זָאל צוּ נֶעמֶען בַּייא אוּנְז דִיא רַייכְקַייט, זָאל עֶר אַלֵיין זַיין דֶער קַאסְנָאצֵייא, וֶועט עֶר וִויסֶען בֶּעסֶער וִויא צוּא פִירִין, הָאט עֶר מִתְפַּלֵּל גִיוֶועזֶען אוּנ מֶען הָאט צוּרִיק צוּ

# הַלְלוּיָהּ, הַלְלִי נַפְשִׁי, אֶת יְיָ: אֲהַלְלָה יְיָ, בְּחַיָּי אֲזַמְּרָה לֵאלֹהַי בְּעוֹדִי: אַל תִּבְטְחוּ בִנְדִיבִים בְּבֶן אָדָם, שֶׁאֵין לוֹ תְשׁוּעָה: תֵּצֵא רוּחוֹ, יָשֻׁב לְאַדְמָתוֹ בַּיּוֹם הַהוּא,

## מעשה אלפס

הַלְלִי נַפְשִׁי, כָּל זְמַן דֶער מֶענְשׁ אִיז אָנְגִיטָאן אִין חוֹמֶר אִיז אִים שְׁוֶוער צוּ הָאבִּין הַשָּׂגָה (בֶּעגְרִיף) וָואס גָאט אִיז, נוּר פוּן זַיין נְשָׁמָה וָואס זִיא אִיז „אֱלוֹהַּ מִמַּעַל" (וִויא אַפוּנְק פוּן אַגְרוֹיסֶען פְלַאם), קֶען עֶר עֶטְוָואס שְׁפִּירִין גָאטְהַייט, דִיא נְשָׁמָה זִיצְט דַאכְט זִיךְ בְּחַדְרֵי חֲדָרִים (אִין מוֹחַ) אוּנ קֵיינֶער זֶעהט אִיר נִיט, דָאךְ וֵייס זִיא וָואס עֶס טוּט זִיךְ אִין גַאנְצֶען קֶערְפֶּער, וֶוען מֶען נִיט זִיךְ אַשְׁטָאךְ אִין קְלֵיינֶעם פִינְגֶער פוּן פוּס, נִיט מָאמֶענְט אַטֶעלֶעגְרַאם אִין מוֹחַ צוּ דִיא נְשָׁמָה, דָאס גְלַייכֶען, וֶוען אוֹיךְ הַשֵׁי"ת זִיצְט בְּחַדְרֵי חֲדָרִים אִין הֶעכְסְטֶען הִימֶל, אַז אֲפִילוּ מַלְאָכִים פְרֶעגִין אַיֵּה מְקוֹם כְּבוֹדוֹ? פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז „כְּבוֹדוֹ מָלֵא עוֹלָם", עֶר וֵייס וָואס אִיטְלִיכֶעס טוּט זִיךְ, „אֵין נִסְתָּר מִנֶּגֶד עֵינָיו" עֶר אִיז דִיא נְשָׁמָה פוּן אַלֶע וֶועלְטִין וִויא מִיר זָאגִין „חֵי הָעוֹלָמִים" עֶר אִיז דִיא נְשָׁמָה, דֶער חִיּוּת פוּן אַלֶע עוֹלָמוֹת, דִיא נְשָׁמָה זִיצְט דַאכְט זִיךְ אוֹיף אַקְלֵיינֶעם פְּלַאץ (דֶער מוֹחַ אִיז וִויא אַטֶפֶּעף גְרוֹיס) פוּן דֶעסְט וֶועגִין נֶעמְט זִיא אַרַיין צוּ זִיךְ הוּנְדֶערְטֶער גְרוֹיסֶע אוּנ גְרָאבֶּע סְפָרִים, וָואס פַאר נֶעמֶען אַגַאנְצֶען בִּיבְּלִיאָטֶעק, וִויא עֶס נִיט גְרוֹיסֶע בַּעֲלֵי זִכָּרוֹן, וִויא נִיט לַאנְג ר' זֶעלְמֶעלֶע ווִילְנַא'ר (תַּלְמִיד הגר"א), וָואס אִיז קְלָאר גִיוֶועזְ אוֹיס וֵוייניג צוּ זָאגִין גַאנְץ תַּנַ"ךְ מִיט אַלֶע תַּרְגוּמִים, שִׁשָּׁה סִדְרֵי מִשְׁנָה, ש"ס בַּבְלִי, ש"ס יְרוּשַׁלְמִי, רַמְבַּ"ם, אַרְבָּעָה טוּרִים, מִדְרָשִׁים, אוּנ וָואס נוּר אַסֵפֶר וֶועלְכֶען עֶר הָאט דוּרְךְ גִילֶערְנְט, וואוּ טוּט זִיךְ דָאס אַהִין אִין קְלֵיינֶעם מוֹחַ? זֶעהט מֶען, אַז דִיא נְשָׁמָה אִיז לְמַעְלָה מִן הַמָּקוֹם וְהַזְּמַן, פַאר שְׁטֵייעֶן מִיר פוּן דֶעם כְּכָל שֶׁכֵּן אַז דֶער בּוֹרֵא אִיז לְמַעְלָה מִן הַמָּקוֹם, עֶר אִיז מְקוֹמוֹ שֶׁל עוֹלָם, דָאס זָאגְט דָוִד הַמֶּלֶךְ, מַיין זֶעלֶע! מַיין נְשָׁמָה, לוֹיבּ גָאט, הַיינוּ פוּן דִיר נְשָׁמָה מַיינֶע, קְרִיג אִיךְ עֶטְוָואס אַבֶּאגְרִיף וָואס גָאט אִיז, אוּנ אַז אִיךְ בֶּעטְרַאכְט דַיינֶע וואוּנְדֶער וֶוער אִיךְ פוּל מִיט יִרְאָה וְאַהֲבָה צוּא לוֹיבִּין דִיר גָאט, אוּנ זָאג מִיט גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת „אַשְׁרֵי שֶׁאֵל יַעֲקֹב בְּעֶזְרוֹ, שִׂבְרוֹ עַל ה' אֱלֹהָיו", גְלִיקְלִיךְ אִיז דֶער מֶענְשׁ וָואס פַאר טְרוֹיט זִיךְ אוּנ הָאפְט נוּר צוּא דִיר:

## בית ישראל

הַלְלוּיָהּ אִיר אַלֶע לוֹיבְּט גָאט אוּנ דוּ מַיין נֶפֶשׁ לוֹיבּ אוֹיךְ גָאט: אהללה כָּל זְמַן אִיךְ וֶועל לֶעבִּין וֶועל אִיךְ גָאט לוֹיבִּין מִיט מַיין מוֹיל אוּנ כָּל זְמַן אִיךְ וֶועל זַיין אוֹיף דֶער וֶועלְט וֶועל אִיךְ גָאט לוֹיבִּין מִיט אַיין כְּלֵי זֶמֶר: אל אִיר זָאלְט קֵיין בִּטָּחוֹן נִיט הָאבִּין אוֹיף דִי הֶערִין אוּנ אוֹיף אַ מֶענְשִׁין וָואס עֶר הָאט נִיט אִין דִי הֶענְד צוּ הֶעלְפִין: תצא אַז עֶס גֵייט אַרוֹיס זַיין לֶעבֶּעדִיגֶער אָטוֹם קֶערְט עֶר זִיךְ אוּם צוּ זַיין עֶרְד, וָוס עֶר אִיז גִינוּמֶען פוּן אִיר אוּנ אִין דֶעם דָאזִיגִין טָאג

ווערין

## בנין ציון

גִינוּמֶען זַיין רַייכְקַייט, דָאס אִיז דִיא כַּוָּנָה „רְצוֹן יְרֵאָיו יַעֲשֶׂה", דִיא יְרֵאִים, דִיא גְרוֹיסֶע צַדִּיקִים אִידֶען, פַאר וֶועלְט זִיךְ אַמָאל אַזַאךְ, זֵייא שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר, אַז זֵייא וֶועלִין אוֹיף טָאן גְדוֹלוֹת, וִויא דָא מִיט ר' חנינא בן דוסא, פַּרְפִילְט זֵייא הַשֵׁי"ת זֵייעֶר רָצוֹן, נַאכְהֶער אַז זֵייא זֶעהֶען זִיךְ אַרוּם, אַז עֶס אִיז נָאר אַטָעוּת. אוּנ שְׁרַייעֶן צוּ גָאט עֶר זָאל צוּרִיק צוּ נֶעמֶען, זָאל בֶּעסֶער זַיין וִויא פְרִיעֶר אִיז גִיוֶועזְן „שְׁמַע וְיוֹשִׁיעֵם" הֶערְט גָאט צוּ זֵייעֶר תְּפִלָּה אוּנ הֶעלְפְט זֵייא אוֹיס. דָאס אִיז דִיא כַּוָּנָה פוּן תַּנָּא (אִין אָבוֹת פ"ו) אַל תִּתְאַוֶּה לְשׁוּלְחָנָם שֶׁל מְלָכִים שֶׁשּׁוּלְחָנְךָ גָּדוֹל מִשּׁוּלְחָנָם, דָאס הֵייסְט דִיר וֶועט זִיךְ וֶועלִין אַרַייכֶען אַקֵייזֶערְלִיכֶען טִישׁ בִּכְדֵי דוּא זָאלְסְט קֶענֶען גֶעבִּין עֶסִין פִיל הוּנְגֶערִיגֶע אוֹיף דַיין טִישׁ, זָאג אִיךְ דִיר אַז דוּא הָאסְט אַטָעוּת, וַוייל פִיל קֶענְסְטוּ גֶעבִּין אוֹיף דַיין טִישׁ? טוֹיזִינְד צְווֵייא טוֹיזִינְד מֶענְשִׁין, אוּנ אִין דֶעם וֶועט דוּרְךְ פַאלִין אַגְרוֹיסֶער טֵייל רַמָּאִים, אָבֶּער יֶעצְט אַז דֶער בּוֹרֵא שְׁפֵּייזְט דִי וֶועלְט אוֹיף דַיין טִישׁ, דָא הָ: מִיט דַיין זְכוּת, הָאט דָס נָאר קֵיין שִׁיעוּר אוּנ קֵיין עֶרֶךְ נִיט:

## משל ומליצה

תֵּצֵא רוּחוֹ • וָואס זַייט אִיר, מַיין פְרַיינְד, אַזוֹי שְׁטַארְק פַערְקִימֶערְט? פְרֶעגְט רְאוּבֵן בַּייא שִׁמְעוֹן׳ן • אִיךְ בִּין לֹא צְלֵיכֶם אַנִשְׂרַף, בִּין אִיךְ גִיקוּמֶען צוּ מַיינֶעם אַרַייכִין קָרוֹב, אַנָגִיד, זִיךְ פֶערְהֶעלְפִין, עֶר הָאט מִיר צוּגֶענוּמֶען זַייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ אוּנ פֶערְשְׁפְּרָאכִין אוֹיס צוּ קֶעבֶּעוֶוען מִים אֵיינִיגֶע הוּנְדֶערְטֶער, אִיךְ זָאל זִיךְ צוּרִיק שְׁטֶעלִין אוֹיף דִיא פִיס, דָאס אִיז גִיוֶועזְן הַיינְט צוּ פְרִישְׁטִיג, אִין אִיוִוינְד אַז עֶס הָאט גִיהַאלְטִין בַּיין עֶרְפִילֶען זַיין הַבְטָחָה, דֶערְלַאנְגְט עֶר מִיר אַצְעהֶעןְ רוּבִּילְדִיגֶען אוּנ זֶעגִינְט זִיךְ מִיט מִיר, אוּנ אַגוּטִין טָאג • דַארְף מֶען נִיט זַיין דַאסְפְּרַאוֶועט? וָואס

וועל

אָבְדוּ עֶשְׁתֹּנֹתָיו׃ אַשְׁרֵי שֶׁאֵל יַעֲקֹב בְּעֶזְרוֹ שִׂבְרוֹ, עַל יְיָ אֱלֹהָיו׃ עֹשֶׂה, שָׁמַיִם וָאָרֶץ אֶת הַיָּם, וְאֶת כָּל אֲשֶׁר בָּם הַשֹּׁמֵר אֱמֶת, לְעוֹלָם׃ עֹשֶׂה מִשְׁפָּט, לַעֲשׁוּקִים, נֹתֵן לֶחֶם לָרְעֵבִים יְיָ, מַתִּיר אֲסוּרִים׃ יְיָ, פֹּקֵחַ עִוְרִים, יְיָ זוֹקֵף כְּפוּפִים יְיָ, אֹהֵב צַדִּיקִים׃ יְיָ, שֹׁמֵר אֶת גֵּרִים, יָתוֹם וְאַלְמָנָה, יְעוֹדֵד וְדֶרֶךְ רְשָׁעִים, יְעַוֵּת׃ יִמְלֹךְ יְיָ, לְעוֹלָם, אֱלֹהַיִךְ צִיּוֹן, לְדֹר וָדֹר, הַלְלוּיָהּ׃

הַלְלוּיָהּ, כִּי טוֹב, זַמְּרָה אֱלֹהֵינוּ כִּי נָעִים, נָאוָה תְהִלָּה׃ בּוֹנֵה יְרוּשָׁלַיִם, יְיָ נִדְחֵי יִשְׂרָאֵל, יְכַנֵּס׃ הָרוֹפֵא, לִשְׁבוּרֵי לֵב וּמְחַבֵּשׁ,

## בית ישראל

ווערין פֿאַרלאָרין אַלֶע זַיינֶע מַחְשָׁבוֹת׃ אשרי וואויל דֶעם מֶענְשִׁין וָוס גָאט פֿוּן יַעֲקֹב אָבִינוּ אִיז אִין זַיין הִילְף אוּנ זַיין בִּטָחוֹן אִיז אוֹיף גָאט׃ עושה וָואס עֶר הָאט בַּאשַׁאפֶֿען הִימִיל אוּנ עֶרד דֶעם יַם אוּנ אַלֶין וָואס אִיז אִין אִים אוּנ אַלֶין וָואס עֶס גִיפִֿינְט זִיךְ אוֹיף דֶעם הִימִיל אוּנ אוֹיף דֶער עֶרד אוּנ וָואס עֶר הִיט זַיין וָוארְהַפְֿטִיגֶע הַבְטָחָה אוֹיף אֵייבִּיג׃ עושה עֶר טוּט אַיין מִשְׁפָּט צוּ דִי וָואס זַיינֶען גִירוֹיבְּט גִיוָוארִין, עֶר גִיט בְּרוֹיט צוּ דִיא הוּנְגֶערִיגֶע, גָאט בִּינְט אוֹיף דִי וָואס זַיינֶען גִבּוּנְדִין אִין תְּפִיסָה׃ יי גָאט מַאכְט זֶעהֶנְדִיג דִי בְּלִינְדֶע, גָאט שְׁטֶעלְט אוֹיף דִי וָוס זַיינֶען אַיינְגִיבּוֹיגִין, גָאט הִיט דִי צַדִּיקִים׃ יי גָאט הִיט דִיא גֵרִים, דֶעם יָתוֹם מִיט דִיא אַלְמָנָה טוּט גָאט שְׁטַארְקִין אוּנ דֶעם וֶועג פֿוּן דִיא רְשָׁעִים פַֿארְקְרִימְט עֶר׃ ימלוך דַיין גָאט וָואס רוּעֶט אִין צִיּוֹן וֶועט קֶענִיגֶען אוֹיף אֵייבִּיג, דְרוּם אִיר אַלֶע לוֹיבְּט גָאט׃ הללויה לוֹיבְּט צוּ גָאט וָוארוּם עֶר אִיז גוּט, לוֹיבְּט צוּ אוּנְזֶער גָאט וַוייל עֶר אִיז זִיס, דְרוּם אִיז צוּ אִים שֵׁיין אַיין לוֹיבּ׃ בונה לֶעָתִיד לָבֹא וֶועט גָאט בּוֹיעֶן דִי שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם, דִי יוּדִין וָואס זַיינֶען פַֿר שְׁטוֹיסִין בִּיז עֶק וֶועלְט וֶועט עֶר זֵייא אַיין זַאמְלֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם׃ הרופא צוּא דִיא וָואס

## משל ומליצה · האבין

וֶועל אִיךְ מַאכִין מִיט צֶעהֶן רוּבְּל? דָאס אִיז נוּר הוֹצָאוֹת אוֹיף אַהֵיים צוּ פָֿארִין. אוּנ אִיבֶּערְהוֹיפְּט וואוּנְדֶערְט מִיר, וִויא וֶוערְט דָאס אִין אַיין מַאנ אַזַא שִׁינוּי פֿוּן אַנְדִיב אוֹיף אַקַמְצָן? אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין מַיין פְֿרַיינְד (עֶנְטְפֶֿערְט רְאוּבֵן), דֶער מֶענְשׁ אִיז צוּזַאמֶענְגֶעשְׁטֶעלְט פֿוּן פִֿיר יְסוֹדוֹת „אֵשׁ, רוּחַ, מַיִם, עָפָר" פֿוּן יְסוֹד הָרוּחַ קוּמְט דֶער חַאַראַקְטֶער פֿוּן נְדִיבוּת, פֿוּן עָפָר קוּמְט קַמְצָנוּת. דֶער מֶענְשׁ מִיט זַיין בְּחִירָה, הָאט בְּכֹחַ אוֹיפְצוּוֶועקִין וֶועלְכִין יְסוֹד עֶר וִויל (אַז עֶר זָאל הֶערְשֶׁען בַּיי אִים). אִין דֶער פְּרִיָּה הָאט זִיךְ עֶרְוֶועקְט אִין אִים דֶער יְסוֹד הָרוּחַ אוּנ אַרִיבֶּער גִישְׁטִיגֶען דֶעם יְסוֹד הֶעָפָר, הָאט עֶר אַייךְ פֶֿערְשְׁפְּרָאכֶען צוּ הֶעלְפִֿין וִויא אַנְדִיב, פַֿאר נַאכְט אָבֶּער הָאט זִיךְ פֶֿערְשְׁלֶעפֶֿערְט דֶער יְסוֹד הָרוּחַ אוּנ עֶר הָאט זִיךְ צוּרִיק אוּמְגִיקֶערְט צוּם יְסוֹד הֶעָפָר, אִיז עֶר גִיוָוארִין אַקַמְצָן. דָאס זָאגְט דָוִד הַמֶּלֶךְ „אַל תִּבְטְחוּ בִנְדִיבִים" אִיר זָאלְט נִיט הָאפִֿין אוֹיף דִיא נְדִיבוּת פֿוּן אַמֶענְשִׁין, וָואס עֶר הָאט אַייךְ צוּ גִיזָאגְט הָרִים וּגְבָעוֹת, וַוייל עֶס קֶען טְרֶעפִֿין „תֵּצֵא רוּחוֹ" עֶס זָאל אַרוֹיס פְֿלִיהֶען דִיא נְדִיבוּת וָואס קוּמְט פֿוּן יְסוֹד הָרוּחַ „יָשׁוּב לְאַדְמָתוֹ" אוּנ זִיךְ ווידֶער קֶערִין צוּ קַמְצָנוּת וָואס קוּמְט פֿוּן יְסוֹד הֶעָפָר וַאֲדָמָה, דַאן אִיז „בַּיּוֹם הַהוּא" אִם גוּפָא אִין זֶעלְבִּיגֶען טָאג „אָבְדוּ עֶשְׁתֹּנֹתָיו" פַֿארְלִירְט זִיךְ זַיינֶע פְֿרַייעֶ גִידַאנְקֶען. „אַשְׁרֵי שֶׁאֵל יַעֲקֹב בְּעֶזְרוֹ" וואוֹהל אִיז אָבֶּער דֶעם וָואס דֶער גָאט יַעֲקֹב'ס אִיז אִים צוּ הִילְף, אוּנ וֶוען פַֿארְדִינְט דֶער מֶענְשׁ אַז גָאט זָאל אִים זַיין צוּ הִילְף? וֶוען זַיין הָאפְֿנוּנְג אִיז צוּ אִים „הַשֹּׁמֵר אֱמֶת לְעוֹלָם" וָועמֶעס טְרַייהַייט אִיז אוֹיף אֵייבִּיג׃

לְעַצְּבוֹתָם: מוֹנֶה מִסְפָּר לַכּוֹכָבִים לְכֻלָּם, שֵׁמוֹת יִקְרָא: גָּדוֹל אֲדוֹנֵינוּ
וְרַב כֹּחַ לִתְבוּנָתוֹ, אֵין מִסְפָּר: מְעוֹדֵד עֲנָוִים, יְיָ מַשְׁפִּיל רְשָׁעִים,
עֲדֵי אָרֶץ: עֱנוּ לַייָ, בְּתוֹדָה זַמְּרוּ לֵאלֹהֵינוּ, בְכִנּוֹר: הַמְכַסֶּה שָׁמַיִם,
בְּעָבִים, הַמֵּכִין לָאָרֶץ מָטָר הַמַּצְמִיחַ הָרִים, חָצִיר: נוֹתֵן לִבְהֵמָה
לַחְמָהּ לִבְנֵי עֹרֵב אֲשֶׁר יִקְרָאוּ: לֹא בִגְבוּרַת הַסּוּס, יֶחְפָּץ לֹא בְשׁוֹקֵי
הָאִישׁ, יִרְצֶה: רוֹצֶה יְיָ, אֶת יְרֵאָיו אֶת הַמְיַחֲלִים, לְחַסְדּוֹ: שַׁבְּחִי

בית ישראל

קָאבִּן אַיין צוּ בְּרַאכִין הַארְץ הֵיילְט זֵייא
גָאט, אוּנ הֵיילְט אַזוֹ וִוי מִיט אַיין פְלַאסְטֶער
זֵייעֶר זָארְג: מונה עֶר צֵיילְט מִיט אַיין צָאל
די שְׁטֶערִין, אוּנ צוּ אַלֶע רוּפְט עֶר מִיט אַיין
נָאמֶען וָואס אִיז שֵׁיין צוּא אִיטְלִיכִין: גדול
אוּנְזֶער הַאר גָאט אִיז גְאַלְפֶּערְט אוּנ הָאט
אַיין גְרוֹיסִין כֹּחַ, אוּנ צוּ דִיא זַאכִין וָואס
אִין זֵיי אִיז פַאר הַאנְדִין פַאר שְׁטַאנְד וָואס
גֶעפִינֶען זִיךְ בַּייא גָאט, אִיז צוּ זֵייא נִיט דָא
קֵיין צָאל מַחֲמַת פִילְקַייט: מעודד גָאט
שְׁטַארְקְט דִי צַדִיקִים. אוּנ דִי רְשָׁעִים אִיז
עֶר מַשְׁפִּיל בִּיז דֶער עֶרְד: ענו הֵייבְּט אוֹיף
אַייעֶר קוֹל מִיט לוֹיב צוּ גָאט, אוּנ לוֹיבְּט
צוּ אוּנְזֶער גָאט מִיט אַיין הַארְף: המכסה
עֶר בַּאדֶעקְט דִיא הִימִיל מִיט וָואלְקֶען
אוּנ בְּרֵייט אָן צוּא דֶער עֶרְד רֶעגִין, אוּנ
מַאכְט שְׁפְּרָאצִין אוֹיף דִיא בֶּערְג גְרָאז:
נותן דִי גְרָאז פוּן דִי בֶּערְג גִיט עֶר עֶסִין צוּ
דִי בְּהֵמוֹת, אוּנ צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן דִי רָאבִּן
וָואס רוּפִין אוּנ שְׁרַייעֶן צוּא גָאט מַחֲמַת
הוּנְגֶער גִיט עֶר זֵיי עֶסִין: לא גָאט בַּאגֶערְט
נִיט אִין דֶעם וָואס הָאט אַבְּטָחוֹן אַז דִיא
גְבוּרָה פוּן דֶעם פֶערְד זָאל אִים הֶעלְפִן. אִין
דֶר מִלְחָמָה, אוּנ גָאט בַּאגֶערְט נִיט אִין
דֶעם מֶענְטְשִׁין וָואס הָאט אַבְּטָחוֹן אוֹיף
זַיינֶע שְׁטַארְקֶע פִּיס: רוצה גָאט בַּאגֶערְט
נָאר אִין זַיינֶע פָארְכְטִיגֶע, די וָואס הָאפִּין
צוּ זַיין גְנָאד: שבחי אִיר זִיצֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם
לוֹיבְּט גָאט, אוּנ אִיר זִיצֶער פוּן צִיּוֹן לוֹיבְּט אַייעֶר גָאט: כי וָוארוּם עֶר הָאט גְשְׁטַארְקְט

מעשה אלפס

לִבְנֵי עוֹרֵב אֲשֶׁר יִקְרָאוּ, אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים עֶרְצֵייקֶען,
אַז דֶער עוֹרֵב אִיז אַיין אַכְזָר אוֹיף זַיינֶע קְלֵיינֶע
קִינְדֶער, ער וואַרְפְט זֵייא אַוֶועק אוּנ בְּרֵיינְגְט זֵייא נִיט
קֵיין שְׁפַּייז, וִויא אַנְדֶערֶע פֵייגֶעלַאךְ שְׁפֵּייזֶען זֵייעֶרֶע
קִינְדֶער, שְׁרַייעֶן זֵייא צוּם בּוֹרֵא אוּנ עֶר שִׁיקְט זֵייא
צוּא פְלִיגֶעלַאךְ וָואס זֵייא פִּיקֶען אוֹיף אוּנ אַזוֹ הָאדֶעוֶוען
זֵייא זִיךְ אוֹיס אוֹיף דֶעם עֶווִיגֶענְס קֶעסְט, דָאס אִיז
אַלֶערנוּנג פַארִין מֶענְשִׁין, עֶר זָאל נִיט מֵיינֶען אַז זַיין
הֶעלְדִינְשַׁאפְט, זַיינֶע גִיזוּנְטֶע פִּיס, אָדֶער זַיין פֶערְדִיל
וָואס לוֹיפְט פוּן זַיינְט וֶועגִין, הַיְינוּ רַייכֶע עֶלְטֶערֶען
אָדֶער אַקַאפִּיטַאל וָואס אַרְבֶּעט פַאר אִים, דָאס אִיז זַיין
גָאט וָואס שְׁפַּייזְט אִים, אוּנ דֶעם וָואס פֶעלְט בֵּיידֶע
זַאכֶען וֶועט נִיט עֶקְזֶעסְטִירֶען, אוֹיב אַזוֹי, דַארְף דָאךְ
דֶער מִין עוֹרֵב אוֹיךְ נִיט עֶקְסֶעסְטִירֶען, וַוייל עֶר הָאט
נִיט קֵיין אֵייגֶענֶע קְרֶעפְטִין, פְלִיהֶען זוּכֶען שְׁפַּייז, אוּנ
נִיט קֵיין עֶלְטֶערִין וָואס זָארְגִין פַאר זֵייא, אוּנ דִיא
פְּרַאקְטִיקֶע וַוייזְט אַז דֶער מִין עוֹרֵב עֶקְסֶעסְטִירְט אוֹיךְ וִויא
אַלֶע עוֹפוֹת, וַוייל זֵייא הָאדֶעוֶוען זִיךְ אוֹיף דֶעם בּוֹרֵא'ס
קֶעסְט, מִיט דֶעם זַיינֶען דִיא בְּנֵי עוֹרֵב מְפַרְסֵם (קְרִיאָה
הִיא גַם לָשׁוֹן פִּרְסוּם כְּמוֹ וַיִּקְרָא שָׁם אַבְרָם בְּשֵׁם ה')
אוֹיף דֶער וֶועלְט, דוּא מֶענְטְשׁ זֶעהֶע! אַז „לֹא בִּגְבוּרַת
הַסּוּס יֶחְפָּץ" נִיט דָאס וָואס יֶענֶער הָאט אַשְׁטַארְקִין פֶערְדִיל
(רַייכֶע עֶלְטֶערִין אָדֶער אַקַאפִּיטַאל וָואס אַרְבַּייט פַאר אִים)
דָאס בְּרֵיינְגְט אִים שְׁפַּייז „לֹא בְשׁוֹקֵי הָאִישׁ יִרְצֶה" נִיט
דָאס וָואס יֶענֶער הָאט גִיזוּנְטֶע פִּיס אוּנ קֶען אַרוּם לוֹפִין
אִין אַלֶע לֶעכֶער דָאס נִיט אִים פַּרְנָסָה, נֵיין נָאר לֹא מִיט
אַגְרוֹיסֶען א, מִיר זַייעֶען עֵדוּת אַז נִיט דָאס אִיז דִיא סִבָּה
פוּן פַּרְנָסָה וְהָרְאָיָה מִיר הָאבִּין בֵּיידֶע זַאכֶען נִיט אוּנ מִיר
לֶעבִּין אוֹיךְ, וָואס דִען פֶערְלַאנְגְט גָאט? רוֹצֶה ה' אֶת
יְרֵאָיו אֶת הַמְיַחֲלִים לְחַסְדּוֹ, דֶער עֶוויגֶער בַּאוִוילִיגְט דִיא
גָאטְס פָארְכְטִיגֶע, וָואס הִיטֶען זִיךְ אוֹיס קֵיינֶעם נִיט מַאַ:
קֵיין עַוְלָה, קוֹבֵעַ זַיין עִתִּים לַתּוֹרָה, הַאנְדְלֶען עֶרְלִיךְ
אוּנ הָאפִין צוּ זַיין גְנַאדֶע וָואס עֶר אִיז „מַשְׂבִּיעַ לְכָל חַי
רָצוֹן" וֶועט עֶר זֵייא צוּ שִׁיקֶען זֵייעֶר מֶעסְטֶעלֶע מִי בְּכָבוֹד
פוּן זַיין לִיבֶּע הַאנְד (ועיין מעשה אלפס ופרי הגפן סדר
נח פרק „אמונה ובטחון" באריכות):

יְרוּשָׁלַיִם, אֶת יְיָ הַלְלִי, אֱלֹהַיִךְ צִיּוֹן: כִּי חִזַּק, בְּרִיחֵי שְׁעָרָיִךְ בֵּרַךְ בָּנַיִךְ, בְּקִרְבֵּךְ: הַשָּׂם גְּבוּלֵךְ, שָׁלוֹם חֵלֶב חִטִּים יַשְׂבִּיעֵךְ: הַשֹּׁלֵחַ אִמְרָתוֹ, אֶרֶץ עַד מְהֵרָה, יָרוּץ דְּבָרוֹ: הַנֹּתֵן שֶׁלֶג, כַּצָּמֶר כְּפוֹר, כָּאֵפֶר יְפַזֵּר: מַשְׁלִיךְ, קַרְחוֹ, כְפִתִּים לִפְנֵי קָרָתוֹ, מִי יַעֲמֹד: יִשְׁלַח דְּבָרוֹ וְיַמְסֵם יַשֵּׁב רוּחוֹ, יִזְּלוּ מָיִם: מַגִּיד דְּבָרָיו, לְיַעֲקֹב חֻקָּיו וּמִשְׁפָּטָיו, לְיִשְׂרָאֵל: לֹא עָשָׂה כֵן, לְכָל גּוֹי, וּמִשְׁפָּטִים בַּל יְדָעוּם, הַלְלוּיָהּ:

הַלְלוּיָהּ, הַלְלוּ אֶת יְיָ, מִן הַשָּׁמַיִם הַלְלוּהוּ, בַּמְּרוֹמִים: הַלְלוּהוּ כָל מַלְאָכָיו הַלְלוּהוּ, כָּל צְבָאָו:

## מעשה אלפס

מַגִּיד דְּבָרָיו לְיַעֲקֹב, פון דיא סגולות פון דער תורה איז, לבד וואס זיא לערנט אונז די מצות פון דעם בורא, ווירקט זיא אויך זייער אויפן חרקטער אים אויס צו איידלין, זיא מאכט פערשטיינערטע הערצער וויך וויא פוטער, פערפראָרענע גיפיהלין, צערשמעלצט זי (מיט איר זון שיין) וויא וואסער, אונ פיר דעם וואס פאר שטייט עס נים מיטן שכל ווייזט דוד המלך אביישפיל פון די נאטור, מיר זעהען ווינטער צייט ווערין אלע פעלדער אונ וועלדער באדעקט מיט אווייסע דעקע (דער שניי), „משליך קרחו" ער שליידערט שטיקער אייז, אז עס איז אונמעגליך בעשטיין פון קעלט. אונ פאר דיא כורצזיכטיגע אויג מייזט אויס אז דיא גאנצע נאטור איז אגישטארבין, אונ קיין מייסטער קען איר נים לעבעדיג מאכין, זעהען מיר נאכהער אז דער גרויסער וועלט מייסטער, „ישלח דברו וימסם" שיקט זיין בעפעהל אונ מאכט צו שמעלצין דעם אייז „ישב רוחו יזלו מים" ער לאזט וויהען זיין ווינד אונ עס פליסען שוין וואסער פון דיא אייז אונ שניי. איז אזוי וויא זיין בעפעהל ווירקט אויף דיא נאטור איר ווייך אונ וואַרים צו מאכין, אזוי ווירקט דיא תורה וואס זיא איז אויך דער בעפעהל פון בורא ב"ה אויף דיא פערפראָרענע הארין פון מענשען צו מאכין איר וואַרים, צו צלע וויכטיגע זאכין:

## בית ישראל

די ריגלען פון דיינע טויערין אונ עס וועט שוין מער נים חרוב ווערין דיא שטאט ירושלים, אונ האט דיך געבענטשט אז דוא זאלסט האבין פיל קינדער: השם אונ אין דיין גבול האט ער גיגעבין שלום, אונ מיט דר בעסטער ווייץ האט ער דיך גמאכט זאט: השולח דר רעגין וואס ער קומט דורך גאטס זאג שיקט ער אויף דער ערד, אונ דער רעגין לויפט אין דער גיך צוא טאן גאטס שליחות: הנותן ער איז דר וואס גיט שנייא אויף דער וועלט וואס איז ווייס וויא וואל כפור דאס איז אזוי אמין שנייא וואס גייט ווינטער אין דער פריא מאכט ער פאר שפרייטין אים אויף דער ערד אזוי וויא אש: משליך גאט ווארפט זיין אייז וויא שטיקר, דאס איז וואס דיא וואסער ווערט פאר פרארין אונ דער נאך מאכט מען פון זייא שטיקר, אז מען זאל זיך נים אן טאן אין ווארימע קליידער ווער וואלט גקאנט באשטיין פאר זיין קעלט: ישלח אונ אז ער שיקט זיין רעגין אדער זיין היץ מאכט ער צו גיין דעם שנייא מיט דעם אייז, אונ אז ער מאכט וויהען מיט זיין ווינט טוט פון דעם אייז ריגען וואסער: מגיד לויבט גאט ווארום ער האט גיזאגט זיין תורה צו דיא יודין וואס זיינען ארויס גיקומן פון יעקב, זיינע גיזעצין אונ זיינע משפטים האט ער גיזאגט צו די ישראל: לא אונ אזו האט ער נים גיטאן צו קיין שום פאלק צו געבין זיי דיא תורה, אונ קיין משפטים האט ער זיי נים גימאכט וויסען דרום לויבט גאט:

הללויה לויבט גאט אז פון דעם הימל זאל מען הערין דאס קול אונ לויבט אים אויף דיא הימלען: הללוהו לויבט אים אלע זיינע מלאכים דאס זיינע

הללוהו, שמש וירח הללוהו, כל כוכבי אור: הללוהו,
שמי השמים והמים, אשר, מעל השמים: יהללו, את
שם יי כי הוא צוה, ונבראו: ויעמידם לעד, לעולם חק
נתן, ולא יעבור: הללו את יי, מן הארץ תנינים, וכל
תהומות: אש וברד, שלג וקיטור רוח סערה, עשה דברו:
ההרים וכל גבעות עץ פרי, וכל ארזים: החיה וכל
בהמה רמש, וצפור כנף: מלכי ארץ, וכל לאמים שרים,
וכל שפטי ארץ: בחורים, וגם בתולות זקנים, עם נערים:
יהללו, את שם יי, כי נשגב שמו, לבדו הודו, על ארץ
ושמים: וירם קרן לעמו. תהלה לכל חסידיו. לבני
ישראל, עם קרבו, הללויה:

## בית ישראל

דיא גלגלים מיט דיא מזלות הללוהו דיא זון מיט דער לבנה גיהערט איר צו לויבין גאט אונ איר שטערין וואס איר לייכט אויף דער וועלט לויבט צוא גאט: הללוהו איר אויבערשטע הימלען אונ די וואסער וואס איז אויף דעם הימל זאלט איר אלע לויבין גאט, ווארום ער האט גיבאטין אז זייא זאלין בשאפין ווערין זיינען זייא בשאפין גיווארין: ויעמידם אונ ער האט זיי גישטעלט אז זייא זאלין איין קיום האבין אויף אייביג אונ האט גיגעבין איין חוק ווען איטליכער זאל משמש זיין אונ זאלן ניט איבער פארין דעם חוק: הללו אונ פון דער ערד זאל מען לויבין גאט, שלאנגען אונ אלע וואס רוען אין דיא אפ גרונטין, פייער אונ האגיל שנייא אונ דר רויך וואס גייט פון דער ערד אונ דער שטורעם ווינט וואס טוט אזו וויא גאט הייסט אים טאן: ההרים דיא הויכע מיט דיא נידעריגע בערג, אונ דיא ביימער וואס וואקסין פירות אויף זייא, אונ אלע טראגען בוימער: החיה אונ גרויסע חיות מיט אלע בהמות קליינע חיות אונ עופות וואס האבן פליגל: מלכי איר מלכים פון דער וועלט אונ אלע פעלקער, איר הארין אונ אלע ריכטער פון דר וועלט: בחורים די בחורים מיט דיא בתולות די אלטע מיט די יונגע: יהללו זאלט איר אלע לויבן גאטס נאמען ווארום נאר זיין נאמען אליין איז שטארק זיין שיינקייט ווערט גיזעהן אויף דעם הימל אונ אויף דער ערד: וירם אונ ער דער הויבט איין גיוועלטיקייט צו זיין פאלק אונ ער מערט איין לויב צו אלע זיינע פרומע פון דיא ישראל וואס זייא זיינען זיין נאהינט פאלק דרום לויבט גאט:

## מעשה אלפס

לבני ישראל עם קרובו. דער שטייגער פון א מענטשין איז, אז ער האט א קרוב א רייכען, איז ער זיך מתיחס מיט אים „יענער גביר איז מיינער קרוב", ווען אבער ער האט א קרוב א גימיינעם מאן, לייקענט ער זיך אב פון אים. אבער מדת הקב"ה איז ניט אזוי, אידין זיינען גיוועין אין מצרים ארים אונ שפל אונ השי"ת איז זיך מתיחס מיט זייא „לבני ישראל עם קרובו", די גאנצע ישראל'ס זיינען מיינע קרובים, דארף זיך דער מענטש לערנען מדת ענוה פון השי"ת אונ זיך מתקרב זיין צו א גימיינעם קרוב, בעטין אים צו זיך אויף א שמחה אונ גיין צום גימיינעם מאן אויף א שמחה:

הללויה, שירו ליי, שיר חדש תהלתו, בקהל חסידים: ישמח ישראל, בעשיו בני ציון, יגילו במלכם: יהללו שמו, במחול בתף וכנור, יזמרו לו: כי רוצה יי, בעמו יפאר ענוים, בישועה: יעלזו חסידים, בכבוד ירננו על משכבותם: רוממות אל, בגרונם וחרב פיפיות, בידם: לעשות נקמה, בגוים תוכחות, בלאמים: לאסר מלכיהם, בזקים ונכבדיהם, בכבלי ברזל: לעשות בהם, משפט כתוב. הדר הוא, לכל חסידיו, הללויה:

הללויה, הללו אל, בקדשו הללוהו, ברקיע עזו: הללוהו, בגבורתיו הללוהו, כרב גדלו: הללוהו, בתקע שופר הללוהו, בנבל וכנור: הללוהו, בתף ומחול הללוהו, במנים ועגב: הללוהו, בצלצלי שמע הללוהו,

### מעשה אלפים

יעלזו חסידים בכבוד. דיא פרומע לייט, די חסידי עליון װעלין זיך פרייען מיט נאמען עהרע װאס װעט שיינען אויף זייא „ירננו על משכבותם", זיי װעלין לויב זינגען אויף אויף זייער געלעגער, דאס הייסט דער חסיד עליון װאס זיינע גידאנקען זיינען שטענדיג דבוק צום בורא ב"ה, בייא זיין לעבין, איז בעת ער לעבט אויס זיינע יאהרין שטארבט ער א מיתת נשיקה, זיין נשמה באהעפט זיך צום בורא ב"ה אזוי וויא אליכט צום פלאקס, אונ זינגט לויב געזאנג צוא גאט ב"ה אויך ליגענדיג אין זיין קבר:

### בית ישראל

הללויה זינגט צו גאט איין נאייע געזאנג זיין לויב זאל דער צײלט װערין אין דער איין זאמלונג פון דיא פרומע: ישמח די יודין זאלין זיך פרייען מיט זייער באשעפער, אונ דיא קינדער פון ציון זאלין זיך פרייען מיט זייער מלכות. לויבט זיין נאמען מיט טאנצין, מיט איין פויק אונ מיט אפידיל זאלט איר אים לויבין: כי אז גאט האט באװיליגט אין זיין פאלק אונ האט בשיינט דיא גוטע מיט הילף: יעלזו די פרומע װעלן זיך פרייען מיט דעם כבוד װאס זיי װעלן האבן, אונ זיי װעלן זינגען אז זיי װעלין זיין בארוט: רוממות מיט זייער האלז װעלן זיי דער צײלן גאטס גרויסקייט, אונ דורך דעם װעלן זיי זיך שטארקן אויף זייערע פיינט גלייך וויא זייא האלטין אין זייערע הענד שווערדין װאס זיינען גשארפט פון צװייא זייטין: לעשות צו טאן אנקמה אין דיא עובדי כוכבים אונ איין שטראף אין די עובדי כוכבים: לאסור צו בינדן זייערע הארן אונ זייערע שררות פון דיא עובדי כוכבים מיט אייזערנע קייטין: לעשות צוא טאן אין זייא דאס משפט װאס שטייט אין פסוק אונ דער משפט װעט זיין שיין צוא אלע זיינע חסידים דרום לויב גאט:

הללויה לויבט גאט אויף זיין הייליג ארט, לויבט אים אויף זיין שטארקן הימיל מיט זיין גבורה, אזו װי זיין גדולה איז גרוים, מיט איין קול פון איין שופר אונ מיט איין פידיל אונ מיט איין הארף. מיט איין פויק אונ מיט טאנצען, מיט פיל מיני כלי זמר אונ מיט ארגלן אונ מיט צװייא מעשענע כלים װאס זיי מאכין הערין איין

בְּצִלְצְלֵי תְרוּעָה: כֹּל הַנְּשָׁמָה, תְּהַלֵּל יָהּ, הַלְלוּיָהּ:
כֹּל הַנְּשָׁמָה, תְּהַלֵּל יָהּ, הַלְלוּיָהּ:

בָּרוּךְ יְיָ, לְעוֹלָם, אָמֵן, וְאָמֵן: בָּרוּךְ יְיָ, מִצִּיּוֹן, שֹׁכֵן יְרוּשָׁלָיִם, הַלְלוּיָהּ: בָּרוּךְ יְיָ אֱלֹהִים,

## בית ישראל

קוֹל, מיט טְרוּמֵייטִין: כל לוֹיבְּט גָאט אוּנ זָאגְט אַז אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט אִין זִיךְ אַיין נְשָׁמָה זָאל לוֹיבִּין גָאט:

בָּרוּךְ גִילוֹיבְּט אִי' גָאט אֵייבִּיג: ברוך גְלוֹיבְּט אִיז גָאט וָואס עֶר הָאט גְמַאכְט רוּעֶן זַיין שְׁכִינָה אִין צִיּוֹן אוּנ רוּעֶט אִין יְרוּשָׁלַיִם דְרוּם לוֹיבְּט גָאט: ברוך גְלוֹיבְּט אִיז

## בנין ציון

כל הַנְּשָׁמָה תְּהַלֵּל יָהּ, דֶער פָּסוּק אִיז גִירֶעכִינְט (אִין כּוּף פֶּרֶק שִׁירָה) פַאר דִיא שִׁירָה פוּן דִיא חוּלְדָה (קְרָאט). צוּ פַאר שְׁטֵיין דִיא שַׁייכוּת פוּן דִיא „חוּלְדָה" צוּ דֶעם פָּסוּק, וֶועלִין מִיר דָא בַּאשְׁרַייבִּין אִיר נַאטוּר אוּנ דָאס וֶועט זַיין אַקְלָאגֶער מוּסָר, אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגִין אוֹיפְ'ן פָּסוּק „הַאֲזִינוּ כָּל יוֹשְׁבֵי חָלֶד" ווָארוּם רוּפְט עֶר דִי יַבָּשָׁה וָואס מֶענְשִׁין בַּאזִיצִין, מִיט דֶעם נָאמֶען „חָלֶד"? וַוייל אַלֶע בְּרוּאִים פוּן יַבָּשָׁה זַיינֶען אוֹיךְ אִין יָם, לְבַד דִיא „חוּלְדָה" אִיז אִין יַם נִישָׁא, אִיז פָארְלֵייפִיג שְׁווער, הָאט דֶער בּוֹרֵא אוֹיס גִיפֶעלְט מַאטֶרִיאַל צוּ בַּאשַׁאפִין אַם חוּלְדָה אויך? דָאס ווערְט עֶרְקְלֶערְט מִיטְ'ן צווייטִין מַאֲמַר חז"ל וָואס זָאגְט אַז דִיא נַאטוּר פוּן דִיא חוּלְדָה אִיז „גוֹרֶרֶת וּמְנַחַת וְיוֹנָה וְדַעַת לֵיהּ מַנַּחַת" אִיר גַאנְצִין לֶעבִּין גְרָאבְּט זִיא אִין דְרֶערְד, שְׁלֶעפְּט אוּנ קְלַייבְּט צוּזַאמֶען אוּנ וֵוייס נִים פַאר וֶועמֶען זִיא קְלַייבְּט? אַזוֹי אִיז דֶער נַארִישֶׁער מֶענְשׁ, עֶר הַבְ'ת אוּנ שְׁלֶעפְּט אוּנ וֵוייס נִים פַאר וֶועמֶען, אִין מִיטְ'ן שְׁטַארְבְּט עֶר אַוֶּועק אוּנ זַיין פְּרַאצֶע. לַייבְּט פַאר פְרֶעמְדֶע אוּנ מַאנְכֶע מָאל פַאר זַיינֶע שׂוֹנְאִים, . אויך זָאגִין אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים, אַז דִי וֶועלְט אִיז גִיגְלִיכֶען צוּא יַבָּשָׁה אוּנ יֶענֶע וֶועלְט צוּם יַם, אַז מֶען גְרֵייט אָן אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה הָאט מֶען אוֹיפְ'ן יַם, עֶרְשְׁט פַארְשְׁטֵייעֶן מִיר דֶעם קְלֵיינִין ווּנְק וָואס דֶער בּוֹרֵא הָאט אוּנְז גִיגֶעבִּין מִיט דֶעם וָואס עֶר הָאט נִים בַּאשַׁאפִין קֵיין חוּלְדָה אִין יַם, צוּ לֶערְנֶען אוּנְז, אַז דִי פַארְבְּלֶענְדֶענִיש פוּן מֶענְשׁ'ן וָואס עֶר הַבָ'ת אוּנ שְׁלֶעפְּט זַיין גַאנְצֶען לֶעבִּין אוּנ נִים זִיךְ נִים אָב קֵיין חֶשְׁבּוֹן פַאר וֶועמֶען עֶר הַבָ'ת, אוּנ פַארְגִינְט זִיךְ נִיט קֵיין צַייט צוּא דַאוְונֶען, צוּא קוֹבֵעַ זַיין עִתִּים לַתּוֹרָה, נוּר דֶעם גַאנְצֶען לֶעבִּין שְׁלֶעפְּט עֶר אוּנ בַּאהַאלְט ווִיא דִיא חוּלְדָה, דִיא פַארְבְּלֶענְדֶענִיש אִיז נוּר אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה, דָאס הֵייסְט כָּל זְמַן דִיא אוֹגִין אִיז אָפִין, אָבֶּער ווִיא נוּר עֶר מַאכְט צוּא דִיא אוֹיגֶען אוּנ שְׁוֶועלְט אַרִיבֶּער אֵיין פוּס אוֹיפְ'ן יַם, דָאס הֵייסְט אוֹיף יֶענֶע וֶועלְט, וֶוערְט פַארְשְׁוואוּנְדִין דִיא חוּלְדָה, דָא עֶפִינְט עֶר אוֹיף זַיינֶע אוֹיגֶען אוּנ זֶעעט ווִיא קְלֵיינְד אוּנ נַארִישׁ עֶר אִיז גִיוֶועזֶען זַיין גַאנְצֶען לֶעבִּין, אוּנ דַאן בַּאקוּמְט עֶר אַגִיוַואלְדִיגֶע תְּשׁוּקָה, אַז מֶען זָאל אִים עֶרְלוֹיבֶּען גֵיין צוּרִיק אַהֵיים ווָאלְט עֶר אַוֶּועק ווַארְפִין אַלֶע נַארִישֶׁע זַאכִין אוּנ עוֹסֵק זַיין נוּר בַּתּוֹרָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים דֶעם גַאנְצֶען לֶעבִּין. עֶס אִיז אָבֶּער פַארְפַאלְן, צוּ שְׁפֶּעט זִיךְ אַרוּם צוּ זֶעהֶען, אַז מֶען גְרֵייט נִיט אָן עֶרֶב שַׁבָּת, הָאט מֶען נִיט אוֹיף שַׁבָּת. דָאס זָאגִין אוּנְז דִיא חֲכָמִים דֶעם מוּסָר פוּן דִיא חוּלְדָה, דִיא חוּלְדָה זָאגְט, זֶעהְט זִיךְ אַרוּם, דוּא מֶענְשׁ! וָואס דוּא בִּיסְט פַארְבְּלֶענְדֶעט מִיט מַיין חַרְקְתוּר, אוֹיס צוּא רֵיינִיגֶען דַיין גַאנְצִין לֶעבִּין אִין הַבָ'נֶען אוּנ שְׁלֶעפִּין אוּנ ווֵייסְט אַלֵיין נִים פַאר וֶועמֶען? זֶעהֶע, אַז דוּא וֶוערְסְט נוּר אַוֶּועק שְׁטֶעלִין אֵיין פוּס אוֹיפְ'ן יַם אִיז אוֹיךְ „חוּלְדָה" דוּא וֶוערְסְט עֶפֶענֶען דִיא אוֹיגֶען אוּנ זִיךְ אַרוּם קוּקֶען ווִיא אוּנְגְלִיקְלִיךְ דוּא בִּיסְט, אוּנ יֶענֶער צַעַר אוּנ עָגְמַת נֶפֶשׁ וֶועט דִיר עֶרְגֶער זַיין פוּן אַלֶע יִסּוּרֵי גֵיהִנֹּם, אַלְזָא „כָּל הַנְּשָׁמָה" כָּל זְמַן דִיא נְשָׁמָה שַׁיינְט אִין דִיר, עֶפִין אוֹיף דִיא אוֹיגֶען אוּנ לוֹיבּ גָאט, אוּנ דַאנְק אִים אוֹיף יֶעדֶער אַטֶעם, פַאר יֶעדֶער רֶגַע וָואס דוּא לֶעבְּסְט, וָואס דַאס אִיז דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט יַרִיד פַאר דִיר אָפִין, דוּא קֶענְסְט הַיינְדְלֶען דִיא טֵייעֶרְסְטֶע סְחוֹרָה (יָפָה שָׁעָה אַחַת בִּתְשׁוּבָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים בָּעוֹה"ז מִכָּל חַיֵּי הָעוֹה"ב). אוּנ דֶעם אִיבֶּער חֲזָרִין דֶעם פָּסוּק „כָּל הַנְּשָׁמָה" צַוֵוייטֶען מָאל אִיז גִירֶמֶז אוֹיף נָאךְ אַוִויכְטִיגֶע זַאךְ, אַז עֶס וֶועט קוּמֶען צְוֵוייטֶע צַייט וָואס דֶער גּוּף מִיט דִיא נְשָׁמָה צוּא זַאמֶען וֶועלִין לוֹיבֶּען גָאט, דָאס אִיז נָאךְ תְּחִיַּת הַמֵּתִים, אִיז אוֹיבּ יֶעצְט בְּעֵת דִיא נְשָׁמָה אִיז מִיטְ'ן גוּף זַיינֶען זֵייא עוֹבְדֵי הַשֵּׁם, וֶועלִין זֵייא דַאן אוֹיךְ לוֹיבֶּען גָאט מִיט גְרוֹיס פֶערְגֶענִיגֶען וָואס קֵיין פֶעדֶער אִיז נִיט אוּמְשְׁטַאנְד אוֹיס צוּ שְׁרַייבֶּען. וֶוען אָבֶּער חָלִילָה יֶעצְט פַארְבְּרֵיינְגְט דֶער מֶענְשׁ אִין נַארִישְׁקֵייט אוּנ שְׁטַארְבְּט אָן תְּשׁוּבָה, וֶועט עֶר דַאן אוֹיךְ ווֵייניג נַחַת הָאבִּין, דִיא אוֹיגֶען וֶועלִין אִים אַרוֹיס פוּן קִנְאָה, פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען אוּנ אֱמֶת'ן תַּעֲנוּג פוּן דִיא צַדִּיקִים, אוּנ עֶר וֶועט זִיךְ נִיט קֶענֶען הֶעלְפִין, דְרוּם אִיז „כָּל הַנְּשָׁמָה" כָּל זְמַן דִיא לְכַתְּחִלָּה לֶבְּט, זֶעהֶע נָא. לוֹיבֶּען גָאט. עיין מעשה אלפס (חלק א' צד 61 בהערה) בשם הרב ר' ישראל כלאנטר זצ"ל:

# אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל עֹשֵׂה נִפְלָאוֹת לְבַדּוֹ: וּבָרוּךְ שֵׁם כְּבוֹדוֹ לְעוֹלָם וְיִמָּלֵא כְבוֹדוֹ אֶת כָּל הָאָרֶץ אָמֵן וְאָמֵן:

# וַיְבָרֶךְ דָּוִיד אֶת יְיָ לְעֵינֵי כָּל הַקָּהָל וַיֹּאמֶר דָּוִיד, בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל, אָבִינוּ, מֵעוֹלָם, וְעַד עוֹלָם:

## מעשה אלפס

אמן ואמן. אין ווילנער גאון'ס צייט וואר אנעמליכער מאן מו"ה ר' ליב חסיד, זיינע היילינקייט אונ פרישות וחסידות איז גאר ניט אויס צו שרייבען, דער גאון ז"ל פלעגט זאגין, אז דער ר' ליב איז אנשמה אן אגוף, דיזער ר' ליב איז געווען אגרויסער אביון אונ אבעל מטופל, מחמת זיין גרויס צדקות האט ער ביי קיינעם נאר נישט גינומען אונ איז זיך אויס גיקומען בצמצום, נור בעת ער האט בּאַדאַרפט אויס געבין אמאכטער איז ביי אים גיוועזן אג שטעלטער פרייז, פיר הונדערט גילדין אויף נדן מיט הוצאות אונ מער ניט, פלעגט ער ארויס פארין צו זיינע רייכע קרובים אונ וויא דיא פאמיליע פלעגין נאר דער הערין אז ער פארט, פלעגין אים שוין דיא גבירים אויס פארין אנקעגין אונ יעדער האט זיך גיהאלט וואס פריער אויס חאפין דיא מצוה, ... זיך ... דיא פיר הונדערט גילדין אונ ווער עס האט זיך מקדים גיוועזן דער האט זוכה גיוועזן דיא מצוה, איין מאל זאגט ער צו זיין ווייב ער דארף מאכין אריינע, האט זיא אים ג בראכט זיין שטענדיגין בעל עגלה וואס ער פלעגט ע"פ רוב מיט אים פארין אונ איז אוועק גיפארין. פרייטיג פאר האלבין טאג איז ער גיקומען אין וואלאזשין אונ זיך דארפין אב גישטעלט אויף שבת, ער איז גיקומען פון מרחץ אונ האט אן גיטאן בגדי לבן לכבוד שבת אונ איז גיגאנגען אין שול נאך האלבין טאג, דענסטמאל איז אין וואלאזשין גיוועזן רב דער גרויסער גאון וצדיק ר' רפאל האמבורגער, אישיבה בחור זעהט אז אמענש גייט אין גיטאן אין בגדי לבן גיים אין שהול צוויי פריא (וואמער זייגער איי נס) איז אים אגרויסער חידוש גיוועזן, איז ער אים נאך גיגאנגען ביז אין שהול, דער חסיד ר' ליב האט אן גיהייבען צו זאגין לאנגזאם שיר השירים מיט קדושה וטהרה אונ גרויס התלהבות ... דער בחור איז אויסער זיך גיווארין פון זיסקייט אונ געשמאקייט, עס איז אויף אים איין געפאלען פארכט גיפאלען, ער האט זיך קיין עצה ניט גיקענט געבין. ניין אן זאגין דעם רבין אונ די חברים זאלעגוועט ער אוועק צוא ווארטען אויף אנדערע אזא המלשין פארגעניגען. ניט גיין איז דאס ניט קיין רעכט אלין, צו פיר מיך אזא פארגעניגען פון רבין אונ פון דיא חברים. גישווינד וויא אפייל איז ער אריין גלויפין אין דער ישיבה אונ זאגט "ליבע ברידער איר ווילט זעהן גילייגען לעבין אונ פארזוכין עטוואס דעם גישמאק פון עולם הבא קומט מיט מיר, וועט איר זעהן", זייא זיינען מיט אים מיט גיגאנגען אין שוהל אונ אוועק גישטעלט זיך פון ווייטען, עס איז זייא ממש ארויס דיא נשמה פון זיסקייט אונ פון דעם צדיקס היילינקייט. מיר מוזען אונז רעכט (ראוזי זיך אב איינער), מיט דעם וואס מיר גיבען ניט קיין ידיעה אונזער רבין, זייא האבין גיווארפין גורל צווי שען זיך איז ארויס דער גורל אויף איינעם ער זאל גיין אריעה געבין דעם רבין. דער ר' רפאל האמבורגער האט פאר שטאנען אז דא איז ניט קיין פשוטע זאך. זיינע תלמידים וועלין אים ניט מטריח זיין אומזיסט. איז ער מיט זייא מיט גיגאנגען אין שוהל, וויא ער האט דער הערט זיין שיר השירים. זאגט ער צוא דיא תלמידים "קינדער! דאס איז ניט קיין מענשין גיזאנג נור פון עגל געזאנג. דא שטייט פאר אונז אמלאך אין דיא גישטאלט פון אמענטשין. קודם דער פון דער צדיק זאגט זיך שיר השירים אונ זייא שטייען אלע פון ווייטען פארטיפט אין דיא גישמאקייט ביז וואנען דער עולם איז צוא זאמען גיקומען מנחה דאווינען, האט אים איינער דערקאנט, זאגט ער רבותי, איר ווייסט ווער דאס איז? דאס איז דער גרויסער ר' ליב חסיד פון מעלז, מן הסתם פארט ער וועגין אמאכטער

## בית ישראל

איז דער שטארקער גאט דער גאט פון די ישראל ער טוט אליין וואונדער צו די ישראל אלע צייט: וברוך אונ גלויבט איז זיין געהערטער נאמען אויף אייביג אונ עס זאל דער פילט ווערין די גאנצע וועלט מיט זיין כבוד. אמן ואמן:

ויברך דוד האט גלויבט גאט פאר די אויגן פון כל ישראל אונ דוד זאגט גילויבט ביסט דוא גאט דוא גאט פון ישראל אונזער פאטער, פון אייביג אן

לְךָ יְיָ, הַגְּדֻלָּה, וְהַגְּבוּרָה, וְהַתִּפְאֶרֶת, וְהַנֵּצַח, וְהַהוֹד, כִּי כֹל, בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ לְךָ יְיָ, הַמַּמְלָכָה, וְהַמִּתְנַשֵּׂא, לְכֹל לְרֹאשׁ: וְהָעֹשֶׁר וְהַכָּבוֹד, מִלְּפָנֶיךָ, וְאַתָּה מוֹשֵׁל בַּכֹּל, וּבְיָדְךָ, כֹּחַ וּגְבוּרָה וּבְיָדְךָ, לְגַדֵּל וּלְחַזֵּק, לַכֹּל: וְעַתָּה אֱלֹהֵינוּ, מוֹדִים אֲנַחְנוּ, לָךְ וּמְהַלְלִים, לְשֵׁם תִּפְאַרְתֶּךָ:

## בית ישראל

אן אונ ביז אייביג. צו דיר גאט איז אלע גרויסקייט אונ שטארקייט, די אייביגקייט אונ די שיינהייט איז צו דיר. צו דיר גאט איז אלץ וואס אויפן הימל אונ אויף דער ערד, צו דיר גאט איז די קיניגרייך איבער אלע מלכים אונ דוא ביסט דער הייבן איבער אלע עלצטע. אונ אלע רייכקייט אונ אלע כבוד פון מענטשן איז אלץ פון דיר גאט, אונ דו טוסט גיוועלטיגן איבער אלץ אונ אין דיין האנט איז שטארקייט אונ קראפט אונ אין דיין האנד איז צוא גרויסען אונ צוא שטארקען צוא אלעם וועמען דוא ווילסט. אונ איצונד אונזער

## מעשה אלפס

חתונה מאכין · אונ האט דעם רב ר' רפאל דער ציילט דעם מנהג פון דעם ר' ליב חסיד · שבת צוא נאכט איז צוא אים אריין הגאון ר' רפאל אונ זאגט אים „רבינו, אייער פערלאנג איז שוין ערפילט" · פון וואגען ווייסט איר וואס מיין פערלאנג איז? פרעגט החסיד ר' ליב · ענטפערט אים הרב ר' רפאל מיר רעכענען אז מחותנים איז אייער רייזע וועגין אפאכטער אויס געבין · רופט זיך אב החסיד ר' ליב, ניין רבינו, דיזע רייזע מיינע איז ניט וועגין געלט זאכען · זייא האבין זיך גיזעגינט אונ החסיד ר' ליב איז אפ גיפארן פון ווילקאמיר אונ האט זיך גיזאמט אין דיא רייזע לעך דרייא וואכין · סוף דרייא וואכין איז ער גיקומען צוריק אהיים לשלום · וויא ער איז אריין צוא זיך אין שטוב זאגט ער זייא, גילויבט איז השי"ת איך האב איך גיבראכט אמייערע מתנה, נור יעצט איז ניטא קיין צייט צוא ריידען מען דארף גיין דאווענען מנחה · ער איז אוועק אין שוהל מנחה דאווענען · דער ווייל האט זיין ווייב גיפרעגט דעם בעל עגלה וואו היין זיינען זייא גיפארין? האט איהר דער בעל עגלה גיזאגט ער איז גיפארין מיט אים צוא הרב הצדיק ר' ישעיה זעבוויציער ז"ל · זיא האט דערווייל צו רעכט געמאכט וועצערע · נאך מעריב איז ער גיקומען אונ האט זיך גיזעצט ארום טיש מיט אלע קליינינקע קינדערליך · נאך דעם עסין האבין זייא אלע גיבענטשט אין אסידור, וויא ער איז גיקומען צו די ענדע ברכה פון „הטוב והמטיב" האט ער ארויף גיליינט די הנט־ופין סידור אונ זאגט, מיינע ליבע קינדער איהר זאלט וויסען אז צו „לעולם אל יחסרנו" קאנצעט זיך דיא ברכה פון „הטוב והמטיב" אונ דא דארף מען ענטפערן „אמן" · אונ צוא ליב דעם האב איך גימאכט דיא רייזע יעצט · ווארום מיר איז אפאק גיוועזן וואו קאנצעט זיך דיא ברכה, בין איך גיוועזן דעם גיפארען להגאון החסיד ר' ישעיה אונ דאס איז דיא טייערע מתנה וואס איך האב איך גיבראכט מיינע ליבע קינדער—ליבע ברידער וויא ווייט דרינגט דאס דורך דעם פאר שטאנדיגען מענשין. צוא מאכין אנסיעה פון איינינע וואכען איבער אספק אין איין אמן, דאס קומט בייא אונז אויס זייער קאמיש. נור אויב דוא מיין ליבער פריינד וואונדערסט זיך אויף דעם · וועל איך דיר פרעגין, דוא וואלסט מאכין אבייזע פון דרייא וואכען אז עס זאל דיר בלייבען רווח נאך אלע הוצאות סך פופציג רובל? אונ דער וואס וואלט ניט געלין פארין נאר זיצען אין דער היים, וואלכע אליין אים רופען ליידיג גייער, פוסצאק, שטייטין וויא וויל דאב אמענש זיך ניט משתדל זיין וועז עס איז אכברא צו פערדינען עטליכע צענדליג רובל. יעצט ליבער פריינד וועל איך דיר פרעגין נאך אזאך · דוא גלויבסט אין דעם וואס דיא חז"ל זאגין אז דער וואס ענטפערט „אמן" בכונה עפנט מען פאר אים אויף דיא „שערי גן עדן" (שנאמר פתחו שערים כו') · היינט וועגין אזא טייערען שאץ וועט עס איז גאר אביין איז בודאי כדאי צוא מאכען אבייזע ·

## בנין ציון

לך ה' הגדולה · אגעוויסער מענש, וואס צייטען וייס פלעגט אים אן חאפין אשפאזמע אונ דאן איז ער גיוועזן גיפערליך, האט אים אפראפעסאר פארארדינט טראפינס, אז בעת עס חאפט אים אן זאל ער דאס איין גענעמען וועט אים אפ לאזין, אונ ווייל ער איז ניט זיכער איין מינוט פון דיא ניפאר, אלזא האט אים דער

וִיבָרְכוּ, שֵׁם כְּבוֹדֶךָ וּמְרוֹמַם, עַל כָּל בְּרָכָה וּתְהִלָּה: אַתָּה הוּא יְיָ לְבַדֶּךָ, אַתָּה עָשִׂיתָ אֶת הַשָּׁמַיִם, שְׁמֵי הַשָּׁמַיִם, וְכָל צְבָאָם, הָאָרֶץ, וְכָל אֲשֶׁר עָלֶיהָ, הַיַּמִּים, וְכָל אֲשֶׁר בָּהֶם, וְאַתָּה מְחַיֶּה אֶת כֻּלָּם וּצְבָא הַשָּׁמַיִם, לְךָ מִשְׁתַּחֲוִים: אַתָּה הוּא, יְיָ הָאֱלֹהִים, אֲשֶׁר בָּחַרְתָּ, בְּאַבְרָם, וְהוֹצֵאתוֹ, מֵאוּר כַּשְׂדִּים וְשַׂמְתָּ שְׁמוֹ, אַבְרָהָם. וּמָצָאתָ אֶת לְבָבוֹ, נֶאֱמָן לְפָנֶיךָ.

וְכָרוֹת עִמּוֹ, הַבְּרִית, לָתֵת, אֶת אֶרֶץ, הַכְּנַעֲנִי הַחִתִּי, הָאֱמֹרִי וְהַפְּרִזִּי, וְהַיְבוּסִי וְהַגִּרְגָּשִׁי לָתֵת לְזַרְעוֹ

## בנין ציון

פראפעסאר פאר זאגט צו טראגין דיא מידיצין שטענדיג מיט זיך, פילייכט חאפט איהם אן אין גאס זאל ער האבין גרייט דיא מידיצין, דאס זעלבע זאגט דוד המלך „בלבי צפנתי אמרתך" איך האלט שטענדיג די גאטליכע מידיצין אין הארצין „למען לא אחטא לך" פילייכט חאפט מיר אן דיא זינדיגע שפאזמע. דיא הויפט שפאזמע איז דיא גאוה, ורם לבבך ושכחת את ה' למשל א בעטלער וואס גייט שטענדיג קרעע ובלוט האט גיהאט אחתונה בייא זיינעם אפריינד, אונ אום ער זאל ניט פארשעמט ווערין אין זיינע צוריסענע קליידער האט זיין פריינד פאר איהם גינומען אויף פראקאט אקאסטיום מיט אצילענדער הוט מיט אנאלדענעם זייגער. אז ער האט אויס גיזעהן וויא אגאנצער גראף, אז דער בעטלער האט זיך פונאנדער גיהולעט איז ער ביי זיך האפערדיג גיווארין אונ האט גינומען אלעמען אנקומען גראב אונ אויך דעם בעל שמחה וואס האט איהם אויס גיפוצט וויא אגראף. גייט צו איהם צו איינער אקלוגער אונ ראטט איהם איין אסוד, דו יפעש! וואס שטאלצירסטו מיט אפרעמדין קאסטיום וואס מיהאט דיר גיליען נור אויף אטאג, דער מאן זיך וויא דוא האסט נעכטין אויס גיזעהן אונ דאס גלייכען וויא דוא וועסט מארגין אויס זעהען וועסטו אויף הערין צו שטאלצירען, נור נכנע אונ דאנקבאר זיין דעם וואס האט דיר אויס גיפוצט וויא אשררה, אום דוא זאלסט קענען אביין קומען צווישען אנשטאנדיגע מענשין. דאס גלייכין דער מענש וואס זיין קערפער איז אשטיק ערד, קומט ארויס מטפה סרוחה אונ גייט למקום עפר רמה ותולעה, נור דער ווירט פון דער וועלט האט איהם גיליען אקאסטיום, אנשמה אויף דיא וועלט התונה (האי עלמא לבי הלולא דמיא), אין מיטין פארגעסט ער זיך אז דער קאסטיום איז אגעליענער אויף אקורצע צייט אונ הייבט אן צו שטאלצירען אונ אביזאיעט נאך דעם בעל שמחה, דארף מען אגרעסערע שפאזמע אונ משוגעת? זאגט דוד המלך ע"ה איך האלט שטענדיג מיט זיך דיא טראפינס, אב ראטעווען זיך פון דיא שפאזמע, וואס איז דיא טראפינס? „לך ה' הגדולה" רבש"ע איך ווייס אז עס איז אלעס דיינע, די גרויסקייט, די שטארקייט, דיא הערליכקייט, דיא הערשאפט „כי כל בשמים" דאס איז אלעס היממל'ס זאכין, „ובארץ" אבער אויף ד'ערד איז דאס גיליען נור אויף א קורצע צייט אונ מ'דארף מען דאס אלעס אב געבין צוריק אונ בלייבין ביין טויטען קערפער קרעע ובלוס, דרום איז ניט: וואס צוא שטאלצירען נור זיין נכנע צוא דיר אונ דיר שטענדיג דאנקען פאר דיינע גרויסע מתנות:

## בית ישראל

אונזער גאט טוען מיר צו דיר דאנקען אונ מיר טוען לויבן צו דיין שיינעם נאמן. דו ביסט גאט אליין דוא האסט גימאכט דיא הימיל אונ אלע הימלען וואס איבערין הימל אונ מיט אלע הערשאפטין, די ערד אונ אלין וואס אויף איר איז. אלע ימים אונ וואס אין זייא איז, אונ דו דער נערסט אלע באשעפעניש אונ אלע מלאכים פון הימל טוען זיך צו דיר בוקין. דו ביסט דער שטארקער גאט וואס דוא האסט אויס גיקליבן אונזער פאטער אברם אונ האסט איהם אויס גיצויגן פון דעם פייער פון קאלך אויבן אונ דו האסט גמאכט רופן זיין נאמן אברהם אונ דוא האסט גפונען זיין הארץ פאר דיר מיט גלויבונג.

וכרות

סע"מ ס'

ותקם את דבריך, כי צדיק, אתה: ותרא, את עני אבתינו, במצרים ואת זעקתם שמעת, על ים סוף: ותתן אתת ומפתים, בפרעה ובכל עבדיו, ובכל עם ארצו, כי ידעת, כי הזידו, עליהם ותעש לך שם, כהיום הזה: והים בקעת לפניהם ויעברו בתוך הים, ביבשה ואת רדפיהם, השלכת במצולות כמו אבן במים עזים:

ויושע יהוה ביום ההוא את־ישראל מיד מצרים וירא ישראל את־מצרים מת על־שפת הים: וירא ישראל את־היד הגדלה אשר עשה יהוה במצרים וייראו העם את־יהוה ויאמינו ביהוה ובמשה עבדו:

## בית ישראל

וכרות און האסט מיט אים כורת ברית גיוועזן צוא געבין צוא זיינע קינדר דאס לאנד פון כנעני און חתי און אמורי און פרזי און יבוסי און גרגשי און דו האסט מקיים גיוועזן דיינע רייד, דען דוא ביסט איין גירעכטער גאט: ותרא און דוא האסט גיזעהן די פיין וואס אונזרע עלטערין האבין גהאט אין מצרים און זייער גישריי וואס ביי דעם ים סוף האסטו גיהערט: ותתן און דו האסט גיגעבין צייכינס און וואונדער אויף פרעה און אויף אלע זיינע קנעכט און אויף גאר זיין פאלק פון זיין לאנד ווארום דו ווייסט אז דיא מצרים

## מעשה אלפס

ויראו העם את ה'. אידין האבין גיזעהען דיא גרויסע מאכט, וואס גאט האט גיטאן אין דיא מצרים, האבין זייא זיך גיפירכטעט פאר גאט און האבין גיגלויבט אין איהם. מיט אכציג יאהר צוריק (פאר יציאת מצרים) בעת אויפ'ן אידישען הימל האט זיך פערצויגען אגרויסע חמארע דאס איז די פינסטערע גזרה פון „כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו" אז יעדער בן זכר וואס א אידישע פרוי וועט גיבוירען זאל מען אים אוועק רייסין פון אירע ארעמס און שלידערין אין טייך, ווער קען זיך פארשטעלין דעם יאמער און טרויער וואס איז גיוועזן אין אידישע הייזער, מען איז גילעגין אויף דיא פנימער און גיוויינט, ניט ווילענדיג איז דורך גיפלויגען אין איינינגע מוחות פינסטערע גידאנקען „איה אלהי המשפט"? עס איז חלילה אהפקר וועלט, די רשעים בעגליקין און דיא ערליכע מענשין ווערין גיפייניגט און עס איז גאר ניטא קיין אויפקוקער און קיין ריכטער? נאכהער אז עס איז

אוועק

האבין אויף זיי גימוטוויליגט און דו האסט דיר גמאכט איין גרויסען נאמען דען מען קען דיך היינטיגען טאג. און דוא האסט דעם ים גישפאלטין פאר זייא און זיי זיינען דורך גגאנגען דעם ים אין דער טריקענעש און זייערע נאך יאגער האסטו אריין גיווארפין אין טיפענעש פון ים וויא איין שטיין אין שטארקען וואסער פון ים:
ויושע און גאט האט גיהאלפין אין דעם זעלבינן טאג דיא ישראל פון דער האנט פון די מצרים. און די ישראל האבין גיזעהן די מצרים טויט אויף דעם בארטין פון ים. און דיא ישראל האבין גיזעהן דיא גרויסע גבורה וואס גאט האט גיטאן אין די



מצרים

אז ישיר־משה ובני ישראל את־השירה הזאת ליהוה ויאמרו לאמר אשירה ליהוה כי־גאה גאה סוס ורכבו רמה בים: עזי וזמרת יה ויהי־לי לישועה זה אלי ואנוהו אלהי אבי וארממנהו: יהוה איש מלחמה יהוה שמו: מרכבת פרעה וחילו ירה בים ומבחר שלשיו טבעו בים־סוף: תהמת יכסימו ירדו במצולת כמו־אבן: ימינך יהוה

## מעשה אלפס

אוועק אזעלכע יאהרען אונ עס איז געקומען צוא קריעת ים סוף, האבין אידין דער זעהען אז דער בורא האט זיך גירעכינט מיט יעדער מצרי נאך זיינע מעשים נאך „מדה כנגד מדה", דעם מיט גרינגע יסורים „צללו כעופרת" אונ דעם מיט שווערע „ירדו במצולות כמו אבן" אונ דעם מיט נאך שווערע „יאכלמו כקש" האבין זייא ערשט פארשטאנען אז עס איז דא אפערבארגענע אויג וואס קוקט אויף אלע מעשים פון מענשין, נור דער שטראף פיר שלעכטע מהאמין אונ דער שכר פאר גוטע מעשים גיט זיך נים גלייך אויפען שטעל, דאס הייסט דער בורא האנדעלט נים מיטן מענשין פער מזומן נור פער וועקסיל, ווען דער מענש טוט אגוטע זאך שרייבט דער בורא אונטער אוועקסיל, „אני ה'" „נאמן לשלם שכר טוב לעושי רצוני", אונ ווען דער מענש טוט אמעשה רע, שרייבט דער זינדיגער אונטער אוועקסיל „וביד כל אדם יחתום" די וועקסלין ווערין אוועק גילייגט אין הימעל פארטופעל ביז א פראק, אבער צום פראק מוז גיצאלט ווערין ריכטיג אונ פינקטליך. דער מצרי וואס האט גיפייניגט דעם אידין האט ער אונטער גישריבין אשולד וועקסל וואס איז גיווארין פעליג אין אכציג יאהר ארום אונ דאן האט ער גיצאלט מיט זיין לעבין, וויא אידין האבין דאס בעמערקט „וייראו העם את ה'" האבין זייא גיקריגען פורכט פאר גאט, אז דאס זעלבע האט דאך יעדער מענש אונטער גישריבין שולד וועקסלין אונ מען וועט דאך דארפין צאלין, אונ דאס גלייכין „ויאמינו בה'" גיגלויבט אין גאט, אז פשיטא דיא גוטע וועקסלין וואס גאט שרייבט אונטער, וועט אוודאי ריכטיג גיצאלט ווערין:

## בית ישראל

מצרים האבין דאס פאלק ישראל זיך גיפארכטין פאר גאט אונ האבין גגלויבט אין גאט אונ אין די נבואה פון משה זיין קנעכט:

אז דעמאלט מאל אז משה האט גיזעהן דעם נס וואס גאט האט גיטאן צו די ישראל איז אים אויף גיגאנגען אויף זיין הארץ ער זאל זינגען מיט די ישראל דיא דאזיגע שירה צוא גאט אונ זייא האבין גיזאגט אזו צו זאגין, לאמיר זינגען צו גאט וואורום ער האט גיהערשט איבער אלע הערשאפטין. דעם פערד מיט זיין רייטער האט ער גיווארפין אין ים: עזי דם שטארקייט אונ דאס פר שניידונג פון גאט דם הייסט, וואס גאט איז זיך נוקם אין די שונאים דאס דאזיגע איז צו מיר צו איין הילף, דר דאזיגר איז מיין גאט אונ איך וועל בשיינען אים כלומר איך וועל דער ציילען זיין שיינקייט אונ זיין לויב פר אלע מענטשין וואס זיינען אויף דער וועלט, דער גאט ער איז דער גאט פון מיינע עלטערין אונ איך וועל דר הייבן אים: יי גאט איז איין האר וואס ער איז מנצח אין דער מלחמה גאט איז זיין נאמן, אפילו בשעת אז ער האלט מלחמה אונ איז זיך נוקם פון זיינע פיינד איז פארט זיין נאמן ה', דם הייסט די מדה פון רחמים, כלומר ער האט רחמנות אויף זיינע באשעפענש אונ שפייזט זייא: מרכבות די רייט וועגין פון פרעה אונ זיין חיל האט ער גווארפן אין ים אונ די אויס דערוויילטע פון זיינע עלצטע זיינען פר זונקען גיווארן אין ים סוף: תהומות די אפ גרונטין האבין באדעקט זיי, מיינט מען די מצרים, זיי האבין גינידערט אין דער גיפענעש אזו ווי איין שטיין כלומר אזו ווי מען ווארפט



איין

נֶאְדָּרִי בַּכֹּחַ יְמִינְךָ יְהוָה תִּרְעַץ אוֹיֵב׃ וּבְרֹב גְּאוֹנְךָ תַּהֲרֹס
קָמֶיךָ תְּשַׁלַּח חֲרֹנְךָ יֹאכְלֵמוֹ כַּקַּשׁ׃ וּבְרוּחַ אַפֶּיךָ נֶעֶרְמוּ
מַיִם נִצְּבוּ כְמוֹ נֵד נֹזְלִים קָפְאוּ תְהֹמֹת בְּלֶב יָם׃ אָמַר אוֹיֵב
אֶרְדֹּף אַשִּׂיג אֲחַלֵּק שָׁלָל תִּמְלָאֵמוֹ נַפְשִׁי אָרִיק חַרְבִּי
תּוֹרִישֵׁמוֹ יָדִי׃ נָשַׁפְתָּ בְרוּחֲךָ כִּסָּמוֹ יָם צָלְלוּ כַּעוֹפֶרֶת בְּמַיִם
אַדִּירִים׃ מִי־כָמֹכָה בָּאֵלִם יְהוָה מִי כָּמֹכָה נֶאְדָּר בַּקֹּדֶשׁ

בית ישראל

פַאין שְׁטֵיין אין וואסער פאלט ער אראפ, אזוי זיינען די מִצְרִים אויך אראפ גיפאלין אין ים: ימינך דיין רעכטע האנט גאט טוט זיך שטארקן מיט קראפט. דיין רעכטע האנט גאט די זעלביגע טוט צו ברעכען דעם פיינד: וברוב אונ מיט דיין פיל הערשאפט טוסטו צו פירען דיינע פיינד, וואס זיי שטייען אויף אנטקעגין דיר, דו טוסט שיקען דיין גרים צארין ער טוט זיי פר ברענגען אזוי ווי שטרוי: וברוח אונ מיט דעם ווינט פון דיין אטהעם זיינען די וואסער גיווארען הויפען, זיי זיינען געבליבן שטיין אזוי ווי א מויער די רינעדיגע וואסער. זיי זיינען גיווארן פר גליווערט די אפגרונטין אין דעם שטארקייט פון דעם ים: אמר אויב דער פיינד (פרעה) בשעת ער האט אן גירעט זיין פאלק זיי זאלען נאך יאגין די ישראל האט ער אזוי גיזאגט, איך וועל זיי נאך יאגין אונ וועל זיי גרייכען, דעם רויב וואס איך וועל ביי די ישראל אוועק נעמען וועל איך מיך צו טיילן מיט מיינע קנעכט עס וועט דער פילט ווערין פון זייא מיין ווילען, איך וועל אויס ציהען מיין שווערד וועט זיי פר ארימען מיין האנט: נשפת דו גאט האסט גיווייעט מיט דיין ווינט האט זיי צו גידעקט דער ים, מיינט מען די מצרים, זיי זיינען גיווארין איין גיזונקן אזוי ווי בליי אין שטארקע וואסערן: מי ווער איז אזוי ווי דו, גאט אין די שטארקע, ווער איז אזוי ווי דוא, ביסט גישטארקט מיט הייליגקייט, פארכטיג צו זאגן דיין לויב,

בנין ציון

נערמו מים. וואונדערליך צוא בעטראכטין, וויא דער בורא פירט זיך מיט יעדערין „מדה כנגד מדה, די מצריים זיינען ארויס קעגין אידין מיט „הבה נתחכמה לו" לאמיר זעהען צו קליינין זיך קעגין זיי, ווי פירען זייא אין חדר, אבער נעמען אין נעץ, האט דער בורא ב"ה יעצט אויך גפירט זיי אין נעץ, דורך דעם וואסער פון ים וואס האט זיך גיקלינגט קעגין זייא, וויא דער תרגום טייטשט נערמו מים „חכימו" מיא (לשון ערמה) דיא וואסער פון ים האבין זיך גיקלינגט קעגין די מצריים וויא אריין צו פירען זיי, ווארום באמת איז אגרויסער פלא, וויא קריכען דאס דיא מצריים אין ים? אונ אויך דארף מען פארשטיין, ווען דער ים וואס ער איז זייער טיף האט זיך גישפאלטין האבין דאך אידין באדארפט אראפ גיין אין אזא נידעריגקייט וויפיל צענדליגע קלאפטער דיא טיף, אזא גרויסער נארד פון איינינגע מיליאנען וואס דער שטח פאר נעמט וויפיל ווארסט דיא לייננ, וויא איז מען גינאנגען אין אזא טיפענעס? אונ דיא מצרים ווא זיינען דאס גיוועזן אזוי משוגע חסרי דעה, זייא זעהען פון ביידע זייטען שטייען די וואסער וויא הויכע בערג אונ אין מיטען איז אזא גראמאדנער ריא, וואוהין קריכען זייא מיט ביטוועגין אונ הרמאטין? אט דעם גרויסען וואונדער ערקלערט אונז די שירה, די וואסער פון ים האבין זיך גע ליגט וויא צו פירען זיי אין חדר, היינו דיא וואסער (פון דעם ארט וואו עס איז טרוקין גיווארין) וואו האבי זייא זיך אהין גיטאן? „נצבו כמו נד נוזלים" זייא האבין זיך אויפגעהויפט אין דער הויך וויא א וואנד, איז גיווארין פון ביידע זייטען הויכע בערג פון וואסער, אונ אין מיטען אגרויסער אניוואלדיגער טאל, אונ וויא אזוי זיינען אידין גיגאנגען אין טאל? ענטפערט דיא שירה „קפאו תהומות בלב ים" דער תהום דאס איז דיא פאדלאגע פון ים איז ארויף גישוואומען אן דער הויך
אונ


ווארום

נוֹרָא תְהִלֹּת עֹשֵׂה־פֶלֶא׃ נָטִיתָ יְמִינְךָ תִּבְלָעֵמוֹ אָרֶץ׃
נָחִיתָ בְחַסְדְּךָ עַם־זוּ גָּאָלְתָּ נֵהַלְתָּ בְעָזְּךָ אֶל־נְוֵה קָדְשֶׁךָ׃
שָׁמְעוּ עַמִּים יִרְגָּזוּן חִיל אָחַז יֹשְׁבֵי פְּלָשֶׁת׃ אָז נִבְהֲלוּ אַלּוּפֵי
אֱדוֹם אֵילֵי מוֹאָב יֹאחֲזֵמוֹ רָעַד נָמֹגוּ כֹּל יֹשְׁבֵי כְנָעַן׃ תִּפֹּל
עֲלֵיהֶם אֵימָתָה וָפַחַד בִּגְדֹל זְרוֹעֲךָ יִדְּמוּ כָּאָבֶן עַד־יַעֲבֹר
עַמְּךָ יְהוָה עַד־יַעֲבֹר עַם־זוּ קָנִיתָ׃ תְּבִאֵמוֹ וְתִטָּעֵמוֹ בְּהַר
נַחֲלָתְךָ מָכוֹן לְשִׁבְתְּךָ פָּעַלְתָּ יְהוָה מִקְּדָשׁ אֲדֹנָי כּוֹנְנוּ
יָדֶיךָ׃ יְהוָה ׀ יִמְלֹךְ לְעֹלָם וָעֶד׃ יְהוָה ׀ יִמְלֹךְ לְעֹלָם וָעֶד׃
יְהוָה, מַלְכוּתֵהּ קָאֵם, לְעָלַם, וּלְעָלְמֵי עָלְמַיָּא׃ כִּי בָא סוּס

### בנין ציון

אונ איז געווארין גלייך מיטען ברעג פון ארין גאנג. אונ באוואקסען מיט גראז אזו וויא אבקעה (אלאנקע) וויא עס שטייט והים „בקעת" לפניהם דוא האסט די וואסער געשפאלטען אונ דעם ארט האסטו געמאכט וויא אלאנקע מיט גראז „ויבואו בני ישראל בתוך הים ביבשה", אידין זיינען ארין אין ים אויף אגלייכען פלאץ אונ פון דיא זייטען איז געווען די וואסער וויא הויכע גלעזירנע ווענט, דורך דיא התחכמות „אמר אויב ארדוף" האט דער פיינד געזאגט איך וועל נאך יאגען אונ וועל זיי גרייכען אונ זיא נעמען אין פלגען אונ צו טיילין זיך מיט זייער גוטס וואס איך וועל רויבען פון זיא „תמלאמו נפשי" איך וועל ער־פילען וואס מיין הארץ גילוסט צו טאן מיט זיא, אונ ווען זיא וועלין זיך שטעלין אנטקעגען? „אריק חרבי" וועל איך אויס ציהען מיין שווערד „תורישמו ידי" וועט מיין האנד זיי פארטיליגען. וואס איז אבער געווען דער סוף? „נשפת ברוחך", דוא האסט געטאן אבלאז אויפן ים, האבין דיא גרויסע וואסער וועגען געטאן אנאס אויף דיא מצריים, האבין זייא געוואלט לויפען פון וואסער צום ברעג, „צללו כעופרת במים"! האט דיא פאדלאגע פון ים זיך אראפ גילאזין אונטער צום תהום זיינען זיי פארזונקען געווארין וויא בלייא אין דיא טיפענעס:

ועלי

### בית ישראל

ווארום מיט וואס קען וועט דיר לויבן איז אלין אין דיר מער פאר האנדין, דוא וואונדערליכע זאכען טוער: נטית ד: האסט גינייגט דיין רעכטע האנד האט זיי איין גישלונגען די ערד: נחית דו האסט געפירט מיט דיין חסד דאס פאלק ישראל וואס דו האסט אויס גילייזט, דו האסט זיי געפירט מיט דיין שטארקייט צו דיין הייליגען וואוינונג: שמעו די פעלקער האבן דאס גיהערט זיינען זיי דער שראקען געווארען. אציטערניש האט אן גהאפט די בעזיצער פון לאנד פלשתים: אז דענסט מאל זיינען דר שראקין געווארן די הארין פון אדום, אונ די הארין פון מואב האט אן גיהאפט אציטערנעש זיי זיינען צו גאנגען (וויא וואקס) אלע איין וואוינער פון כנען: תפיל עס זאל פאלען אויף זיי פארכט אונ אנגסטין דורך דיין גרויסע שטארקייט זאלין זיי שטום זיין ווי אשטיין, עד ביז עס וועט איבער פארין דיין פאלק, גאט, כלומר ביז דיין פאלק וועלין איבער פארין דעם טייך ארנון, ביז דיין פאלק וועלין איבער פארין דעם ירדן, דאס פאלק וואס דוא האסט גיליבט אזו ווי עס איז גיליבט ביא אמענשן אזאך וואס ער קויפט דאס פאר פיל געלט: תבאמו דו וועסט זיי ברענגען אונ דו וועסט זיי פלאנצין אויף דעם בארג (ירושלים) וואס איז אן גיברייט צו דיין זיצונג וואס דו גאט האסט גיווערקט, דאס הייליקייט וואס דיינע הענד האבין אן גיברייט: יי גאט וועט קיניגן אייביג:

# פַּרְעֹה בְּרִכְבּוֹ וּבְפָרָשָׁיו בַּיָּם וַיָּשֶׁב יְהוָה עֲלֵהֶם אֶת־מֵי הַיָּם וּבְנֵי יִשְׂרָאֵל הָלְכוּ בַיַּבָּשָׁה בְּתוֹךְ הַיָּם׃ כִּי לַיהוָה הַמְּלוּכָה וּמֹשֵׁל בַּגּוֹיִם׃ וְעָלוּ מוֹשִׁעִים בְּהַר צִיּוֹן לִשְׁפֹּט אֶת־הַר עֵשָׂו וְהָיְתָה לַיהוָה הַמְּלוּכָה׃ וְהָיָה יְיָ לְמֶלֶךְ עַל־כָּל־הָאָרֶץ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה יְהוָה אֶחָד וּשְׁמוֹ אֶחָד׃

שַׁבָּת אונ יום טוב זָאגְט מֶען דָא נשמת׃

## בית ישראל

כי בא ווען עס איז גיקומען דיא פֶערְד פון פַּרְעה אונ זַיינֶע רַייט ווָעגִין מיט די רַייטֶער אין יַם, האט גָאט בַּאלְד צוריק גיקערט אויף זֵיי דיא ווַאסֶער פון יַם, אונ אין דיא ווֶעלְכֶע צייט זַיינֶען די אידין גיגַאנְגֶען אין דער טְריקֶענֶעס אין מיטְ'ן יַם׃ כי ווַייל צו גָאט איז די קֶעניגְרַייך אונ ער הערְשְׁט איבֶער די פֶעלְקֶער׃ ועלו עס ווֶעלִין אויפְגֵיין העלְפֶער אויף דעם בַּארְג ציון צו ריכְטֶען די בֶּעזִיצֶער פון עֵשָׂו'ס בַּארג, דַאן ווֶעט זַיין צו גָאט אַלֵיין די קֶעניגְרַייך׃ והיה אונ גָאט ווֶעט זַיין קֶעניג איבֶער דיא גַאנְצֶע ווֶעלְט, אין יֶענֶע צייט ווֶעט זַיין גָאט אֵיינְציג אונ זַיין נָאמֶען ווֶעט זַיין אֵיינְציג׃

## מעשה אלפס

וְעָלוּ מוֹשִׁעִים בְּהַר צִיּוֹן, דיא מְחַקְרִים שְׁרַייבֶּען, אַז דער מֶענְשׁ איז אַיין עוֹלָם קָטָן (אַ קְלֵיין ווָעלְט ל) אונ דיא ווֶעלְט איז אַ גְרויסֶער מֶענְשׁ • אַלֶס ווָאס אין מֶענְשֶׁין איז דָא אין דער ווָעלְט • אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל רופְט זִיךְ „רֹאשׁ עַפְרוֹת תֵּבֵל" דיא קָאפּ, עס איז דָא פְּלֶעצֶער ווָאס רופְען זִיךְ רַגְלֵי הָאָרֶץ, טַבּוּר הָאָרֶץ, אונ ווִיא בַּאלְד דער בּוֹרֵא האט דיא בִּיסְל עֶרְד (צו בֶּעשַׁאפְען אָדָם הָרִאשׁוֹן) צוזַאמֶען גֶענוּמֶען פון גַאנְצֶען עֶרְד קוּגֶיל קוּמְט אויס אַז אָדָם הָרִאשׁוֹנְ'ס קָאפּ איז גֶענוּמֶען גֶעווָארֶען פון אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל (רֹאשׁ עַפְרוֹת תֵּבֵל, כַּאֲשֶׁר הִשְׂכִּילוּ חז"ל בְּסַנְהֶדְרִין ל"ח, אר"א אָדָם הָרִאשׁוֹן רֹאשׁוֹ מֵאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל) אונ דער מוֹחַ (דער הֶעכְסְטֶער אָרְט אין קָאפּ) איז גֶענוּמֶען גֶעווָארֶען פון ציון דער הֶעכְסְטֶער אָרְט פון אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, איז בִּלְשׁוֹן חָכְמָה רופְט זִיךְ דער מוֹחַ פון מֶענְשֶׁען „הַר צִיּוֹן" • דאס איז אָבֶּער נור דער מוֹחַ פון זֶרַע יַעֲקֹב יוֹשֵׁב אֹהָלִים ווָאס לִיגְט אין תּוֹרָה אונ עֲבוֹדָה (כִּי מִצִּיּוֹן תֵּצֵא תוֹרָה), אָבֶּער דיא פוּסְטֶע מוֹחוֹת, דיא בּוֹזֵי תוֹרָה זַיינֶען נִיט בַּאזֶעצְט אויפְ'ן „הַר צִיּוֹן" נור אויפְ'ן „הַר עֵשָׂו" זֵיי האבֶען אָנְגֶענוּמֶען עֵשָׂוְ'ס תּוֹרָה „הַלְעִיטֵנִי נָא", פְּרֶעסְען אונ זוּפֶען, מִיטָאג פַארְקוֹיפֶען זֵיי די בְּכוֹרָה *) • דאס איז דער גֶעדַאנְקֶען „כִּי לַה' הַמְּלוּכָה" יֶעצְט זַיינֶען מְקַבֵּל דעם בּוֹרֵא פַאר אַ קֶעניג נור זֶרַע יַעֲקֹב ווָאס זִיצֶען אויפְ'ן „הַר צִיּוֹן" אָבֶּער די ווָאס זִיצֶען אויפְ'ן „הַר עֵשָׂו" עֶרְקֶענֶען אִים נִיט פַאר אַ קֶעניג נור „וּמוֹשֵׁל בַּגּוֹיִם". בַּיי זֵיי איז ער נור בִּבְחִינַת „מוֹשֵׁל" ער הערְשְׁט אויף זֵיי קֶעגֶען זֵייעֶר ווִילֶען • עס ווֶעט אָבֶּער קוּמֶען אַ צייט אַז דער אֶמֶת (לִיעֲ"ב) ווֶעט אַרוֹיסְשַׁיינֶען אויף דער ווֶעלְט וְהָאֱלִילִים כָּלִיל יַחֲלוֹף, ווֶעלֶען דַאן אויפְגֵיין אֵיידֶעלֶע גֶעדַאנְקֶען אין דיא מוֹחוֹת אונ זֵיי אַלֵיין ווֶעלֶען בֶּעשֶׁעמֶען דוּרְכְצוּשְׁטְרַייכֶען דיא שְׁלֶעכְטֶע פַּיהְרוּנְגֶען פון פְרֶעסֶען אונ זוֹיפֶען אונ לוּקְסוּס, דאס הֵייסְט אַז אין קְלֵיין „הַר צִיּוֹן" דאס איז דער מוֹחַ פון מֶענְשֶׁען ווֶעט מֶען מִשְׁפָּט'ן דעם קְלֵיין „הַר עֵשָׂו" אונ מֶען ווֶעט מְקַבֵּל זַיין אויף זִיךְ עוֹל מַלְכוּת שָׁמַיִם בְּאַהֲבָה ווֶעלֶען דַאן אויפְ'ן גְרויסֶען הַר צִיּוֹן יְרוּשָׁלַיִם אויפְגֵיין מוֹשִׁיעִים דאס איז דער מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ מִיט זַיין פְרוּמֶע אין ווֶעלֶען מִשְׁפָּט'ן דעם גְרויסֶען הַר עֵשָׂו „וְהָיְתָה לַה' הַמְּלוּכָה" אַלֶע נַאצְיָאנֶען פון דער ווֶעלְט ווֶעלֶען מְקַבֵּל זַיין מִיטְ'ן גוּטֶען ווִילֶען דעם בּוֹרֵא ב"ה פַאר אַ קֶעניג׃

## ישתבח

---

*) ווִיא דער נָבִיא יִרְמְיָה ווַייזְט אָן מִיטְ'ן פִינְגֶער „עַל זֶה! הָיָה דָוֶה לִבֵּנוּ" אוּנְזֶער גְרויסֶער אוּנְגְלִיק, דיא הָאָרֶץ איז פוּל מִיט שְׁמֶערְצֶען, די אויגֶען פִינְסְטֶערֶען, זֶעט פוּי ווַאגֶען ער ווַאקְסְט! „עַל הַר צִיּוֹן שֶׁשָּׁמֵם" דער גְרויסֶער הַר צִיּוֹן איז ווִיסְט אונ פוּקְס לֵייפֶען אַרוּם, דאס ווַייזְט אַז אין קְלֵיינֶעם הַר צִיּוֹן, אין אַייעֶרֶע מוֹחוֹת לֵייפֶען אַרוּם פִיקְסֶערַיי גֶעדַאנְקֶען, ער איז ווִיסְט פון תּוֹרָה אונ יִרְאַת שָׁמַיִם, נור פִיל מִיט גֶעדַאנְקֶען פון גוּט עֶסֶען אונ טְרִינְקֶען • אונ אויב עס איז גִיטָא קֵיין אֵיינְצִיגֶע כָּשֵׁר פַארְדִינְסְטֶע, איז רֶעכְט צו מַאכֶען אַלֶע פַאלְשְׁקֵייט, אַלֶע חִיטְרִיקֵייט ווִיא דער פוּקְס, נור צו קְרִיגֶען אַ גוּטֶען בִּיסֶען •

מֶען זָאל נִזְהָר זַיין נִיט מַפְסִיק צוּ זַיין צְווישֶׁן דִי י"ג שְׁבָחִים דְהַיְינוּ פוּן שִׁיר וּשְׁבָחָה בִּיז וּמַלְכוּת.
אוּנ מֶען זָאל נִזְהָר זַיין אוֹיף צוּא שְׁטֵיין פוּן ישתבח בִּיז נָאךְ ברכו:

יִשְׁתַּבַּח שִׁמְךָ לָעַד מַלְכֵּנוּ, הָאֵל, הַמֶּלֶךְ הַגָּדוֹל וְהַקָּדוֹשׁ בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ. כִּי לְךָ נָאֶה יְיָ אֱלֹהֵינוּ, וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, שִׁיר וּשְׁבָחָה, הַלֵּל וְזִמְרָה, עֹז וּמֶמְשָׁלָה נֶצַח, גְּדֻלָּה וּגְבוּרָה, תְּהִלָּה וְתִפְאֶרֶת, קְדֻשָּׁה וּמַלְכוּת, בְּרָכוֹת וְהוֹדָאוֹת, לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל וְהַקָּדוֹשׁ וּמֵעוֹלָם וְעַד עוֹלָם אַתָּה אֵל: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֵל מֶלֶךְ גָּדוֹל, וּמְהֻלָּל בַּתִּשְׁבָּחוֹת, אֵל הַהוֹדָאוֹת, אֲדוֹן הַנִּפְלָאוֹת, בּוֹרֵא כָּל הַנְּשָׁמוֹת, רִבּוֹן כָּל הַמַּעֲשִׂים, הַבּוֹחֵר בְּשִׁירֵי זִמְרָה, מֶלֶךְ יָחִיד, אֵל חֵי הָעוֹלָמִים:

אוּם עֲשֶׂרֶת יְמֵי תְּשׁוּבָה פַאר חֲצִי־קַדִּישׁ זָאגְט מֶען דָאס:

שִׁיר הַמַּעֲלוֹת מִמַּעֲמַקִּים, קְרָאתִיךָ יְיָ: אֲדֹנָי, שִׁמְעָה בְקוֹלִי, תִּהְיֶינָה אָזְנֶיךָ קַשֻּׁבוֹת לְקוֹל תַּחֲנוּנָי: אִם עֲוֹנוֹת, תִּשְׁמָר יָהּ אֲדֹנָי, מִי יַעֲמוֹד: כִּי עִמְּךָ הַסְּלִיחָה לְמַעַן תִּוָּרֵא: קִוִּיתִי יְיָ, קִוְּתָה נַפְשִׁי וְלִדְבָרוֹ הוֹחָלְתִּי: נַפְשִׁי לַאדֹנָי מִשֹּׁמְרִים לַבֹּקֶר שֹׁמְרִים לַבֹּקֶר: יַחֵל יִשְׂרָאֵל, אֶל יְיָ, כִּי עִם יְיָ הַחֶסֶד וְהַרְבֵּה, עִמּוֹ פְדוּת: וְהוּא, יִפְדֶּה אֶת יִשְׂרָאֵל מִכֹּל עֲוֹנוֹתָיו:

בית ישראל — ברכו

יִשְׁתַּבַּח עֶס זָאל גֶערִיהמְט זַיין דַיין נָאמֶען אוֹיף אֵייבִּיג אוּנְזֶער קֶענִיג, דֶער גְרוֹיסֶער אוּנ הֵיילִיגֶער אִין הִימְל אוּנ אוֹיף דֶער עֶרְד. דֶען צוּ דִיר אוּנְזֶער גָאט אוּנ גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אִיז שֵׁיין אוּנ פַּאסֶענְד לוֹיבְּגֶעזַאנְג אוּנ רִיהמוּנְג, מַאכְט אוּנ עֶווִיגֶע הֶערְשַׁאפְט, גְרוֹיסְקַייט אוּנ הֶערְלִיכְקַייט, הֵיילִיגְקַייט אוּנ רֶעגִירוּנְג: ברכות לוֹיבּ אוּנ דַאנְק אִיז אַנְשְׁטֶענְדִיג צוּ דַיין גְרוֹיסֶען אוּנ הֵיילִיגֶען נָאמֶען פוּן יֶעצְט בִּיז עֶווִיג: ברוך גֶילוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, מֶאכְטִיגֶער קֶענִיג, וָואס אִיז גְרוֹיס אִין לוֹיבּ, וָואס אַלֶע דַאנְקֶען אִים, הֶערְר פוּן וואוּנְדֶער, דֶעם וָואס גִיפֶעלְט שִׁירִים פוּן לוֹיבּ, מֶאכְטִיגֶער קֶענִיג דֶער עֶווִיג לֶעבְּט:

וֶוען דֶער חַזָן זָאגְט ברכו זָאגְט דֶער קָהָל יתברך:

חזן בָּרְכוּ אֶת יְיָ הַמְבֹרָךְ: יִתְבָּרַךְ וְיִשְׁתַּבַּח וְיִתְפָּאַר וְיִתְרוֹמַם וְיִתְנַשֵּׂא, שְׁמוֹ שֶׁל מֶלֶךְ מַלְכֵי

ק"ה בָּרוּךְ יְיָ הַמְבֹרָךְ לְעוֹלָם וָעֶד: הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, שֶׁהוּא רִאשׁוֹן וְהוּא אַחֲרוֹן וּמִבַּלְעָדָיו אֵין אֱלֹהִים: יְהִי

שֵׁם יְיָ מְבֹרָךְ מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם: וּמְרוֹמָם עַל כָּל בְּרָכָה וּתְהִלָּה:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, יוֹצֵר אוֹר וּבוֹרֵא חֹשֶׁךְ, עֹשֶׂה שָׁלוֹם, וּבוֹרֵא אֶת הַכֹּל:

## הַמֵּאִיר לָאָרֶץ, וְלַדָּרִים עָלֶיהָ, בְּרַחֲמִים. וּבְטוּבוֹ, מְחַדֵּשׁ בְּכָל יוֹם תָּמִיד, מַעֲשֵׂה בְרֵאשִׁית: מָה רַבּוּ מַעֲשֶׂיךָ, יְיָ. כֻּלָּם, בְּחָכְמָה עָשִׂיתָ. מָלְאָה הָאָרֶץ, קִנְיָנֶךָ: הַמֶּלֶךְ, הַמְרוֹמָם לְבַדּוֹ, מֵאָז, הַמְשֻׁבָּח, וְהַמְפֹאָר,

### בית ישראל

בָּרוּךְ גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ אוּנְזֶער גָאט, קֵינִיג פוּן דֶער וֶועלְט. וָוס הָאט בַּשַׁאפִין דִי לִיכְט פוּן טָאג, אוּנ דִיא פִינְצְטֶערְנֶשׁ פוּן דֶער נַאכְט, עֶר מַאכְט שָׁלוֹם צְווִישִׁין דֶעם טָאג מִיט דִי נַאכְט, הֲגַם ווינְטֶער נֶעמְט דִי נַאכְט אַוֶועק אַגְרוֹיסִין טֵייל פוּן טָאג, אָבֶּער זוּמֶער גִיט זִיא אָב צוּרִיק, אוּנ דוּרְךְ דֶעם בֶּעשַׁאפְט עֶר אַלֶעס, פִיל זַאכִין וַואקְסִין בַּיי טָאג פוּן דִי זוּן, אוּנ פִיל בַּיי נַאכְט פוּן דִי לְבָנָה:

הַמֵּאִיר עֶר בֶּעלַייכְט מִיט דֶער זוּן דִי עֶרְד (כְּדֵי דִי תְּבוּאָה אוּנ פְרוּכְט זָאל וַואקְסִין), אוּנ צוּ דִי וָואס וואוֹנֶען אוֹיף דֶער עֶרְד (כְּדֵי זֵיי זָאלִין זֶעהֶן וִויא צוּ גֵיין), מִיט בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט אוּנ מִיט זַיין גוּטְקַייט בַּאנַייט עֶר שְׁטֶענְדִיג אַלֶע טָאג דִי מַעֲשִׂים פוּן דִי זֶעקְס טֶעג, בְּשַׁעַת עֶר הָט דִי וֶועלְט בַּאשַׁאפִין, הַיְינוּ עֶר הָאט גִימַאכְט טָאג אוּנ נַאכְט אַזוֹ אִיז דָאס שְׁטֶענְדִיג: מה גָאט, ווִי גָאר פִיל זַיינֶען דַיינֶע וֶוערְק, דוּ הָאסְט זֵיי אַלֶע מִיט חָכְמָה בַּאשַׁאפִין, דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז פוּל דַיינֶע גִיטֶער: המלך דֶער דָא אִיז אַלֵיין אַ מֶלֶךְ פוּן בְּרִיאַת הָעוֹלָם אָן, דֶער דָא אִיז גִילוֹיבְּט אוּנ דֶער דָא אִיז בַּשֵׁיינְט

### מעשה אלפס

הַמֵּאִיר לָאָרֶץ. דֶער בּוֹרֵא בֶּעלַייכְטֶעט דִיא עֶרְד, דוּרְךְ דִיא זוּן אוּנ לְבָנָה וַואקְסִין דִיא תְּבוּאוֹת אוּנ דִיא פְּרוּכְט „וְלַדָּרִים עָלֶיהָ" אוּנ עֶר בֶּעלַייכְטֶעט דִי אַיינְוָואהנֶער „בְּרַחֲמִים" מִיט בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקַייט, דִי לִיכְטִיגְקַייט קוּמְט נִיט פְּלוּצְלוּנְג מִיט אַמָאל, עֶס זָאל נִיט פַארְבְּלֶענְדִין דִיא אוֹיגֶען, נוּר בִּיסְלַאךְ וַויים וֶוערְט לִיכְטִיגֶער אוּנ לִיכְטִיגֶער בִּיז הֶעלִין טָאג, דִיא אוֹיךְ זָאל דָאס קֶענֶען עֶרְטְרָאגִין. אוּנ מִיט זַיין גוּטְקַייט בֶּענַייט עֶר טָאג טֶעגְלִיךְ דִי וֶוערְק פוּן שֵׁשֶׁת יְמֵי בְּרֵאשִׁית, דָאס הֵייסְט וֶוען אוֹיךְ עֶר הָאט פֶערְאָרְדִינְט דִיא וֶועלְט אַזוֹי וִויא אַזֵייגֶער אַיין רֶעדֶעלֶע דְרֵייט דִיא צְווֵייטֶע אוּנ דִי צְווֵייטֶע דִי דְרִיטֶע אוּנ אַזוֹי בִּיז אִין דִיא טוֹיזֶנְדֶער, אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְאָרְדִינְט דִיא גַאנְצֶע נַאטוּר זָאל גֵיין אַלֵיין וִויא דֶער זֵייגֶער, אָבֶּער דֶעם זֵייגֶער דַארְף מֶען אוֹיךְ אָפְט אָן צִיהֶען, וֶוען נִיט שְׁטֶעלְט עֶר זִיךְ גָאר אָב, דָאס גְלַייכֶען צִים דֶער בּוֹרֵא אָן אַלֶע טָאג דֶעם וֶועלְט זֵייגֶער, וֶוען נִיט וָואלְט זִיךְ דִיא גַאנְצֶע נַאטוּר אָב שְׁטֶעלִין:

מָה רַבּוּ מַעֲשֶׂיךָ. אַבְּשָׂר וָדָם עֶרְפִינְדֶעט אַמָאל אַקִינְצְלִיכֶע זַאךְ אֵיינֶע אָדֶער צְווֵייא אַז פִיל בִּיז פוּפְצִיג, אוּנ וֶוען עֶר עֶרְפִינְדֶעט טוֹיזֶנְדֶער מִילְיָאנֶען זַאכִין זַיינֶען זֵיי אֵיינְפַאכֶע, אָבֶּער דֶער בּוֹרֵא הָאט גִימַאכְט מִילְיָאנֶען בְּרוּאִים, סַייא אִין דוֹמֵם, צוֹמֵחַ חַי מְדַבֵּר אוּנ אַלֶע מִילְיָאנֶען זַאכִין זַיינֶען יֶעדֶער קִינְצְלִיךְ, אוּנ נָאךְ מֶער אַז אַלֶע שְׁלִיסֶען זִיךְ צוּ אֵיין הַארְמָאנִיֶע אַז „מָלְאָה הָאָרֶץ" דִיא גַאנְצֶע עֶרְד אִיז פוּל מִיט דַיינֶע עֶרְפִינְדוּנְגֶען:

וְהַמִּתְנַשֵּׂא, מִימוֹת עוֹלָם: אֱלֹהֵי עוֹלָם, בְּרַחֲמֶיךָ הָרַבִּים, רַחֵם עָלֵינוּ, אֲדוֹן עֻזֵּנוּ. צוּר מִשְׂגַּבֵּנוּ, מָגֵן יִשְׁעֵנוּ, מִשְׂגָּב בַּעֲדֵנוּ: אֵל בָּרוּךְ, גְּדוֹל דֵּעָה. הֵכִין וּפָעַל, זָהֳרֵי חַמָּה. טוֹב, יָצַר כָּבוֹד, לִשְׁמוֹ. מְאוֹרוֹת נָתַן, סְבִיבוֹת עֻזּוֹ. פִּנּוֹת צְבָאָיו, קְדוֹשִׁים, רוֹמְמֵי שַׁדַּי. תָּמִיד, מְסַפְּרִים כְּבוֹד אֵל, וּקְדֻשָּׁתוֹ. תִּתְבָּרַךְ יְיָ אֱלֹהֵינוּ, בַּשָּׁמַיִם מִמַּעַל וְעַל הָאָרֶץ מִתַּחַת עַל כָּל שֶׁבַח, מַעֲשֵׂה יָדֶיךָ, וְעַל מְאוֹרֵי אוֹר,
שֶׁעָשִׂיתָ (שֶׁיָּצַרְתָּ), הֵמָּה יְפָאֲרוּךָ סֶּלָה:

תִּתְבָּרַךְ לָנֶצַח צוּרֵנוּ מַלְכֵּנוּ וְגוֹאֲלֵנוּ, בּוֹרֵא קְדוֹשִׁים, יִשְׁתַּבַּח שִׁמְךָ, לָעַד מַלְכֵּנוּ. יוֹצֵר מְשָׁרְתִים, וַאֲשֶׁר מְשָׁרְתָיו, כֻּלָּם עוֹמְדִים. בְּרוּם עוֹלָם, וּמַשְׁמִיעִים בְּיִרְאָה, יַחַד בְּקוֹל, דִּבְרֵי אֱלֹהִים חַיִּים וּמֶלֶךְ עוֹלָם: כֻּלָּם אֲהוּבִים, כֻּלָּם בְּרוּרִים, כֻּלָּם גִּבּוֹרִים, כֻּלָּם קְדוֹשִׁים, וְכֻלָּם עוֹשִׂים, בְּאֵימָה, וּבְיִרְאָה, רְצוֹן קוֹנָם: וְכֻלָּם פּוֹתְחִים, אֶת פִּיהֶם, בִּקְדֻשָּׁה, וּבְטָהֳרָה בְּשִׁירָה וּבְזִמְרָה, וּמְבָרְכִין וּמְשַׁבְּחִין, וּמְפָאֲרִין,

בית ישראל

און דער דא איז דער הויבן פון אייביגע צייטן: אלהי אייביגער גאט, דער בארם דיך איבער אונז מיט דיין פיל בארמהערציגקייט, אונזער שטארקער הער, אונזער שטארקער פעלזין, בשיצער אונזער הילף, זיי אפעסטונג ארום אונז: אל דער געלויבטער גאט, דער דא איז גרויס מיט וויסענשאפט, ער האט אז גיבערייט און האט בשאפין די שטראלען פון דער זון, גאט דער דא איז גוט, ער האט בשאפין אלע ברואים פון זיין כבוד וועגין, ליכט האט ער גיגעבין ארום זיין כסא הכבוד, די הערין דאס זיינען די הייליגע מלאכים די דא דערהויבען דעם שטארקין גאט, זיי דערציילין תמיד דאס כבוד און זיין הייליגקייט: תתברך, דו אונזער גאט ווערסט געלויבט וועגין די גערידמטע ווערק פון דיינע הענט און פון וועגין די ליכטיגקייט פון דאס ליכט וואס דו האסט בשאפין, דרום זאל מען דיך אייביג בשיינען:

תתברך דו זאלסט זיין געלויבט אייביג אונזער שטארקער גאט, אונזער מלך און אונזער דערלייזער, דער דא בשאפט די הייליגע מלאכים, אונזער מלך דיין נאמען זאל געלויבט זיין צו אייביג, דער דא בשאפט אלע טאג נייע מלאכים און די מלאכים וואס זיינן פון אייביג אן בשאפען געווארען, שטייען אלע אין דער הויך פון דער וועלט און לאזען הערען מיט פארכט די רייד פון דעם לעבעדיגען גאט און וועלט קעניג: כולם זיי זיינען אלע געליבט, זיי זיינען אלע דיין אויסדערוויילטע, זיי זיינען אלע שטארק, און אלע טוען מיט פורכט דעם ווילן פון זייער בשעפער: וכלם פותחים און אלע עפענען זייער מויל מיט הייליגקייט און

וּמַעֲרִיצִין, וּמַקְדִּישִׁין וּמַמְלִיכִין: אֶת שֵׁם, הָאֵל, הַמֶּלֶךְ, הַגָּדוֹל, הַגִּבּוֹר, וְהַנּוֹרָא, קָדוֹשׁ הוּא: וְכֻלָּם, מְקַבְּלִים עֲלֵיהֶם עֹל מַלְכוּת שָׁמַיִם, זֶה מִזֶּה, וְנוֹתְנִים בְּאַהֲבָה רְשׁוּת, זֶה לָזֶה. לְהַקְדִּישׁ לְיוֹצְרָם, בְּנַחַת רוּחַ. בְּשָׂפָה בְרוּרָה, וּבִנְעִימָה. קְדֻשָּׁה, כֻּלָּם כְּאֶחָד, עוֹנִים בְּאֵימָה וְאוֹמְרִים, בְּיִרְאָה:

קָדוֹשׁ קָדוֹשׁ, קָדוֹשׁ יְיָ צְבָאוֹת, מְלֹא כָל הָאָרֶץ, כְּבוֹדוֹ:

וְהָאוֹפַנִּים וְחַיּוֹת הַקֹּדֶשׁ בְּרַעַשׁ גָּדוֹל, מִתְנַשְּׂאִים לְעֻמַּת שְׂרָפִים. לְעֻמָּתָם מְשַׁבְּחִים וְאוֹמְרִים: בָּרוּךְ כְּבוֹד יְיָ מִמְּקוֹמוֹ:

לְאֵל בָּרוּךְ, נְעִימוֹת יִתֵּנוּ, לְמֶלֶךְ, אֵל, חַי וְקַיָּם, זְמִרוֹת יֹאמֵרוּ וְתִשְׁבָּחוֹת יַשְׁמִיעוּ, כִּי הוּא לְבַדּוֹ, מָרוֹם וְקָדוֹשׁ, פּוֹעֵל גְּבוּרוֹת, עֹשֶׂה חֲדָשׁוֹת, בַּעַל מִלְחָמוֹת, זוֹרֵעַ צְדָקוֹת,

### מעשה אלפס

זורֵעַ צְדָקוֹת. דֶר בֶּערִימְטֶער חָכָם (רַבֵּנוּ יַעֲקֹב מִדוּבְּנָא) איז גִיגַאנְגֶען אִין גַאס, זֶעט עֶר ווִי אַיין אָרִימַאן בְּרֶעקִילְט מִיטַן אוּן לֵייגְט אִין לוּלְקֶע, פְרֶעגְט עֶר אִים צוּ וָואס אִיז דָאס? זָאגְט דֶער אָרִימַאן דָאס אִיז „אַ פִּיפְּקֶע". פַארְשְׁטֵייט אִיר רַבִּי מְ'גֵייט אַרוּם אָן פַּרְנָסָה, דֶער מָגֶן אִיז פּוּסְט אָט פִּיפְּקֶעט מֶען, פֶערְטְרַייבֶּען דֶעם הוּנְגֶער. — עֶר גֵייט ווַייטֶער זֶעט עֶר אַ בַייכֶער אַ דִיקֶער מֶענְשׁ זִיצְט אוֹיפְ'ן בַּאלְקָאן לֶעבִּין אַ זִידֶענְדֶען סַאמָאוַואר אוּנ הַאלְט אַלַאנְגֶען צִיבַּאק אוּן רוֹיכְט, פְרֶעגְט עֶר אִים ווִי רוּפְט מֶען דָאס? זָאגְט דֶער גְבִיר, דָאס הֵייסְט „אַ פַּייף" פַארְשְׁטֵייט אִיר, מֶען עֶסְט אַ גוּטֶען מִיטָאג פִינְף זֶעקְס גֶערִיכְטֶען, חַאפְּט מֶען אַיין אִיבֶּערִיגֶען בִּיסֶן, רוֹיכֶערְט מֶען צוּ פֶערְדַייֶען דֶעם עֶסֶען. רוּפְט זִיךְ אָב דֶער דוּבְּנֶער, אִיךְ וָואלְט אַייךְ רַאטְהֶען פַארְשְׁפָּארִין דִי טִרְחָה, אִיר זָאלְט אַיינְטֵיילֶען פוּן אַייעֶר מִיטָאג יֶענֶעם אָרִימַאן, וָואס הָאט נָאךְ הַיינְט אִין מוֹיל נִיט גֶענוּמֶען, וָואלְט אִיר פַארְשְׁפָּארֶען צוּ פַייפֶען אוּנ יֶענֶער צוּ פִּיפְּקֶעןֶ. דֶער גֶעדַאנְקֶען לִיגְט אִין דִי ווֶערְטֶער, מִיר עֶרְצֵיילֶען דִי שְׁבָחִים פוּן בּוֹרֵא, אוּם אָבְצוּלֶערְנֶען זִיךְ פוּן זַיינֶע מִדּוֹת, אַזוֹי ווִיא עֶר פַארְזֵייט דִי צְדָקוֹת פוּן מֶענְשֶׁען

### בית ישראל

מִיט רֵיינִיגְקַייט, מִיט לוֹיבּ אוּנ מִיט גִיזַאנְג, אוּנ זֵיי לוֹיבִּין אוּנ בַּארִימֶען, בַּאשֵׁיינֶען אוּנ הֵיילִיגֶען אוּנ מַאכֶען קֶענִיגֶען: את שם גָאטְס נָאמֶען וָואס עֶר אִיז אַ גְרוֹיסֶער אוּנ אַ שְׁטַארְקֶער אוּנ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער קֶענִיג דֶר זָא הֵיילִיג אִיז: וכלם אוּנ אַלֶע מַלְאָכִים זַיינֶען אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל דֶעם עוֹל פוּן דֶער הִימֶעלְשֶׁען הֶערְשַׁאפְט אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען אוּנ גִיבֶּען רְשׁוּת (עֶרְלוֹיבְּנִיס) אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען צוּ הֵיילִיגֶען זֵייעֶר בַּאשֶׁעפֶער מִיט פֶערְגֶענִיגֶען, מִיט אַ רֵיינֶע שְׁפְּרַאךְ אוּנ מִיט זִיסְקַייט, אוּנ אַלֶע מִיט אַמָאל צוּזַאמֶען רוּפֶען אוֹיס קְדוּשָׁה אוּן זָאגֶען מִיט פָארְכְט: קדוש דֶער גָאט פוּן אַלֶע הֶערְשַׁאפְטֶען אִיז הֵיילִיג, דִי גַאנְצֶע עֶרְד אִיז פוּל זַיין כָּבוֹד: והאופנים אוּנ דִי מַלְאָכִים דִי דָא הֵייסֶען אוֹפַנִּים אוּנ חַיּוֹת הַקּוֹדֶשׁ דֶערְהֵייבֶּען זִיךְ מִיט גְרוֹיסֶען שְׁטוּרֶעם קֶעגֶין זֵיי אוּנ זָאגֶען גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטְס כָּבוֹד פוּן זַיין עֶרְהַאבֶּענֶעם אָרְט: לְאֵל צוּ דֶעם מֶעכְטִיגֶען גָאט גִילוֹיבְּט אִיז עֶר, גִיבֶּען דִי מַלְאָכִים לִיבְּלִיכֶע לוֹיבּ, צוּ דֶעם מֶלֶךְ וָואס עֶר אִיז אַ לֶעבֶּעדִיגֶער אוּנ אַשְׁטַארְקֶער גָאט זָאגֶען זֵיי לוֹיבּ גֶעזַאנְג אוּן לָאזִין הֶערִין רִיהְמוּנְג, דֶר עֶר אַלֵיין טוּט מֶעכְטִיגְקַייט דוּרְךְ דֶר זוּן, אוּנ מַאכְט נַייס (דִי לְבָנָה וֶוערְט אַלֶע חוֹדֶשׁ בַּאנַייט), עֶר אִיז אַ בַּעַל מִלְחָמָה, עֶר זֵייט

מַצְמִיחַ יְשׁוּעוֹת, בּוֹרֵא רְפוּאוֹת, נוֹרָא תְהִלּוֹת, אֲדוֹן הַנִּפְלָאוֹת. הַמְחַדֵּשׁ בְּטוּבוֹ, בְּכָל יוֹם תָּמִיד, מַעֲשֵׂה בְרֵאשִׁית. כָּאָמוּר, לְעֹשֵׂה, אוֹרִים גְּדֹלִים, כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ: וְהִתְקִין מְאוֹרוֹת מִשַּׂמְּחַ עוֹלָמוֹ אֲשֶׁר בָּרָא: אוֹר חָדָשׁ, עַל צִיּוֹן תָּאִיר, וְנִזְכֶּה כֻלָּנוּ, בִּמְהֵרָה לְאוֹרוֹ: בָּרוּךְ, אַתָּה יְיָ, יוֹצֵר הַמְּאוֹרוֹת:

אַהֲבָה רַבָּה (אַהֲבַת עוֹלָם) אֲהַבְתָּנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ חֶמְלָה גְדוֹלָה וִיתֵרָה, חָמַלְתָּ עָלֵינוּ. אָבִינוּ, מַלְכֵּנוּ, בַּעֲבוּר שִׁמְךָ הַגָּדוֹל, וּבַעֲבוּר אֲבוֹתֵינוּ, שֶׁבָּטְחוּ בְךָ, וַתְּלַמְּדֵם, חֻקֵּי חַיִּים, לַעֲשׂוֹת רְצוֹנְךָ בְּלֵבָב

### מעשה אלפס

מֶענְשֶׁען אוּן עֶס וַואקְסְט פוּן דֶעם טַייעֶרֶע בְּלוּמֶען וָואס מֶען רוּפְט זֵיי „יְשׁוּעוֹת", דָאס הֵייסְט וֶוען דֶער מֶענְשׁ אִיז בְּעֵת צָרָה ר"ל, דֶערְמָאנְט מֶען אִים דִיא צְדָקוֹת וָואס עֶר הָאט גִיטָאן אוּנ מֶען שִׁיקְט אִים צוּ אַ יְשׁוּעָה. אוּנ אוֹיבּ עֶר אִיז חָלִילָה קְרַאנְק, וֶועט פוּן דֶעם בַּאשַׁאפֶען אַ רְפוּאָה. אַזוֹי זָאל דֶער מֶענְשׁ אוֹיךְ טָאן, עֶר זָאל זַיין שְׁטֵענְדִיג הוֹצָאָה פִירֶ'ן עֶקָאנָאמִישׁ אוּנ דִיא אִיבֶּעריגֶע זָאל עֶר פַארְזַייעֶן צְדָקוֹת, וֶועט פוּן דֶעם שְׁפְּרָאצֶען „יְשׁוּעוֹת" פִיר דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע, וָואס גֵייעֶן אָן פַּרְנָסָה, זֵיי וֶועלֶען נִיט בַּאקֶּען גִישְׁוָואלִין פוּן הוּנְגֶער, אוּנ פַאר אִים וֶועט זַיין אַ רְפוּאָה, עֶר וֶועט נִיט דַארְפֶען זַייפֶען אוּנ נִיט פְּלִיעֶן אִין דִי בֶּעדֶער צוּרֶעֶן זִיךְ אָדֶער הֵיילֶען זִיךְ פוּן דִי קְרַאנְקַייטֶען וָואס קוּמֶען פוּן פִיל תַּעֲנוּגִים אוּן ווייניג אַרְבַּייטֶען:

### בית ישראל

גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנ מַאכְט שְׁפְּרָאצִין הִילְף, אוּנ בַּאשַׁאפְט רְפוּאוֹת, פָארְכְטִיג אִיז צוּ זָאגֶען לוֹיבּ פַאר דֶעם הֶערְרְן פוּן דִיא וואוּנְדֶערְלִיכֶע טוּאוּנְגֶען, דֶער דָא בַּאנַייט מִיט זַיין גוּטְס אַלֶע טָאג שְׁטֶענְדִיג דִיא וֶוערְקֶען פוּן שֵׁשֶׁת יְמֵי בְּרֵאשִׁית. כאמור אַזוֹי ווִי עֶס אִיז גֶעזָאגְט אִין פָּסוּק (דַאנְקְט גָאט) וָואס הָאט בַּאשַׁאפֶען גְרוֹיסֶע לִיכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט דֶען אוֹיף אֵייבִּיג אִיז זַיין גְנָאד: אור דִי לִיכְטִיגְקֵייט זָאלְסְטוּ אוֹיף דָאס נַייעֶ אִיבֶּער צִיוֹן בֶּעלַייכְטֶען

דָאס מִיר אַלֶע זָאלֶען קֶענֶען גֶענִיסֶען גִיךְ אוּנ בַּאלְד פוּן זַיין לִיכְט: ברוך גֶילוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, דֶער דָא בַּאשַׁאפְט דִי לִיכְט:

אַהֲבָה מִיט אַעֶוויגֶע לִיבְּשַׁאפְט הָאסְטוּ אוּנְז גֶעלִיבְּט, גָאט אוּנְזֶער גָאט, חמלה מִיט בַּארְמְהֶערְצִיגְקַייט, זֵייעֶר גְרוֹיסֶע, הָאסְטוּ זִיךְ אִיבֶּער אוּנְז עֶרְבַּארְמְט (ווהע בנין ציון): אבינו אוּנְזֶער פָאטֶער אוּן קֶענִיג, וֶועגֶען דַיין גְרוֹיסֶען נָאמֶען אוּנ וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען, וֶועלְכֶע הָאבִּין זִיךְ אוֹיף דִיר פַארְטְרוֹיט אוּן דוּ הָאסְט זֵיי

### בנין ציון

הֶמְלָה גְדוֹלָה. דֶער אוֹיסְדְרִיק „חֶמְלָה" (עֶרְבַּארְמוּנְג) לֵייגְט זִיךְ נָאךְ אַבִּיעֶס, וֶוען אַפָאטֶער ווערְט שְׁרֶעקְלִיךְ אִין כַּעַס אוֹיף זַיין בֵּן יָחִיד פַאר אַמַעֲשֶׂה רַע וָואס עֶר הָאט גִיטָאן אוּנ שְׁלָאגְט אִים שְׁטַארְק, נָאכְהֶער אַז דֶער כַּעַס גֵייט אִים אִיבֶּער, עֶרְבַּרִימְט עֶר זִיךְ אוֹיף אִים אוּנ זַיין לִיבֶּע צוּ אִים ווערְט נָאךְ גְרֶעסֶער, דָאס גְלַייכֶען הָאט פַּאסִירְט מִיט אוּנְז, בַּייא קַבָּלַת הַתּוֹרָה הָאט דֶער בּוֹרֵא בַּאווִיזֶען צוּ אוּנְז אַיין „אַהֲבָה רַבָּה" עֶר הָאט גִירֶערְט פוּן דִי הֶעכְסְטֶע הִימֶלֶען אוּנ גִימַאכְט רוּהֶען זַיין שְׁכִינָה אוֹיפֶען בַּארְג סִינַי „לְעֵינֵי כָּל יִשְׂרָאֵל", נָאכְהֶער אַז מִיר הָאבִּין גִיטָאן אַשְׁרֶעקְלִיכֶע מַעֲשֶׂה רַע (גִימַאכְט דֶעם עֵגֶל) אוּנ דֶער בּוֹרֵא הָאט אוֹיף אוּנְז גִיצֶערְנְט אוּנ הָאט אוּנְז גִישְׁטְרָאפְט, אִיז נָאכְהֶער זַיין לִיבֶּע צוּא אוּנְז גְרֶעסֶער גִיוָוארִין, ווייל פְרִיעֶר הָאט דִיא שְׁכִינָה גִירוּהְט אוֹיפֶען הַר סִינַי נוּר אַקוּרְצֶע צַייט, אָבֶּער נָאכִין עֵגֶל אַז דֶער בּוֹרֵא אִיז נִתְפַּיֵּס גִיוָוארִין צוּ אִידִין, הָאט עֶר גִיהֵייסִין בּוֹיעֶן „אַ מִשְׁכָּן" אוּנ דַאן הָאט דִי שְׁכִינָה גִירוּהְט שְׁטֶענְדִיג אִין מִשְׁכָּן, ווִיא עֶס שְׁטֵייט (אִין סוֹף פְּקוּדֵי) כִּי עֲנַן ה' עַל הַמִּשְׁכָּן יוֹמָם וְאֵשׁ תִּהְיֶה לַיְלָה בּוֹ לְעֵינֵי כָל בֵּית יִשְׂרָאֵל (הגר"א זצ"ל):

סי"ט ס'

שַׁלֵּם כֵּן, תְּחָנֵּנוּ וּתְלַמְּדֵנוּ: אָבִינוּ אָב הָרַחֲמָן, הַמְרַחֵם, רַחֵם עָלֵינוּ. וְתֵן בְּלִבֵּנוּ בִּינָה, לְהָבִין וּלְהַשְׂכִּיל, לִשְׁמֹעַ. לִלְמוֹד וּלְלַמֵּד, לִשְׁמוֹר וְלַעֲשׂוֹת, וּלְקַיֵּם, אֶת כָּל, דִּבְרֵי תַלְמוּד תּוֹרָתֶךָ, בְּאַהֲבָה: וְהָאֵר עֵינֵינוּ בְּתוֹרָתֶךָ (בְּמִצְוֹתֶיךָ) וְדַבֵּק לִבֵּנוּ, בְּמִצְוֹתֶיךָ (בְּתוֹרָתֶךָ). וְיַחֵד לְבָבֵנוּ, לְאַהֲבָה וּלְיִרְאָה, אֶת שְׁמֶךָ. לְמַעַן לֹא נֵבוֹשׁ, וְלֹא נִכָּלֵם וְלֹא נִכָּשֵׁל לְעוֹלָם

## בית ישראל

בעלערענט די חוקים פון דער תורה, וואס זיי זיינען די וואהרע ארדנונג פון לעבען, אזוי זאלסטו אונז טאן א גיפעליגקייט (הגם מיר האבען ניט פערדינט) און אונז אויך בעלערנען: אבינו בארמהערציגער פאטער, דער דא ערבארמט זיך, ערבארם דיך איבער אונז, און גיב פערשטאנד אין אונזער הארץ, צו פערשטיין און צו בעגרייפען, צו הערען, צו לערנען און צו מאכען לערנען דעם צווייטען, לשמור זיך אבהיטען פון דעם וואס מען טאר ניט טאן, ולעשות און מקיים זיין די מצות וואס מען דארף טאן, און פעסט האלטען אלע ווערטער פון תורה שבכתב און תורה שבעל פה (משנה ותלמוד) מיט ליבשאפט: והאר און ערלייכט אונזערע אויגען אין דיין תורה, און באהעפט אונזער הארץ צו דיינע מצות און פעראייניג אונזער הארץ צו ליבען דיר און צו פירכטען פאר דיין נאמען, אום מיר זאלען קיין מאל

## מעשה אלפס

אבינו, האב הרחמן. ווען מיר שטייען ביי א נגיד און הויז און מיר זעהען אז איין ארימאן שטייט ביי מיר, פארשטייען מיר אז ער פערלאנגט א נדבה פיל עס איז, ווען אבער מיר זעהען אז איינער גייט אריין צום נגיר מיט איין א נפעס און גיט אגישרייא ערבארמיגער העיר! רעטעט! ערבארימט זיך! פארשטייען מיר אז דא האנדעלט זיך ניט וועגין א קליינע זאך נור וועגין לעבענס גפאהר, דאס גלייכען דיא תפלה איז עפעס א צווא שטרייגנע, פאטער! ערבארמיגער פאטער! בארמהערציגער גאט! ערבארעם דיך איבער אונז, וואלט מען רעכענען אז נאך אזא הקדמה וועלין מיר בוודאי בעטין אויף לעבין און קינדער, אם ענדע בעטין מיר נאר „ותן בלבנו להבין ולהשכיל" גיב אין אונזער הארץ גוטע נייגונג צו פערשטיין און בעגרייפען, מיר זאלין האבין תשוקה צום לערנען און צו מאכין לערנע דעם צווייטען, אום צו זיין גיב גיהיט פון וואס מען טאר ניט טאן און היטען דאס וואס מען דארף טאן, און פעסט האלטין מיט ליבשאפט דיא רייד פון דיא גאנצע תורה. און פילייכט פארשטייען אנדערע ניט דיא וויכטיגקייט פון תורה ומצות אז מען זאל דארפין וועגין דעם אזוי פיל מרעיש עולם זיין, מיט רחמים, ערקלערין אונז דיא מסדרי התפלה אזוי וויא דער אונגלערנטער מענש ווערט ניט נתפעל פון דיא זון און דיא איבעריגע הימעל פלאנעטין, ווייל פאר זיין קורצזיכטיגע אויגען זעהען זייא אויס זייער קליין, אבער דער וואס בעלייכטעט זיין אויג מיט דיא גרויסע מיקראסקאפין און פערין גלעזער זעהט ער וויא גראמאדנע גרויס זייא זיינען, דיא זון איז קרוב צוויא מיליאן מאל גרויס וויא דיא גאנצע וועלט, אזוי זיינען דיא מצות פון דער תורה, ווען אויך פאר אונזערע קליינע אויגען זעהען זייא אויס קליין, אבער „והאר עינינו בתורתך" ווער עס בעלייכטעט זיין אויג מיט די ליכטיגקייט פון דער תורה, זעט ער וויא גרויס און ערהאבין יעדער מצוה איז, אז אלע גליקען פון דער וועלט הייבין זיך ניט אן קעגין דעם, ביי דעם איז „ודבק לבנו במצותיך" ווערט צו גיקלעבט זיין הארץ, זיין ליב און לעבין צו דיא חביבות המצוה:

## בנין ציון

ולא נבוש לעולם ועד. א גרויסער קיניג האט אמאל גיהאט צוויי דינער, איינעם א טרייען, וואס ער האט אים געליבט אהבת נפש, ווייל ער האט זיך שטענדיג געאפפערט פאר'ן קעניגס כבוד און דער צווייטער איז געוועזען א שלעכטער נפש, וואס דער קעניג האט אים ניט געליבט. — ויהי היום האט דער קעניג זייא פארגערופען און פארזאגט צו טאן פון זיינע וועגין א גרויסע זאך, און האט בעשטימט זייער לוין, וועלכער עס וועט זיך פלייסען, ערפילען זיין רצון, וועט מען אים אנקליידען בגדי מלכות און זעצין אויפ'ן קייזערס פערד און אויסשרייען פאר אים „אברך" וויא פאר יוסף'ן אין מצרים, אויך האט ער זייא שטרייג פארזאגט זיך אפצוהיטען ניט צו טאן יענע און יענע זאך, און דער וואס וועט אריבערטרעטען זיין באפעל וועט מען אים ארומפירען אין אלע פאראדנע גאסען אנגעקליידט אין שמאטעס און אויסשרייען „דאס איז דער אונפאר-

וָעֶד: כִּי בְשֵׁם קָדְשְׁךָ הַגָּדוֹל הַגִּבּוֹר וְהַנּוֹרָא בָּטָחְנוּ. נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בִּישׁוּעָתֶךָ: וְרַחֲמֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וַחֲסָדֶיךָ הָרַבִּים אַל יַעַזְבוּנוּ נֶצַח סֶלָה וָעֶד. מַהֵר וְהָבֵא עָלֵינוּ בְּרָכָה וְשָׁלוֹם מְהֵרָה מֵאַרְבַּע כַּנְפוֹת כָּל הָאָרֶץ. וּשְׁבוֹר עֻלֵּנוּ מֵעַל צַוָּארֵנוּ. וְתוֹלִיכֵנוּ מְהֵרָה קוֹמְמִיּוּת לְאַרְצֵנוּ: כִּי אֵל, פּוֹעֵל יְשׁוּעוֹת, אָתָּה, וּבָנוּ בָחַרְתָּ, מִכָּל עַם וְלָשׁוֹן. וְקֵרַבְתָּנוּ

## בנין ציון

שעמטער מענש וואס האט עובר געווען דעם רצון המלך". — זיי זיינען ביידע אוועק פון קעניג אונ האבען זיך בעמיהעט טאן זיין רצון, אבער נגד זה האבען זיי עובר געווען אונ געטאן די פארקערטע זאך אויך. — נאר עס איז פערשיעדעליך, אז דער נידעריגער האט דאס מערסטע געטאן דעם רצון המלך, אונ דער שלעכטער האט דאס מערסטע עובר געווען. — ויהי היום איז דער מלך געווען מיט ביידע דינער אין וואלד אויף גייעג, האט ער געגעבען אמאל, מען זאל ערגיצן זיין געליבטען קנעכט נאקעט אויסטאן אונ אן טאן אין שמאטעס אונ אים אנמאכען גרויסע שמערצין אונ בזיונות. אונ דעם שלעכטען קנעכט זאל מען אנקליידען בגדי מלכות אונ זעצען רייטען אויף'ן קייזער'ס פערד אונ אים אן טאן גרויס כבוד. — האבען זיך די שרי המלך שטארק פערוואונדערט אויף אזא משפט, אונ דער געליבטער קנעכט האט אויך געהאט שרעקליכע פארדרוס, אונ האט געבעטען ביטער געשריען „אדוני המלך, איז דאס דען מיין לוין פאר מיין אפפערן זיך נור צו טאן דיין רצון אונ צום סוף באלו נסתי פר מיט אזעלכע בזיונות אונ שמערצין"? — אין א צייט ארום איז געווען דער יאר־מארק אין קרוין שטאט, זיינען צוזאמען געפארען זייער פיל סוחרים אונ מאגנאטען אונ פירשטען פון א סך מדינות, האט דער קעניג געגעבען אבאפעל מען זאל נעמען דעם שלעכטען קנעכט אונ אן טאן קרוע ובלויא אונ פירן אויף'ן שאנד וואגן אויף'ן פלאץ פאראד פאר'ן גרויסען פובליק, אונ דעם געליבטען קנעכט זאל מען אנקליידען בגדי מלכות מיט דעם קייזערליכען קרוין אונ זעצען אויף'ן קייזערס פערד, אונ דער גרעסטער שר זאל פאר אים שרייען „ככה יעשה לאיש אשר המלך חפץ ביקרו" אזוי ווערט געטאן צו דעם מאן וואס דער קעניג באגערט, אים אן טאן כבוד, אונ אזוי טאג טעגליך די גאנצע צייט פון יריד. — דאן האבען אלע שרים פארשטאנען ווי קלוג דיא גיריכט פון קעניג איז, ווייל ער איז דאך געווען א מוכרח צו געבען שכר אונ עונש ווי ער האט זיי פארשפראכען, נאר עס איז אים ניט אנגענעהם געווען צו טאן אזא גרויסען בזיון זיין געליבטען דינער, אונ אזא גרויסען כבוד דעם שלעכטען קנעכט, דרום האט ער זיך מיישב געווען אונ פערצאלט דעם געטרייען לוין צום שלעכטען קנעכט אונ דעם שטראף אונ בזיונות זיין געטרייען פריינד אין מיטען וואלד, וואס דער כבוד האט דארטען א קנאפע צורה, ערשטענס ווייל עס האבען אין יענעם ווייניג מענשען געזעהען נור די דערנער פון וואלד, אונ צווייטענס איז ער נים דווערהאפטיג, עס האט נור געווערט דריי שטונדן, אבער דערנאך האט ער געטרונקען דעם כוס פון פורעניות אונ בזיונות צו זאט, פאר אזא גרויסען פובליקום אונ אזא לאנגע צייט, אונ דאס גלייכען דעם שאנד וואס ער האט געטאן זיין גוטען פריינד איז אויך ניט אזוי גרויס, ווייל עס האבען אים נור ווייניג מענשען געזעהען. אונ עס האט ווייניג געווערט. אבער דערנאך אין קרוין שטאט, דעם שלעכטענס גרויסע בזיונות אונ דעם געטרייענס גרויס כבוד איז דאס באשריבען געווארען צום אייביגען אנדיינקונג. — יעצט דער יאר וואס פארשטייט דעם קעניגס גידאנקען פון זיין משפט פון וואלד, וואס ער האט אויסגעגאסען זיין צארן אויף זיין געליבטען דינער, אונ זיין פיינד האט ער געעהרט מיט א כבוד מדומה, זאגט ער צו זיך אליין, „טוב אחרית דבר מראשיתו" פון דעם פירונג פון אנפאנג איז צו פארשטיין דעם סוף, אז דעם כבוד וואס ווערט געטאן דעם שלעכטען, איז דאס דער העכסטער בזיון אונ א צייכען ווי ווייט דער קעניג פאר'האסט אים אונ דיינקט אויף אים שלעכטעס, אונ דער כעס וואס ער צארענט אויף דעם גוטען פריינד, צו שטראפען אים פאר די בויזע פון וואלד, איז דאס די העכסטע מדריגה פון ליבשאפט אונ א צייכען פון כבוד, אז ער וועט אן קליידען קעניגליכע קליידער מיט גרויס צירונג אין קרוין שטאט פאר'ן גרויסען פובליק. — אין דעם ארט פירט

## בית ישראל

פערשעמט ווערען: כי דען אין דיין היילינען נאמען דעם גרויסען אונ דעם פארכטיגען, פערזיכערען מיר זיך, זאלען מיר זוכה זיין זיך צו פרייען אונ לוסטיג זיין דורך דיין הילף: והביאנו אונ ברייננ אונז צוזאמען מיט פרייד. פון אלע פיר עקען דער וועלט. אונ פיר אונז מיט אויפגעהייבענעם קאפ (מיט מוטה אונ שטאלץ) צו אונזער לאנד: כי דען דו ביסט אמעכטיגער גאט א ווערקער פון הילף, אונ אונז האסטו אויסערוועהלט פון

מלכנו, לשמך הגדול סלה באמת באהבה, להודות לך, וליחדך (באהבה) ולאהבה את שמך: ברוך אתה יי, הבוחר, בעמו ישראל באהבה:

יחיד אומר אל מלך נאמן:

# שמע ישראל יהוה אלהינו יהוה אחד:

בלחש ברוך שם, כבוד מלכותו, לעולם ועד:

## בית ישראל

פון אלע אומות אונ שפראכען: וקרבתנו אונ דו האסט אונז נאהענט געמאכט צו דיין גרויסען נאמען דעם עוויגען מיט אמת, צו דאנקען דיר מיט ליבשאפט: ברוך געלויבט ביסטו גאט, דער וואס האט אויס ערוויילט דיין פאלק ישראל מיט ליבשאפט: אל גאט איז איין וואָרהאפטיגער קעניג: שמע הער צו ישראל, דער עוויגער איז אונזער גאט, אונ ער איז איין איינציגער גאט (ער האט צו זיך קיין שותף ניט): ברוך געלויבט זאל זיין דער נאמען פון זיין הערליכע קעניגרייך אויף אייביג:

## בנין ציון

זיך דער גרויסער וועלט, יניג מיט זיינע קנעכט, וואס ער האט פארשפראכען פיל שכר פאר די וואס וועלען היטען זיינע מצות אונ גרויס שטראף אונ שאנד פאר די וואס וועלען עובר זיין זיינע מצות, אונ עס איז דאך לא ימלט אז אפילו דער גרעסטער צדיק זאל ניט דורך פאלען אמאל אין א חטא, אמאל באונס אונ אמאל ב זוגג, אונ דאס גלייכען די רשעים טוען אויך אפטמאל א מצוה וואס קומט זיי דערפאר א גוטין שכר, אונ די ביידע זאכען איז ניט לרצון פאר דעם בורא ב"ה, צו געבען עהרע זיינע פיינדע אונ פארשעמען זיינע ליבהאבער אין עולם הרוחני אין קיין שטאט, וואס דארטען איז דער כבוד איין עוויגער אונ די שאנד איז א עוויגע שאנדע, דרום האט השי"ת צוטיילט דעם שכר אונ דעם עונש אין די ביידע ערטער, אונ האט מקדים געוועזן צו צאלען דעם רשע זיין לוין דא אויף דעם עולם החומרי, דא קריגט ער איהם אן מיט הצלחת הזמן, רייכטום אונ פאלשין כבוד, וואס בעצם האט דאס קיין ממשות ניט, אונ ניט דערהאלטיג, ווארום אין מיטען נים מען גאר א קלאפ אונ קיין הייסט פארען אהיים, אין פינסטערען קבר, אויף טויזענטער יאר. אונ אויף זיין געליבטין קנעכט קליידעט ער אן גילאטעטע קליידער מיט שאנד, — אבער ווער עס האט נור קלוגע אויגען אונ פארשטייט אז דער כבוד אונ די הצלחת הזמן איז א פוסטע זאך, ווי די קנעכטשע קלעשאלאך פון זייף טוליגעס, אונ די טאהענעס אין שאנד וואס עס גריכט דא דעם מענשין איז צלעם גאר ניט, איז ער פארקערט אונ וטהינג אויף די ליקען פון דיזע וועלט, ווארום האט אהפיז ווי שפיז וועבס, אונ דער שיינונג פון די וועלט איז גלייך ווי א פוילע האלין וואס שיינט נור פון ווייטין, אונ גראדע פארקערט ער פרייט זיך אויף די גילאטעטע קליידער וואס די צדיקים ...דעט איהם אן, דערנאך אבער וועט ער האבין גרויס כבוד אין דיא אייביגע קרוין שטאט, פאר ...זו פיל נשמות פון דיא צדיקים, פון דיא אבות הקדושים, דיא נביאים, דיא זקנים, די תנאים ואמוראים, גאונים, צדיקים וחסידים, שרפים ואופנים וחיות הקודש, עס איז גאר ניט פאר וושטעלין זיך דער כבוד וויא גרויס ער איז אונ דורהאפטיג. — אונ דאס זעלבע ווען דער בזיון פון דעם רשע אונטער די יסורים פון גיהנם איז זיך נאר ניט פארצושטעלין. — מיט דעם פארשטייט מען די קשיא צדיק ורע לו, רשע וטוב לו, — וועגען וועלכע די וועלט רעדט (קהלת ס') (טוב כעס משחוק) עס איז בעסער דער כעס וואס הקב"ה צארינט אויף די צדיקים אויף דער וועלט איידער דעם שמייכל וואס ער ווייזט צו די רשעים אויף דער וועלט (כי ברוע פנים ייטב לב) ווייל דורך די שלעכטע מינע, וואס ער ווייזט צו די צדיקים בעוה"ז וועט ער זיי באווייזען זיין רצון בעוה"ב, איז דער כעס אויף די צייטליכע וועלט א וואהרער צייכין אויף די שטארקע ליבשאפט, אונ דער שמייכל צו די רשעים איז באמת נור איין פייכטער געלעכטער אונ א וואהרער צייכין ווי ווייט ער איז פאראכט אין דיא אויגען פון השי"ת, — דרום בעטין מיר אז השי"ת זאל אונז דערלייכטען די אויגען מיט זיין תורה, אז מיר זאלין דערזעהן דעם אמת, ולא נבוש לעולם ועד" בכדי מיר זאלין ניט פארשעמט ווערין אויף אייביג (אין די אייביגע וועלט).

## מעשה אלפים

שמע ישראל, דער קורצער פסוק רופט זיך קבלת עול מלכות שמים", אין אים זיינען גיבראכט די טייערע בעשאפען, „שמע ישראל" האט אין איינעם אונ גענם בריליאנטען פון אמונה, דאס ערשטע, אז דיא וועלט איז ניט קיין הפקר, זיא האט אוירט וואס האט זיא אליין אין גידאנקען, אז ה' עס איז דא א מהוה כל

# וְאָהַבְתָּ אֵת יְהוָה אֱלֹהֶיךָ בְּכָל־לְבָבְךָ וּבְכָל־נַפְשְׁךָ וּבְכָל־מְאֹדֶךָ׃ וְהָיוּ הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה אֲשֶׁר אָנֹכִי מְצַוְּךָ הַיּוֹם עַל־לְבָבֶךָ׃ וְשִׁנַּנְתָּם לְבָנֶיךָ וְדִבַּרְתָּ בָּם בְּשִׁבְתְּךָ בְּבֵיתֶךָ וּבְלֶכְתְּךָ בַדֶּרֶךְ וּבְשָׁכְבְּךָ וּבְקוּמֶךָ׃ וּקְשַׁרְתָּם לְאוֹת עַל־יָדֶךָ וְהָיוּ לְטֹטָפֹת בֵּין עֵינֶיךָ׃ וּכְתַבְתָּם עַל־מְזֻזוֹת בֵּיתֶךָ וּבִשְׁעָרֶיךָ׃

## שיבת ציון

בכל לבבך. פון דעם וואס שטייט ניט בכל "לבך" נור "לבבך" לערנט דיא משנה (אין ברכות פ"ט) אז די כוונה איז "בשני יצריך" ביצר טוב מיט'ן גוט'ן כאראקטער וביצר הרע מיט'ן שלעכטען כאראקטער, היינו ווען דו ביסט א גוטער מאך זאלסטו ניט זאגען אז דו טוסט דאס ניט פון פרומקייט ווען נור מצד כאראקטער. דאס איז גענוג ניט "לבך" נאר דעם בורא, אזוי וויא דער מענש אליין איז נאר א שוואכע זאך, אזוי איז די מעשים וואס ער טוט נור מצד כאראקטער זייגען זייער שוואכע, ווייל דער כאראקטער איז נור א ליכט, און א ליכט קען ניט בייששטיין קעגען א שטארקען ווינד, עס קומט א רוח תאוה, א רוח גאוה, א רוח חמדה פארלעשט די גוטעס וואס זיי קומען נור מצד כאראקטער, אין געגענטהייל ער קען דאן אב טאן די גרעסטע עולות און רציחות, דעם יצר טוב דאס הייסט דעם גוטען כאראקטער דארף מען אויך טאן נור מצד אהבת השם, איך טוא חסד ווייל איך ליב דעם בורא און ער האט מיר געהייסען טאן חסד, איך היט ניט צו טאן קיינעם קיין עולה, ווייל איך ליב מיין באשעפער וואס ער פערהאסט עולות (כי תועבת ה' כל עשה עול) און אויך "ביצר רע" ווען איך דארף אמאל ווייזען כעס אדער גאוה און דאס גלייכען פון דיא שלעכטע זיטען, זאל איך דאס טאן נור מצד אהבת הבורא, וואס ער האט געהייסען בייזערען זיך על עוברי רצונו (אזוי וויא דער פראפיזאר בענוצט אמאל אין א רעצעפט געפערליכע זאכין ווי סם א. ד. ג., ווייל די ספרי רפואה לערנען אזוי).

## בית ישראל

**ואהבת** דו זאלסט דיין גאט ליב האבין (דו זאלסט מקיים זיין זיינע מצות פון וועגען ליבשאפט), מיט דיין גאנצין הארצין, אונ מיט דיין גאנצער זעלע, אונ מיט דיין גאנצען פערמעגען: והיו אונ די ווערטער וואס איך זאג דיר הייגט, זאלען זיין אויף דיין הארצין (דו זאלסט זיי תמיד געדיינקען) ושננתם אונ דו זאלסט זיי איינשארפען (גוט איינלערנען) צו דיינע קינדער, אונ דוא זאלסט תמיד דערפון ריידען ווען דו זיצט אין דיין הויז אונ ווען דו גייסט אין וועג, אין דיין ליגען זיך אונ אין דיין אויפשטיין: וקשרתם אונ דו זאלסט זיי אנבינדען צום צייכען אויף דיין האנט אונ זיי זאלען זיין אצירונג צווישין (קוואל פון) דיינע אויגין (דאס איז תפלין של ראש, וואס אנטגעגין מוח): וכתבתם

## מעשה אלפם

הוה, וואס האט ערפונדין אלע ערפינדונג וועלכע געפינען זיך אויף דער וועלט. דאס צווייטע, אז דער באשעפער איז דער מנהיג לכל הברואים, ער איז דער פיהרער, דער אויף פאסער אונ דער שפייזער פון דיא גאנצע וועלט, פון די גרעסטע בעשעפענים ביז די קלענסטע, אונ אויף אונז אידין איז דא א השגחה פרטית, דאס ווייזט דער ווארט "אלהינו", און בעת מען זאגט דיא צווייא ווערטער "ה' אלהינו" דארף מען טראכטין איך בין מקבל אויף זיך דעם עול מלכות שמים אונ איך מאך דיר קעניגען אויף מיינע אלע גלידער, אז יעדער גליד זאל זיין דיינער אמייער דינער, היינו דיא אויג זאל ניט קוקען וואו מען דארף ניט, די אויערין זאלין ניט הערין וואס מען טאר ניט, דיא מויל זאל ניט ריידין וואס פאסט ניט דיא פיס זאלין ניט גיין וואו מען דארף ניט אונ אזוי אלע גלידער, אויך בין איך מקבל דיין קעניגרייך אויף מיינע קינדער אונ קינדס קינדער, היינו איך וועל זייא אנזאגין זייא זאלין היטען דיא געבאט פון דיין הייליגע תורה, וויא עס שטייט ביי אברהם אבינו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה'. דאס דריטע, אז דער בורא ומנהיג איז א יחיד ומיוחד, זיין פירמע שטייט ניט "עט קאמפאניע" נור ער אליין האט באשאפין אלעס אונ פירט אלעס. אויך ליגט דא ניפאקט דיא אמונה פון דיא גאולה העתידה אונ ביאת מלך המשיח, ה' וואס יעצט איז ער נור "אלהינו", וועט קומען א צייט וואס ער וועט זיין ה' אחד, אלע מענשין פון דער וועלט וועלין דער קענען זיין כבוד, ויקבלו כולם את עול מלכותו עליהם:

וְהָיָה אִם־שָׁמֹעַ תִּשְׁמְעוּ אֶל־מִצְוֺתַי אֲשֶׁר אָנֹכִי מְצַוֶּה אֶתְכֶם הַיּוֹם לְאַהֲבָה אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם וּלְעָבְדוֹ בְּכָל־לְבַבְכֶם וּבְכָל־נַפְשְׁכֶם: וְנָתַתִּי מְטַר־אַרְצְכֶם בְּעִתּוֹ יוֹרֶה וּמַלְקוֹשׁ וְאָסַפְתָּ דְגָנֶךָ וְתִירֹשְׁךָ וְיִצְהָרֶךָ: וְנָתַתִּי עֵשֶׂב בְּשָׂדְךָ לִבְהֶמְתֶּךָ וְאָכַלְתָּ וְשָׂבָעְתָּ: הִשָּׁמְרוּ לָכֶם פֶּן־יִפְתֶּה לְבַבְכֶם וְסַרְתֶּם וַעֲבַדְתֶּם אֱלֹהִים אֲחֵרִים וְהִשְׁתַּחֲוִיתֶם לָהֶם: וְחָרָה אַף־יְהוָה בָּכֶם וְעָצַר אֶת־הַשָּׁמַיִם וְלֹא־יִהְיֶה מָטָר וְהָאֲדָמָה לֹא תִתֵּן אֶת־יְבוּלָהּ וַאֲבַדְתֶּם מְהֵרָה מֵעַל הָאָרֶץ הַטֹּבָה אֲשֶׁר יְהוָה נֹתֵן לָכֶם: וְשַׂמְתֶּם אֶת־דְּבָרַי

## מעשה אלפס

דו זאלסט זיי אנשרייבען אויף די בייא שטידלען פון דיין הויז אונ פון דיינע טויערין (דאס איז די „מזוזה"):

**וְהָיָה** אונ עס וועט זיין, אז איר וועט צוהערען צו מיינע מצות וואס איך זאג היינט אן, דאס איר זאלט ליב האבען אייער גאט, אונ צו דינען אים מיט אייער גאנצען הארצין אונ מיט אייער גאנצען לעבין: ונתתי וועל איך געבין דעם רעגין אין אייער לאנד אין זיין צייט, פריא רעגין אונ שפעט רעגין אונ דוא וועסט איין זאמלען דיין קארין אונ דיין וויין אונ דיין אייל: ונתתי אונ איך וועל געבין גראז אין דיין פעלד צו דיינע בהמות אונ דוא וועסט עסין אונ זאט זיין: השמרו היט אייך טאמער וועט פערפיהרט ווערין אייער הארץ, אונ איר וועט אפ קערין פון דער תורה, אונ איר וועט דינען פרעמדע געטער אונ איר וועט זיך צוא זייא בוקען: וחרה וועט גאטס צארין ברענען אויף אייך, אונ ער וועט פערהאלטין דיא הימל עס זאל קיין רעגין ניט זיין, אונ דיא ערד וועט ניט געבין איר פרוכט. אונ איר וועט באלד פאר לארין ווערין פון דעם גוטין לאנד וואס גאט גיט אייך: ושמתם דארום זאלט איר טאן דיא רייד פון דער תורה אויף

## בית ישראל

וְהָיָה אִם שָׁמֹעַ. דיא פרשה איז דער קוטב (אששענס) פון דיא צווייא קאנטראקטין (דִּבְרֵי הַבְּרִית) וואס דער בורא האט מיט אונז גישלאסין, איינעם ביין הר חורב (דאס איז דיא תוכחה פון פ׳ בחקותי) אונ דעם צווייטען אין ערבות מואב (דיא תוכחה פון פ׳ תבא) פון דארטען זעט מען ארויס, אז אידישע פאלק שטייען ניט אונטער דיא נאטור וויא אלע נאראדען (ווייל מיט דער נאטור װאלטין זיי גאר אויף דער וועלט ניט גיוועזען, אברהם אונ שרה זיינען געוועזען עקרים. נור דער בורא האט אים אויפגיהויבין איבער די נאטור (הִגְבִּיהוֹ לְמַעְלָה מִכִּפַּת הָרָקִיעַ), שטייען אידען נור אונטער די השגחה פון השי״ת (כִּי חֵלֶק ה׳ עַמּוֹ) ניט אונטער די שָׂרֵי מַעְלָה. אונ זייער קיום איז נור בעת זיי גייען בְּדֶרֶךְ הַתּוֹרָה וְהַמִּצְוָה, דאן זיינען זיי גיגליכען כְּכוֹכְבֵי הַשָּׁמַיִם, זייער הַצְלָחָה בְּחוֹמֶר וּבְרוּחַ איז איבער נאטירלאך, עֶלְיוֹן עַל כָּל גּוֹיֵי הָאָרֶץ, מַמְלֶכֶת כֹּהֲנִים, אז אלע נאראדין וועלען דורך זיי אנערקענען דעם בורא עולם. ווען אבער זיי טרעטין אב פון דרך התורה איז ווי דער לאקאמאטיף גיט אראפ פון רעלצע, דא פאלען זיי איבער נאטירליך, זיי ווערען ווי שטויב (בַּעֲפַר הָאָרֶץ) וואס אלע חיות ובהמות טרעטין אויף זיי, (נור פארלענדין קען מען זיי ניט ווי מען קען ניט פארלענדען דיא ערד) אונ אלע אונגליקען פון דער וועלט מוזען זיי יאגען, ווייל מיט די נאטור דארפען זיי זיך גאר ניט געפינען אויף דער וועלט אונ עס וועט ניט העלפין קיין מיטיל, ווען זיי וועלען רעכענען זיך אויס מישען מיט דיא אומות העולם וועט מען זיי נאך מער האסען (וּבַגּוֹיִם הָהֵם לֹא תַרְגִּיעַ), פארפאלין „וָאַבְדִּיל אֶתְכֶם מִן הָעַמִּים לִהְיוֹת לִי" השי״ת זאגט איך האב אייך אב גיזאנדערט פון אלע נאראדען, איר זייט מיינע, איר מיט אלע נאראדין קענען ניט שטיין אויף א גלייכען פלאץ,

איר

# אֵלֶּה עַל־לְבַבְכֶם וְעַל־נַפְשְׁכֶם וּקְשַׁרְתֶּם אֹתָם לְאוֹת עַל־יֶדְכֶם וְהָיוּ לְטוֹטָפֹת בֵּין עֵינֵיכֶם: וְלִמַּדְתֶּם אֹתָם אֶת־בְּנֵיכֶם לְדַבֵּר בָּם בְּשִׁבְתְּךָ בְּבֵיתֶךָ וּבְלֶכְתְּךָ בַדֶּרֶךְ וּבְשָׁכְבְּךָ וּבְקוּמֶךָ: וּכְתַבְתָּם עַל־מְזוּזוֹת בֵּיתֶךָ וּבִשְׁעָרֶיךָ:

## מעשה אלפס

איר שטייט א שטאפיל העכער פון אלעמען, אין דער וועלט איז פאראנען חיות, בהמות, מענשען, מדבר מין האנושי, איז בעת איר זייט מבחר מין האנושי (האכ־ארטיגער מענש) זיינען די איבעריגע נארדין „מענשען" ווען אבער איר שטייגט אראפ א שטאפיל פון מבחר מין האנושי אויף איינפאכע מענשען, שטייגען אנטקעגען אראפ אנדערע אומות אויך א שטאפיל, פון „מענשען" אויף „פיהע" נים צו ערקענען אייער ווערדע ווי א פיהע ווייסען נים פון כבוד הבריות. ווען איר שטייגט אראפ נאך נידעריגער פון מענשען אויף בהמות, אייערע גידאנקען איז נור צו פישען דעם קערפער (די קעפ ליגט נור אין צעבער בראהע), שטייגען אנטקעגען אראפ פיל פון דיא איבעריגע נארדין פון „פיהע" אויף „חיות" אונ עס שפראצין אויס הינ'ס וואס מען רייסט און צופט אונז. אונ אזו האט גיוויזין די פראקטיקע פון גאנץ אידישע היסטאריע, בעת זיי האבין זיך גיפירט ע"פ התורה איז זייער הצלחה גיוועזן איבער נאטירליך, אונ ווען זיי האבין אבגיטראטין פון דער תורה זיינען אויף זיי באפאלין די צווייפיסיגע חיות אונ האבין זיי גירויסין אונ גיפליקט, ריכטיג ווי אין אונזער קאנטראקט שטייט, (זעהע מעשה אלפס (ניבעם בריף) צד 67 בהערות). אללזא דארפין מיר אונזערע קאנטראקטין האלטין שטענדיג פאר די אויגין. נור וייל די צוויי קאנטראקטין זיינען זייער גרויסע האט משה רבנו ארויסגינומען דעם שיינם פון דעם אין די קורצע פרשה, מיר זאלין איר לעזין איינינע מאל אין טאג אונ האלטין איר שטענדיג פאר די אויגין (ושמתם את דברי אלה על לבבכם), מיר זאלען וויסען אז אין דעם באשטייט אונזער לעבען אונ גליק. אונ מיט דעם גידאנקען האט דוד המע"ה אנגיהויבין זיין הייליגין תהלים אשרי האיש, די אלע הצלחות פון דיים „איש הידוע" דאס איז דער „איש הישראלי", באשטייט אין דעם, נים צו זיין בעצת רשעים נור בתורת ה' חפצו, דאן וועט ער זיין כעץ שתול על פלגי מים כו' וכל אשר יעשה יצליח.

## בית ישראל

אייער הארץ אונ אויף אייער זעלע (דאס הייסט אין הארצין אונ אין מוח) אונ איר זאלט זייא אן קניפין צו אצייכען אויף אייערע הענט, אונ זיי זאלין זיין צו תפילין צווישין (דיא קוועלע פון) אייערע אויגין: ולמדתם אונ איר זאלט לערנען אונ גיוואהנען אייערע קינדער דאס זייא זאלין אלע צייט ריידין אין דיא רייד פון דער תורה, אז דו וועסט זיצען אין דיין הויז אונ אז דוא וועסט גיין אין וועג אונ ווען דוא ליגסט זיך אונ ווען דוא שטייסט אויף: וכתבתם אונ דו זאלסט זייא אן שרייבין אויף די ביי שטידיל פון

## בנין ציון

על מזוזות. די תורה ווערט גידרשת פרד"ס, פשט, רמז, דרוש, סוד, בעלי הרמז זאגין אז די אותיות „מזוזות" איז „זז מות" דער וואס היט אב דיא מצוה פון מזוזה בכבוד, לבד וואס זיא מאכט א גרויסע ווירקונג אויפ'ן חרקטער פון מענשין ער זאל זיין עהרליך, נים וועלין פערנעמען חלילה א פרעמדע פרנסה, איז זי נאך א גרויסע סגולה, אז עס טרעט אב דער מות פון זיין הויז, ווייא עס שטייט דערביי למען ירבו ימיכם וימי בניכם, אז איר מיט אייערע קינדער וועלין מאריך ימים זיין, אונ אז מען לעבט אויס די יאהרין האט די מזוזה נאך א טייערע סגולה ווי דער מדרש (ב"ר פל"ה) שרייבט „בשכבך" ביי דיין שטארבין „תשמור עליך" וועט די מזוזה דיר באהיטען, ווען די נשמה גייט ארויס אין א שטוב מיט א כשרה מזוזה אונ מען האלט איר בכבוד, ווערט זי נים איבערגיגעבען חלילה אין די הענד פון די משחיתים, נור אין די הענד פון מלאכי חסד. אין ירושלמי פאה ווערט געבראכט א גישיכטע, אז א גרויסער מיליאנער האט גישיקט צו רבנו הקדוש אז מתנה א טייערען בריליאנט, האט רבנו הקדוש אים אפגישיקט א מתנה א מזוזה, האט דער מיליאנער פירגיהאלטין רבנו הקדוש, איך האב אייך גישיקט א בריליאנט וואס איז ווערט א גרויסין פערמעגין אונ איר האט מיר געשיקט א מתנה וואס איז ווערט א גילדען? האט אים רבנו הקדוש גיענטפערט, איר האט מיר גישיקט א מתנה וואס איך דארף זיא היטען אונ איך האב אייך געשיקט א מתנה וואס וועט אייך היטין. זעהע מעשה אלפס (חלק שני צד 89) א וואונדערליכע היסטאריע וועגען דיים מיליאנער אונ וויים פאר א ווייטען בליק רבנו הקדוש האט גיהאט מיט דעם שיקין אים די מזוזה.

לְמַעַן יִרְבּוּ יְמֵיכֶם וִימֵי בְנֵיכֶם עַל הָאֲדָמָה אֲשֶׁר נִשְׁבַּע יְהוָה לַאֲבֹתֵיכֶם לָתֵת לָהֶם כִּימֵי הַשָּׁמַיִם עַל־הָאָרֶץ׃

וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם וְעָשׂוּ לָהֶם צִיצִת עַל־כַּנְפֵי בִגְדֵיהֶם לְדֹרֹתָם וְנָתְנוּ עַל־צִיצִת הַכָּנָף פְּתִיל תְּכֵלֶת׃ וְהָיָה לָכֶם לְצִיצִת וּרְאִיתֶם אֹתוֹ וּזְכַרְתֶּם אֶת־כָּל־מִצְוֹת יְהוָה וַעֲשִׂיתֶם אֹתָם וְלֹא־תָתוּרוּ אַחֲרֵי לְבַבְכֶם וְאַחֲרֵי עֵינֵיכֶם אֲשֶׁר־אַתֶּם זֹנִים אַחֲרֵיהֶם׃ לְמַעַן תִּזְכְּרוּ וַעֲשִׂיתֶם אֶת־כָּל־מִצְוֹתָי

## בית ישראל

דיין הויז אונ פון דיינע טויערין׃ למען דרום וועלין זיך מערין אייערע טעג אונ די טעג פון אייערע קינדער אויף דער ערד וואס גאט האט גישוואָרען צוא אייערע עלטערען צו געבין צוא זייא, אלס דיא טעג פון הימיל אויף דער ערד גידויערען (אזוי לאנג וועט איר דויערין אויף דער וועלט), נאך אפשט איז „כימי השמים" אהימלישען (פערגעניגען) לעבין וועט איהר פאר ברייגען אויף דער וועלט׃

ויאמר ה׳ גאט האט צו משה אזו גיזאגט׃ דבר רייד צו דיא קינדער ישראל אונ זאג זייא, דאס זייא זאלין זיך מאכין ציצית (קוק פעדים), אויף דיא ברעגין פון זייערע קליידער, (דיא מצוה זאל בייא זיי בלייבען) אויף עוויגע צייטין׃ אונ זייא זאלין געבין אויף דיא ציצית וועלכע ביין ברעג זיינען, אפאדים פון תכלת׃ והיה אונ דיזע זאלין גירופען זיין בייא אייך „קוק פעדים" בכדי איר זאלט זייא זעהען (אונ בעמערקין דעם בעדייטונג פון זיא) וועט איר גידיינקען אלע (תרי"ג) מצות פון גאט (אונ אז איר וועט ידיינקען) וועט איר זייא מקיים זיין, אונ וועט ניט נאכגיין נאך די פרייע גידאנקען פון אייער הארצין אונ נאך דיא תאות וואס די אויגען זעהען, וואס איר ווערט פערפירט נאך זייא׃ למען ווייל איר וועט גידיינקען אונ טאן אלע מיינע מצות,

## מעשה אלפס

לתת להם. גאט האט גישווארין צו אונזערע עלטערין (אברהם יצחק ויעקב) ער זאל זיי געבען ארץ ישראל, איז דאך א קשיא, האט ער דען „זיי" געגעבען די לאנד? זיי זיינען דאך גישטארבין, אונ פאר זייער מקום קבורה (מערת המכפלה) האט אברהם אבינו גיצאלט גוטע געלט (ארבע מאות שקל כסף), היט דאך גידארפט שטיין לתת „להם"? דער תירוץ איז, אז מיט דעם אויסדרוק „להם" לערינט גאנז די תורה די אמונה פון „תחיית המתים", עס וועט זיין תחיית המתים אונ די אבות הקדושים וועלין אויפשטיין לעבידיג אונ זיך בזעצין אין ארץ ישראל.

וראיתם אותו. מען ערצילט אויף'ן ווילנא'ר גאון ז"ל, אז בעת פטירתו, האט ער גינומען די ציצית אין האנד אונ גיזאגט מיט גרויס גיוויין, אה! ווי שווער עס איז זיך צו שיידען פון דעם טייערען ירוד, ווי די וועלט איז, אז פאר א קליינע מטבע קען מען האנדלען אזא גוואלדיגע מציאה, ווי צפעל ציצית, וואס דורך דעם איז איין אדם ישר זוכה צו זעהען פני השכינה, ווי די חכמי התלמוד שרייבען (אין מס׳ מנחות) אויף דעם פסוק וראיתם אותו, איר וועט זוכה זיין צו זעהען כביכול דעם בורא ב"ה אליין. דיא מצוה פון ציצית באגלייט אונז שטענדיג אין רעטעט אונז פון די צווייא גיפערלכע פאקמוירים פון „האטעל שטן", דאס איז די אויגען אונ די הארץ, וואס זיי רעקאמאנדירען אלע עבירות, די אויג זעהט אונ די הארץ גלוסט. די ציצית איז אונזער נאציאנאל קלייטונג, צום צייכין אז מיר זיינען די מיליטער פון הימל קעניג, אונ ער איז אונזער הער, אין די פרשה ציצית איז גישריבען צוויי מאל „אני ה׳ אלהיכם", דאס

וִהְיִיתֶם קְדֹשִׁים לֵאלֹהֵיכֶם: אֲנִי יְהֹוָה אֱלֹהֵיכֶם אֲשֶׁר הוֹצֵאתִי אֶתְכֶם מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם לִהְיוֹת לָכֶם לֵאלֹהִים אֲנִי יְהֹוָה אֱלֹהֵיכֶם:

אֱמֶת, וְיַצִּיב, וְנָכוֹן, וְקַיָּם, וְיָשָׁר, וְנֶאֱמָן, וְאָהוּב, וְחָבִיב, וְנֶחְמָד, וְנָעִים, וְנוֹרָא, וְאַדִּיר, וּמְתֻקָּן, וּמְקֻבָּל, וְטוֹב, וְיָפֶה, הַדָּבָר הַזֶּה עָלֵינוּ, לְעוֹלָם וָעֶד. אֱמֶת אֱלֹהֵי עוֹלָם, מַלְכֵּנוּ, צוּר יַעֲקֹב, מָגֵן יִשְׁעֵנוּ. לְדוֹר וָדוֹר, הוּא קַיָּם, וּשְׁמוֹ קַיָּם, וְכִסְאוֹ נָכוֹן, וּמַלְכוּתוֹ, וֶאֱמוּנָתוֹ, לָעַד

### מעשה אלפס.

הייכט, איך בין דר גאט וואס קוקט אויף יעדער מינדעסטין זאך, איך בין בעגלויבט צו צאלין א גוטען לוין צו די וואס היטין מיינע גיבאט, און וועל זיך שטארק רעכענען מיט דיא וואס טרעטען איבער מיינע גיבאט, וויא איך האב זיך גירעכענט מיט פרעה און מצריים. אונ דאס איז רמוז אין די מראה פון ציצית, זי זעט אויס ווי א קאזאצקער נאפניק, דאס איז א קלוגער וואונק אז עס איז דא א נאפניק צו שמראפען די פערברעכער (נכונו ללצים שפטים), אונ א צווייטער בעווייז איז דער פתיל תכלת פון דיא ציצית, וואס דאס איז ענליך צום ים אונ צום הימל אונ צום כסא הכבוד, אז די וואס זיינען זהיר אין מיינע גיבאטע וועלין זוכה זיין צו זעהן דעם כסא הכבוד אונ גרויסארטיג בעלאהנט ווערין (זעהע מעשה אלפס חלק ה׳ . זייטע 90 באריכות).

### בית ישראל

וועט איר דורך זייא פערבלייבען הייליג פאר אייער גאט: אני איך בין איין ערבארמיגער גאט (פאר די וואס פאלגין מיר) אונ א שטרייגער (פאר דיא וואס פאלגין ניט), וואס איך האב אייך אויס גיצויגין פון לאנד מצרים *) אום צוא זיין אייער פיהרער, איך בין אייער גאט וואס איז באגלויבט צו צאלין א גוטין לוין דיא וואס וועלין מקיים זיין מיינע מצות אונ— זיך שטרייג רעכענ׳ן מיט דיא וואס טרעטין איבער מיינע גיבאט וואס איך האב גיגעבין אום איר זאלט עוויג גליקליך זיין:

**אֱמֶת** (דיא תורה ומצות זיינען) וואהר אונ געוויס, אונ באפעסטיגט אונ בשטעטיגט, רעכט פארטיג אונ בגלובט, ליבליך אונ פריינדליך, גלוסטיג אונ זיס, פארכטיג אונ מעכטיג. אן גירירכט אונ אן גינומען, גוט אונ שיין איז דיא זאך (וואס מיר האבין דא אין די פרשיות פון קריאת שמע גיזאגט**) אויף אונז אין דר אייביקייט: אמת עס איז אמת דאס דער אייביגער גאט איז אונזער קיניג, דער פעלזין שוטץ יעקב׳ס ער איז דער באשיצער אונזער הילף, פון איין דור צו דעם אנדערין, ער איז דויערהאפט אונ זיין נאמען איז דויערהאפט אונ זיין שטוהל שטייט פעסט, אונ זיין קיניגרייך אונ זיין ווארהייט (דיא הבטחה וואס ער איז מבטיח) האט איין

קיום

---

*) וואס דארטין האט איר גוט גיזעהען, וויא איך האב זיך ערבארמט אויף אייך, וואס איר האט מיר גיפאלגט, אונ ווי איך האב זיך שטרייג גרעכינט מיט די מצריים, ווס האבן מיר ניט גפאלגט.

**) דיא 16 שבחים פון „אמת״ ויציב ביז וטוב „ויפה״ זיינען נעגין דיא 16 פסוקים פון „שמע ישראל״ ביז כימי השמים על הארץ, (זעה סדור מנחת יהודא בשם המ״מ מפאלאצק).

קַיֶּמֶת: וּדְבָרָיו חָיִים, וְקַיָּמִים, נֶאֱמָנִים וְנֶחֱמָדִים, לָעַד, וּלְעוֹלְמֵי עוֹלָמִים, עַל אֲבוֹתֵינוּ, וְעָלֵינוּ, עַל בָּנֵינוּ, וְעַל דּוֹרוֹתֵינוּ, וְעַל כָּל דּוֹרוֹת, זֶרַע יִשְׂרָאֵל, עֲבָדֶיךָ:

עַל הָרִאשׁוֹנִים, וְעַל הָאַחֲרוֹנִים, דָּבָר טוֹב, וְקַיָּם לְעוֹלָם וָעֶד. אֱמֶת וֶאֱמוּנָה (בֶּאֱמֶת וּבֶאֱמוּנָה) חֹק וְלֹא יַעֲבוֹר. אֱמֶת, שָׁאַתָּה הוּא, יְיָ אֱלֹהֵינוּ, וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, מַלְכֵּנוּ, מֶלֶךְ אֲבוֹתֵינוּ, גּוֹאֲלֵנוּ, גּוֹאֵל אֲבוֹתֵינוּ, יוֹצְרֵנוּ (צוּרֵנוּ), צוּר יְשׁוּעָתֵנוּ, פּוֹדֵנוּ וּמַצִּילֵנוּ. מֵעוֹלָם הוּא שְׁמֶךָ, וְאֵין לָנוּ עוֹד אֱלֹהִים זוּלָתֶךָ סֶלָה:

עֶזְרַת אֲבוֹתֵינוּ, אַתָּה הוּא מֵעוֹלָם, מָגֵן וּמוֹשִׁיעַ לָהֶם, וְלִבְנֵיהֶם אַחֲרֵיהֶם, בְּכָל דּוֹר וָדוֹר. בְּרוּם עוֹלָם

## בית ישראל

קיום אויף אייביג: ודבריו אונ זיינע רייד (די עשרת הדברות וואס זיינען נכלל אין די פרשיות שמע והיה אם שמוע) לעבין אונ דויערין אימער, זיי זיינען ווארהאפטיג אונ גילוסטיג אויף אייביגע צייטען. על אויף אונזערע עלטערין אונ אויף אונז, אויף דיא גיבירד וואס ווערין נאך אונז זיין, אונ אויף די ג בירד פון גאנצען כלל ישראל דיינע קנעכט (דאס הייסט, דער למוד התורה אונ די תרי"ג מצות, וואס זיינען נכלל אין עשרת הדברות ווערין ניט אונטער גיין):

על אויף דיא ערשטע אונ אויף דיא לעצטע, איז דיא תורה גוט אונ באשטעטיגט צו אייביג. די תורה ומצות זיינען אמת אונ געוויס, דאס איז א חוק מיר זאלין זייא מקיים זיין אונ ניט איבער טרעטין, עס איז אמת דאס דו ביסט אונזער גאט אונ גאט פון אונזערע עלטערין. אונזער קיניג, דער קיניג פון אונזערע עלטערין. אונזער דער לייזער אונ דער לייזער פון אונזערע עלטערין. אונזער באשעפער אשטארקער פעלזין פון אונזער הילף, אונזער אויס לייזער אונ אונזער באשירמער, דיין נאמען איז פון אייביג, עס איז קיין גאט ניטא אויסער דיר:

עזרת דיא הילף פון אונזערע עלטערין ביסטו גאט פון אייביג אן. א באשיצער אונ א העלפער ביסטו צו זייערע קינדער וואס ווערין זיין נאך זייא

## מעשה אלפס

מָגֵן וּמוֹשִׁיעַ לִבְנֵיהֶם אַחֲרֵיהֶם • דער מדרש דערציילט, אז א שר פון רוים האט גיזאגט צום תנא ר' עקיבא, עס איז דאך א גרויסע העזה פון א שעפס, וואס זיא פיטערט זיך צווישען פרעמדע פעלקער • ענטפערט איהם ר' עקבא, די שעפס פיטערט זיך מיט דעם ראפט פון גרויסין הירט, וואס ער קען פאשען איין שעפס צווישין פיל פעלקער • אין דעם קירצען אנטווארט ליגט א טיפער גידאנקען, דער שר האט גימיינט צו ערצארנען ר' עקיבא'ן, מיט זיין פראגע, ווי האט דאס העזה א שעפס וואס דער פאסטוך האט איר אוועקגילאזין פון זיך, דאס הייסט ער האט איר ארויסגיטריבין פון דער פאשע אונ האט איר מפקיר גיוועזן פאר די וואלד חיות, נור אז די שעפס איז אריין צו די חיות האבין די חיות אויף איר רחמנות גיהאט, אונ האבען איר געלאזען זיין צווישען זיי, זיא זאל זיך ערנערין פון די איבעריגע פאשע וואס ווערט איבערבלייבין פון זיי, איז דאך געוויס גענאדע אונ בארמהערציגקייט פון די חיות, אם ענדע אין פערלויף פון דער צייט, האט זיך די שעפס גאר פארגעסען ניט וועלכען אופן זי איז אנגעקומען אין וואלד, אונ זי האט אנגיהויבין צו הויבין א קאפ, אונ פערלאנגען גרויסע זאכין, זי קריכט ארויף אויף די העכסטע ערטער אונ די בעסטע פאשע, גלייך ווי זי האט אויך א חלק אין די ערד אונ אין איהרע פאשע וואס זי גיט נור פאר די חיות, ביז זי איז ביי

זך



אין

מוֹשָׁבֶךָ, וּמִשְׁפָּטֶיךָ וְצִדְקָתְךָ, עַד אַפְסֵי אָרֶץ: אֱמֶת אַשְׁרֵי אִישׁ, שֶׁיִּשְׁמַע לְמִצְוֹתֶיךָ, וְתוֹרָתְךָ וּדְבָרְךָ, יָשִׂים עַל לִבּוֹ: אֱמֶת, אַתָּה הוּא, אָדוֹן לְעַמֶּךָ, וּמֶלֶךְ גִּבּוֹר, לָרִיב רִיבָם לְאָבוֹת וּבָנִים: אֱמֶת, אַתָּה הוּא רִאשׁוֹן, וְאַתָּה הוּא אַחֲרוֹן, וּמִבַּלְעָדֶיךָ אֵין לָנוּ מֶלֶךְ גּוֹאֵל וּמוֹשִׁיעַ. אֱמֶת מִמִּצְרַיִם גְּאַלְתָּנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ, וּמִבֵּית (מִבֵּית) עֲבָדִים פְּדִיתָנוּ. כָּל בְּכוֹרֵיהֶם הָרָגְתָּ, וּבְכוֹרְךָ יִשְׂרָאֵל גָּאָלְתָּ, וְיַם סוּף לָהֶם בָּקַעְתָּ, וְזֵדִים טִבַּעְתָּ, וִידִידִים הֶעֱבַרְתָּ (עָבְרוּ יָם), וַיְכַסּוּ

## מעשה אלפס

זיך גרויס גיוואָרין, אז זי שטופט שוין גאָר אוועק די חיות, וואס זיי האָבין איר אריינגעלאָזען צו זיך, איז דאָס נים אנגוואַלדיגע חֻצְפָּה? איז נים רעכט, אז מען זאל מאכין פון די שנאפס א תל? — די חיות האָבין א גרויסען טָעות — ענטפערט ר' עֲקִיבָא — דאָס וואס זיי רעכענען, אז די שנאפס איז היינט אליין אָן א פאסטוך איז דאָס גאָר „לא" מים א גרויסין א, דער אייגענער רועה וואס האָט איר פריער געפאשעט איינזאם אבגיזונדערט פון אלע חיות, דער פאסטוך שטעט איר עצט אויך. נור פריער איז ער געגאנגען לעבין איר און אלע האָבין געזעהן ווי ער פיטערט איר, און היינט פיטערט ער איר פון ווייטין ער שטייט פארשטעלט הינטער א וואנט (הִנֵּה זֶה עוֹמֵד אַחַר כָּתְלֵנוּ) און קוקט דורך א שפאלט אויף זיין שעפעלע (מֵצִיץ מִן הַחֲרַכִּים), ווארום זיין ליבשאפט צו איר איז יעצט די איינענע ווי אמאל, ער האָט איר נים אוועקגיוואָרפין, און דאָס וואס ער האָט איר א רעקילאזין פון זיין טייערע פאשע צו זיטערין זיך צווי שען די חיות? איז דאָס צוליב א גרויסין ציעל, דער פאסטוך וויל ווייזין זיין גרויסין קאָפּ, אז ער קען פון איין שעפעלע צווישין פיל גיפטיגע חיות, און ער זאל זיך פארשטעלען, די חיות זאלין מיינען, אז די שעפעלע איז הֶפְקֵר, זיי מעגין איר איינשטל נעמען און וועלין זיך פרובין טאָן מים איר וואס זייער הארץ גילוסט און דאָך וועלין זיי נים קענען, און וויס מער זיי וועלין איר יאָגין, זאל זי זיך מער פארברייטערן, (וְכַאֲשֶׁר יְעַנּוּ אוֹתוֹ כֵּן יִרְבֶּה וְכֵן יִפְרוֹץ) און וואס מער זיי וועלין זיך קליגען פארקלענערין איר נאָמען זאל איר נאָמען אלעם פערגרעסערט ווערין, (ספר אמונת ואמונה להרב ר' נח חיים שליט"א צד 37). דס איז די כונה „עֶזְרַת אֲבוֹתֵינוּ אַתָּה הוּא מֵעוֹלָם" אזוי ווי דו ביסט גיווען די הילף פון אונזערע עלטערין פון אייביג אָן, דו האָסט צושטערט דעם

## בית ישראל

אין אלע דור ות ברום תאטשע דיין זיצונג איז אין דער הייך איבער דער וועלט. ביסטו דאָך משגיח אויף דער וועלט און דיין משפט און דיין גירעכטיגקייט דערלאנגען ביז דיא עקין פון דער ערד: אשרי וואול דעם מענטשין דער דא הערט צוא דיינע מצות, און געמט אריין אין הארצן דיין תורה (שבכתב) און דיין ערקלערונג (דאס איז תורה שבעל פה: אמת עס איז אמת דאס דוא ביסט איין האר צו דיין פאלק, און ביסט א שטארקער קיניג צו קריגין פאר זיי זייער קריג, עס איז אמת דאס דו גאָט ביסט דער ערשטער און דער לעצטער און חוץ דיר האָבין מיר נים קיין קיניג דער דא אונז דערלייזט און העלפט: ממצרים אונזער גאָט דוא האָסט אונז פון מצרים ערלייזט און פון דעם הויז וואס מיר זיינען גיוועזן קנעכט האָסטו אונז בפרייט: כל אלע זייערע בכורים האָסטו דער שלאגין און דיא ישראל וואס דוא האָסט גירופין „בני בכורי ישראל" האָסטו ערלייזט, דעם ים סוף האָסטו גישפאלטין און די מצרים האָסטו פאר זונקען, דיא גיליבטע ישראל האָסטו דורך גיפיהרט דעם ים, און דיא וואסער האָבין באדעקט זייערע שונאים דאס איינער פון זייא איז נים איבער

מַיִם צָרֵיהֶם, אֶחָד מֵהֶם לֹא נוֹתָר. עַל זֹאת שִׁבְּחוּ אֲהוּבִים וְרוֹמְמוּ לָאֵל, וְנָתְנוּ יְדִידִים, זְמִירוֹת שִׁירוֹת וְתִשְׁבָּחוֹת, בְּרָכוֹת וְהוֹדָאוֹת לַמֶּלֶךְ אֵל חַי וְקַיָּם. רָם וְנִשָּׂא גָּדוֹל וְנוֹרָא, מַשְׁפִּיל גֵּאִים עֲדֵי אָרֶץ וּמַגְבִּיהַּ שְׁפָלִים עֲדֵי מָרוֹם, מוֹצִיא אֲסִירִים וּפוֹדֶה עֲנָוִים, וְעוֹזֵר דַּלִּים, (הָעוֹנֶה) וְעוֹנֶה לְעַמּוֹ יִשְׂרָאֵל בְּעֵת שַׁוְּעָם אֵלָיו: תְּהִלּוֹת לְאֵל עֶלְיוֹן גּוֹאֲלָם, בָּרוּךְ הוּא וּמְבֹרָךְ, מֹשֶׁה וּבְנֵי יִשְׂרָאֵל לְךָ עָנוּ שִׁירָה, בְּשִׂמְחָה רַבָּה וְאָמְרוּ כֻלָּם: מִי כָמֹכָה בָּאֵלִם יְיָ, מִי כָּמֹכָה נֶאְדָּר בַּקֹּדֶשׁ, נוֹרָא תְהִלֹּת, עֹשֵׂה פֶלֶא:

בית ישראל

גיבליבן; על דרויף האבין דיא גיליבטע ישראל דיר געריהמט אונ האבין דער הייכט גאט, אונ דייגע פריינד ישראל האבין גיגעבין לויב גיזאנג, גיזאנג אונ בארימונג, בענטשונג אונ דאנקונג צו דעם מלך וואס ער איז אלעבעדיגער אונ אשטאנדהאפטיגער גאט: רם ער איז הויך אונ דער הויבן, גרויס אונ פארכטיג, ער מאכט נידעריג די האפערדיגע אונ דער הייבט דיא נידעריגע, ער בעפרייט דיא גיפאנגענע אונ ערלייזט די אונטערדריקטע

מעשה אל'ם

פלאן פון די מצרים מיט זייער „הבה נתחכמה לו", לאמיר זיך קליגין ווי צו פארטיל גען די שפעטעלע, פרעה זוכט צו דערטרינקען דעם אידישען עלטזער אין טייך נילוס, אונ דער בורא זאגט, ניט אזוי דערטרינקען וועסטו אים ניט, דו וועסט נאך אליין צאלין פאר אים גוטע אם נעלט, אונ ווייסטען? טאקע זיין מוטער יוכבד'ן אליין. אונ אזוי ווי דו האסט פארשלאסען די מיילער פון די לייבין פאר דניאל'ן אין לייבין גרוב, אזוי ביסטו „מגן ומושיע לבניהם אחריהם בכל דור ודור" א שוטץ אונ א וואנד פאר דיא שעפעלע אין אלע צייט, ווען די וועלף שארפין אויף איר די ציינער ווערט נתקיים „שני רשעים שברת". דאס אלעס איז א לעבעדיגער בעווייז אז „אמת שאתה הוא אדון לעמך ומלך גבור לריב ריבם" *).

אונ ער העלפט דיא ארעמע, אונ ער ענטפערט צו זיין פאלק אין דער צייט ווען זיי שרייען צו אים מיט תפלה: תהלות דרום גיט לויב צום העכסטין גאט, גילויבט איז ער, יא וויא משה אונ די קינדער ישראל האבין מיט אהויך קול גיזונגען מיט גרויס

*) דוד המע"ה זאגט (אין דעם נאמען פון כלל ישראל) מיט דעם וואס „לא אחבר" איך פעל ניט, איך שוואכע שעפעלע לעב צווישען מיליאנען ווילדע וועלף, נאר ס'האט מיך באשיצט דער, וואס אזא משך יאהרין צווי שען חיות אונ זיי פארלענגערן מיר ניט איז א לעבעדיגער בעווייז אז „ה' רועי" אז גאט איז מיין פאסטוך ער פיטערט מיר. (עי' מעשה אלפס חלק ג' צד 47 בהערה), אונ דאס גיט מיר מוטה אז „גם כי אלך בגיא צלמות לא אירא רע", „שבטך" דיין רוטה „ומשענתך" אונ דיין גרוסער שטעקין המה ינחמוני זיי טרייסטען מיר. ער שטעלט פאר ביוה"ק, די צייטין וואס וועלין אריבער איבער אידין, ווי דער רועה פיהרט דורך די שעפסעלע אין א פינסטערען טאל, א זונקפייען ארט, אויף א שמאלע קלאדקע אונ הונגעריגע וועלף שטייען ארום, דער רועה האלט אין איין האנד א רוטע אונ אין די צווייטע האנד א גרויסין שטעקען, אז בעת די שעפעלע וויל אראפ פון קלאדקע חס ופי אין א גרעבעלע און דער רועה גיט איר א שמייס מיט'ן רוטע זי זאל ניט אראפ פון וועג אום זי זאל זיך ניט דערטרינקען אין זומפ, דערזעהען די וועלף, אז דער רועה צערינט זיך אויף איר אונ וועט לאזין איר פארצוקען, גיבען זיי זיך אלאז אויף איר איר איינצושלינגען, (לאמר אלהים עזבו רדפו ותפשוהו כי אין מציל), דאן נעמט דער רועה א פאך מיט'ן גרויסען שטעקען אויף די וועלף צופלען זיי, אז זיי ווייסין ניט וואו זיי קומען אהין. אונ דאס גיט מיר מוטה אונ האפענונג אויף די „גאולה העתידה" אז תערוך לפני שולחן כו' ושבתי בבית ה' לאורך ימים, אז אומגיזאמט וועט די שעפסעלע ארויס פון די חיות אויף איר איינענע פאשע.

שִׁירָה חֲדָשָׁה, שִׁבְּחוּ גְאוּלִים לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל עַל שְׂפַת הַיָּם, יַחַד כֻּלָּם הוֹדוּ וְהִמְלִיכוּ וְאָמְרוּ: יְיָ יִמְלֹךְ לְעֹלָם וָעֶד: צוּר יִשְׂרָאֵל, קוּמָה בְּעֶזְרַת יִשְׂרָאֵל, וּפְדֵה כִנְאֻמֶךָ יְהוּדָה וְיִשְׂרָאֵל וְנֶאֱמַר גֹּאֲלֵנוּ יְיָ צְבָאוֹת שְׁמוֹ, קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל.

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, גָּאַל יִשְׂרָאֵל:

למנחה כִּי שֵׁם יְיָ אֶקְרָא, הָבוּ גֹדֶל לֵאלֹהֵינוּ:

אֲדֹנָי, שְׂפָתַי תִּפְתָּח, וּפִי יַגִּיד תְּהִלָּתֶךָ:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, אֱלֹהֵי אַבְרָהָם, אֱלֹהֵי יִצְחָק, וֵאלֹהֵי יַעֲקֹב, הָאֵל

### מעשה אלפס

גאל ישראל. ר׳ יוחנן זאגט (ברכות ד׳) איזהו בן העוה״ב זה הסומך גאולה לתפלה. אז גלייך נאך „גאל ישראל׳ שטעלט ער זיך באלד „שמונה עשרה״ איז ער אבן עולם הבא, דעם גידאנקען פון דעם ערקלערט דער רבינו יונה (אין אלפס) ווייל דער תכלית פון גאולת מצרים איז געוועזן מיר זאלין זיין עבדי ה׳ (כי עבדי הם אשר הוצאתי אותם מארץ מצרים). אונ תפלה רופט זיך עבודה (ולעבדו בכל לבבכם זו תפלה), ווייל דאס איז די אמתע עבודה, תפלה פאדערט די אויסערליכע אברים מיט דיא אינערליכע, דאס איז די הארץ, ווייל תפלה אן כונה איז וויא א גוף אן א נשמה, היינט אז פריער דער ציילט ער אין עזרת אבותינו וויא דער בורא האט אונז אויסגעלייזט פון מצרים אונ שטעלט זיך גלייך שמונה עשרה, זיין איין עבד ה׳. ווייזט ער אז ער פארשטייט דעם תכלית פון יציאת מצרים אונ איז משלים דעם רצון הבורא, דאדורך איז ער אבן עוה״ב:

### בית ישראל

פרייד אונ האבין אלע גיזאגט מי גאט וועער איז דיר גלייך צווישין די מאכטיגע מלאכים וועער איז ווי דו באשיינט מיט היילינקייט, פארכטיג איז פר דיר צו זאגין לויב, דו וואונדער טהוער:

שירה איין נייע גיזאנג האבין דיא דער לייטע ישראל גילויבט צוא דיין נאמען, אויף דעם ברעג ים, אלע צוא זאמען האבין גידאנקט אונ גימכט קיניגין, אונ האבין גיזאגט, גאט וועט קיניגען אין דער אייביגקייט:

צור דער שטארקער גאט פון ישראל, שטיי אויף צו העלפען דאס פאלק ישראל אונ דער לייז יהודה אונ ישראל, אזוי וויא דוא האסט גיזאגט דורך דיינע נביאים: גואלנו אונזער דער לייזער, גאט פון אלע (הערשאפט) איז זיין נאמען, דער היילגער פון ישראל: ברוך גילויבט ביסטו גאט דער דא האט ערלייזט דיא ישראל:

כי ווען איך טוא גאטס נאמען אן רופין, גיט גרויסע עהרע צוא אונזער גאט:

אדני גאט טוא דאך עפענען מיינע ליפן, דס מיין מול זאל זאגן דיין לויב:

ברוך גילויבט ביסטו אונזער גאט אונ דר גאט פון אונזערע עלטערן, דער גאט פון אברהם, דער גאט פון יצחק, אונ דער גאט פון יעקב, דער גרויסער,

### בנין ציון

שפתי תפתח, דיין אפינע מויל איז גאר ניט צוא אויס האלטין (שרייט אפאטער צוא זיין צולאזענעם זון), דוא מאכסט חוב וועלטין מיט דיינע רכילות אונ לשון הרע, עס רייסט די אויערן הערענדיג דיינע מיאוסע רייד, עס עקילט הערענדיג דיינע שקרים, איך האב סע״ט ס׳

### שיבת ציון

ברוך אתה. קום, מיין פריינד, זאגט שמואל צו חייא בר רב (ברכות י״ב), איך וועל דיר איבער געבין אגוטע זאך וואס דיין פאטער (רב) האט גיזאגט, כשהוא כורע דיר שוין פיל מאל גישטראפט דער פאר אונ עס העלפט

# הַגָּדוֹל הַגִּבּוֹר וְהַנּוֹרָא, אֵל עֶלְיוֹן, גּוֹמֵל חֲסָדִים טוֹבִים, וְקוֹנֵה הַכֹּל, וְזוֹכֵר חַסְדֵי אָבוֹת, וּמֵבִיא גוֹאֵל לִבְנֵי בְנֵיהֶם לְמַעַן שְׁמוֹ בְּאַהֲבָה:

אום עֲשֶׂרֶת יְמֵי תְשׁוּבָה זָאגְט מֶען דָאס:

זָכְרֵנוּ לְחַיִּים. מֶלֶךְ, חָפֵץ בַּחַיִּים. וְכָתְבֵנוּ, בְּסֵפֶר הַחַיִּים. לְמַעַנְךָ, אֱלֹהִים חַיִּים:

# מֶלֶךְ עוֹזֵר וּמוֹשִׁיעַ וּמָגֵן: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, מָגֵן אַבְרָהָם:

## בית ישראל

מֶעכְטִיגֶער אוּנ פָארְכְטִינֶער גָאט, דֶער הֶעכְסְטֶער גָאט, דֶער דָא טוּט גוּטֶע חֲסָדִים, אוּנ אִיז דֶער בַּאשֶׁעפֶער פוּן אַלֶעס, אוּנ גִידֵיינְקְט דָאס פְרוּמְקַייט פוּן דִיא עֶלְטֶערִין אוּנ בְּרֵיינְגְט אַדֶערְלֵייזֶער צוּ זֵייעֶרֶע קִינְדֶס קִינְדֶער פוּן זַיין נָאמֶן וֶועגִין מִיט לִיבְּשַׁאפְט:

לעש"ית זָכְרֵנוּ, גִידֵיינְק אוּנְז צוּם לֶעבִּין, קֵינִיג וָואס דוּא בַּאגֶערְסְט מֶען זָאל לֶעבִּין, אוּנ שְׁרַייבּ אוּנְז אָן אִין דֶעם בּוּךְ צוּם לֶעבִּין, פוּן דַיינֶעט וֶועגִין לֶעבֶּעדִיגֶער גָאט:

מֶלֶךְ גָאט אִיז אַקִינִיג דֶער דָא אִיז אַדֶער לֵייזֶער אוּנ אַהֶעלְפֶער אוּנ אַבַּשִׁיצֶר:

גְלוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, בַּשִׁיצֶער פוּן אַבְרָהָם:

## בנין ציון

נִיט, אַלְזוֹא הָאבּ אִיךְ קֵיין אַנְדֶער מִיטֶל נוּר אָנְהַייבֶּען דִיר אַשְׁלֶעסִיל אוֹ פִין מוֹיל, דִיא צַייט פוּן לֶערְנֶען אוּנ דַאוְונֶען וֶועסְטוּ בֶּעטִין וֶועל אִיךְ דִיר אָבּ שְׁלִיסֶען אוּנ נַאכְהֶער וַוייטֶער צוּא שְׁלִיסֶען. דֶער קוּנְדֶעס הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַנָאךְ שְׁלֶעסֶעל אוּנ גִיעֶפִינְט דִי מוֹיל אוּנ אָנְגִימַאכְט פִיל טְרוֹיעֶרְקַייט מִיט זַיין צוּנְג. עֶס אִיז גִיקוּמֶען דִיא צַייט פוּן דַאוְונֶען הָאט עֶר אָנְגִימָאן צוּרִיק דֶעם שְׁלֶעסֶעלֶע אוּנ גִיקוּמֶען צוּם פָאסְטֶער נָאר וִויא עֶר קֶען קֵיין צְווֵייא נִיט צֵיילֶען אוּנ זָאגְט שְׁטִילְנְקֶערְהַיים, פָאטֶער, עֶפִין מַיין מוֹיל אִיךְ וִויל דַאוְונִין. שֵׁיינֶער הַכְּשִׁיט מַיינֶער עֶנְטְפֶערְט דֶער פָאטֶער, דוּ מֵיינְסְט אִיךְ וַויים נִיט פוּן נָאכְשְׁלִיסֶעל? אוּנ וָואס דוּא הָאסְט צוּקֶערְט וֶועלְטִין מִיט דַיין אוּמְפַארְשֶׁעמְטֶע מוֹיל? וִויא הָאסְטוּ דָאס נָאךְ אַזֶעלְכֶע פַארְשְׁטָאכֶענֶע אוֹיגֶען? דָאס גְלַייכֶען הָאט דֶער בּוֹרֵא גִימַאכְט דֶעם מֶענְשִׁין צְווֵייא שְׁלֶעסֶער צוּם צוּנְג, דִיא לִיפֶּען מִיט דִיא צֵיינֶער, עֶר זָאל הִיטִין דֶעם צוּנְג נִיט צוּ רֵיידִין קֵיין רְכִילוּת, לשה"ר, נִבּוּל פֶּה אוּנ שְׁקָרִים אוּנ דֶער מֶענְשׁ דַארְף זִיךְ לֶערְנֶען אוּנ גִיווֹהנֶען צוּ הַאלְטִין דֶעם

א ה

צוּנְג צְווִישֶׁען דִיא צֵיינֶער, וִויא דָוִד הַמֶּלֶךְ ע"ה זָאגְט „הַאוּמְנָם אֵלֶם", אַזוֹי וִויא אַיין אוּמְנוּת דַארְף מֶען זִיךְ לֶערְנֶען „קֵיין מַייסְטֶער ווערְט נִיט גִיבָּארִין" אַזוֹי דַארְף זִיךְ דֶער מֶענְשׁ לֶערְנֶען דִיא אוּמְנוּת פוּן שְׁווַייגִין, „צֶדֶק תְּדַבֵּרוּן" דַיין דַארְף מֶען נוּר דִבְרֵי צֶדֶק, תּוֹרָה, תְּפִלָּה, נֵייטִיגֶע זַאכִין פוּן גִישֶׁעפְט, גֶעבִּין דֶעם חָבֵר אַ גוּטֶע עֵצָה, דַאן וֶועלִין דִיא לִיפִּין זִיךְ רוּהִיגֶען „שַׁעֲרֵי צֶדֶק" אוּנ צוּם דַאוְונֶען וֶועט עֶר קֶענֶען זָאגִין „פִּתְחוּ לִי שַׁעֲרֵי צֶדֶק" עֶפִינְט זִיךְ, אִיר טוֹיעֶרִין פוּן צֶדֶק „אָבֹא בָם אוֹדֶה יָהּ" אִיךְ וֶועל קוּמֶען מִיט אַייךְ לוֹיבֶּען גָאט, אִיז וֶוען אַנְאנְצִין טָאג הַאלְט עֶר דִי מוֹיל, פַּאסְט צוּ זָאגִין ה' שְׂפָתַי תִּפְתָּח, אָבֶּער וֶוען אַנְאנְצִין טָאג הָאט עֶר אַנְאבְּשְׁלִיסֶל אוּנ עֶפִינְט דִיא מוֹיל אוֹיף אַלֶע נַארִישְׁקַייט אוּנ נַאכְהֶער צוּם דַאוִונֶען מַאכְט עֶר זִיךְ וִויא אַ תָּם וְיָשָׁר אוּנ זָאגְט ה' שְׂפָתַי תִּפְתָּח, אִיז דָאךְ דָאס נוּר צוּם לַאכִין, דֶער מֶענְשׁ וָואס הָאט נוּר עֶהרֶען גִיפִיהל דַארְף זִיךְ גֶעבֶּען אַיין גִידַאנְקֶען צוּא הִיטֶען דֶעם מוֹיל. וַאֲנִי הַכּוֹתֵב וַויים אַפְּרַאקְטִיקֶע פוּן אֵיינֶעם אַבַּר דַעַת וִויא עֶר הָאט גִיהֶערְט דֶעם גִידַאנְקֶען הָאט עֶר פִיל טֶעג נִיט גִיקָאנְט זָאגִין „ה' שְׂפָתַי תִּפְתָּח" בִּיז וַואנֶען עֶר הָאט זִיךְ צוּ גִיווֹאוּנְט צוּא הִיטֶען דֶעם מוֹיל וִויא וַויים מֶענְלִיךְ אִיז:

## שיבת ציון

כּוֹרֵעַ, כּוֹרֵעַ בְּבָרוּךְ, וּכְשֶׁהוּא זוֹקֵף, זוֹקֵף בַּשֵּׁם שֶׁנֶּאֱמַר ה' זוֹקֵף כְּפוּפִים, אִין דִיא צְוֵויא בְּרָכוֹת פוּן שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה וָואס מֶען דַארְף זִיךְ קְנִיעֶן אִין אָנְפַאנְג אוּנ אִין סוֹף (הַיינוּ אָנְהֵייבּ שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה בָּרוּךְ אַתָּה ה' אוּנ עֶנְדֶע בְּרָכָה, בָּרוּךְ אַתָּה ה' מָגֵן אַבְרָהָם. אוּנ אִין אָנְהֵייבּ „מוֹדִים" אוּנ צוּם סוֹף בָּרוּךְ אַתָּה ה' הַטּוֹב שִׁמְךָ וּלְךָ נָאֶה לְהוֹדוֹת) דַארְף מֶען זִיךְ קְנִיעֶן דָאס הֵייסְט אַיין בֵּייגִין דִיא קְנִיה בְּעֵת מֶען זָאגְט „בָּרוּךְ" אוּנ צוּ „אַתָּה" דַארְף מֶען מִיט אַיין מָאל אַיין בִּיטִין דִי קָאפּ, בִּיז וַואנֶען עֶס שְׁטַארְצִין אַרוֹיס דִיא קְנֶעפְּלַאךְ פוּן חוּט הַשִּׁדְרָה, אוּנ אֵיידֶער מֶען זָאגְט דֶעם „שֵׁם" דַארְף מֶען זִיךְ לַייגְנִין אוֹיף שְׁטֶעלִין. וַוייל עֶס שְׁטֵייט ה' זוֹקֵף כְּפוּפִים נָאר שְׁטֶעלְט אוֹיף דִיא גִיבּוֹיגֶענֶע.

# אַתָּה גִּבּוֹר לְעוֹלָם אֲדֹנָי, מְחַיֵּה מֵתִים אַתָּה, רַב לְהוֹשִׁיעַ:

אום זומער מוֹרִיד הַטָּל: אום ווינטער מַשִּׁיב הָרוּחַ, וּמוֹרִיד הַגֶּשֶׁם:

# מְכַלְכֵּל חַיִּים בְּחֶסֶד, מְחַיֵּה מֵתִים בְּרַחֲמִים רַבִּים, סוֹמֵךְ נוֹפְלִים, וְרוֹפֵא חוֹלִים, וּמַתִּיר אֲסוּרִים, וּמְקַיֵּם אֱמוּנָתוֹ לִישֵׁנֵי עָפָר. מִי

## מעשה אלפס

אתה גבור. די גבורה פון א בשר ודם באשטייט, אז ער קען זיך ראנגלען אונ שוואך מאכן דעם שטארקין.

ד. ה. ער קען טויטין לעבעדיגע, ניט לעבעדיג מאכן טויטע, אבער די גבורה פון השי"ת איז פארקערט, ער מאכט לעבעדיג טויטע אונ שפייזט די לעבעדיגע מיט זיין חסד, ער לעהנט אונטער ניט לענע, דאס דורך זייער שפל'ן מצב, זאלין זיי ניט פאלין צום אבגרונד. דרום איז קיינער ניט דיין גלייכען. מלך ממית, ווען אפילו דו ביזט ממית דעם מענשין, איז דאס אויך ניט קיין עוויגער טויט, דאס איז נור ווי איינער זייט אין דרערד, דאכט זיך פאר'ן אונ ווערט די זאמען כלה, עס ווערט צופוילט, אבער דער פוילן איז ניט קיין כליה, אין געגענטהייל, נאכ'ן פוילין הייבט ערסט אן צו שפראצין אונ פון דעם קערנדיל ווערט אגאנצער בוים מיט צווייגין אונ פרוכט אונ אין יעדער פרי איז דא פיל קערנער וואס פון יעדער קערנדיל קען ווידער ארויסקומען א בוים מיט צווייגין מיט פרוכט מיט קערנדליך אונ זא ווייטער אונ ווייטער, איז פון די פארפולטע קערנדיל שפראצט א גאנצע הילף, מחיה צו זיין פיל בעשעפענס. דאס זעלבע איז מיט'ן שטארבין

## בית ישראל

אַתָּה דו גאט ביסט מעכטיג אויף אייביג, דו בעלעבסט די טויטע אונ ביסט זייער גרויס צו העלפען: (ווינטער) משיב ער מאכט וויהען דעם ווינט אונ גיט רעגין:

מכלכל ער שפייזט דיא לעבעדיגע מיט חסד, ער מאכט לעבעדיג דיא טויטע מיט גרויס ערבארימקייט (אז תחיית המתים וועט זיין), ער לעהנט אונטער דיא דא פאלען, אונ היילט דיא קראנקע, ער מאכט לויז דיא געפאנגענע, אונ אויך וועט ער מקיים זיין, זיין הבטחה צוא דיא טויטע וואס זייא שלאפין אין דער ערד:

מי ווער איז דיר גלייך דוא קיניג דער דא

## שיבת ציון

דעם גידאנקען פון דעם דין קען מען פארשטיין מיט דיא רייד פון תנא (אבות פ"ה) ער רעכינט אין דיא צעהען נסים וואס פלעגין זיין שטענדיג אין בית המקדש „עומדים צפופים ומשתחוים רוחים". דס איז מרמז אז די הייליגקייט פון אמונה האט אין איבערנאטירליכען קראפט, ווען דער מענש שטייט אין א שלעכטע לאגע, די צרות האבען איהם אויפגידריקט זיין הארץ, אז ער קען דעם אטהעם ניט אבצהען, איז ווען ער איז א מאמין, אז עס איז אלעס פון דעם בורא יחיד, וואס אין זיין האנד איז דער לעבין אונ דער גליק פון מענשין אונ ער בוקט זיך צום בורא ב"ה אין זיין הייליגע הויז אונ גיסט אויס זיין הארץ פאר איהם, ווערט איהם גלייך פריי, עס גייט איהם ארויס דיא שטיינער פון הארצין אונ קריגט א נייעם מוטה (האב איך מוטה, איז אלעס גוט. אונ אונזער קעניג דוד ע"ה וואס ער איז אויסגעשטאנען פיל סכנות אונ איז דאך געבליבין אויפ'ן פלאץ זאגט ער פון פראקטיקע „מן המצר קראתי

סע"ם ס'

יה" ווען אין מיין איינגשאפט האב איך גירופין צו גאט, ווייל איך האב מאמין גיוועזן אז אלעס איז פון איהם „ענני במרחב יה" האט ער מיר גלייך גיענטפערט מיט פערברייטערונג, איך האב גיקריגין מוטה אונ עס איז מיר פריי גיווארין אין אלע מיינע וועגין.— דאס איז דער רמז פון דעם דין, ווען דער מענש שטעלט זיך מתפלל זיין אונ קניהט זיך צום בורא יחיד, דארף ער זיין פעסט אין דער אמונה אז „ה' זוקף כפופים", אז דער בורא וועט איהם אויפהייבען פון אלע צנגסטין וואס ביינין איין דעם מענשין, אונ דארף זיך פאסען, מוטה דאווענען מיט שמחה ווי רבנו הקדוש זאגט אין מדרש ,כשאתה מתפלל יהא לבך שמח עליך שאתה מתפלל לפני אלוה שאין כמותו". ווען דו שטעלסט זיך דאווענען אונ ביסט זיך מתבונן אז דו בעטסט ביי אזא גאט וואס קיין אומה ולשון האט נים, וועט דיין הארץ ווערין פול מיט שמחה אונ יראת הכבוד.

# כָּמוֹךָ בַּעַל גְּבוּרוֹת, וּמִי דּוֹמֶה לָּךְ, מֶלֶךְ, מֵמִית וּמְחַיֶּה וּמַצְמִיחַ יְשׁוּעָה:

אום עֲשֶׂרֶת יְמֵי תְשׁוּבָה זָאגט מֶען דָאס:

מִי כָמוֹךָ, אַב הָרַחֲמִים. זוֹכֵר יְצוּרָיו לְחַיִּים, בְּרַחֲמִים:

# וְנֶאֱמָן אַתָּה, לְהַחֲיוֹת מֵתִים: בָּרוּךְ, אַתָּה יְיָ, מְחַיֵּה הַמֵּתִים:

אִין חֲזָרַת הש״ץ זָאגְט מֶען דיא קְדוּשָּׁה:

נְקַדֵּשְׁךָ וְנַעֲרִיצְךָ כְּנֹעַם שִׂיחַ סוֹד שַׂרְפֵי קֹדֶשׁ הַמְשַׁלְּשִׁים לְךָ קְדֻשָּׁה כַּכָּתוּב עַל יַד נְבִיאֶךָ וְקָרָא זֶה אֶל זֶה וְאָמַר: קו״ה קָדוֹשׁ קָדוֹשׁ קָדוֹשׁ יְיָ צְבָאוֹת, מְלֹא כָל הָאָרֶץ כְּבוֹדוֹ: חזן לְעֻמָּתָם מְשַׁבְּחִים וְאוֹמְרִים: קו״ה בָּרוּךְ כְּבוֹד יְיָ, מִמְּקוֹמוֹ: חזן וּבְדִבְרֵי קָדְשְׁךָ, כָּתוּב לֵאמֹר: קו״ה יִמְלֹךְ יְיָ לְעוֹלָם, אֱלֹהַיִךְ צִיּוֹן, לְדֹר וָדֹר, הַלְלוּיָהּ:

## בית ישראל

מַאכְט טוֹיט אוּנ לֶעבֶּעדִיג (דֶען צַייטִין וַוייס קוּמְט אוֹיף אַמֶענְטְשֶׁען אַטוֹיטְלִיכֶע קְרַיינְק אוּנ גָאט הֵיילְט אִים אוּנ אִיז אִים מְחַיֶּה, דָאס אִיז פָּשׁוּט פוּן טוֹיט לֶעבֶּעדִיג גִימַאכְט) אוּנ מַאכְט אוֹיף שְׁפְּרָאצִין הִילְף:

לעשי״ת מִי וֶוער אִיז דַיין גְלַייכֶען דוּא עֶר־בַּארִימִיגֶער פָּאטֶער, עֶר גֶעדֵיינְקְט זַיינֶע גֶעשַׁאפֶענֶע צוּם לֶעבִּן מִיט דֶר בַּארִימְקַייט:

וְנֶאֱמָן אוּנ דוּ בִּיסְט בַּאגְלוֹיבְּט דִי אַלֶע טוֹיטֶע לֶעבֶּעדִיג צוּ מַאכִין: ברוך גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט וָוס בֶּלֶעבְּט דִי טוֹיטֶע:

נַקְדִּישְׁךָ מִיר וֶועלִין הֵיילִיגֶען דַיין נָאמֶען אוּ דֶר וֶועלְט, וִוי מֶען הֵיילִיגְט אִים אִין דִיא הוֹיכֶע הִימְלֶען, וְויא עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִּין דוּרְךְ דַיין נָבִיא, עֶס רוּפְט אֵיין מַלְאַךְ צוּם אַנְדֶערֶען אוּנ זָאגְט: קדוש הֵיילִיג, הֵיילִיג, הֵיילִיג אִיז גָאט צְבָאוֹת עֶס אִיז פוּל דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט מִיט זַיין

## מעשה אלפם

שְׁטַארְבִּין פוּן מֶענְשִׁין, דַאכְט זִיךְ דוּ בִּיסְט אִים מֵמִית, אָבֶּער דָאס אִיז נִיט קֵיין עֶווִיגֶער טוֹיט, וַוייל בְּעֵת דִי גְלִיקְלִיכֶע צַייט פוּן תְּחִיַּת המתים וֶועט קוּמֶען, וֶועט עֶר צוּרִיק לֶעבֶּעדִיג וֶוערֶען, (וֶוען אוֹיךְ עֶס אִיז שׁוֹין קֵיין זֵכֶר נִיטָא פוּן זַיינֶע בֵּיינֶער, הַיינוּ עֶר אִיז פַארְבְּרֶענְט גִיוָוארֶען, אִיז דָאס אוֹיךְ נִיט קֵיין כְּלָיָה, דָס אִיז מֶער נִיט וִוי אַ לִיכְט בְּרֶענְט אוֹיס, דֶער פַייעֶר טֵיילְט נוּר פוּנַאנְדֶער דִי יְסוֹדוֹת אוּן עֶס גֵייט פוּנַאנְדֶער אִין אַוִיר. אָבֶּער דֶר בּוֹרֵא וֵוייס יֶעדֶער בְּרֶעקְעלֶע פוּן מֶענְשִׁין וְואוּ דָאס אִיז אַהִין גִיקוּמֶען, אוּנ צוּ תְּחִיַּת הַמֵּתִים וֶועט עֶר צוּזַאמֶען נֶעמֶען אַלֶע בְּרֶעקְעלַאךְ אוּנ וֶועט צוּרִיק אוֹיפְשְׁטֶעלִין דֶעם זֶעלְבֶּען מֶענְשִׁין, (אָה, יֶוער קֶען אוֹיסְדֶערְצֵיילִין דַיינֶע וואוּנְדֶער!), וֶועט דָאס זַיין וִוי אֵיינֶער הָאט זִיךְ גִילֵייגְט שְׁלָאפִין אוּנ נַאכְהֶער שְׁטֵייט עֶר אוֹיף, דֶערְמָאנְט עֶר זִיךְ אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גִיטָאן אוּנ גִיטְרַאכְט נֶעכְטִין, דָאס גְלַייכִין וועט דֶער מֶענְשׁ גִידֵיינְקֶען אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גִיטָאן בְּעֵת עֶר הָאט דַאן גִילֶעבְּט, אוּן דוּרְךְ זַיין לעבּעדִיג וֶוערִין וֶועט אוֹיסְשְׁפְּרָאצִין אַ גַאנְצֶע הִילְף, וַוייל דַאן וֶועט זַיין דֶער לֶעבִּין אוֹיף אֵיין אַנְדֶער אַרְט, אַ הֵיילִיגֶער לֶעבִּין, וָואס קֵיין טוֹיט וֶועט נַאכְהֶער זַיין, דָאס אִיז דֶער גִידַאנְקֶען „מֶלֶךְ מֵמִית וּמְחַיֶּה וּמַצְמִיחַ יְשׁוּעָה״. אוּן הֲגַם עֶס אִיז אַוֶועק טוֹיזֶענְדֶער יָאהְרִין אוּנ תְּחִיַּת הַמֵּתִים אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען אָבֶּער „וְנֶאֱמָן אַתָּה לְהַחֲיוֹת מֵתִים״, וִוי בַּאלְד דוּ הָאסְט גִישְׁרִיבִּין דוּרְךְ מֹשֶׁה רַבֵּנוּ אִין דֶער תּוֹרָה „אֲנִי אָמִית וַאֲחַיֶּה״ אִיךְ טֵייט אוּנ וֶועל לֶעבֶּדִיג מַאכִין, אוּנ אוֹיךְ הָאסְט פַארְשְׁפְּרָאכִין דוּרְךְ יְחֶזְקֵאל הַנָּבִיא אַז דוּ וֶועסְט עֶפֶענֶען דִי קְבָרִים, אוּנ אוֹיפְבְּרֵיינְגֶען זֵיי צוּם לֶעבִּין, בִּיסְטוּ בַּאגְלוֹיבְּט מְקַיֵּים צוּ זַיין דַיין הַבְטָחָה. אִין פִּרְקֵי ר״א שְׁטֵייט, בְּעֵת יִצְחָק אִיז גֶעלֶעגִין גִיבּוּנְדִין אוֹיפִ׳ן מִזְבֵּחַ, אוּנ אַבְרָהָם הָאט גִינוּמֶען דֶעם חַלְף, אִיז פָּרְחָה נִשְׁמָתוֹ שֶׁל יִצְחָק, נָאכְהֶער אַז דֶער בּוֹרֵא הָאט אִים מְחַיֶּה גִיוֶועזִין, אוּנ עֶר הָאט אַזוֹי זִיךְ אַלֵיין גִיזֶעהֶען תְּחִיַּת הַמֵּתִים, הָאט עֶר זִיךְ מִתְבּוֹנֵן גִיוֶועזִין, אַז אַזוֹי וֶועט דֶער בּוֹרֵא לֶעתִיד מְחַיֶּה זַיין אַלֶע טוֹיטֶע, הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁטֶעלְט אוּנ גִיזָאגְט דִי בְּרָכָה „בא״י מְחַיֵּה הַמֵּתִים״.



לדור

חזן לדור ודור נגיד גדלך, ולנצח נצחים קדשתך נקדיש, ושבחך אלהינו מפינו לא ימוש לעולם ועד, כי אל מלך גדול וקדוש אתה: ברוך אתה יי, האל הקדוש (בעשי"ת המלך הקדוש):

# אתה קדוש ושמך קדוש, וקדושים בכל יום יהללוך סלה: כי אל מלך גדול וקדוש אתה: ברוך אתה יי, האל (בעשי"ת המלך) הקדוש:

# אתה חונן לאדם דעת, ומלמד לאנוש בינה:

אום שבתות צוא נאכט זאגט מען דא אתה חוננתנו:

**אתה חוננתנו**, למדע תורתך. ותלמדנו, לעשות בהם חקי רצונך, ותבדל יי אלהינו בין קדש לחול, בין אור לחשך. בין ישראל לעמים, בין יום השביעי לששת ימי המעשה. אבינו מלכנו, החל עלינו הימים הבאים לקראתנו, לשלום, חשוכים מכל חטא, ומנקים מכל עון, ומדבקים ביראתך:

בית ישראל

כבוד: לעומתם דיא מלאכים וואס זייא שטייען אנטקעגין טוען לויבין אונ זאגין: ברוך גילויבט איז דער כבוד פון גאט פון זיין ערהאבענעם ארט: ובדברי אונ אין דיא הייליגע רייד פון דוד המלך ע"ה שטייט גישריבין: ימלוך גאט וועט קעניגען עוויג. דיין גאט ציון, וועט רעגירען צו עוויגע צייטן, לויבט גאט: (חזן) לדור פון איין דור צום אנדערן וועלן מיר דערציילן דיין גרויסקייט, אונ צו אייביגע צייטן וועלן מיר פערהייליגן דיין הייליגקייט, אונ דיין לויב אונזער גאט זאל ניט ווערין אפ גיטאן פון אונזער מויל אין דער אייביגקייט, דען דוא ביסט איין הויך געשעצטער אונ אהייליגער גאט: ברוך גילויבט ביסטו הייליגער גאט: אתה קדוש דוא ביסט הייליג, אונ דיין נאמען איז הייליג, אונ די הייליגע ישראל לויבין דיך טעגליך אלע טאג: ברוך גילויבט ביסטו הייליגער גאט:

אתה חונן דו בעגנאדיגסט דעם מענטשין מיט וויסענשאפט, אונ לערינסט דעם שטערבליכען מענשן פאר שטאנד:

(למוצאי שבת)
אתה דוא האסט אונז בעשיינקט דיא מתנה צו פערשטיין דיין תורה אונ דוא האסט אונז גילערינט צוא טאן דיא גיזעץ דיינער ווילען, אונ דוא האסט אפ גישיידט אונזער גאט צווישין הייליג אונ אום הייליג, צווישן ליכט אונ פינצטערניש, צווישין ישראל אונ אנדערע פעלקער, צווישין דעם זיבעטין טאג (שבת) דאס מען טאר קיין מלאכה ניט טאן, צווישען דיא זעקס וואך טעג דאס מען מעג אין זייא אמלאכה טאן, אונזער פאטער, אונזער קיניג, מאך אן פאנגען אויף אונז דיא טעג דיא דא קומען צו קעגין אונז צוא פריד, פאר מיטין פון אלעריא פעלערין אונ גירייניגט פון אלע מוטוויליגע זינד אונ באהעפט אין דיין פארכט:

ו) חָנֵּנוּ מֵאִתְּךָ דֵּעָה בִּינָה וְהַשְׂכֵּל (חָכְמָה בִּינָה וָדָעַת): בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ חוֹנֵן הַדָּעַת:

הֲשִׁיבֵנוּ אָבִינוּ לְתוֹרָתֶךָ, וְקָרְבֵנוּ מַלְכֵּנוּ לַעֲבוֹדָתֶךָ, וְהַחֲזִירֵנוּ בִּתְשׁוּבָה שְׁלֵמָה לְפָנֶיךָ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, הָרוֹצֶה בִּתְשׁוּבָה:

## בית ישראל

ו) חננו (אונ) בעשיינק אונז פון דיר מיט ווימענשאפט · פארשטאנד, אונ קלוגהייט: ברוך גילויבט ביסטו גאט דער דא בעשיינקט מיט וויסענשאפט:

השיבנו אונזער פאטער פיהר אונז צוריק צו דיין תורה, אונ טוא אונז גנעהענען אונזער קיניג צו דיין געטליכען דינסט, דאס מיר זאלין דיך קענען באמת דינען, אונ טוא אונז אום קערין צוא דיר מיט אן ערכטע אין אמת'ה תשובה: ברוך גילויבט ביסטו גאט דער עס פערלאנגט דיא תשובה:

## מעשה אלפס

השיבנו אבינו לתורתך · א גרויסער קעניג האט אמאל געמאכט א רייזע אין זיין אימפעריע, פארנדיג דורך א דארף, האט א פאסטוכיל אים גיווארפין א שטיין אין קארעטע. איז צוגילאפין א קאזאק אונ גיוואלט אים גלייך שיסין, האט דער קייזער א וואונק גיטאן מען זאל אים גאר ניט טאן, נור מיטנעמען, מען איז טים אים דורכגיפארין פיל גרויסע שטעט ער האט א בליק גיטאן אויף וואס פאר א גרויסע לאנד דער קייזער רעגירט אונ וויפיל מיליאנען מענשין, מיליאנערין אונ גרויסע חכמים דינען אים מיט גרויס יראת הכבוד, האט דר סאוועסט אים אנגיהויבען צו פלאגין, שטייט, ווען האט ער דא מבזה גיווען? ווייל פריער אז ער האט נים אנגיזעהען קיין וועלט נור דעם דארף מיט די שטעטעלע וואס דערביי, האט זיין קליין קעפעלע נים פערשטאנען וואס א קייזר איז · אין א קורצע צייט ארום האט דער קייזר גימאכט א וועלט לוסטרייזע, אין אז גלענדישע מדינות, האט ער ני תייסין דעם פאסטוכיל אויך מיטנעמען, דער פאסטוכיל האט א בליק גיטאן אז אין פרעמדע מדינות נים מען דעם קייזער אויך גרויס כבוד, האט אים דער סאוועסט גינומען נאך מער פלאגין, ביז ער האט זיך יאמערליך פונאנדער גיוויינט, אה, ווען איז מיר! וועמען האב איך דא אזוי אביזאיעט אזא גרויסען קעניג, וואס די גאנצע וועלט שעצט אים אזוי · מען איז גיקומען צו הויז האט דער קייזר גיהייסין אים אריינגעבין אין א שול לערנען, ער



## בנין ציון

וקרבנו מלכנו לעבודתך · נאך דעם כלל, אז תפלה איז במקום קרבן אונ ווען א רשע ברייננט א קרבן איז „זבח רשעים תועבה", הייסט ווי אזוי קען מען זיך שטעלין דאווענען אייזער מען איז מהרהר בתשובה? אונ דאס גלייכען, ווי קען מען אנהייבען לערנען תורה איידער מען טוט תשובה „ולרשע אמר אלהים, מה לך לספר חוקי"? אויף דעם ענטפערט דער נביא (הושע י"ב) „שובה ישראל עד ה' אלהיך", דו ישראל, טוה פריער תשובה לפחות מצד „יראת העונש" ווייל גאט וועט זייער שטראפין פאר שלעכטע מעשים אונ דבורים אסורים „כי" ווייל „כשלת בעונך" דורך די זינד ביסטו אראפגיקראכין פון גלייכען וועג אונ פארקראכין אין א זומפ, הגם תשובה מיראה קען נאך נים פירין צום אמת'ן תכלית, דאס איז דאך נור מורא פאר די רוטה, נים פאר גאט, זאל דערוויייל זיין עד ה' ולא עד בכלל, נאכהער אז דו האסט זיך שוין עפעס אקער גיטאן צו מיר אונ ביסט ארויס מכלל רשע, יעצט לערין איך דיר „קחו עמכם דברים" גייט מיט זייער רייד תורה ותפלה ושובו אל ה'" וועט איר קומען צו די מדרגה פון תשובה מאהבה, דאס איז דער גידאנקען „השיבנו אבינו לתורתך ולעבודתך" דאן וועלין מיר קומען צו א



## שיבת ציון

הרוצה בתשובה · לעבין קייזערליכע קיך, ביי די שטיינין פון די עופות, איז אמאל אריינגיפלויגען א רויב פייגיל, וואס שטיקט עופות, האבין זיך די עופות שטארק דערשראקין · האט דער דאקטאר גיזאגט מען זאל דיא עופות נים ביצין צום קייזערליכען טיש, ווייל זיי האבין גיהאט טויט שרעק, האט דער קוכער גינעפינט דעם שטיינ אונ ארויסגעלאזין אלע עופות אויפ'ן גאס, גיוואהנליך האבין זיך גיפונען פיל בעלנים אויף זיי, דר האט גיהאפט א גוטע הון דער א גוטע אינדיצקע, דער קייזער איז נראד גישפאצירען אויפ'ן באלקאן האט ער אנגיהייבין שרייען, קינדערלאך גינעמט גיט! איר וועט זיך פרסמען מיט זיי

# סְלַח לָנוּ אָבִינוּ כִּי חָטָאנוּ. מְחַל לָנוּ מַלְכֵּנוּ כִּי פָשָׁעְנוּ. כִּי מוֹחֵל וְסוֹלֵחַ (כִּי אֵל טוֹב וְסַלָּח) אָתָּה: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, חַנּוּן, הַמַּרְבֶּה לִסְלוֹחַ:

## מעשה אלפס

האט אויסגילערנט דעם קלאס, האט מען אים אריינגינומען אין א העכערע קלאס, אין יעדער שול גיפינט ער אלע פער פאסונגען פון קייזר, ווייל דער קייזר אליין וואר א גרויסער קינגער אונ פערפאסט ביכער אין אלע חכמות, האט אים דער קאוועסט אזוי ווייט גינומען פלאגין, אז ער האט זיך ניגעבין מען זאל אים שיקען אויפ'ן מיטן מארק, פאר זיין גרויסן פערברעך, ווארפין א שטיין אין קייזערס קאמיטע. דער קייזר האט דאס אלעס גיוואוסט האט ער אים גיהייסן אריינגעבין אין אונ ווערזישטעם, אין יעדער פאקולטעט האט ער אלע גיפונגען דעם קייזערס ערפינדונגען, סיי אין מעדיצין, סיי אין טעכניק. דיא וואונדערליכע מאשינע וואס דער קייזר האט אליין גיפונדען אונ אליין ניסטרויעט. קורץ דערפון וואס ווייטער ער האט גילערנט האט ער אלץ מער דערקענט דעם קייזערס חכמה אונ גרויסהייט, אז די וועלט האט ניט אזא חכם אונ אזא מוב ומטב, האט אים דער קאוועסט גינומען אזוי ווייט גרייכען, אז ער האט ניט גיקאנט עסין ניט שלאפין ביז ער האט גיפועלט מען זאל אים צולאזין צום קייזר, פאלין אים צו די פיס אונ אויסוויינען זיין ביטער הארץ אויף זיין גרויסן פערברעך קעגין אים. — דס גלייכין איז מיט'ן בעל עבירה, אין אנפאנג איידער ער לערנט תורה פארשטייט ער גאר ניט קעגין וועמען ער האט דא פערזינדיגט, קען ער גאר ניט קומען צו קיין תשובה שלמה. ווייל ער ווייס נאר ניט די גדלות הבורא, אזוי ווי דער דארף פאסטגל האט קיין בעגריף גיהאט אין דעם מלך אדיר וחכם, אונ דער מקטרג וואס איז בעשאפין פון די עבירה, וויל אים גלייך אומברייננגען, נור דער בורא ב"ה לא יחפוץ במות המת, לאזט אים ניט צו פילבט ווערט ער זין געקען אין גאנצן וועג צו תורה, ווי ער הייבט אבער אן צו לערנען תורה זעט ער ערשט אז דער בורא איז דער גרויסער איינציגער וואס האט גישטיפט אזא וואונדערליכע וועלט פאלאץ, אזא גרויסין ים מיט אזוי פיל וואונדערליכע בריאים, ער לערנט ווייטער, ער זעט אז הונדרט די וועלט וואס מיר זעהען איז נאך דא וואס העכער, די זון אליין איז באלד צוויי מיליאן גרויס ווי די גאנצע וועלט, אונ ווי וואונדערליך זיא איז, זי גיט ליכט היץ אונ וואריעמקייט, אונ דאס איז אלעס גאטעס ערפינדונג, אונ אבער די זון איז נאך דא הונדערטער פלאנעטן וואס די זון אנקעגין זיי איז גאר גיט, נור מחמת זייער הויכקייט זעהען זיי אויס קליין, אונ דאס איז נאך אלעס גאר ניט קעגין די אויבערשטע וועלטין, עולם המלאכים, עולם הכסא, אונ אלע די נעמען אים באצילות ובריאה, אונ וואס מער ער איז זיך מעמיק אין חכמת התורה נשמה ווערט פאר אים ענדעקט רזי תורה, דערקענט ער אלעס מער חכמת הבורא ית"ש אז ער ווערט אנג קליידט מיט ענוה ויראה אונ דער קאוועסט הייבט אים אן מער צו פלאגין אויף זיין פערברעך קעגין דעם בורא ב"ה ביז ער גיסט אויס זיין הארץ אין תפלה צום בורא יחיד, דאן קומט ער צו א תשובה שלמה, תשובה מאהבת המקום ב"ה.

## בית ישראל

**סלח** פאר גיב אונז אונזער פאטער דען מיר האבין גיזינדיגט, זייא אונז **מוחל** אונזער קעניג דען מיר האבין זיך פערשולדיגט, דען א פערצייהער אונ א פארגעבער ביסטו: ברוך גילויבט ביסטו גאט, גינעדיגער דער דא מערט צו פר געבין:

## שיבת ציון

אדוני המלך, רופט זיך אב דעם קייזער'ס דאקטאר, לאז זיי נעמען, דאס איז אונמעגליך נור פאר אזא איידעלען מאנין ווי דו, אבער ניט פאר איינפאכע מענשין, הלואי זאלין זיי האבין (אזעלכע טייערע עופות) אויף יום טוב. דאס גלייכען ווען אויך דער מלך אדיר ממלכי רבנן ר' שמעון בן יוחאי שרייבט אדויס תשובה מיראה פון זיין פאלאץ, ער שרייבט אין זוה"ק, אז תשובה מיראה איז א נימיינע זאך, זי פאסט נור פאר נשים ועמי הארץ, אבער א רעכטער בר דעת דארף טאן תשובה נור מצד יראת הרוממות „בגין דאיהו רב ושליט, עיקרא ושרשא דכל עלמין", זאגין אונזערע גייסטליכע פראפעסארין (די מסדרי התפלות) אז תשובה מיראה איז נימיין נור פאר אזא אדעלן גיפיל ווי ר' שמעון בן יוחאי, אבער ביי אונז איינפאכע מענשין איז דער בורא ב"ה „רוצה בתשובה"

## בנין ציון

תשובה שלמה, צו תשובה מאהבה. אונ אזוי ווי תשובה מאהבת המקום מאכט פון די זדונות זכיות „אמרו ז"ל" זאגט צו דעם בורא „כל תשא עון" אין גאנצין זאלסטו מוחל זיין די זינד, עס זאל קיין שום פלעק ניט בלייבין, אפילו א שטיגג אויך ניט, אין ועגינגטהייל „ורח" אונ נעם אים אן „טוב" פאר א נוטין טהאט (שע"י תשובה מאהבה נעשה הזדונות זכיות), ווייל דורך דעם פלעגר זיינען מיר גיקומען צו ידיעת הבורא, ווי מיר שרייבען (אין מעשה אלפס) די היסטאריע פון דארף פאסטוך.

# רְאֵה (נָא) בְעָנְיֵנוּ וְרִיבָה רִיבֵנוּ, (וּגְאָלֵנוּ גְאֻלָּה שְׁלֵמָה מְהֵרָה) לְמַעַן שְׁמֶךָ כִּי (אֵל) גּוֹאֵל חָזָק אָתָּה: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, גּוֹאֵל יִשְׂרָאֵל:

אין תַּעֲנִית צִבּוּר זָאגְט דָא דֶער חַזָן עֲנֵנוּ בִּיז בְּעֵת צָרָה, מֶען גִיפִינְט עֶס אִין שְׁמַע קוֹלֵנוּ:

# רְפָאֵנוּ יְיָ וְנֵרָפֵא, הוֹשִׁיעֵנוּ וְנִוָּשֵׁעָה כִּי תְהִלָּתֵנוּ אָתָּה. וְהַעֲלֵה (אֲרוּכָה וּמַרְפֵּא לְכָל

## בית ישראל

רְאֵה זֶעה דָאךְ אִין אוּנְזֶער פַּיין אוּנ נֶעם זִיךְ אָן אוּנְזֶער קְרִיג אוּנ דֶער לֵייז אוּנְז בַּאלְד פוּן דַיין נָאמֶען וֶועגִין, דֶען דוּא בִּיסְט אַשְׁטַארְקֶער דֶער לֵייזֶער: ברוך גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, עֶרְלֵייזֶר פוּן יִשְׂרָאֵל:

רְפָאֵנוּ הֵייל אוּנְז דָאךְ גָאט, אַזוֹי וֶועלִין מִיר גְהֵיילְט זַיין, הֶעלְף אוּנְז אַזוֹי וֶועלִין מִיר גִיהָאלְפֶען זַיין, דֶען דוּא בִּיסְט אוּנְזֶר רִיהמוּנְג, אוּנ בְּרֵיינְג אַרְפוּאָה שְׁלֵמָה צוּ אַלֶע וואוּנְדֶען, דֶען אַמֶעכְטִיגֶער קֶענִיג, אַגִיטְרַייֶער אוּנ אַבַּארִימְהֶערְצִיגֶער

## מעשה אלפים

גּוֹאֵל יִשְׂרָאֵל, דִי אַנְשֵׁי כְּנֶסֶת הַגְדוֹלָה הָאבִּין נִיט גִישְׁטֶעלְט דֶעם נוּסַח „גָאַל" וָוא ער הָאט אַמָאל אוּיסגִלֵייזְט אוּנ נִיט „גְאָלָנוּ" אַז ער וֶועט אוּיךְ לֵייזִין לֶעָתִיד נוּר „גּוֹאֵל" בִּלְשׁוֹן הוֹוֶה, אַז שְׁטֶענְדִיג לֵייזְט ער אוּיס אִידִין, ווייל בֶּאֱמֶת ווייסֶען מִיר נִיט וָואס אוּנְטֶערִין פְלֵייצֶע טוּט זִיךְ, „בְּכָל יוֹם וָיוֹם עוֹמְדִים עָלֵינוּ לְכַלּוֹתֵינוּ" טָאג טֶעגְלִיךְ זָאגִין אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים „הָבָה נִתְחַכְּמָה לוֹ" זוּכִין עֵצוֹת ווִי אוּיס צוּ בְּרֵיינְגֶען דֶעם אִידִין, נוּר הַשֵׁי"ת מֵפִיר עֲצָתָם, ער צוּא שְׁטֶערְט זֵייעֶרֶע פְּלֶענֶער, אִיז אַלֶע טָאג אַגְאוּלָה לְשָׁעָה, בִּיז וואַנֶען עֶס וֶועט קוּמֶען דִיא גְלִיקְלִיכֶע צֵייט וָואס ער וֶועט אוּנְז אוּיס לֵייזִין „גְּאוּלַת עוֹלָם":

## שיבת ציון

וָועלְכֶע עֶס אִיז, אַפִילוּ תְּשׁוּבָה מִירְאַת הָעוֹנֶשׁ אִיז אוּיךְ גוּט, אַז מִיר זָאלִין פֶעסְט גְלוֹיבִּין, אַז פַאר יֶעדֶער מַעֲשֶׂה רַע, פַאר יֶעדֶר שְׁלֶעכְטִין דִבּוּר וֶועט דֶער בּוֹרֵא ב"ה שְׁטְרָאפִין שׁוֹין אָדֶער שְׁפֶּעטֶער אוּנ צוּלִיב דֶעם טוּעֶן מִיר תְּשׁוּבָה, ד. ה. חֲרָטָה אוּיף דִי פְרִיעֶרְדִיגֶע נַארִישְׁקֵייט אוּנ אַ פֶעסְטִין בֶּעשְׁלוּס אַז ווייטֶער וֶועלִין מִיר דָאס נִיט טָאן, אִיז אוּיךְ גוּט. אוּנ הַלְוַאי זָאלִין מִיר דָאס הָאבִּין אוּיף דִי יוֹם טוֹבִ'דִיגֶע טֵ"ג פוּן תְּשׁוּבָה, דָאס אִיז ר"ה וְיוֹם כִּפּוּר, מִיר דַארְפִין בֶּעטִין „הֲשִׁיבֵנוּ אָבִינוּ לְתוֹרָתֶךָ" כְּדֵי מִיר זָאלִין קוּמֶען צוּ תְּשׁוּבָה שְׁלֵמָה (אַפָאלְקָאמֶע תְּשׁוּבָה), דָס אִיז תְּשׁוּבָה מֵאַהֲבָה, אָבֶּער כָּל זְמַן מִיר הָאבֶּען נָאךְ נִיט מַשִׂיג גִיוֶוען תְּשׁוּבָה מֵאַהֲבָה, טָארִין מִיר זִיךְ נִיט עֶנְטְזָאגְן פוּן תְּשׁוּבָה מִיִּרְאָה אוּיךְ:

## נחמת ציון

רְפָאֵנוּ ה' וְנֵרָפֵא, וִויא זָאל אִיךְ גֵיין צוּא אַייעֶר חוֹלֶה (זָאגְט דֶער פְרָאפֶעסָאר), אַז אִיר רוּפְט מִיר נוּר אַלֶעם בַּאבְּסֶקְע רְפוּאָה, בְּעֵת אַייעֶרֶע דָאקְטוֹירִים הָאבִּין אִים אָב גִיזָאגְט אוּנ אִיר הָאט אָנְגִיהֵייבִּין צוּ טָאן בַּאבְּסֶקְע זַאכִין, אִיז אַלְס בַּאבְּסֶקִי רְפוּאָה רוּפְט אִיר מִיר אוּיךְ, אִיר פַארְגֶעסְט זִיךְ אַז אַלֶע אַייעֶרֶע דָקְטוֹירִים אוּנ אַפְּטֵייקֶערְס זֵיינֶען מֵיינֶע אוּנְצֶעניקֶעס פוּן לַאנְג אָן אוּנ יֶעצְט אוּיךְ, אַז אִיךְ עֶרְקְלֶער זֵיי וָואס דִיא קְרַאנְקְהֵייט אִיז ווייסִין זֵייא וָואס צוּ טָאן, אוֹיב נִיט, טַאפִּין זֵייא ווִיא דִיא בְּלִינְדֶע אוּנ פִירֶען מֶער אִיבֶּער אֵיידֶער זֵייא פַארִיכְטֶען. גְלֵייךְ ווִיא דֶער חוֹלֶה הָאט זִיךְ גִילֵייגְט אִין בֶּעט, הָאט אִיר מִיר גִיזָאלְט רוּפִין, אוּנ אַז אִיךְ וָואלְט גִילֶערְנְט אַייעֶרֶע דָאקְטוֹירִים אוּנ אַפְּטֵייקֶערְס ווִיא צוּ בֶּעהַאנְדְלִין אַייעֶר חוֹלֶה, וָואלְט ער גֶעווִיס גִיזוּנְד גִיוָוארִין. יָא הֶער פְרָאפֶעסָאר אִיר זַייט פָאלְקָאם גִירֶעכְט, דָאס נוּסַח אִיז אַשְׁוַואכְקֵייט פוּן אוּנְזֶער זַייט, מִיר זַיינֶען קְרַאנְק אוּיפֶען מוֹחַ, גִיט אוּנְז אַ רְפוּאָה צוּ דֶעם אוּיךְ. דָאס אִיז דֶער גִידַאנְקֶען פוּן דִי בְּרָכָה, דִיא חֲכָמִים הָאבִּין בַּאטְרַאכְט אוּנְזֶער שְׁלֶעכְטִין פִיהְרוּנְג אַז גְלֵייךְ קֶערְט מֶען זִיךְ צוּא דָאקְטוֹירִים, אוּנ וועלְכֶער דָאקְטֶער עֶס גִיט טֵייעֶרֶע מִידִיצִין, טֵייעֶרֶע פִילִין דֶעם הַאלְט מֶען פַאר מֶער מוּמְחֶה, הֲגַם עֶס אִיז גָאר אַ גְרוֹיסֶער אַבְּמַאן, דִיא גָאלְד פַּאסוּנְג פוּן דִי פִילִין אִיז נוּר אַרְפוּאָה פַאר'ן אַפְּטֵייקֶער, נִיט פַאר'ן חוֹלֶה. אוּנ בְּעֵת דִיא דָאקְטוֹירִים עֶנְטְזָאגִין זִיךְ, דַאן פַאלְט מֶען אַרַיין אִין אָרוֹן קוֹדֶשׁ מִיט בְּכִיּוֹת וִילָלוֹת, זָאגְט דֶער בּוֹרֵא „אֲנִי רִאשׁוֹן" אִיךְ דַארְף זַיין בַּיי אַייךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער פְרָאפֶעסָאר, צוּם סוֹף אִיז נָאר „וַאֲנִי אַחֲרוֹן" בִּין אִיךְ בַּייא אַייךְ דֶער לֶעצְטֶער. דְרוּם הָאבִּין זֵיי אוּנְז מְתַקֵן גִיוֶוען דִי תְּפִלָּה רְפָאֵנוּ ה', פְרִיעֶר דַארְפִין מִיר זִיךְ קֶערִין צוּ גָאט ער זָאל אוּנְז הֵיילִין, בֶּעטִין רַחֲמִים, גֶעבִּין צְדָקָה וּפִדְיוֹן נֶפֶשׁ דַאן

תַּחֲלוּאֵינוּ וּלְכָל מַכְאוֹבֵינוּ וּלְכָל מַכּוֹתֵינוּ) רְפוּאָה שְׁלֵמָה לְכָל מַכּוֹתֵינוּ. כִּי אֵל מֶלֶךְ רוֹפֵא נֶאֱמָן וְרַחֲמָן אָתָּה: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, רוֹפֵא חוֹלֵי עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל:

בָּרֵךְ עָלֵינוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ, אֶת הַשָּׁנָה הַזֹּאת, וְאֶת כָּל מִינֵי תְבוּאָתָהּ לְטוֹבָה, וְתֵן בקיץ בְּרָכָה (בחורף טַל וּמָטָר לִבְרָכָה), עַל פְּנֵי הָאֲדָמָה, וְשַׂבְּעֵנוּ מִטּוּבָהּ, וּבָרֵךְ שְׁנָתֵנוּ כַּשָּׁנִים הַטּוֹבוֹת (לִבְרָכָה) (כִּי אֵל טוֹב וּמֵטִיב אַתָּה וּמְבָרֵךְ הַשָּׁנִים): בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, מְבָרֵךְ הַשָּׁנִים:

## מעשה אלפס

בָּרֵךְ עָלֵינוּ לְטוֹבָה, דִיא גְרוֹיסֶע בְּרָכָה וָואס דִיא עֶרְד וָועט אוּנְז גֶעבִּין זָאל זַיין „לְטוֹבָה", מִיר זָאלִין זַיין גִיזוּנְד אוּנ שְׁטַארְק אוּנ רוּהִיג צוּ לֶערְנֶען פְלַייסִיג דַיין קְלוּגֶע תּוֹרָה אוּנ טָאן מִצְוֹת וּמַעֲשִׂים טוֹבִים, צוּ גְרֵייכֶען דֶעם צִיעל צוּ וָואס מִיר זַיינֶען בֶּעשַׁאפִין גִיוָוארִין, נִיט וִויא עֶס פַּאסִירְט פִיל מָאל, אַז דִיא פִיל גוּטֶעס וָואס דִי עֶרְד אִיז מַשְׁפִּיעַ, אִיז נָאר אַסִבָּה מֶען זָאל חָלִילָה פַאר־לָאזִין דִיא תּוֹרָה וּמִצְוֹת אוּנ זִיךְ אַריין לָ זִין אִין תַּעֲנוּגִים אוּנ הַבְלֵי הַזְּמַן, וָואס דוּרְךְ דֶעם זַיינֶען מִיר גִיקוּמֶען צוּ אַלֶע אוּנְגְלִיקֶען (וישמן ישורון ויבעט, ויטוש אלוה עשהו) דְרוּם בֶּעטִין מִיר נָאךְ אַמָאל „וּבָרֵךְ שְׁנָתֵנוּ כַּשָּׁנִים הַטּוֹבוֹת" בֶּענְשׁ דִיזֶען יָאר וִויא דִי בֶּעסְטֶע יָאהְרִין, אַזוֹי וִוי דוּא הָאסְט גִיבֶּענְשְׁט אוּנְזֶער פָאטֶע־ יִצְחָק וִוען עֶר הָאט גִיזֵייט אִין הוּנְגֶער יָאהר הָאט דִיא עֶרְד אַרוֹיס גִיגֶעבִּן תְּבוּאָה הוּנְדֶערְט מָאל אַזוֹי פִיל וִויא מֶען הָאט גִירֶעכִנְט, אוּנ דוּרְךְ דֶעם אִיז גִיוֶוען אַגְרוֹיסֶער קִדּוּשׁ הַשֵּׁם, דֶער קֶענִיג פוּן פְּלִשְׁתִּים מִיט זַיין סְווִיטֶע זַיינֶען גִיגַאנְגֶען צוּא אִים שְׁלִיסִין שָׁלוֹם. אוּנ הָאבִּין אִים דַייטְלִיךְ גִיזָאגְט (ראה ראינו כי היה ה' עמך) מִיר הָאבִּין שַׁיינְבַּאר גִיזֶעהן, אַז גָאטֶעס הַשְׁגָּחָה שַׁיינְט אוֹיף דִיר, אַזוֹי אוֹיךְ דִיא שֶׁפַע פַּרְנָסָה וָואס דוּא וֶועסְט אוּנְז גֶעבִּין דֶם יָאהר, זָאל אוּנְז פִירֶען אִין גוּטֶען וֶועג, אוּם עֶס זָאל דַיין גְרוֹיסֶער נָאמֶען פֶערְהֵיילִיגְט וֶוערִין דוּרְךְ אוּנְז:

## בית ישראל

רוֹפֵא, בִּיסְטוּ אַלֵיין: ברוך גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, דֶער דָא הֵיילְט דִיא קְרַאנְקֶע פוּן זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל:

בָּרֵךְ בֶּעגְלִיק אוֹיף אוּנְז אוּנְזֶער גָאט דִיזֶען יָאר אוּנ אַלֶע אִירֶע תְּבוּאוֹת צוּם בֶּעסְטִין. ותן אוּנ גִיב בֶּענְטְשׁוּנְג (אום ווינטער, טל ומטר טַוִיא אוּנ רֶעגִין צוּ אַיין בֶּענְטְשׁוּנְג) אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנ זֶעטִיג אוּנְז פוּן דַיין גוּטְס, אוּנ בֶּענְטְשׁ אוּנְזֶער יָאר אַזוֹי וִויא דִיא גוּטֶע יָארִין: ברוך גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, דֶער דָא בֶּענְטְשְׁט דִיא יָארִין:

תקע

## נחמת ציון

„וְנֵרָפֵא" וֶועלִין מִיר גִיהֵיילְט וֶוערִין דוּרְךְ זַיינֶע שְׁלוּחִים דִי דָאקְטוֹרִים, הוֹשִׁיעֵנוּ הֶעלְף דוּ אוּנְז פְרִיעֶר דַאן וְנֵרָפֵא וֶועלִין מִיר גִיהֶאלְפִין וֶוערִין פוּן דִיא מֶידִיצִין. וְהַעֲלֵה רְפוּאָה שְׁלֵמָה, אוּנ שִׁיק אַפָאלְקָאמֶע רְפוּאָה לְכָל מַכּוֹתֵינוּ, צוּ אַלֶע אוּנְזֶערֶע ווּאוּנְדִין, אִין דֶעם אִיז נִכְלָל דִיא ווּאוּנְד פוּן יֵצֶר הָרָע אוֹיךְ (כמ"ש חז"ל קדושין ל' ב' משל לאדם שהכה את בנו מכה גדולה), וָואס עֶר הָאט אוּנְז צוּגִיטֶעלְט דֶעם מוֹחַ, צוּ פַארְגֶעסִין אָן גָאט, אַז מִיר וועלִין נוּר גִיהֵיילְט וֶוערִין פוּן זַיין יוּ נוּר דוּרְךְ דֶעם סַם חַיִּים פוּן דֶער תּוֹרָה (כמ"ש חז"ל ושמתם את דברי אלה על לבבכם, סם תם נמשלה תורה לסם חיים) דַאן וֶועט אַלֶעס גוּט זַיין:

סע"ט ס'

# תְּקַע בְּשׁוֹפָר גָּדוֹל לְחֵרוּתֵנוּ, וְשָׂא נֵס לְקַבֵּץ גָּלֻיּוֹתֵינוּ, וְקַבְּצֵנוּ יַחַד (מְהֵרָה) מֵאַרְבַּע כַּנְפוֹת הָאָרֶץ לְאַרְצֵנוּ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ מְקַבֵּץ נִדְחֵי עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל:

# הָשִׁיבָה שׁוֹפְטֵינוּ, כְּבָרִאשׁוֹנָה, וְיוֹעֲצֵינוּ כְּבַתְּחִלָּה, וְהָסֵר מִמֶּנּוּ, יָגוֹן וַאֲנָחָה, וּמְלוֹךְ עָלֵינוּ מְהֵרָה, אַתָּה יְיָ לְבַדְּךָ, בְּחֶסֶד

## בית ישראל

תְּקַע בְּלָאז אִין דֶעם גְרוֹיסֶן שׁוֹפָר צוּא אוּנְזֶער פְרַייהַייט, אוּנ הֵייבּ אוֹיף אַיין פָאן, צוּם צֵייכֶען אַיין צוּ זַאמְלֶען אוּנְזֶערֶע פַארטְרִיבֶּענֶע, אוּנ זַאמִיל אוּנְז אַיין צוּא זַאמֶען פוּן דִיא פִיר עֶקֶין פוּן דֶער עֶרְד: ברוך גילויבט בִּיסְטוּ גָאט, דֶער פֶערְזַאמִילְט דִיא פַאר שְׁטוֹיסֶענֶע פוּן זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל:

הָשִׁיבָה טוּא אוּם קֶערִין אוּנְזֶערֶע רִיכְטֶר (סנהדרין) קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אַזוֹ וִויא אַמָאל, אוּנ אוּנְזֶערֶע רַאטְה גֶעבֶּער אַזוֹי וִויא פְרִיעֶרִיגֶע צַייטֶין, אוּנ טוּא אָפּ פוּן אוּנְז טְרוֹיעֶרְקַייט אוּנ זִיפְצֶען, אוּנ טוּא קִינִיגֶען אַלֵיין אִיבֶּער אוּנְז דוּא גָאט מִיט גִינָאד אוּנ דֶער בַּארִימְהַקַייט, אוּנ מַאךְ אוּנְז גִירֶעכְט בַּא דֶעם מִשְׁפָּט: ברוך גילויבט בִּיסְטוּ גָאט, דֶער קִינִיג דֶער דָא הָאט לִיבּ צְדָקָה אוּנ מִשְׁפָּט:

## מעשה אלפס

וְיוֹעֲצֵנוּ כְּבַתְּחִלָּה, וֶועלְכֶען שְׁטְרָאף דַארְף מֶען גֶעבִּין דֶעם אוּנְוִויסֶענְדִין מֶענְשִׁין, וָואס פָאלְגְט נִיט אַזָא גוּטִין יוֹעֵץ? אַגְרוֹיסֶען פְרָאפֶעסָאר, וָואס קֶען אִים פוּן גִיבּוֹרִין טָאג אָן. אוּנ נִיט אִים עֵצוֹת וִויא צוּ פִירֶען אַרֵיינֶעם לֶעבִּין, אַהֵיילִיגֶען לֶעבִּין, אוּם עֶר זָאל אִימֶער גִיזוּנְד אוּנ שְׁטַארְק זַיין, אוּנ זַיין גַייסְטִיגֶע קְרַאפְט זָאל שְׁטַייגֶען אוֹיף צוּא טָאן עֶרְהַאבֶּענֶס אִין זַיין לֶעבִּין? פְרֶעגְט אַגוּטֶער תַּלְמִיד זַיין רֶבִּין. — דִי שְׁטְרַאפֶע בַּאקוּמְט עֶר פוּן זִיךְ אַלֵיין (עֶנְטְפֶערְט דֶער רֶבִּי), וִויא דִיא חָכְמָה הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט „חַטָּאִים תְּרַדֵּף רָעָה" דֶער שְׁלֶעכְטֶער פִיהרוּנְג אַלֵיין בַּאשְׁטְרָאפְט דִי רְשָׁעִים, מִיט טְרוֹיעֶרְקַייט אוּנ פַארְדְרוּס, וִויא בַּאלְד דוּרךְ זַיינֶע תַּאֲוֹת פַארְלִירְט עֶר דִיא בֶּעהֶערְשׁוּנְג אִיבֶּער זִיךְ, וַוייס עֶר שׁוֹין קֵיין מָאס נִיט אִין קֵיין זַאךְ. אוּנ עֶר אִיז שׁוֹין נִיט אִימְשְׁטַאנְד זִיךְ אַיינְצוּהַאלְטִין פוּן שְׁלֶעכְטֶעס טָאן אִין אַלֶעס וָואס קוּמְט אִים פָאר, אוּנ דָאס אִיז גִיוֶועֶן דִי עֵצָה פוּן בִּלְעָם הָרָשָׁע אַרֵיין צוּ צִיהֶען דִיא אִידִישֶׁע יוּנְגֶע לַייט אִין שְׁאַנְדְלִיכֶע מַעֲשִׂים דָא אִיז אוֹיס זַייעֶר גַאנְצֶע גַייסְטִיגֶע קְרַאפְט אוּנ זַייעֶרֶע פֶיהִיגְקַייטִין, ווייל תַּאֲוָה אִיז דֶער שְׁטַארְקְסְטֶער פוּן דִי דְרַיי פֶערְד, ווֶעלְכֶע פִירֶען אַרוֹיס דֶעם מֶענְשִׁין פוּן דֶער וֶועלְט (הקנאה והתאוה והכבוד מוציאין את האדם מן העולם) אוּנ עֶר קוּמְט דוּרךְ דֶעם צוּא גְרוֹיס פְרוֹיעֶרְקַייט אוּנ אַ פִינְצְטֶערִין לֶעבִּין, דְרוּם בֶּעטִין מִיר קֶער אִים אוּנְזֶערֶע יוֹעֲצִים (רַאטְה גֶעבֶּער) וִויא אִין דִי פְרִיעֶרִיגֶע צַייטֶען, דָאס זַיינֶען דִי גְרוֹיסֶע חֲכָמִים וָואס הָאבִּין אוּנְז גִילֶערְנְט דִיא עֵצוֹת פוּן השי"ת (וָואס עֶר קֶען דֶעם מֶענְשִׁין פוּן זַיין גִיבּוֹרִין) וִויא צוּא פִירִין אַרֵיינֶעם אַהֵיילִיגֶען לֶעבִּין צוּ שְׁטַארְקֶען דֶעם חוֹמֶר אוּנ דֶעם רוּחַ צוּ זַיין פְרוּם צוּ גָאט אוּנ גוּט צוּ לַייטִין אוּנ אִיבֶּערְלָאזִין אַשֵׁם טוֹב אוֹיף עֶווִיג. אוּנ אוּנְזֶערֶע שׁוֹפְטִים (דָאס אִיז דִיא סַנְהֶדְרִין) וָואס הָאבִּין גִירִיכְטֶעט יֶעדֶערִין, וָואס הָאט אָב גִיטְרָאטִין פוּן דִיא גוּטֶע עֵצָה פוּן דֶער תּוֹרָה אוּנ אָבּ גִיבְּלִיבֶּען פוּן דִיא וֶועג פוּן לֶעבִּין אִין דַרְכֵי מָוֶת, הָאט מֶען אִים גִישְׁטְרָאפְט סַייא מִיט גוּטֶע רֵייד אוּנ סַייא מִיט לֵייבּ שְׁטְרָאף (וִויא מַלְקוֹת. וּכְדוֹמֶה) בִּיז וַואנֶען עֶר הָאט גִיבְּרָאכִין דִיא וִוילְדֶע תַּאֲוָה אוּנ אִיז גִיקוּמֶען צוּם רֵיינֶעם גִיפִיהל אוּנ אַרוֹיף מִיט זַיין גוּטִין ווִילֶען אוֹיף דִי לִיכְטִיגֶע וֶועג פוּן לֶעבִּין, אוּנ אַז מִיר וֶועלִין הָאבִּין דִי שׁוֹפְטִים מִיט דִיא יוֹעֲצִים וֶועט אָבּ גִיטָאן וֶוערִין פוּן אוּנְז אַלֶע טְרוֹיעֶרְקַייט אוּנ פֶערְדְרוּס (ששון ושמחה ישיגו ונס יגון ואנחה):

וּבְרַחֲמִים. וְצַדְּקֵנוּ בְּצֶדֶק וּבְמִשְׁפָּט: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, מֶלֶךְ אוֹהֵב צְדָקָה וּמִשְׁפָּט: (בעשי"ת הַמֶּלֶךְ הַמִּשְׁפָּט:)

וְלַמַּלְשִׁינִים אַל תְּהִי תִקְוָה, וְכָל הָרִשְׁעָה כְּרֶגַע תֹּאבֵד. וְכָל אֹיְבֵי עַמְּךָ מְהֵרָה יִכָּרֵתוּ, וְהַזֵּדִים מְהֵרָה תְעַקֵּר וּתְשַׁבֵּר וּתְמַגֵּר וּתְכַלֵּם וְתַשְׁפִּילֵם וְתַכְנִיעֵם בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, שׁוֹבֵר אֹיְבִים וּמַכְנִיעַ זֵדִים:

עַל הַצַּדִּיקִים וְעַל הַחֲסִידִים, וְעַל זִקְנֵי (שְׁאֵרִית) עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל, וְעַל פְּלֵיטַת (בֵּית) סוֹפְרֵיהֶם, וְעַל גֵּרֵי הַצֶּדֶק, וְעָלֵינוּ, יֶהֱמוּ נָא רַחֲמֶיךָ, יְיָ אֱלֹהֵינוּ.

## מעשה אלפס

אוהב צדקה ומשפט. מ'דערציילט אויף גרויסע צדיקים בעלי צדקה (ואחד מהם היה רבנו חיים מוולאזין), בעת זיי פלעגין זעהען איין עני בן טובים האט ניט אויף שבת, פלעגין זיי אם געבין אזויקטראגין א קליינינקיים ווי א בריף אדער א קליין פעקעלע דארטין אונ דארטין, אונ פלעגין דאפיר גוט באצאלין, כדי יענער זאל האבין אויף שבת. אונ באמת האבין זיי דאס נאר ניט גידארפט, נאר כדי דער אביון זאל ניט פארשעמט ווערין נעמען צדקה האבין זיי דאס לפנים גימאכט, אז ער פארדינט פאר די שליחות, דאס רופט זיך „צדקה ומשפט", באמת איז דאס „צדקה", נאר פאר'ן אויג איז דאס „משפט" וואס יענער פארדינט מיט רעכט פאר זיין טרחה. דאס איז די מדה פון השי"ת, אום די נשמה זאל ניט געניסין אויף'ן עולם העליון גינאדע־שפייז (נהמא דכסופא), האט ער באש פון א וועלט אונ אראפגילאזין די נשמה אהער אונ גינעבין איר ארבעט „תורה ומצות" אונ פאר איר סטארען זיך מקיים זיין דעם רצון הבורא, האט ער איר בעשטימט א שכר טוב, דאס איז באמת „צדקה" („אם תצדק מה תתן לו?") אבער פאר'ן אויג זעט דער שכר אויס ווי „משפט" די נשמה האט פארדינט מיט רעכט, ווייל זי האט גיהארעוועט צו טאן דעם רצון הבורא, אונ אזוי האט זיך גיפירט אברהם אבינו, ווי דער בורא זאגט אויף איס עדות „כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט". אונ אזוי דארפין מיר, זיינע איינקלאך, אויך טאן, בעת מיר גיבין צדקה, דארף מען זעהען, אז דער ארימאן זאל ניט פארשעמט ווערין, נור זאבין מ'פלעגן, עס זאל איס אנקומען בדרך כבוד, ער זאל רעכענען אז ער האט דאס פארדינט:

## בית ישראל

ולמלשינים אונ צו דיא מוסרים (בשקר) זאל קיין האפנונג זיין, אונ אל דאס שלעכטס זאל אויגענבליקליך פארלארען ווערען אונ אלע דיינע פיינד זאלין באלד פאר שניטין ווערען, אונ די מוטווילינע זאלסטו גיך אויס רייסען אונ אויס ברעכען אונ זאלסט זייא אונטער טעניג מאכען באלד אין אונזערע טעג: בריך גלויבט ביסטו גאט, דער וואס ברעכט דיא פיינד אונ מאכט אונטער טעניג דיא מוטוויליגע:

על אבער איבער דיא צדיקים אונ אויף דיא אלטע פון דיין פאלק ישראל'ס הויז אונ אויף דיא איבער בלייבונג פון זייערע תלמידי חכמים אונ איבער דיא גרים וואס שטרעמען נאך גירעכטיגקייט אונ אויף אונז זאלין ברומען דיין בארימהערציגקייט אונזער גאט, אונ גיב גוטען

וְתֵן שָׂכָר טוֹב לְכָל הַבּוֹטְחִים בְּשִׁמְךָ בֶּאֱמֶת וְשִׂים חֶלְקֵנוּ עִמָּהֶם וּלְעוֹלָם. לֹא נֵבוֹשׁ כִּי בְךָ בָּטָחְנוּ׃ (וְעַל חַסְדְּךָ הַגָּדוֹל בֶּאֱמֶת נִשְׁעָנְנוּ)׃ בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ. מִשְׁעָן וּמִבְטָח לַצַּדִּיקִים׃

וְלִירוּשָׁלַיִם עִירְךָ בְּרַחֲמִים תָּשׁוּב. וְתִשְׁכּוֹן בְּתוֹכָהּ כַּאֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ. וּבְנֵה

## בית ישראל

שְׂכַר צוּ אַלֶע וָואס פַאר זִיכֶערִין זִיךְ אָן דַיין נָאמֶען מִיט אֱמֶת, אוּנ גִיבּ אוּנְזֶער חֵלֶק מִיט זֵייא אוֹיף אֵייבִּיג, דָאס מִיר זָאלִין נִיט פַאר שֶׁעמְט וֶוערֶען, וָואס מִיר פַאר זִיכֶערִין זִיךְ אִין דִיר׃ ברוך גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, אַיין אוּנְטֶער לֶעהנוּנְג אוּנ אַהָאפֶענוּנְג בִּיסְטוּ צוּ דִיא צַדִּיקִים׃

וְלִירוּשָׁלַיִם אוּנ צוּ דַיין שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם זָאלְסְטוּ זִיךְ אוּם קֶערִין מִיט בַּארִימְהֶערְצִיגְקֵייט אוּנ זָאלְסְט רוּעֶן אִין אִיר אַזוֹיא וְויא דוּא הָאסְט גִירֶעט, אוּנ בּוֹיא זִיא בַּאלְד אִין אוּנְזֶערֶע טֶעג פַאר אַגִיבַּייְדֶע פוּן עֶווִיג דוֹיעֶרִין, אוּנ דֶעם שְׁטוּל

## מעשה אלפס

הַבּוֹטְחִים בְּשִׁמְךָ בֶּאֱמֶת. וֶוען עֶס קוּמְט אַ גְרוֹיסֶער צָרָה, גִיוָואהְנְלִיךְ לָאזְט מֶען צוּ אִים נִיט אַרַיין אַבִּי וֶועמֶען. נוּר בְּעֵת עֶס קוּמְט אַ אִישׁ נִכְבָּד אוּנ מֶען עֶפִינְט פַאר אִים דִי טִירִין, דַאן שְׁפַארִין זִיךְ אַרַיין נָאךְ אֵיינִיגֶע, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶערִין צוּ זֶעהֶען דֶעם שַׂר. דָאס גְלַייכִין בְּעֵת דוּ עֲנִינִסְט אוֹיף דִי שַׁעֲרֵי שָׁמַיִם וּפַרְנָסָה צוּ עֶנְטְפֶערִין דִי אֱמֶת'עֶ בַּעֲלֵי בִּטָּחוֹן (וָואס פַארְטְרוֹיעֶן זִיךְ אוֹיף דִיר רִיכְטִיג) זָאלְסְטוּ אוּנְז אוֹיךְ נִיט פַארְשֶׁעמֶען אוּנ צוּלָאזִין, וַוייל מִיר זַיינֶען אוֹיךְ גֶערִין צוּ צוּקוּמֶען צוּ דִי הוֹיכֶע מַדְרֵגָה פוּן „אֱמֶת'ן בִּטָּחוֹן“ הַנֵּס יְעֶצְט אִיז אוּנְזֶער בִּטָּחוֹן גָאר שְׁוַואךְ, וָוארוּם דֶער אֱמֶת'ר בַּעַל בִּטָּחוֹן, ווִי עֶס קוּמְט עֶרֶב שַׁבָּת פַאר נַאכְט נָאךְ אַרעכְטֶע צַייט פַאר דִי שְׁקִיעָה וַוארְפְט עֶר שׁוֹין אַוֶועק אַלֶע גִישֶׁעפְטִין אוּנ גְרֵייט זִיךְ צוּ מְקַבֵּל זַיין דֶעם טַייעֶרִין גַאסְט „שַׁבָּת הַמַּלְכָּה“ אוּנ אַ גַאנְץ שַׁבָּת הָאט עֶר נִיט אִין זִינֶען קֵיינֶע גִישֶׁעפְטִין נוּר תּוֹרָה וְיִרְאַת שָׁמַיִם. אוּנ אוֹיךְ אַ גַאנְצֶע וָואךְ זֶעט עֶר וָואס וֶוייניגֶער עוֹסֵק זַיין אִין צָרְכֵי הַזְּמַן, עֶר תַּעֲשֶׂה'ת נוּר אַ קְלֵיינֶע

צַייט אִין טָאג, בִּכְדֵי עֶס זָאל קֶענֶען חָל זַיין דִי בְּרָכָה פוּן „וּבֵרַכְךָ בְּכָל אֲשֶׁר תַּעֲשֶׂה“ אוּנ דָאס מֶערְסְטֶע צַייט אִיז עֶר עוֹסֵק אִין תּוֹרָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים, ווִי דֶער תַּנָּא ר' מֵאִיר זָאגְט (אבות פ"ד) הֱוֵי מְמַעֵט בְּעֵסֶק וַעֲסוֹק בַּתּוֹרָה (זעה מעשה אלפס ענדע „מיין זיידעס הגדה“ ווי ר' מאיר בעל הנס איז מציל דעם אפיקומן פון פאגראם).

## בנין ציון

וּבְנֵה אוֹתָהּ בְּקָרוֹב בְּיָמֵינוּ, אַגְרוֹיסֶער קִינְצְלֶער אִין חָכְמַת הַבִּנְיָן (אִינְזְשֶׁענֶער) הָאט אָנְגֶענוּמֶען צוּ בּוֹיעֶן אַקֵייזֶערְלִיכֶען פַּאלַאץ מִיט דִי אַלֶע וִוירְדִיגֶע בִּנְיָנִים פוּן רֶעזִידֶענְץ שְׁטָאט, בִּתְנַאי אַז דִיא שְׁטָאט זָאלִין אִים צוּא שְׁטֶעלִין צִיגֶעל אוּנ אַלֶע בּוֹי מַאטֶערְיַאלִין, אוּנ נָאךְ דֶעם חֶשְׁבּוֹן, פִיל דִיא שְׁטָאט פַאבְּרִיקֶען קֶענֶען אִים דֶער לַאנְגֶען בּוֹי מַאטֶערְיַאל הָאט עֶר אוֹיס גִירֶעכֶנְט, קֶען דֶער בִּנְיָן פַארְטִיג וֶוערִין צוּ דִיא אוּנ דִיא צַייט, אוּנ אַזוֹי הָאט עֶר גִימַאכְט דֶעם קָאנְטְרַאקְט. נַאכְהֶער הָאבִּין דִיא שְׁטָאט לַייט פַארְלַיינְגְט פוּן אִים, עֶר זָאל דֶעם בִּנְיָן עֶנְדִיגֶען וָואס פְרִיעֶר נָאךְ פַאר דִיא בַּאשְׁטִימְטֶע צַייט, — אַז אִיר וֶועט מִיר צוּ שְׁטֶעלִין וָואס מֶער אוּנ וָואס גִיכֶער דִי אַלֶע בּוֹי מַאטֶערְיַאל וָואס פַארְעֶרְט זִיךְ צוּם בִּנְיָן (עֶנְטְפֶערְט דֶער אִינְזְשֶׁענֶער) אִיז פוּן מַיינֶער זַייט קֵיין אָבְּהַאלְט, אִיךְ הָאבּ דָאךְ נִיט אָבּ גִישְׁטֶעלְט דִי אַרְבֵּייט, פִיל מַאטֶערְיַאל אִיר דֶער לַאנְגְט מִיר אַלֶע טָאג ווערט גְלַייךְ פַארְטָאן אִין בִּנְיָן, פוּן מַיינֶער זַייט קֶען אֲפִילוּ הַיינְט פַארְטִיג זַיין קֵיין בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת קִינְצְלֶער פֶעלְט מִיר נִיט. — דָאס גְלַייכֶען אִיז מִיט אוּנְזֶער קֵיי זֶערְלִיכֶען פַּאלַאץ (דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ), דִי עֶרְשְׁטֶע צְוֵויי בָּתֵּי מִקְדָּשִׁים וָואס מֶענְשִׁין הָאבִּין גִיבּוֹיט זַיינֶען חָרוּב גִיוָוארִין, וַוייל אַ מֶענְשׁ אִיז נִיט קֵיין עֶווִיגֶער אִיז זַיינֶע מַעֲשִׂים אוֹיךְ נִיט דוֹיעֶר הַאפְטִיג, דָרוּם הָאבִּין מִיר אָבּ גִיגֶעבִּין דֶעם דְרִיטִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ מִיט אוּנְזֶער רֶעזִידֶענְץ שְׁטָאט (יְרוּשָׁלַיִם) צוּם גְרוֹיסֶען אִינְזְשֶׁענֶער וָואס הָאט גִיבּוֹיט דֶעם וֶועלְט פַּאלַאץ (הַשָּׁמַיִם וְהָאָרֶץ), עֶר זָאל בּוֹיעֶן, וֶועט דָאס הָאבִּין אַ קִיוּם אוֹיף עֶווִיג, עֶר הָאט אָבֶּער אָנְגֶענוּמֶען מִיט אַ תְּנַאי אַז מִיר זָאלִין אִים צוּ שְׁטֶעלִין מַאטֶערְיַאל, דָאס אִיז תּוֹרָה וּמִצְוֹת (זֶעה בִּנְיַן צִיּוֹן), הָאט עֶר אוֹיס

# אותה בקרוב בימינו בנין עולם: וכסא דוד עבדך מהרה לתוכה תכין ·

תשעה באב צוא מנחה זאגט מען דא נחם:

# ברוך אתה יי, בונה ירושלים:

לת"ב במנחה

נחם יי אלהינו, את אבלי ציון ואת אבלי ירושלים, ואת העיר האבלה והחרבה, והבזויה, והשוממה, האבלה מבלי בניה, והחרבה ממעונותיה, והבזויה מכבודה, והשוממה מאין יושב. והיא יושבת וראשה חפוי כאשה עקרה שלא ילדה, ויבלעוה לגיונות, ויירשוה עובדי זרים. ויטילו את עמך

## מעשה אלפס

בונה ירושלים. דער בורא ב"ה איז שטענדיג עוסק אין בנין ירושלים, נור פון וועלכע מאטריאל בוט ער איר? גיפינען מיר א רמז אין דער תורה „ויראו את אלהי ישראל" די זקנים וואס האבין זוכה גיווען (בעת קבלת התורה) משיג צו זיין אלהות, האבין גיזעהען אז „ותחת רגליו כמעשה לבנת הספיר", אזוי ווי בעת זיי זיינען גיוועזען „עבדי פרעה" האבין זיי געטראגין חומר (לוים) אונ פון דעם גימאכט לבנים (ציגעל), אזוי יעצט, אז זיי זיינען „עבדי ה'" ארבייטין זיי אויך חמר ולבני (רמ"ח מצות עשה) אונ דיא חמר ולבני גייט ארויף למעלה למעלה עד כסא הכבוד אונ דארטין ווערט פון זיי „לבנים" פון ספיר (ותחת רגליו כמעשה „לבנת הספיר") אונ עס ווערט געבוים פון דעם עולמות רוחניים, ולאחר מאה שנה גייט יעדער צדיק „לבית עולמו" צו זיין אייגענע וועלט וואס איז געבוים געווארין פון זיינע בוי מאטריאל (לבנים של ספיר) · — מיט די לבנים פון ספיר בוט השי"ת זיין פאלאץ (דעם ביהמ"ק) מיט אונזער רעזעדענץ שטאט (ירושלים), ווי

דער

## בית ישראל

פון דוד זאלסטו באלד אין איר אויפשטעלן: ברוך גילויבט ביסטו גאט, דער דא האט אויף געבויט ירושלים:

נחם טרייסט דוא אונזער גאט, דיא וואס טרויערין אויף ציון אונ דיא וואס טרויערן אויף ירושלים, אונ די שטאט ירושלים דיא טרויערדיגע, דיא צו שטערטע, דיא פאר שעמטע, אונ דיא פאר וויסטע. דיא דא איז טרויעריג פון וועגין דאס זיא איז אן אירע קינדער, אונ דיא דא איז חרב פון אירע וואוינונג, אונ דיא דא איז פאר שעמט פון איר כבוד, אונ דיא דא איז פאר וויסט ווייל קיינער דרינען וואוינט, אונ זיא זיצט אונ איר קאפ איז פאר דעקט אזו וויא איין אשה וואס האט קיין קינדער ניט גיוואונען, אונ דיא חילות (פאלקען) האבין זיא פאר שלונגען. אונ דיא געצין דינער האבין זיא בערויבט, אונ האבין גיווארפין דיין פאלק ישראל צוא דער שווערד, אונ זייא האבין ניט רשעות דער

בנין ציון

נירעכינס וויפיל מאטריאל אידין קענען דער לאנגען מיט יל מעשים, הגם דיא בחירה איז דאך ביי מענשין, נור ער האט דאך אבער גיגעבין אקאנטראקט צו אברהם אבינו „להיות לך לאלהים ולזרעך אחריך" אז אידין אונ דיא תורה ומצות וועלין ניט אונטער גיין קיין מאל (זעה מעשה אלפס אין יהי כבוד) איז מיטל מעסיג וועלין אידין דער לאנגען אזוי פיל אונ אזוי פיל מאטריאל, דארף ערשט פארטיג ווערין דער ביהמ"ק און ירושלים צו די אונ דיא צייט, דאס איז דיא צייט פון „בעתה", ווען דאן וועט געוויס זיין דיא גאולה שלמה. מיר ווילען דאך אבער וואס גיכער און אונזערע צייטין, זאגט דער רבונו של עולם פון מיינעט וועגין איז רעכט, איך האב ניט אפ

גישטעלט דיא ארבייט (בונה ירושלים ה') גלייך וויא איר דער לאנגט מאטריאל, ווערט גלייך פארטיג אין בנין, ווען איר ווילט וואס גיכער טוא דער לאנגט וואס מער מאטריאל שמירו משפט' היינט דאס רעכט, האנדעלט ערליך בין אדם לחבירו „ועשו צדקה" אונ פארבעסערט אייערע מעשים בין אדם למקום „כי קרובה ישועתי לבא" איז ביין הילף גאנץ נאהענט וועט זיין „אחישנה". פון מיינעט וועגין איז רעכט אפילו „היום" נור „אם בקולי תשמעו" ווען איר וועט אלע גלייך ארבייטין „לבנים פון ספיר" אונ „אבני חפץ" (זעה בנין ציון) קען פארטיג ווערין אפילו היינט:

סע"ט ס'

ישראל לחרב, ויהרגו בזדון חסידי עליון. על כן ציון במר תבכה, וירושלים תתן קולה, לבי לבי על חלליהם, מעי מעי על חלליהם. כי אתה יי באש הצתה, ובאש אתה עתיד לבנותה, כאמור ואני אהיה לה נאם יי חומת אש סביב, ולכבוד אהיה בתוכה. ברוך אתה יי, מנחם ציון ובונה ירושלים:

**את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח וקרנו תרום בישועתך. כי לישועתך קוינו כל היום ומצפים לישועה: ברוך אתה יי, מצמיח קרן ישועה:**

**אב הרחמן שמע קולנו, יי אלהינו, חוס ורחם עלינו וקבל ברחמים וברצון את תפלתנו.**

### בית ישראל

שלאגין דיא העכסטע פרומע לייט פון אידין, דרום טוט ציון ביטערליך וויינען אונ ירושלים ערהייבט איר שטימע אין וויינען. אך, מיין הערץ, מיין הערץ וויינט אויף זייערע דער שלאגענע, מיינע גידערים מיינע גידערים ברומען אויף זייערע דער שלאגענע, דען דו גאט האסט זי (ירושלים) מיט פייער אן גיצונדין אונ מיט פייער וועסטו זיא לעתיד לבא ווידער בויען, אזו וויא עס איז גיזאגט גיווארין דורך זכריה הנביא אונ איך וועל צו איר (ירושלים) זיין איין פייערדיגער מויער ארום, אזו זאגט גאט, אונ מיט כבוד וועל איך אין איר רוהען: ברוך גילויבט ביסטו גאט, דער דא טרייסט ציון אונ בויט ירושלים:

**את** צמח דאס צווייג פון דיין קנעכט דוד, זאלסטו באלד לאזין אויפבליהען אונ זיין הערשאפט זאל זיך דער הייבין דורך דיין הילף, דען מיר האפין צו דיין הילף אלע טאג: ברוך גילויבט ביסטו גאט, מצמיח דער דא מאכט שפראצין דעם שיין פון הילף:

### מעשה אלפס

דער נביא זאגט „ויסדתיך בספירים", — „ושמתי כדכד שמשותיך", די פענסטער פון ביהמ"ק וועל איך מאכען פון „אבני כדכד", זאגין אונזערע חכמים (ב"ב ע"ה) דאס איז טייערע שטיינער „שהם" אונ „ישפה", דאס איז דער זכות פון יוסף הצדיק (זיין שטיין ביין כהן גדול אויפ'ן הארצין איז גיוועזן „שוהם") דאס מיינט מען דעם זכות וואס אידישע בחורים וועלען זיך האלטין ריין אונ היילג ווי יוסף הצדיק, אונ דעם זכות פון בנימין הצדיק וואס זיין שטיין איז „ישפה". ער האט ניהאלטין פארמאכט די מויל אונ ניט ארויסגיגעבן די ברידער וואס יוסף האט אים ענדעקט אז ער וועט אריינפאלין ביי אים דעם בעכער (עי' ספר הישר). פון די וויכטיגע מצות, האלטין די מויל ניט ריידין וואס מען דארף ניט, אונ האלטין זיך ריין אונ עליה, בויט דער בורא ב"ה די פענסטער אין בית המקדש, ווייס וועלין געבין ליכטיגקייט אויף דער וועלט, „וכל גבולך לאבני חפץ" דער גאנצער געגענד פון ירושלים וועט גיבויט ווערין פון די „באנער שטיינער", וואס א איד באגערט צו טאן מצות מיט גרויס חפץ ותשוקה [בתורת ה' חפצו] נור ער האט נעבאך ניט קיין יכולת אייכצופירין ווערט פארעכינט ביי דעם בורא זיין „חפץ ותשוקה" פאר אזכות [ווי אונזערע חכמים זאגין אויפ'ן פסוק ליראי ה' ולחשבי שמו חשב אדם לעשות מצוה ונאנס ולא עשאה מעלה עליו הכתוב כאלו עשה], אונ דאס איז בוי מאטריאל צו בויען דיא גבולים פון אונזער היליגע לאנד. דרום דארפען מיר זיך שטארקען צו דאווענען בכונה אונ האנדלען ערליך, וועלין מיר זוכה זיין צו זעהען די גאולה פון „אחישנה", וואס עס וועט זיין במהרה בימנו, אמן:

**אב** הער אונזער שטימע דוא אונזער גאט, ערבארעם דיך איבער אונז, אונ זיי מקבל אונזער תפלה מיט דער בארימהקייט אונ מיט גוטען ווילען, דען דו

# כי אל שומע תפלות ותחנונים אתה. ומלפניך מלכנו ריקם אל תשיבנו. חננו ועננו ושמע תפלתנו:

די א תפלה זאגט מען מיט הכנעה אונ מיט איין צובראכענע הארץ.

**אנא** יי, חטאתי עויתי ופשעתי לפניך, והרע בעיניך עשיתי. רבונו של עולם עשה למען שמך הגדול, ותכפר לי על כל עוני, וחטאי, ופשעי, שחטאתי ושעויתי ושפשעתי לפניך, מנעורי, ועד היום הזה. ותמלא כל השמות, שפגמתי בשמך הגדול:

די א תפלה פון פרנסה זאגט מען פאר כי אתה שומע:

**אתה** הוא יי האלהים, הזן ומפרנס ומכלכל מקרני ראמים, עד ביצי כנים. הטריפני לחם חקי, והמציא לי ולכל בני ביתי, מזונותי, קודם שאצטרך להם בנחת ולא בצער, בהתר ולא באסור, בכבוד ולא בבזיון, לחיים ולשלום, משפע ברכה והצלחה, ומשפע ברכה עליונה, כדי שאוכל לעשות רצונך, ולעסוק בתורתך, ולקים מצותיך, ואל תצריכני לידי מתנת בשר ודם ויקים בי מקרא שכתוב, פותח את ידך, ומשביע לכל חי רצון:

אין תענית צבור צוא מנחה זאגט איין יחיד דא עננו:

**עננו** יי עננו, ביום צום תעניתנו, כי בצרה גדולה אנחנו, אל תפן אל רשענו, ואל תסתר פניך ממנו, ואל תתעלם מתחנתנו, היה נא קרוב לשועתנו, יהי נא חסדך לנחמנו, טרם נקרא אליך עננו, כדבר שנאמר, והיה טרם יקראו ואני אענה, עוד הם מדברים ואני אשמע. כי אתה יי העונה בעת צרה, פודה ומציל בכל עת צרה וצוקה: איין יחיד הייבט דא אן כי אתה שמע אונ דער חזן לאזט אוים די א ברכה ברוך אתה יי, העונה לעמו ישראל בעת צרה:

בית ישראל

ביסט אגאט דער דא הערט תפלות אונ תחנות, ומלפניך אונ פון דיר אונזער קעניג, לאז אונז ניט צוריק גיין מיט ליידיגען: עננו ענטפער אונז גאט, ענטפער אונז אין דעם טאג פון אונזער פאסטען דען מיר זייען אין אגרויסע צרה, קער זיך ניט צוא אונזער שלעכטיגקייט, אונ זאלסט ניט פאר באהרגין דיין שכינה פון אונז, אונ זאלסט זיך ניט פאר ביידין פון אונזער גיבעט, זייא דאך נאהענט צו אונזער גישרייא, לאז זיין דיין חסד צוא טרייסטען אונז, ענטפער אונז איידער מיר רופין דיך, אזו וויא עס איז גיזאגט גיוואָרין דורך ישעיה הנביא, איידער זיי וועלין נאך רופען וועל איך ענטפערין, זייא וועלין נאך ריידען אזו וועל איך שוין הערען, דען דוא ביסט גאט דער דא ענטפערט אין דער צייט פון נויטה, אדער לייזער אונ איין באשירמער אין אלע צייטין ווען א צרה אונ איינג איז: ברוך געלויבט ביסטו גאט דער דא ענטפערט צוא זיין פאלק ישראל אין דער צייט פון נויטה:

# כִּי אַתָּה שׁוֹמֵעַ תְּפִלַּת כָּל פֶּה עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל בְּרַחֲמִים: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, שׁוֹמֵעַ תְּפִלָּה:

# רְצֵה יְיָ אֱלֹהֵינוּ בְּעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל וּבִתְפִלָּתָם (וְלִתְפִלָּתָם שְׁעֵה)· וְהָשֵׁב אֶת הָעֲבוֹדָה, לִדְבִיר בֵּיתֶךָ וְאִשֵּׁי יִשְׂרָאֵל· וּתְפִלָּתָם (מְהֵרָה) בְּאַהֲבָה תְקַבֵּל בְּרָצוֹן· וּתְהִי לְרָצוֹן תָּמִיד, עֲבוֹדַת יִשְׂרָאֵל עַמֶּךָ:

ראש חודש אונ חול המועד זאגט מען יַעֲלֶה וְיָבֹא:

אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ· יַעֲלֶה וְיָבֹא, וְיַגִּיעַ וְיֵרָאֶה וְיֵרָצֶה וְיִשָּׁמַע וְיִפָּקֵד וְיִזָּכֵר זִכְרוֹנֵנוּ וּפִקְדוֹנֵנוּ, וְזִכְרוֹן אֲבוֹתֵינוּ, וְזִכְרוֹן מָשִׁיחַ בֶּן דָּוִד עַבְדֶּךָ,

## בית ישראל

כִּי דען דוא הערסט דיא גיבעט פון דיין פאלק ישראל מיט בארמהערציגקייט:

ברוך גילויבט ביסטו גאט, דער דא הערט דאס גיבעט:

רצה בעוויליג אונזער גאט דיין פאלק ישראל אונ אין זייער תפלה, אונ מאך אום קערין דיא עבודה צום בית המקדש, אונ דיא קרבנות פון ישראל אונ זייער תפלה וועסטו דעננסט מאל מקבל זיין מיט גוטין ווילין, אונ דיא עבודה פון דיין פאלק ישראל וועט תמיד זיין אן גינומען מיט דיין גוטין ווילין:

אום ראש חודש אונ אום חול המועד זאגט מען דאס

אֱלֹהֵינוּ אונזער גאט אונ גאט פון אונזערע עלטערין, עס זאל אויף גיין אונ עס זאל קומען, עס זאל גרייכען אונ ווערין גיזעהן אונ ווערין גיהערט. עס זאל ווערען באוויליגט אונ עס זאל ווערין גיפארשט אונ ווערין דער מאנט אונזער ערמאנערונג אונ אונזער באפעלונג, אונ די אנדיינקונג פון אונזערע עלטערין אונ דאס אנדיינקונג פון משיח דער זון פון דוד דיין קנעכט.

## מעשה אלפס

שׁוֹמֵעַ תְּפִלָּה· איך האב ערפילט דיין פערלאנג, שיינקען דיר דעם האמער, (זאגט ראובן צו שמעון), אם ענדע קלא פסטו מיר אין קאפ א גאנצע נאכט אז איך קען איין אונ נים צומאכין, מגט דאס א מענש אזוי? מיט דעם פארשטייען מיר דעם ציעל וואס גדולי הפוסקים ווי דער אגודים ותומים (רבנו יונתן אייבשיץ) אונ נאך גאונים שרייבן אז אין „שמע קולנו" זאל יעדער איד מתפלל זיין אויף אלעס וואס ער דארף דעם טאג, פון די קלענסטע זאך ביז די גרעסטע, היינו ווען ער דארף ענטפערין טערמינעס וו באנק צאלונגען אדער גמלות חסדים אבשאפין, זאל ער בעטין, אז דער בורא ב"ה זאל אים מזמין זיין גוטע קונים, ער זאל לייזען, ער זאל קענען דערהאלטען די ערליכקיים, אונ ווען דער לייזונג וועט נים מספיק זיין אונ וועט דארפין דערלאנגען גמלות חסדים זאל דער בורא אים געבין לחן ולחסד אז מען זאל אים ליי'ען, אונ ווער רעט אז ער איז חלילה בעת צרה, דארף ער בעטין דער בורא זאל אים ארויסהעלפין נצול ווערין, דאס גלייכען אז ער מאכט א שמחה, זאל ער בעטין אז השי"ת זאל אים פארהיטין ער זאל פון גרויס שמחה נים קומען צו זינד (שלא יהיה אחרית שמחה תוגה), אונ ווער רעט, אז ער דארף א גרעסערע זאך ווי א שדוך פאר זיך אדער פיר א קינד דארף ער בעטען דער בורא זאל אים מזמין זיין די באשערטע מיט גליק· אונ דער וואס בעט אויף אלעס ביי השי"ת, וועט נים ניך קומען צו קיין זינד, ווייל היתכן ער וועט בעטען דער בורא זאל אים בערוזיגען פון זיינע תאוות בכדי ער זאל האבין צייט צו זינדיגען? (ווי דער משל מיט'ן האמער)· אונ ווידער האט די תפלה פרטיות אסגולה,

אונ דאס אנדענקען פון ירושלים דיא

הייליגע

וְזִכְרוֹן יְרוּשָׁלַיִם עִיר קָדְשֶׁךָ, וְזִכְרוֹן כָּל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל לְפָנֶיךָ, לִפְלֵיטָה לְטוֹבָה לְחֵן וּלְחֶסֶד וּלְרַחֲמִים, לְחַיִּים טוֹבִים וּלְשָׁלוֹם, לראש חודש בְּיוֹם רֹאשׁ הַחֹדֶשׁ הַזֶּה. לחוה"מ פסח בְּיוֹם חַג הַמַּצּוֹת הַזֶּה: לחוה"מ סוכות בְּיוֹם חַג הַסֻּכּוֹת הַזֶּה: זָכְרֵנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ, בּוֹ לְטוֹבָה, וּפָקְדֵנוּ בוֹ לִבְרָכָה, וְהוֹשִׁיעֵנוּ בוֹ לְחַיִּים טוֹבִים. וּבִדְבַר יְשׁוּעָה וְרַחֲמִים, חוּס וְחָנֵּנוּ, וְרַחֵם עָלֵינוּ וְהוֹשִׁיעֵנוּ, כִּי אֵלֶיךָ עֵינֵינוּ, כִּי אֵל מֶלֶךְ, חַנּוּן וְרַחוּם אָתָּה:

וְתֶחֱזֶינָה עֵינֵינוּ, בְּשׁוּבְךָ לְצִיּוֹן בְּרַחֲמִים: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, הַמַּחֲזִיר שְׁכִינָתוֹ לְצִיּוֹן:

מוֹדִים אֲנַחְנוּ לָךְ, שָׁאַתָּה הוּא יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, לְעוֹלָם וָעֶד, (צוּרֵנוּ) צוּר חַיֵּינוּ מָגֵן יִשְׁעֵנוּ אַתָּה הוּא לְדוֹר וָדוֹר, נוֹדֶה לְּךָ, וּנְסַפֵּר תְּהִלָּתֶךָ, עַל חַיֵּינוּ הַמְּסוּרִים

מודים דרבנן

מוֹדִים אֲנַחְנוּ לָךְ, שָׁאַתָּה הוּא יְיָ אֱלֹהֵינוּ, וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ אֱלֹהֵי כָל בָּשָׂר, יוֹצְרֵנוּ, יוֹצֵר בְּרֵאשִׁית, בְּרָכוֹת וְהוֹדָאוֹת, לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל, וְהַקָּדוֹשׁ, עַל שֶׁהֶחֱיִיתָנוּ וְקִיַּמְתָּנוּ, כֵּן תְּחַיֵּנוּ, וּתְקַיְּמֵנוּ, וְתֶאֱסוֹף גָּלֻיּוֹתֵינוּ לְחַצְרוֹת קָדְשֶׁךָ, לִשְׁמוֹר חֻקֶּיךָ וְלַעֲשׂוֹת רְצוֹנֶךָ, וּלְעָבְדְךָ, בְּלֵבָב שָׁלֵם, עַל שֶׁאֲנוּ, מוֹדִים לָךְ. בָּרוּךְ אֵל הַהוֹדָאוֹת:

## מעשה אלפס

אַז עֶר וֶועט בֶּעטִין פֿוּן גְרוּנְד הַארְצִין, ווייל עֶר אִיז מַרְגִישׁ זַיין נוֹיטְוֶוענְדִיגְקַייט אִין דֶעם. אוּנ דָאס אִיז דֶער עִיקַר מִצְוַת תְּפִלָּה צוּ בֶּעטִין פֿוּן גְרוּנְד הַארְצִין (מִמַּעֲמַקִּים קְרָאתִיךָ ה', הַיְינוּ מֵעִמְקֵי הַלֵּב). אוּנ ווִידֶער פְלִיסְט דָאס אַיין אֱמוּנָה, עֶר ווייס אַז פֿוּן דִי קְלֶיינְסְטֶע בִּיז דִי גְרֶעסְטֶע זַאך ווֶענְדֶעט זִיךְ אַלֶעס אָן רְצוֹן הַבּוֹרֵא (אֵין עוֹד מִלְּבַדּוֹ), אוּנ ווָען אֲפִילוּ עֶר קֶען נִיט גוּט שְׂפַת עִבְרִית, זָאל עֶר אוֹיסְרֶידִין דִי תְּפִלָּה ווִי עֶר קָאן, דָאס אִיז בַּיי דֶעם בּוֹרֵא ב"ה טַייעֶר ווִי עֶר ווָאלְט גֶירֶעדִין צַחוּת. דָאס אִיז דִי כַּוָּנָה „שְׁמַע קוֹלֵנוּ" ווֶען אַפִילוּ עֶס אִיז נִיטָא קֵיין קְלָארֶע ווֶערְטֶער נוּר אַ שְׁטִימֶע אַלֵיין הֶערְט דֶער בּוֹרֵא אוֹיךְ צוּ. אוּנ אוֹיבּ עֶר קֶען גָאר נִיט עִבְרִית קֶען עֶר בֶּעטִין אוֹיף ווֶעלְכֶע שְׁפְּרַאךְ עֶר פַארְשְׁטֵייט, ווייל תְּפִלָּה בְּצִבּוּר נֶאֱמֶרֶת בְּכָל לָשׁוֹן (טור או"ח סימן ק"א).

## בית ישראל

הֵיילִיגֶע שְׁטָאט אוּנ דָאס אַנְדֶענְקֶען פֿוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, זָאל עֶס קוּמֶען פַר דִיר צוּ אַגוּטֶע אַנְטְרִינוּנְג, צוּ גִיפֶעלִיגְקַייט צוּ גִינַאדֶע אוּנ צוּא דֶער בַּארִימְקַייט, צוּ לֶעבִּין אוּנ צוּם פְרִידֶען (ראש חודש אִין דִיזֶן רֹאשׁ חֹדֶשׁ טָאג): (אום פסח אִין דִיזֶען חַג הַמַּצּוֹת טָאג): (אום סוכות אִין דִיזֶען חַג הַסּוּכּוֹת טָאג): זכרנו גִידֵיינְק אוּנְז אוּנְזֶער גָאט אִין אִים צוּ גוּטִין, אוּנ עֶרְאִינֶער דִיךְ אָן אוּנְז אִין אִים צוּ בֶּענְטְשׁוּנְג. אוּנ הֶעלְף אוּנְז אִין אִים צוּם לֶעבִּין: ובדבר אוּנ מִיט הִילְף אוּנ רַחֲמָנוּת בֶּעמִטְלֵייד אוּנ בֶּעגְנֶעדִיג] אוּנְז אוּנ דֶער בַּארֶעם זִיךְ אִיבֶּער אוּנְז אוּנ הֶעלְף אוּנְז, ווָארוּם צוּ דִיר הָאפִּין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען כי אל דֶען אַמֶעכְטִיגֶער קֶענִיג, גְנֶעדִיג אוּנ בַּארֶעמְהֶערְצִיג בִּיסְט דוּא:

וְתֶחֱזֶנָה אוּנ אוּנְזֶערֶע אוֹיגִין זָאלִין זֶעהִן אַז דוּא ווֶעסְט זִיךְ אוּם קֶערֶען קֵיין צִיּוֹן מִיט עֶרְבַּארִימְקַייט: ברוך גְלוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, ווָס קֶערְט אוּם זַיין שְׁכִינָה קֵיין צִיּוֹן:

מוֹדִים מִיר דַאנְקֶען דִיר, דָאס דוּא בִּיסְט אוּנְזֶער גָאט אוּנ דֶער גָאט פֿוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין צוּ אֵייבִּיג, דוּא בִּיסְט דֶער פֶעלְזֶענְשׁוּטְץ פֿוּן אוּנְזֶער לֶעבִּין, דֶער

בְּיָדֶךָ, וְעַל נִשְׁמוֹתֵינוּ הַפְּקוּדוֹת לָךְ, וְעַל נִסֶּיךָ שֶׁבְּכָל יוֹם עִמָּנוּ, וְעַל נִפְלְאוֹתֶיךָ וְטוֹבוֹתֶיךָ שֶׁבְּכָל עֵת. עֶרֶב וָבֹקֶר וְצָהֳרָיִם, הַטּוֹב, כִּי לֹא כָלוּ רַחֲמֶיךָ, וְהַמְרַחֵם, כִּי לֹא תַמּוּ חֲסָדֶיךָ, כִּי מֵעוֹלָם קִוִּינוּ לָךְ׃

אום חֲנֻכָּה אונ אום פּוּרִים זָאגְט מֶען דָא עַל הַנִּסִּים׃

וְעַל הַנִּסִּים, וְעַל הַפֻּרְקָן, וְעַל הַגְּבוּרוֹת, וְעַל הַתְּשׁוּעוֹת, וְעַל הַנִּפְלָאוֹת וְעַל הַנֶּחָמוֹת וְעַל הַמִּלְחָמוֹת שֶׁעָשִׂיתָ לַאֲבוֹתֵינוּ, בַּיָּמִים הָהֵם, בַּזְּמַן הַזֶּה׃

## בית ישראל

בַּאשִׁיצֶער פוּן אוּנְזֶער הִילְף, מִיר וֶועלִין דִיר דַאנְקֶען אוּנ וֶועלִין דַיין לוֹיב דֶר צֵיילִין פוּן אֵיין דוֹר צוּם אַנְדֶערִין, פוּן וֶועגִין אוּנְזֶער לֶעבִּין דָאס עֶר אִיז אִיבֶּר גֶעֶנְטְפֶערְט אִין דַיין הַאנְט אוּנ פוּן וֶועגִין אוּנְזֶערֶע נְשָׁמוֹת וָואס זֵייא וֶוערִין אַלֶע נַאכְט אִין דַיין הַאנְט בַּאהַאלְטִין, אוּנ פוּן וֶועגִין דַיינֶע נִסִּים וָואס דוּא טוּסְט אַלֶע טָאג מִיט אוּנְז, אוּנ אוֹיף דַיינֶע וואוּנְדֶער אוּנ דַיינֶע גוּטִיגְקַייט וָואס זֵיי זַיינֶען אַלֶע צַייט, דַאנְקֶען מִיר דִיר אָבִינְט אוּנ מָארְגִין אוּנ מִיטִין טָאג, דוּא גוּטֶער גָאט דָאס דַיינֶע עֶרְבַּארִימִיגְקַייט הָאבִּין קֵיין עֶנְד נִיט, אוּנ דוּ דֶר בַּארְמִיגֶער גָאט דָאס דַיינֶע חֲסָדִים לָאזִין זִיךְ קֵיין מָאל נִיט אוֹיס, פוּן אֵייבִּיג הָאפִּין מִיר צוּ דִיר׃

אים חנוכה אונ אים פורים זאגט מען דאס

עַל הנסים וֶועגִין דִיא וואוּנְדֶער צֵייכִין אוּנ דִי עֶרְלֵייזוּנְג אוּנ וֶועגִין דִי שְׁטַארְקַייט אוּנ דִיא רֶעטוּנְג אוּנ וֶועגִין דִיא שְׁטְרַייט פוּן מִלְחָמוֹת וָואס דוּא הָאסְט גִיטָאן צוּא אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין אִין יֶענֶע טֶעג אִין דֶער צַייט אִין יָאר׃

## מעשה אלפס

נִשְׁמוֹתֵינוּ הַפְּקוּדוֹת לָךְ. א גְוִויסֶער מֶענְשׁ הָאט אִים אַ וַוארְשֶׁוֶוער סוֹחֵר גֶעצָאלְט נָאכְ'ן בַּאנְקְרָאט 50 פְּרָאצֶענְט, הַיְינוּ עֶר הָאט אִים גִיגֶעבִּין צְוֵויי הוּנְדֶערְט רוּבְּל, פַאר פִיר הוּנְדֶערְט. אִין אֵיינִיגֶע יָאהְר אַרוּם טְרֶעפְט עֶר אִים אִין וַוארְשָׁא, וִוי עֶר וִויל פָארִין נָאךְ לָאדְז, בֶּעט עֶר אִים אַ גִיפֶעלִיגְקַייט, עֶר זָאל נֶעמֶען בַּיי אִים אַ פַּאקֶעט מִיט דֶעקוּנְג אָפְּגֶעבִּין אִין לָאדְז, פָארֶענְדִיג הָאט אִים דִי הָארְץ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֵייצִין, עֶר זָאל אַרוֹיסְנֶעמֶען פוּן פַּאקֶעט זַיינֶע צְוֵויי הוּנְדֶערְט רוּבְּל וָואס אִים קוּמְט פוּן בַּאנְקְרָאט, אוּנ עֶס אִיז כִּמְעַט גִיבְּלִיבִּין בַּיי אִים עֶר זָאל אַזוֹי טָאן. — דַאוְוענְדִיג מַעֲרִיב, בַּיי דִי וֶוערְטֶער „וְעַל נִשְׁמוֹתֵינוּ הַפְּקוּדוֹת לָךְ" דֶערְמָאנְט עֶר זִיךְ, אַז מִיר גִיבֶּען אָב אַ פִּקָּדוֹן אוּנְזֶערֶע נְשָׁמוֹת אַלֶע נַאכְט דֶעם בּוֹרֵא אִין הַאנְד, אוּנ מִיר זַיינֶען אִים גְרוֹיסֶע בַּעֲלֵי חוֹבוֹת, אוּנ צָאלִין אֲפִילוּ קֵיין פוּפְצִיג פְּרָאצֶענְט אוֹיךְ נִיט, אוּנ עֶר פַארְהַאלְט נִיט דֶעם פִּקָּדוֹן, וַוייל מִיר הָאבֶּען זִיךְ פַארְטְרוֹיט אִין אִים. דָאס זֶעלְבֶּע וִוי בַּאלְד יֶענֶער הָאט זִיךְ פַארְטְרוֹיט אִין מִיר אוּנ הָאט מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבִּין אַ פִּקָּדוֹן, וִוי אַזוֹי זָאל אִיךְ פַארְפֶלְעכִין מַיין גֶעוִויסִין אוּנ זַיין פַאלְשׁ, (לֹא אֲשַׁקֵּר בֶּאֱמוּנָתִי), דֶר גִידַאנְקֶען הָט אִים אָבְּגִיהַאלְטֶען, אוּנ קוּמֶענְדִיג קֵיין לָאדְז, הָאט עֶר אָנְגִיקְלַאפְּט בַּיי יֶענֶעם צְוֶועלְף אַזֵייגֶער בַּיי נַאכְט אוּנ אָבְּגִיגֶעבִּין דֶעם פַּאקֶעט אִין גַאנְצִין (עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין נִיט גִיטְרוֹיט צוּ הַאלְטִין בִּיז מָארְגִין פְּרִי). וַאֲנִי הַכּוֹתֵב בִּין פֶּעסְט אִין דֶער מֵיינוּנְג, אַז דֶער וָואס זָאגְט פַאר'ן שְׁלָאף „בְּיָדְךָ אַפְקִיד רוּחִי" מִיט כַּוָּנָה, אִיךְ גִיבּ דִיר אִיבֶּער רבש"ע מַיין נְשָׁמָה פַאר אַ פִּקָּדוֹן, אִיז עֶר זִיכֶער אַז עֶר וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין לְשָׁלוֹם. אוּנ דִי סִבּוֹת וָואס הָאט גִיטְרָאפִין אַז מֶענְשִׁין הָאבִּין זִיךְ גֶעלֵייגְט אוּנ זַיינֶען לֹא עָלֵינוּ נִיט אוֹיפְגִישְׁטַאנֶען? קֶען זַיין אַז זֵיי הָאבִּין פַאר'ן שְׁלָאף פַארְגֶעסִין צוּ זָאגִין „בְּיָדְךָ אַפְקִיד רוּחִי".

לחנוכה **בִּימֵי** מַתִּתְיָהוּ בֶּן יוֹחָנָן כֹּהֵן גָּדוֹל, חַשְׁמוֹנָאִי וּבָנָיו, כְּשֶׁעָמְדָה מַלְכוּת יָוָן הָרְשָׁעָה, עַל עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל, לְהַשְׁכִּיחָם תּוֹרָתֶךָ, וּלְהַעֲבִירָם מֵחֻקֵּי רְצוֹנֶךָ. וְאַתָּה, בְּרַחֲמֶיךָ הָרַבִּים, עָמַדְתָּ לָהֶם בְּעֵת צָרָתָם. רַבְתָּ אֶת רִיבָם, דַּנְתָּ אֶת דִּינָם, נָקַמְתָּ אֶת נִקְמָתָם, מָסַרְתָּ גִבּוֹרִים, בְּיַד חַלָּשִׁים וְרַבִּים, בְּיַד מְעַטִּים, וּטְמֵאִים, בְּיַד טְהוֹרִים, וּרְשָׁעִים, בְּיַד צַדִּיקִים, וְזֵדִים, בְּיַד עוֹסְקֵי תוֹרָתֶךָ, וּלְךָ, עָשִׂיתָ שֵׁם גָּדוֹל וְקָדוֹשׁ, בְּעוֹלָמֶךָ, וּלְעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל, עָשִׂיתָ, תְּשׁוּעָה גְדוֹלָה וּפֻרְקָן, כְּהַיּוֹם הַזֶּה. וְאַחַר כֵּן, בָּאוּ בָנֶיךָ, לִדְבִיר בֵּיתֶךָ, וּפִנּוּ אֶת הֵיכָלֶךָ, וְטִהֲרוּ, אֶת מִקְדָּשֶׁךָ, וְהִדְלִיקוּ נֵרוֹת בְּחַצְרוֹת קָדְשֶׁךָ, וְקָבְעוּ, שְׁמוֹנַת (יְמֵי חֲנֻכָּה אֵלּוּ, (יָמִים אֵלוּ בְּהַלֵּל וּבְהוֹדָאָה וְעָשִׂיתָ עִמָּהֶם נֵס וָפֶלֶא וְנוֹדֶה לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל סֶלָה) יְמֵי חֲנֻכָּה אֵלּוּ, לְהוֹדוֹת וּלְהַלֵּל, לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל:

לפורים **בִּימֵי** מָרְדְּכַי וְאֶסְתֵּר, בְּשׁוּשַׁן הַבִּירָה, כְּשֶׁעָמַד עֲלֵיהֶם, הָמָן הָרָשָׁע, בִּקֵּשׁ לְהַשְׁמִיד לַהֲרוֹג וּלְאַבֵּד, אֶת כָּל הַיְּהוּדִים, מִנַּעַר וְעַד זָקֵן, טַף וְנָשִׁים, בְּיוֹם אֶחָד, בִּשְׁלוֹשָׁה עָשָׂר, לְחֹדֶשׁ שְׁנֵים עָשָׂר, הוּא חֹדֶשׁ אֲדָר, וּשְׁלָלָם לָבוֹז: וְאַתָּה, בְּרַחֲמֶיךָ הָרַבִּים, הֵפַרְתָּ, אֶת עֲצָתוֹ, וְקִלְקַלְתָּ, אֶת מַחֲשַׁבְתּוֹ, וַהֲשֵׁבוֹתָ לּוֹ, גְּמוּלוֹ, בְּרֹאשׁוֹ, וְתָלוּ אוֹתוֹ, וְאֶת בָּנָיו עַל הָעֵץ: (וְעָשִׂיתָ עִמָּהֶם נֵס וָפֶלֶא וְנוֹדֶה לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל):

אום חנוכה זאגט מען דאס

**בִּימֵי** אין דיא טעג פון מתתיהו דער זון חשמונאי אונ זיינע קינדער, אז עס איז אויף געשטאנען דאס מלכות יון אויף דיין פאלק ישראל צוא מאכין זייא פאר געסין דיין תורה, אונ אב צו פירין זייא פון דיא געזעץ דיינעם ווילין, אבער דוא מיט דיין גרויס רחמים ביסטו זייא בייא געשטאנין אין צייט זייער איינגשאפט, דוא האסט גיקריגט זייערע קריג אונ גימשפט זייער משפט, דוא האסט פאר זייא ראכע גינומען, דוא האסט מוסר גיווען שטארקע אין דיא הענט פון דיא שלאפע, אונ דיא דא זיינען גיוועזען פיל מענשין אין דיא הענט פון ווייניג מענטשין, אונ דיא אום ריינע אין דיא הענט פון ריינע אונ דיא רשעים אין דיא הענט פון צדיקים אונ דיא מוטוויליגע אין דער האנט פון דיא וואס לערנען דיין תורה, אונ צו דיר האסטו גיטאן אגרויסין נאמען אונ אהייליגען אין דיין וועלט, אונ צוא דיין פאלק ישראל האסטו גיטאן אגרויסע הילף אונ אדערלייזונג, ביז היינט אין דעם טאג, אונ דער נאך זיינען גיקומען דיינע קינדער ישראל אין בית המקדש אונ האבין אויס גיראמט דיין היכל, אונ האבין גירייניגט דיין בית המקדש אונ האבין אן גיצונדין ליכט אין דעם פאלאין דיינעם הייליגין, אונ האבין בעשטימט אויף אייביג דיא אכט טעג חנוכה, צו דאנקען אונ לויבען דיין גרויסען נאמען:

אום פורים זאגט מען דאס

**בִּימֵי** אין די טעג פון מרדכי אונ אסתר המלכה אין שושן די הויבט שטאט, אז עס איז אויף געשטאנען אויף זיי המן דר רשע, הט ער גוואלט פרטיליגן אונ הרגנען אונ מאכין פאר לירין אלע יודין פון יונגע ביז אלטע קליינע קינדער אונ ווייבער אין איין טאג, אין דרייצעהן טעג אין דם צוועלפטין חודש דאס הייסט חודש אדר אונ זייער גוטס אונ האב צוא בארויבן, ואתה אבער דו מיט דיין גרויס רחמנות הסטו פר שטערט גאר זיין עצה אונ האסט פר דארבן זיין פלאן אונ האסט אלץ אום גיקערט אויף זיין קאפ, אונ מען הט גיהאנגן אים אונ זיינע קינדר אויף דר תליה, וואס ער הט גוואלט הייגן מרדכי הצדיק

וְעַל כֻּלָּם, יִתְבָּרַךְ, וְיִתְרוֹמַם, וְיִתְנַשֵּׂא (תָּמִיד) שִׁמְךָ מַלְכֵּנוּ, תָּמִיד לְעוֹלָם וָעֶד:

בעשי״ת וּכְתוֹב, לְחַיִּים טוֹבִים, כָּל בְּנֵי בְרִיתֶךָ:

וְכֹל הַחַיִּים, יוֹדוּךָ סֶּלָה, וִיהַלְלוּ, וִיבָרְכוּ אֶת שִׁמְךָ הַגָּדוֹל בֶּאֱמֶת, לְעוֹלָם כִּי טוֹב הָאֵל יְשׁוּעָתֵנוּ וְעֶזְרָתֵנוּ, סֶלָה (הָאֵל הַטּוֹב): בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, הַטּוֹב שִׁמְךָ, וּלְךָ נָאֶה, לְהוֹדוֹת:

לש״ץ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, בָּרְכֵנוּ בַבְּרָכָה, הַמְשֻׁלֶּשֶׁת, בַּתּוֹרָה הַכְּתוּבָה, עַל יְדֵי משֶׁה עַבְדֶּךָ. הָאֲמוּרָה, מִפִּי אַהֲרֹן וּבָנָיו, כֹּהֲנִים, עַם קְדוֹשֶׁךָ, כָּאָמוּר: יְבָרֶכְךָ יְיָ, וְיִשְׁמְרֶךָ: יָאֵר יְיָ, פָּנָיו, אֵלֶיךָ, וִיחֻנֶּךָּ: יִשָּׂא, יְיָ, פָּנָיו, אֵלֶיךָ, וְיָשֵׂם, לְךָ, שָׁלוֹם:

צו שַׁחֲרִית אונ אין אַ תַּעֲנִית צִבּוּר צו מִנְחָה זָאגְט מען דָאס:

שִׂים שָׁלוֹם, טוֹבָה וּבְרָכָה, חַיִּים חֵן וָחֶסֶד, וְרַחֲמִים, עָלֵינוּ, וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל, עַמֶּךָ. בָּרְכֵנוּ אָבִינוּ

צו מִנְחָה אונ צו מַעֲרִיב:

שָׁלוֹם רָב, עַל יִשְׂרָאֵל עַמְּךָ,

בית ישראל

וְעַל כלם אונ אויף אַלֶע זַאכִין זָאל גלויבְּט אונ דֶער הֵייכְט וֶוערִין דַיין נָאמֶען קֶענִיג, שְׁטֶענְדִיג צוּא אֵייבִּיג:

בעשי״ת וּכְתוֹב אונ שְׁרַייבּ אָן צוּ אַגוּטֶען לֶעבִּין אַלֶע דַיינֶע קִינְדֶער וָואס דוּא הָאסְט מִיט זֵיי כּוֹרֵת בְּרִית גִיוֶועֶן (זִיךְ פֶערְבּוּנְדִין מִיט זֵיי דוּרְךְ דַיין תּוֹרָה):

מעשה אלפס

שָׁלוֹם רָב. דֶער רמב״ם שְׁרַייבְּט, אַז וִויפִיל דִי נְבִיאִים אונ חֲכָמִים הָאבְּן בּאשְׁרִיבִּין דִי שַׁאנְד פוּן מַחֲלוֹקֶת, אִיז דָאס נגור כְּטִפָּה מִן הַיָּם, דִי אוּנְגְלִיקְען וָואס מַחֲלוֹקֶת בְּרֵיינְגְט אִיז קֵיין פֶעדֶער אִימְשְׁטַאנְד אויסְצוּשְׁרַייבֶּען, אונ אַזוֹי וִוי מַחֲלוֹקֶת אִיז אוּנְגֶערֶעכְט אַזוֹי אִיז „שָׁלוֹם״ וִוִיכְטִיג, זִי אִיז דִי כְּלִי וָואס אִיז מַחֲזִיק (דוּרְךְ אִיר קוּמְט מֶען צוּ) אַלֶע בְּרָכוֹת וְהַצְלָחוֹת, דְרוּם עֶנְדִיגְט זִיךְ בִּרְכַּת כֹּהֲנִים מִיט שָׁלוֹם. שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה עֶנְדִיגְט זִיךְ מִיט דִי בְּרָכָה פוּן שָׁלוֹם, אלזא

וְכֹל אַלֶעס וָואס לֶעבְּט טוּעֶן דִיךְ אֵייבִּיג דַאנְקֶען, אונ לוֹיבִּין דַיין נָאמֶען מִיט אֱמֶת, דוּא בִּיסְט דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶער הִילְף אֵייבִּיג: ברוך גילויבְּט בִּיסְטוּ גָאט, דָאס דַיין נָאמֶען אִיז גוּט אונ דִיר אַלֵיין אִיז אַנְשְׁטֶענְדִיג צוּ דַאנְקֶען:

שִׂים שלום מִיר בֶּעטִין דִיךְ גָאט טוּא דָאךְ שָׁלוֹם אונ גוּטֶס אונ בֶּענְטְשׁוּנְג, חֵן אונ חֶסֶד אונ רַחֲמִים אויף אוּנְז אונ אויף דַיין גַאנְץ פָאלְק יִשְׂרָאֵל. בֶּענְטְשׁ אוּנְז אוּנְזֶער פָאטֶער אַלֶע אִין אֵיינֶעם מִיט דֶער לִיכְט פוּן דַיין שְׁכִינָה, דֶען מִיט דֶער לִיכְט

שָׁלוֹם רב פִּיל פְרִיד זָאלְסְטוּ אויף דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל טָאן צוּ אֵייבִּיגְקַייט, דֶען דוּא בִּיסְט קֶענִיג אונ הֶער אִיבֶּער אַלֶע פְרִיד, אונ עֶס זָאל גִיפֶעלִיג זַיין אִין דַיינֶע אוֹיגִין צוּא בֶּענְטְשִׁין דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אַלֶע צַייט אונ אַלֶע שָׁעָה מִיט דַיין

כלנו כאחד, (יחד) באור פניך, כי באור פניך, נתת לנו, יי אלהינו, תורת חיים ואהבת חסד וצדקה (ורחמים) וברכה ורחמים, וחיים

תשים לעולם, כי אתה הוא מלך, אדון, לכל השלום.

ושלום. וטוב יהיה בעיניך לברכנו ולברך, את כל עמך ישראל, בכל עת ובכל שעה, בשלומך (ברוב עוז ושלום): בספר ברוך אתה יי, המברך, את עמו ישראל, בשלום:

בית ישראל

פון דיין שכינה האסטו אונז גיגעבין דוא אונזער גאט דיא תורה, צו וויסין, זיך אויף צופירען אין אייגענעם לעבין אונ ליב האבין צו טאן חסד וצדקה מיטן צווייטין: וברכה גליק, בארימהערציגקייט, אריכות ימים אונ פרידען בעקומען מיר אלעם פון דיא ליכט פון דיין הייליגע תורה, אונ עס זאל גיפעליג זיין אין דיינע אויגען צוא בענטשין דיין פאלק ישראל אלע צייט אונ אלע שעה מיט דיין שלום: ברוך גילויבט ביסטו גאט, דער דא בענטשט זיין פאלק ישראל מיט פריד:

פריד: ברוך גילויבט ביסטו גאט, דער דא בענטשט זיין פאלק ישראל מיט פריד:

## מעשה אלפס

אלזא איז א יושר מען זאל גאנץ דייטליך בעשרייבען דעם מעדיצין וואס א גרויסער פראפעסאר (אחד מרופאי הנפשות, כבנו בעל חפץ חיים שליט"א) האט פעראָרדינט נצול צו ווערין פון דעם זורט מחלוקת וואס טרעפט נאנץ אפט, ואני הכותב האב עס פראקטיקירט אונ זיך איבערצייגט דיר כתיגקיים פון דעם, דרום בין איך געווין דאס מיט טהיילין מיינע טייערע ברידער אונ שוועסטער.—יעדער איר איז א בעל הוצאה אויף מצות ווי סוכה, לולב, מצה ובפרט צדקה. אונ דאס איז ידוע אז א מצוה תדירה (וואס איז שטענדיג נוהג) שטיים העכער ווי א מצוה וואס קומט נאר איין מאל אין יאהר, דרום זאל יעדער איד אליינין איינינע רובל א יאהר אויף די מצוה פון שלום, הייננו אז עס ווערט זיך מאכין א סכסוך מיט אייגעם וועגין א גילדין אונ יענער איז א הארטער מענש, וואס וויל פאר קיין פאל

## שיבת ציון

וטוב בעיניך. צוויי מענשין האבין זיך אמאל צוקריגט איבער א גילדין, מען האט זיך אזוי גייט גיזידילט, אז עס איז גיווען א תקיפה אונ א שאנר. אין מיטין זיינען אנגיקומען צוויי נכבדים בעטין א נדבה אויף א דבר מצוה, האט איינער פון די קריגער געגעבין א נדבה. — יעצט וואונדערט מיר אויף אייך (זאג איך צו אים), פריער האב איך געקעכענט פשוט, אז איר זייט א קארגער, א גילדין איז ביי אייך איין עולם ומלואו, אז עס איז רעכט איבער דעם זיך צו זידלען, יעצט זעה איך, אז איר זייט גאר ניט אזוי קארג, איר גיט צוויי גילדין א נדבה, טו ווארום האט איר ניט איבערגעלאזען אייער גילדען? וואלט איר בלייבין ביי אייער גיזונד אונ ביי אייער כבוד.— איר פאר שטייט ניט (ענטפערט יענער), צדקה געבין איז א רובל אויף רעכט, א איד איז גיוואוהנט אז מצות זאל אים קאסטין געלט, אבער וואס פאר א מצוה האב איך דא, אז מיין גילדין זאל בלייבין ביי יענעם? — איר האט אויף אייער לעבין קיינעם ניט גינארט? [פרעג איך אים], איך מיין ניט אין געלט, נור אזוי גלאט אפנארין אין א גילעכטער? עס טרעפט אמייל, אז מען נארט אב [ענטפערט יענע], — הייננט וואס איז דער יצר הרע אזא יחכן, וואס אים ווילט איר ניט נארין? ווי זאל איך אים נארן? [פרעגט יענער]. זאגט אים [דעם יצה"ר], אז איר לאזט נאך דעם גילדן, ניט צוליב יענעם, נור ווייל איר ווילט מקיים זיין דיא

בעשי"ת **וּבְסֵפֶר** חַיִּים בְּרָכָה וְשָׁלוֹם וּפַרְנָסָה טוֹבָה, וּגְזֵרוֹת טוֹבוֹת יְשׁוּעוֹת וְנֶחָמוֹת נִזָּכֵר וְנִכָּתֵב לְפָנֶיךָ, אֲנַחְנוּ וְכָל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל, לְחַיִּים טוֹבִים וּלְשָׁלוֹם: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ הַמְבָרֵךְ אֶת עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל בַּשָּׁלוֹם:

**אֱלֹהַי,** נְצוֹר לְשׁוֹנִי מֵרָע, וּשְׂפָתַי מִדַּבֵּר מִרְמָה, וְלִמְקַלְלַי, נַפְשִׁי תִדּוֹם,

## בית ישראל

בעשי"ת **בספר** אין בוך פון לעבין, בענטשונג אונ פריד אונ גוטע פרנסה, זאלין מיר גידאכט אונ אָן געשריבען ווערין פאר דיר, מיר אונ דיין גאנץ פאלק ישראל צו גוטין לעבין אונ צו שלום: ברוך גילויבט ביסטו גאט, דער דא מאכט דעם פריד:

**אלהי** מיין גאט, איך בעט דיך, היט מיין צונג פון שלעכטס אונ מיינע

## מעשה אלפס

ס'ם נאכגעבען אונ עס קען פון דעם ווערין א קריג, אונ בעת דער שכל ווערט פינסטער 1) דורכ'ן וואָלקן פון כעס, קען מען שוין ניט ערוב זיין פאר גרויסע דערגערין אונ בליצין, וואס קענען אנטאן גרויס שאדין מען זאל נאכהער האבען טויזענדער חרטות, איז ברעכען די נאטור אונ נאכגעבען יענעם, איז בעת מעשה שווער צו פועל'ן ביי זיך זבפרט וואו עס גייט נאך אריין אין נצחון, אבער אז מע וועט רעכענען איבערצואליגען דעם גילדין אויף דעם חשבון פון די סומא וואס מ'האט אבגיליגט אויף די מצוה פון שלום וועט דאס זיין זייער גרינג, ווייל אויס־געבען א רובל אויף א מצוה איז א איד גיוואוהנט. אז פיל קען זיך מאכען דורכ'ן יאהר צוואנציג אזעלכע גילדענס, בס"ה 3 רובל, אונ פיל מאל וועט נאכהער יענער אליין אָבגעבען דעם גילדין צוריק, ווייל ער וועט האבען מכסר כליות (געוויסענס־ביססע), ער וועט זעהען אז איך בין דער פייגער, דער אדעל־מאן, איך האב אבגעטראטען די וועג אונ ער איז געבליבען א נאר אונ א שלעכטער. אני הכותב האב געזעהען פראקטיש וואס פאר א רייכזיניגע עצה דאס איז. זי האט מיר פארשוינט די געזונד אונ מיין כבוד. אונ אפילו אין גרויסען פארמאט וואס דאס קען קאסטען 10 רובל א יאהר, איז אויך א גוואלדיגע מציאה, מען האט מיט דעם זיך פערשפארט צענדליגע מצות, וואס זייער ווירדע איז ניט אבצושאצען.

## שיבת ציון

מצוה פון שלום, וואס דאס איז איינע פון די העכסטע מצות, אונ עס איז כדאי צו לאזין זיך קאסטין פון אירט וועגין ניט אזוי א גילדין, נאר עטליכע רובל אויך, מיט דעם רעכענונג וועט אייך לייכט זיין אבצוטרעטין די וועג אונ ניט קריגען זיך. דאס איז דער גידאנקען „וטוב בעיניך",

## בנין ציון

**ולמקללי,** נפשי תדום. דער וואס קוקט אויף א גרויסע פערגרעסער גלאז אונ עס ליגט ווס אנטקעגין, אפילו א קליין ארבעסיל זעט אים אויס ווי א גרויסער עפיל, ווען אבער קיין זאך ליגט ניט אנטקעגין, האט די ספאקטיוו ניט

די תורה זאגט „ועשית הישר והטוב בעיני ה'", לבד די תרי"ג מצות וואס שטייען דייטליך אין דער תורה, וואס אלע אידען גלייך זייען מחויב, דארף יעדער בר דעת זיך אויפפירין, עס זאל זיין שיין פאר גאט אונ פאר לייטען (איזהו דרך ישרה שיבור לו האדם, כל שהיא תפארת לעושיה ותפארת לו מן האדם), הייסט ווי שיין איז די וועג, אז איך לאז איבער מיין גילדען, בכדי עס זאל ניט קומען צו קיין קריג, דאס איז גרויס „טוב וישר בעיני ה'" וואס זיין נאמען איז „שלום", פארשטייען מיר אז „וטוב בעיניך" עס איז דיר וואהלגעפעלין צו בענטשען דיין פאלק ישראל „בכל עת ובכל שעה" אין יעדער צייט אונ יעדער שטונדע מיט שלום, ווי עס קומט דאך פאר אמאל א סכסוך אין מענש מיט'ן צווייטען וועגין געלט־זאכין, אונ בעת מען ווערט צוזאמען, דאן קען קומען צו די גרעסטע מחלוקת, טו ווי אזוי קען זיין שטענדיג שלום? נאר א קלוגער גיט זיך איין עצה, אבנארין דעם יצה"ר. — ליידער אבער איז די הצלחה פון יצה"ר אזוי גרויס, אז פיל מענשין, וואס אלעמען איז ביי זיי רעכט אבצונארין אפילו אין געלט, נאר אנטקעגין יצה"ר זייען זיי ערליכע לייט אונ ווילען אים ניט נארין, אויף דעם בעקלאגט זיך דער נביא (ירמיה ט') „שבתך בתוך מרמה" פון דעסטוועגין „במרמה מאנו דעת אותי נאם ה'", דאס איז שוין צו ערליך, אויף דעם זאגט דער שפריכווארט „וואס צו איז אומגיזונד".

---

1) בדרך צחות קען מען זאגין א רמז וואָרום בשחרית זאגט מען „שים שלום" אונ אָוועכד „שלום רב", ווייל בעת די זון (פון שכל) האלט ביים אונטערגיין, איז מיינט דער איינפאכער שלום, מען דארף האבען „שלום רב", אנדערע, פיל מיטלין צו ערהאלטען דעם שלום.

וְנַפְשִׁי כֶּעָפָר לַכֹּל תִּהְיֶה. פְּתַח לִבִּי בְּתוֹרָתֶךָ וְאַחֲרֵי מִצְוֹתֶיךָ תִּרְדּוֹף נַפְשִׁי וְכָל הַקָּמִים וְהַחוֹשְׁבִים עָלַי לְרָעָה, מְהֵרָה הָפֵר עֲצָתָם וְקַלְקֵל מַחֲשַׁבְתָּם. עֲשֵׂה לְמַעַן שְׁמֶךָ, עֲשֵׂה לְמַעַן יְמִינֶךָ, עֲשֵׂה לְמַעַן תּוֹרָתֶךָ. עֲשֵׂה לְמַעַן קְדֻשָּׁתֶךָ,

## מעשה אלפס

וְנַפְשִׁי כֶּעָפָר לַכֹּל תִּהְיֶה. די ערשטע מעלה פון די ערד איז, וואס זי איז זייער וואלזהעטיג, זי שפייזט אלע ברואים — זי באגלייט אלע ברואים. — זי גיט אלע מאטריאל צו בויען וואהנונגען — זי גיט מאטריאל צו מאכען אללערליי תכשיטין, הכלל עס איז זיך גאר ניט פארצושטעלען די וואלטהאט פון די ערד. דאס צווייטע ווען א מענש וואלט זיין א טויזענדער מיל אזוי וואלטהעטיג ווי די ערד, וואלט גאר ניט מעגליך זיין צו ערטראגען זיין שטאלץ, און זיין גרויסקייט, אונ די ערד ווען אויך זי איז אזוי וואל־טהעטיג, דאך שטאלצירט זי ניט, אין געגענטייל זי לאזט זיך טרעטען פון קלענסטען. דאס איז די כונה „וְנַפְשִׁי כֶּעָפָר לַכֹּל תִּהְיֶה" מיין זעלע זאל זיין ווי די ערד אין אלעם, זי זאל האבען אלע מעלות פון די ערד, זי זאל זיין וואל־טהעטיג אונ ניט שטאלצירען איבער קיינעם. אויך זאל מיין זעלע געמען א בעמערקונג פון די ערד, ווען האט די ערד די אלע מעלות? בעת זי איז פריינדליך מיט'ן הימל, אונ ער גיט איר טוי אונ רעגין, דאן קליגט זי זיך אן מיט איר גרינעם שלוייער אונ ווערט א טייערע ווירטהין „אם כל חי", אבער ווען זי ענטזאגט זיך פון הימל, היינו זי איז ניט מקבל קיין טוי אונ רעגין, דאן ווערט איר הארץ פערטריקנט, אונ איז אוים וואלטהעטיגע ווירטהין. דאס גלייכען (זאל איך נעהמען אין ידאנקען), ווען קען מיינע וואלטהעטיגקייט עקזיסטירען, זיין א פיינער מאן „אוהב את הבריות" נור בעת איך בין „אוהב את המקום", איך לערין זיין תורה, וואס זיא איז משפיע אויפ'ן מענשען גייסטליכע טוי אונ רעגען, ווי משה רבנו זאגט (בשירת האזינו) „יַעֲרֹף כַּמָּטָר לִקְחִי, תִּזַּל כַּטַּל אִמְרָתִי" די תורה איז ווי טוי אונ רעגין, וואס טרינקען אן די אידישע הארץ מיט גייסט, עס זאל שפראצין טייערע בלומען פון כל המדות טובות. אונ ווען איך וועל האבען די אלע מעלות פון די ערד, וועל איך מיט מיינע קינדער עוויג עקזיסטירין, אזוי ווי די ערד ווערט קיין מאל נים כלה, זי לעבט אלעמען איבער (זעה מעשה אלפס חלק ז', פרק מכנף הארץ).

## בית ישראל

ליפען פון צו ריידען פאלשקייט, אונ אז איינער וועט מיך שילטין, זאל איך זיין גידולדיג אונ אים ניט ענטפערין. אונ מיין זעלע זאל האבין אלע מעלות וואס דיא ערד האט (זעה בנין ציון), עפין מיין הארץ אין דיין תורה אונ נאך דיינע מצות זאל מיין ווילען נאך יאגין, אונ דיא וואס טראכטין אויף מיר שלעכטס זאלסטו באלד זייער עצה פאר שטערין אונ פאר דארב זייערע פלענער. טוא עס אום ווילין דיין נאמען, טוא עס וועגין דיין רעכטען ווילין, טוא עס אום ווילין דיין היילינקייט,

טוא

## בנין ציון

נים וואס צו פארגרעסערין, דאס איז די כונה פון די בקשה, ווען אויך איך וועל שוין קומען צו די מדרגה היטען מיין צונג פון א שלעכט ווארט, אפילו קענין מיינע פלויבער וועל איך אויך קיין שלעכט ווארט נים ענטפערין, אבער ווען מיין הארץ וועט אין מיר קאכען אויף די זלזולים, בין איך נאך נים גיקומען צו די העכסטע מדה, איך פערלאנג ולמקללי, נפשי תדום' מיין זעלע זאל אויך שטיל שווייגין אונ רוהיג בלייבין, בעת יעגער זידילט מיר דארף איך גוט איינהערכין וואס ער זאגט 1) אונ זיין צופרידען מיט אזא גילעגענהייט, וואס איך האב געקראגין אזא גוטען מוכיח, וואס ער זאגט מיר אוים מיינע פעלערין, ווען אויך ער האט זיי פיל פארגרעסערט, אבער עפעס איז דאך דא אין מיר, ווען ניט וואלט דאך נים גיווען וואס צו פער־גרעסערען, אלזא דארף איך זעהן אויסצוגלייכען די פלעקין, וואס איז אין מיר, איז לבד וואס דורך דעם וועל איך בלייבין א פיינער מאן אן פעלערין, וועט דאס נאך זיין די גרעסטע נקמה, אן מיינע פלויבער, זיי וועלין נים האבין מער וואס אויפצווארפין מיר.

1) ווי משה רבנו ע"ה זאגט (אין דעם שיר פון שבת) „בַּקָּמִים עָלַי מְרֵעִים" בעת עס שטייען אויף מיר אויף, שלעכטע מענשען, מיר צו שענדין, בעמיהע איך זיך, מיין הארץ זאל נים ווערען צוקאכט, נור „תִּשְׁמַעְנָה אָזְנָי" גאנץ רוהיג צוהערין, וואס זיי ריידין אויף מיר, אום איך זאל ווייסען וואס צו פאריכטען, אז דורך דעם זאל זיין „צַדִּיק כַּתָּמָר יִפְרָח" די גערעכטיגקייט מיינע זאל בליהען ווי דער תמר (שאין לו אלא לב אחד, לבו שבשמים) אונ ווי די חכמי התלמוד „הַנֶּעֱלָבִין וְאֵינָן עוֹלְבִין" דער קלוגער מענש ווען ער ווערט פארשעמט פון אינעם, דארף ער בלייבין שטיל אונ נים זידלען צוריק, נור „שׁוֹמְעִים חֶרְפָּתָם" ער דארף איינהארכין וואס יענער זידילט אים, אום ער זאל וויסין ווי צו בעסערין זיך, אויף דיזע קלוגע מענשען ווערט גיזאגט „וְאוֹהֲבָיו כְּצֵאת הַשֶּׁמֶשׁ בִּגְבוּרָתוֹ" זיי וועלין שיינען ווי די זון אין העלין טאג.

ט אני מאמין באמונה שלמה, שהבורא יתברך שמו יודע כל מעשה בני אדם וכל מחשבותם, שנאמר היוצר יחד לבם המבין אל כל מעשיהם:

יא אני מאמין באמונה שלמה, שהבורא יתברך שמו גומל טוב לשומרי מצותיו ומעניש לעוברי מצותיו:

יב אני מאמין באמונה שלמה, בביאת המשיח, ואף על פי שיתמהמה, עם כל זה אחכה לו בכל יום שיבא:

יג אני מאמין באמונה שלמה, שתהיה תחית המתים, בעת שתעלה רצון מאת הבורא יתברך שמו ויתעלה זכרו לעד ולנצח נצחים:

לישועתך קויתי יי, קויתי יי לישועתך, יי לישועתך קויתי:
לפרקנך סברית יי, סברית יי לפרקנך, יי לפרקנך סברית:

## בית ישראל

י אני מאמין, איך גלויב ריכטיג, אז דער בורא (גילויבט איז זיין נאמען!) ווייס אלע מעשים (טהאטין) פון מענשין, אונ אויך אלע זייערע גידאנקען, וויא עס איז גיזאגט אין פסוק דר וואס האט בעשאפין אלע זייערע הערצער דער פערשטייט אויף אלע זייערע מעשים:

יא אני מאמין, איך גלויב ריכטיג, אז דר באשעפער (גירויבט איז זין נאמען!) בעלוינט מיט גוטעס די וואס היטען זיינע געבאטע, אונ בעשטראפט די וואס טרעטין איבער זיינע געבאטע:

יב אני מאמין. איך גלויב ריכטיג, איז דעם קומען פון משיח צדקנו, ווען אויך ער זאמט זיך, פאל איך ניט פוי מוטה, אונ האף אלע טאג דאס ער וועט נאך קומען:

## מעשה אלפס

פון דעם שורש „תורה מן השמים" גייען ארויס דיא מיטעלסטע פיר צווייגין (אני מאמינס):

י—יג דער דריטער שורש (וואורצעל) איז שכר ועונש, אז דער עוויגער בעלאהנט גוטעס פאר גוטע מעשים, זאגאר פאר גוטע געדאנקען וואס זיי שטימען נאך די תורה, אונ ער שטראפירט פאר שלעכטע מעשים אונ גידאנקען, וואס זיינען געגען די תורה. דער „שכר" אונ „עונש" איז אמאל גלייך אויף ערט אונ אמאל מיט אציים שפעטער, וויא דיא חכמה עלונה רעכינט אויס, (זעה אויבין אין אהבה רבה ביי „ולא נבוש לעולם ועד", פון שורש „שכר ועונש" שפאצין ארויס דיא לעצטע פיר צווייגען (אני מאמינס). דאס איז דיא יסודות האמונה בקצור, אבער וויסען גינטיג אונ זיך דאס איין שאפין אין מוח אונ אין הארצי איז עס אגרויסע סטודיום, וואס מיברויכט יאהרין לאנג סטודירין (מער וויא אויף דאקטאר מידיצין), אונ אז מיהארעוועט דער גייט מען (יגעתי ומצאתי תאמין), דער וואס וויל ניט הארעווען נאר רויך אקאלטין טרונק רעכינט ער ווערין פראפעסאר פון אמונה, זאל ער גידיינקען אמאמר החכם. „אחולה איז גרינג צוא ווערין פון אקאלטין טרונק, אבער ניט קיין רופא":

יג אני מאמין, איך גלויב ריכטיג. אין תחית המתים (אז די גישטארבענע וועלין צוריק לעבעדיג ווערין), אין דער צייט ווען עס וועט זיין דער רצון פון דעם בורא. גילויבט איז זיין נאמן אונ הויכערהייבין זאל זיין אנדיינקען אויף עוויג עוויגקייט — אויף דיין הילף האף איך גאט:

הרואה חלום ונפשו עגומה עליו ישבנו בפני שלשה האוהבים אותו בזה הסדר:

החולם אומר ז' פעמים חלמא טבא חזאי: ועונין ג' המטיבים שבע פעמים: חלמא טבא חזית. טבא הוא וטבא להוי. רחמנא טבא לשויה לטב. שבע זמנין לגזרו עלה מן שמיא די להוי טבא ויהוי טבא. טבא הוא וטבא להוי: ואומר החולם הפכת מספדי למחול לי פתחת שקי ותאזרני שמחה: ועונין ולא אבה יי אלהיך לשמוע אל בלעם ויהפוך יי אלהיך לך את הקללה לברכה כי אהבך יי אלהיך: אז תשמח בתולה במחול ובחורים וזקנים יחדו והפכתי אבלם לששון ונחמתים ושמחתים מיגונם: החולם אומר פדה בשלום נפשי מקרב לי כי ברבים היו עמדי ועונין ופדויי יי ישבון ובאו ציון ברנה ושמחת עולם על ראשם ששון ושמחה ישיגו ונסו יגון ואנחה: ויאמר העם אל שאול היונתן ימות אשר עשה הישועה הגדולה הזאת בישראל חלילה. חי יי אם יפול משערת ראשו ארצה כי עם אלהים עשה היום הזה ויפדו העם את יונתן ולא מת: החולם אומר בורא ניב שפתים שלום שלום לרחוק ולקרוב אמר יי ורפאתיו: ועונין ורוח לבשה את עמשי ראש השלישים לך דויד ועמך בן ישי שלום. שלום לך ושלום לעוזרך כי עזרך אלהיך ויקבלם דויד ויתנם בראשי הגדוד: ואמרתם כה לחי ואתה שלום וביתך שלום וכל אשר לך שלום: יי עז לעמו יתן יי יברך את עמו בשלום: החולם יאמר ג"פ אשא עיני אל ההרים מאין יבא עזרי: עזרי מעם יי עשה שמים וארץ: ומשיבין לו ג"פ אל יתן למוט רגלך אל ינום שמרך: הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל: יי שמרך יי צלך על יד ימינך: יומם השמש לא יככה וירח בלילה: יי ישמרך מכל רע ישמר את נפשך: יי ישמר צאתך ובואך מעתה ועד עולם: ואומר החולם וידבר יי אל משה לאמר: דבר אל אהרן ואל בניו לאמר כה תברכו את בני ישראל אמור להם: ועונין יברכך יי וישמרך: יאר יי פניו אליך ויחנך: ישא יי פניו אליך וישם לך שלום: ואומר החולם ג"פ תודיעני ארח חיים: ועונין שבע שמחות את פניך נעמות בימינך נצח: ואומר החולם ג"פ יי שמעתי שמעך יראתי: ועונין ג"פ יי פעלך בקרב שנים חייהו בקרב שנים תודיע ברגז רחם תזכור: ואח"כ יאמרו המטיבים לך אכול בשמחה לחמך ושתה בלב טוב יינך כי כבר רצה האלהים את מעשיך: ותשובה ותפלה וצדקה מעבירין את רוע הגזרה. ושלום עלינו ועל כל ישראל אמן: סימן טוב ומזל טוב יהיה לנו ולכל ישראל אמן:

א א שִׁיר הַשִּׁירִים אֲשֶׁר לִשְׁלֹמֹה׃ ב יִשָּׁקֵנִי מִנְּשִׁיקוֹת פִּיהוּ כִּי־טוֹבִים דֹּדֶיךָ מִיָּיִן׃
ג לְרֵיחַ שְׁמָנֶיךָ טוֹבִים שֶׁמֶן תּוּרַק שְׁמֶךָ עַל־כֵּן עֲלָמוֹת אֲהֵבוּךָ׃ ד מָשְׁכֵנִי
אַחֲרֶיךָ נָּרוּצָה הֱבִיאַנִי הַמֶּלֶךְ חֲדָרָיו נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בָּךְ נַזְכִּירָה דֹדֶיךָ מִיַּיִן
מֵישָׁרִים אֲהֵבוּךָ׃ ה שְׁחוֹרָה אֲנִי וְנָאוָה בְּנוֹת יְרוּשָׁלָ͏ִם כְּאָהֳלֵי קֵדָר כִּירִיעוֹת שְׁלֹמֹה׃
ו אַל־תִּרְאוּנִי שֶׁאֲנִי שְׁחַרְחֹרֶת שֶׁשְּׁזָפַתְנִי הַשָּׁמֶשׁ בְּנֵי אִמִּי נִחֲרוּ־בִי שָׂמֻנִי נֹטֵרָה
אֶת־הַכְּרָמִים כַּרְמִי שֶׁלִּי לֹא נָטָרְתִּי׃ ז הַגִּידָה לִּי שֶׁאָהֲבָה נַפְשִׁי אֵיכָה תִרְעֶה אֵיכָה
תַּרְבִּיץ בַּצָּהֳרָיִם שַׁלָּמָה אֶהְיֶה כְּעֹטְיָה עַל עֶדְרֵי חֲבֵרֶיךָ׃ ח אִם־לֹא תֵדְעִי לָךְ הַיָּפָה
בַּנָּשִׁים צְאִי־לָךְ בְּעִקְבֵי הַצֹּאן וּרְעִי אֶת־גְּדִיֹּתַיִךְ עַל מִשְׁכְּנוֹת הָרֹעִים׃ ט לְסֻסָתִי
בְּרִכְבֵי פַרְעֹה דִּמִּיתִיךְ רַעְיָתִי׃ י נָאווּ לְחָיַיִךְ בַּתֹּרִים צַוָּארֵךְ בַּחֲרוּזִים׃ יא תּוֹרֵי זָהָב
נַעֲשֶׂה־לָּךְ עִם נְקֻדּוֹת הַכָּסֶף׃ יב עַד־שֶׁהַמֶּלֶךְ בִּמְסִבּוֹ נִרְדִּי נָתַן רֵיחוֹ׃ יג צְרוֹר הַמֹּר
דּוֹדִי לִי בֵּין שָׁדַי יָלִין׃ יד אֶשְׁכֹּל הַכֹּפֶר ׀ דּוֹדִי לִי בְּכַרְמֵי עֵין גֶּדִי׃ טו הִנָּךְ יָפָה רַעְיָתִי

---

### פירוש ע"ט

א א) שיר. שלמה'ס א געזאנג איבער אלע געזאנגען. ב) ישקני. ער קושט מיך מיט דעם קוש פון זיין מויל, דען דיינע ליבע איז ליבליכער וויא וויין. ג) לריח. דיינע זאלבען ריכטען גוט, דיין נאמען איז איינע אויסגעשיטעטע זאלב, דארום ליבען דיך דיא יונגפרויען, ד) משכני. ציהע מיך צו דיר, אזויא לויפען מיר, דער קאניג האט מיך געבראכט אין זיינע צימערן, מיר זענען לוסטיג אונ מיר פרייען זיך מיט דיר, מיר געדיינקען אן דיין ליבע מעהר וויא אן וויין, דיא פרומע ליבען דיך. ה) שחורה. איך בין שווארץ, אבער נאר ליבליך, איהר טאכטער ירושלים'ס, וויא דיא געצעלטען קדר'ס (טאבערן) ווי שלמה'ס טעפּפּיכע. ו) אל. זעהט מיך ניט אן דאס איך בין אזויא שווארץ, דען דיא זונן האט מיך פערברענט, מיינע מוטער קינדער צירנגעטען מיט מיר. זייא האבען מיר געמאכט פאר א היטערן דיא וויין־גארטנער, אבער מיין איינענעם וויינגארטען האב איך ניט געהיט. ז) הגידה. זאג מיר, דוא, וואס מיין זעלע ליבט, וואו פיטערסט דוא דיינע שאף, וואו רוהסט דוא אים מיטאג, איך זאל ניט מוזען געהען הין אונ הער ביא דען הערדען דיינער געזעלען. ח) אם. ווייסט דוא עס ניט, דוא שאנסטע אונטער דען וויבער, זא געה הינאוס נאך דיא טריט פון דיא שאף אונ ווידע (פיטער) דיינע ציעגליין ביא דיא הירטענהייזער. ט) לססתי. איך גלייבע דיך מיינע פריינדין, צו מיינעם געשפאן אין וואגען פרעה'ס. י) נאוו. דיינע באקען שטעהען ליבליך מיט צייַלען פון גאלד, דיין האלז אין שנירליך פערל. יא) תורי. מיר ווילען דיר גאלדענע קיטען מאכען מיט זילבערנע פינטליך: יב) עד. ביז דער קאניג איז געוועזן אנגעלענט האט מיינע געווירץ געגעבען איהר גערוך. יג) צרור. מיין פריינד איז מיר איין בינדיל גוטע געווירץ דאס צווישען מיינע ברוסט הענגען. יד) אשכל. מיין פריינד איז צו מיר וויא א הייננגעל פון קאנפאר געווירץ אין דיא וויינגארטנער פון עין גדי.

### משלי יהושע

**שיר** השירים אשר לשלמה: עס איז ידוע דאס שלמה בן דוד מלך ישראל האט געשריבען פיל ספורים, פון די אלע זענען געבליבען נור דריי, משלי, שה"ש אונ קהלת, אויף משלי אונ קהלת האט ער געשריבען זיין פאטערס נאמען אויך, נאר אויף שה"ש האט ער זיין יחוס „בן דוד מלך ישראל" ניט ערינערט? ווייל „משלי" אונ „קהלת" זענען מוסר אונ תוכחה, אפגע־פסקת די וועלט, הבל הבלים... וועט אפשר איינער מיינען אז דאס האט געזאגט אזא מענש וואס קאן דיא וועלט ניט. ער ווייסט ניט וויפיל גרויסע פערגניגען א מענש קאן האבען אויף דער וועלט, דערפאר זאגט ער דוא זאלסט וויסען אז דאס זאגט שלמה וואס ער איז בן דוד אקאניגס א זאהן אונ מלך

הִנָּךְ יָפָה עֵינַיִךְ יוֹנִים׃ טז הִנְּךָ יָפֶה דוֹדִי אַף נָעִים אַף־עַרְשֵׂנוּ רַעֲנָנָה׃ יז קֹרוֹת בָּתֵּינוּ
אֲרָזִים רַחִיטֵנוּ רהיטנו קרי בְּרוֹתִים׃ ב א אֲנִי חֲבַצֶּלֶת הַשָּׁרוֹן שׁוֹשַׁנַּת הָעֲמָקִים׃
ב כְּשׁוֹשַׁנָּה בֵּין הַחוֹחִים כֵּן רַעְיָתִי בֵּין הַבָּנוֹת׃ ג כְּתַפּוּחַ בַּעֲצֵי הַיַּעַר כֵּן דּוֹדִי בֵּין
הַבָּנִים בְּצִלּוֹ חִמַּדְתִּי וְיָשַׁבְתִּי וּפִרְיוֹ מָתוֹק לְחִכִּי׃ ד הֱבִיאַנִי אֶל־בֵּית הַיָּיִן וְדִגְלוֹ עָלַי
אַהֲבָה׃ ה סַמְּכוּנִי בָּאֲשִׁישׁוֹת רַפְּדוּנִי בַּתַּפּוּחִים כִּי־חוֹלַת אַהֲבָה אָנִי׃ ו שְׂמֹאלוֹ
תַּחַת לְרֹאשִׁי וִימִינוֹ תְּחַבְּקֵנִי׃ ז הִשְׁבַּעְתִּי אֶתְכֶם בְּנוֹת יְרוּשָׁלִַם בִּצְבָאוֹת אוֹ
בְּאַיְלוֹת הַשָּׂדֶה אִם־תָּעִירוּ | וְאִם־תְּעוֹרְרוּ אֶת־הָאַהֲבָה עַד שֶׁתֶּחְפָּץ׃ ח קוֹל דּוֹדִי
הִנֵּה־זֶה בָּא מְדַלֵּג עַל־הֶהָרִים מְקַפֵּץ עַל־הַגְּבָעוֹת׃ ט דּוֹמֶה דוֹדִי לִצְבִי אוֹ לְעֹפֶר
הָאַיָּלִים הִנֵּה־זֶה עוֹמֵד אַחַר כָּתְלֵנוּ מַשְׁגִּיחַ מִן־הַחַלֹּנוֹת מֵצִיץ מִן־הַחֲרַכִּים׃
י עָנָה דוֹדִי וְאָמַר לִי קוּמִי לָךְ רַעְיָתִי יָפָתִי וּלְכִי־לָךְ׃ יא כִּי־הִנֵּה הַסְּתָו הסתיו קרי עָבָר
הַגֶּשֶׁם חָלַף הָלַךְ לוֹ׃ יב הַנִּצָּנִים נִרְאוּ בָאָרֶץ עֵת הַזָּמִיר הִגִּיעַ וְקוֹל הַתּוֹר נִשְׁמַע

---

### פירוש ע"ם

טו) הִנָּךְ. זיהע מיינע פריינדין, דוא ביסט שיין, שאן בינסט דוא, דיינע אויגען זיינען וויא טויבען אויגען. טז) הִנְּךָ. דו מיין פריינד בינסט שאן אונ ליבליך, אונזער בעטט גרינעט. יז) קֹרוֹת. אונזערע הייזער באלקען זענען צעדערן, אונזערע דאכשינדעל זענען פאן באקסען בוימער:

ב א) אֲנִי. איך בין אבלום צו שרון (אברייטער פלאץ) אונ א ראזע אין טהאל.
ב) כְּשׁוֹשַׁנָּה. וויא א רויז צווישען די דערנער. אזוי איז מיינע פריינדין צווישען די טאכטער.
ג) כְּתַפּוּחַ. וויא איין אפפעלבוים צווישען דיא ווילדע בוימער. אזוי איז מיין פריינד צווישען דיא זאהנע, איך זיטץ אונטער דעם שאטטען וואס איך בעגעהר אונ זיינע פרוכט איז זיס פאר מיין גומען. ד) הֱבִיאַנִי. ער האט מיך געבראכט אין דען ווייןהויז אונ דיא ליעבע איז זיין „פאן" איבער מיר. ה) סַמְּכוּנִי. ערקוויקט מיך מיט ראזינען־קוכען, אונ לאבעט מיך מיט אפפעל, דען איך בין קראנק פון ליעבע. ו) שְׂמֹאלוֹ. זיין לינקע לעגט ער אונטער מיין קאפ אונ זיין רעכטע הערצעט (האלדזט) מיך. ז) הִשְׁבַּעְתִּי. איך בעשווער אייך, איהר טאכטער פון ירושלים, ביי די הירשען אדער ביי דיא הינדין אויף דעם פעלד, דאס איהר זאהלט ניט ערוועקען אונ ניט אויפרעגען מיינע פריינדין ביז עס איהר זעלבסט געפאללט. ח) קוֹל. דא איז דיא שטימע פון מיין פריינד, ער קומט, ער היפט אויף דיא בערג, אונ שפרינגט אויף דיא היגעלן. ט) דּוֹמֶה. מיין פריינד איז גלייך צו א רעה (אלטער הירש) אדער א יונגען הירש, ער שטעהט הינטער אונזער וואנד, אונ קוקט דורכ'ן פענסטער ער זעהט דורך דיא שפאלטען. י) עָנָה. מיין פריינד האט געענטפערט אונ געזאגט צו מיר, שטעהע אויף, מיינע פריינדין מיינע שאנע אונ קום אהער. יא) כִּי. דען דער ווינטער איז פערגאנגען, דער רעגען איז וועג אונ דאהי'ן. יב) הַנִּצָּנִים. דיא בלומען זענען געזעהען געווארען אין לאנד, עס איז געקומען דיא צייט פון

### משלי יהושע

ישראל, אליין איז ער אויך אקאניג אונ ער האט פארזוכט פון אלע גרויסע פערגניגען וואס זענען פאראן אויף דער וועלט אונ אז ער זאגט: „הבל הבלים" איז די וועלט, קאנסט דו איהם גלויבען, ניט אזוי איז „אגעזאנג". ווען איינער הארט זינגענדיג, פרעגט ער ניט דעם יחוס פון דעם זינגער אבי דער שיר איז גוט, דערפאר שרייבט ער נור שיר השירים אשר (לשלמה), אהן זיין יחוס. באמת איז „שיר השירים" אוואונדערליכער שיר. צעהן שירים זענען אויף דער וועלט געזאגט געווארען, דעם ערשטען שיר האט געזאגט אדם הראשון, אז ער האט געזינדיגט פאר גאטט אונ דער שבת האט איהם בעשיטצט ער איז ניט געשטארבען האט ער געזאגט מזמור שיר ליום השבת (תהלים צב) דעם צווייטען שיר האט

בארצנו: יג התאנה חנטה פגיה והגפנים סמדר נתנו ריח קומי לכי לך קרי רעיתי
יפתי ולכי־לך: יד יונתי בחגוי הסלע בסתר המדרגה הראיני את־מראיך השמיעני
את־קולך כי־קולך ערב ומראיך יתיר י נאוה: טו אחזו־לנו שועלים שועלים קטנים
מחבלים כרמים וכרמינו סמדר: טז דודי לי ואני לו הרעה בשושנים: יז עד־שיפוח
היום ונסו הצללים סב דמה־לך דודי לצבי או לעפר האילים על־הרי בתר:
ג א על־משכבי בלילות בקשתי את שאהבה נפשי בקשתיו ולא מצאתיו: ב אקומה
נא ואסובבה בעיר בשוקים וברחבות אבקשה את שאהבה נפשי בקשתיו ולא
מצאתיו: ג מצאוני השמרים הסבבים בעיר את שאהבה נפשי ראיתם: ד כמעט
שעברתי מהם עד שמצאתי את שאהבה נפשי אחזתיו ולא ארפנו עד־
שהביאתיו אל־בית אמי ואל־חדר הורתי: ה השבעתי אתכם בנות ירושלם

### פירוש ע"ט

זינגען, אונ די שטימע פון די טורטעלטויב לאזט זיך הערען אין לאנד. יג) התאנה. דער פייגענבוים שפראצט זיינע קנאספען. דיא ווייןשטעקע האבען געוואנגען בליטען. אונ געבען זייער גערוך. שטעה אויף מיינע פריינדין, אונ קום... מיינע שאנע קום אהער. יד) יונתי. מיין טויב אין דיא שפאלטען פון פעלזענשטיין, אין די פארבארגענע שפאלטען וויז מיר דיין געשטאלט, לאז מיר הערען דיין שטימע. דען דיין שטימע איז זים, אונ דיין געשטאלט איז ליבליך. טו) אחזו. באגרייפט אונז דיא פיכס דיא קליינע פיכס וואס פארדארבען דיא וויינגארטנער. דען אונזערע וויינגארטנער האלטען אין שפראצען. טז) דודי. מיין פריינד איז מיין, אונ איך בין זיין. דער ווייעדעט (פיטערט) אונטער דער ראזען. יז) עד. ביז דער טאג וועט קיהל ווערען. אונ דיא שאטען געהען אוועק. קעהר אום אונ ווער וויא איין רעה. מיין פריינד, אדער וויא א יונגער הירש אויף דען שיידעבערג.

### משלי יהושע

געזאגט משה אונ דיא יודען בעת גאטט האט זייא אריבערגעפירט דעם ים. ווי דער פסוק זאגט אז ישיר משה ובני ישראל. (פרשה בשלח) דעם דריטען שיר האבען די יודען געזאגט בעת גאטט האט זייא געגעבען דעם ברונען „אז ישיר ישראל, (פרשה הקת) דעם פיערטען שיר האט משה רבנו געזאגט פאר זיין שטארבען (פרשה האזינו). דעם פינפטען שיר האט געזאגט יהושע בן נון ער האט אבגעשטעלט די זונן מיט דער לבנה אויף זעכס אונ דרייסיג שעה, אז ידבר יהושע לה׳. דעם זעכסטען שיר האבען געזאגט דבורה אונ ברק (שופטים ה׳) דעם זיעבענטען. חנה בעת גאטט האט איהר געגעבען א זאהן, דעם אכטען שיר. דוד המלך אז גאטט האט איהם מציל געווען פון אלע זיינע פיינדע. דאס נייננטע "שיר השירים אשר לשלמה". דעם צעהנטען שיר וועלען יודע זאגען אז משיח וועט קומען. אונ זיי וועלען געהען אין ירושלים פון די אלע שירים איז דער בעסטער היילינגסטער טיעפזיניגסטער „שיר השירים". דערפאר זאגט דער פסוק א דאפעלטען לשון „שיר־השירים".

ג א) על. ביי נאכט אויף מיין געלעגער זוך איך דעם וואס מיין זעעלע ליבט, איך האב איהם געזוכט, אבער איך האב איהם ניט געפונען. ב) אקומה. איך וויל אויפשטעהען אונ ארומגעהען אין שטאט אין די גאססען אונ שטראסען זוכען דעם מיינע זעעלע ליבט. איך זוך אבער איך האב איהם ניט געפונען. ג) מצאוני. די וואכטער וועלכע אומגעהען אין דער שטאדט האבען מיך געפונען. האט איהר ניט געזעהען דעם וואס מיינע זעעלע ליעבט?. ד) כמעט. נאר וואס איך בין אוועקגעגאנגען פון זיי, האב איך געפונען דעם וואס מיין זעעלע ליעבט. איך האב איהם אנגעהאלטען. ניט געוואלט אפלאזען ביז איך וועל איהם ברענגען אין מיין מוטטערס הויז. אין די קאמער וואס האבען מיך געבארען. ה) השבעתי. איך בעשווערע

בִּצְבָאוֹת אוֹ בְּאַיְלוֹת הַשָּׂדֶה אִם־תָּעִירוּ וְאִם־תְּעוֹרְרוּ אֶת־הָאַהֲבָה עַד שֶׁתֶּחְפָּץ׃
ו מִי זֹאת עֹלָה מִן־הַמִּדְבָּר כְּתִימְרוֹת עָשָׁן מְקֻטֶּרֶת מוֹר וּלְבוֹנָה מִכֹּל אַבְקַת רוֹכֵל׃
ז הִנֵּה מִטָּתוֹ שֶׁלִּשְׁלֹמֹה שִׁשִּׁים גִּבֹּרִים סָבִיב לָהּ מִגִּבֹּרֵי יִשְׂרָאֵל׃ ח כֻּלָּם אֲחֻזֵי חֶרֶב
מְלֻמְּדֵי מִלְחָמָה אִישׁ חַרְבּוֹ עַל־יְרֵכוֹ מִפַּחַד בַּלֵּילוֹת׃ ט אַפִּרְיוֹן עָשָׂה לוֹ הַמֶּלֶךְ
שְׁלֹמֹה מֵעֲצֵי הַלְּבָנוֹן׃ י עַמּוּדָיו עָשָׂה כֶסֶף רְפִידָתוֹ זָהָב מֶרְכָּבוֹ אַרְגָּמָן תּוֹכוֹ רָצוּף
אַהֲבָה מִבְּנוֹת יְרוּשָׁלִָם׃ יא צְאֶינָה וּרְאֶינָה בְּנוֹת צִיּוֹן בַּמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה בָּעֲטָרָה
שֶׁעִטְּרָה־לּוֹ אִמּוֹ בְּיוֹם חֲתֻנָּתוֹ וּבְיוֹם שִׂמְחַת לִבּוֹ׃ ד א הִנָּךְ יָפָה רַעְיָתִי הִנָּךְ יָפָה
עֵינַיִךְ יוֹנִים מִבַּעַד לְצַמָּתֵךְ שַׂעְרֵךְ כְּעֵדֶר הָעִזִּים שֶׁגָּלְשׁוּ מֵהַר גִּלְעָד׃ ב שִׁנַּיִךְ כְּעֵדֶר
הַקְּצוּבוֹת שֶׁעָלוּ מִן־הָרַחְצָה שֶׁכֻּלָּם מַתְאִימוֹת וְשַׁכֻּלָה אֵין בָּהֶם׃ ג כְּחוּט הַשָּׁנִי
שִׂפְתֹתַיִךְ וּמִדְבָּרֵיךְ נָאוֶה כְּפֶלַח הָרִמּוֹן רַקָּתֵךְ מִבַּעַד לְצַמָּתֵךְ׃ ד כְּמִגְדַּל דָּוִיד
צַוָּארֵךְ בָּנוּי לְתַלְפִּיּוֹת אֶלֶף הַמָּגֵן תָּלוּי עָלָיו כֹּל שִׁלְטֵי הַגִּבּוֹרִים׃ ה שְׁנֵי שָׁדַיִךְ
כִּשְׁנֵי עֳפָרִים תְּאוֹמֵי צְבִיָּה הָרוֹעִים בַּשּׁוֹשַׁנִּים׃ ו עַד שֶׁיָּפוּחַ הַיּוֹם וְנָסוּ הַצְּלָלִים
אֵלֶךְ לִי אֶל־הַר הַמּוֹר וְאֶל־גִּבְעַת הַלְּבוֹנָה׃ ז כֻּלָּךְ יָפָה רַעְיָתִי וּמוּם אֵין בָּךְ׃ ח אִתִּי

---

פירוש ע״ט

אַייך, אִיהְר טָאכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, בַּיי דִי רֶעהֶען אָדֶער הִינְדֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד, דָאס אִיהְר זָאלְט נִיט אוֹיפְוֶועקֶען אוּנ אוֹיפְרֶעגֶען מַיינֶע פְרַיינְד בִּיז עֶס אִיהְר וֶועלְבְּסְט גֶעפֶאלְט. ו) מִי. וֶוער אִיז דִיא, וָואס גֶעהְט אַרוֹיף פוּן דֶער וִויסְטֶע וִוי אַיין גֶעַבְּראָדֶער רוֹיךְ, וִוי אַגֶערוֹיךְ פוּן אַלֶערְלֵייא גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע גֶעוִוירְץ פוּן אַ קְרֶעמֶער. ז) הִנֵּה. זֶעהְט, אַרוּם שְׁלֹמֹה׳ס בֶּעטְט שְׁטֶעהֶען זֶעכְצִיג שְׁטַארְקֶע פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע אִין יִשְׂרָאֵל. ח) כֻּלָּם. זֵיי אַלֶע הַאלְטֶען שְׁוֶוערְטֶער אוּנ זֶענֶען גֶעשִׁיקְט צוּ שְׁטְרַייטֶען יֶעדֶער הָאט זַיין שְׁוֶוערְט אוֹיף זַיין זַייט, אוּם דִי שְׁרֶעק אִין נַאכְט. ט) אַפִּרְיוֹן. דֶער קֶעניג שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט מַאכֶען אַ בְּרוֹיטְבֶּעטְט פוּן הַאלְץ אוֹיס לְבָנוֹן. י) עַמּוּדָיו. זַיינֶע זֵיילֶען זֶענֶען גֶעמַאכְט פוּן זִילְבֶּער, דִיא דֶעקֶע פוּן גָאלְד, דֶער זִיץ פוּן פּוּרְפּוּר, אוּנ אִינֶעוֶועניג אִיז זִיא לִיבְּלִיךְ אוֹיסְגֶעצִירְט אוּם דֶער ווִילֶען דֶער טָאכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם. יא) צְאֶינָה. גֶעהְט אַרוֹיס, אוּנ זֶעהְט אִיהְר טֶאכְטֶער צִיוֹן׳ס דֶעם קֶעניג שְׁלֹמֹה אִין דֶעם קְרוֹין וָואס זַיין מוּטֶער הָאט אִיהְם גֶעקְרוֹינְט, אִין דֶעם טָאג זַיינֶער הָאכְצַייט אוּנ אִין דֶעם טָאג דֶער פְרַיידֶע זַיינֶעס הֶערְצֶענְס׃

ד א) הִנָּךְ. דוּ בִּיסְט שֶׁאן מַיינֶע פְרַיינְדִין, שֶׁאן בִּינְסְט דוּ דַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען וִוי טוֹיבֶּענְאוֹיגֶען צְוִוישֶׁען דַיינֶע צֶעפּ, דַיינֶע הָאאר אִיז וִויא אַ שְׁטַאדֶע צִיעגֶען וָואס נִידֶערְן הֶערָאבּ פוּן בַּארְג גִלְעָד. ב) שִׁנַּיִךְ. דַיינֶע צֶאהְנֶער זֶענֶען וִויא אַ שְׁטַאדֶע שָׁאף מִיט בֶּעשְׁנִיטֶענֶע וָואלל וָואס גֶעהֶען אוֹיף פוּן וַואשׁוּנְג, דִיא אַלֶע הָאבֶען צְווִילִינְגֶע אוּנ קֵיינֶער פֶעהְלְט נִיט בַּיי זֵייא. ג) כְּחוּט. דַיינֶע לִיפֶּען זֶענֶען וִוי אַרוֹיטֶער פָאדֶעם, דַיינֶע רֵייד זֶענֶען לִיבְּלִיךְ, וִוי אַ הַאלְבֶּער מִילְגְרוֹים אִיז דַיין שְׁלֵייף אוּנְטֶער דַיין הוֹיבּ. ד) כְּמִגְדַּל. דַיין הַאלְז אִיז וִויא דָוִד׳ס טוּרְם גֶעבּוֹיט מִיט בְּרוּסְטְוֶועהְר, טוֹיזֶענְד שִׁילְדֶען הֶענְגֶען אוֹיף אִיהְם אוּנ אַלֶערְלֵייא וַואפֶּען פוּן דִי שְׁטַארְקֶע. ה) שְׁנֵי. דַיינֶע צְווֵייא בְּרִיסְט זֶענֶען וִויא צְווֵיי יוּנְגֶע הִירְשֶׁען צְווִילִינְג וָואס ווֵיידֶען אוּנְטֶער דִי רָאזֶען. ו) עַד. בִּיז דֶער טָאג וֶוערְט קִיהְל אוּנ דִי שָׁאטְטֶען וַוייכֶען (אַנְטְלוֹיפֶען) ווִיל אִיךְ גֶעהֶען צוּם מִירְרְהֶענְבֶּערְג אוּנ צוּם ווֵייהְרוֹיכְהִיגֶעל. ז) כֻּלָּךְ. דוּ מַיינֶע פְרַיינְדִין, בִּינְסְט אִין גַאנְצֶען שֶׁאן אוּנ קַיין מוּם (פֶעהְלֶער) אִיז נִיט אַן דִיר. ח) אִתִּי. קוּם מִיט מִיר מַיין

מִלְּבָנוֹן כַּלָּה אִתִּי מִלְּבָנוֹן תָּבוֹאִי תָּשׁוּרִי ׀ מֵרֹאשׁ אֲמָנָה מֵרֹאשׁ שְׂנִיר וְחֶרְמוֹן
מִמְּעֹנוֹת אֲרָיוֹת מֵהַרְרֵי נְמֵרִים׃ ט לִבַּבְתִּנִי אֲחֹתִי כַלָּה לִבַּבְתִּנִי בְּאַחַד (באחת קרי)
מֵעֵינַיִךְ בְּאַחַד עֲנָק מִצַּוְּרֹנָיִךְ׃ י מַה־יָּפוּ דֹדַיִךְ אֲחֹתִי כַלָּה מַה־טֹּבוּ דֹדַיִךְ מִיַּיִן
וְרֵיחַ שְׁמָנַיִךְ מִכָּל־בְּשָׂמִים׃ יא נֹפֶת תִּטֹּפְנָה שִׂפְתוֹתַיִךְ כַּלָּה דְּבַשׁ וְחָלָב תַּחַת
לְשׁוֹנֵךְ וְרֵיחַ שַׂלְמֹתַיִךְ כְּרֵיחַ לְבָנוֹן׃ יב גַּן ׀ נָעוּל אֲחֹתִי כַלָּה גַּל ׀ נָעוּל מַעְיָן חָתוּם׃
יג שְׁלָחַיִךְ פַּרְדֵּס רִמּוֹנִים עִם פְּרִי מְגָדִים כְּפָרִים עִם־נְרָדִים׃ יד נֵרְדְּ ׀ וְכַרְכֹּם קָנֶה
וְקִנָּמוֹן עִם כָּל־עֲצֵי לְבוֹנָה מֹר וַאֲהָלוֹת עִם כָּל־רָאשֵׁי בְשָׂמִים׃ טו מַעְיַן גַּנִּים בְּאֵר
מַיִם חַיִּים וְנֹזְלִים מִן־לְבָנוֹן׃ טז עוּרִי צָפוֹן וּבוֹאִי תֵימָן הָפִיחִי גַנִּי יִזְּלוּ בְשָׂמָיו יָבֹא
דוֹדִי לְגַנּוֹ וְיֹאכַל פְּרִי מְגָדָיו׃ ה א בָּאתִי לְגַנִּי אֲחֹתִי כַלָּה אָרִיתִי מוֹרִי עִם־בְּשָׂמִי
אָכַלְתִּי יַעְרִי עִם־דִּבְשִׁי שָׁתִיתִי יֵינִי עִם־חֲלָבִי אִכְלוּ רֵעִים שְׁתוּ וְשִׁכְרוּ דּוֹדִים׃
ב אֲנִי יְשֵׁנָה וְלִבִּי עֵר קוֹל ׀ דּוֹדִי דוֹפֵק פִּתְחִי־לִי אֲחֹתִי רַעְיָתִי יוֹנָתִי תַמָּתִי שֶׁרֹּאשִׁי
נִמְלָא־טָל קְוֻצּוֹתַי רְסִיסֵי לָיְלָה׃ ג פָּשַׁטְתִּי אֶת־כֻּתָּנְתִּי אֵיכָכָה אֶלְבָּשֶׁנָּה רָחַצְתִּי
אֶת־רַגְלַי אֵיכָכָה אֲטַנְּפֵם׃ ד דּוֹדִי שָׁלַח יָדוֹ מִן־הַחוֹר וּמֵעַי הָמוּ עָלָיו׃ ה קַמְתִּי אֲנִי

---

פירוש ע"ט

ברויט פון לבנון, קום מיט מיר פון לבנון, טרעט הער פון דער הויך אמנה, פון דער הויך שניר אונ חרמון וואו די לייבען וואהנען פון די בערג דער לעמפערטען. ט) לִבַּבְתִּנִי. דו האסט מיר מיין הארץ גענומען, מיינע שוועסטער, ליבע כלה מיט דיינע אויגען איינעם אונ מיט דיין האלזבאנד איינעם. י) מַה. וויא שאן איז דיינע ליעבע, מיינע שוועסטער, ליבע כלה, דיינע ליעבע איז ליעבליכער ווי וויין, אונ דער גערוך פון דיינע זאלבען — מעהר וויא אלע בשמים. יא) נֹפֶת. דיינע ליפען, מיינע כלה, זיינען ווי טריפענדע האניג-זיסקייט. האניג אונ מילך איז אונטער דיין צונג אונ דיינע קליידער גערוך איז וויא דער גערוך פון לבנון. יב) גַּן. מיינע ליבע כלה, דו ביסט א פערלאזענער גארטען, א פערשלאסענע קוואלע, א פערזיגעלטער ברונען. יג) שְׁלָחַיִךְ. דיינע פעלדער זיינען אזוי גוט גלייך א בוים-גארטען פון מילגרוימען מיט זיסע פרוכט, קאנפער מיט געווירץ. יד) נֵרְדְּ. געווירץ אונ זאפרען ראהרען-געווירץ אונ צימרינג מיט אלע האלץ-ווייראוך אונ געגעלאך מיט אלע בעסטע געווירץ. טו) מַעְיַן. דו ביסט א גארטען ברונען, איין ברונען קוועלענדיגער וואסער וואס זיי רינען פון לבנון. טז) עוּרִי. ערוועק דיך צפון-ווינד אונ קום דרום-ווינד, וועהע דורך מיין גארטען, דער געשמאק פון דיינע געווירץ זאל ווייט שמעקען, זאל קומען מיין פריינד אין זיין גארטען אונ זאל עסען זיינע זיסע פריכטע.

ה א) בָּאתִי. איך בין געקומען, מיינע שוועסטער, ליבע כלה, אין מיין גארטען, איך האב געקליבען מיין געווירץ מיט מיינע בשמים, איך האב געגעסען מיין האניגוואבע מיט מיינע האניג, איך האב געטרונקען מיינע וויין מיט מיינע מילך, עססט מיינע ליבע, טרינקט אונ ווערט בעטרונקען, מיינע פריינדע. ב) אֲנִי. איך שלאף, אבער מיין הארץ איז וואך, דא איז די שטימע פון מיין פריינד, ער קלאפט, מאכע מיר אויף, ליבע פריינדין, מיינע שוועסטער, מיין טויב, מיינע פרומע, דען מיין קאפ איז פול טהוי אונ מיינע לאקען פול נאכטטראפען. ג) פָּשַׁטְתִּי. איך האב מיין ראק אויסגעצויגען, וויא זאל איך איהם ווידער אנציהען? איך האב מיינע פיס געוואשען ווי זאל איך זיי ווידער איינריכטען. ד) דוֹדִי. מיין פריינד שטעקט זיין האנד דורך דעם ריגעללאך, אונ מיינע געדערם האבען געברומט צו איהם. ה) קַמְתִּי. איך בין אויפגעשטאנען צו אפענען מיין פריינד, אונ מיינע האנד טריפען באלזאם אין דעם ריגעל פון שלאס.

לִפְתֹּחַ לְדוֹדִי וְיָדַי נָטְפוּ־מוֹר וְאֶצְבְּעֹתַי מוֹר עֹבֵר עַל כַּפּוֹת הַמַּנְעוּל: ו פָּתַחְתִּי
אֲנִי לְדוֹדִי וְדוֹדִי חָמַק עָבָר נַפְשִׁי יָצְאָה בְדַבְּרוֹ בִּקַּשְׁתִּיהוּ וְלֹא מְצָאתִיהוּ
קְרָאתִיו וְלֹא עָנָנִי: ז מְצָאֻנִי הַשֹּׁמְרִים הַסֹּבְבִים בָּעִיר הִכּוּנִי פְצָעוּנִי נָשְׂאוּ אֶת־
רְדִידִי מֵעָלַי שֹׁמְרֵי הַחֹמוֹת: ח הִשְׁבַּעְתִּי אֶתְכֶם בְּנוֹת יְרוּשָׁלָם אִם־תִּמְצְאוּ אֶת־
דּוֹדִי מַה־תַּגִּידוּ לוֹ שֶׁחוֹלַת אַהֲבָה אָנִי: ט מַה־דּוֹדֵךְ מִדּוֹד הַיָּפָה בַּנָּשִׁים מַה־דּוֹדֵךְ
מִדּוֹד שֶׁכָּכָה הִשְׁבַּעְתָּנוּ: י דּוֹדִי צַח וְאָדוֹם דָּגוּל מֵרְבָבָה: יא רֹאשׁוֹ כֶּתֶם פָּז קְוֻצּוֹתָיו
תַּלְתַּלִּים שְׁחֹרוֹת כָּעוֹרֵב: יב עֵינָיו כְּיוֹנִים עַל־אֲפִיקֵי מָיִם רֹחֲצוֹת בֶּחָלָב יֹשְׁבוֹת
עַל־מִלֵּאת: יג לְחָיָו כַּעֲרוּגַת הַבֹּשֶׂם מִגְדְּלוֹת מֶרְקָחִים שִׂפְתוֹתָיו שׁוֹשַׁנִּים נֹטְפוֹת
מוֹר עֹבֵר: יד יָדָיו גְּלִילֵי זָהָב מְמֻלָּאִים בַּתַּרְשִׁישׁ מֵעָיו עֶשֶׁת שֵׁן מְעֻלֶּפֶת סַפִּירִים:
טו שׁוֹקָיו עַמּוּדֵי שֵׁשׁ מְיֻסָּדִים עַל־אַדְנֵי־פָז מַרְאֵהוּ כַּלְּבָנוֹן בָּחוּר כָּאֲרָזִים: טז חִכּוֹ
מַמְתַקִּים וְכֻלּוֹ מַחֲמַדִּים זֶה דוֹדִי וְזֶה רֵעִי בְּנוֹת יְרוּשָׁלָם: ו א אָנָה הָלַךְ דּוֹדֵךְ הַיָּפָה
בַּנָּשִׁים אָנָה פָּנָה דוֹדֵךְ וּנְבַקְשֶׁנּוּ עִמָּךְ: ב דּוֹדִי יָרַד לְגַנּוֹ לַעֲרֻגוֹת הַבֹּשֶׂם לִרְעוֹת
בַּגַּנִּים וְלִלְקֹט שׁוֹשַׁנִּים: ג אֲנִי לְדוֹדִי וְדוֹדִי לִי הָרֹעֶה בַּשּׁוֹשַׁנִּים: ד יָפָה אַתְּ רַעְיָתִי
כְּתִרְצָה נָאוָה כִּירוּשָׁלָם אֲיֻמָּה כַּנִּדְגָּלוֹת: ה הָסֵבִּי עֵינַיִךְ מִנֶּגְדִּי שֶׁהֵם הִרְהִיבֻנִי

---

פירוש ע"ט

ו) פָּתַחְתִּי. איך האב געעפענט צו מיין פריינד, אבער מיין פריינד האט זיך אומגעקעהרט, אוועקגעגאנגען, מיינע זעעלע איז געוועזן אויסער זיך, אלס ער האט גערעדט, איך האב איהם גזוכט אבער איך האב איהם ניט געפונען, איך האב איהם גערופען, אבער ער האט מיר ניט געענטפערט. ז) מְצָאֻנִי. עס האבען מיך געפונען דיא היטער די וואס גייען ארום אין שטאדט, זיי האבען מיך געשלאגען, פערוואונדעט, די היטער אויף די מויערן האבען גענומען פון מיר מיין שלייער. ח) הִשְׁבַּעְתִּי. איך בעשווער אייך איהר טעכטער ירושלים'ס, געפינט איהר מיין פריינד, זא זאגט איהם דאס איך בין קראנק פון ליבע. ט) מַה. וואס איז דיין פריינד פאר אנדערע פריינדען, דו שאנסטע אונטער דען ווייבערן, וואס איז דיין פריינד פאר אנדערע פריינדען, דאס דו האסט אונז אזוי בעשווארען? י) דודי. מיין פריינד איז ווייס און רויטה, אויסגעצייכענט פון פיל טויזענד. יא) ראשו. זיין קאפ איז פיינסטע גאלד, זיינע לאקען זיינען געקרויזט שווארץ ווי א ראב. יב) עיניו. זיינע אויגען זיינען ווי טויבען ביי דען וואסערבאכען מיט מילך געוואשען און זיצען אין איינפאסונג. יג) לְחָיָו. זיינע באקען זענען ווי א ווארצגערטליין וואס וואכסט באלזאמקרויט. זיינע ליפפען זיינען ווי ראזען וואס טריפען פליסענדע געווירץ. יד) יָדָיו. זיינע הענד זיינען ווי גאלדענע רינגען געפילט מיט תרשיש, זיינע געדערים איז ווי העלפאנביין מיט ספירים געשמיקט. טו) שוקיו. זיינע שענקעל זיינען ווי מארמארזיילען, געגרינדעט אויף גילדענע פיסס, זיין געשטאלט איז ווי דער לבנון. אויסערוואהלט ווי די צעדערן. טז) חכו. זיין גומען איז זיסס, און ער איז גאנץ ליבליך, אזעלכער איז מיין פריינד, מיין פריינד איז אזעלכער, איהר טאכטער ירושלים'ס. ו א) אָנָה. וואו איז דען דיין פריינד הינגעגאנגען, דו שאנסטע פון די ווייבער? וואו האט זיך דיין פריינד אוועקגעקעהרט? מיר וועלען מיט דיר איהם זוכען. ב) דודי. מיין פריינד איז אראפגעגאנגען אין זיין גארטען צו די בייטען פון געווירץ, צו פיטערן אין די גערטנער און צו קלייבען ראזען. ג) אֲנִי. מיין פריינד איז מיין און איך בין זיין, וואס פיטערט אונטער די ראזען. דו ביזט שיין מיינע פריינדין ווי תרצה, ליבליך ווי ירושלים, שרעקליך ווי העערשארען, קעהר אב דיינע אויגען פון מיר, דען זיי פערוויררען מיך, דיינע האר ווי אהערדע

שאף

שַׂעְרֵךְ כְּעֵדֶר הָעִזִּים שֶׁגָּלְשׁוּ מִן־הַגִּלְעָד׃ ו שִׁנַּיִךְ כְּעֵדֶר הָרְחֵלִים שֶׁעָלוּ מִן־הָרַחְצָה
שֶׁכֻּלָּם מַתְאִימוֹת וְשַׁכֻּלָה אֵין בָּהֶם׃ ז כְּפֶלַח הָרִמּוֹן רַקָּתֵךְ מִבַּעַד לְצַמָּתֵךְ׃
ח שִׁשִּׁים הֵמָּה מְלָכוֹת וּשְׁמֹנִים פִּילַגְשִׁים וַעֲלָמוֹת אֵין מִסְפָּר׃ ט אַחַת הִיא יוֹנָתִי
תַמָּתִי אַחַת הִיא לְאִמָּהּ בָּרָה הִיא לְיוֹלַדְתָּהּ רָאוּהָ בָנוֹת וַיְאַשְּׁרוּהָ מְלָכוֹת
וּפִילַגְשִׁים וַיְהַלְלוּהָ׃ י מִי־זֹאת הַנִּשְׁקָפָה כְּמוֹ־שָׁחַר יָפָה כַלְּבָנָה בָּרָה כַּחַמָּה אֲיֻמָּה
כַּנִּדְגָּלוֹת׃ יא אֶל־גִּנַּת אֱגוֹז יָרַדְתִּי לִרְאוֹת בְּאִבֵּי הַנָּחַל לִרְאוֹת הֲפָרְחָה הַגֶּפֶן הֵנֵצוּ
הָרִמֹּנִים׃ יב לֹא יָדַעְתִּי נַפְשִׁי שָׂמַתְנִי מַרְכְּבוֹת עַמִּי נָדִיב׃ ז א שׁוּבִי שׁוּבִי הַשּׁוּלַמִּית
שׁוּבִי שׁוּבִי וְנֶחֱזֶה־בָּךְ מַה־תֶּחֱזוּ בַּשּׁוּלַמִּית כִּמְחֹלַת הַמַּחֲנָיִם׃ ב מַה־יָּפוּ פְעָמַיִךְ
בַּנְּעָלִים בַּת־נָדִיב חַמּוּקֵי יְרֵכַיִךְ כְּמוֹ חֲלָאִים מַעֲשֵׂה יְדֵי אָמָּן׃ ג שָׁרְרֵךְ אַגַּן הַסַּהַר
אַל־יֶחְסַר הַמָּזֶג בִּטְנֵךְ עֲרֵמַת חִטִּים סוּגָה בַּשּׁוֹשַׁנִּים׃ ד שְׁנֵי שָׁדַיִךְ כִּשְׁנֵי עֳפָרִים
תָּאֳמֵי צְבִיָּה׃ ה צַוָּארֵךְ כְּמִגְדַּל הַשֵּׁן עֵינַיִךְ בְּרֵכוֹת בְּחֶשְׁבּוֹן עַל־שַׁעַר בַּת־רַבִּים
אַפֵּךְ כְּמִגְדַּל הַלְּבָנוֹן צוֹפֶה פְּנֵי דַמָּשֶׂק׃ ו רֹאשֵׁךְ עָלַיִךְ כַּכַּרְמֶל וְדַלַּת רֹאשֵׁךְ
כָּאַרְגָּמָן מֶלֶךְ אָסוּר בָּרְהָטִים׃ ז מַה־יָּפִית וּמַה־נָּעַמְתְּ אַהֲבָה בַּתַּעֲנוּגִים׃ ח זֹאת
קוֹמָתֵךְ דָּמְתָה לְתָמָר וְשָׁדַיִךְ לְאַשְׁכֹּלוֹת׃ ט אָמַרְתִּי אֶעֱלֶה בְתָמָר אֹחֲזָה בְּסַנְסִנָּיו
וְיִהְיוּ־נָא שָׁדַיִךְ כְּאֶשְׁכְּלוֹת הַגֶּפֶן וְרֵיחַ אַפֵּךְ כַּתַּפּוּחִים׃ י וְחִכֵּךְ כְּיֵין הַטּוֹב הוֹלֵךְ
לְדוֹדִי לְמֵישָׁרִים דּוֹבֵב שִׂפְתֵי יְשֵׁנִים׃ יא אֲנִי לְדוֹדִי וְעָלַי תְּשׁוּקָתוֹ׃ יב לְכָה דוֹדִי נֵצֵא

---

פירוש ע״ט

ציגען, וועלכע נידערן פון בארג גלעד. דיינע ציין ווי א שטאדע שאף וואס קומען ארויף פון דער וואשונג. אלע גאנץ און קיינע פעהלט פון זיי. ווי אהאלבער מילגרוים פון צווישען דיינע צעפ. זעכציג זיינען די קעניגינען און אכציג קעבסווייבער און יונגפרויען אהן א צאהל. איינע איז זי מיין טויב, מיין פרומע, איינע איז זי ביי איהר מוטער, זי איז ריין צו איהר געווינערין. נאט דיכטער האבען איהר געזעהן און איהר געלויבט, די קעניגינען און קעבסווייבער האבען איהר געריהמט. ווער זעהט אויס ווי דער מארגענשטערן, שיין ווי דער מאנד, ריין ווי די זון, שרעקליך ווי די העערשארען. צום נוסגארטען האב איך גענידערט צו זעהן אין די פרוכט פון טהאל, צו זעהן אויב דער וויינשטאק שפראצט, אויב די גראנאטבוימע בליהען איך האב ניט געוואוסט דאס מיין זעלע האט מיך געזעצט צו דעם וואגען. עמי־נדיב״. ז שובי. קעהר ווידער, קעהר ווידער, א שולמית! קעהר ווידער, קעהר ווידער דאס מיר זאלען דיך זעהען! וואס זעהט איהר אן שולמית? ווי א טאנץ פון צוויי מחנות. ווי שיין איז דיין גאנג אין די שיך דו פירסטענטאכטער! דיינע לענדען זיינען וויא האלזשמוק געמאכט פון א מייסטער־האנד. דיין שאס איז ווי ארונדער בעכער, וואס אין איהם פעהלט קיין געטראנק, דיין לייב איז וויא איין ווייצענהויפען, אומשטעקט מיט ראזען. דיינע צוויי בריסט זיינען ווי צוויי יונגע הירשען צווילינגע. דיין האלז איז ווי א טהורעם פון עלעפאנדביין, דיינע אויגען זיינען ווי די טייכען צו חשבון ביי דעם טהויער בת רבים, דיין געזיכט איז ווי דער טורעם אויף דעם לבנון וואס ווערט געזעהן געגען דמשק. דיין קאפ שטייט אויף דיר ווי דער כרמל. דאס האר אויף דיין קאפף איז ווי דעם קעניגס פורפור געבונדען אין פאלטען. ווי שיין און ווי ליבליך בינסט דו. מיט דיין פערג ניגענדע ליבשאפט. דיין וואוקס איז ווי איין פאלמבוים און דיינע בריסט גלייך דען ווינטרויבען. איך שפראך. איך מוז שטייגען אויף דעם פאלמבוים און ערגרייפען זיינע צווייגען, לאז דיינע בריסט זיין אזוי ווי טרויבען אם וויינשטאק, און דער ריח פון דיין פנים ווי עפפעל. און דיין גומען ווי גוטער וויין, זאל גיין פאר מיין פריינד צו רעכטפערטיגקייט און דער וואס מאכט ריידען שלאפענדיגע ליפען. איך געהער צו מיין פריינד, און נאך מיר

השדה נלינה בכפרים: יב נשכימה לכרמים נראה אם־פרחה הגפן פתח הסמדר
הנצו הרמונים שם אתן את־דדי לך: יג הדודאים נתנו־ריח ועל־פתחינו כל־
מגדים חדשים גם־ישנים דודי צפנתי לך: ח א מי יתנך כאח לי יונק שדי אמי
אמצאך בחוץ אשקך גם לא־יבזו לי: ב אנהגך אביאך אל־בית אמי תלמדני
אשקך מיין הרקח מעסיס רמני: ג שמאלו תחת ראשי וימינו תחבקני: ד השבעתי
אתכם בנות ירושלם מה־תעירו | ומה־תעררו את־האהבה עד שתחפץ:
ה מי זאת עלה מן־המדבר מתרפקת על־דודה תחת התפוח עוררתיך שמה
חבלתך אמך שמה חבלה ילדתך: ו שימני כחותם על־לבך כחותם על־זרועך
כי־עזה כמות אהבה קשה כשאול קנאה רשפיה רשפי אש שלהבתיה:
ז מים רבים לא יוכלו לכבות את־האהבה ונהרות לא ישטפוה אם־יתן איש
את־כל־הון ביתו באהבה בוז יבוזו לו: ח אחות לנו קטנה ושדים אין לה מה־
נעשה לאחותנו ביום שידבר־בה: ט אם־חומה היא נבנה עליה טירת כסף
ואם־דלת היא נצור עליה לוח ארז: י אני חומה ושדי כמגדלות אז הייתי
בעיניו כמוצאת שלום: יא כרם היה לשלמה בבעל המון נתן את־הכרם
לנטרים איש יבא בפריו אלף כסף: יב כרמי שלי לפני האלף לך שלמה ומאתים
לנטרים את־פריו: יג היושבת בגנים חברים מקשיבים לקולך השמיעני:
יד ברח | דודי ודמה־לך לצבי או לעפר האילים על הרי בשמים:

---

פירוש ע״ט

שטייט זיין פערלאנגען, קום מיין פריינד, מיר וועלען ארויסגיין אויף דעם פעלד, מיר וועלען נאכטיגען אין דערפער. מיר וועלען פריה אויפשטיין צו די וויינבערג, מיר וועלען זעהן אויב דער וויינשטאק שפראצט און זיינע בליאונג געהט אויף, אויב עס בליהען די גראנאטבוימער. דארטען וועל איך דיר געבען מיינע ליבע. די לילען געבען דעם גערוך, און איבער אונזערע טירען זיינען אלערליי עדעלע פרוכט, אלטע און נייע האב איך פיר דיר מיין פריינד בעהאלטען.

ח מי יתנך ווער וואלט געגעבען אז דו זאלסט מיר זיין ווי א ברודער, וואס האט געזויגען מיין מוטערס ברוסט, אויף דרויסען ווען איך קום דיך, וואלטען זיי מיך אויך ניט פערשעמט. איך וועל דיר פיהרען און ברייגנען אין מיין מוטערס הויז, זאלסט מיר לערנען, איך וועל דיר אנטרינקען מיט געווירצטען וויין מיט זיסקייט פון מיינע מילגרוימען. זיין לינקע אונטער מיין קאפ, און זיין רעכטע הערצט מיך. איך בעשווער אייך טאכטער ירושלים׳ס, איר זאלט ניט וועקען און רעגען די ליבע ביז איהר געפעלט. ווער איז די, וואס גייט אויף פון דער וויסטע געלעהנט אויף איר פריינד? אונטער דעם אפפעלבוים האב איך דיך ערוועקט, דארט איז געגעווען דיינע מוטער. דארט איז געגעווען די דיך געבארען. טהו מיך ווי א זיגעל אויף דיין הערצען, ווי א זיגעל אויף׳ן ארעם דען ליבע איז שטארק ווי דער טויט, די קנאה איז פעסט ווי די העללע, איהרע גלוט איז פייערדיג אין א פלאם פון גאט. אונזער שוועסטער איז קליין, און האט קיינע בריסט, וואס זאלען מיר טהון מיט אונזער שוועסטער אין דעם טאג וואס וועט ווערין גערעדט פון איהר? איז זיא א מויער, זא וועלע מיר אויף איהר בויען א זילבערנעם פאלעץ, איז זי א טיר, וועלין מיר איהר באפעסטיגען מיט צעדערן טאפעל. איך בין א מויער, און מיינע בריסט זיינען ווי טהורעם׳ס דאן בין איך געווען אין זיינע אויגען ווי די וואס געפינט פרידען. מיין אייגענער ווייגארטין איז פאר מיר. דיר שלמה, טויזענד, אבער צוויי הונדערט פאר די וואס היטען זיינע פרוכט. די דו וואהנסט אין די גארטנער, לאז מיך הערען דיינע שטימע. די חברים מערקען דארויף. לויף מיין פריינד און זיי גלייך איינעם הירש, אבער יונגען הירש אויף די ווירצבערגען.

א דֶער הֵיילִיגֶער שַׁבָּת אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע מִצְוֹת וָואס דֶר אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט אוּנְז יוּדֶען גִינֶעבִּין, עֶר לֶערְינְט אוּנְז אַז גָאט הָאט בַּאשַׁאפִין אִין זֶעכְס טֶעג דִיא הִימֶעל אוּנ דִיא עֶרְד אוּנ אַלְץ וָואס אִין זֵייא גֶעפִינְט זִיךְ אוּנ דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג הָאט עֶר גֶערוּט. אוּנ וַוייל דָאס אִיז דֶער גְרֶעסְטֶער עִקָר אִין אֱמוּנָה מֶען זָאל גְלוֹיבִּין אַז הַשי״ת הָאט בַּאשַׁאפִין דִיא וֶועלְט אוּנ אַלֶע בְּרוּאִים אוּנ הָאט אוּנְז אוֹיס גִילֵייזְט פוּן מִצְרַיִם אַז מִיר זָאלִין אִים דִינֶען מִיט אוּנְזֶער לַייבּ אוּנ לֶעבִּין וַוייל עֶר אִיז מְחַיֶה אַלֶע בְּרוּאִים אוּנ מַשְׁגִיחַ אוֹיף אַלֶעמֶען אוּנ גִיט שְׁפַּייז צוּא אַלֶעמֶען אוּנ אִין זַיין הַאנְד אִיז טֵייטֶען אוּנ לֶעבֶּעדִיג מַאכֶן וַוייל עֶר אִיז דֶער בַּאשֶׁעפֶער פוּן אַלְץ. אִיבֶּער דֶעם שְׁטֵייט דִיא מִצְוָה פוּן שַׁבָּת צְוֶועלְף מַאל אִין דֶער תּוֹרָה. דִיא גְמָרָא זָאגְט וֶוער עֶס הַאלְט שַׁבָּת אַקוּרַאט וִויא דֶער דִין אִיז רֶעכִינְט עֶס אִים גָאט גְלַייךְ וִויא עֶר הָאט דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה מְקַיֵים גִיוֶועזִין. אוּנ וֶוער עֶס אִיז מְחַלֵל שַׁבָּת אִיז גְלַייךְ וִויא עֶר הָאט עוֹבֵר גִיוֶועזִין אוֹיף דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה. מֶען מוּז אַלֶע טָאג גִידֵיינְקֶען דֶעם שַׁבָּת אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט זָכוֹר אֶת יוֹם הַשַּׁבָּת לְקַדְשׁוֹ. דוּא מוּזְט יֶעדֶען טָאג גִידֵיינְקֶען דֶעם הֵייכִיגֶען שַׁבָּת (וַוייל דִיא דֶער מָאנוּנְג פוּן שַׁבָּת פְּלַאנְצְט אַיין אִין הַארְצִין דִיא עִקָרִים פוּן אֱמוּנָה), אִיבֶּר דֶעם מוּז זִיךְ דֶער מֶענְשׁ נוֹהֵג זַיין אַז וֶוען עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אִים אִין מִיטֶען דֶער וָואךְ אֵיין שֵׁיין עֶסִינְוַוארְג וָואס מֶען בַּאקוּמְט עֶס נִיט אַלֶע טָאג מוּז עֶר עֶס בַּהַאלְטֶען אוֹיף שַׁבָּת. אוּנ אִיבֶּער דֶעם זָאגְט מֶען אִין דֶעם יוֹם אַלֶע טָאג, הַיוֹם יוֹם רִאשׁוֹן בְּשַׁבָּת. יוֹם שֵׁנִי בְּשַׁבָּת. כְּדֵי מֶען זָאל שְׁטֶענְדִיג גִידֵיינְקֶען דֶעם שַׁבָּת. וָוארוּם דִיא קְדוּשָׁה פוּן שַׁבָּת צִיהְט זִיךְ אוֹיף דֶער גַאנְצֶע וָואךְ. זוּנְטַאג מָאנְטַאג דִינְסְטַאג הֵייסֶען אַחַר שַׁבָּת. וַוייל זֵייא צִיהֶען דִיא קְדוּשָׁה פוּן דֶעם שַׁבָּת וָואס אִיז שׁוֹין גִיוֶועזִן. אוּנ מִיטְוָואךְ דָאנֶערְשְׁטִיג פְרַייטִיג הֵייסֶען פַאר שַׁבָּת. וָוארוּם זֵייא הָאבִּין דִיא קְדוּשָׁה פוּן דֶעם שַׁבָּת וָואס וֶועט קוּמֶען:

ב עֶס אִיז אַמִצְוָה פְרַייטִיג פְרִיא אוֹיף צוּ שְׁטֵיין פְרִיעֶר וִויא אַלֶע טָאג כְּדֵי מֶען זָאל אַלְדִינְג אָן גְרֵייטֶען אוֹיף דֶעם הֵייכִיגֶען שַׁבָּת. אוּנ אֲפִילוּ מִיהָאט אַסַךְ דִיעֶנְסְטֶען אוּנ מְשָׁרְתִים זָאל מֶען עֶפִּיס אַלֵיין טָאהְן לְכָבוֹד שַׁבָּת. מִכָּל שֶׁכֵּן וִוינְטֶער אִין דִיא קְלֵיינֶע טֶעג אִיז בְּוַדְאי רֶעכְט עֶפִּיס אַלֵיין צוּ טָאן. כְּדֵי דִיא דִינְסְטֶען זָאלִין נִיט מוּזֶען אַרְבֵּייטֶען שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט אַרַיין. מִיר גֶעפִינֶען אִין דֶער גְמָרָא אַז דִיא רַייכְסְטֶע תַּנָאִים הָאבִּין אַלֵיין גֶעהַאקְט הָאלְץ אוּנ אַנְדֶערֶע אַרְבֵּייט גֶעטָאן לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת:

ג עֶס אִיז רֶעכְט פְרַייטִיג בַּייא טָאג וֵוייניג צוּ עֶסִין. כְּדֵי מֶען זָאל קֶענֶען בַּייא דֶער נַאכְט עֶסִין לְכָבוֹד שַׁבָּת. אוּנ אַזוֹ וִויא עֶס אִיז נִיט רֶעכְט צוּא נַיין מִיטֶען פוּלֶען בּוֹיךְ צוּא קַבָּלַת שַׁבָּת. אַזוֹ אִיז אוֹיךְ נִיט רֶעכְט צוּא פִיל צוּא טְרִינְקֶען פַאר קַבָּלַת שַׁבָּת. וָוארוּם מֶען מוּז קִידוּשׁ מַאכִין אוּנ לְכָבוֹד שַׁבָּת עֶסִין מִיט רֵיינֶעם פַארְשְׁטַאנְד נִיט שִׁכּוֹר:

ד פְרַייטִיג פַאר נַאכְט מוּז מֶען אִיבֶּער זֶעהֶען דִיא קְלֵיידֶער אוֹיבּ עֶס שְׁטֶעקְט נִיט אִין זֵייא קֵיין נָאדִיל אוּנ אוֹיבּ עֶס לִיגְט נִיט אִין דִיא קֶעשֶׁינֶעס גֶעלְד אָדֶער אֵיין אַנְדֶער זַאךְ וָואס מֶען טָאר שַׁבָּת בַּייא זִיךְ נִיט הַאלְטִין:

ה פַאר נַאכְט מוּז מֶען צוּא רֶעכְט מַאכִין דִיא בֶּעטִין. אוּנ אַלְדִינְג שֵׁיין אִין דֶער אָרְדֶענוּנְג שְׁטֶעלִין אִין שְׁטוּבּ אוּנ צוּם טִישׁ גְרֵייטֶען. דֶער טִישׁ מוּז זַיין בַּאדֶעקְט מִיט אַטִישְׁטוּךְ. אוֹיף דֶעם טִישְׁטוּךְ לֵייגְט מֶען צְוֵוייא חַלוֹת אוּנ פוּן אוֹיבִּין בַּאדֶעקְט מֶען, זֵייא מִיט אַנַאנְדֶער טִישְׁטוּךְ. אוּנ מֶען טוּט זִיךְ אָן שֵׁיינֶע קְלֵיידֶער לְכָבוֹד שַׁבָּת:

## דִינִים פוּן לִיכְט בֶּענְטְשִׁין

א פְרַייטִיג פַאר נַאכְט וֵוייניגְסְטִינְס אַפֶערְטִיל שָׁעָה פַאר דִיא שְׁקִיעָה מוּז מֶען בֶּענְטְשִׁין לִיכְט. דֶער עִיקָר מִצְוָה אִיז אַז דֶער מַאן זָאל דִיא לַייכְטֶער מִיט דִיא לִיכְט אוֹיף שַׁבָּת צוּ רֶעכְט מַאכִין אוּנ דִיא וַוייבּ זָאל לִיכְט בֶּענְטְשִׁין. אָבֶּער וֶוער עֶס הָאט קֵיין וַוייבּ נִיט אָדֶער אַז דִיא וַוייבּ אִיז אַקִימְפֶּעטָארִין מוּז עֶר אַלֵיין לִיכְט בֶּענְטְשִׁן.

ב דִיא וַוייבֶּער זָאלִין זִיךְ אָפּ וַואשֶׁען אוּנ שֵׁיינֶע קְלֵיידֶר אָן טָאן פַאר לִיכְט בֶּענְטְשִׁין. אָבֶּער וֶוען אֵיינֶע קוּמְט שְׁפֶּעט אַהֵיים פוּן נַאס זָאל

וִיא פְרִיעֶר לִיכְט בֶּענְטְשְׁי אוּנ דֶער נָאךְ זִיךְ אָפּ וַואשְׁין (אבער אן זייף) אוּנ שֵׁיין אָן טָאן. אוּנ וֶוען דֶער מַאן זֶעהְט אַז עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט אוּנ דִיא וַוייבּ אִיז נָאךְ נִיטָא זָאל עֶר אַלֵיין לִיכְט בֶּענְטְשִׁין. אוּנ וֶוען זִיא קוּמְט נָאךְ דֶער צַייט אַז מֶען טָאר שׁוֹין נִיט צִינְדֶען קֵיין לִיכְט טָאר זִיא קֵיין בְּרָכָה אוֹיךְ נִיט מַאכֶען אוֹיף דִיא לִיכְט. אוּנ וֶוען זִיא בֵּייזֶערְט זִיךְ אוֹיף דֶעם מַאן וָואס עֶר הָאט נִיבֶּענְטְשְׁט אִירֶע לִיכְט מוּז עֶר אִיר גֶעבִּין צוּ פַארְ שְׁטֵיין מִיט גוּטֶע וֶוערְטֶער, וִויא בַּאלְד זִיא מֵיינְט דָאךְ מִיט אִיהְרֶע לִיכְט בֶּענְטְשִׁין צוּא טָאן אַמִצְוָה, הַיינְט וֶוען זִיא בֶּענְטְשְׁט נָאךְ דֶער צַייט אִיז לֹא דַי וָואס זִיא הָאט נִיט קֵיין מִצְוָה, הָאט זִיא נָאךְ אַגְרוֹיסֶע עֲבֵירָה פוּן חִלוּל שַׁבָּת. אוּנ מִיט דִיא גוּטֶע וֶוערְטֶער וֶועט זִיא זִיךְ בַּארוּהִיגֶען וֶוען זִיא אִיז אַפַארְשְׁטַאנְדִיגֶע אוּנ אַפְרוּמֶע פְרוֹיא:

נ פְרִיעֶר צִינְד מֶען אָן דִיא לִיכְט אוּנ דֶער נָאךְ שְׁפְּרֵייט מֶען אוֹיס דִיא הֶענְד קֶעגִין פָּנִים אוּנ מֶען מַאכְט דִיא בְּרָכָה:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל

| אום שבת | אום יום טוב | ווען עס גיפאלט יום טוב אום שבת | אום יום כפור |
|---|---|---|---|
| שַׁבָּת: | יוֹם טוֹב: | שַׁבָּת וְשֶׁל יוֹם טוֹב: | שַׁבָּת וְ יוֹם הַכִּפּוּרִים: |

אום יום טוב זאגט מען דא דיא ברכה שהחינו. דיא אנדערע טעג פסח זאגט מען נית שהחינו. דיא אנדערע טעג סוכות אונ ראש השנה יום כפור זאגט מען יוא. אונ יום כפור בייא נאכט ווען דער חזן זאגט שהחינו. דארף זיא שוין ניט זאגין שהחינו:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

לְכָבוֹד גָאט לְכָבוֹד אוּנְזֶער גִיבָּאט לְכָבוֹד דֶעם לִיבִּין שַׁבָּת קֹדֶשׁ וָואס אוּנְזֶער הֶער גָאט הָאט אוּנְז גִיגֶעבִּין אוּנ הָאט אוּנְז גִיבָּאטִין דִיא לִיבֶּע מִצְוָה אִיךְ זָאל זִיא רֶעכְט קֶענֶען מְקַיֵים זַיין אוּנ זִיא זָאל אַזוֹ גִיוואוֹנִין זַיין וִויא כָּל תרי״ג מִצְוֹת אָמֵן כֵּן יְהִי רָצוֹן:

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ שֶׁיִּבָּנֶה בֵּית הַמִּקְדָּשׁ בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ וְתֵן חֶלְקֵנוּ בְּתוֹרָתֶךָ:

אנייע שיינע תחנה צו זאגין נאך ליכט בענטשין מיט גרויס כוונה:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אִיךְ לוֹיבּ אוּנ דַאנְק דַיין לִיבִּין נָאמֶען וָואס אִיךְ בִּין זוֹכֶה צוּ טָאן דִיא מִצְוָה וָואס דוּא הָאסְט גִיגֶעבִּין פַאר דִיא נָשִׁים וִויא דִיא חֲכָמִים ז״ל שְׁרַייבִּין אִים מס׳ שַׁבָּת אַז וַוייבֶּער זַיינֶען מְחוּיָב צוּ בֶּענְטְשִׁין לִיכְט פְרַייטִיג פַאר נַאכְט. אוּנ דַיין חֶסֶד זָאל זַיין מִיט מִיר אַז אִיךְ זָאל זוֹכֶה זַיין צוּ טָאן דִיא מִצְוָה בִּיז הוּנְדֶערְט יָאר. אוּנ אִיךְ זָאל זַיין גֶעהִיט אַז אִיךְ זָאל נִיט אָנְצִינְדֶען דִיא לִיכְט נָאךְ זוּן אוּנְטֶער גַאנְג (שקיעת החמה), עֶס זָאל נִיט זַיין חָלִילָה פוּן דִיא מִצְוָה דִיא גְרֶעסְטֶע עֲבֵירָה דָאס הֵייסְט חִלוּל שַׁבָּת וָואס דָאס אִיז הַארְבּ וִויא דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה צוּ זַאמֶען. אוּנ פַאר דֶעם זְכוּת הָאף אִיךְ אוּנ בֶּעט פוּן דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען הקב״ה אַז מַיינֶע קִינְדֶער וָואס דוּא הָאסְט מִיר נִיגֶעבִּין מִיט דַיין חֶסֶד אוּנ וֶועסְט מִיר גֶעבִּין מִיט דַיינֶעם חֶסֶד, אַז זֵייא זָאלִין נִיט זַיין קֵיין מְחַלְּלֵי שַׁבָּת חָלִילָה. אוּנ דִיא לִיכְט פוּן דֶער תּוֹרָה זָאל זֵייא דֶער לַייכְטִין דִיא אוֹיגִין אַז זֵייא זָאלִין נִיט חָלִילָה נִכְשַׁל וֶוערִין אִין עֲבֵירוֹת. וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבִּין ואורח צדיקים כאור נוגה דָאס הֵייסְט דִיא צַדִיקִים גַייעֶן אִין גְרַאדֶען רִיכְטִיגֶען וֶועג וִויא אֵיינֶער גֵייט פִיר דִיא טָאג לִיכְטִיקֵייט. ודרך רשעים כאפלה אוּנ דִיא נִיט פְרוּמֶע גֵייעֶן אִין דֶער פִינְצְטֶערְנִס. וּבִזְכוּת זֶה (וָואס אִיךְ הָאבּ אָן גִינוּמֶען דֶעם לִיבֶּען שַׁבָּת קוֹדֶשׁ אִין דֶער צַייט מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד אוּנ אִים בַּאשֵׁיינְט מִיט שֵׁיינֶע לִיכְט) בֶּעט אִיךְ דִיךְ הקב״ה אַז אִיךְ זָאל זוֹכֶה זַיין צוּא הָאבִּין קִינְדֶער תַּלְמִידֵי חֲכָמִים, אַז אִיךְ זָאל הָאבֶּען נַחַת אוּנ כָּבוֹד אִין בֵּיידֶע וֶועלְטִין. מַיין פָּנִים זָאל נִיט שְׁוַוארְץ וֶוערִין פוּן זֵייא אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט. אָמֵן:

דיא תחנה זאגט מען אום שבת מיט גרוס כוונה:

עס זאל זיין באוויליגט צוא פאר דיר גאט אונזער גאט אונ גאט פון אונזערע עלטערין אונזער באשעפער דר בשעפער פון די גאנצע וועלט פון אנפאנג די וועלט מיט ווארט דיינער הייליגקייט מיט דיינעם ווילן אונ ווילין דיינע פארכטער אונ ווילין דיין געזינד ישראל דוא ביסט גיוועזן אליין אונ קיינר מער אונ צו אייביגקייט וועסטו זיין אליין אונ אייביג אייביגליך אונ קיינער איז אן דיר צו רעגירן די וועלט אונ יענער וועלט הייגט אין דעם טאג אז דוא האסט פאר לענדעט אין די זעקס טעג דיין ווערק מיט גרויסין פר שטאנד אונ קלוגהייט דוא האסט באשאפין די רוה דו האסט גירוהט אונ גיהייליגט דעם טאג מער אז אלע דיא טעג אונ האסט אים גיבענשט צוא רוהען אין אים דיין פאלק ישראל די גאנצע וואך צו לויפען נאך איר גערונג אונ היינט אין דעם טאג זאלין זייא לערנען תורה אונ זאלין גידיינקען דאס זייא זאלין מצות טאן אלע טאג פון לעבן אונ האסט דעם מענשן גיגעבין אין דעם טאג דאס ער קען מער אנטפאנגען דיא גרויסע זעגעפטיקייט אויף דער וועלט די דא איז גיגליכין צו רוה אונ זעגעפטיקייט אויף יענער וועלט צו זעלכעם איז דער מענש באשאפין צו דר מייען אין דעם גן עדן מיט זיין באשעפער אונ אנטפאנגען דס ליכט אונ שיין פון דעם אייביגן לעבין פון שיין דיא הייליגע שכינה. הער פון דער וועלט הער פון אלע ווערק אונ אלע זיילין איך דינגסט. טאכטער דיינער דינגסט איך בעט דיך פר דיינער הייליגקייט דס דו מיר זאלסט געבין רוה אונ זעגעפטיקייט הייגט אין דעם טאג צו לויבין אונ דאנקען דיין הייליגען נאמען אונ אלע דיא גאב מיין נערונג די דו האסט מיר גיגעבין שפייז אונ קינדער. צוא עהרין דעם טאג דעם הייליגין שבת, גיב מיר אויך קראפט אונ מאכט צוא רוען אונ צוא האלטען דיין גיבאט אונ ניט צו איבער פארין זייא פון צוא טאן זינד אין דעם טאג דאס דיין שכינה האט גירועט אונ גיהייליגט מער אז אלע טעג אונ לאז מיך אונ מיין מאן אונ קינדער זוכה זיין נאך צו פר ברייגגען אונזער צייט מיט גרויסען עהר אן דיין דינגסט צוא אנטפאנגען דיא גרויסע רוהע אין יענע וועלט צוא זיצין אין גן עדן בייא זעלכע די דיך האבן גיעהרט אונ גיהייליגט אונ האבין גיהאלטין דעם שבת מיט גרוים עהרע אונ הייליגקייט אז דער שבת זאל מיין פיר שפרעכער זיין וויא פאר אדם הראשון אונ האט אידם דער לייזט פון דעם גיבען טויט. הער פון דער וועלט איך בין פאר זיכערט אין דיין זיכערהייט דאס דוא האסט פאר זיכערט דיינע קינדער ישראל אלע דיא דא רוען אונ זעגעפטיגין אונ עהרין דיין הייליגען טאג דאס דוא אידם וועסט געבין דיא ברכה פון יעקב אונזר פאטר אן צאל אונ אן מאס. עס זאל זיין באוויליגט די שפראך פון מיין מויל אונ דיא גידאנקען מיינעם הארצין צו פאר דיר גאט מיין באשעפער אונ מיין דר לייזער:

# סדר קבלת שבת

יום טוב אונ חול המועד אז עס גיפאלט שבת זאגט מען ניט לכו נרננה. נור מען הייבט אן מזמור שיר ליום השבת:

## לכו נרננה ליי נריעה לצור ישענו: נקדמה פניו

בית ישראל — שמירת שבת

לכו נרננה לה׳ עס וועלין זאגין איינער צום אנדערין גייט אונ מיר וועלין זינגען צו גאט מיר וועלין שאלין צו אונזער שטארקין העלפער: נקדמה מיר וועלין זיך פעדריא הייליגע

דער שכר פון היטען שבת קיט אלע זאכען וואס מען איז גיבאטען גיווארען איז זייער גרוים. וויא דיא

בְּתוֹדָה בִּזְמִרוֹת נָרִיעַ לוֹ: כִּי אֵל גָּדוֹל יְיָ וּמֶלֶךְ
גָּדוֹל עַל כָּל אֱלֹהִים: אֲשֶׁר בְּיָדוֹ מֶחְקְרֵי אָרֶץ
וְתוֹעֲפוֹת הָרִים לוֹ: אֲשֶׁר לוֹ הַיָּם וְהוּא עָשָׂהוּ
וְיַבֶּשֶׁת יָדָיו יָצָרוּ: בֹּאוּ נִשְׁתַּחֲוֶה וְנִכְרָעָה נִבְרְכָה
לִפְנֵי יְיָ עֹשֵׂנוּ: כִּי הוּא אֱלֹהֵינוּ וַאֲנַחְנוּ עַם מַרְעִיתוֹ
וְצֹאן יָדוֹ הַיּוֹם אִם בְּקֹלוֹ תִשְׁמָעוּ: אַל תַּקְשׁוּ
לְבַבְכֶם כִּמְרִיבָה כְּיוֹם מַסָּה בַּמִּדְבָּר: אֲשֶׁר נִסּוּנִי
אֲבוֹתֵיכֶם בְּחָנוּנִי גַּם רָאוּ פָעֳלִי: אַרְבָּעִים שָׁנָה
אָקוּט בְּדוֹר וָאֹמַר עַם תֹּעֵי לֵבָב הֵם וְהֵם לֹא יָדְעוּ
דְרָכָי: אֲשֶׁר נִשְׁבַּעְתִּי בְאַפִּי אִם יְבֹאוּן אֶל מְנוּחָתִי:

### שמירת שבת

הייליגע גמרא זאגט ווען יודען זאלין היטען איין שבת אזוי וויא די תורה הייסט וואלט באלד גיוועזן די גאולה. אונ פארקערט דיא עבירה פון חילול שבת ר"ל איז א גרויסע עבירה אונ יעדער מענש וואס איז מחלל שבת בלייבט אין גיהנם אפילו אום שבת. אלע רשעים זיינען שבת פרייא פון גיהנם אונ דער וואס איז מחלל שבת ווערט גימשפט אין גיהנם אפילו אום שבת. מדה כנגד מדה, ווייל ער האט מחלל שבת גיוועזן אויף די וועלט איז ער מחלל שבת אין גיהנם. אלזוי איז אחוב אויף יעדען מענש שבת צו היטען מיט אלע דינים וועט ער האבען א גרויסען שכר בעולם הזה ובעולם הבא אמן:

### בית ישראל

צו קומען פאר אים מיט איין לויב. מיט גזאנג וועלין מיר שאלין צוא אים: כי ווארום גאט איז איין שטארקער אונ איין גרויסער, אונ איין גרויסער מלך איבער אלע מלאכים: אשר בידו אין זיין האנט איז אלע פאר הויליגע זאכין פון דער ערד וואס מען בדארף זייא רעכט פארשטין. אונ דיא הויך פון דיא בערג זיינען צוא אים: אשר צו אים איז דר ים אונ ער הט אים גמאכט.
אויך דיא טריקענעש האבין זיינע הענט בשאפין: בואו קומט לאמיר זיך בוקין אונ איין בייגען דיא קאפ פאר גאט. לאמיר קניען פאר גאט וואס האט אונז אויף גיהויבין: כי ווארום ער איז אונזער גאט אונ מיר זיינען זיין פאלק וואס ער פאשעט אונז, אונ מיר זיינען זיינע שאף וואס ער פירט אונז מיט זיינע הענט מחמת ליב-שאפט. משה רבינו האט גיזאגט צוא דיא יודען עס קאן היינטיגען טאג זיין אזוי איין ליבשאפט, אז איר וועט צו הערין זיין קול צוא טאן זיינע מצות: אל איר זאלט ניט הארט מאכין אייערע הערצער אזוי וויא בייא מי מריבה האט איר הארט גימאכט אייערע הערצער. אזוי ווי אין דער מדבר אויף דעם ארט וואס איז אן גירופען גיווארען מסה: אשר וום אייערע עלטערן האבן מיך דארטן גיפרובט אויב איך קאן זייא געבין וואסער. חאטשע זיי האבין גיזעהן מיינע ווערק אין מצרים האבין זייא מיך פארט גיפרובט: ארבעים פערציג יאר האב איך זיך גיקריגט מיט דעם דור. אונ איך האב גיזאגט אז זייא זיינען אזוי איין פאלק וואס זייער הארץ איז אפ גיקערט פון דעם רעכטין וועג. אונ

שִׁירוּ לַייָ שִׁיר חָדָשׁ שִׁירוּ לַייָ כָּל הָאָרֶץ: שִׁירוּ לַייָ בָּרְכוּ שְׁמוֹ בַּשְּׂרוּ מִיּוֹם לְיוֹם יְשׁוּעָתוֹ: סַפְּרוּ בַגּוֹיִם כְּבוֹדוֹ בְּכָל הָעַמִּים נִפְלְאוֹתָיו: כִּי גָדוֹל יְיָ וּמְהֻלָּל מְאֹד נוֹרָא הוּא עַל כָּל אֱלֹהִים: כִּי כָּל אֱלֹהֵי הָעַמִּים אֱלִילִים, וַייָ שָׁמַיִם עָשָׂה: הוֹד וְהָדָר לְפָנָיו עֹז וְתִפְאֶרֶת בְּמִקְדָּשׁוֹ: הָבוּ לַייָ מִשְׁפְּחוֹת עַמִּים הָבוּ לַייָ כָּבוֹד וָעֹז: הָבוּ לַייָ כְּבוֹד שְׁמוֹ שְׂאוּ מִנְחָה וּבֹאוּ לְחַצְרוֹתָיו: הִשְׁתַּחֲווּ לַייָ בְּהַדְרַת קֹדֶשׁ חִילוּ מִפָּנָיו כָּל הָאָרֶץ: אִמְרוּ בַגּוֹיִם יְיָ מָלָךְ אַף תִּכּוֹן תֵּבֵל בַּל תִּמּוֹט יָדִין עַמִּים בְּמֵישָׁרִים: יִשְׂמְחוּ הַשָּׁמַיִם וְתָגֵל הָאָרֶץ יִרְעַם הַיָּם וּמְלֹאוֹ: יַעֲלֹז שָׂדַי וְכָל אֲשֶׁר בּוֹ אָז יְרַנְּנוּ כָּל עֲצֵי יָעַר: לִפְנֵי

## בית ישראל

זייא האבין פארט ניט גיוואלט וויסען מיין גוטין וועג: אֲשֶׁר אונ מַחֲמַת דעם האב איך גישווארין אז איך בין גיוועז אין צארין, אויב איך וועל זיי ברייגגען אין מיין רואונג דאס מיינט מען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל:

שִׁירוּ לַה׳ איינער צום אנדערין וועלין זאגין זינגט צוא גאט איין נייע גיזאנג אויף דער יְשׁוּעָה. זינגט צו גאט איר אלע וואס זייגען אויף דער וועלט: שירו זינגט צו גאט אונ לויבט זיין נאמן. אלע טאג זייט מְבַשֵּׂר איינער דעם אנדערין זיין נייע הילף: ספרו דר ציילט צווישן די פעלקר זיין כָּבוֹד. צווישין אלע פעלקער דער ציילט זיינע וואונדער: כי ווארום גאט איז גרויס אונ איז זייער גילויבט. ער איז פארכטיג איבער אלע געטער: כי ווארום אלע געטער פון היידן זייגען גאר נישט אנטקעגין גאט אבער גאט האט בשאפין דיא הימל: הוד שיינקייט אונ פראכט איז פאר אים, שטארקייט אונ שיינקייט איז אין זיין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ: הבו איר מִשְׁפָּחוֹת פון די פעלקר גיט צו גאט כָּבוֹד אונ שטארקייט: הבו גיט צוא גאט אזוי איין כָּבוֹד ווי עס איז ראוי צוא זיין נאמן. טראגט איין מִנְחָה אונ קומט מיט איר אין זיין הויף דאס איז דער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ: השתחוו בוקט איך צוא גאט אין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וואס ער איז גישיינט מיט היילינקייט. אונ ציטערט פאר אים איר זיצער פון דר ערד: אמרו זאגט צווישען דיא פעלקער אז גאט איז איין מַלְכוּת. אויך האט ער געוויזין אז ער האט דיא וועלט אן גיבבריט אז זיא זאל ניט אויס גיגליטשט ווערין אונ אז ער מִשְׁפָּט דיא פעלקער מיט איין רעכט פארטיגין מִשְׁפָּט: ישמחו דיא הימעל מיט דער ערד וועלין זיך פרייען. דער ים מיט דיא וואס זייגען אין ים וועלין שטורעמען: יעלז דאס פעלד אונ אלץ וואס דרינגען איז וועט זיך פרייען. דענסט מאל אז מָשִׁיחַ וועט קומען וועלין דיא בוימער פון דעם וואלד אויך זינגען: לפני דיא שִׂמְחָה וועט זיין פאר גאט. ווייל

## פנינים יקרים

יַעֲלֹז שָׂדַי וכו׳ אלע פעלקער וועלין זיך פרייען לֶעָתִיד לָבֹא, יְרַנְּנוּ כָּל עֲצֵי יָעַר, אלע בוימער פון וואלד זינגען, מיר וועלין דאס פערשטיין מיט א מָשָׁל, עס איז גיוועזין צוויי סוחרים, איינער הט גיהאט א גוטין קאפ האט ער גיהאנדילט זייער גרויס שטארק גישווינדילט, אונ דער צווייטער מיט א קליינע קאפ האט ניט פאר שטאנען צו שווינדלען האט ער קליין גיהאנדילט נאר

יְיָ כִּי בָא כִּי בָא לִשְׁפֹּט הָאָרֶץ יִשְׁפֹּט תֵּבֵל בְּצֶדֶק
וְעַמִּים בֶּאֱמוּנָתוֹ׃
יְיָ מָלָךְ תָּגֵל הָאָרֶץ יִשְׂמְחוּ אִיִּים רַבִּים׃ עָנָן וַעֲרָפֶל
סְבִיבָיו צֶדֶק וּמִשְׁפָּט מְכוֹן כִּסְאוֹ׃ אֵשׁ לְפָנָיו
תֵּלֵךְ וּתְלַהֵט סָבִיב צָרָיו׃ הֵאִירוּ בְרָקָיו תֵּבֵל
רָאֲתָה וַתָּחֵל הָאָרֶץ׃ הָרִים כַּדּוֹנַג נָמַסּוּ מִלִּפְנֵי יְיָ
מִלִּפְנֵי אֲדוֹן כָּל הָאָרֶץ׃ הִגִּידוּ הַשָּׁמַיִם צִדְקוֹ וְרָאוּ
כָל הָעַמִּים כְּבוֹדוֹ׃ יֵבֹשׁוּ כָּל עֹבְדֵי פֶסֶל
הַמִּתְהַלְלִים בָּאֱלִילִים הִשְׁתַּחֲווּ לוֹ כָּל אֱלֹהִים׃

פנינים יקרים

נאר מיט זיין איינענעם קאפיטאל, אמאהל זיינען דיא צוויא סוחרים גיפארין פון א יריד, דער קליינער סוחר איז פאר פארין אין גאסט הויז מיט זיין פעקיל סחורה אונ האט פאר נומען זיך א צימער עטוואס אב גיגעסין אונ זיך געלייגט שלאפין. מיט איינינע שטונדין שפעטר איז גיווארין אין גאסט הויז א גרויסער לארעם א טומיל, דער צווייטער גרויסער סוחר איז גיקומען מיט איינינע וועגין סחורה איז דער משרת אריין אין צימער פון קליינעם סוחר וועקין אז ער זאל פר לאזין דעם צימער, אונ האט זיין פעקיל סחורה אויף דיא גאס גילייגט. אים האט די מעשה נים פערדראסין נאר ער הט קיין אנדערע ברירה נים גיהאט אונ האט פאר לאזט דאס גאסט הויז, מיט א צייט האט דער גרויסער סוחר באנקראטירט אונ איז ל"ע גיווארין א ארעמאן אונ גינאנגין אויף די מדינה בעטין נדבות, אונ דר קליינער סוחר האט זיך גיפירט זיין מסחר וויא גיוועזין, מאכט זיך ווייטער דאס פיידע לים טרעפין זיך אין דעם זעלבין ארט, וואו דאס גאסט הויז איז, אונ דר קליינער סוחר קומט אריין אין צימער מיט זיין ביסעל סחורה, ער זעצט זיך עסין. אבער ווי ער שטויגם איז ער גיווארין דער זעהן דעם געוועזענעם סוחר ביי זיך אין צימער אונ איז צוא גיגאנגען פון אים בעטין א נדבה אונ אויך עטוואס עסין צו דער קוויקען זיך, דעמאלס האט דער קליינער סוחר גינומען דאנקען אונ לויבען השי"ת פאר זיינע חסדים וואס ער האט אים נים גיגעבין אזוי א שווינדעל קאפ, דער נמשל איז, דיא גמרא זאגט, אז הקב"ה האט באשאפין די וועלט, האט ער צו פרידען געשטעלט אלע בעשעפנישען נאך זייער

וואונש

בית ישראל

ער איז גיקומען משפטין די זיצער פון דער ערד. ער וועט משפטין דיא וועלט מיט גירעכטיקייט. אונ דיא פעלקער וועט ער משפטין מיט זיין ווארהאפטיקייט:
יי מלך אז עס וועט אנטפלעקט ווערין גאטס מלוכה וועט זיך פרייען די ערד אונ עס וועלין זיך פרייען דיא וואס זיצין אויף דיא אינזלען פון דעם ים: ענן דער וואלקין אונ דער נעביל וועט זיין ארום אים. דאס אן ברייטונג פון זיין שטול וועט זיין מיט גירעכטיקייט אונ מיט משפט: אש פייער וועט גיין פאר אים אונ עס וועט פלאקערין ארום זיינע בליידיגער: האירו זיינע בליצין וועלין לייכטין אויף דער גאנצער וועלט. אז די ערד וועט זעהן דיא בליצין וועט זיא דר ציטערט ווערין: הרים די בערג וועלין צו גיין אזוי ווי וואקס, פר גאט וואס ער איז דר האר פון דר גאנצער וועלט: הגידו דיא מלאכים פון דעם הימעל וועלין דער ציילין זיין גירעכטיקייט. אונ אלע היידין וועלין זעהן זיין כבוד: יבשו אלע וואס דינען דיא בילדער וועלין פר שעמט ווערין. די וואס
בארימען זיך מיט זייערע ניסטע געטער וועלין אויך פאר שעמט ווערין. אלע געטער

וועלין

שָׁמְעָה וַתִּשְׂמַח צִיּוֹן וַתָּגֵלְנָה בְּנוֹת יְהוּדָה לְמַעַן מִשְׁפָּטֶיךָ יְיָ: כִּי אַתָּה יְיָ עֶלְיוֹן עַל כָּל הָאָרֶץ מְאֹד נַעֲלֵיתָ עַל כָּל אֱלֹהִים: אֹהֲבֵי יְיָ שִׂנְאוּ רָע שֹׁמֵר נַפְשׁוֹת חֲסִידָיו מִיַּד רְשָׁעִים יַצִּילֵם: אוֹר זָרֻעַ לַצַּדִּיק וּלְיִשְׁרֵי לֵב שִׂמְחָה: שִׂמְחוּ צַדִּיקִים בַּייָ וְהוֹדוּ לְזֵכֶר קָדְשׁוֹ:

מִזְמוֹר שִׁירוּ לַייָ שִׁיר חָדָשׁ כִּי נִפְלָאוֹת עָשָׂה הוֹשִׁיעָה לּוֹ יְמִינוֹ וּזְרוֹעַ קָדְשׁוֹ: הוֹדִיעַ יְיָ יְשׁוּעָתוֹ לְעֵינֵי הַגּוֹיִם גִּלָּה צִדְקָתוֹ: זָכַר חַסְדּוֹ וֶאֱמוּנָתוֹ לְבֵית יִשְׂרָאֵל רָאוּ כָל אַפְסֵי אָרֶץ אֵת יְשׁוּעַת אֱלֹהֵינוּ: הָרִיעוּ לַייָ כָּל הָאָרֶץ פִּצְחוּ

### בית ישראל

וועלין זיך בוקין צו אים: שמעה אז ציון וועט הערין די נקמה וואס גאט האט גיטאן אין אירע פיינט וועט זיא זיך פרייען. אונ די דערפער פון יהודה וועלין זיך אויך פרייען וועגין דיין משפט וואס דוא האסט גיטאן: כי ווארום דו גאט ביסט איין איבערשטער אויף דער גאנצער וועלט. דו ביסט זייער ערהייכט אויף אלע געטער: אוהבי איר ליב האבער פון גאט האט פיינט די וואס טוען בייז. ווארום גאט היט דיא לייבער פון זייגע חסידים וועט ער זייא בודאי מציל זיין פון די רשעים: אור איין ליכט איז גיזייט צום צדיק. אונ צו דיא רעכטפארטיגע הערצער איז אנגיברייט פרייד: שמחו פרייט זיך איר צדיקים מיט דעם ווס איר זייט אנגילעהענט אין גאט. אונ לויבט צו גאט, אז מען דער־ מאנט זיין היילינען נאמען:

מזמור דער מזמור גייט אויף לעתיד לבא. זינגט צו גאט אנייע גיזאנג. ווארום ער האט גיטאן וואונדער, ער בעדארף ניט האבין קיין הילף פון קיין אנדערין ווארום זיין רעכטע האנט העלפט אים, אונ זיין היילינער ארים: הודיע פריער הט גאט גילאזט וויסין דורך נביאים דיא ישועה. אונ היינט הט ער אנטפלעקט פאר אלע פעלקער זיין גירעכטיגקייט אונ זיין הילף: זכר גאט גידיינקט זיין חסד ווס ער הט מבטיח גיוועזן מיט זיין וואהרהייט צו דעם הויזגעזינד פון דיא יודין. אלע די וואס זיינען אין עקין וועלט האבין גיזעהן דיא הילף פון אונזער גאט: הריעו טוט שאלין צוא גאט איר אלע פון דער־ וועלט

### פנינים יקרים

וואונש, איז דאך א פראגע פאר וואס האבין די בוימער אונ פעלדער ניט גיבענטשין בא השי"ת ער זאל זייא געבין שכל וויא די מענשען, איז דר תירוץ אז לעתיד לבוא אז זייא וועלין זעהן וויא השי"ת וועט בעשטראפין דיא זינדיגע מענשין פאר זייערע שלעכטע מעשים דעמאלס וועלין זיי זיך פרייען וואס זייא האבין ניט גיבעטין בא השי"ת אויף שכל אונ נאך חכמות, פיליכט וואלטין זייא אויך אזוי באשטראפט גיווארין, דאס זאגט דר פסוק יעלז שדי, ירננו כל עצי יער דיא פעלדער אונ דיא וועלדער וועלין זיך פרייען, כי בא לשפוט הארץ, אז גאט וועט בעשטראפין די שלעכטע מענשין וואס האבין געזינדיגט, גליך וויא דער גרויסער סוחר האט פיל גע־ שווינדעלט ביז ער האט באנקראטירט אונ איז לא עליכם גיווארין. א ארומאן:

וְרַנְּנוּ וְזַמֵּרוּ: זַמְּרוּ לַיְיָ בְּכִנּוֹר בְּכִנּוֹר וְקוֹל זִמְרָה: בַּחֲצֹצְרוֹת
וְקוֹל שׁוֹפָר הָרִיעוּ לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ יְיָ: יִרְעַם הַיָּם וּמְלֹאוֹ תֵּבֵל
וְיֹשְׁבֵי בָהּ: נְהָרוֹת יִמְחֲאוּ כָף יַחַד הָרִים יְרַנֵּנוּ: לִפְנֵי יְיָ כִּי
בָא לִשְׁפֹּט הָאָרֶץ יִשְׁפֹּט תֵּבֵל בְּצֶדֶק וְעַמִּים בְּמֵישָׁרִים:
יְיָ מָלָךְ יִרְגְּזוּ עַמִּים יֹשֵׁב כְּרוּבִים תָּנוּט הָאָרֶץ: יְיָ
בְּצִיּוֹן גָּדוֹל וְרָם הוּא עַל כָּל הָעַמִּים: יוֹדוּ שִׁמְךָ
גָּדוֹל וְנוֹרָא קָדוֹשׁ הוּא: וְעֹז מֶלֶךְ מִשְׁפָּט אָהֵב אַתָּה
כּוֹנַנְתָּ מֵישָׁרִים מִשְׁפָּט וּצְדָקָה בְּיַעֲקֹב אַתָּה

## פנינים יקרים

ה' מלך ירגזו עמים וכו' אתה כוננת מישרים, דער מדרש שרייבט א משל אויף דעם פסוק, א קעניג האט אוועק געזעצט אין איין מדינה א נייעם גובערנאטער וועלכער האט גיהאט א נאמען פאר איין שטרייגען מענש, מיט א מאל איז דער גובערנאטער ארויס געפארן אויף דיא מדינה איבערזעהן דיא ארדענונג פון דעם לאנד צו עס פירט זיך וויא עס דארף זיין. איז גיווארין א טומעל בא די אלע איינוואוינער אין לאנד וועלכע האבין זיך אלע שטארק גישראקען פאר דעם שטרייגען גובערנאטער, גראדע איז געקומען א מענש פון דער וועלכער שטאט וועלכע דער גובערנאטער וואוינט, אונ האט בעמערקט וויא זייא ציטערין אונ שרעקין זיך פאר דעם גאסט, זאגט זייא דער מענש איר שרעקט זיך אונ ציטערט אומזיסט, איך קען נייער נאך דעם גובערנאטער ער איז דווקא איין גוטער מענש איין וואהרער שופט, גנבים אונ מערדער בעשטראפט ער זייער שטרענג, דאס העלפט צו אים קיינע בקשות, אבער ארדענטליכע מענשין וועלכע היטין דיא געזעצין פון לאנד בעהאנדעלט ער זייער פיין, אויף דיא גרעסטע שטופע, ביי אים איז חסד ורחמים אנטקעגען זייא. דער נמשל איז דיא אומות הקדמונים האבין ניט גיוואלט נעמען דיא תורה ומצות, דאס זאגט דער פסוק ה' מלך ירגזו עמים. אלע פעלקער האבין געציטערט האבין ניט גיוואלט מקבל זיין דיא תורה. זאגט דוד המלך, אמת הדבר ער פירט שטרייגג, ער בעשטראפט גוט, נאר יענע דיא וואס צו טרעטין דעם כנגד פון תורה, אונ פירען זיך שלעכט



## בית ישראל

וועלט. עפינט אייער מויל אונ זינגט צו גאט: זמרו זינגט צו גאט מיט א פידיל, אונ מיט איין קול פון געזאנג: בחצוצרות מיט טרומייטין אונ מיט איין קול פון איין שופר זאלט איר שאלין פאר גאט וואס ער איז איין מלכות: ירעם דער ים מיט דעם וואס אין אים איז פרהאנדין וועט שטורימען. די וועלט אונ אלע וואס אין איר זיצין וועלין אויך שטורימען: נהרות די טייכין וועלין שלאגין איין האנט אויף דער אנדערער מחמת שמחה. אלע בערג באנאנדער וועלין זינגען: לפני ה' די שמחה וועט זיין פאר גאט. ווייל ער איז גקומען משפטין די וועלט. ער וועט משפטין די וועלט מיט גירעכטיגקייט. אונ די פעלקער מיט איין רעכטפארטיגען משפט, איטליכין וויא אזוי עס קומט:

ה' מלך אז גאט וועט האבין גיקיניגט וועלין די פעלקער ציטערין פאר גאט וואס זיצט אויף די כרובים וועט זיך די וועלט ביגין אומצופאלין מחמת ציטערניש: ה' גאט וואס זיין וואוינונג איז אין ציון, איז ער גרויס. אונ איז דערהויבין אויף אלע פעלקער: יודו אלע וועלין לויבין צו דיין נאמען. ווייל דער הייליגער גאט איז איין גרויס פארכטיגער: ועוז אונ דאס שטארקייט איז צו דעם מלכות וואס האט ליב צו טאן איין גוטין משפט. דוא האסט אנגיבריט די תורה וואס זי איז גערעכטפארטיג. די משפטים פון דער תורה אונ אירע גירעכטע רייד וואס זיינען גי געבן

עָשִׂיתָ: רוֹמְמוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וְהִשְׁתַּחֲווּ לַהֲדֹם רַגְלָיו קָדוֹשׁ הוּא: מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן בְּכֹהֲנָיו וּשְׁמוּאֵל בְּקֹרְאֵי שְׁמוֹ קֹרְאִים אֶל יְיָ וְהוּא יַעֲנֵם: בְּעַמּוּד עָנָן יְדַבֵּר אֲלֵיהֶם שָׁמְרוּ עֵדֹתָיו וְחֹק נָתַן לָמוֹ: יְיָ אֱלֹהֵינוּ אַתָּה עֲנִיתָם אֵל נֹשֵׂא הָיִיתָ לָהֶם וְנֹקֵם עַל עֲלִילוֹתָם: רוֹמְמוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וְהִשְׁתַּחֲווּ לְהַר קָדְשׁוֹ כִּי קָדוֹשׁ יְיָ אֱלֹהֵינוּ:

מִזְמוֹר לְדָוִד הָבוּ לַיְיָ בְּנֵי אֵלִים הָבוּ לַיְיָ כָּבוֹד וָעֹז: הָבוּ לַיְיָ כְּבוֹד שְׁמוֹ הִשְׁתַּחֲווּ לַיְיָ בְּהַדְרַת קֹדֶשׁ: קוֹל יְיָ עַל הַמָּיִם אֵל הַכָּבוֹד הִרְעִים יְיָ עַל מַיִם רַבִּים: קוֹל יְיָ בַּכֹּחַ קוֹל

**בית ישראל**

צו יַעֲקֹב הָאסְטוּ דָס גְטָאן: רוֹמְמוּ דֶערְהֵייבְּט אוּנְזֶער גָאט, אוּנ בּוּקְט זִיךְ צוּ זַיינֶע פִיס, ווייל עֶר אִיז הֵיילִיג: מֹשֶׁה זֶעהְט זַיין גְרוֹיס הֵיילִיגְקֵייט, מֹשֶׁה אוּנ אַהֲרֹן זַיינֶען דָאךְ גִיוֶועזְן פוּן דִי גְרֶעסְטֶע כֹּהֲנִים, אוּנ שְׁמוּאֵל אִיז דָאךְ גִיוֶועזְן פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע וָואס פְלֶעגְן אַנְרוּפְן זַיין נָאמֶען מִתְפַּלֵּל צוּ זַיין זֵיי פְלֶעגְן רוּפְן צוּ גָאט, אוּנ עֶר פְלֶעגְט זֵיי עֶנְטְפֶערְן: בְּעַמּוּד מַחֲמַת גְרוֹיס חֲשִׁיבוּת פְלֶעגְט עֶר קוּמֶען מִיט אַ וָואלְקֶענְדִיגֶען זַייל צוּ רֵיידְן מִיט זֵיי. ווייל זֵייא הָאבְּן גֶעהִיט זַיין תּוֹרָה אוּנ זַיין דִינְ"ק וָואס עֶר הָאט גִיגֶעבְּן צוּ זֵיי: ה' אֱלֹהֵינוּ חָאטְשֶׁע אוּנְזֶער גָאט פְלֶעגְט זֵייא תָּמִיד עֶנְטְפֶערְן וֶוען זֵיי הָאבְּן אִים גִירוּפְן, אוּנ דוּ גָאט פְלֶעגְסְט מוֹחֵל זַיין דִי יוּדְן זֵייעֶרֶע עֲבֵירוֹת מַחֲמַת זֵייעֶרֶע תְּפִלּוֹת, אוּנ פוּן דֶעסְטְווֶעגְן הָאט עֶר זִיךְ נוֹקֵם גִיוֶועזְן אוֹיף זֵייעֶר ווֶערְק, אוּנ הָאט זֵייא נִיט גִישֵׁיינְקְט וְהָרְאָיָה מֹשֶׁה אוּנ אַהֲרֹן זַיינֶען גִישְׁטָארְבְּן מַחֲמַת מֵי מְרִיבָה, אוּנ שְׁמוּאֵל אִיז גִשְׁטָארְבְּן, ווייל עֶר הָאט זַיינֶע קִינְדֶער נִיט מַדְרִיךְ גִיוֶועזְן אַזוֹי וִוי רֶעכְט אִיז, פוּן דַאנֶען זֶעהְט מֶען זַיין גְרוֹיס הֵיילִיגְקֵייט וִוי עֶר אִיז קֵיינֶעם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים: רוֹמְמוּ דֶערְהֵייבְּט אוּנְזֶער גָאט, אוּנ בּוּקְט זִיךְ צוּא זַיין הֵיילִיגְן בַּארְג, דָאס אִיז דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וָוארוּם אוּנְזֶער גָאט אִיז הֵיילִיג:

מִזְמוֹר לְדָוִד, גְרֵייט אַייךְ אָן צוּ גָאט דִינְסְט אִיר קִינְדֶער פוּן דִי שְׁטַארְקֶע וָוס הָאבְּן זִיךְ גִישְׁטַארְקְט צוּ דִינֶען גָאט דָאס מֵיינְט מֶען דִי אָבוֹת. גִיט אָפּ צוּא גָאט כָּבוֹד אוּנ אַלֶע שְׁטַארְקֵייט אִיז אַלְץ פוּן אִים: הָבוּ גְרֵייט אַייךְ אָן פַאר גָאט פַאר זַיין הֶערְלִיכֶען נָאמֶען אִיר זָאלְט זִיךְ בּוּקְן צוּא גָאט מִיט בַּאשֵׁיינֶען זַיין הֵיילִיגְקֵייט: קוֹל דָאס קוֹל פוּן גָאט אִיז גִיוֶועזְן אוֹיף דֶעם וַואסֶער פוּן יַם סוּף. גָאט וָואס גִיהֶערְט צוּ אִים כָּבוֹד עֶר

**פנינים יקרים**

צוּ מֶענְשְׁן, מִיט זֵייא פִירְט עֶר זִיךְ שְׁטְרֵיינְג, אָבֶּער דִיא וָואס פִירֶען זִיךְ אָרֶענְטְלִיךְ בְּדַרְכֵי הַתּוֹרָה, צוּ זֵייא אִיז עֶר זֵייעֶר גוּט, עֶר פִירְט מִיט זֵייא מִיט חֶסֶד וְרַחֲמִים, עֶר הֶעלְפְט דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען מֶענְשׁ, אוּנ אַלֶעס אִיז מִיט צֶדֶק וּמִשְׁפָּט, דָאס זָאגְט דֶער פָּסוּק (אַתָּה כּוֹנַנְתָּ מֵישָׁרִים) דוּא הָאסְט גֶענֶערִינְגֶעט דִיא וֶועלְט אוֹיף צֶדֶק וּמֵישָׁרִים:

יְיָ בֶּהָדָר׃ קוֹל יְיָ שֹׁבֵר אֲרָזִים וַיְשַׁבֵּר יְיָ אֶת אַרְזֵי הַלְּבָנוֹן׃ וַיַּרְקִידֵם כְּמוֹ עֵגֶל לְבָנוֹן וְשִׂרְיוֹן כְּמוֹ בֶן רְאֵמִים׃ קוֹל יְיָ חֹצֵב לַהֲבוֹת אֵשׁ׃ קוֹל יְיָ יָחִיל מִדְבָּר יָחִיל יְיָ מִדְבַּר קָדֵשׁ׃ קוֹל יְיָ יְחוֹלֵל אַיָּלוֹת וַיֶּחֱשֹׂף יְעָרוֹת וּבְהֵיכָלוֹ כֻּלּוֹ אֹמֵר כָּבוֹד׃ יְיָ לַמַּבּוּל יָשָׁב וַיֵּשֶׁב יְיָ מֶלֶךְ לְעוֹלָם׃ יְיָ עֹז לְעַמּוֹ יִתֵּן יְיָ יְבָרֵךְ אֶת עַמּוֹ בַשָּׁלוֹם׃

אָנָּא בְּכֹחַ גְּדֻלַּת יְמִינְךָ. תַּתִּיר צְרוּרָה׃ קַבֵּל רִנַּת עַמְּךָ. שַׂגְּבֵנוּ טַהֲרֵנוּ נוֹרָא׃ נָא גִבּוֹר דּוֹרְשֵׁי יִחוּדְךָ. כְּבָבַת שָׁמְרֵם׃ בָּרְכֵם טַהֲרֵם רַחֲמֵם. צִדְקָתְךָ תָּמִיד גָּמְלֵם׃ חֲסִין קָדוֹשׁ. בְּרוֹב טוּבְךָ נַהֵל עֲדָתֶךָ׃ יָחִיד גֵּאֶה לְעַמְּךָ פְּנֵה. זוֹכְרֵי קְדֻשָּׁתֶךָ׃ שַׁוְעָתֵנוּ קַבֵּל וּשְׁמַע צַעֲקָתֵנוּ. יוֹדֵעַ תַּעֲלֻמוֹת׃ בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ לְעוֹלָם וָעֶד׃

לְכָה דוֹדִי לִקְרַאת כַּלָּה. פְּנֵי שַׁבָּת נְקַבְּלָה׃ לכה

שָׁמוֹר וְזָכוֹר בְּדִבּוּר אֶחָד. הִשְׁמִיעָנוּ אֵל הַמְיֻחָד. יְיָ אֶחָד וּשְׁמוֹ אֶחָד. לְשֵׁם וּלְתִפְאֶרֶת וְלִתְהִלָּה׃ לכה

לִקְרַאת שַׁבָּת לְכוּ וְנֵלְכָה. כִּי הִיא מְקוֹר הַבְּרָכָה. מֵרֹאשׁ

בית ישראל

האָט גמאַכט שטורימען, גאָט איז אויף פיל וואַסערין׃ קול גאָטס קול איז מיט אַזוי אַיין כח ווי דער מענש קאָן אויסשטיין. גאָטס קול איז מיט שיינקייט. גאָטס קול ברעכט טענען בוימער, גאָט צו ברעכט די טענען בוימער פון וואַלד לבנון׃ ויַרקידם אונ האָט זיי גימאַכט שפּרינגען ווי איין קאַלב, די צוויי בערג האָבין גישפּרונגען ווי אַוויזיל טיר׃ גאָטס קול האַקט אויס פלאַמען פייער׃ גאָטס קול מאַכט ציטערין דעם מדבר. גאָט מאַכט ציטערין דעם מדבר קדש׃ גאָטס קול מאַכט ציטערין די וואָס זיינען שטאַרק ווי די אינדין, אונ טוט אַנטפּלעקין וועלדער. אונ אין זיין היכל וועלין אַלע זאָגין דעם כבוד׃ יי גאָט איז גיזעסין אַליין, אַז דער מבול איז גיוועזן. אונ גאָט וועט ווידער זיצין, אונ ער איז אַיין מלך אויף אייביג, דאָס אַלע וועלין וויסין, אַז עס איז מער קיין גאָט ניטאָ׃ יי גאָט, שטאַרקייט צו זיין פאָלק וועט ער געבין. אונ גאָט וועט בענטשין זיין פאָלק מיט שלום׃

לְכָה דודי גיי מיין פריינד אַנטקעגין דעם שבת, די וואָס ווערט גירופין כלה, מיר וועלין דעם שבת צונעמען׃

שָׁמוֹר דאָס וואָרט זכור את יום השבת, וואָס עס שטייט אין די ערשטע עשרת הדברות, אונ דאָס וואָרט שמור וואָס עס שטייט אין די אַנדערע עשרת הדברות, די ביידע ווערטער האָט אונז דער גיאיינציגסטער גאָט גימאַכט הערין אין איין זאָג, דען איין מענש קען ניט ריידין צוויי ווערטער באַנאַנד אויף איין מאָל, דען הקב"ה אונ זיין נאָמען איז אַלץ איינס. אונ דאָס איז אים צו איין שם אונ צו שיינהייט אונ צו איין באַרימונג׃

לִקְרַאת גייט אַהער מיר וועלין דעם שבת אַנטקעגין גיין, דען זי איז דער קוואַל פון דער ברכה, דאָס מיינט מען די

מִקֶּדֶם נְסוּכָה. סוֹף מַעֲשֶׂה בְּמַחֲשָׁבָה תְּחִלָּה: לכה

מִקְדַּשׁ מֶלֶךְ עִיר מְלוּכָה. קוּמִי צְאִי מִתּוֹךְ הַהֲפֵכָה. רַב לָךְ
שֶׁבֶת בְּעֵמֶק הַבָּכָא. וְהוּא יַחֲמוֹל עָלַיִךְ חֶמְלָה: לכה

הִתְנַעֲרִי מֵעָפָר קוּמִי. לִבְשִׁי בִּגְדֵי תִפְאַרְתֵּךְ עַמִּי. עַל־יַד
בֶּן־יִשַׁי בֵּית הַלַּחְמִי. קָרְבָה אֶל נַפְשִׁי גְאָלָהּ: לכה

הִתְעוֹרְרִי הִתְעוֹרְרִי. כִּי בָא אוֹרֵךְ קוּמִי אוֹרִי. עוּרִי עוּרִי
שִׁיר דַּבֵּרִי. כְּבוֹד יְיָ עָלַיִךְ נִגְלָה: לכה

לֹא תֵבוֹשִׁי וְלֹא תִכָּלְמִי. מַה תִּשְׁתּוֹחֲחִי וּמַה תֶּהֱמִי. בָּךְ יֶחֱסוּ
עֲנִיֵּי עַמִּי. וְנִבְנְתָה עִיר עַל תִּלָּהּ: לכה

בית ישראל

גַאנְצֶע וָואךְ אִיז גִיבֶּענְטְשְׁט פוּן שַׁבָּת. פוּן אָנְהֵייבּ דָאס בַּאשַׁאפוּנְג דִי וֶועלְט אִיז זִי גִיהֶערְשְׁט. חָאטְשֶׁע שַׁבָּת אִיז דָאס לֶעצְט פוּן אַלֶע וֶוערְק, אִיז זִי אָבֶּער גִיוֶועזִין פְרִיעֶר
בַּיי הַשׁי"ת אִין זַיין מַחֲשָׁבָה:

מִקְדַּשׁ דוּ קֶינִיגְלִיכֶע שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם, שְׁטֵיי אוֹיף אוּנ גֵיי אוֹיס פוּן דִי פַּרְקֶערוּנְג, עֶס אִיז שׁוֹין גִינוּג דַיין זִיצִין אִין טָאל דֶער וֵויינוּנְג, אוּנ הקב"ה וֶועט זִיךְ דֶערְבַּארִימֶען אִיבֶּער דִיר אַיין דֶערְבַּארִימוּנְג:

הִתְנַעֲרִי טוּא דִיךְ אָפְּשָׁאקְלֶען פוּן שְׁטוֹיבּ שְׁטֵיי אוֹיף מַיין פָאלְק אוּנ קְלֵייד דִיךְ אִין דַיינֶע צִירְלִיכֶע קְלֵיידֶער, דוּרְךְ מָשִׁיחַ בֶּן דָוִד דֶער זוּן פוּן יִשַׁי, דֶער דָא אִיז פוּן בֵּית לֶחֶם, טוּ דִיךְ גִינֶעהֶענְען צוּ מַיין זֶעלֶע, אוּנ טוּא זִיא דֶערְלֵייזִין:

הִתְעוֹרְרִי דֶערְוֶועק דִיךְ, דֶערְוֶועק דִיךְ, הֵנֵּה דַיין לִיכְט אִיז שׁוֹין אוּנְטֶער גִיגַאנְגֶען, שְׁטֵיי אוֹיף אוּנ לַייכְט, וַואךְ זִיךְ אוֹיף, וַואךְ זִיךְ אוֹיף, אוּנ רֵייד גִיזַאנְג. כְּבוֹד ה' עָלַיִךְ נִגְלָה, גַאנְץ כָּבוֹד אִיז אוֹיף דִיר אַנְטְפְּלֶעקְט:

פנינים יקרים

מֵרֹאשׁ מִקֶּדֶם נְסוּכָה סוֹף מַעֲשֶׂה בְּמַחֲשָׁבָה תְּחִלָּה, דֶער רַבִּי נַחַל זָאגְט אוֹיף דֶעם אַ מָשָׁל, אַ מֶענְשׁ אוֹיף דִי עֶלְטֶערֶע יָארִין הָאט זִיךְ בֶּעטְרַאכְט, וָואס וֶועט זַיין דֶער תַּכְלִית, מֶען דַארְף פַאר עֶנְדִינֶען אַלֶע מִכְתָּרִים אוּנ צוּ גְרֵייטִין זִיךְ מִיט וָואס צוּ קוּמֶען צוּ דֶער עוֹוִיגֶער וֶועלְט, הָאט עֶר אוֹיף גִיגֶעבִּין אַלֶע זַיינֶע מִסְחָרִים, אוּנ הָאט אוֹיפְגֶעזַאמִילְט זַיין פֶערְמֶעגִין, אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסִין צוּא זֶעצִען לֶערְנֶען תּוֹרָה, רוּהִיג דִיא רֶעשְׁטֶע זַיינֶע יָארִין, וֶועלְכֶעס דִיא תּוֹרָה אִיז דָאךְ דִיא בֶּעסְטֶע סְחוֹרָה, וִויא עֶס אִיז בַּייא אִים אַרוֹיף דִי מַחֲשָׁבָה, הָאט עֶר זִיךְ בֶּעטְרַאכְט מֶען דַארְף דָאךְ דֶער צוּ הָאבִּין אַיין בֶּעזוּנְדֶערִין צִימֶער וִויא מֶען זָאל קֶענֶען רוּהִיג לֶערְנֶען, אוּנ מֶען דַארְף דָאךְ הָאבִּין אַ שְׁרַאנְק מִיט סְפָרִים פֶערְשִׁידֶענֶע, דֶען אָן סְפָרִים קֶען מֶען דָאךְ נִיט לֶערְנֶען, אַלְזָא הָאט עֶר גֶעדוּנְגֶען בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת, מֶען הָאט אִים אוֹיס גִיבּוֹיט אַ שֵׁיין שְׁטִיבֶּעלֶע בֶּעזוּנְדֶער, וַוייט פוּן מֶענְשִׁין, מִיט אַלֶע כְּלֵי הַבַּיִת, אוּנ גִימַאכְט אַיין שְׁרַאנְק, דֶער נָאךְ הָט עֶר אַיין גִיקוֹיפְט פִיל פֶערְשִׁידֶענֶע סְפָרִים, אַלְזָא וֶוען הָט דֶער אַלְטֶער מַאן גִיעֶנְדִיגְט דֶעם בִּנְיָן, אִיז נָאר דֶעמָאלְט וָוען עֶר הָאט אַיין גִיקוֹיפְט דִיא סְפָרִים, דֶעמָאלְט הָאט זִיךְ גִיעֶנְדִיגְט דִיא עֶרְשְׁטֶע מַחֲשָׁבָה, וָואס עֶר הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסִין צוּא זֶעצִין לֶערְנֶען בִּיז דֶעם לֶעצְטִין טָאג פוּן זַיין לֶעבֶּען. דֶער נִמְשָׁל אִיז, אַז וֶוען הַשׁי"ת הָאט בַּאשַׁאפֶען דִי וֶועלְט מֶעג אִיז גְלַייךְ גִיוֶועזִין זַיין

לֹא תֵבוֹשִׁי דוּ זָאלְסְט נִיט מֶער פַארְשֶׁעמְט אוּנ פַארְשְׁמַאכְט וֶוערִין. וָואס טוּסְטוּ דִיךְ נִידֶער בֵּייגִין, אוּנ וָואס טוּסְטוּ בְּרוּמֶען. אִין דִיר יְרוּשָׁלַיִם וֶועלִין זִיךְ בַּאשִׁיצִין מַיין אָרִים פָאלְק, אוּנ דִי שְׁטָאדְט זָאל וִוידֶער גִיבּוֹיט וֶוערִין אוֹיף אִיר הוֹיפִין:

ויהיו

וְהָיוּ לִמְשִׁסָּה שֹׁאסָיִךְ • וְרָחֲקוּ כָּל מְבַלְּעָיִךְ • יָשִׂישׂ עָלַיִךְ אֱלֹהָיִךְ • כִּמְשׂוֹשׂ חָתָן עַל כַּלָּה : לכה

יָמִין וּשְׂמֹאל תִּפְרוֹצִי • וְאֶת יְיָ תַּעֲרִיצִי • עַל יַד אִישׁ בֶּן פַּרְצִי • וְנִשְׂמְחָה וְנָגִילָה : לכה

בּוֹאִי בְשָׁלוֹם עֲטֶרֶת בַּעְלָהּ, גַּם בְּרִנָּה (ביו"ט בְּשִׂמְחָה) וּבְצָהֳלָה, תּוֹךְ אֱמוּנֵי עַם סְגֻלָּה • בּוֹאִי כַלָּה, בּוֹאִי כַלָּה • בּוֹאִי כַלָּה שַׁבָּת מַלְכְּתָא : לכה

מִזְמוֹר שִׁיר, לְיוֹם הַשַּׁבָּת : טוֹב לְהֹדוֹת לַייָ, וּלְזַמֵּר לְשִׁמְךָ עֶלְיוֹן : לְהַגִּיד בַּבֹּקֶר חַסְדֶּךָ, וֶאֱמוּנָתְךָ בַּלֵּילוֹת : עֲלֵי עָשׂוֹר וַעֲלֵי נָבֶל, עֲלֵי הִגָּיוֹן בְּכִנּוֹר : כִּי שִׂמַּחְתַּנִי יְיָ בְּפָעֳלֶךָ, בְּמַעֲשֵׂי יָדֶיךָ אֲרַנֵּן : מַה גָּדְלוּ מַעֲשֶׂיךָ יְיָ, מְאֹד עָמְקוּ מַחְשְׁבֹתֶיךָ : אִישׁ בַּעַר לֹא יֵדָע, וּכְסִיל לֹא יָבִין אֶת זֹאת : בִּפְרֹחַ רְשָׁעִים כְּמוֹ עֵשֶׂב, וַיָּצִיצוּ כָּל פֹּעֲלֵי אָוֶן, לְהִשָּׁמְדָם עֲדֵי עַד : וְאַתָּה מָרוֹם, לְעֹלָם יְיָ : כִּי הִנֵּה אֹיְבֶיךָ יְיָ, כִּי הִנֵּה אֹיְבֶיךָ יֹאבֵדוּ יִתְפָּרְדוּ כָּל פֹּעֲלֵי אָוֶן : וַתָּרֶם כִּרְאֵים קַרְנִי, בַּלֹּתִי בְּשֶׁמֶן רַעֲנָן : וַתַּבֵּט עֵינִי בְּשׁוּרָי, בַּקָּמִים עָלַי מְרֵעִים, תִּשְׁמַעְנָה אָזְנָי : צַדִּיק כַּתָּמָר יִפְרָח, כְּאֶרֶז בַּלְּבָנוֹן יִשְׂגֶּה : שְׁתוּלִים בְּבֵית יְיָ, בְּחַצְרוֹת אֱלֹהֵינוּ יַפְרִיחוּ : עוֹד יְנוּבוּן בְּשֵׂיבָה, דְּשֵׁנִים וְרַעֲנַנִּים יִהְיוּ : לְהַגִּיד כִּי יָשָׁר יְיָ, צוּרִי וְלֹא עַוְלָתָה בּוֹ :

יְיָ מָלָךְ גֵּאוּת לָבֵשׁ, לָבֵשׁ יְיָ עֹז הִתְאַזָּר, אַף תִּכּוֹן תֵּבֵל, בַּל תִּמּוֹט : נָכוֹן כִּסְאֲךָ מֵאָז, מֵעוֹלָם אָתָּה : נָשְׂאוּ נְהָרוֹת יְיָ, נָשְׂאוּ נְהָרוֹת קוֹלָם, יִשְׂאוּ נְהָרוֹת דָּכְיָם : מִקֹּלוֹת מַיִם רַבִּים אַדִּירִים מִשְׁבְּרֵי יָם, אַדִּיר בַּמָּרוֹם יְיָ : עֵדֹתֶיךָ נֶאֶמְנוּ מְאֹד, לְבֵיתְךָ נַאֲוָה קֹּדֶשׁ, יְיָ לְאֹרֶךְ יָמִים : ק"י

אִין אַמֵּיל עֶרְטֶער אִיז מֶען זִיךְ נוֹהֵג נָאךְ מזמור שיר ליום השבת צוּ זָאגֶין במה מדליקין :

## פנינים יקרים

זַיין עֶרְשְׁטֶע מַחֲשָׁבָה צוּ לִיב דֶעם זִיבֶּעטֶין טָאג שַׁבָּת, כְּדֵי דִיא יוּדֶען זָאלֶין אִים הִיטֶען בִּקְדוּשָׁה, אוּנ לֶערְנֶען תּוֹרָה אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג, הָגַם דֶער זִיבֶּעטֶער טָאג אִיז דֶער לֶעצְטֶער פוּן שֵׁשֶׁת יְמֵי הַמַּעֲשֶׂה דָאס אִיז דִיא כַּוָּנָה פוּן דֶעם חָרוּז, „מֵרֹאשׁ מִקֶּדֶם נְסוּכָה" דֶער טָאג שַׁבָּת הָאט נָאךְ גִיהֶערְשְׁט פוּן אָנְהֵייבּ אָן, עֶר אִיז גִיוֶועזֶין פְרִיעֶר אִין דֶעם גִידַאנְקֶען פוּן הַשׁ"ית כִּבְיָכוֹל דֶער „סוֹף מַעֲשֶׂה" אִיז גִיוֶועזֶין בְּמַחֲשָׁבָה תְּחִלָּה נוּר אִין גִידַאנְקֶען :

## בית ישראל

וְהָיוּ אוּנ דַיינֶע רוֹיבֶּער וֶועלֶין זַיין צוּרוֹיבְּט אוּנ אַלֶע דַיינֶע פַארְדַארְבֶּער וֶועלֶין דֶערְוַויטֶערְט וֶוערִין • דַיין גָאט וֶועט זִיךְ אוֹיף דִיר פְרֵייעֶן גְלַייךְ אַלְס זִיךְ פְרֵייט אַיין חָתָן מִיט זַיין כַּלָּה :

יָמִין צוּ דֶער רֶעכְטֶער זַייט, אוּנ צוּ דֶער לִינְקֶער זַייט זָאלְסְטוּ דִיךְ שְׁטַארְקִין אוּנ גָאט ב"ה זָאלְסְטוּ שְׁטַארְקִין, אוּנ מִיר וֶועלִין זִיךְ דֶערְפְרֵייעֶן אוּנ גַאר לוּסְטִיגְט וֶוערִין דוּרְךְ מָשִׁיחַ וָואס עֶר קוּמְט אַרוֹיס פוּן פֶּרֶץ :

בּוֹאִי קוּם מִיט פְרִיד דוּא גָאטֶס קְרוֹין, אוֹיךְ מִיט פְרֵיידִין אוּנ מִיט לוּסְטִין צְווִישִׁין דִיא גְלוֹיבִּיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס הַייסִין עַם סְגוּלָּה. קוּם דוּ כַּלָּה. קוּם דוּ כַּלָּה :

שַׁבָּת פַאר בָּרְכוּ זָאגְט מֶען דָאס:

**כְּגַוְנָא** דְאִינּוּן מִתְיַחֲדִין לְעֵילָא, אוּף הָכִי אִיהִי אִתְיַחֲדַת לְתַתָּא בְּרָזָא דְאֶחָד, לְמֶהֱוֵי עִמְּהוֹן לְעֵילָא חָד לָקֳבֵל חָד, קוּדְשָׁא בְּרִיךְ הוּא אֶחָד, לְעֵילָא לָא יָתִיב עַל כּוּרְסַיָּא דִיקָרֵיהּ, עַד דְאִתְעֲבִידַת בְּרָזָא דְאֶחָד. כְּגַוְנָא דִילֵיהּ לְמֶהֱוֵי אֶחָד בְּאֶחָד, וְהָא אוּקִימְנָא רָזָא דַייָ אֶחָד. וּשְׁמוֹ אֶחָד:

**רָזָא** דְשַׁבָּת, אִיהִי שַׁבָּת דְאִתְאַחֲדַת בְּרָזָא דְאֶחָד, לְמִשְׁרֵי עֲלָהּ רָזָא דְאֶחָד. צְלוֹתָא דְמַעֲלֵי שַׁבְּתָא, דְהָא אִתְאַחֲדַת כּוּרְסַיָּא יַקִּירָא קַדִּישָׁא בְּרָזָא דְאֶחָד, וְאִתְתַּקְנַת לְמִשְׁרֵי עֲלָהּ מַלְכָּא קַדִּישָׁא עִלָּאָה. כַּד עָיִיל שַׁבְּתָא. אִיהִי אִתְיַחֲדַת וְאִתְפָּרְשַׁת מִסִּטְרָא אַחֲרָא. וְכָל דִּינִין מִתְעַבְּרִין מִנָּהּ, וְאִיהִי אִשְׁתְּאֲרַת בְּיִחוּדָא דִנְהִירוּ קַדִּישָׁא, וְאִתְעַטְּרַת בְּכַמָּה עִטְרִין, לְגַבֵּי מַלְכָּא קַדִּישָׁא, וְכָל שׁוּלְטָנֵי רוּגְזִין וּמָארֵי דְדִינָא כֻּלְּהוּ עַרְקִין, וְאִתְעַבְּרוּ מִנָּהּ, וְלֵית שׁוּלְטָנֵי אַחֲרָא בְּכֻלְּהוּ עָלְמִין (בַּר מִנָּהּ), וְאַנְפָּהָא נְהִירִין בִּנְהִירוּ עִלָּאָה וְאִתְעַטְּרַת לְתַתָּא בְּעַמָּא קַדִּישָׁא. וְכֻלְּהוֹן מִתְעַטְּרִין בְּנִשְׁמָתִין חַדְתִּין, כְּדֵין שֵׁירוּתָא דִצְלוֹתָא לְבָרְכָא לָהּ בְּחֶדְוָה בִּנְהִירוּ דְאַנְפִּין: ח״ק. ברכו וכו׳

## תפלת ערבית

אוּם דֶער וָואכִין הַייבְּט מֶען דָא אָן:

שִׁיר הַמַּעֲלוֹת הִנֵּה בָּרְכוּ אֶת יְיָ, כָּל עַבְדֵי יְיָ הָעוֹמְדִים בְּבֵית יְיָ בַּלֵּילוֹת: שְׂאוּ יְדֵכֶם קוֹדֶשׁ, וּבָרְכוּ אֶת יְיָ: יְבָרֶכְךָ יְיָ מִצִּיּוֹן, עוֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ: יְיָ צְבָאוֹת עִמָּנוּ, מִשְׂגָּב לָנוּ אֱלֹהֵי יַעֲקֹב סֶלָה ג״פ: יְיָ צְבָאוֹת אַשְׁרֵי אָדָם בּוֹטֵחַ בָּךְ ג״פ: יְיָ הוֹשִׁיעָה, הַמֶּלֶךְ יַעֲנֵנוּ בְיוֹם קָרְאֵנוּ ג״פ: הוֹשִׁיעָה אֶת עַמֶּךָ וּבָרֵךְ אֶת נַחֲלָתֶךָ, וּרְעֵם וְנַשְּׂאֵם עַד הָעוֹלָם: מִי יִתֵּן מִצִּיּוֹן יְשׁוּעוֹת יִשְׂרָאֵל, בְּשׁוּב יְיָ שְׁבוּת עַמּוֹ, יָגֵל יַעֲקֹב יִשְׂמַח יִשְׂרָאֵל: בְּשָׁלוֹם יַחְדָּו אֶשְׁכְּבָה וְאִישָׁן, כִּי אַתָּה יְיָ לְבָדָד לָבֶטַח תּוֹשִׁיבֵנִי: יוֹמָם יְצַוֶּה יְיָ חַסְדּוֹ, וּבַלַּיְלָה שִׁירֹה עִמִּי תְּפִלָּה לְאֵל חַיָּי: וּתְשׁוּעַת צַדִּיקִים מֵיְיָ מָעוּזָּם בְּעֵת צָרָה: וַיַּעְזְרֵם יְיָ וַיְפַלְּטֵם, יְפַלְּטֵם מֵרְשָׁעִים וְיוֹשִׁיעֵם כִּי חָסוּ בוֹ: ח״ק

**וְהוּא רַחוּם יְכַפֵּר עָוֹן וְלֹא יַשְׁחִית, וְהִרְבָּה לְהָשִׁיב אַפּוֹ, וְלֹא יָעִיר כָּל חֲמָתוֹ: יְיָ הוֹשִׁיעָה, הַמֶּלֶךְ יַעֲנֵנוּ בְיוֹם קָרְאֵנוּ:**

אוּם שַׁבָּת אוּנ אוּם יוֹם טוֹב הֵייבְּט מֶען דָא אָן:

חזן בָּרְכוּ, אֶת יְיָ הַמְבוֹרָךְ: ק״ה בָּרוּךְ, יְיָ הַמְּבוֹרָךְ, לְעוֹלָם וָעֶד:

**בָּרוּךְ, אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר בִּדְבָרוֹ, מַעֲרִיב עֲרָבִים, בְּחָכְמָה פּוֹתֵחַ שְׁעָרִים, וּבִתְבוּנָה, מְשַׁנֶּה עִתִּים, וּמַחֲלִיף, אֶת הַזְּמַנִּים, וּמְסַדֵּר, אֶת הַכּוֹכָבִים, בְּמִשְׁמְרוֹתֵיהֶם,**

בית ישראל

בָּרוּךְ גִילוֹבְּט בִּיסְטוּ גָאט אוּנְזֶר גָאט קִינִיג פוּן דֶר וֶועלְט וָוס דוּרךְ זַיין וָוארְט מַאכְט עֶר פִינְצְטֶר דִי אָבִינְטִין. מִיט חָכְמָה עֶפִינְט עֶר דִיא טוֹיעֶרִין פוּן הִימֶעל אוּנ מִיט פַר שְׁטַאנְדִיקַייט פַר עֶנְדֶערְט עֶר דִי צַייטֶען אוּנ פַרְבַּייט דִי צַייט אוּנ נָאךְ זַיין וִוילֶען זֶעצְט עֶר דִי שְׁטֶערִין אִין הִימֶעל.

ברקיע, כרצונו. בורא יום ולילה, גולל אור מפני חשך, וחשך מפני אור. ומעביר יום ומביא לילה, ומבדיל בין יום ובין לילה, יי צבאות, שמו: אל חי וקים, תמיד, ימלוך עלינו, לעולם ועד: ברוך אתה יי, המעריב ערבים:

אהבת עולם, בית ישראל, עמך אהבת. תורה ומצות, חקים ומשפטים, אותנו למדת. על כן יי אלהינו, בשכבנו ובקומנו, נשיח בחקיך, ונשמח, בדברי תורתך, ובמצותיך, לעולם ועד. כי הם חיינו, ואורך ימינו. ובהם נהגה, יומם ולילה: ואהבתך, אל תסיר, ממנו, לעולמים: ברוך אתה יי, אוהב עמו ישראל:

יחיד אומר אל מלך נאמן:

# שמע ישראל יהוה אלהינו יהוה | אחד:

בלחש ברוך, שם, כבוד מלכותו. לעולם ועד:

בית ישראל

ער באשאפט דעם טאג אונ די נאכט. ער וועלגערט צו די ליכט אזו ווערט פינצטער, אונ אז ער וועלגערט אוועק די פינצטערניש ווערט ליכטיג אונ פירט אוועק דעם טאג אונ ברענגט די נאכט. אונ מאכט איין צווישען שייד צווישען טאג אונ צווישען נאכט. זיין נאמען איז גאט דער אללער העררשער: אל חי וקים ער איז איין לעבעדיגער גאט אונ שטאנד האפטיגער שטעטיגליך וועט ער קיניגען איבער אונז צו אימער אונ איביג: ברוך געלויבט ביסטו גאט דער דא מאכט פינצטער די אבינטין:

מעשה הגדולים

שמע ישראל וגו׳. דר מדרש זאגט פר ווס אנאנץ יאהר זאגען מיר ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד שטיל, יום כפור, הויך, ווען משה רבינו איז געוועזן אויף דעם הימל האט ער גיהערט מלאכים זאגען ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד, ווען ער איז צוריק אראפגעקומען פון הימעל הט ער דס איבערגיגעבין צו די יודין זייא זאלן אויך זאגין ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד, פר ווס זאגט מען שטיל. למשל איינר הט גענגבת א צירונג אונ הט געברינגט צו זיין ווייב, אונ ער האט גיזאגט צו זיין ווייב דאס צירונג

אהבת עולם. איין איביג ליבשאפט האסטו דיין פאלק ישראל ליב. די תורה אונ מצות אונ גיזעץ אונ גיריכט האסטו אונז גילערינט דרום גאט ווען מיר לייגען זיך שלאפען אונ ווען מיר שטייען אויף באדארפען מיר ריידען אין דיינע גיזעץ. אונ מיר טוען זיך פרייען מיט די רייד פון דיין תורה אונ טוען האלטען דיינע מצות אימער אונ איביג דען זיי זענען אונזער לעבען אונ זיי דר לענגערן אונזערע יארען אונ מיר באדארפען לערנען דיין תורה טאג אונ נאכט: ואהבתך מיר בעטען דיך טוא ניט אפ פון אונז דיין ליבשאפט ביז אין דער אייביקייט: ברוך געלויבט ביסטו גאט דער ווס האט ליב זיין פאלק ישראל:

אל גאט איז איין ווארהאפטיגער קיניג:

שמע ישראל הער צו ישראל גאט איז אונזר גאט אונ גאט איז איין איינציגער גאט:

ברוך געלויבט זאל זיין דער נאמען פון זיין היילינגען קיניגרייך אויף איביג:

ואהבת את יהוה אלהיך בכל־לבבך ובכל־נפשך ובכל־מאדך: והיו הדברים האלה אשר אנכי מצוך היום על־לבבך: ושננתם לבניך ודברת בם בשבתך בביתך ובלכתך בדרך ובשכבך ובקומך: וקשרתם לאות על ידך והיו לטטפת בין עיניך: וכתבתם על־מזזות ביתך ובשעריך:

והיה אם־שמע תשמעו אל־מצותי אשר אנכי מצוה אתכם היום לאהבה את־יהוה אלהיכם ולעבדו בכל־לבבכם ובכל־נפשכם: ונתתי מטר־ארצכם בעתו יורה ומלקוש ואספת דגנך ותירשך ויצהרך: ונתתי עשב בשדך לבהמתך ואכלת ושבעת: השמרו לכם פן־יפתה לבבכם וסרתם ועבדתם אלהים אחרים והשתחויתם להם: וחרה אף־יהוה בכם ועצר את־השמים ולא־יהיה מטר והאדמה

### מעשה הגדולים

זאלסטו נאר. אנטאהן אין שטוב נים אין גאס מען זאל נים דערקענין, דריבער זאגט מען ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד שטיל די מלאכים זאלן נים הערין, וועלין זייא נים זיין ביוז אוף משה, אבער יום כפור ווייל יודין זענין ווי מלאכים, מענין זיי הויך זאגין ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד:

ואהבת את ה' אלהיך וכו'. דר ילקוט פרעגט ווי אזוי קען אמענטש ליב האבען הקב"ה, נאר אויב ער וועט לערנין תורה, דער מיינונג איז למשל אדארף מענטש איז אמאהל געקומען אין שטאט, ער איז גראדע גיגאנגען נעבין אקראם וואס מען פארקויפט אין איר קליידר, ער הט גיזעהן אין קראם שטייען מענטשין אונ מעסטין אן קליידער, ער האט גיזאגט צום קרעמער גיב מיר אויך אקאפאטע וואס זאל זיין ווי די ריכטיגע מאס מיינע, ווייל דר קרעמער איז געוואהנט גיוועזן מיט דעם האנדיל, וועןן ער הט נאר אקוק געטאהן אוף אמענטש הט ער געוואסט זיין מאס וועלכע קאפאטע ער זאל אים געבין, דר קרעמר האט ארויסגענומען אקאפאטע פון וואנט אונ גיבט זיא צום דארף מאן אונ זאגט צו אים די קאפאטע איז דיין מאס, ווייל דר קרעמר איז גיוועזן פארנומען מיט יענע מענטשין

### בית ישראל

ואהבת אונ דו זאלסט גאט דיין גאט ליב האבען דו זאלסט מקיים זיין זיינע מצות פון וועגן ליבשאפט מיט דיין גאנצען הארצען אונ מיט דיין גאנצען נפש אונ מיט דיין גאנצען פרמעג: והיו אונ די ווערטער וואס איך זאג דיר היינט זאלען זיין אויף דיין הארצען אונ דו זאלסט זיי תמיד גדענקען: ושננתם אונ דו זאלסט זיי שארף ארויס רעדען אונ לערנען צו דיינע קינדער אונ דו זאלסט תמיד דר פון רעדען אז דו וועסט אין דיין הויז זיצען אונ אז דו וועסט אין וועג גיין אין דיין ליגען זיך אונ דיין אויף שטיין: וקשרתם אונ דו זאלסט זיי אן קניפען צו אצייבען אוף דיין האנט אונ זייא זאלען זיין צו תפילין צווישען דיינע אויגען: וכתבתם אונ דו זאלסט זיי אן שרייבען אויף דיא בייא שטידלען פון דיין הויז אונ פון דיינע טויערען:

והיה אונ עס וועט זיין אז איר וועט צו הערן מיינע מצות וואס איך זאג היינט אן דם איר זאלט ליב האבען גאט אייער גאט אונ צו דינען אים מיט אייער גאנצען לעבען: ונתתי וועל איך געבען דעם רעגען פון אייער לאנד אין זיין צייט פרי רעגען אונ שפעט רעגען אונ דו וועסט איין זאמלען דיין קארען אונ דיין וויין אונ דיין אייל: ונתתי אונ איך וועל געבען קארען אין דיין פעלד צו דיינע בהמות אונ דו וועסט עסן אונ וועסט זאט זיין: השמרו היט אייך טאמער וועט אפ רידען פון מיר אייער הארץ אונ איר וועט אפ קערען פון דער תורה אונ איר וועט דינען פרעמדע אפ געטער אונ וועט זיך צו זיי בוקן: וחרה וועט גאטס צארען דר צונדן ווערן אויף

לֹא תִתֵּן אֶת־יְבוּלָהּ וַאֲבַדְתֶּם מְהֵרָה מֵעַל הָאָרֶץ הַטֹּבָה
אֲשֶׁר יְהוָה נֹתֵן לָכֶם׃ וְשַׂמְתֶּם אֶת־דְּבָרַי אֵלֶּה עַל־לְבַבְכֶם
וְעַל־נַפְשְׁכֶם וּקְשַׁרְתֶּם אֹתָם לְאוֹת עַל־יֶדְכֶם וְהָיוּ לְטוֹטָפֹת
בֵּין עֵינֵיכֶם׃ וְלִמַּדְתֶּם אֹתָם אֶת־בְּנֵיכֶם לְדַבֵּר בָּם בְּשִׁבְתְּךָ
בְּבֵיתֶךָ וּבְלֶכְתְּךָ בַדֶּרֶךְ וּבְשָׁכְבְּךָ וּבְקוּמֶךָ׃ וּכְתַבְתָּם עַל־
מְזוּזוֹת בֵּיתֶךָ וּבִשְׁעָרֶיךָ׃

לְמַעַן יִרְבּוּ יְמֵיכֶם וִימֵי בְנֵיכֶם עַל הָאֲדָמָה אֲשֶׁר נִשְׁבַּע יְהוָה
לַאֲבֹתֵיכֶם לָתֵת לָהֶם כִּימֵי הַשָּׁמַיִם עַל־הָאָרֶץ׃

וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְאָמַרְתָּ
אֲלֵהֶם וְעָשׂוּ לָהֶם צִיצִת עַל־כַּנְפֵי בִגְדֵיהֶם לְדֹרֹתָם
וְנָתְנוּ עַל־צִיצִת הַכָּנָף פְּתִיל תְּכֵלֶת׃ וְהָיָה לָכֶם לְצִיצִת
וּרְאִיתֶם אֹתוֹ וּזְכַרְתֶּם אֶת־כָּל־מִצְוֹת יְהוָה וַעֲשִׂיתֶם אֹתָם
וְלֹא־תָתוּרוּ אַחֲרֵי לְבַבְכֶם וְאַחֲרֵי עֵינֵיכֶם אֲשֶׁר־אַתֶּם זֹנִים

### בית ישראל

אייך: אונ ער וועט אוף האלטען די הימעל פון וואלקען אונ ווינטען אונ קיין רעגען וועט ניט זיין אונ די ערד וועט ניט געבען איר פרוכט אונ איר וועט באלד פר לארען ווערן פון דעם גוטען לאנד וואס גאט גיט אייך: וְשַׂמְתֶּם אונ איר זאלט טאן די רייד פון דער תורה אויף אייער הארץ אונ אויף אייער לייב אונ איר זאלט זיי אן קניפן צו אצייכן אויף אייערע הענט אונ זיי זאלען זיין צו תפילין צווישען אייערע אויגען: וְלִמַּדְתֶּם אונ איר זאלט לערנן אייערע קינדער דס זיי זאלען אלע צייט רייֶדען אין די רייד פון דר תורה אז דו וועסט זיצען אין דיין הויז אונ אז דו וועסט גיין זיין וועג אונ ווען דו לייגסט זיך אונ ווען דו שטייסט אויף: וּכְתַבְתָּם אונ דו זאלסט זיי אן שרייבן אין איינע פון די ביי שטידלן פון דיין הויז אונ פון דיינע טויערן: לְמַעַן דרום וועלן זיך מערן אייערע טעג אונ די טעג פון אייערע קינדער אויף דער ערד וואס גאט האט געשווארען צו אייערע עלטערן צו געבען צו זיי אלס די טעג פון הימעל אויף דער ערד געדויערען:

### מעשה הגדולים

חט ער נים גיזעהן ווס דר דארף מאן טוהם מיט די קאפאטע, דער דארף מאן קומט צום קרעמער אונ זאגט צו אים די קאפאטע איז ניט מיין מאס, זאגט דער קרעמער עס איז ליגען, עס איז ריכטיג דיין מאס, טוה־אן וועלין מיר זעהן, דר קרעמער זעהט ווי דר דארף מאן הייבט אן ציהען די קאפאטע אויף דעם פעלץ. זאגט דער קרעמער צו אים אזוי אקאפאטע טוהט מען נים אן אויף אפעלץ, טוה־אויס דעם פעלץ וועט די קאפאטע זיין צו דיין מאס. דס פרענט דר ילקוט דר מענטש וואס איז פוהל מיט יצר הרע מיט תאוות מיט שלעכטע טראכטונג, ווי אזוי קען זיין אין אזוי אהארץ אליבשאפט צו הקב"ה, ענטפערט דר ילקוט פריער מוז זיין וְהָיוּ הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה עַל לְבָבֶךָ, דיא רייד פון דיא תורה אין דיין הארצען, זיא זאל ריין מאכען דיא הארץ פון אלע שלעכטע טראכטונג, אז די הארץ וועט זיין ריין אונ געהיילינט, וועט זיא קענען ליב האבען הקב"ה:

וַיֹּאמֶר אונ גאט זאגט צו משה: רייד צו די קינדר ישראל אונ זאלסט צו זיי זאגן דס זיי זאלן זיך מאכין ציצת אויף די עקין פון זייערע קליידר צו די גבירט ווס וועלן נאך זיי זיין אונ זיי זאלן מאכין אויף די ציצית אין די עקין אבלען פאדים. אונ דס זאל אייך זיין צו ציצית. אונ איר זאלט זעהן די ציצית אונ דורך די ציצית וועט איר גידיינקען אלע תרי"ג מצות פון גאט אונ איר וועט זיי טאן דס איר זאלט ניט נאך זעהן נאך די גידאנקען פון אייער הארצין אונ נאך דעם אן גיזיכט פון אייערע אויגין ווס איר קערט אפ פון גאטס דינסט איבר די תאוות דרום דס

אחריהם: למען תזכרו ועשיתם את־כל־מצותי והייתם קדשים לאלהיכם: אני יהוה אלהיכם אשר הוצאתי אתכם מארץ מצרים להיות לכם לאלהים אני יהוה אלהיכם:

אמת ואמונה, כל זאת, וקים עלינו, כי הוא יי אלהינו, ואין זולתו, ואנחנו ישראל עמו. הפודנו מיד מלכים, מלכנו הגואלנו, מכף כל העריצים, האל הנפרע לנו, מצרינו. והמשלם גמול, לכל איבי נפשנו. העשה גדולות, עד אין חקר, נסים ונפלאות, עד אין מספר. השם נפשנו בחיים, ולא נתן, למוט רגלנו. המדריכנו, על במות אויבינו, וירם קרננו, על כל שנאינו. העשה לנו נסים ונקמה, בפרעה, אותות ומופתים, באדמת בני חם. המכה בעברתו, כל בכורי מצרים, ויוצא את עמו ישראל מתוכם, לחרות עולם: המעביר בניו, בין גזרי ים סוף, את רודפיהם, ואת שונאיהם, בתהומות טבע, וראו בניו גבורתו, שבחו והודו לשמו: ומלכותו ברצון, קבלו עליהם, משה ובני ישראל, לך ענו שירה, בשמחה רבה, ואמרו כלם:

מעשה ניסים

משה ובני ישראל כו'. דר מדרש זאגט ווען הקב"ה הט גיזאגט צו משה גיי צו פרעה ארויסנעמן דיא יודין פון מצרים, הט משה ניט געוואלט גיין, ער האט גיזאגט שיק איין אנדערין, האט הקב"ה גיזאגט צו משה אוב דו וועסט זיי ניט אויסלייזין איז ניטא איין אנדערער ווס זאל זייא אויסלייזין, דר ענין איז למשל איינר האט גיזאגט צו אשליח נאדיר געלט אונ גייא אין גאס ברייננ מיר סחורה אוף אמלבוש, דר שליח קען זאגין איך האב ניט צייט, אדער איין אנדער תירוץ, גיב דאס געלט צו איין אנדערין וועט ער דיר ברייגגין סחורה אויף דעם מלבוש די שליחות קען מאהן איין אנדערער אזו גוט ווי איך, אבר ווען איינר זאגט צו אשליח ברייננ מיר סחורה אוף אמלבוש. אונ דער שליח פרעגט, געלט גיב מיר. ענפערט ער געלט האב איך ניט לייג אויס דיין געלט מארגין וועל איך דיר דס געלט צוריק געבין, דר שליח קען ניט זאגין שיק דורך איין אנדערין, ניט יעדער שליח הט געלט אויסצולייגין, דס איז גיוועזן ביי די שליחות פון משה, ווען יודין וואלטין געהאט אייגענע זכותים צום אויסגילייזט:

בית ישראל

איר זאלט גידיינקען אונ זאלט טאן אלע מיינע מצוה וועט איר זיין היילינ צו אייער גאט. איך בין גאט אייער גאט וואס איך האב איך אויס גיצויגין פון לאנד מצרים צו זיין צו איך פאר איין גאט איך בין גאט אייער גאט:

אמת דאס אלץ איז וואר אונ שטאנדהאפטיג דען ער איז אונזר גאט אונ חוץ אים איז קיין אנדער גאט ניט דא אונ מיר ישראל זיינען זיין פאלק דער ווס הט אונז אויס גילייזט פון האנט פרעה אונ פון די הענט כשדים. ער איז גאט ווס הט בצאלט אלע אונזרע בלײדיגר אונ בצאלט פר געלטונג צו אלע ווס האבן אונז פיינט, ער טוט נסים אונ פר הוילענע זאכין אן צאל. ער ברייננט אונז צום לעבין אונ האט אונזרע פיס ניט גילאזין אויס גליטין. דער דא מאכט אונז טרעטין אויף די הויך פון אונזרע פיינט אונ הט אויף גיהויבן אונזר הערשאפט איבר די מצרים אונ כשדים דר' דא הט גיטאן צו אונז נסים אונ רעכענונג אן פרעה אונ וואונדערליכע צייכען אין לאנד פון די קינדער חם. דר דא הט גשלאגין מיט זיין גרים צארין אלע די ערשטע גיבארענע פון מצרים אונ האט אום גיצויגין זיין פאלק ישראל פון צווישין זיי צו אייביגע פרייהאפט המעביר דער דא האט איבר גיפירט זיינע קינדר צווישין די שטיקער פון דעם ים. זייערע נאך יאגער אונ זייערע פיינט הט ער איין גיזונקען אין די אפ גרונטין. וראו זיינע קינדר האבין גיזעהן זיין שטארקייט אונ לויבען אונ דאנקען זיין נאמען. אונ זיין קיניגרייך מיטן גוטן ווילן האבן זיי אויף זיך מקבל געווען משה מיט די קינדר ישראל. מיט גרוים פרייד האבן זיי געזאגט ליב געזאנג. אלע האבן געזאגט:

מִי כָמֹכָה בָּאֵלִם יְיָ, מִי כָּמֹכָה, נֶאְדָּר בַּקֹּדֶשׁ. נוֹרָא תְהִלֹּת, עֹשֵׂה פֶלֶא: מַלְכוּתְךָ רָאוּ בָנֶיךָ, בּוֹקֵעַ יָם לִפְנֵי מֹשֶׁה, זֶה אֵלִי, עָנוּ וְאָמְרוּ: יְיָ, יִמְלֹךְ לְעֹלָם וָעֶד: וְנֶאֱמַר, כִּי פָדָה יְיָ אֶת יַעֲקֹב וּגְאָלוֹ, מִיַּד חָזָק מִמֶּנּוּ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, גָּאַל יִשְׂרָאֵל:

הַשְׁכִּיבֵנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ לְשָׁלוֹם, וְהַעֲמִידֵנוּ מַלְכֵּנוּ לְחַיִּים טוֹבִים וּלְשָׁלוֹם, וּפְרוֹשׂ עָלֵינוּ סֻכַּת שְׁלוֹמֶךָ, וְתַקְּנֵנוּ בְּעֵצָה טוֹבָה מִלְּפָנֶיךָ, וְהוֹשִׁיעֵנוּ, מְהֵרָה לְמַעַן שְׁמֶךָ. וְהָגֵן בַּעֲדֵנוּ, וְהָסֵר מֵעָלֵינוּ, אוֹיֵב, דֶּבֶר, וְחֶרֶב, וְרָעָב, וְיָגוֹן, וְהָסֵר שָׂטָן, מִלְּפָנֵינוּ וּמֵאַחֲרֵינוּ. וּבְצֵל כְּנָפֶיךָ, תַּסְתִּירֵנוּ, כִּי אֵל, שׁוֹמְרֵנוּ וּמַצִּילֵנוּ אָתָּה, כִּי אֵל מֶלֶךְ, חַנּוּן וְרַחוּם אָתָּה, וּשְׁמוֹר צֵאתֵנוּ וּבוֹאֵנוּ, לְחַיִּים וּלְשָׁלוֹם, מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם: ופרוש בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, שׁוֹמֵר עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל לָעַד:

לשבת ויו"ט וּפְרוֹשׂ עָלֵינוּ, סֻכַּת רַחֲמִים, וְחַיִּים וְשָׁלוֹם: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, הַפּוֹרֵשׂ סֻכַּת שָׁלוֹם, עָלֵינוּ, וְעַל כָּל עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל וְעַל יְרוּשָׁלָיִם:

### מעשׂה ניסים

יֶערִין, וואלט יעדער מענש געקאנט זיין אַשְׁלִיחַ צו גיין אויסלייזין די יודין, נאר ווייל משׁה הט געמוזט אויסלייגין זיין זכות פר די יודין, דריבר הט השי"ת גיזאגט צו משׁה אויב דו וועסט ניט אויסלייזין יודין איז ניטא איין אנדערר וואס זאל זיי אויסלייזין, אונ ווען משׁה הט ארויסגעפירט די יודין פון מצרים אונ גישפאלטין פר זיי דעם ים, האבין ביידע גיהאט אשׂמחה, יודין האבין זיך געפרייט מיט זייער אויסלייזונג, משׁה האט זיך געפרייט ווייל מיט זיין זכות זייגען זיי אויסגעלייזט גיווארין. אונ משׁה מיט דיא יודין האבין דעם דאנק גיגעבין צו הקב"ה:

### בית ישׂראל

מִי גאט ווער איז דיר גלייך צווישן די שטארקע ווער איז צו דיר גלייך בשיינט מיט היילקייט דוא ביסט פארכטיג מיט לויב, טוסט וואונדער: מַלְכוּתְךָ דיינע קינדר האבין גיזעהן דיין קיניגרייך דוא האסט גישפאלטין דעם ים פאר משׁה דאס איז מיין גאט האבן זיי גשריען אונ האבין גיזאגט גאט וועט קיניגען אין דער אייביקייט ונאמר אונ נאך איז גיזאגט גיווארין דורך ירמיהו הנביא, גאט הט אויס גילייזט יעקב אונ הט אים אויס גילייזט פון איין שטארקע האנט ברוך גילובט ביסטו גאט דר דא הט אויסגילייזט דיא קינדער ישׂראל:

הַשְׁכִּיבֵנוּ יי, לאז אונז גאט אונזער גאט לייגין צוא פריד אונ לאז אונז אויף שטיין צו לעבין אונ שפרייט איבער אונז דיין פרידליכע דעק אונ שטעל אונז אין איין גוטען ראט פאר דיר אונ העלף אונז פון וועגין דיין נאמען אונ באשיץ אונז והסר אונ טוא אפ פון אונז דעם פיינט אונ מארד אונ שווערד אונ הונגער אונ טרויערקייט והסר אונ טוא אפ דעם שטן פון אונז אונ פאר בארג אונז אין שוטין פון דיינע פליגעל: כי דען דו ביסט גאט אונזר היטר אונ אונזר באשירמר כי דען דוא גאט ביסט איין לייטזעליגר אונ איין דער בארימיגר קיניג ושמור אונ טוא היטען אונז אויס גאנג אונ אונזער קומען צו לעבין אונ צו פריד פון אצינד ביז אין דר אייביקייט:

ברוך גילייבט ביסטו גאט דער דא היט זיין פאלק ישׂראל צו אייביג:

ופרוש אונ שפרייט איבער אונז דיין פרידליכע דעק ברוך גילויבט ביסטו גאט דער דא שפרייט פרידליכע דעק איבער אונז אונ איבער זיין פאלק ישׂראל אונ איבער ירושלים:

ושמרו

לשבת **וְשָׁמְרוּ** בְנֵי יִשְׂרָאֵל אֶת הַשַּׁבָּת, לַעֲשׂוֹת אֶת הַשַּׁבָּת לְדֹרֹתָם, בְּרִית עוֹלָם: בֵּינִי וּבֵין בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, אוֹת הִיא לְעֹלָם, כִּי שֵׁשֶׁת יָמִים, עָשָׂה יְיָ, אֶת הַשָּׁמַיִם וְאֶת הָאָרֶץ, וּבַיּוֹם הַשְּׁבִיעִי, שָׁבַת וַיִּנָּפַשׁ: ח״ק

לשלש רגלים
וַיְדַבֵּר מֹשֶׁה, אֶת מֹעֲדֵי יְיָ אֶל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל: ח״ק

לראש השנה
תִּקְעוּ בַחֹדֶשׁ שׁוֹפָר, בַּכֶּסֶה לְיוֹם חַגֵּנוּ: כִּי חֹק לְיִשְׂרָאֵל הוּא מִשְׁפָּט לֵאלֹהֵי יַעֲקֹב: ח״ק

ליום כפור
כִּי בַיּוֹם הַזֶּה יְכַפֵּר עֲלֵיכֶם, לְטַהֵר אֶתְכֶם מִכֹּל חַטֹּאתֵיכֶם לִפְנֵי יְיָ תִּטְהָרוּ: ח״ק

בחול **בָּרוּךְ** יְיָ לְעוֹלָם, אָמֵן וְאָמֵן. בָּרוּךְ יְיָ מִצִּיּוֹן, שֹׁכֵן יְרוּשָׁלָיִם הַלְלוּיָהּ: בָּרוּךְ יְיָ אֱלֹהִים, אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל, עֹשֵׂה נִפְלָאוֹת לְבַדּוֹ: וּבָרוּךְ שֵׁם כְּבוֹדוֹ לְעוֹלָם, וְיִמָּלֵא כְבוֹדוֹ אֶת כָּל הָאָרֶץ, אָמֵן וְאָמֵן: יְהִי כְבוֹד יְיָ לְעוֹלָם, יִשְׂמַח יְיָ בְּמַעֲשָׂיו: יְהִי שֵׁם יְיָ מְבֹרָךְ, מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם: כִּי לֹא יִטֹּשׁ יְיָ אֶת עַמּוֹ, בַּעֲבוּר שְׁמוֹ הַגָּדוֹל, כִּי הוֹאִיל יְיָ, לַעֲשׂוֹת אֶתְכֶם, לוֹ לְעָם: וַיַּרְא כָּל הָעָם, וַיִּפְּלוּ עַל פְּנֵיהֶם, וַיֹּאמְרוּ, יְיָ הוּא הָאֱלֹהִים, יְיָ הוּא הָאֱלֹהִים: וְהָיָה יְיָ לְמֶלֶךְ עַל כָּל הָאָרֶץ, בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה יְיָ אֶחָד, וּשְׁמוֹ אֶחָד: יְהִי חַסְדְּךָ יְיָ עָלֵינוּ,

### בית ישראל

וְשָׁמְרוּ דיא יִשְׂרָאֵל זָאלין היטען דעם היילִיגען שַׁבָּת צוּא האלטין דעם היילִיגען שַׁבָּת אַיין אייביג פאר בונד צוּא זייערע דורות: בֵּינִי צווישען מיר אוּנ צווישין יִשְׂרָאֵל איז דער שַׁבָּת איין אייביגר צייכען כִּי דען אין זעקס טעג האט גאט באשאפין דיא הימעל אוּנ ערד אוּנ אין זיבעטין טאג האט ער גירוּט:

בָּרוּךְ ה׳ גילויבט איז גאט אין דער אייביקייט זאגט דרויף אָמֵן: בָּרוּךְ גילויבט איז גאט פוּן ציון דער דא רוּעט אין ירוּשָׁלַיִם לויבט גאט: בָּרוּךְ גילויבט איז גאט דער הער דער גאט פוּן יִשְׂרָאֵל דער דא טוּט וואונדער אליין: וּבָרוּךְ אוּנ גילויבט זאל זיין דער נאמן פוּן זיין הערליכקייט אייביג אוּנ זיין הערליכקייט זאל פוּל זיין דיא גאנצע ערד: יְהִי גאטש הערליכקייט זאל זיין צוּ אייביג גאט זאל זיך פרייען מיט זיינע ווערק: יְהִי דער נאמען פוּן גאט זאל זיין גילויבט פוּן איצוּנד ביז אין דער אייביקייט: כִּי לֹא יִטֹּשׁ דען גאט וועט ניט פאר לאזין זיין פאלק פוּן וועגין זיין גרויסין נאמען כִּי הוֹאִיל ה׳ דען גאט באגערט אייך צוּ מאכין צוּ זיך פאר איין פאלק: וַיַּרְא גאר דאס פאלק האט גיזעהען זיינען זייא גיפאלין אויף זייערע געזיכטען אוּנ האבין גיזאגט גאט איז דער הער אוּנ גאט איז דער הער: וְהָיָה אוּנ גאט וועט זיין דער קיניג איבער דער גאנצער וועלט. אין דעם זעלביגען טאג וועט גאט זיין איינציג אוּנ זיין נאמן וועט זיין איינציג: יְהִי לאז דיין גינאד זיין אויף אוּנז גליך וויא מיר האפען

כאשר יחלנו לך: הושיענו יי אלהינו, וקבצנו מן הגוים, להודות לשם קדשך, להשתבח בתהלתך: כל גוים אשר עשית, יבואו וישתחוו לפניך אדני, ויכבדו לשמך: כי גדול אתה, ועשה נפלאות, אתה אלהים לבדך: ואנחנו עמך וצאן מרעיתך, נודה לך לעולם, לדור ודור נספר תהלתך: ברוך יי ביום, ברוך יי בלילה, ברוך יי בשכבנו, ברוך יי בקומנו: כי בידך נפשות החיים והמתים, אשר בידו נפש כל חי, ורוח כל בשר איש: בידך אפקיד רוחי, פדיתה אותי, יי אל אמת: אלהינו שבשמים, יחד שמך, וקים מלכותך תמיד, ומלוך עלינו לעולם ועד:

יראו עינינו, וישמח לבנו, ותגל נפשנו, בישועתך באמת, באמור לציון מלך אלהיך, יי מלך, יי מלך, יי ימלך לעלם ועד. כי המלכות שלך היא, ולעולמי עד תמלך בכבוד. כי אין לנו מלך אלא אתה. ברוך אתה יי, המלך בכבודו, תמיד ימלוך עלינו לעולם ועד, ועל כל מעשיו:

ח"ק, שמו"ע של חול: ק"ש, עלינו, ק"י:

בית ישראל

צוא דיר: הושיענו העלף אונז גאט אונזער גאט אונ זאמעל אונז איין פון די ווייטע פעלקר קיין ארץ ישראל צו דאנקען צו דיין היילינען נאמען דארטין אין בית המקדש, צוא בארימען זיך אין דיינעם לויב: כל אלע פעלקער וואס דו האסט באשאפין וועלין קומען אונ וועלין זיך בוקין פר דיר גאט אונ וועלין עהרין דיין נאמען: כי דען דוא ביסט גיאבפערט דוא גאט אלין טוסט וואונדערליכע זאכין: ואנחנו אונ מיר זיינען דיין פאלק אונ שאף פון דיין ווייד[ו]נג מיר דאנקן דיר אייביג, פון איין גיבירד צום אנדערין גיבירד וועלין מיר דער ציילין דיין לויב: ברוך גילויבט איז גאט ביא טאג, גילויבט איז גאט ביי נאכט גילויבט איז גאט אז מיר לייגען זיך שלאפען גילויבט איז גאט אין אונזער אויף שטיין: כי דען אין דיין האנט זיינען דיא לייבער פון טויטע אונ לעבעדיגע אשר דען אין זיינער האט זיינען דיא ציילין פון. אלץ וואס לעבט אונ אין זיין האנט זיינען די ציילין פון אלע מענשין: בידך איך טוא באהאלטין מיין זייל אין דיין האנט, דוא וואר האפטיגער גאט טוסט מיך אויס לייזען: אלהינו שבשמים יחד שמך אונזר גאט וואס איז אין הימעל, איינציג דיין נאמען טו באפעסטיגען דיין קיניגרייך איבער אונז צו אימער אונ אייביג:

יראו עינינו אונזרע אויגין זאלין זעהן אונ אונזרע הערצער זאלין זיך פרייען אונ אונזערע זיילין זאלין לוסטיג זיין דורך דיין הילף מיט ווארהייט אז מען וועט זאגין צוא ציון דיין גאט האט גיקיניגט: ה' גאט איז איין קעניג גאט האט גיקיניגט גאט וועט קעניגין אין דער אייביקייט: כי דען דאס קיניגרייך איז דיין אונ וועסט קיניגען ביז אין דער אייביקייט מיט הערליכקייט דען נאר דוא ביסט אונזר גאט: ברוך גילויבט ביסטו גאט דר דא קיניגט מיט זיין הערליכקייט שטעטיגליך וועט ער קיניגען איבער אונז אונ איבער אלע זיינע באשעפעניש:

אֲדֹנָי, שְׂפָתַי תִּפְתָּח, וּפִי יַגִּיד תְּהִלָּתֶךָ:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, אֱלֹהֵי אַבְרָהָם, אֱלֹהֵי יִצְחָק, וֵאלֹהֵי יַעֲקֹב. הָאֵל, הַגָּדוֹל, הַגִּבּוֹר וְהַנּוֹרָא, אֵל עֶלְיוֹן, גּוֹמֵל חֲסָדִים טוֹבִים, וְקוֹנֵה הַכֹּל, וְזוֹכֵר חַסְדֵי אָבוֹת, וּמֵבִיא גוֹאֵל, לִבְנֵי בְנֵיהֶם לְמַעַן שְׁמוֹ, בְּאַהֲבָה:

בש"ת זָכְרֵנוּ לְחַיִּים, מֶלֶךְ חָפֵץ בַּחַיִּים. וְכָתְבֵנוּ בְּסֵפֶר הַחַיִּים. לְמַעַנְךָ אֱלֹהִים חַיִּים:

מֶלֶךְ, עוֹזֵר, וּמוֹשִׁיעַ, וּמָגֵן: בָּרוּךְ, אַתָּה, יְיָ, מָגֵן אַבְרָהָם:

אַתָּה גִבּוֹר, לְעוֹלָם, אֲדֹנָי, מְחַיֵּה מֵתִים אַתָּה, רַב לְהוֹשִׁיעַ:

אום זומער זאגט מען מוֹרִיד הַטָּל: אום ווינטער זאגט מען מַשִּׁיב הָרוּחַ וּמוֹרִיד הַגָּשֶׁם:

מְכַלְכֵּל חַיִּים, בְּחֶסֶד, מְחַיֵּה מֵתִים, בְּרַחֲמִים רַבִּים, סוֹמֵךְ נוֹפְלִים, וְרוֹפֵא חוֹלִים, וּמַתִּיר אֲסוּרִים, וּמְקַיֵּם אֱמוּנָתוֹ, לִישֵׁנֵי עָפָר. מִי כָמוֹךָ, בַּעַל גְּבוּרוֹת, וּמִי דּוֹמֶה לָּךְ, מֶלֶךְ, מֵמִית וּמְחַיֶּה, וּמַצְמִיחַ יְשׁוּעָה:

כש"ת מִי כָמוֹךָ אַב הָרַחֲמָן, זוֹכֵר יְצוּרָיו לְחַיִּים בְּרַחֲמִים:

וְנֶאֱמָן אַתָּה לְהַחֲיוֹת מֵתִים: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, מְחַיֵּה הַמֵּתִים:

אַתָּה קָדוֹשׁ, וְשִׁמְךָ קָדוֹשׁ, וּקְדוֹשִׁים בְּכָל יוֹם יְהַלְלוּךָ סֶּלָה. כִּי אֵל מֶלֶךְ גָּדוֹל וְקָדוֹשׁ אָתָּה: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, הָאֵל (בש"ת הַמֶּלֶךְ) הַקָּדוֹשׁ:

אַתָּה קִדַּשְׁתָּ אֶת יוֹם הַשְּׁבִיעִי לִשְׁמֶךָ. תַּכְלִית מַעֲשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ. וּבֵרַכְתּוֹ מִכָּל הַיָּמִים, וְקִדַּשְׁתּוֹ מִכָּל הַזְּמַנִּים, וְכֵן כָּתוּב בְּתוֹרָתֶךָ:

וַיְכֻלּוּ הַשָּׁמַיִם וְהָאָרֶץ וְכָל צְבָאָם: וַיְכַל אֱלֹהִים בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי, מְלַאכְתּוֹ אֲשֶׁר עָשָׂה, וַיִּשְׁבֹּת בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי, מִכָּל מְלַאכְתּוֹ אֲשֶׁר עָשָׂה: וַיְבָרֶךְ אֱלֹהִים, אֶת

### בית ישראל

אַתָּה קִדַּשְׁתָּ דוא הָאסט גֶיהֵיילִיגְט דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג פוּן דַיין נָאמֶען וֶועגִין. דֶר שַׁבָּת אִיז אַיין עֶנְד פוּן אַרְבַּייט דָאס הִימֶעל אוּנ עֶרְד אוּנ הָאסְט אִים גִיבֶּענְטְשְׁט מֶער פוּן אַלֶע טָאג אוּנ דוּא הָאסְט אִים גִיהֵיילִיגְט מֶער פוּן אַלֶע צַייטֶען אוּנ אַזוֹי שְׁטֵייט גִישְׁרִיבֶּען אִין דַיין תּוֹרָה:

וַיְכֻלּוּ אוּנ זֵייא זַיינֶען גִינְרוּנְד פֶעסְטִיגְט גִיוָוארִין דִיא הִימֶעל אוּנ דִיא עֶרְד אוּנ אַלֶע אִיר הֶערְשַׁאפְט. אוּנ גָאט הָאט פַאר לֶענְט אִין דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג זַיין וֶוערְק וָואס עֶר הָאט גִימַאכְט אוּנ גָאט הָט גִירוּעֶט אִין דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג פוּן אַלֶע זַיינֶע אַרְבֶּעט וָואס עֶר הָאט גִיטָאן אוּנ גָאט הָאט גִיבֶּענְשְׁט דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג אוּנ הָט

### משלי ישראל

אַתָּה קִדַּשְׁתָּ אֶת יוֹם הַשְּׁבִיעִי לִשְׁמֶךָ. דֶער מ"ר זָאגְט אוֹיף דֶעם אַ מָשָׁל יָקָר, אַגְבִיר הָאט בּאֶנֶעגִינְט אִין גַאס אַ בֶּעקַאנְטִין אָרִימַאן פוּן זַיין גִיבּוֹירְטְס שְׁטָאט, אִיז עֶר צוּ אִים צוּ גִיגַאנְגֶען, אוּנ הֵייבְּט אָן נָאכְצוּפְרֶעגִין וָואס עֶס הֶערְט זִיךְ אִין זַיין גִיוֶועזֶענֶע הֵיים, וָואס מַאכִין זַיינֶע עֶלְטֶערִין, זַיינֶע קְרוֹבִים, אָבֶּער דֶער אָרִימַאן הָאט אִים גָאר נִים גִיעֶנְטְפֶערְט, דֶער גְבִיר הָאט גִירֶעכִינְט אַז דֶעם אָרִימַאן אִיז אַשְׁאדִין דִי צַייט מִיט אִים צוּ פַארְבְּרֶענְגֶען, דֶען עֶר בֶּעדַארְף דָאךְ גֵיין זוּכִין זַיין לֶעבִּינְס מִיטֶ'ל צוּ פֶערְשַׁאפִין, רוּפְט זִיךְ אָב דֶער גְבִיר צוּ דֶעם אָרִימַאן, וויפיל פַארְדִינְט אִיר אַ טָאג? עֶנְטְפֶערְט אִים דֶר אָרִימַאן צְוֵויי זְהוּבִים, זָאגְט דֶער גְבִיר אִיךְ נֶעם אַייךְ צוּ מִיר זוֹיף דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג, אוּנ אִיךְ וֶועל אַייךְ גֶעבִּין דָאפֶּלְט

וויפיל

יְיָ לְכָל קֹרְאָיו. לְכֹל אֲשֶׁר יִקְרָאֻהוּ בֶאֱמֶת: רְצוֹן יְרֵאָיו יַעֲשֶׂה, וְאֶת שַׁוְעָתָם יִשְׁמַע וְיוֹשִׁיעֵם: שׁוֹמֵר יְיָ אֶת כָּל אֹהֲבָיו, וְאֵת כָּל הָרְשָׁעִים יַשְׁמִיד: תְּהִלַּת יְיָ יְדַבֶּר פִּי, וִיבָרֵךְ כָּל בָּשָׂר שֵׁם קָדְשׁוֹ, לְעוֹלָם וָעֶד: וַאֲנַחְנוּ נְבָרֵךְ יָהּ, מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם הַלְלוּיָהּ:

וּבָא לְצִיּוֹן גּוֹאֵל, וּלְשָׁבֵי פֶשַׁע בְּיַעֲקֹב, נְאֻם יְיָ: וַאֲנִי זֹאת בְּרִיתִי אוֹתָם אָמַר יְיָ, רוּחִי אֲשֶׁר עָלֶיךָ וּדְבָרַי אֲשֶׁר שַׂמְתִּי בְּפִיךָ, לֹא יָמוּשׁוּ מִפִּיךָ, וּמִפִּי זַרְעֲךָ, וּמִפִּי זֶרַע זַרְעֲךָ אָמַר יְיָ, מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם: וְאַתָּה קָדוֹשׁ, יוֹשֵׁב תְּהִלּוֹת יִשְׂרָאֵל: וְקָרָא זֶה אֶל זֶה וְאָמַר, קָדוֹשׁ | קָדוֹשׁ קָדוֹשׁ יְיָ צְבָאוֹת מְלֹא כָל הָאָרֶץ כְּבוֹדוֹ: וּמְקַבְּלִין דֵּין מִן דֵּין, וְאָמְרִין קַדִּישׁ, בִּשְׁמֵי מְרוֹמָא עִלָּאָה בֵּית שְׁכִינְתֵּהּ, קַדִּישׁ עַל אַרְעָא עוֹבַד גְּבוּרְתֵּהּ, קַדִּישׁ לְעָלַם וּלְעָלְמֵי עָלְמַיָּא, יְיָ צְבָאוֹת מַלְיָא כָל אַרְעָא זִיו יְקָרֵהּ: וַתִּשָּׂאֵנִי רוּחַ, וָאֶשְׁמַע אַחֲרַי קוֹל רַעַשׁ גָּדוֹל, בָּרוּךְ כְּבוֹד יְיָ מִמְּקוֹמוֹ: וּנְטָלַתְנִי רוּחָא, וּשְׁמָעִית

### פירוש ע"ט

נָאהֶענְט צו אַלֶע וָוס רוּפֶען אִיהם לכל אשר נָאר צוּא דִיא וָואס רוּפֶען אִיהם מִיט אֱמֶת דָאס הֵייסְט מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְץ רצון יראיו יעשה דֶעם ווילֶן פון זייֶנֶע פֶארְכְטִינֶע טְהוּט גָאט טְהוּן ואת שועתם אוּנ זייעֶר גֶעשְׁרֵיי הֶערְט עֶר צוּ אוּנ הֶעלְפְט זֵיי שומר יי גָאט הִיט אַלֶע זַיינֶע לִיעבְּהָאבֶער ואת אוּנ אַלֶע רְשָׁעִים פַארְטִילִיגְט עֶר תהלת יי ידבר פי מַיין מוֹיל טְהוּט רֶעדֶן גָאטְס לוֹיבּ ויברך כל בשר אוּנ אַלֶע מֶענְטְשֶׁן טְהוּן אויך לוֹיבֶּן זַיין הֵיילִיגֶן נָאמֶען לעולם ועד אוֹיף אֵייבִּיג. וַאֲנַחְנוּ אָבֶער מִיר וָוס זֶענֶען אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ תְּחִיַּת הַמֵּתִים אוּנ מְקַבֵּל צוּ זַיין טוֹבוֹת פוּן גָאט וֶועלֶן מִיר לוֹיבֶּען גָאט הַיינְט בִּיז אֵייבִּיג הללויה אוּנ דֶערוּם לוֹיבְּט גָאט אַלֶע צֵייטֶען:

וּבָא לְצִיּוֹן גואל עֶס וֶועט קוּמֶען אַיין דֶערְלֵייזֶער קֵיין צִיּוֹן וּלְשָׁבֵי פֶשַׁע אַז יִשְׂרָאֵל וֶועלֶן ווידֶער קֶערֶען פוּן מִיסְטֵייט וֶועט קוּמֶען דִי רֶעכְטֶע גְאוּלָה וַאֲנִי זאת אוּנ אִיךְ בִּין זֵיי מַבְטִיחַ זָאגְט גָאט רוּחִי אֲשֶׁר עָלֶיךָ מַיין נְבוּאָה וָוס אוֹיף דִיר אִיז וּדְבָרַי מַיינֶע רֵייד פוּן דֶר תּוֹרָה וָוס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אִין דַיין מוֹיל לא ימושו זֵיי וֶועלֶען נִיט וֶוערֶען אָפְּגֶעטְהוּן פוּן דַיין מוֹיל אוּנ פוּן דַיינֶע קִינְדֶערְס אוּנ קִינְדְס קִינְדֶערְס מוֹיל אָמַר יְיָ זָאגְט גָאט פוּן אַצוּנְד בִּיז אֵייבִּיג ואתה קָדוֹשׁ אוּנ דוּ הֵיילִיגֶער גָאט דוּ וַוארְטְסְט אוֹיף דִי לוֹיבּ פוּן דִי יִשְׂרָאֵל חָאטְשֵׁי וְקָרָא זֶה דִי מַלְאָכִים רוּפֶען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען אוּנ זָאגֶען גָאט אִיז הֵיילִיג מִיט הֶערְשַׁאפְט דִי עֶרד אִיז פוֹל זַיין כָּבוֹד וּמְקַבְּלִין אוּנ דִיא מַלְאָכִים אַנְטְפַאנְגֶען אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען, זֵיי זָאגֶען גָאט אִיז הֵיילִיג אִין אֵייבֶּערְשְׁטֶען הִימֶל דָם אָרְט ווּי זַיין שְׁכִינָה רוּהְט קַדִּישׁ גָאט אִיז הֵיילִיג אוֹיף דֶר עֶרְד עֶר טְהוּט שְׁטַארְקֵייט קַדִּישׁ גָאט אִיז הֵיילִיג אִין אַלֶע וֶועלְטֶן יְיָ צְבָאוֹת גָאט פוּן הֶערְשַׁאפְט דִי עֶרד אִיז פוֹל מִיט לוֹיטֶערְקֵייט פוּן זַיין שְׁכִינָה וַתִּשָּׂאֵנִי דֶר נָבִיא זָאגְט עֶס הָט מִיךְ אוֹיף גֶעהוֹבֶּען אַ רוּחַ נְבוּאָה וָאֶשְׁמַע הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט אוּנְטֶער מִיר אַ שְׁטוּרֶעם מִיט גְרוֹיס רַעַשׁ פוּן מַלְאָכִים אוּנ זָאגֶען בָּרוּךְ כְּבוֹד גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטְס כָּבוֹד פוּן

בָּתְרַי קָל זִיעַ סַגִּיא, דִּמְשַׁבְּחִין וְאָמְרִין. בְּרִיךְ יְקָרָא דַיְיָ מֵאֲתַר בֵּית שְׁכִינְתֵּהּ: יְיָ | יִמְלֹךְ לְעֹלָם וָעֶד: יְיָ מַלְכוּתֵהּ קָאֵם לְעָלַם וּלְעָלְמֵי עָלְמַיָּא: יְיָ אֱלֹהֵי אַבְרָהָם יִצְחָק וְיִשְׂרָאֵל אֲבוֹתֵינוּ, שָׁמְרָה־זֹּאת לְעוֹלָם, לְיֵצֶר מַחְשְׁבוֹת לְבַב עַמֶּךָ, וְהָכֵן לְבָבָם אֵלֶיךָ: וְהוּא רַחוּם יְכַפֵּר עָוֹן וְלֹא יַשְׁחִית, וְהִרְבָּה לְהָשִׁיב אַפּוֹ, וְלֹא יָעִיר כָּל־חֲמָתוֹ: כִּי־אַתָּה אֲדֹנָי טוֹב וְסַלָּח, וְרַב־חֶסֶד לְכָל־קֹרְאֶיךָ: צִדְקָתְךָ צֶדֶק לְעוֹלָם, וְתוֹרָתְךָ אֱמֶת: תִּתֵּן אֱמֶת לְיַעֲקֹב, חֶסֶד לְאַבְרָהָם, אֲשֶׁר־נִשְׁבַּעְתָּ לַאֲבוֹתֵינוּ מִימֵי קֶדֶם: בָּרוּךְ אֲדֹנָי יוֹם | יוֹם יַעֲמָס־לָנוּ, הָאֵל יְשׁוּעָתֵנוּ סֶלָה: יְיָ צְבָאוֹת עִמָּנוּ, מִשְׂגָּב־לָנוּ, אֱלֹהֵי יַעֲקֹב סֶלָה: יְיָ צְבָאוֹת, אַשְׁרֵי אָדָם בֹּטֵחַ בָּךְ: יְיָ הוֹשִׁיעָה, הַמֶּלֶךְ יַעֲנֵנוּ בְיוֹם־קָרְאֵנוּ: בָּרוּךְ הוּא אֱלֹהֵינוּ, שֶׁבְּרָאָנוּ לִכְבוֹדוֹ, וְהִבְדִּילָנוּ מִן־הַתּוֹעִים, וְנָתַן לָנוּ תּוֹרַת אֱמֶת, וְחַיֵּי עוֹלָם נָטַע בְּתוֹכֵנוּ, הוּא יִפְתַּח לִבֵּנוּ בְּתוֹרָתוֹ, וְיָשֵׂם בְּלִבֵּנוּ אַהֲבָתוֹ וְיִרְאָתוֹ, וְלַעֲשׂוֹת רְצוֹנוֹ וּלְעָבְדוֹ

פירוש ע"ט

זיין אָרט יי ימלוך גָאט וועט קעניגן צו אייביגקייט גָאטס קעניגרייך איז א קיום צו אַלע וועלטן אלהי אברהם דֶר גָאט וואס הָט מְיַחד געוועזען זיין נָאמען אויף אַבְרָהָם יצחק אונ ישׂראל אונזערע עלטערן היט עס צו אייבג דֶר זְכות פון דיא אָבות יצר מחשבות אז דיין פָאלק זָאלן ניט הָאבן קיין שְׁלעכטע מַחֲשָׁבות והכן אונ זָאלסט אײַנבְרייטן זייערע הערצער צו דיר מיר זָאלן רעכט תְּשׁוּבָה טהון והוא גָאט איז איין דֶרבַּרעמדיגר אונ ער פערדַארבט ניט והרבה אונ מעהרט ווידר קערן זיין גְרים צָארן אונ דערוועקט ניט זיין גרים צָארן כי אתה יי דען דו גָאט בּיסט גוט אונ פַארגיבּסט אונ בּיסט פול מיט חֶסֶד צו אַלע ווָאס רופען דיך צדקתך צדק דיין גערעכטיגקייט איז איין אייבג גערעכטיגקייט אונ דיין תּוֹרָה איז לויטער אֱמֶת תתן אמת דו גיבסט אֱמֶת צו יַעֲקֹב אונ חֶסֶד גיבסט דו צו אַבְרָהָם ווָאס דו הָאסט געשׁוואוירן צו אונזערע עלטערן פון פריהר ברוך אדני געלויבט איז גָאט. טָאג איין טָאג טהוט ער אונז אויף לָאדן ער איז אונזער העלפער אויף אייבג יי צבאות גָאט איז מיט אונז ער איז א שׁטארקער צו אונז דֶר גָאט פון יַעֲקֹב אין דער אייביגקייט אשרי אדם וואהל דעם מענשׁען ווָאס פארזיכערט זיך אין דיר יי הושיעה גָאט העלף דֶר קעניג זָאל אונז ענטפערן דעם טָאג ווָאס מיר רופען איהם אן ברוך אלהינו געלויבט איז ער אונזר גָאט ווָאס ער הָט אונז בעשַׁאפען פון זיין כָּבוד וועגן אונ הָט אונז אָפּגעשׁייד בְּשַׁעַת מַתַּן תּוֹרָה פון די היידן אונ דֶר צו הָט ער אונז געגעבן די תּוֹרָה ווָאס זיא איז לויטער אֱמֶת אונ דָאס אייביגע לעבן הוא יפתח ער זָאל עפענען אונזערע הערצער אין דער תּוֹרָה אונ זָאל טהון אין אונזערע הערצער זיין ליעבשׁאפט אונ זיין פארכט ולעשות רצונו גָאט זָאל אונז העלפען אז מיר זָאלן טהון זיין ווילען אונ מיר זָאלען דיענען איהם מיט דעם גאנצען הארצען למען מיר זָאלן זיך ניט מיהען

בְּלֵבָב שָׁלֵם, לְמַעַן לֹא נִיגַע לָרִיק, וְלֹא נֵלֵד לַבֶּהָלָה: יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, שֶׁנִּשְׁמוֹר חֻקֶּיךָ בָּעוֹלָם הַזֶּה, וְנִזְכֶּה וְנִחְיֶה וְנִרְאֶה, וְנִירַשׁ טוֹבָה וּבְרָכָה, לִשְׁנֵי יְמוֹת הַמָּשִׁיחַ, וּלְחַיֵּי הָעוֹלָם הַבָּא: לְמַעַן יְזַמֶּרְךָ כָבוֹד וְלֹא יִדֹּם, יְיָ אֱלֹהַי לְעוֹלָם אוֹדֶךָּ: בָּרוּךְ הַגֶּבֶר אֲשֶׁר יִבְטַח בַּייָ, וְהָיָה יְיָ מִבְטַחוֹ: בִּטְחוּ בַייָ עֲדֵי־עַד, כִּי בְּיָהּ יְיָ צוּר עוֹלָמִים: וְיִבְטְחוּ בְךָ יוֹדְעֵי שְׁמֶךָ, כִּי לֹא־עָזַבְתָּ דֹרְשֶׁיךָ יְיָ: יְיָ חָפֵץ לְמַעַן צִדְקוֹ, יַגְדִּיל תּוֹרָה וְיַאְדִּיר: דער חזן זאגט חצי קדיש

וַאֲנִי תְפִלָּתִי לְךָ יְיָ עֵת רָצוֹן, אֱלֹהִים בְּרָב־חַסְדֶּךָ, עֲנֵנִי בֶּאֱמֶת יִשְׁעֶךָ:

**ויהי בנסוע וכו׳. נאך דעם אריין שטעלין ס״ת אין היכל זאגט דער חזן חצי קריש.**

### פנינים עת רצון יקרים

(ואני תפלתי וגו׳ עננו באמת ישעך). ענני ענטפער מיר באמת ישעך מיט אמת דיין הילף, צו פערשטעהן ריינע ווערטער איז זעהר שווער דער דס האט קיין פשט נים. וועלין מיר דס ערקלערן, איין בשר ודם אז ער שטעלט זיך תפלה טהון צו השי״ת ער זאל איהם מהנן זיין רצון. קאן זיין אז דס וואס ער בעט איז דס גאר פר איהם איין אומגליק, למשל, ער בעט איך עשירות טרעפט פיעל מאל אז דס עשירות ברענגט איהם צום אומגליק, ווי דר פסוק זאגט. יש עושר שמור לבעליו לרעתו. עס איז פאראן עשירות וואס ברענגט אויף דעם מענשען איין אומגליק, ווייל פיעל זוכען איהם מקנא, אונ ער בעקומט דאדורך שונאים וועלכע זוכען איהם אומגליקליך צו מאכן. אדר פארקעהרט, עס טרעפט דעם מענשען איין סבה אונ דס איז גראד זיין גליק, אז ער זאל דורך דעם ניצול ווערן פון טיט, וויא דער מדרש ברענגט איין מעשה, צוויי רייכע מענשן האבן איין מאל געלאדען שיפן מיט תבואה צו פערשיקן ווי מיט דעם ים. געהענדיג צום ברעג האט איינר אויסגעבראכן איין פוס ער איז קראנק געווארן אונ האט נים געקענט אבריזען מיט זיין שיף, אונ דר אנדערער אז ער האט געענדיגט לאדענע איז ער אוועק מיט זיין שיף, דר וועלכר האט אויסגעבראכן איין פוס האט געוויינט אונ געקלאגט אויף דר סבה וואס ער איז קראנק געווארן אונ האט נים געקענט אוועק שיקן זיין תבואה, אינדעם איז געקומען איין בשורה רעה אז יענע שיף וועלכע איז אוועק איז צושלאגן געווארן אן איין שטיין אונ דר סוחר מיט די תבואה זענן דערטרונקן געווארן, ווי ער האט דאס דערהערט האט ער שין געלויבט השי״ת פאר דר סבה. ער איז געזונד געווארן אונ זיין רייכטום איז ניצול געווארן פון אינגליק, היינט ווייס דען איין בשר ודם וואס צו בעטן,

### פירוש ע״ט

צו לערקייט אונ מיר זאלן נים געווינן צו שרעקעניש יהי רצון עס זאל זיין דער ווילן פר דיר גאט אונזר גאט אונ גאט פון אונזערע עלטערן שנשמור אז מיר זאלן היטן דיין געזעץ אויף דר וועלט ונזכה אונ מיר זאלן זוכה זיין אונ מיר זאלן לעבן אונ מיר זאלן ערבען גוטס אונ בענטשונג לשני ימות המשיח צו די יאהרען אונ טעג פון משיח אונ צום איביגן לעבן למען יזמרך אום ווילן מיר זאלן לויבן דיך אונ זאלן נים שווייגן יי׳ אלהי גאט מיין גאט איביג וועל איך דיך לויבן ברוך געלובט איז דער מענטש וואס פארזיכערט זיך אויף גאט אונ גאט וועט זיין זיין פארזיכערונג בטחו ביי פארזיכערט אייך אויף גאט ביז אייביג דען מיט דעם שם י״ה האט גאט געפארעמט אלע וועלטן ויבטחו דערום געהער מען זיך פארזיכערן אין די וואס ווייסן דיין נאמן דען דו גאט פארלאזט נים דיינע פארשטעהער יי׳ חפץ גאט אום וועגען זיין גרוים צדקות טהוט ער גרוים מאכען די תורה מיט מצות כדי מיר זאלן מעהר זכות האבען אויף יענער וועלט:

ואני תפלתי איך טהו תפלה פאר דיר גאט עס זאל זיין פאר דיר איין עת רצון מקבל צו זיין מיין תפלה וואס איך טהו פאר דיר נאך דעם עסן אונ טרינקען אזוי ווי דו האסט מקבל געוועזן דיא תפלה וואס איך האב אין דער פריה מתפלל געוועזן. גאט דורך דיא פיעלהייט דיין גענאד ענטפער מיר נאך דורך דיא וואהרהייט דיין הילף:

כי שם יי אקרא, הבו גדל לאלהינו:

אדני שפתי תפתח, ופי יגיד תהלתך:

ברוך אתה יי, אלהינו ואלהי אבותינו, אלהי אברהם, אלהי יצחק, ואלהי יעקב. האל, הגדול, הגבור, והנורא, אל עליון. גומל חסדים טובים, וקונה הכל, וזוכר חסדי אבות, ומביא גואל לבני בניהם למען שמו, באהבה:

בש"ת זכרנו לחיים, מלך חפץ בחיים, וכתבנו בספר החיים, למענך אלהים חיים:

מלך עוזר, ומושיע ומגן. ברוך אתה יי, מגן אברהם:

אתה גבור לעולם אדני. מחיה מתים אתה, רב להושיע:

מוריד הטל: בחורף משיב הרוח ומוריד הגשם:

מכלכל חיים בחסד, מחיה מתים ברחמים רבים. סומך נופלים, ורופא חולים, ומתיר אסורים, ומקים אמונתו לישני עפר. מי כמוך בעל גבורות. ומי דומה לך, מלך ממית ומחיה, ומצמיח ישועה:

בש"ת מי כמוך אב הרחמים, זוכר יצוריו לחיים ברחמים:

ונאמן אתה, להחיות מתים. ברוך אתה יי, מחיה המתים:

ווען דער חזן זאגט דיא הויכע שמונה עשרה זאגט מען דא די קדושה:

קו"ח נקדישך ונעריצך כנעם שיח סוד שרפי קדש, המשלשים לך קדשה, ככתוב על יד נביאך וקרא זה אל זה ואמר: קו"ח קדוש קדוש קדוש יי צבאות מלא כל הארץ כבודו: חזן לעמתם משבחים ואומרים: קו"ח ברוך כבוד יי ממקומו: חזן ובדברי קדשך כתוב לאמר: קו"ח ימלוך יי לעולם אלהיך ציון לדור ודור הללויה:

אתה קדוש ושמך קדוש וקדושים בכל יום יהללוך סלה, כי אל מלך גדול וקדוש אתה. ברוך אתה יי האל הקדוש: (בש"ת המלך הקדוש):

אתה אחד ושמך אחד, ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ, תפארת גדלה ועטרת ישועה, יום מנוחה וקדשה לעמך נתת. אברהם יגל, יצחק ירנן, יעקב

פנינים עת רצון יקרים

נאר השי"ת ער ווייס דאך עתידות ער איז צופה ומביט עד סוף כל הדורות, ער ווייס וואס איז באמת גוט פר דעם מענשן. דס בעטען מיר ענני באמת ישעך ענטפער מיר מיט דיין אמת'ע הילף. וואס דו ווייסט אז פר מיר איז דס איין היילף:

תפלת ישראל

(אברהם יגל יצחק ירנן וכו׳). למשל א שדכן האט פארגעשלאגט א שידוך איין יונגען מענשען מיט איין נעריהמט פרייליין, איין גרויסע כושלמת, דר צו איז זי געוועזען איין גרויסע יפת תאר. נאר דער יונגר מענש האט זיך ניט געקענט בעשליסען צו דעם שידוך. זאגט דר שדכן ווען איהר וואלט וויסען איהרע גרויסע מעלות וואלט איהר מעהר ניט געצווייפעלט אונ געשלאסען דעם שידוך, זאגט דר יונגער מענש דס האב איך שוין איינינגע מאל פון איהך געהערט, ענטפערט איהם דער שדכן אמת איהר קענט שמועסען מיט איער יחוס

פירוש ע"ט

אתה אחד דו ביסט איינציג אונ דיין נאמען איז איינציג אונ ווער איז גלייך אזוי ווי דיין פאלק ישראל איין איינציג פאלק אויף דער ערד תפארת אצירונג פון אבגעזונדערקייט אונ אקרון פון הילף א טאג פון רוהונג אונ היילינקייט האסט דו צו דיין פאלק געגעבען אברהם יגל אברהם איז לוסטיג אונ יצחק מהוט זינגען יעקב מיט זיינע קינדער רוהען אין איהם אליעבליכע אונ

וּבָנָיו יָנוּחוּ בוֹ, מְנוּחַת אַהֲבָה וּנְדָבָה, מְנוּחַת אֱמֶת וֶאֱמוּנָה, מְנוּחַת שָׁלוֹם וְשַׁלְוָה וְהַשְׁקֵט וָבֶטַח, מְנוּחָה שְׁלֵמָה שֶׁאַתָּה רוֹצֶה בָּהּ. יַכִּירוּ בָנֶיךָ וְיֵדְעוּ, כִּי מֵאִתְּךָ הִיא מְנוּחָתָם, וְעַל מְנוּחָתָם יַקְדִּישׁוּ אֶת שְׁמֶךָ:

אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ רְצֵה נָא בִמְנוּחָתֵנוּ, קַדְּשֵׁנוּ בְּמִצְוֹתֶיךָ וְתֵן (וְשִׂים) חֶלְקֵנוּ בְּתוֹרָתֶךָ, שַׂבְּעֵנוּ מִטּוּבֶךָ וְשַׂמַּח נַפְשֵׁנוּ בִּישׁוּעָתֶךָ, וְטַהֵר לִבֵּנוּ לְעָבְדְּךָ בֶּאֱמֶת, וְהַנְחִילֵנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ בְּאַהֲבָה וּבְרָצוֹן שַׁבַּת קָדְשֶׁךָ (וְיִשְׂמְחוּ בְךָ יִשְׂרָאֵל אֹהֲבֵי שְׁמֶךָ), וְיָנוּחוּ בָם כָּל יִשְׂרָאֵל מְקַדְּשֵׁי שְׁמֶךָ. בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ מְקַדֵּשׁ הַשַּׁבָּת:

רְצֵה יְיָ אֱלֹהֵינוּ בְּעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל וּבִתְפִלָּתָם (וְלִתְפִלָּתָם שְׁעֵה) וְהָשֵׁב אֶת־הָעֲבוֹדָה לִדְבִיר בֵּיתֶךָ וְאִשֵּׁי יִשְׂרָאֵל. וּתְפִלָּתָם (מְהֵרָה) בְּאַהֲבָה תְקַבֵּל בְּרָצוֹן, וּתְהִי לְרָצוֹן תָּמִיד עֲבוֹדַת יִשְׂרָאֵל עַמֶּךָ:

ראש חודש אונ חול המועד זאגט מען דאס:

אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, יַעֲלֶה וְיָבֹא וְיַגִּיעַ וְיֵרָאֶה וְיֵרָצֶה וְיִשָּׁמַע וְיִפָּקֵד וְיִזָּכֵר זִכְרוֹנֵנוּ וּפִקְדוֹנֵנוּ, וְזִכְרוֹן אֲבוֹתֵינוּ, וְזִכְרוֹן מָשִׁיחַ בֶּן־דָּוִד עַבְדֶּךָ, וְזִכְרוֹן יְרוּשָׁלַיִם עִיר קָדְשֶׁךָ, וְזִכְרוֹן כָּל־עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל לְפָנֶיךָ לִפְלֵיטָה לְטוֹבָה, לְחֵן וּלְחֶסֶד וּלְרַחֲמִים, לְחַיִּים טוֹבִים וּלְשָׁלוֹם, בְּיוֹם

לראש חודש רֹאשׁ הַחֹדֶשׁ | לחוה"מ פסח חַג הַמַּצּוֹת | לחוה"מ סוכות חַג הַסֻּכּוֹת

הַזֶּה: זָכְרֵנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ, בּוֹ לְטוֹבָה. וּפָקְדֵנוּ בוֹ לִבְרָכָה. וְהוֹשִׁיעֵנוּ בוֹ לְחַיִּים. וּבִדְבַר יְשׁוּעָה וְרַחֲמִים חוּס וְחָנֵּנוּ, וְרַחֵם עָלֵינוּ וְהוֹשִׁיעֵנוּ, כִּי אֵלֶיךָ עֵינֵינוּ, כִּי אֵל מֶלֶךְ, חַנּוּן וְרַחוּם אָתָּה:

וְתֶחֱזֶינָה עֵינֵינוּ, בְּשׁוּבְךָ לְצִיּוֹן בְּרַחֲמִים. בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, הַמַּחֲזִיר שְׁכִינָתוֹ לְצִיּוֹן:

ווען דער חזן זאגט „מודים" זאגט קהל „מודים דרבנן".

מוֹדִים אֲנַחְנוּ לָךְ, שָׁאַתָּה הוּא יְיָ אֱלֹהֵינוּ, וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ לְעוֹלָם וָעֶד (צוּרֵנוּ) צוּר חַיֵּינוּ מָגֵן יִשְׁעֵנוּ אַתָּה הוּא לְדוֹר וָדוֹר. נוֹדֶה לְּךָ, וּנְסַפֵּר תְּהִלָּתֶךָ, עַל חַיֵּינוּ הַמְּסוּרִים בְּיָדֶךָ, וְעַל נִשְׁמוֹתֵינוּ הַפְּקוּדוֹת לָךְ, וְעַל נִסֶּיךָ שֶׁבְּכָל־יוֹם עִמָּנוּ, וְעַל נִפְלְאוֹתֶיךָ וְטוֹבוֹתֶיךָ, שֶׁבְּכָל־עֵת עֶרֶב וָבֹקֶר וְצָהֳרָיִם. הַטּוֹב, כִּי לֹא־כָלוּ רַחֲמֶיךָ, וְהַמְרַחֵם כִּי לֹא־תַמּוּ חֲסָדֶיךָ כִּי מֵעוֹלָם קִוִּינוּ לָךְ:

מוֹדִים אֲנַחְנוּ לָךְ, שָׁאַתָּה הוּא יְיָ אֱלֹהֵינוּ, וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, אֱלֹהֵי כָל בָּשָׂר, יוֹצְרֵנוּ, יוֹצֵר בְּרֵאשִׁית. בְּרָכוֹת וְהוֹדָאוֹת לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל וְהַקָּדוֹשׁ, עַל שֶׁהֶחֱיִיתָנוּ וְקִיַּמְתָּנוּ, כֵּן תְּחַיֵּנוּ וּתְקַיְּמֵנוּ, וְתֶאֱסוֹף גָּלֻיּוֹתֵינוּ לְחַצְרוֹת קָדְשֶׁךָ, לִשְׁמוֹר חֻקֶּיךָ וְלַעֲשׂוֹת רְצוֹנֶךָ וּלְעָבְדְּךָ בְּלֵבָב שָׁלֵם, עַל שֶׁאֲנַחְנוּ מוֹדִים לָךְ. בָּרוּךְ אֵל הַהוֹדָאוֹת:

תפלת ישראל

אבער אז איהר וואלט וויסן ווי דם פריילין איז געפעלן אייערע עלטערן וואלט איהר זיך גאר ניט מיישב געוועזן דען היינט זי איז נאך געוועזן איין קליין קינד זענען צוזאמן געקומן איהרע עלטערן מים איהר אויף איין חתונה האט זיא שיין דאמאלס פערשפראכן די גאנצע שמחה אונ אייערע עלטערן האבן איהר געריהמט אונ געלויבט אונ האבן זיך געוואונשן אז זייער איין קינד אדער איין איינקל זאל חתונה האבן מיט איהר. איהר דארפט גאר מעהר ניט צווייפלן אונ שיקן דעם שידוך אונ דאנקען גאט אז אזו איין בעריהמטע טאכטער איז אריין אין אייער גורל אונ איהר דארפט דאס גאנצע לעבן אזויק געבן כר א הר. דר נמשל איז השי"ת האט אונז געגעבן דעם הייליגן טאג שבת פר איין גייסטיגע מתנה, שבת ווערט גערופן איין שיינע כלה ווי פער־

פירוש ע"ט

אבאוויליגע רוהונג אוואהראפטיגע רוהונג אשטילע אונ איכערע רוהונג אגאנצע מנוחה שאתה ווס דו האסט אן איהר געוואלט די ישראל זאלן רוהען זאלן דייגע קינדער דרקענען אונ וויסען דאס זייער רוהונג איז פון דיר אונ ביי זייער רוהונג הייליגען זייא דיין נאמען:

אום חנוכה ווערט דאס געזאגט:

וְעַל הַנִּסִּים וְעַל הַפֻּרְקָן וְעַל הַגְּבוּרוֹת וְעַל הַתְּשׁוּעוֹת וְעַל הַנִּפְלָאוֹת וְעַל הַנֶּחָמוֹת וְעַל הַמִּלְחָמוֹת שֶׁעָשִׂיתָ לַאֲבוֹתֵינוּ בַּיָּמִים הָהֵם בַּזְּמַן הַזֶּה:

בִּימֵי מַתִּתְיָהוּ בֶּן יוֹחָנָן כֹּהֵן גָּדוֹל חַשְׁמוֹנָאִי וּבָנָיו, כְּשֶׁעָמְדָה מַלְכוּת יָוָן הָרְשָׁעָה עַל עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל לְהַשְׁכִּיחָם תּוֹרָתֶךָ וּלְהַעֲבִירָם מֵחֻקֵּי רְצוֹנֶךָ, וְאַתָּה בְּרַחֲמֶיךָ הָרַבִּים עָמַדְתָּ לָהֶם בְּעֵת צָרָתָם, רַבְתָּ אֶת רִיבָם דַּנְתָּ אֶת דִּינָם נָקַמְתָּ אֶת נִקְמָתָם, מָסַרְתָּ גִבּוֹרִים בְּיַד חַלָּשִׁים וְרַבִּים בְּיַד מְעַטִּים וּטְמֵאִים בְּיַד טְהוֹרִים וּרְשָׁעִים בְּיַד צַדִּיקִים וְזֵדִים בְּיַד עוֹסְקֵי תוֹרָתֶךָ. וּלְךָ עָשִׂיתָ שֵׁם גָּדוֹל וְקָדוֹשׁ בְּעוֹלָמֶךָ, וּלְעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל עָשִׂיתָ תְּשׁוּעָה גְדוֹלָה וּפֻרְקָן כְּהַיּוֹם הַזֶּה, וְאַחַר כֵּן בָּאוּ בָנֶיךָ לִדְבִיר בֵּיתֶךָ וּפִנּוּ אֶת הֵיכָלֶךָ וְטִהֲרוּ אֶת מִקְדָּשֶׁךָ וְהִדְלִיקוּ נֵרוֹת בְּחַצְרוֹת קָדְשֶׁךָ וְקָבְעוּ שְׁמוֹנַת (יָמִים אֵלּוּ בְּהַלֵּל וּבְהוֹדָאָה, וְעָשִׂיתָ עִמָּהֶם נִסִּים וְנִפְלָאוֹת, וְנוֹדֶה לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל סֶלָה) יְמֵי חֲנֻכָּה אֵלּוּ לְהוֹדוֹת וּלְהַלֵּל לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל:

וְעַל כֻּלָּם יִתְבָּרַךְ וְיִתְרוֹמַם וְיִתְנַשֵּׂא (תָּמִיד) שִׁמְךָ מַלְכֵּנוּ תָּמִיד לְעוֹלָם וָעֶד:

בש"ת וּכְתוֹב לְחַיִּים טוֹבִים כָּל בְּנֵי בְרִיתֶךָ:

וְכֹל הַחַיִּים יוֹדוּךָ סֶּלָה וִיהַלְלוּ וִיבָרְכוּ אֶת שִׁמְךָ הַגָּדוֹל בֶּאֱמֶת לְעוֹלָם כִּי טוֹב, הָאֵל יְשׁוּעָתֵנוּ וְעֶזְרָתֵנוּ סֶלָה (הָאֵל הַטּוֹב). בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, הַטּוֹב שִׁמְךָ וּלְךָ נָאֶה לְהוֹדוֹת:

שִׂים שָׁלוֹם טוֹבָה וּבְרָכָה חַיִּים חֵן וָחֶסֶד וְרַחֲמִים עָלֵינוּ וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל עַמֶּךָ, בָּרְכֵנוּ אָבִינוּ כֻּלָּנוּ כְּאֶחָד (יַחַד) בְּאוֹר פָּנֶיךָ, כִּי בְאוֹר פָּנֶיךָ נָתַתָּ לָּנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ תּוֹרַת חַיִּים וְאַהֲבַת חֶסֶד וּצְדָקָה (וְרַחֲמִים) וּבְרָכָה וְרַחֲמִים וְחַיִּים וְשָׁלוֹם, וְטוֹב יִהְיֶה בְּעֵינֶיךָ לְבָרְכֵנוּ וּלְבָרֵךְ אֶת כָּל עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל בְּכָל עֵת וּבְכָל שָׁעָה בִּשְׁלוֹמֶךָ (בְּרוֹב עוֹז וְשָׁלוֹם): בספר

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ הַמְבָרֵךְ אֶת עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל בַּשָּׁלוֹם:

בש"ת בְּסֵפֶר חַיִּים בְּרָכָה וְשָׁלוֹם וּפַרְנָסָה טוֹבָה וּגְזֵרוֹת טוֹבוֹת יְשׁוּעוֹת וְנֶחָמוֹת נִזָּכֵר וְנִכָּתֵב לְפָנֶיךָ אֲנַחְנוּ וְכָל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל לְחַיִּים טוֹבִים וּלְשָׁלוֹם:

אֱלֹהַי. נְצוֹר לְשׁוֹנִי מֵרָע וּשְׂפָתַי מִדַּבֵּר מִרְמָה וְלִמְקַלְלַי נַפְשִׁי תִדּוֹם וְנַפְשִׁי כֶּעָפָר לַכֹּל תִּהְיֶה. פְּתַח לִבִּי בְּתוֹרָתֶךָ וְאַחֲרֵי מִצְוֹתֶיךָ תִּרְדּוֹף נַפְשִׁי. וְכָל הַקָּמִים וְהַחוֹשְׁבִים עָלַי לְרָעָה מְהֵרָה הָפֵר עֲצָתָם וְקַלְקֵל מַחְשְׁבוֹתָם. יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי שֶׁלֹּא תַעֲלֶה קִנְאַת אָדָם עָלַי וְלֹא קִנְאָתִי עַל אֲחֵרִים וְשֶׁלֹּא אֶכְעוֹס הַיּוֹם וְשֶׁלֹּא אַכְעִיסֶךָ. וְתַצִּילֵנִי מִיֵּצֶר הָרָע וְתֵן בְּלִבִּי הַכְנָעָה וַעֲנָוָה. מַלְכֵּנוּ וֵאלֹהֵינוּ, יַחֵד שִׁמְךָ בְּעוֹלָמֶךָ, בְּנֵה עִירְךָ יַסֵּד בֵּיתֶךָ וְשַׁכְלֵל הֵיכָלֶךָ, וְקַבֵּץ קִבּוּץ גָּלֻיּוֹת וּפְדֵה צֹאנֶךָ וְשַׂמַּח עֲדָתֶךָ: עֲשֵׂה לְמַעַן שְׁמֶךָ, עֲשֵׂה לְמַעַן יְמִינֶךָ, עֲשֵׂה לְמַעַן תּוֹרָתֶךָ, עֲשֵׂה לְמַעַן קְדֻשָּׁתֶךָ. לְמַעַן יֵחָלְצוּן יְדִידֶיךָ הוֹשִׁיעָה יְמִינְךָ וַעֲנֵנִי. יִהְיוּ לְרָצוֹן אִמְרֵי פִי וְהֶגְיוֹן לִבִּי לְפָנֶיךָ יְיָ צוּרִי וְגוֹאֲלִי: עֹשֶׂה שָׁלוֹם בִּמְרוֹמָיו הוּא יַעֲשֶׂה שָׁלוֹם עָלֵינוּ וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל וְאִמְרוּ אָמֵן: יהי רצון וכו'

## תפלת ישראל

שווינט אלע מצות, אזוי ווי די חכמים זאגען (שקולה שבת כנגד כל המצות). די מצוה פון שבת וועגט אריבר אלע מצות נאר בעוה"ר ניט אלע מענשען ווילען זיך מיט איהר מתחתן זיין זיי האבן גאר אנדערע דרכים זיי ווייסען ניט איהר קאסטבארקייט. זאגען די בעלי כנסת הגדולה איהר יודישע קינדר זרע קדושים דערמאנט זיך ווי ווייט האבן אונזערע הייליגע עלטערן די וועלט בעריה מיטע צדיקים זיך מיט דעם שבת געשפיגעלט. אברהם אבינו הט זיך מיט דעם שבת געפרייט ווי מיט איין דימענט, יצחק אבינו הט זיך מיט דעם שבת געריכט אונ געט־ליבע ליעבער פון זיין כבוד וועגן געזונגען אונ יעקב אבינו מיט זיינע קינדר האבן דעם טאג בערוהט איינע וואהרע פערגניגטע רוהע אונ האבן שבת געהאלטען גייסטיג אונ הייליג אונ זיי האבן פערבראכט דעם שבת נאר אין שירות ותשבחות צו מאכן איין נחת רוח דעם אויבערשטן, דער שבת איז איין גליק פר דעם גוף אונ זעלע פון כל איש ישראל גבזכות שבת ווערן מיר ניצול פון צרות אונ פון אלע צרות אונ מיר ווען זוכה זיין צו דר גאולת ישראל ווי די חכמים זאגן (אלמלי שמרו ישראל שתי שבתות מיד היו נגאלים) ווען אלע יודען וואלטן געהיטען נאר צוויי שבתים ווי געהעריג איז וואלטען זיי באלד ערלייזט ווערען:

# תפלת מנחה לשבת

פאָלט איין שבת אויף איינע זאָלכע צייט וואָ אַן וואָכענטאַגען „קיין תחנון" געזאגט ווירד, זאָ ווירד קיין „צדקתך צדק" גיזאַגט, אויך ווידער בייא איינעם חתן, נאָר ביי אַ אָבל ר"ל זאָגט מען יא.

ג צִדְקָתְךָ צֶדֶק לְעוֹלָם, וְתוֹרָתְךָ אֱמֶת: כ וְצִדְקָתְךָ אֱלֹהִים עַד מָרוֹם, אֲשֶׁר עָשִׂיתָ גְדוֹלוֹת, אֱלֹהִים מִי כָמוֹךָ: א צִדְקָתְךָ כְּהַרְרֵי אֵל, מִשְׁפָּטֶיךָ תְּהוֹם רַבָּה, אָדָם וּבְהֵמָה תוֹשִׁיעַ יְיָ: ק"ש

עָלֵינוּ לְשַׁבֵּחַ לַאֲדוֹן הַכֹּל, לָתֵת גְּדֻלָּה לְיוֹצֵר בְּרֵאשִׁית, שֶׁלֹּא עָשָׂנוּ כְּגוֹיֵי הָאֲרָצוֹת, וְלֹא שָׂמָנוּ כְּמִשְׁפְּחוֹת הָאֲדָמָה. שֶׁלֹּא שָׂם חֶלְקֵנוּ כָּהֶם, וְגוֹרָלֵנוּ כְּכָל הֲמוֹנָם. וַאֲנַחְנוּ כּוֹרְעִים וּמִשְׁתַּחֲוִים וּמוֹדִים, לִפְנֵי מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, שֶׁהוּא נוֹטֶה שָׁמַיִם וְיוֹסֵד אָרֶץ, וּמוֹשַׁב יְקָרוֹ בַּשָּׁמַיִם מִמַּעַל, וּשְׁכִינַת עֻזּוֹ בְּגָבְהֵי מְרוֹמִים, הוּא אֱלֹהֵינוּ אֵין עוֹד. אֱמֶת מַלְכֵּנוּ אֶפֶס זוּלָתוֹ, כַּכָּתוּב בְּתוֹרָתוֹ, וְיָדַעְתָּ הַיּוֹם וַהֲשֵׁבֹתָ אֶל לְבָבֶךָ, כִּי יְיָ הוּא הָאֱלֹהִים, בַּשָּׁמַיִם מִמַּעַל וְעַל־הָאָרֶץ מִתָּחַת, אֵין עוֹד:

עַל־כֵּן נְקַוֶּה לְּךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ, לִרְאוֹת מְהֵרָה בְּתִפְאֶרֶת עֻזֶּךָ. לְהַעֲבִיר גִּלּוּלִים מִן הָאָרֶץ, וְהָאֱלִילִים כָּרוֹת יִכָּרֵתוּן. לְתַקֵּן עוֹלָם בְּמַלְכוּת שַׁדַּי, וְכָל־בְּנֵי בָשָׂר יִקְרְאוּ בִשְׁמֶךָ. לְהַפְנוֹת אֵלֶיךָ כָּל־רִשְׁעֵי אָרֶץ. יַכִּירוּ וְיֵדְעוּ כָּל־יוֹשְׁבֵי תֵבֵל, כִּי לְךָ תִּכְרַע כָּל־בֶּרֶךְ תִּשָּׁבַע כָּל־לָשׁוֹן: לְפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ יִכְרְעוּ וְיִפֹּלוּ, וְלִכְבוֹד שִׁמְךָ יְקָר יִתֵּנוּ. וִיקַבְּלוּ כֻלָּם אֶת עוֹל מַלְכוּתֶךָ, וְתִמְלוֹךְ עֲלֵיהֶם מְהֵרָה לְעוֹלָם וָעֶד. כִּי הַמַּלְכוּת שֶׁלְּךָ הִיא, וּלְעוֹלְמֵי עַד תִּמְלוֹךְ בְּכָבוֹד, כַּכָּתוּב בְּתוֹרָתֶךָ, יְיָ יִמְלֹךְ לְעֹלָם וָעֶד: וְנֶאֱמַר, וְהָיָה יְיָ לְמֶלֶךְ עַל־כָּל־הָאָרֶץ, בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה יְיָ אֶחָד וּשְׁמוֹ אֶחָד: ק"י

וּבְתוֹרָתְךָ כָּתוּב לֵאמֹר, שְׁמַע יִשְׂרָאֵל יְיָ אֱלֹהֵינוּ יְיָ אֶחָד:

אַל תִּירָא מִפַּחַד פִּתְאֹם, וּמִשֹּׁאַת רְשָׁעִים כִּי תָבֹא: עֻצוּ עֵצָה וְתֻפָר, דַּבְּרוּ דָבָר וְלֹא יָקוּם, כִּי עִמָּנוּ אֵל: וְעַד זִקְנָה אֲנִי הוּא, וְעַד שֵׂיבָה אֲנִי אֶסְבֹּל, אֲנִי עָשִׂיתִי, וַאֲנִי אֶשָּׂא וַאֲנִי אֶסְבֹּל וַאֲמַלֵּט:

## אהל יעקב

צִדְקָתְךָ כְּהַרְרֵי אֵל, מִשְׁפָּטֶיךָ תְּהוֹם רַבָּה. דֶר מִדְרָשׁ זָאגְט, (צִדְקָתְךָ כְּהַרְרֵי אֵל). ווִי דִי בֶּערְג פֶערְשְׁטֶעלֶן דֶעם תְּהוֹם (גְרוּנְד) פוּן יַם עֶר זָאל נִיט פֶערְפְלֵייצֶען דִי וֶועלְט, אַזוֹי פֶערְשְׁטֶעלֶן דִי מִצְוֹת פוּן דֶר תּוֹרָה דִי פּוּרְעָנִיּוֹת זָאל נִיט קוּמֶען אוֹיף דֶר וֶועלְט, דִי כַּוָּנָה אִיז אַזוֹי, יֶעדֶר מֶענְשׁ הָאט אִין זִיךְ אַיין יֵצֶר הָרָע וָוס עֶר בְּרֶענְגְט אִיהְם צוּ אַלֶע תַּאֲווֹת צוּ אַלֶע שֶׁענְדְלִיכֶע זַאכֶן עֶר פְּלֶיצְט אִין אִיהְם ווִי דֶר תְּהוֹם פוּן יַם. אוּנ קָאן אִיהְם פֶערְפְלֵייצֶען מִיט זַיינֶע נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶע גֶעדַאנְקֶען אוּנ הָט בְּכֹחַ אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶן דֶעם מֶענְשֶׁן עֶר זָאל אִין מִיטֶן יוּגֶענְד אַוֶועק פוּן דֶר וֶועלְט, נָאר הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ מִיט זַיין גְרוֹיס חָכְמָה הָט עֶר גֶעגֶעבֶּן דֶעם פֶערְפְלַאנְצְט אִין מֶענְשֶׁן דֶעם שֵׂכֶל, וָוס עֶר לָאזְט דֶעם מֶענְשֶׁן נִיט אוֹיסְפִיהְרֶן זַיינֶע תַּאֲווֹת, אוּנ דוּרְךְ תּוֹרָה וּמִצְוֹת ווֶערְט אָבְּגֶעלָאשֶׁען דֶר יֵצֶר הָרָע, דָס זָאגְט דֶר פָּסוּק (צִדְקָתְךָ) דַיין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דָס אִיז דִי תּוֹרָה וּמִצְוֹת הָאבֶּן אִין זִיךְ אַיין גֶעטְלִיכֶען קְרַאפְט ווִיא דִיא הוֹיכֶע אוּנ שְׁטַארְקֶע בֶּערְג, (מִשְׁפָּטֶיךָ) דַיין מִשְׁפָּט דָאס אִיז דִיא פּוּרְעָנִיּוֹת וָואס קוּמֶען פוּן דִי עֲבֵירוֹת אִיז תְּהוֹם רַבָּה וֶוענֶען סִיעָר ווִי דֶר גְרוּנְד פוּן יַם, נָאר דִי תּוֹרָה וּמִצְוֹת לָאזֶען נִיט אַז דִיא פּוּרְעָנֻיּוֹת זָאל קוּמֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט:

## פירוש ע"ט

**צִדְקָתְךָ** צֶדֶק דַיין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז גֶערֶעכְט בִּיז אֵייבִּיג אוּנ דַיין תּוֹרָה אִיז אֱמֶת וְצִדְקָתְךָ אוּנ דַיין גֶערֶעכְטִיקֵייט גָאט גְרֵייכְט בִּיז אִין הִימֶל וָוס דוּ הָאסְט גְרוֹיסֶע זַאכֶן גֶעטְהוּן גָאט וֶוער אִיז דִיר גְלַייךְ דַיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זֶענֶען גְלַייךְ ווִי דִי שְׁטַארְקֶע בֶּערְג דַיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען טִיעף ווִי אַטִיפֶער אָפְּגְרוּנְד דוּ גָאט הֶעלְפְסְט דִי מֶענְטְשֶׁן אוּנ דִי בְּהֵמוֹת דֶען דוּ בִּיסְט מַשְׁגִּיחַ אוֹיף אַלֶעס:

פאן שבת בראשית ביז שבת הגדול ווירד אלע שבת צו מנחה ברכי נפשי געזאגט.

דער טעם פאר וואס מען זאגט ברכי נפשי מיט די פופצען שיר המעלות אום ווינטער שבת צו מנחה, ווייל דר זכות פון שבת ברענגט ברכה אויף א גאנצע וואך אונ בעת מנחה ענדיגט זיך שוין באלד דר שבת וועלכעס יעדער יוד גייט צוריק צו זיין ארבייט אונ זוכט זיין פרנסה אזוי ווי עס שטייט אין ברכי נפשי (הכפירים שאגים לטרף ולבקש מאל אכלם יצא אדם לפעלו ולעבודתו עדי ערב). אונ ווינטער רופט זיך אהן ימות הגשמים די טעג פון רעגען וועלכעס אין ארץ ישראל וואקסט דארט די תבואה אום ווינטער באם אז עס געהט א רעגען כשורה ניט צו ווינציג אונ ניט חלילה מיט צו פערפלייצונג, מיר געפינען אין די גמרא סוכה (דף נ"ג) בעת ווען דוד המלך הט געגראבן די שיתין (דס איז אזו א חלל אונטער דעם מזבח וואס דארט הט אריין גערינען דר ניסוך היין מיט דעם ניסוך המים) הט ער אהן געריהרט אין דעם תהום. איז דער תהום ארויף געקומען אונ הט אנגעהויבן צו פארפלייצן די וועלט, הט זיך דוד המלך געפרעגט איין עצה ביי די חכמים אויב ער מעג אנשרייבן אויף א שערבעלע דעם שם אונ ווארפען אין תהום הט איהם קיינער ניט געוואוסט צו ענטפערן הט דוד המלך געשאלטן דעם וואס ווייס צו ענטפערן אונ וויל ניט ענטפערן זאל ווערן דר שטיקט הט זיך ערשט אחיתופל אן גערופן דס מען מעג אזו טהון ער הט געלערנט א קל וחומר פון סוטה דס צו ליעב צו מאכן שלום צווישן מאן אונ ווייב הט די תורה ערלויבט אבצומעקען דעם הייליגן שם וואס איז געשריבן בקדושה ובטהרה אין וואסר דס דר מאן זאל ניט ארום געהן אין א אומזיסטן חשד אויף זיין ווייב מכל שכן דא אז דר תהום וויל פארפלייצן די וועלט וועט דאך דר שם מאכן שלום צו די גאנצע וועלט איז בודאי מותר הט דוד המלך אנגעשריבן אויף א שערבעלע דעם הייליגן שם אונ דס געווארפן אין תהום הט דר תהום אבגעשפרונגן אונ הט זיך פר שטעקט טיעף אין די ערד זעכצען טויזענד איילן וועלכע ווערן גערופן אויף גמרא לשון גרמידי, ווי דוד המלך הט געזעהן דס דר תהום הט צו טיעף זיך פארשטעקט וועלכעס איבן די ערד וועט אין זיך ניט האבן קיין פאכטיקייט אונ אפילו נאך א רעגען וועט אויך די תבואה ניט קענען וואקסען הט ער געזאגט די פופצען שיר המעלות אונ מיט יעדען שיר המעלות האט ער געהעכערט דעם תהום מיט טויזענד איילן איז אויסגעקומען דס דר תהום הט זיך געהעכערט מיט פופצען טויזענד איילן אונ דר תהום איז מיין ניט ווייט פון איבן די ערד ווי טויזענד גרמידי דס די ערד איז דורך דעם שטענדיג פייכט. אונ איבר דעם רופט מען זיי שיר המעלות דס איז א שם פון דוד המלך צו הקב"ה וועלכר מיט דעם זכות פון דעם שיר הט ער דעם תהום געהעכערט מיט אשטאפל פון טויזענד איילען דארום זאגט מען שבת צוא מנחה אום ווינטער טעג ברכי נפשי ווס דארט ווערט אויך דערמאנט ברמז די געשיכטע (תהום כלבוש כסיתו מן גערתך ינוסון) אונ אויך די פופצען שיר המעלות דס בזכות ברכת שבת אונ בזכות די הייליגע שירים פון דוד המלך זאלן מיר אום ווינטער געבענטשט ווערן יעדע וואך מיט ברכה אין די תבואות אונ פרנסה בשפע בכבוד במנוחת ובנחת אמן:

---

# ברכי נפשי את יי, יי אלהי גדלת מאד, הוד והדר לבשת: עטה אור כשלמה, נוטה שמים כיריעה:

## משלי יהודא

(ברכי נפשי את ה' וגו' גדלת מאוד). עס איז קשה פאר וואס ביי דעם גדלות ה' פון דיא וועלט דערמאנט דוד המלך דס זיין נפש זאל לויבען הקב"ה ניט ער אליין. נאר מיר וועלען די זאך פארשטעהן עפ"י משל, אין אמעריקא געפינט זיך א גרויסער חכם א קינסטלער וועלכער איז בעוואוסט אויף דער וועלט נאך רופט איהם עדיסאן, דער עדיסאן הט ערקלערט פיעל חכמות מיט קינסטען אונ דיא קראפט פון עלעקטרי. ער הט אויך ערקלערט די חכמה פון "פאנאגראף" דאס איז אזא

## משלי יעקב

(ברכי נפשי וגו' גדלת מאוד). דר אלשיך הקדוש זאגט דס איבר דעם דערמאנט דוד המלך אין אנהייב דס קפיטל זיין נפש זאל לויבן דעם אייבערשטן ווייל אין דיעזעס קפיטל ערצעהלט ער אלס די גבורות ה'

## פנינים יקרים

(ברכי נפשי את ה'). דוד המלך עליו השלום ווען ער הט זיך שטארק בעגייסטערט אין עבודת השי"ת הט ער אויסגעגאסן זיינע הייליגע געדאנקן אין דעם ברכי נפשי. אונזערע קדמונים דער חובת הלבבות אונ

דר רמב"ם ז"ל זאגן ווען דער מענש וויל קומן צו די אמת'ע מדריגה פון יראת שמים זאל ער נאר גוט בעטראכטן די וואונדערליכע בעשאפונג פון דר וועלט. די ערד, דר הימל. די זון, די לבנה אונ אלע אונ־

## פירוש ע"ט

ברכי נפשי גאט מיין גאט דו ביסט זייער געאכפערט דו האסט זיך אנגעקלייט מיט שיינקייט. עטה גאט קליידעט אן די וועלט מיט ליכטעקייט אזו ווי א מענטש קלייד זיך אן מיט א קלייד ער הט געצויגט די הימל אונ הט זיי פרשפרייט ארום דר ערד אזו ווי א פרהאנג.

# הַמְקָרֶה בַמַּיִם עֲלִיּוֹתָיו, הַשָּׂם עָבִים רְכוּבוֹ, הַמְהַלֵּךְ עַל כַּנְפֵי רוּחַ: עֹשֶׂה מַלְאָכָיו רוּחוֹת, מְשָׁרְתָיו אֵשׁ לֹהֵט: יָסַד אֶרֶץ עַל מְכוֹנֶיהָ, בַּל תִּמּוֹט עוֹלָם וָעֶד: תְּהוֹם כַּלְּבוּשׁ כִּסִּיתוֹ, עַל הָרִים יַעַמְדוּ מָיִם: מִן גַּעֲרָתְךָ יְנוּסוּן, מִן קוֹל רַעַמְךָ יֵחָפֵזוּן: יַעֲלוּ הָרִים יֵרְדוּ בְקָעוֹת, אֶל מְקוֹם זֶה יָסַדְתָּ לָהֶם: גְּבוּל שַׂמְתָּ בַּל יַעֲבֹרוּן, בַּל יְשׁוּבוּן לְכַסּוֹת הָאָרֶץ: הַמְשַׁלֵּחַ מַעְיָנִים בַּנְּחָלִים,

### משלי יעקב

וָוס דֶר אֵייבֶּערְשְׁטֶער ב״ה הָט אוֹיף דִי וָועלְט וָואלְט אִיךְ מֵיינֶען צוּ זָאגֶען דָס דֶר שְׁבַח פַּאסְט גָאר נִיט פַר הקב״ה ווָס הָט בֶּעשַׁאפֶן פִיעל טוֹיזֶענְד וָועלְטֶן מַלְאָכִים שְׂרָפִים וְחַיּוֹת הַקֹּדֶשׁ פוּן כְּלוּים רוּחְנִיּוֹת (גֵייסְטְלִיכְקֵייט) בִּפְרַט הקב״ה אַלֵיין אִיז גָאר נִיט מַשִּׂיג צוּ זַיין קֵיין שׁוּם מַחְשָׁבָה קֵיין שׁוּם דִמְיוֹן פָאר שְׁטֶעלוּנְג חָלִילָה טָאר מֶען

### משלי יהודא

אִינְסְטְרוּמֶענְט וָועלְכֶס קָאן נָאךְ רֶעדֶען נָאךְ זִינְגֶען אַלֶעס ווָס אֵיינֶער רֶעדְט אַרַיין אִין דֶעם אִינְסְטְרוּמֶענְט מִיט דֶעם וָועלְכֶען קוֹל וִוי דֶער רֶעדֶער רֶעדְט. דִי פַארְגֶעמְסְטֶע גְרוֹיסֶע לַייט פוּן אַמֶעריקָא הָאבֶּן אֵיין מָאל גֶעמַאכְט אַ בַּאל אַ גְרוֹיסֶען לִכְבוֹד עֶדִיסָאן וָועלְכֶעס זֵיי הָאבֶּן גֶעוָואלְט אוֹיף דִי סְעוּדָה אִ״ם רֶעכְנֶען זַיין עֶהְרֶע זַיין חֲשִׁיבוּת זַיין גַדְלוּת מִיט זַיינֶע חָכְמוֹת ווָס עֶר הָט אַלְס עֶרְקְלֶערְט אִיךְ

דִי וָועלְט. ווִי הָאבֶּען זִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעוועזֶען זַיין כָּבוֹד צוּ פַארְגְרֶעסֶערֶען מִיט דֶעם וָואס זֵייא וָועלֶען צוּ דֶער סְעוּדָה בֶּעגְרִיסֶען עֶדִיסָאנְס חָכְמוֹת זַייא הָאבֶּען גֶעקְרִיגְם דֶעם זָאל מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע ... בְּעַל יְכָסוּנְג דִי פַארְשִׁידֶענֶע

### פנינים יקרים

צֶעהְלִיגֶע מִילִיאַרְדֶען שְׁטֶערֶען וָועלְכֶע בֶּעלַייכְטֶען דִיא גַאנְצֶע וָועלְט וָואס זִיא אַלֵיין דָאס הֵייסְט דִיא עֶרְד אִיז אֵיינֶע פוּן דִי קְלֶענְסְטֶע קָאמֶעטֶען (שְׁטֶערְן). דִי זוּן אִיז נִיט אַזוֹ וַוייט פוּן אוּנְז ווִי אַלֶע אַנְדֶערֶע שְׁטֶערֶען דַאהֶער קוּמְט זִיא אוּנְז פָאר גְרֶעסֶער זִי אִיז גָאר וַוייט אֵיין אוּנ צְוַואנְצִיג מִילִיאָן מֵייל פוּן אוּנְז אוּנ עֶס אִיז דָא אִין הִימֶל אוּנְצֶעהְלִיגֶע מִילִיאַרְדֶען שְׁטֶערְן וָועלְכֶע זֶענִין וַוייט פוּן דֶער זוּן אוּנ גְרֶעסֶער פָאר אִיהְר מִי״ש מִילִיאַרְדֶען מָאל אַזוֹא צָאהְל ווָס אַמֶענְטְשׁ קֶען דָאס גָאר נִיט אוֹיסְשְׁפְּרֶעכֶען, עֶס פָאלְט אֵיין שְׁרֶעק אוֹיף דֶעם מֶענְשֶׁען וֶוען עֶר בֶּעטְרַאכְט דִיא גְבוּרוֹת הַבּוֹרֵא ית״ש ווָס עֶר הָט דָס אַלֶעס בֶּעשַׁאפֶן מִיט גְרוֹיס חָכְמָה אוּנ אָרְדְנוּנְג. אַז דֶר מֶענְשׁ זָאל אֲפִילוּ לֶעבֶּן טוֹיזֶענְדֶער יָאהְרֶען קֶען עֶר נִיט קוּמֶן צוּ דֶעם תַּכְלִית הַבְּרִיאָה אוּנ

### פירוש ע״ט

הַמְקָרֶה דִי בַּאלְקִינְס פוּן זַיין אוֹיבֶּערְשְׁטֶע הָט עֶר גֶעמַאכְט פוּן וַואסֶער דִי ווָאלְקֶן הָט עֶר גֶעמַאכְט פַאר זַיין רַייט וָואגֶן צוּ פָארֶען זֵיי וואוּ הִין עֶר וויל, עֶר פִיהְרְט דִי וָואלְקֶן גִיךְ מִיט דֶעם ווִינְט אַזוֹ ווִי מֶען פְלִיהְט מִיט פְלִיגֶעל. עוֹשֶׂה דִי ווִינְטֶן הָאט גָאט גֶעמַאכְט פַאר זַיינֶע שְׁלוּחִים זַיינֶע בֶּעדִיעֶנֶער זֶענֶען ווִי פְלַאם פַייעֶר. יָסַד עֶר הָט גֶעגְרִינְדֶעט בֶּעפֶעסְטִיגְט דִי עֶרְד אוֹיף אִיהְר אָנְבְּרֵייטוּנְג אַז זִי זָאל נִיט אוּמְגֶעוָואלְגֶערְט וֶוערֶען אוֹיף אֵייבִּיג. תְּהוֹם דֶעם תְּהוֹם הָט גָאט צוּ גֶעדֶעקְט אַז עֶר זָאל נִיט פַארְפְלֵייצֶען דִי וָועלְט אַזוֹ ווִי מֶען דֶעקְט עֶפֶּעס צוּ מִיט אַמַלְבּוּשׁ, אוֹיף דִיא בֶּערְג שְׁטֶעהֶען דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם יַם אוּנ גִיסֶען זִיךְ נִיט אַרָאפּ. מִן פוּן דַיין גֶעשְׁרַיי וָואס דוּ הָאסְט גֶעטְהוּן אַז דִי וַואסֶערֶן זָאלֶען זִיךְ אַיין זַאמְלֶען אִין אֵיין אָרְט זֶענֶען זֵייא אַנְטְלָאפֶן גֶעוָוארֶן אוּנ זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם אָרְט. פוּן דֶעם גֶעשְׁרַיי פוּן דַיין קוֹל ווָאס אִיז אַזוֹ ווִי אַקוֹל פוּן דוּנֶערְן הָאבֶּען דִי וַואסֶערְן גֶעאַיילְט צוּ קוּמֶען אוֹיף דֶעם אָרְט. יַעֲלוּ בְּשַׁעַת אַז דִי וַואסֶערְן זֶענֶען גִילָאפֶען זֶענֶען זֵיי פְרִיהֶער אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִי בֶּערְג אוּנ דֶר נָאךְ הָאבֶּען זֵיי גֶענִידֶערְט אִין דִיא טָאלֶען אוּנ זֶענֶען דָארְטֶען נִיט אִיבֶּער גִיבְּלִיבֶּען אַזוֹי ווִי דִי טֶבַע אִיז פוּן וַואסֶר צוּ הַאלְטֶן זִיךְ אִין דִי טָאלֶען נָאר זֵיי זֶענֶען גִיגַאנְגֶען צוּ דֶעם אָרְט וָואס דוּ הָאסְט גֶעגְרוּנְד בֶּעפֶעסְטִיגְט צוּ זֵיי. גְּבוּל דִי זַאמְד הָאסְט דוּ גֶעמַאכְט פַר אַ גְבוּל צוּם יַם אַז עֶר זָאל נִיט אִיבֶּער פָארֶען דֶעם גְבוּל אַז דִי וַואסֶער פוּן דֶעם יַם זָאל זִיךְ נִיט אוּם קֶערֶען צוּ בַּאדֶעקֶען דִי עֶרְד אַזוֹי ווִי עֶס אִיז גִיוֶועזֶען אֵיידֶער דִי וָועלְט אִיז בֶּעשַׁאפֶן גִיוָוארֶן. הַמְשַׁלֵּחַ עֶר שִׁיקְט קְוָואלֶן עֶס זָאל רִינֶען וַואסֶר פוּן זֵיי אִין דִי טָאלֶען, דִיא

בֵּין הָרִים יְהַלֵּכוּן׃ יַשְׁקוּ כָּל חַיְתוֹ שָׂדָי, יִשְׁבְּרוּ פְרָאִים צְמָאָם׃ עֲלֵיהֶם עוֹף הַשָּׁמַיִם יִשְׁכּוֹן, מִבֵּין עֳפָאיִם יִתְּנוּ קוֹל׃ מַשְׁקֶה הָרִים מֵעֲלִיּוֹתָיו, מִפְּרִי מַעֲשֶׂיךָ תִּשְׂבַּע הָאָרֶץ׃ מַצְמִיחַ חָצִיר לַבְּהֵמָה, וְעֵשֶׂב לַעֲבֹדַת הָאָדָם, לְהוֹצִיא לֶחֶם מִן הָאָרֶץ׃ וְיַיִן יְשַׂמַּח לְבַב אֱנוֹשׁ, לְהַצְהִיל פָּנִים מִשָּׁמֶן, וְלֶחֶם לְבַב אֱנוֹשׁ יִסְעָד׃ יִשְׂבְּעוּ עֲצֵי יְיָ, אַרְזֵי לְבָנוֹן אֲשֶׁר נָטָע׃ אֲשֶׁר שָׁם צִפֳּרִים יְקַנֵּנוּ, חֲסִידָה בְּרוֹשִׁים בֵּיתָהּ׃ הָרִים הַגְּבֹהִים לַיְּעֵלִים, סְלָעִים

### משלי יהודה

פריערע געבענטע מעביל הט זיך יעדע נאך וועלכעס געשטעלט אין גרעססטען ארדנונג מיט די קראפט פון עלעקטריא. די פיעל בעדיענטע האבן גאר ניט בעדארפט צו בעדינען דען יעדעס מאכן יעדע פאטראווע איז וועלכעס פארגעקומען פר די געסט מיט דעם כח פון די עלעקטרי אין אלע פיער זייטען פון דיא סאליע איז געשטאנען פאנאגראפען וואס האבן געזונגען אונ געשפיעלט וויא די שע פסת ארקעסטרא. אין דערטיס פון דר זאל איז געשטאנען א גרויסער פאנאגראף וועלכער האט מיט א שיינעם סעלאדיע געזונגען אונ או סגערעכנט עדיסאנס מעלות מיט זיינע הבטות, דס זעלבע קאן מען זאגען בזלה אפי

### משלי יעקב

ניט אונ מען קאן ניט זיך פארשטעלען פאסט נאר ניט צו זאגען דעם שבח זייגעס אויף די וועלט וועלכעס זיא איז דאך מלא נשמות וקערפערליך אדער גראבליך) איז דס גאר קיין גדלות פר הקדוש ברוך הוא זאגט דס דוד המלך איך זאל אזו ניט מיינען נאר פארקערט דורך דעם וועיל דעם איבערשטענס גדלות איז אין לשער

### פנינים יקרים

דערגיין די סודי סודות פון די בעשאפונג דער וועלט אונ אלעס וואס אויף איהר אונ אין איהר געפינט זיך. די זון דיא לבנה אונ דיא שטערן זענען פאר זיך גאר בעזונדערע וועלטן אונ מיר קאנן גאר קיין בעגריף ניט האבן פון די עולמות עליונים, וואס זענען מיר געאכטעט געגען די געטליכע בריאים, ווי אין פסוק שטעהט (מה אנוש כי תזכרנו) וואס פר א בעטרעף הט דר מענש אז דו זאלסט זיך אן איהם דערמאנען. (כי אראה שמיך) אז איך זעה נור דיינע הימלען. (מעשה אצבעותיך) וועלכע דו האסט איינגעהענדיג בעשאפן. (ירח וכוכבים אשר כוננתה) דעם מאנד אונ דיא שטערן וועלכע דו האסט אין זיי איינגעארדענט נאר דס איז אלין די גרויסע הקדים פון השי"ת צו אונז אז ער העט אונזער ביטע. אוך וועלען מיר בעקלערען די גרויסע וואונדר וואס דר בורא ית"ש הט בעשאפן אויף דר ערד די מיליאנען פערשידענע בריאים, אלע סארטן חיות

### פירוש ע"ט

קוואלען געהן צווישען די בערג. ישקו די טייכן מאכן אנטרינקן אלע חיות פון דעם פעלד אונ די ווילדע חיות צו ברעכן זייער דארשט מיט דעם וואסער. עליהם געבן די וואסערן רוהען די עופות פון דעם הימל. פון צווישען די בלעטער פון די בוימר געבן די עופות זייער קול מיט געזאנג. משקה ער מאכט אנטרינקען די בערג פון די וואלקן וואס זענען פון אויבען געגען הימל, פון די פירות פון דיינע וואלקן דס איז דער רעגען ווערט די ערד געזעט. מצמיח מאכט שפראצן גראז פר בהמות ווענן אונ גרינס מאכסט דו שפראצן עס זאל זיין צו ארבייט פר מענטשן אויף פארבן אונ ער מאכט אויסציהן ברויט פון דר ערד. ויין אונ ער מאכט גוויס שפראצן דעם וויין וואס ער מאכט פריליך דס הארץ פון דעם מענשען וואס טרינקט איהם ער מאכט שפראצען דעם אייל אז ער זאל הערלייכטן דס פנים פון מענשען וואס עסט איהם אונ ברויט מאכט ער שפראצן אז עס זאל אונטער לעהנען דס הארץ פון דעם מענשען. ישבעו פון דעם רעגן ווערן זאט נאטס בוימר די בוימר פון דעם וואלד וואס וואקסט אויף זיי קיין פירות ניט אונ קיין מענש פלאנצט זיי ניט נאר גאט אליין האט זיי געפלאנצט דערום הייסן זיי גאטס בוימר. אשר אויף די בוימר מאכן זיך די פייגלן נעסטן, דר עוף וואס הייסט חסידה איז איהר שטוב אויף דעם בוקסן בום. הרים די הויכע בערג זיינען א וואהנונג צו די יעלים אונ די שטיינער זיינען א בעשיצונג

מַחְסֶה לַשְׁפַנִּים: עָשָׂה יָרֵחַ לְמוֹעֲדִים, שֶׁמֶשׁ יָדַע מְבוֹאוֹ: תָּשֶׁת חֹשֶׁךְ וִיהִי לָיְלָה, בּוֹ תִרְמֹשׂ כָּל חַיְתוֹ יָעַר: הַכְּפִירִים שֹׁאֲגִים לַטָּרֶף, וּלְבַקֵּשׁ מֵאֵל אָכְלָם: תִּזְרַח הַשֶּׁמֶשׁ יֵאָסֵפוּן, וְאֶל מְעוֹנֹתָם יִרְבָּצוּן: יֵצֵא אָדָם לְפָעֳלוֹ, וְלַעֲבֹדָתוֹ עֲדֵי עָרֶב: מָה רַבּוּ מַעֲשֶׂיךָ יְיָ, כֻּלָּם בְּחָכְמָה עָשִׂיתָ, מָלְאָה הָאָרֶץ קִנְיָנֶךָ: זֶה הַיָּם גָּדוֹל וּרְחַב יָדָיִם, שָׁם רֶמֶשׂ וְאֵין מִסְפָּר, חַיּוֹת קְטַנּוֹת עִם גְּדֹלוֹת: שָׁם אֳנִיּוֹת יְהַלֵּכוּן, לִוְיָתָן זֶה יָצַרְתָּ לְשַׂחֶק

### משלי יעקב

אונ ער בעוויזט זיין ענוות בכ"ל רגע ורגע צו זיין א משגיח איבער דעם עולם השפל ווערט זיין גדלות נאך שענער אונ גרעסער אונ דאס איז די גרעסטע גבורות אז די אלע רוחניות זיינען דורך השתלשלות אלם מקושר צוגעקניפט אונ צוגעהעפט צו דעם עולם הגשמי אזו ווי דם נפש הרוחני וואס איז זייער איידל אונ עס איז מקושר צו דעם לייטערנעם קערפער דעם גוף:

### משלי יהודא

הגדלות כביכול וואס זיינע מעשים מיט זיין גדלות איז אין לשער ואין להגיד אונד די גרעסטע חכמים פון דר וועלט קענען נים בלויס פארשטעהן וואס פר א חכמה עס שטעקט אין דעם קליינעם וועלטעלי בלויס אין דעם מענש ווי אזוי דער לייטענער קערפער דער גוף ווערט בעלעבט רעדט אונ טהוט מיט דעם כח פון דעם נפש וואס דער איבערשטער האט אריינגעגעבן אין דעם מענש איבער דעם זאגט דער הייליגער דוד המלך אז ער איז געגאנגען ערצעהלן עטוואס פון דעם איבערשטענס גדלות וועלכעס עס איז גאך נים ווי א טראפען פון ים זאגט ער אזוי דאס נפש דער פאנאנדעראף אליין לויבען זיין גדלות:

### פנינים יקרים

אונ עיפות. אלערליי פליגעלך, שלאנגן זאבעס אונ דעסגלייכן אלע סארטען גראזן. ביימער, בלומן, דאס אלם הט השי"ת בעשאפן צום נוצען פון מענשן. ווי דער זוהר הקדוש שרייבט אין פרשת יתרו אז איין בשר ודם וואלט גאר וויסן וואס השי"ת הט איין געפלאנצט אין דר ערד אלע סגלות אונ רפואות וואס עס געפינט זיך אוף דר וועלט וואלט ער גשתומם געווארן ער וויים נים דאס אין יעדען קלענסטען גרעזעלע איז איינגעוויקעלט סגולות ונפלאות. איין בלאט צום צווייטען רעדט גאטס וואונדער יעדער בריאה זינגט ווי איין מלאך וואס זאגט שירה צו דעם הייליגן באשעפר פון יעדער בעשעפעניש דארף זיך דר מענש ארויס נעמען איין מוסר השכל ווי צו פיהרן זיך אוף דר וועלט אין די געציילטע יאהרן וואס ער לעבט. אוף דעם הט דוד המלך געזאגט מיט איין פייערדיג געפיהל, (מה רבו מעשיך ה') וויפיעל אונ ווייא גרויס זענען דיינע ווערק דו העראר גאט. (כלם בחכמה עשית). אלם האסטו בעשאפן מיט גרוים חכמה. דא אין דעם ברכי נפשי שילדערט ער אב בכלל אלע ברואים פון דר וועלט ער ערצעהלט אלע גאטס וואונדער מיט איין שיינעם ארדנונג. עס איז

### פירוש ע"ט

צו די שפנים. עשה די לבנה הט ער בעשאפען אז מען זאל ציילען נאך איהר נאך וועל יום טוב געפאלט די זון וויים איהר גאנג. תשת דו האסט געמאכט דעם חשך אז ער זאל זיין נאר אוף דר נאכט, ביי דר נאכט טהוען ווידמען אלע חיות פון דעם וואלד. הכפירים ביי דער נאכט טהון די יונגע לייבן שרייען פון פאר צוקונג וועגן אונ צו בעטען פון גאט זייער עסען וואורג. תזרח אז די זון הייבט אן שיינען זאמלן זיי זיך איין אונ געהען אין זייער וואהנונג אריין צו ליגען זיך אפרוען. יצא דענסטמאל געהט ארוס דר מענש אין פעלד אריין צו זיין ארבייט אונ פארזומט זיך דארטען ביז נאכט אז די חיות גהען ווידר ארויס. מה ווי גרויס זענען דיינע ווערק גאט, אלעס האסטו געמאכט מיט חכמה די וועלט איז פול דיינע געקויפטע דו האסט זייא בעשאפן. זה דר דאזיגר ים וואס מען ווייסט איהם איז ער גרוס אונ ברייט, דארטען איז פאר האנדן ווידמונג אונ עס איז נים דא קיין צאל צו זיי קליינע חיות אונ גרויסע חיות. שם דארטען געהן שיפן דארטען איז דר לויתן וואס דו האסט בעשאפן ער זאל זיך שפילען אונ שפאצירן אין

בוֹ: כֻּלָּם אֵלֶיךָ יְשַׂבֵּרוּן, לָתֵת אָכְלָם בְּעִתּוֹ: תִּתֵּן לָהֶם יִלְקֹטוּן, תִּפְתַּח יָדְךָ יִשְׂבְּעוּן טוֹב: תַּסְתִּיר פָּנֶיךָ יִבָּהֵלוּן, תֹּסֵף רוּחָם יִגְוָעוּן, וְאֶל עֲפָרָם יְשׁוּבוּן: תְּשַׁלַּח רוּחֲךָ יִבָּרֵאוּן, וּתְחַדֵּשׁ פְּנֵי אֲדָמָה: יְהִי כְבוֹד יְיָ לְעוֹלָם, יִשְׂמַח יְיָ בְּמַעֲשָׂיו: הַמַּבִּיט לָאָרֶץ וַתִּרְעָד, יִגַּע בֶּהָרִים וְיֶעֱשָׁנוּ: אָשִׁירָה לַייָ בְּחַיָּי, אֲזַמְּרָה לֵאלֹהַי בְּעוֹדִי: יֶעֱרַב עָלָיו שִׂיחִי, אָנֹכִי אֶשְׂמַח בַּייָ: יִתַּמּוּ חַטָּאִים מִן הָאָרֶץ וּרְשָׁעִים עוֹד אֵינָם, בָּרְכִי נַפְשִׁי אֶת יְיָ, הַלְלוּיָהּ:

קכ שִׁיר הַמַּעֲלוֹת, אֶל יְיָ בַּצָּרָתָה לִּי קָרָאתִי, וַיַּעֲנֵנִי: יְיָ

## משלי יהודא

(שִׁיר הַמַּעֲלוֹת בַּצָּרָתָה לִי קָרָאתִי וַיַּעֲנֵנִי). מיר זעהן דאס דָוִד הַמֶּלֶךְ האט געזונגען פינפצעהן שִׁיר

## פנינים יקרים

ת"אי פ"אים, ער זאגט מיט גייסט ברכי נפשי את ה׳, דו מיין זעלע, געטליכע מאכטער לויב דעם בעשעפער. וכל קרבי את שם קדשו) אונ מיין גאנצעם אינערליכס, לויבט אונ דאנקט זיין הייליגן נאמען נוס ער הט דם אלס בעשאפן מיט חסד ורחמים מיט גרוים חכמה אונ גבורה. (נורא כאוד) עס איז זעהר פורכטבאר, די גאנצע וואך הט דאך אבר דר מענש נים קיין צייט זיך מתבונן צו זיין אויף דעם מיט ריינע געדאנקען האבען אונזערע קדמונים ז"ל געשטעלט אז ביום שבת קודש איין טאג פון מנוחה זאל יעדר איש ישראל זאגן דעם ברכי נפשי אונ זאל גוט בעמערקן וועט איהם דם זעהר פיעל נוצען צו עבודת השי"ת אונ דער מענש וועלכער ווייסט מעהר חקירה אונ הט מעהר געלערנט וויסענשאפט וועט ער מעהר ערשטיינט ווערען אויף דער חכמת יצירה וואס עס איז דא אין דעם קאפיטעל אויס גערעכענט מיט גרוים פערשטאנד אונ דורך דעם וועט ער קומען צו יראת שמים אונ וועט זיך פערוואונדערן אויף גבורת הבורא יתברך שמו וחכמתו הגדולה אונ וועט בעקומען איין עהרפורכט (מפני הדר ה׳ נהדר גאונו):

## פירוש ע"ט

דעם ים. כֻּלָּם אלע בּרואים פון דר וועלט טהון האפן צו דיר דו זאלסט געבען זייער עסן אין דר צייט. תִּתֵּן דו טהוסט זיי געבען זייער שפייז אז זיי זאלען אויפקלויבן, אז דו עפענסט דיין האנט אונ גיסט זיי פיעל שפייז ווערען זיי געזעט פון אלעם גוטען. תַּסְתִּיר אבר אז דו פר בארגסט דיין פנים פון זיי ווערען זיי דערשראקן, אז זייער אטהום ווערט פארלענגט פר געהן זיי אונ קערן זיך אום צו דר ערד וום זענען בעשאפן געווארן פון איהר. תְּשַׁלַּח אז דו וועקסט שיקען דיין לעבענדיגן אטהעם צו די מתים בשעת תחית המתים וועלן זיי בעשאפן ווערען אונ דו וועסט בעניייען מיט זיי די ערד. יְהִי גאטס כבוד וועט זיין אויף איביג אונ גאט וועט זיך פרייען מיט זיינע ווערק אז עס וועט זיין תחית המתים. הַמַּבִּיט ער טהוט נאר אקוק צו דר ערד ציטערט זי תיכף, ער ריהרט נאר אן אין די בערג ווערן זיי פיל מיט רויך. אָשִׁירָה איך וועל זינגען צו גאט כל זמן איך וועל לעבן אונ וועל זיין אויף דר וועלט. יֶעֱרַב עס זאל געווינט זיין אויף גאט מיין תפלה ער זאל זי מקבל זיין ברצון וועל איך זיך פרייען מיט די הילף פון גאט. יִתַּמּוּ מיין תפלה איז אז די זינד זאלן פארלענגט ווערן פון דר וועלט דאס הייסט אז די מענשן זאלען זיך גובר זיין אויף דעם יצר הרע אונ זאלען נים זינדיגען וועלען שוין ממילא נים זיין קיין רשעים אויף דער וועלט אונ אז עס וועט אזוי זיין וועט מיין לייב לובען גאט אונ איהר אלע לובט אוך גאט דערופ:

שִׁיר הַמַּעֲלוֹת די פופצעהן שיר המעלות הט דוד געזאגט אז די לוים זאלן זיי זאגן אויף די פופצעהן טרעפ וום געהען פון דר עזרה פון די ווייבר צו דר עזרה פון די מאנען אויף איטליכר

הַצִּילָה נַפְשִׁי מִשְּׂפַת שֶׁקֶר, מִלָּשׁוֹן רְמִיָּה: מַה יִּתֵּן לְךָ וּמַה יֹּסִיף לָךְ, לָשׁוֹן רְמִיָּה: חִצֵּי גִבּוֹר שְׁנוּנִים, עִם גַּחֲלֵי רְתָמִים: אוֹיָה לִי כִּי גַרְתִּי מֶשֶׁךְ, שָׁכַנְתִּי עִם אָהֳלֵי קֵדָר: רַבַּת שָׁכְנָה לָּהּ נַפְשִׁי, עִם שׂוֹנֵא שָׁלוֹם: אֲנִי שָׁלוֹם, וְכִי אֲדַבֵּר, הֵמָּה לַמִּלְחָמָה:

### משלי יהודא

המעלות. אויך דיא מעלות (שטאפלען) פון די עזרת נשים צו עזרת ישראל איז געווען פינפצעהן אקעגען דעם האלבען שם של רחמים די י' מיט דיא ה' זייא בעטרעפען אויך פינפצעהן ווען יודען וועלען זוכה זיין צו דעם גאנצען שם של רחמים בימי משיח בן דוד אונ עמלק וועט האבען די מפלה וועלען זיי זיך ריקען מיט נאך פיעל מעלות. בימי דוד המלך האבען זיי זיך ניט געקענט מיין ריקען ווי די מעלות אונ תיכף באלד ביי די ערשטע מעלה הט שון דער היילינגער דוד המלך געזעהן ברוח הקודש אז דם בהמ"ק וועט חרוב ווערן איבער שנאת חנם איבער דעם הט ער געבעטען באלד אין דעם ערשטען שיר המעלות (ה' הצילה נפשי משפת שקר מלשון רמיה):

### משלי ישראל

(משפת שקר מלשון רמיה). די גמרא ערצעהלט איין מעשה איינר הט געהאט א שנור וואס זיא איז געווען איין גרויסע בעלת לשון הרע, זיא הט ליעב געהאט צו מאכען א נטריגען אונ רכילות טרייבען צווישען מאן אונ ווייב, צווי שון ברודר אונ שוועסטער וכדומה אונ עס האט איהר איטער געגאלטען צו מאכען א גט צווישען יונגע פאר פאלק, צו מאכען איין פירוד צווישען שוועסטער אונ ברודר וכדומה אנגעלכין שנגליכקייטען, דם הט דעם שווער זעהר פיעל געקרענקט אונ ער הט איהר אלע טאג געשטראפט זיא זאל די שלעכטע מדות אוועק ווארפען זיא זאל אפהערען צו רעדען רכילות, נאר זיא איז געווען אזוי ווייט פערדארבט אז קיין מוסר האט איהר ניט געהאלפען אונ ווס מעהר דער שווער האט איהר געשטראפט הט זיא אלס מעהר געטריבען רכילות זיא האט אבער געזען אלט פטור ווערען פון שווער ער איז איהר שוין

מיט זיינע שטראף רייד שטארק איבערדריסיג געווארען האט זיא געזאגט צו איהר מאן אז דר שווער רעדט איהר א צו איין עבירה, אונ אוב ער וויל זיך איבערציינגען זאל ער קומען צוא איהר אין צימער ווען זיא ליינט זיך שלאפען וועט ער זעהן אז דם איז ריכטיג ווי זיין פאטר קומט צוא איהר אונ רעדט איהר צו צו איין עבירה אונ קניעט זיך צו איהר געבען איהר בעט, דר מאן הט זיך בעהאלטען אין איין ווינקעל אונ האט ווירקליך געזעהן ווי דר פאטער קניעט זיך פר איהר אונ בעט זיך ביי איהר ליעבע שנור, פאלג מיך ווארום זאלסטו ניט הערען דאס געבעט פון דיין גינציגען שוועהר, דר זוהן איז שרעקליך געווארען אויפגערעגט אונ פון בעס האט ער געכאפט איין האק אונ הט איהם געטויטעט די שופטים האבען חוקר ודורש געווען די זאכע ער האט זיי דערצעהלט די גאנצע געשיכטע וועלכע שטאמט פון זיין פרויא האבען דיא שופטים געריכטעט ביידע צום טויט. דארום זאגען דיא חכמים אז לשון הרע הרגת דריי מענשען אונ דם בעטען מיר ביי השירה (הצילה נפשי) רעטע מיין נפש, (מלשון רמיה), פון פערליימדונג א נ רבלות דאס איך זאל נים רעדען אויף קיינעם אונ נים אנדרין פארגין ח"ו צוא דיא בעגלי לשון הרע אין זייערע גיפטיגע מיילער:

### אהל יעקב

(שיר המעלות מה יתן וגו' לשון רמיה). למשל ארום זיי א גאנצע פערזאמלונג פון מענשען וועלכע צוויי פערדארבענע מענשען האבען זיך געקריגט אין גאס, ביידע זענען געוועזען נידערטרעכטיגע לייט ביידע האבען געטוהן אלע שלעכטע תועבות עס הט זיך צוזאמענגעקליבען האבען געהערט צוויי שענע אוסדריקע איינער רופט דעם צווייטען שלאנג ענטפערט איהם דער צווייטער דו ביסט א גנב זאגט דר ער שטר דו נידערטרעכטיגער יונג

### פירוש ע"ט

טרעפ איין שיר המעלות, אז עס איז מיר געווען ענג האב איך צו גאט געשריען הט ער מיר געענטפערט. יי גאט איך בעט דיך, ניי מיך היינט איך בגיל פון די ליפען וואס האבען פאלשע לעפצען פון די וואס האבען אפאלשע צונג. מה דוד המלך הט געזאגט צו די וואס רעדען לשון הרע גאט הט פארשטעלט דיין צונג מיט צוויי מחיצות מיט די ציין אונ מיט די לעפצען דו זאלסט ניט רעדען קיין לשון הרע וואס זאל ער נאך מוסיף זיין פאר איין שמירה צו דיין צונג. חצי דו ביסט גליך צו שארפע פיילען וואס זענען ביי א גבור אין די הענט וואס ער הרגעט מיט זיי פון ווייטען אונ ביסט גליך מיט די קוילען פון בוקסען בוים האלץ וואס פון אויסוויניג זענען זיי פאר לאשען אונ פון אינעווייניג ברענען זיי, אזוי ביסט דו אויך, פאר לייטען רעדסט דו מיט איהם גוטע רייד אונ אין פארבארגענעש רעדסט דו אויף איהם לשון הרע. אויה דוד המלך הט געזאגט א וויי דעם וואס לשון הרע איז געווען צווישען אונז דערום האב איך געשריען ביי די טאטערן וואס וואוינען אין די געצעלטן. רבת דרום רוהט מיין לייב א לאנגע צייט מיט די וואס האבען פיינט שלום. אני איך רעד מיט מיין מול שלום אז איך רעד צו זיי שלום רעדען זיי זיך מלחמה האלטען מיט מיר:

קכא שִׁיר לַמַּעֲלוֹת, אֶשָּׂא עֵינַי אֶל הֶהָרִים, מֵאַיִן יָבוֹא עֶזְרִי: עֶזְרִי מֵעִם יְיָ, עֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ: אַל יִתֵּן לַמּוֹט רַגְלֶךָ, אַל יָנוּם שֹׁמְרֶךָ: הִנֵּה לֹא יָנוּם וְלֹא יִישָׁן שׁוֹמֵר יִשְׂרָאֵל: יְיָ שֹׁמְרֶךָ, יְיָ צִלְּךָ עַל יַד יְמִינֶךָ: יוֹמָם הַשֶּׁמֶשׁ לֹא יַכֶּכָּה, וְיָרֵחַ בַּלָּיְלָה: יְיָ יִשְׁמָרְךָ מִכָּל רָע, יִשְׁמֹר אֶת נַפְשֶׁךָ: יְיָ יִשְׁמָר צֵאתְךָ וּבוֹאֶךָ, מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם:

קכב שִׁיר הַמַּעֲלוֹת לְדָוִד, שָׂמַחְתִּי בְּאֹמְרִים לִי, בֵּית יְיָ נֵלֵךְ: עֹמְדוֹת הָיוּ רַגְלֵינוּ, בִּשְׁעָרַיִךְ יְרוּשָׁלָיִם: יְרוּשָׁלַיִם הַבְּנוּיָה כְּעִיר שֶׁחֻבְּרָה לָּהּ יַחְדָּו: שֶׁשָּׁם עָלוּ שְׁבָטִים, שִׁבְטֵי יָהּ, עֵדוּת לְיִשְׂרָאֵל,

### משלי ישראל

(אֶשָּׂא עֵינַי וגו׳ מֵאַיִן יָבֹא עֶזְרִי). דר מדרש זאגט, דעם שיר המעלות האט יעקב אבינו געזאגט בעת ער איז ניצול געווארן פון אליפז עשו׳ס זוהן בעת ער האט אים געוואלט הרגנן לויט פיגזאג פון פאטר, אז אליפז האט אים אנ־געזאגט זאגט ער צו איהם איך מוז דיך הרגנן מקיים זיין דעם פאטר׳ס בעפעהל האט יעקב אבינו איהם אוועק געגעבן אלע טהייערע תכשיטים וואס רבקה האט איהם מיט געגעבן פאר רחל אונ אלין וויס ער האט געהאט אונ זאגט צו אליפז׳ן רו ווייסט דאך אז עני חשוב כמת איין ארעמאן איז גליך מיט אין געשטארבענעם אונ איצט אז איך האב דיר אב געגעבן אלעס וואס איך האב געהאט בין איך גליך ווי א געשטארבן קענסט דוא דאך זאגן דיין פאטר אז א ך בין געהרגת אונ עס וועט ניט זיין ליגען, דר נאך פלעגט יעקב

### משלי יהודא

(שִׁיר לַמַּעֲלוֹת אֶשָּׂא עֵינַי אֶל ההרים) דער פשט דרכים טייטשט ההרים דיא בערג מיינט מען דעם הר סיני מיט דעם הר המוריה דוד המלך האט געזעהן ברוח הקודש דס בהמ״ק וועט חרוב ווערן וועלן דאך די יהודען ניט קענען מקריב זיין קרבנות וואס דס ווערט גערופן עבודה איך בעונותינו הרבים לערנן מיר ניט אב צו היטן די תורה אונ מיר געפינן אין פרקי אבות שמעון הצדיק זאגט אוף דריי זאכן שטעהט די וועלט

### אהל יעקב

וָוס טוֹנסטו דו אוף דר וועלט איך האב טאקי גע׳גנבעט, געריבט לייטן וכדומה האב איך וועניגסטענס הנאה געהאט פון דעם, איך האב געלעבט א גוטן טאג מיט מיין ווייב אונ קינדר אונ די בעלי בתים זענען ניט אונ־גליקליך געווארן אבער דו מערדר דו האסט קיין, שום הנאה גיט געהאט פון דר וועלט אונ דו האסט גהרגת

### פירוש ע״ט

שִׁיר הַמַּעֲלוֹת איך הייב אוף מיינע אויגן צו די בערג צו זעהן פון וואנען וועט קומען מיין הילף. עֶזְרִי אבער איך האב ניט קיין הילף פון קיינעם נאר פון גאט וואס האט בעשאפן הימל אונ ערד. אַל דיינע פוס וועט ער ניט לאזן אויסגעגלישט ווערן, גאט דיין היטר טהוט ניט דרעמלען דס הייסט ער טהוט ניט אפ זיין השגחה פון דיר קיין מאל. הִנֵּה גאט דר היטער פון ישראל טהוט קיין מאל ניט דרעמלן אונ ניט שלאפן. יְיָ גאט איז דיין היטר גאט שטעהט ביי דיין רעכטע האנט כגין זיין אוף דיר אזו ווי א שאטן איז מגין פר דר היץ. יוֹמָם ביי טאג וועט די היץ פון דר זון דיך ניט מזיק זיין אונ ביי דר נאכט וועט דיך ניט מזיק זיין די לבנה. יְיָ גאט וועט דיך היטן פון אלעם בייזען אונ וועט היטן דיין לייב. יְיָ גאט וועט דיך היטן אין דיין ארויס־געהן אין וועג אונ אין דיין קומען פון היינט ביז אייביג:

שִׁיר הַמַּעֲלוֹת זיי זאגן אז מען האט מיר גזאגט אז יום־טוב וועט קומען וועלען מיר געהן אין גאטס הויז עוקה רגל זיין האב איך זיך געפרייט. עוֹמְדוֹת מחמת פיעל מענשן וואס זענען געקומען קיין ירושלים אוף יום־טוב האבן מיר געמוזט שטעהן מיט אונזערע פיס א צייט אין די טויערן פון ירושלים ביז מיר זאלן קענען אריין געהן. יְרוּשָׁלַיִם די שטאדט וואס זיא איז שעהן געבויט געווארן אזו ווי א שטאדט וואס אלע בעלי מלאכות האבען זיך מחבר געוועזען בויען זיא מיט שוינקייט. שֶׁשָּׁם וואס דארטן זענען אויפגעגאנגן גאטס שבטים אוף יום־טוב דאס איז געוועזן איין עדות אז די שכינה רוהט אין ירושלים מחמת דעם נס אז אזו אגרויס פאלק האט גקאנט אריין

לְהֹדוֹת לְשֵׁם יְיָ: כִּי שָׁמָּה יָשְׁבוּ כִסְאוֹת לְמִשְׁפָּט, כִּסְאוֹת לְבֵית דָּוִד: שַׁאֲלוּ שְׁלוֹם יְרוּשָׁלָיִם, יִשְׁלָיוּ אֹהֲבָיִךְ: יְהִי שָׁלוֹם בְּחֵילֵךְ, שַׁלְוָה בְּאַרְמְנוֹתָיִךְ: לְמַעַן אַחַי וְרֵעָי, אֲדַבְּרָה נָּא שָׁלוֹם בָּךְ: לְמַעַן בֵּית יְיָ אֱלֹהֵינוּ, אֲבַקְשָׁה טוֹב לָךְ:

קכג שִׁיר הַמַּעֲלוֹת, אֵלֶיךָ נָשָׂאתִי אֶת עֵינַי, הַיֹּשְׁבִי בַּשָּׁמָיִם: הִנֵּה כְעֵינֵי עֲבָדִים אֶל יַד אֲדוֹנֵיהֶם, כְּעֵינֵי שִׁפְחָה אֶל יַד גְּבִרְתָּהּ, כֵּן עֵינֵינוּ אֶל יְיָ אֱלֹהֵינוּ עַד שֶׁיְּחָנֵּנוּ: חָנֵּנוּ יְיָ חָנֵּנוּ, כִּי רַב שָׂבַעְנוּ בוּז: רַבַּת שָׂבְעָה לָּהּ נַפְשֵׁנוּ, הַלַּעַג הַשַּׁאֲנַנִּים, הַבּוּז לִגְאֵי יוֹנִים:

## משלי יהודא

דס זי הט דורך זיי א קיום דורך דעם זכות פון תורה אונ דורך דעם זכות פון עבודה אונ דורך דעם זכות פון גמילות חסדים אבר פריהער איידער די תורה איז געגעבן געווארען צו ישראל איז די וועלט געשטאנען ב"ווים אויף גמילת חסדים אזו ווי דר פסוק זאגט עולם חסד יבנה. אוך געפינן מיר דס דר אייבערשטר הט

## משלי ישראל

אבינו זיך אליין, (מאין יבא עזרי). פון וואנען קאן איצט קומן מיין הילף, פרעגן די מפרשים ווי אזו זאגט דס יעקב אבינו דער געטליכר מאן אזו איין ווארט ווייס ער דען ניט אז השי"ת קאן שיקן איין הילף אונ באמת איז דאך יעקב אבינו צום ענדע סאקע רייך געווארן. וועלן מיר דס פארשטיין מיט איין משל א גביר הט געהאט א נאכלעסיגן זוהן וואס ער הט געלעבט נור פון פאטערס שמיצע. דר גביר הט

זיך בעקלערט וואס וועט זיין דר תכלית מיט זיין זוהן יעדר מענש מוז דאך זיין פאמיליע אליין קענן ערנערן האט ער איהם געמאכט איין געשעפט אונ האט איהם שטרענג אן געזאגט אז פון דעם געשעפט זאל ער זעהן ציהען זיינע לעבנס בעדערפנישן. ווי ווייט מעגליך איז נאר איב דאס געשעפט וועט ניט גוט געהן וועט ער זעהן פאר איהם איין אנדער געשעפט. זיין כונה איז געוועזן אז דר זוהן זאל זוכן אליין צוא פערדינען זיין ב"ווים, מיהי היום געהט דר זוהן אין גאס זאגט צו איהם איינער לויף גיכר דיין קראם ברענט ער האט זיך אבר ניט געמאכט וויסענדר אונ איז זיך געגאנגן לאנגזאם.

## אהל יעקב

פיעל מענשן אין נאנצן היינט דו האסט מלשין געוועזן איף פיעל מענשן בעלי פרנסה רכילות געטריבן אונ דורך דעם קיילע געמאכט זייערע געשעפטן וס דר פון קלעגן זיי לעבן אונ צו ליעב דעם האבן זיי באנקראטירט אונ דו האסט נאר ניט געהאט דר פון ביסט דו גלייך ווי דר שלאנג ער בייסט ער עסט ערד אונ הט קיין שום הנאה ניט דיין זינד איז פיעל גרעסר וויא מיינע ענט־פערט דער צווייטער אמת איך האב געקילעט פיעל

## פירוש ע"ט

אין ירושלים אונ דרום איז ראוי געוועזן צו לויבן גאט. כי אין ירושלים איז ראוי געוועזן אז די שכינה זאל דארטן רוהען ווייל דארטן זענען געזעסן די סנהדרין אויף שטולן אונ האבן געמשפט אונ צו דעם הויז געזונד פון דוד המלך איז דארטן אויך געוועזן שטולן. שאלו אונ דרום זאלט איהר בעטן פון גאט אויף דעם שלום פון ירושלים אונ די ליעב האבר פון דיר ירושלים זאלען שלוה האבן. יהי שלום זאל זיין אין דיינע טויערען, שלוה זאל זיין אין דיינע פאלאצן דס הייסט אז קיין שונא זאל ניט באלעגערן אויף ירושלים. למען דוד המלך זאגט, ניט פון מיינט וועגן אליין בעט איך אז עס זאל זיין שלום נאר פון אלע וואס זענען מיינע פריינד אונ מיינע געזעלן. למען אונ פון וועגן דעם בית המקדש אונזער גאטס הויז וואס וועט אין ירושלים געבויט ווערען דרום בעט איך גוטץ אויף דיר ירושלים:

שיר המעלות צו דיר גאט וואס דו זיצט אין הימל האב איך אויפגעהויבן מיינע אויגן אונ בעט אז דו זאלסט מיר העלפן. הנה אזו ווי די אויגן פון די קנעכט קוקן צו די הענט פון זייערע הערן אז זיי זאלן זיי עפים געבן אונ אזו ווי די אויגן פון דר שפחה קוקען צו די הענט פון די הערענטע אזו קוקן אונזערע אויגן צו גאט ביז ער וועט זיך דערבארעמן אויף אונז. חננו דערבארעם זיך אונזר גאט אויף אונז ווארום מיר זענען געזעט געווארען מיט פיעל בזיונות. רבת אונזערע לייבר זענען פיל געזעט געווארן פון דעם שפעטונג פון די בעלים וואס זענען געזעסען בשלוה אונ פון די בזיונות פון די בעלים וואס האלטן זיך בגאוה אונ האבן אונז מבזה געוועזן:

# מנחה לשבת

קכד שִׁיר הַמַּעֲלוֹת לְדָוִד, לוּלֵי יְיָ שֶׁהָיָה לָנוּ, יֹאמַר נָא יִשְׂרָאֵל: לוּלֵי יְיָ שֶׁהָיָה לָנוּ, בְּקוּם עָלֵינוּ אָדָם: אֲזַי חַיִּים בְּלָעוּנוּ, בַּחֲרוֹת אַפָּם בָּנוּ: אֲזַי הַמַּיִם שְׁטָפוּנוּ, נַחְלָה עָבַר עַל נַפְשֵׁנוּ: אֲזַי עָבַר עַל נַפְשֵׁנוּ, הַמַּיִם הַזֵּידוֹנִים: בָּרוּךְ יְיָ, שֶׁלֹּא נְתָנָנוּ, טֶרֶף לְשִׁנֵּיהֶם: נַפְשֵׁנוּ כְּצִפּוֹר נִמְלְטָה מִפַּח יוֹקְשִׁים, הַפַּח נִשְׁבָּר, וַאֲנַחְנוּ נִמְלָטְנוּ: עֶזְרֵנוּ בְּשֵׁם יְיָ, עֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ:

## משלי ישראל

פרעגט ער ביי איהם יס געהסטו נים ניכער. ענטפערט ער הליאי וואלט אב ביגען די קראם וואלט מיר מיין פאטער אויסהעלפען מיט מיזה מיזנדער אונ געמאכט א נייעם געשעפט. דען כ׳ זן עס ציהט זיך נאך דער צרה׳דיגער געשעפט נים ער מיר נים איי, פרוטער דר נמשל איז השי״ת וואר׳פט נים גער פון הימל נאר אז דר מענש בעמיהט זיך אונ הארעוועט דערפט ער איהם, וויא אין פסוק שטייט (וברכך וגו׳ בכל אשר תעשה) השי״ת וועט דיר געבען הצלחה אין אלעס וואס דו וועסט טהון, דר מענש דארף עוסק זיין בישוב העולם אבער אויף נסים ונפלאות טאר זיך איין מענש נים פערלאזן, נאר אז ביי דעם מענשן ענדיגן זיך די כוחות הטבע אז ער קאן שוין מעהר נים אדר ער הט מעהר נים כח וואס צו ארבעטן דאמאלס ווייזט איהם השי״ת נסים ונפלאות איבר דר נאטור, דארום ווען ער הט אליפזן אלץ אויסגעגעבן אונ עס איז איהם גאר נים געבליבן דאן אז ער הט נים מעהר פון וואנען צו לעבן זאגט ער איצט וועט מיר השי״ת טהון נסים ונפלאות אונ דאס איז די כוונה, (מאין). פון גאר נים (יבוא עזרי) וועט קומען מיין הילף ווייל איך בין דאך געבליבען ארעם אונ נאקעט, (עזרי) מיין הילף וועט קומען (מעם ה׳) פון גאט (עושה שמים וארץ) וועלכר האט בעשאפען הימעל אונ ערד:

## משלי יהודא

געטהון חסד אונ האט מקיים געווען מדת הרחמים בעת ער הט בעשאפן די וועלט. מיר ווייסן אויך פון די הייליגע ספרים דס בעת עס איז דא אין דעם דור א צדיק איז דער צדיק מגין אויף דעם דור זאגט דס דוד המלך שיר למעלות דר שיר איז געזאגט געווארן וועגן די צדיקים וועלכר דר אייבערשטר איז אנגעבנייט פר זיי צו מאכן מעלות לעתיד לבא ווייל מיט זייער זכות האבן זייא דערהאלטן די וועלט. אונ בזכות הצדקה וואס מען איז גומל חסד איינער מיט דעם צווייטן איז דר אייבערשטר מיט אונז אויך גומל חסד דס דר זכות פון דעם צדיק איז אויף אונז מגין אשא עיני אל ההרים איך הייב אויף מיינע אויגן צו דעם בארג סיני וואס דארט איז געגעבן געווארן די תורה אונ איך זעה דס עס איז ניט דא קיין תורה, איך הייב אויף מיינע אויגן צו דעם בארג המוריה וואס דארט איז געשטאנען דס בהמ״ק אונ איך זעה אז דס בהמ״ק איז אויך חרוב דס עס איז ניט דא דר זכות עבודה פון די קרבנות זאג איך מאין יבוא עזרי פון וואנען וועט קומען מיין הילף מיט וועלכען זכות וועל איך קענען האבן א קיום שטארק איך מיך נאר מיט דעם גראנק עזרי מעם ה׳ עושה שמים וארץ. דס מיין הילף וועט זיין איך וועל האבען דערווייל א קיום מיט חסד ורחמים אזו ווי בעת דר אייבערשטר הט בשאפן הימל אונ ערד איידר די תורה איז געגעבן געווארן איז דיא וועלט געשטאנען בלווים מיט דעם זכות פון חסד:

## אהל יעקב

משפחות אבר מיר קאן מען גאר נים טהון אין תפיסה זעצט מען נים פאר דעם אונ מיר האלט מען פאר א שעהנעם מאן אבר דו רויבר דו ביסט ראך געזעסן אין תפיסה אונ דיר נייסן אלע וואס פר א מענש דו ביסט.

דר נמשל איז, דר פסוק זאגט אויף דעם גרויסן בעל לשון הרע. (מה יתן לך ומה יוסיף לך לשון רמיה). דו בעטריגר אונ פערליימדר וואס פר אנוצען וואס פאר א פערגעניגן גיט דיר די מלשינות דו האסט קיין הנאה

## פירוש ע״ט

שיר המעלות די ישראל האבן געזאגט אין די צייט פון המן אז גאט וואלט מיט אונז ניט געווען אין דר צייט אז א מענש איז אויף געשטאנען אויף אונז. אזי וואלטן זיי אונז לעבענדיגערהייט איין געשלונגן אין דר צייט אז זייער צארן גרימט אויף אונז. אזי אונ די וואסער דס מיינט מען די בבלים וואלטן אונז געווען פארפלייצט אונ אזו ווי א טייך וואסער וואלט געווען איבר געפאהרן אויף אונזער לייב, אזי אונ אויף אונזער לייב וואלט געוועזן איבר געפאהרן די מוטהוויליגע וואסער. ברוך אבר געלויבט איז גאט וואס ער הט אונז ניט געגעבן אז מיר זאלן זיין א פארצוקונג צו זייערע ציין. נפשנו אונזערע לייבר זענען אנטרונען געווארן אזו ווי א פויגעל ווערט אנטרונען פון דר שטרויכלענדיגע נעץ, די נעץ איז צעבראכן געווארן אונ מיר זענען אנטרונען געווארן. עזרנו אונזער הילף קומט אז מיר דערמאנען גאטס נאמען וואס הט בעשאפן הימל אונ ערד:

קכה שִׁיר הַמַּעֲלוֹת, הַבֹּטְחִים בַּיָי, כְּהַר צִיּוֹן לֹא יִמּוֹט, לְעוֹלָם
יֵשֵׁב: יְרוּשָׁלַיִם הָרִים סָבִיב לָהּ, וַיָי סָבִיב לְעַמּוֹ, מֵעַתָּה וְעַד
עוֹלָם: כִּי לֹא יָנוּחַ שֵׁבֶט הָרֶשַׁע עַל גּוֹרַל הַצַּדִּיקִים, לְמַעַן לֹא
יִשְׁלְחוּ הַצַּדִּיקִים בְּעַוְלָתָה יְדֵיהֶם: הֵיטִיבָה יָי לַטּוֹבִים, וְלִישָׁרִים
בְּלִבּוֹתָם: וְהַמַּטִּים עֲקַלְקַלּוֹתָם, יוֹלִיכֵם יָי אֶת פֹּעֲלֵי הָאָוֶן,
שָׁלוֹם עַל יִשְׂרָאֵל:

קכו שִׁיר הַמַּעֲלוֹת, בְּשׁוּב יָי אֶת שִׁיבַת צִיּוֹן, הָיִינוּ כְּחֹלְמִים:
אָז יִמָּלֵא שְׂחוֹק פִּינוּ, וּלְשׁוֹנֵנוּ רִנָּה, אָז יֹאמְרוּ בַגּוֹיִם, הִגְדִּיל יָי
לַעֲשׂוֹת עִם אֵלֶּה: הִגְדִּיל יָי לַעֲשׂוֹת עִמָּנוּ, הָיִינוּ שְׂמֵחִים: שׁוּבָה
יָי אֶת שְׁבוּתֵנוּ, כַּאֲפִיקִים בַּנֶּגֶב: הַזֹּרְעִים בְּדִמְעָה, בְּרִנָּה יִקְצֹרוּ:

### משלי יהודא

(שִׁיר הַמַּעֲלוֹת בְּשׁוּב ה' אֶת שִׁיבַת צִיּוֹן). אין דעם מִזְמוֹר הָט אונז דֶר הייליגער דָוִד הַמֶּלֶךְ גֶעלֶערְנְט דָאס בְּעֵת וֶוען יוּדְען זֶענֶען חָלִילָה בְּצַעַר זָאל זייער נוייגען (בְּשׁוּב ה' אֶת שִׁיבַת צִיּוֹן) אַז השי"ת וֶועט צוּרִיק קֶערֶען דִיא יִשְׂרָאֵל פוּן גָלוּת בָּבֶל אִין יְרוּשָׁלַיִם, (הָיִינוּ כְּחוֹלְמִים)

### מעשה גדולים

(בְּשׁוּב ה' וגו' הָיִינוּ כְּחוֹלְמִים). דִי גְמָרָא דֶערְצֵיילְט אַ מַעֲשֶׂה אַז חוֹנִי הַמְעַגֵּל אֵיינֶר פוּן דִי גְרֶעסְטֶע חֲכָמִים אוּנ צַדִּיקִים אִין דֶעם דוֹר פוּן חוּרְבַּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ הָאט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעוואוּנְדֶערְט אוּנ מְצַטֵּעַר גֶעוֶוען אוֹיף דֶעם פָּסוּק

### אהל יעקב

נִיט בְּעוֹלָם הַזֶּה וִוי דֶר שְׁלַאנְג אוּנ בְּעוֹלָם הַבָּא וֶועסְט דוּ גֶעהְן אִין כַּף הַקֶּלַע, דֶער גֵיהִנָּם וֶועט דִיר נִיט קָלֶעקְן, דֶער גַנָב קָאן דָאךְ טְהוּן תְּשׁוּבָה אוּנ אַוֶועק גֶעבֶּען דִיא גְנֵבָה אָבֶּער דוּא הָאסְט גֶעקוֹילֶעט פִיעל מִשְׁפָּחוֹת מִיט דַיינֶע וֶוערְטֶער אוּנ פַאר רִיכְטֶען קָאנְסְט דוּ נִיט אַזוֹי וִוי דִי חֲכָמִים זָאגֶען שֶׁמְּלַשִּׁין כַּאן וְהוֹרֵג בְּאַסְפַּמְיָא דָא אִיז עֶר מַלְשִׁין אוּנ הַרְגֶּ'ת אִין נוייטֶע מְדִינוֹת:

### פירוש ע"ט

שִׁיר הַמַּעֲלוֹת דִי וָוס הָאבֶּן אַ בִּטָּחוֹן אוֹיף גָאט וֶועלֶען זֵיי זַיין אַזוֹ וִוי דֶער בַּארְג צִיּוֹן וָוס עֶר וֶוערְט נִיט אוֹיס גֶעגְלִיטְשְׁט אוּנ אוֹיף אֵייבִּיג וֶועט עֶר זַיין אוֹיף זַיין אָרְט. יְרוּשָׁלַיִם אַזוֹ וִוי דִי בֶּערְג רִינְגְלֶען אַרוּם דִי שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם אַזוֹ רִינְגֶעלְט אַרוּם גָאט זַיין פָאלְק וָוס הָאבֶּן אַ בִּטָּחוֹן אוֹיף אִיהם פוּן הַיינְט בִּיז אֵייבִּיג. כִּי עֶס וֶועט נִיט רוּהֶען דָם גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט פוּן דִי רְשָׁעִים אוֹיף דֶער נַחֲלָה פוּן דִי צַדִּיקִים כְּדֵי אַז דִי צַדִּיקִים זָאלֶען נִיט אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶן זֵייעֶרֶע הֶענְט צוּ טְהוּן עַוְלוֹת אַזוֹ וִוי דִי רְשָׁעִים טְהוּן וַוייל זֵיי זֶעהֶען אַז דִי רְשָׁעִים גֶעוֶועלְטִיגֶען. הֵטִיבָה גָאט זָאל בֶּעגִיטִיגֶען צוּ דִי גוּטֶע אוּנ צוּ דִי וָוס זֶענֶען רֶעכְטְפַארְטִיג אִין זֵייעֶר הַארְצֶען. וְהַמַּטִּים אָבֶּער דִי וָוס נֵייגֶען זִיךְ צוּ גֶעהְן אִין פַארְקְרִימְטֶע וֶועגֶען וֶועט זֵיי גָאט פִירֶען מִיט דִי וָוס ווירְקֶען אוּם רֶעכְט צוּ מַאכֶען פַארְלִירֶען זֵיי פוּן דֶער וֶועלְט אוּנ דֶענְסְט מָאל וֶועט זַיין שָׁלוֹם אוֹיף דִיא יִשְׂרָאֵל:

שִׁיר הַמַּעֲלוֹת אַז גָאט וֶועט אוּם קֶערֶען פוּן דֶעם גָלוּת בָּבֶל דִי גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן דֶער שְׁטָאט צִיּוֹן וֶועלֶען זֵיי זָאגֶן אַלֶע צָרוֹת וָוס מִיר הָאבֶּן גֶעהַאט אִין גָלוּת בָּבֶל אִיז נָאר גִיוֶועזֶן וִוי אַ חָלוֹם מַחֲמַת פִיל טוֹבוֹת וָוס זֵיי וֶועלֶען הָאבֶּן וֶועלֶען זֵיי גָאר פַארְגֶעסֶען אָן דִי צָרוֹת וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעהַאט. אָז דֶענְסְטְמָאל וֶועט אוּנְזֶער מוֹל דֶער פוּלְט וֶוערֶען מִיט פְרֵייד. אוּנְזֶער צוּנְג מִיט גֶעזַאנְג, דֶענְסְטְמָאל וֶועט מֶען זָאגֶן צְווִישֶׁן דִי פֶעלְקֶער אַז דִי גְרוֹסֶע טוֹבוֹת וָואס אִיז גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶן צוּ דִי יוּדְן הָט גָאט גֶעטְהוּן. הִגְדִּיל אוּנ דִי יוּדֶען וֶועלֶען זָאגֶן אֱמֶת אַז גָאט הָט מִיט אוּנְז גֶעטְהוּן גְרוֹסֶע נִסִּים אוּנ מַחֲמַת דֶעם בִּטָּחוֹן וָוס מִיר הָאבֶּען גֶעהַאט אוֹיף גָאט הָאבֶּען מִיר זִיךְ גֶעפְרֵייט. שׁוּבָה דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אִין גָלוּת בָּבֶל קֶעהְר אוּם אוּנְזֶערֶע גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן גָלוּת וֶועלֶען מִיר גְלַייךְ זַיין צוּ דִי בֶּעך וַואסֶר וָוס גֶעהֶען מִיט כֹּחַ אוֹיף טְרוּקֶענֶע עֶרְד. הַזּוֹרְעִים דִי וָואס הָאבֶּן גֶעזֵייט אוֹיף דֶעם טְרוּקֶן אָרְט מִיט טְרֶערֶן מַחֲמַת זֵיי הָאבֶּן גֶעבְּרַאכְט טָאמֶער

הָלוֹךְ יֵלֵךְ וּבָכֹה, נֹשֵׂא מֶשֶׁךְ הַזָּרַע, בֹּא יָבֹא בְרִנָּה נֹשֵׂא אֲלֻמֹּתָיו׃

קכז שִׁיר הַמַּעֲלוֹת לִשְׁלֹמֹה, אִם יְיָ לֹא יִבְנֶה בַיִת, שָׁוְא עָמְלוּ בוֹנָיו בּוֹ. אִם יְיָ לֹא יִשְׁמָר עִיר, שָׁוְא שָׁקַד שׁוֹמֵר׃ שָׁוְא לָכֶם מַשְׁכִּימֵי קוּם, מְאַחֲרֵי שֶׁבֶת, אֹכְלֵי לֶחֶם הָעֲצָבִים, כֵּן יִתֵּן לִידִידוֹ שֵׁנָא׃ הִנֵּה נַחֲלַת יְיָ בָּנִים, שָׂכָר פְּרִי הַבָּטֶן׃ כְּחִצִּים בְּיַד גִּבּוֹר,

### מעשה גדולים

וועם אונז אויסוויזען אז די זיבעציג יאהר איז נאר ווי איין חלום. האט ער געפרעגט ווי קאן דאס זיין אז זיבעציג יאהר זאל אויסזעהן ווי איין שלאף כים חלומות, ווי ער האט געהאלטען אז דאס איז איין חלום אדר נאר איין משל איז ער ארום ארום ירושלים און זעהט אז איין אלטער מאן פלאנצט איין סארט בוים וואס טראגט אין זיבעציג יאהר ארום וועט ארויס וואקסן די ערשטע פרוכט פון איהם, זאגט חוני המעגל צו איהם דו ביסט דאך שוין זעהר אלט האפסטו דען נאך צו עסן די פרוכט פון דעם בוים דיין מיהע אז

דאך אומזיסט, ענטפערט דער אלטער מאן בעת איך בין געקומען אויף דער וועלט איז זיא דען געוועזן איין וויסטע מיינע עלטערן האבן געפלאנצט בעת פאר מיר אזוי פלאנץ איך פאר מיינע קינדר, דערווייל האט זיך חוני המעגל גע זעצט עסן איז איהם ארויף געפאלן איין שטארקער שלאף איין שטיין האט איהם פערדעקט און איז געלעגן וויא אין איין משערה זיבעציג יאהר, דערנאך ווא ער איז אויפגעשטאנען זעהט ער ווי איינער עסט פון די פירות פון יענעם בוים וואס דר אלטער מאן האט געפלאנצט, פרעגט ביי איהם חוני המעגל ווער ביסט דו ווער עס האט געפלאנצט דעם בוים, ענטפערט דר

### משלי יהודא

אונ בעטען זיין צום מיינסטען אויף גלות השכינה דאס כביכול איז אויך דערנסטמא' בצער אזוי ווי עס שטייט בכל צרתם לו צר אונ בעת די יודן וועלן געהאלפען ווערען זאל זייער עיקר שמחה זיין ווייל דעם וואס עס איז געהייליגט געווארן אונ עס איז געגרייסט געווארן דעם אייבערשטענס שם מיט דעם אייבערשטענס כבוד זאגט ער (בשוב ה׳ את שיבת ציון) בעת ווען יודען וועלן געהאלפן ווערען אויב וואול דאס מיר וועלן דאך

### פירוש ע״ט

וועט דארטען ניט וואקסן קיין תבואה אבער אז די וואסר איז געקומען אויף דעם טרוקן ארט אונ עס האט געוואקסן תבואה האבן זיי געשניטן מיט געזאנג. הלוך בשעת אז ער האט געפיהרט די תבואה זייהען איז ער געגאנגען אונ האט געוויינט אבער נאך דעם אז דאס וואסר איז אנגעקומען אויף דעם ארט אונ עס האט געוואקסן תבואה האט ער געטראגען די גארבען פון דעם פעלד אהיים מיט געזאנג׃

שיר המעלות דאס האט דוד המלך געזאגט אויף זיין זוהן שלמה ווארום ער האט געזעהן ברוח הקודש בשעת שלמה וועט בויען דעם בית המקדש וועט ער נעמען די טאכטער פון פרעה פר א ווייב האט ער געזאגט עס וועט ניט זיין גאט לרצון דאס געבוי פון דעם בית המקדש איבר דיינע ניט גוטע מעשים האבן זיך די בעלי מלאכות אומזוסט געמיהט איבר דעם געבוי ווארום עס וועט קיין קיום ניט האבן אז גאט וועט ניט היטען די שטאט ירושלים מחמת דיינע מעשים האט זיך אומזוסט דר היטר געשטארקט צו היטען די שטאט ווארום זי וועט בנראי חרוב ווערען. שוא אונ צו אייך מענשען איז אויך אומזוסט אייער טרחה וואס איר פערדערט זיך אופשטעהען צו דר מלאכה אונ זיצט שפעט אונ עסט דאס ברוט וואס קומט אן מיט טרויעריקייט אונ שווערע ארבייט אזו גיבט גאט דאס בערבארמפענש אן יגיעות דעם וואס פארוואגעלט זיין שלאף אונ איז עוסק אין תורה. הנה אונ אוב די מענשען זיינען עוסק במלאכה פון עשירות וועגן כדי אז זייא זאלן מאכן ירשינען זייערע קינדר איז דאס איך נישט ווארום די קינדר זעגען דאך גאטס ארב א. אז גאט וועט אים ניט וועלן געבן קיין קינדר וועמען וועט ער מאכן ירשינען אונ קינדר וואס זיי ווערען אנגערופן פרי הבטן קומען נאר מחמת שכר פון מעשים טובים וואס דר מענש טהוט. כחצים אזוי ווי מיט די פיילן וואס דר גבור שיסט מיט זיין האנט איז דאס דאך ידוע אז ניט די פיילן הרגענען נאר דר גבור וואס שיסט מיט זיי דער הרגעט אזו זעגען אויך די קינדר וואס דער פאטר איז זיי מדריך אין דר יוגענד האטשע די קינדר טהון מעשים טובים האט פארט דער

כֵּן בְּנֵי הַנְּעוּרִים: אַשְׁרֵי הַגֶּבֶר, אֲשֶׁר מִלֵּא אֶת אַשְׁפָּתוֹ מֵהֶם, לֹא יֵבֹשׁוּ, כִּי יְדַבְּרוּ אֶת אוֹיְבִים בַּשָּׁעַר:

קכח שִׁיר הַמַּעֲלוֹת, אַשְׁרֵי כָּל יְרֵא יְיָ, הַהֹלֵךְ בִּדְרָכָיו: יְגִיעַ כַּפֶּיךָ כִּי תֹאכֵל, אַשְׁרֶיךָ וְטוֹב לָךְ: אֶשְׁתְּךָ כְּגֶפֶן פֹּרִיָּה, בְּיַרְכְּתֵי בֵיתֶךָ, בָּנֶיךָ כִּשְׁתִלֵי זֵיתִים, סָבִיב לְשֻׁלְחָנֶךָ: הִנֵּה כִי כֵן יְבֹרַךְ גָּבֶר, יְרֵא יְיָ: יְבָרֶכְךָ יְיָ מִצִּיּוֹן, וּרְאֵה בְּטוּב יְרוּשָׁלָיִם, כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ: וּרְאֵה בָנִים לְבָנֶיךָ, שָׁלוֹם עַל יִשְׂרָאֵל:

קכט שִׁיר הַמַּעֲלוֹת, רַבַּת צְרָרוּנִי מִנְּעוּרָי, יֹאמַר נָא יִשְׂרָאֵל:

## משלי יהודא

האבען שמחה נאר די שמחה ווענגען אונז דארף זיין (היינו כחלמים) אזוי ווי איינער דערוועהט א טייערע זאך אין חלום עס דאכט זיך איהם ער איז גליקליך געווארען אונ הט בעת דעם חלום שמחה ווען כם די שמחה הייסט נים במילואו. נאר אבר ואז ימלא שחוק פינו) אויף דעם וועט זיין אונזער שמחה בשלימות ובמילואו דורך דעם וואס (אז יאמרו בגוים הגדיל ה'

## מעשה גדולים

מענש מיין פאטערס פאטער, זאגט חוני המעגל איצט ווייס איך אז איך האב געשלאפן זיבעציג יאהר. איצט שיין איך שוין דר פסוק. אין דעם וועהט ער אז זיין א יועל וום ער פלעגט אוף איהם רייטען ווייזז ניטא אונ עס שטעהט נגבגן איהם יונגע אייזלען הט ער אויפריכטיג פארשטאנען אז ער הט זיבעציג יאהר געשלאפן געהט ער צו הויז פרעגט ער וואו איז חוני המעגל, זאגט מען איהם ער איז שון לאנג ניטא מען ווייס ניט וואו ער איז אהין געקומען נאר זיין אייניקל איז דא, זאגט ער צו זיי איך בין דם זעלבסט חוני המעגל האב זייא איהם נים געגלייבט, איז ער אוועק אין בית המדרש לערנען תורה הערט ער ווי דיא רבנים פון דר ישיבה לערנען אין מיעפע הלכה, ווי זיי האבן אבגעלערנט זאגן די תלמידי

## משל ומליצה

(רבת צררוני מנעורי). למשל איינר איז געגאנגען אונ פערבראכען געגען די רעגירונג געזעטצע, דר שופט הט בעשלאסן זיין פארברעכען אונ הט געהייסן איהם בעשטראפן מיט פערציג קלעפ נאטירליך הט מען די שטראף מקיים געווען. ביי דעם לעצטען קלאפ לויפט אונטער איינער אין שונא אונ ליינט איהם צו נאך פערציג קלעפ הט ער זיך דארויבער בעקלאגט ביים שופט, דער שופט הט דעם שונא באלד גערופן אונ געפרעגט ווי אזוי ערלויבט ער זיך איהם צו שלאגן, ענטפערט ער איך וועל דיר זאגן דעם אמת אז איך האב איהם פיינד תכלית שנאה ווייל ער איז איין יוד נים מיין גלויבען, איך וואלט איהם וועלן אלע מאל שלאגן נאר עס איז דאך נים ערלויבט איצט אז דו ליבער שופט

## פירוש ע"ט

פאטער שכר דר פר. אשרי וואהל דעם מענשן וום ער הט דערפולט זיין פוטער פאס פון זיי דם הייסט וום ער הט פיל קינדר וום געהן אין רעכט פארטיגן וועג זייא וועלן ניט פאר שעמט ווערן אז זיי וועלן זיך מפלפל זיין מיט די לומדים וואס קריגן מיט זייא אין עסק פון חכמת התורה אין דעם טויער וואו די לומדים מיט די שיפוטים זיצען:

שיר המעלות וואל צו אלע וואס האבן מורא פר גאט עובר צו זיין אוף לא תעשה אונ געהען אין גאטס וועג מקיים זיין די מצות עשה. יגיע אז די וועלטליכן נאר וום די פארדינסט מיט דיינע הענט אונ וועסט ניט ווילען קיין הנאה האבן פון אנדערע וועט דיר וואל אונ גוט זיין. אשתך דיין ווייב וועט זיין גלייך צו א ווייןשטאק וום שטעהט נאהענט פון דיין שטוב אונ ביסט תמיד אויף איהם משגיח וואקסט דאך אויף איהם גוטע פירות אזו וועט דיין ווייב האבן גוטע קינדר: ונ דיינע קינדר וועלן זיין אין זייער געשטאלט אזו ווי די צווייגן פון איין אייל בוים אונ וועלן תמיד זיצען ארום דיין טיש. הנה מיט אזעלכע ברכות ווערט געבענשט נאר דר וום הט מורא פר גאט. יברכך וואהרום גאט וועט דיך בענטשן פון דר שטאדט ציון אונ וועסט זעהען אין דעם גוטס פון ירושלים אלע טעג פון דיין לעבען. וראה אונ וועסט זעהען אז דיינע קינדר וועלן האבן קינדר אונ וועסט זעהען דעם שלום וום יודען וועלן האבן:

שיר המעלות פיעל בעליידיגער זענן אוף מיר אופגעשטאנען פון דר יוגנד אן. רבת תאטשע פיעל בעליידיגער האב איך געהאט פון דר יוגענד אן האבען זיי מיך ניט געקענט ביי קומן.

רבת צררוני מנעורי, גם לא יכלו לי: על גבי חרשו חורשים, האריכו למעניתם: יי צדיק, קצץ עבות רשעים: יבשו ויסגו אחור, כל שנאי ציון: יהיו כחציר גגות, שקדמת שלף יבש: שלא מלא כפו קוצר, וחצנו מעמר: ולא אמרו העברים, ברכת יי אליכם, ברכנו אתכם בשם יי:

### מעשה גדולים

חכמים, רבותי, איצט האבן מיר אבגעלערנט דיא הלכה װעהר קלאר זיא שינט אונז איצט פונקט װי אין דר צייט פון חוני המעגל, פרעגן די איבריגע ישיבה לייט װאס איז דס, גלייך אז מען האט געזאגט ער איז ערשט איצט גיקומען, װי אז דא אין בית המדרש איז מיט זעכציג יאהר צוריק געװעזן אגרויסער תנא חוני המעגל אונ װי ער פלעגט נאר אריין קומען אין בית המדרש האט ער איהם פערלויכטן מיט זיין תורה אונ יעדער תלמיד חכם װאס האט איהם נאר געפרעגט איין קשיא האט ער איהם גלייך פערענטפערט אונ קלאר געמאכט, װי ער האט דס געהערט זאגט ער איך בין דס זעלבסט חוני המעגל, האבן איהם די ישיבה לייט ניט געגלויבט אונ האבן איהם קיין כבוד ניט געגעבן האט ער דערפון גרױס צער געהאט אונ זאגט רבש״ע אזוי איין לעבן וויל איך ניט אזוי האט ער מתפלל געװעזן אז ער זאל שטארבן ער זאל שוין האבן נחת רוח בעולם הבא אונ אזוי איז געשעהן ונפטר תחיית המתים, אויף דעם זאגט דיא גמרא אי חברא אי מיתותא דאייב אונ אז דער מענש האט איין פרייען חבר וויא איוב האט געהאט פר װעמען מען קאן אויסגיסן דס הארץ איז גוט, ואי לאו מיתותא אונ אויב ניט איז גלייכער דער טויט, ווי חוני המעגל אז ער האט געזעהן אז ער האט שוין ניט קיין חבר האט ער געבעטן אז ער וויל שוין ניט לעבען:

### משלי יהודא

לעשות עם אלה) װאס עס װעט געגרייסט װערן דעם אייבערשטענס שם אונ אויף דעם גליקליכקייט װאס (הגדיל ה׳ לעשות עמנו) װאס דר אייבערשטער האט מיט אונז געטהון (היינו שמחים) װעלען מיר פיש זיין פרייליך אבער די שמחה במילואו װעט זיין אויף דעם קידוש השם במהרה בימינו אמן:

### משל ומליצה

האסט איהם געהייסן בעשטראפן האב איך זיך אוך ערלויבט איהם צו צולייגן נאך פערציג קלעפ זאגט דער שופט איך האב איהם געהייסן בעשטראפן ניט װייל ער איז איין יהודי נאר װייל ער האט פערבראכן געגען די געזעצע, דו אבער האסט געװיזען אז דו ביסט איהם איין שונא אומזאנסט נור װייל ער איז איין יוד דארום מוז מען דיך שטרענג בעשטראפן אונ האט געהייסען דיא שומרים איהם בעשטראפען מיט הונדערט קלעפ דר נמשל איז דער (שיר המעלות) געהט אויף דעם ערשטען גלות װאס מיר האבן געהאט אין מצרים אונ בעת פרעה האט גוזר געװעזן אז מען זאל יעדעס קינדער זכרים װארפן אין טייך האבן זייערע מוטערס זיי בעהאלטען אין די פעלדער ווי דער פסוק זאגט דא (על גבי חרשו חורשים) אויף מיין רוקען האבען די מצרים געאקערט נאר השי״ת ברחמיו האט זיי געלאזן לעבן מיט גרויסע נסים ונפלאות ווי דיא חכמים דערצעהלען אין מדרשים, די מצרים האבען געוואוסט אז השי״ת האט אויף די ישראל גוזר געװעזן אז זיי זאלן זיין פיער הונדערט יאהר גרים, איז דאך נאר גרים אונ זיי האבן צוגעלייגט זייער מעהרייא נאך פיעל מעהר, זיי האבען זיי געװאלט פון דער װעלט אומברענגען נאר װייל זיי זענען יודען האט השי״ת דער שופט צדק מיט זיי זיך גוט אבגערעכענט, אונ דס איז די כונה (רבת צררוני מנעורי) מייניגע שונאים האבן מיך שטארק בעליידיגט נאך פון מיין יוגענד אן דס הייסט װען איך בין נאך געװעזן איין יונג פאלק אין מצרים. (יאמר נא ישראל) די גאנצע שנאה אונ די בעלײדיגונג איז געװעזן װייל די יודען האבן זיך בערימט מיט דעם נאמען ישראל. (ה׳ צדיק קצץ עבות רשעים). השי״ת האט אבער אב געהאקט די שװערע שטריק דעם יאך פון די מצרים די רשעים, ער האט זיא שטרענג בעשטראפט כמדה אזוי פערהאפען מיר (יבשו וגו׳) אזוי װעלען זיך אט ירצה השם שעמען אלע פיינדע פון ציון אונ ישראל, װאס זענען רודף אונ האבען פיינט דאס פאלק פון ציון:

### פירוש ע״ט

על גבי די װאס אקערין די ערד האבען אויף מיין רוקען געאקערט אונ דעם שנור פון דעם אקער האבן זיי לאנג געצויגן דס הייסט זיי האבן אונז מיר מכביד געװעזן. יי אבער גאט דער צדיק האט צעשניטן די שטריק פון די רשעים װאס זיי האבן מיך געבונדען מיט זיי. יבושו אלע װאס האבען פיינט די שטאדט ציון אז זיי װעלען זעהען מיין ישועה װעלען זיי זיך פארקערן אהינטער מחמת בושה. יהיו אונ װעלען זיין אזוי ווי דס גראז װאס װאקסט אויף די דעכער אז איידער מען רייסט דס אוס װערט דאס פארדארט מחמת היץ פון דר זון. שלא אונ דער שניטער האט ניט דערפולט זיין האנט פון זיי אונ זיין עק קלייד האט ער ניט דערפולט פון די גארבען װארום מען האט דס גאר ניט געשניטן. ולא אונ די װאס פארן אין װעג האבען ניט געזאגט צו די שניטער אז גאטס ברכה זאל זיין צו אייך מיר בענטשן אייך מיט גאטס נאמען װארום עס איז קיין שניטער דארטן ניט געװען

קל שִׁיר הַמַּעֲלוֹת, מִמַּעֲמַקִּים קְרָאתִיךָ יְיָ: אֲדֹנָי שִׁמְעָה בְקוֹלִי, תִּהְיֶינָה אָזְנֶיךָ קַשֻּׁבוֹת לְקוֹל תַּחֲנוּנָי: אִם עֲוֹנוֹת תִּשְׁמָר יָהּ, אֲדֹנָי מִי יַעֲמֹד: כִּי עִמְּךָ הַסְּלִיחָה, לְמַעַן תִּוָּרֵא: קִוִּיתִי יְיָ קִוְּתָה נַפְשִׁי, וְלִדְבָרוֹ הוֹחָלְתִּי: נַפְשִׁי לַאדֹנָי, מִשֹּׁמְרִים לַבֹּקֶר, שֹׁמְרִים לַבֹּקֶר: יַחֵל יִשְׂרָאֵל אֶל יְיָ, כִּי עִם יְיָ הַחֶסֶד, וְהַרְבֵּה עִמּוֹ פְדוּת: וְהוּא יִפְדֶּה אֶת יִשְׂרָאֵל, מִכֹּל עֲוֹנוֹתָיו:

קלא שִׁיר הַמַּעֲלוֹת לְדָוִד, יְיָ לֹא גָבַהּ לִבִּי, וְלֹא רָמוּ עֵינַי, וְלֹא הִלַּכְתִּי בִּגְדֹלוֹת וּבְנִפְלָאוֹת מִמֶּנִּי: אִם לֹא שִׁוִּיתִי וְדוֹמַמְתִּי נַפְשִׁי, כְּגָמֻל עֲלֵי אִמּוֹ, כַּגָּמֻל עָלַי נַפְשִׁי: יַחֵל יִשְׂרָאֵל אֶל יְיָ, מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם:

### משלי יעקב

(שיר המעלות ממעמקים). למשל א ארימאן האט נושא חן געוועזן ביי איין עושר דס ער איז געווארן ביי דעם עושר א שטוב מענש אונ פלעגט האבן פון דעם עושר די גאנצע פרנסה מיט אמאל האט זיך דעם ארימאן פארגלוסט אונ האט צו גנבת פון עושר א מלבוש דר עושר איז בייז געווארן אונ האט איהם ארויסגעטריבן פון שטוב מיט דעם גנבישן מלבוש דר ארימאן איז ארום געגאנגן אין גרויסע צרות ער האט ניט געהאט קיין מזון סעודה אחת ער האט זיך אבר געשעמט דעם עושר צו קומן אין פנים בפרט נאך צו איהם אין שטוב האט זיך דר ארימאן מיישב געוועזן אב צו פאהרן ראס ארט ווי

### משלי ישראל

(הי' שמעה בקולי. למשל איין גרוסר גביר איז אמאל אראפ געפאהרען אין זיין געבורטס שטאדט, איין קליין שטעדטל, צו זעהן זיך מיט זיין פאמיליע אונ גוטע פריינד האט ער זיך דערוואוסט אז עס איז דא זעהר פיעל ארעמע קרובים אונ געבן יעדן וואס איהם פעהלט איז ער נים אום שטאנד, האט ער געבעטן אז יעדער ארעמער קרוב זאל איהם זאגן דס נייטיגסטע וואס איהם פעהלט, נים מעהר וועט ער איהם אויסהעלפן, יעדער האט זיך איין עצה געהאלטען מיט זיין תויז געזונד וואס איהם איז מעהר נייטיג אונ דער גביר האט זיי אויסגעהאלפן, צווישן די קרובים איז געוועזן איינר איין גרויסר אביון אונ דער צו נאך איין חולה מסוכן אויך אונ האט נים געוואוסט וואס צו בעטן, אוב שטימצע אום צו קורירען זיך אדער צו פארבעסערען זיין ארעמען שטאנד, ער האט זיך געשטעלט ביים טיר אונ האט גאר ניט גערעדט גאר געוויינט, פרעגט בייא איהם דער גביר וואס איז דיין בקשה ענטפערט ער מיין ארעמקייט איז זעהר גרויס אונ מיין

### פירוש ע"ט

שיר המעלות פון טיפעניש האב איך דיך גאט גערופן. אדני הער צו גאט מיין קול, דיינע אויערן זאלן פארנעמען דס קול פון מיין געבעט. אם אוב דו גאט וועסט היטן מיינע עבירות דו זאלסט מיך שטראפן אויף זיי ווער וועט קאנן בעשטיין דרויף. כי ווארום ביי דיר אין די הענט איז מוחל צו זיין עבירות אונ האסט ניט מוסר געוועזן קיין שום מלאך אז ער זאל קאנן מוחל זיין מיינע עבירות כדי אז מען זאל מורא האבן פר דיר: קויתי מיין לייב טוט האפען צו דיר גאט אונ איך האף צו זיינע רייד וואס ער האט מיר מבטיח געוועזן. נפשי מיין לייב טהוט האפען צו גאט מעהר איידר די היטר וואס היטן ביי דר נאכט האפען אז עס זאל טאג ווערען. יחל איהר יודען האפט צו גאט ווארום מיט גאט איז דר חסד אונ פיעל מאל האט ער אייך שון אויסגעלייזט וועט ער אייך היינט אויך אויסלייזען. והוא אונ די עבירות וועלען ניט מעכב זיין ווארום גאט וועט אויסלייזען די יודען פון אלע זייערע עבירות:

שיר המעלות גאט אין מיין הארצן האב איך זיך ניט בעל גאוה געהאלטן אונ מיינע אויגן האב איך ניט אופגעהובען ווי די בעלי גאוה. איך בין ניט געגאנגען אין גרויסע וואונדערליכע זאכן מעהר איידר עס איז ראוי צו מיר. אם דס שווער איך אוב איך האב אזו ניט געטהון איך האב מיין לייב געגליכן צו א קינד וואס זייגט אונ האט נאר א בטחון אויף זיין מוטער אזוי האב איך אויך בטחון נאר אויף גאט מיין נפש וואס איז אין מיר איז געגליכען צווא א קינד וואס זייגט. יחל אונ דרום האפט איהר ישראל אויך צו גאט פון היינט ביז אייביג:

קל״ב שִׁיר הַמַּעֲלוֹת, זְכוֹר יְיָ לְדָוִד, אֵת כָּל עֻנּוֹתוֹ: אֲשֶׁר נִשְׁבַּע לַייָ, נָדַר לַאֲבִיר יַעֲקֹב: אִם אָבֹא בְּאֹהֶל בֵּיתִי, אִם אֶעֱלֶה עַל עֶרֶשׂ יְצוּעָי: אִם אֶתֵּן שְׁנַת לְעֵינָי, לְעַפְעַפַּי תְּנוּמָה: עַד אֶמְצָא מָקוֹם לַייָ, מִשְׁכָּנוֹת לַאֲבִיר יַעֲקֹב: הִנֵּה שְׁמַעֲנוּהָ בְאֶפְרָתָה, מְצָאנוּהָ בִּשְׂדֵי יָעַר: נָבוֹאָה לְמִשְׁכְּנוֹתָיו, נִשְׁתַּחֲוֶה לַהֲדֹם רַגְלָיו: קוּמָה יְיָ לִמְנוּחָתֶךָ, אַתָּה וַאֲרוֹן עֻזֶּךָ: כֹּהֲנֶיךָ יִלְבְּשׁוּ צֶדֶק, וַחֲסִידֶיךָ יְרַנֵּנוּ: בַּעֲבוּר דָּוִד עַבְדֶּךָ, אַל תָּשֵׁב פְּנֵי מְשִׁיחֶךָ: נִשְׁבַּע יְיָ לְדָוִד

## משלי ישראל

קְרָא: קֹהֵיים איז נאך גרעסר פון מיין שוואכע שטימע וועלכע נעהם פון מיין הערצן קומט דו פערשטעהן וואס מיר פעלט, דר נשמה איז יעדר מענש בעט ביי השי״ת וואס איהם פעלט נאר אונז יודען פעלט מעהר ווי אלע בעלקר, איסר אונזר ארעמקייט זענען מיר נאך קראנק אוף דעם גוף אונ דר נשמה מיר קאנען נאר ניט אי פרעגען אונזרע בקשות אונ השי״ת דארף אליין פערשטעהן ער איז דאך איידע מחשבות אונ דס זאגן מיר (ממעמקים קראתיך ה׳) פון טיעפן הערצן בעט איך דיך גאט (ה׳ שמעה בקולי) גאט הער נאר אונזר שוואכע שטימע ווס פר איין צו בראכענע הערצן אונ מיינע טרערן פיר בעטן דיך אז דו זאלסט ערפילען אונזרע בקשות אונ געבן אונז אלץ וואס אונז פעלט דען מיר זענען נישט ווערט נאר מיט דיין גרויס רחמנות הער צו אונזרע תפלות:

## משלי יעקב

דר עושר געהט אלע מאל שפאצירן אונ אוף דעם ארם הט ער זיך בעהאלטן אין א גרוב בייט דר עושר איז פארביי געגאנגען הט דער ארימאן ארויס געשריגן פון גרוב מיט א ביטר קול העלף מיר מיין הערר האב אויף מיר רחמנות איך שטארב פון הונגר מיט מיין נוייב אונ קינדר דר עושר פרעגט זיך ווער ער איז אונ זאגט צו איהם קום ארויס פון גרוב וועל איך דיר געבען א שיינע נדבה דר ארימאן הט אנגעהויבן זעהר ביטר צו וויינען אונ שרייט גנעדיגר הערר איך קאן פון גרוב ניט ארויס געהן מיין בושה איז זעהר גרויס דען איך בין דער זעלבר ארימאן וועלכר דו האסט מיט מיר געטהון אזוי פיעל חסדים דיא גאנצע פרנסה האב איך געהאט פון דיר לסוף האב איך ביי דיר געגנבעט א מלבוש אונ איך גיה נאך איצט אין דעם זעלבן מלבוש איך האב נאך ניט קיין עהרליך מלבוש איבר צו טהון ווי אזוי קאן איך זיך שטעלן פר דיין לעכטיג פנים הער בלייס צו דס קול פון מיין געבעט אונ העלף מיר, דאס זעלבע שרייען מיר מיט געבעט רבש״ע דו האסט מיט אונז געטהון זעהר פיעל חסדים לסוף זענען אונזערע בגדים ניט עהרליך מיר זענען זעהר איינגעראכט מיט פיעל עבירות דס מיר מוזען זיך פארבארגן אין די טיעפע ערטער פאר בושה אונ פון די טיפענעש שרייען מיר (שמעה בקולי) הער צו אונזר קול פון תפלה:

## פירוש ע״ט

שִׁיר הַמַּעֲלוֹת דָּוִד הַמֶּלֶךְ הט געבעטען אוף זיך אז גאט זאל געדענקען זיין פיין וואס ער הט געהאט איידר ער הט געפינען איין ארט וואו מען זאל בויען דעם בית המקדש. אֲשֶׁר וואס ער הט געשווארן צו גאט אונ הט א נדר געטהון צו דעם שטארקען גאט פון יעקב. אִם אויב איך וועל קומען אין דעם געצעלט פון מיין שטוב אונ אוב איך וועל אנדערש אוף געהן אויף מיין בעט. אִם אֶתֵּן אונ אוב איך וועל געבען א שלאף צו מיינע אויגן, צו מיינע ברעמען א דרימלונג. עַד ביז איך וועל געפונען איין ארט פון א בית המקדש וועגען צו גאט, א רוהונג צו דעם שטארקן פון יעקב. הִנֵּה אז איך האב נאך געוואהנט אין אפרת האבן מיר נאך דערנסטמאל געהערט אז עס וועט זיין איין אויסערוויילט ארט פון דעם בית המקדש וועגען נאר מיר האבען ניט געוואוסט וואו דס ארט איז. היינט האבען מיר געפונען דס ארט אין פעלד פון חלק בנימין וואס ער איז געגליכן צו א חיה פון דעם וואלד. נָבוֹאָה היינט אז מיר ווייסען דס ארט וועלן מיר קומן צו זיין רוהונג אונ מיר וועלן זיך בוקן צו זיינע פיס. קוּמָה דרום שטעה אוף גאט אונ מאך רוהען דיין שכינה צו דיין רוהונג דו גאט ווס דו האסט געוויזען דיין שטארקייט אין די פלשתים מיט דעם ארון, זאלסט דו דארטן רוהען. כֹּהֲנֶיךָ דיינע בעדינר דס זענען די כהנים זאלן אנקליידן זיך מיט די גערעכטע קליידר דס איז די בגדי כהונה אונ דיינע חסידים דס זענען די לוים זאלן זינגען. בַּעֲבוּר מיין תפלה זאלסט דו צו הערן פון וועגן מיר דיין קנעכט דוד אונ זאלסט ניט אום קערן ליידיג דעם פנים פון דיין געזאלבטן מלכות. נִשְׁבַּע גאט הט געשווארען צו דוד איין אמת׳ע

אֱמֶת, לֹא יָשׁוּב מִמֶּנָּה, מִפְּרִי בִטְנְךָ אָשִׁית לְכִסֵּא לָךְ: אִם יִשְׁמְרוּ בָנֶיךָ בְּרִיתִי, וְעֵדֹתִי זוֹ אֲלַמְּדֵם, גַּם בְּנֵיהֶם עֲדֵי עַד, יֵשְׁבוּ לְכִסֵּא לָךְ: כִּי בָחַר יְיָ בְּצִיּוֹן, אִוָּהּ לְמוֹשָׁב לוֹ: זֹאת מְנוּחָתִי עֲדֵי־עַד, פֹּה אֵשֵׁב כִּי אִוִּתִיהָ: צֵידָהּ בָּרֵךְ אֲבָרֵךְ, אֶבְיוֹנֶיהָ אַשְׂבִּיעַ לָחֶם: וְכֹהֲנֶיהָ אַלְבִּישׁ יֶשַׁע, וַחֲסִידֶיהָ רַנֵּן יְרַנֵּנוּ: שָׁם אַצְמִיחַ קֶרֶן לְדָוִד, עָרַכְתִּי נֵר לִמְשִׁיחִי: אוֹיְבָיו אַלְבִּישׁ בֹּשֶׁת, וְעָלָיו יָצִיץ נִזְרוֹ:

קלג שִׁיר הַמַּעֲלוֹת לְדָוִד, הִנֵּה מַה טּוֹב וּמַה נָּעִים, שֶׁבֶת אַחִים גַּם יָחַד: כַּשֶּׁמֶן הַטּוֹב עַל הָרֹאשׁ, יֹרֵד עַל הַזָּקָן זְקַן אַהֲרֹן, שֶׁיֹּרֵד עַל פִּי מִדּוֹתָיו: כְּטַל חֶרְמוֹן, שֶׁיֹּרֵד עַל הַרְרֵי צִיּוֹן, כִּי שָׁם צִוָּה יְיָ אֶת הַבְּרָכָה, חַיִּים עַד הָעוֹלָם:

קלד שִׁיר הַמַּעֲלוֹת, הִנֵּה בָּרְכוּ אֶת יְיָ, כָּל עַבְדֵי יְיָ, הָעֹמְדִים בְּבֵית יְיָ בַּלֵּילוֹת: שְׂאוּ יְדֵיכֶם קֹדֶשׁ, וּבָרְכוּ אֶת יְיָ: יְבָרֶכְךָ יְיָ מִצִּיּוֹן, עֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ:

פירוש ע"ט

שבועה וואס ער וועט קיין חרטה ניט האבען אויף איהר דאס איז די שבועה אז פון דיינע קינדער וועל איך מאכען א מלכות ער זאל זיצען אויף דיין שטיל. אם אונ אויב דיינע קינדער וועלען היטען מיין ברית אונ מיין תורה וועלען זיי היטען וואס איך וועל זיי לערנען דורך די נביאים וועלען זייערע קינדער אויך ביז אייביג זיצען אויף דיין שטול. כי ווייל גאט האט אויסדערוויילט אין דער שטאדט ציון אונ דוד האט אנגעברייט דאס ארט וואו דער בית המקדש זאל שטעהן מחמת דעם שכר וועט ער מיט זייגע קינדער האבען די מלוכה אונ ער האט געגלוסט אז ער זאל זיצען אין דער שטאדט ציון. זאת אזו האט גאט געזאגט די דאזיגע שטאדט וועט זיין מיין רוהונג אויף אייביג דא וועל איך זיצען וואראום איך גלוסט צו איהר. צידה אונ פון דעם ארט וועל איך בענטשען זייער שפייז איהרע אביונים וועל איך מאכען זאט מיט ברוט. וכהניה אונ דורך דעם וואס די כהנים וועלען אנקליידען די בגדי כהונה וועט קומען די הילף אונ איהרע חסידים דאס זענען די לוים וועלען זינגען. שם אין דער שטאדט ציון וועל איך מאכען שפראצען א געוועלטיגקייט צו דוד המלך אונ דארטען האב איך אנגעריכט א ליכטיגקייט צו מיין געזאלבטען מלכות. אויביו די פיינט פון דוד המלך וועל איך מאכען אנקליידען מיט שאנד אונ אויף איהם וועט שיינען זיין קרוין:

שיר המעלות וואס פאר א גוטקייט אונ וואס פאר א זיסקייט עס וואלט גיוועזען אז די יודען וואס זיי ווערען אנגערופען ברידער זאלען זיצען אין זייער לאנד. כשמן דאס וועט גלייך זיין אזו וויא דער גוטער עהל וואס מען האט גיגעבען אויף דעם קאפ פון אהרן הכהן אזו פיל אז עס האט אראפ גענידערט אויף זיין בארד אונ אויף זיינע קליידער. כטל אונ אזו וויא עס נידערט אראפ דער טויא פון די בערג חרמון אויף די בערג פון ציון אזו וועט קומען שפע וברכה צו די יודען וואראום דארטען אין דער שטאט ציון האט גאט גבאטען אז די ברכה אונ דאס לעבען זאל זיין אויף די יודען ביז אייביג:

שיר המעלות איהר גאטס קנעכט וואס איהר שטעהט אין גאטס בית המקדש ביי דער נאכט לויבט איהם. שאו הייבט אויף אייערע הענט מיט קדושה אונ לויבט גאט. יברכך וועט זיין אייער שכר אז גאט וואס האט בעשאפען הימעל אונ ערד וועט אייך בענטשען, פון שטאדט ציון קומען כל הברכות אונ כל הטובות צו די יודען ווייל דארטען רוהט די שכינה:

**פון שבת נאך פסח ביז ראש השנה זאגט מען צו מנחה פרקי אבות.**

אמרי ## הקדמה נועם

**דר** רמב"ם שרייבט ווארום הייסט די מסכת אבות נוויל די חכמים וואס מיר לערנען פון זיי גוטע מדות מוסר אונ דרך ארץ הייסן זיי אבות דס הייסט אונזערע פאטערס אונ מיר הייסן זייערע קינדר. דען זיי זענן געגליכן צו א גוטען פאטר וואס ערציהט זיינע קינדער אין גוטן וועג אונ מאכט איהם דערמיט גליקליך אונ די וואס לערנען עס פון זיי זענן געגליכן צו גוטע קינדר וואס לאזן זיך לייטן אונ לערנן פון זייער פאטר. אונ אזו געפינן מיר דס אלישע הנביא הט גערופן זיין רבי אליהו הנביא מיט דעם נאמען אבי אבי:

הרב רבי משה אלמושנינו שרייבט. ווארום האט מען מתקן געוועזן דס מען זאל זאגען שבת פר יעדעם פרק דיא משנה פון כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא. נוייל אייגענטליך מוז יעדער מענטש וויסען א געוויסן צוועק אונ א תכלית צו יעדע זאכע וואס ער וויל טהון. איבר דעם זאגט מען די משנה כל ישראל פר יעדן פרק צו ווייזן אז איסר וואס דר מענש וועט גע־פינען די גרעסטע נוצען אויף די וועלט דורך דעם וואס ער וועט זיך פירן על פי המדות והמוסר וואס אין די מסכת איז געזאגט דען ער וועט דורך דעם ווערען אהוב לכל אונ עס וועט זיין רוח הבריות נוחה הימנו וואס אייגענטליך איז דס אליין אויך איין גרויסר תכלית אונ א הויכווירדיגר צוועק. אזו ווי דער תנא זאגט אין די מסכת פרק שלישי כל שרוח הבריות נוחה הימנו רוח המקום נוחה הימנו. דאס הייסט וועלכער מענש וואס שטעלט די מענשען געזעלשאפט צו פרידען מיט זיין הנהגה איז גאט אויך פון איהם צופרידען. דען דס איז דר הויפט רצון פון בורא יתברך אונ דר הויפט צוועק פון זיינע תורה ומצות צוא מאכען דורך דעם מענשן עהרליך אונ נוצליך פר די מענשן געזעלשאפט אויף דר וועלט. אונ ווי אלע קלוגע מוסר ספרים זאגן דס אייגענטליך איז דאס דער הויפט עבודת השם אין יראת שמים פון מענשן, אבער נאך אוסער דעם זאגט אונז דר מאמר פון כל ישראל דס אוסר די אלע נוצן אונ דעם גרוסן שכר וואס דר מענש וועט האבען אויף דר וועלט פון די מדות אונ מוסר וואס דא איז געזאגט בלייבט נאך פאר דעם מענשן א גרויסער תכלית אונ א חלק אויף עוה"ב הבא. אונ אזו איז דער פירוש פון דעם מאמר כל ישראל יעדער מענטש וואס איז נאר רעכט פארטיג פר גאט (ווארום דס ווארט ישראל איז א נוטריקון, ישר אל דס הייסט רעכט פארטיג פר גאט) יש לו חלק לעולם הבא. הט א גרויסען חלק לעולם הבא. אזו זאל דר מענש וויסן דעם גרוסן צוועק אונ תכלית וואס עס פיהרען דאצו די מדות ומוסר וואס דא איז געשריבען אונ זאל פארשטעהן וויא וויכטיג די זאך איז אונ זאל לערנען על מנת לשמור ולעשות כדי צו קומען צו דעם גרויסען תכלית פון די מעשים הטובים והישרים:

נון ; געפינן מיר פר נייטיג צו ערקלערען דעם טעם פר וואס איז מען זיך נוהג צו זאגן פרק אבות זומערדיגע שבתים איבערהויפט. נוייל פסח הייבן זיך אן די טעג וואס יודן זענן זיך מכין אין זיי צו קבלת התורה אום שבועות אזו ווי אונזערע קדמונים אונ מקובלים זאגן דס די ספירה טעג זענן איבערהויפט ימי טהרה והכנה לקבלת התורה בטהרה. אונ אין פסוק שטייט ראשית חכמה יראת ה׳ דס הייסט פריהער פר לערנען תורה אונ חכמה מוז זיך דר מענש פערשאפן יראת ה׳ אונ אזוי זאגען אויך אונזערע חכמים אין דר גמרא אז די תורה איז געגליכן צו ווייץ אונ די יראה איז געגליכן צו איין אוצר. דאס הייסט א זאסעק וואס מען האלט דארטן ווייץ אונ אזו ווי ווייץ אהן א זאסק קאן זיך נים האלטן אזוי אויך תורה אהן יראת שמים הט קיין קיום ניט:

אזו האבן אונזערע יראים מתקן געוועזן דס גלייך נאך פסח זאלן אלע יודן אנפאנגן לערנן ווייניגסטענס אלע שבת דיא מסכת אבות וועלכע זיא לערנט דעם מענשן יראת ה׳ מדות ומוסר דס הייסט זיי זאלן בויען דעם אוצר דעם זאסעק אויף דיא תורה צו האלטען וועלכע אלע יודען זענען מקבל אלע שבועות אונ זיי האבן משער געוועזן דס ווייניגסטענס מוז יעדר מענש די מסכת פיער מאל דורך לערנן. אזו ווי משה רבינו עליו השלום הט אויך יעדר הלכה פיער מאל געלערנט אזו ווי מיר געפינן אין דר גמרא הקדושה. דרום האבן מיר די מסכת מעתיק געווען אויף דייטש כדי עס זאלן פארשטן גרוס אונ קליין. ובזכות הלמוד יזכו לרב טוב הצפון אמן:

מתוק ## התעוררות מדבש

**א טעם.** שלמה המלך זאגט (וזכור את בוראיך בימי בחורותיך עד אשר לא יבואו ימי הרעה) ווייל א גאנצען ווינטר איז אמענש געשטערט פון תענוגים ובפרט די ערד ארבייטערס וואס זיצן אין שטוב אגאנצען ווינטר אונ אפילו די וואס זענן עוסק בנשא ומתן פון דעסטוועגן דר טאג איז קליין די ארבייט איז פיעל ער איז פר טרוד נאר אין זיינע געשעפטן ער האט ניט צייט עוסק זיין בתענוגי הגוף דיא פיעל פיטצען נים די גערטנער זענן וויסט אבר אז עס קומט זומער אז דר טאג איז לאנג די שפאציער גענג זענן אפען אונ עס מאכט פיעל חברים רעים וואס קומען זיך צוזאמען מענשן איינר מיט דעם אנדערען אונ דער יצר הרע קומט אויך אין מיטען אריין דעם מענש צו מאכען זינדיגן ער זאל פארגעסן אין בורא עולם אונ אזו נעהם אוועק דר זומער מיט תע וגים אונ ער קלערט נאר נים אויפן תכלית עס וועט קומען דר יום הדין ראש השנה ויום כפור וואס עס שטייט (מי יצדק לפניך בדין) דריבער וויא באלד ער וועט זיך נים בעצייטען ארום קוקן ווי ער איז אין דר וועלט קאן איהם דר יצר הרע פר פיהרן אין שאול תחתית דריבר זאגט שלמה המלך געדענק אן בורא עולם אונ אין די פריהער יאהר טעג אין אנהייב זומער איידער עס קומט דיא שלעכטע טעג די ימים הנוראים (והאמר אין לי בהם חפץ) דו וועסט זאגען איך האב נים אין זיי קיין באגער דיין הארץ וועט שון זיין פאר שטאפן פון תשובה ח"ו דריבר האבן די חכמים מתקן געוועזן מזרז צו זיין דעם מענש אז מען זאל געדענקען אין בורא העולם באלד פון אנהייב זומער צוא לערנען מסכת אבות:

# כָּל־יִשְׂרָאֵל יֵשׁ לָהֶם חֵלֶק לָעוֹלָם הַבָּא, שֶׁנֶּאֱמַר, וְעַמֵּךְ כֻּלָּם צַדִּיקִים, לְעוֹלָם יִירְשׁוּ אָרֶץ. נֵצֶר מַטָּעַי מַעֲשֵׂה יָדַי לְהִתְפָּאֵר:

## ברית אבות

(כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא). עס איז קשה עס איז דאך פאר האנדען פיעל פושעי ישראלים וואס האבן ניט עולם הבא נאר מיר וועלן דאס פארשטעהן מיט נאך א קשיא פאר וואס זאגט ניט דער תנא (כל איש ואיש מישראל) יעדר מאן פון די ישראל האט א חלק לעולם הבא מוז מען זאגן דאס דער פשט איז אזו כל ישראל, יעדרווידער וואס איז נאך בכלל כל ישראל, ער איז זיך משתתף בצער של ישראל אונ ער האט נאך ניט חלילה געטאן אזעלכע עבירות וואס זיין נפש זאל אפ געריסען ווערען פון כלל ישראל האט ער א חלק לעולם הבא אזו ווי דר פסוק זאגט. (ועמך כולם צדיקים). אז דיין פאלק האלטן זיך אלע איינס הן ער איז זיך משתתף אין זייער צער והן ער האט זיין נפש חלילה ניט מטמא געוועזן באופן ער זאל חלילה פארלוירן ווערען אזו ווי די תורה שטעלט דעם עונש (והאבדתי את הנפש ההיא מקרב עמה) ווערן זיי גערעכענט פאר צדיקים דאס זיי וועלען ירשענן עולם הבא נארפון דעסטוועגן דר כח פון תשובה איז זייער גרוס דאס ער איז מקרב צוריק דעם נפש צום כלל ישראל ווייל דאס נפש איז א צווייג פון אייבערשטענס פלאנצונג אונ כשם ווי א צווייג וואס דערנער האבן איהר ארום גערונגעלט אונ זי קאן ניט וואקסען באס מען רייסט אום די דערנער קאן דיא צווייג צוריק אויף בליהען אונ האבן א יניקה פון דעם שורש אזו אויך דער בעל תשובה אז ער ווארפט אוועק זיינע שלעכטע מעשים קאן ער צוריק זיין נפש ברענגען צום שורש פון כל ישראל:

## תפארת אבות

(כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא). די מפרשים זאגן דס יש בעטרעפט דריי הונדרט אונ צעהן דס הייסט פר יעדען יוד איז אנגעגרייט לעולם הבא אזו פיעל עולמות באם ער איז זוכה, אונ אויב ער איז חלילה ניט זוכה ירשנת דער צדיק זיינע עולמות אויך:

די ספרים הקדושים זאגן דאס איבר דעם שטעהט ביי משה רבינו דאס לשון קבלה ער האט גענומען אונ ביי די איבריגע שטעהט דאס לשון ומסרה ער האט זיא איבר געגעבערט, ווייל ווען משה רבינו איז גקומען אויף דעם הימל מקבל זיין די תורה איז גוועזן אין הימל א שטארקער קטרוג די מלאכים האבען געפיהרט טענות אונ האבן ניט געוואלט דס די תורה זאל זיין ביי מענשען אין די האנד ביז דאס משה רבינו האט זייא גובר געוועזן מיט פערשידענע תשובות איבר דעם שטעהט דס לשון קבלה ער האט זי גענומען מיט געוואלד ער האט די מלאכים [illegible] געוועזן אבער משה רבינו איז געוועזן א טוב עין דס ער האט זיא פון זיין גוטען ווילען איבער געגעבערט צו יהושע אונ צו כל ישראל:

## חסדי אבות

(ועמך), אונ דיין פאלק ישראל. כלם צדיקים. ווענען דורכאויס צדיקים. נצר, ער איז איין צווייג. מטעי, פון מיינע פלאנצונגען. איז דאך איין פראגע געפינען זיך דען ניט צווישען אינז רשעים אונ אפיקורסים אויך, אונ ווי פאסט אהער די ווערטער נצר מטעי, וועלן מיר דס ערקלערען. די קדמונים שרייבן אז וואס דער תנא רעדט דא ווענען עולם הבא מיינט ער ניט דערמיט די צייט וואס דיא נשמות פון צדיקים קומען נאך זייער פטירה אין גן עדן, נאר אויף דיא גליקליכע צייט פון תחית המתים, בעת משיח וועט קומען וועלן די נשמות פון די צדיקים מוזען ארויב געהן אויף דר וועלט אונ צוריק אריין אין זייערע גופים, אונ דס זאגט דר תנא כל ישראל אלע יודען אפילו די ניט פרומע ווי זיי זענען דאך אויך מלאים מצות כרמון פול מיט מצות ווי דר מילגרוים מיט קערנער, יש להם חלק לעוה"ב אפילו די האבען אויך אטייל אין עוה"ב ווארום זייערע נשמות ווערען געבעסערט אויף יענער וועלט אז קיינר זאל פון זיי ניט פעהלען אונ קומען אויך אונטער דעם שוטץ פון דר שכינה אונ אויך

## זכות אבות

(כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא). איז דאך א קשיא עס דארף שטיין חלק בעולם הבא אין דער גייסטיגען אונ ניט לעולם הבא צו די גייסטיגע וועלט אונ וואס איז דער לשון חלק נאר עס איז ידוע אז דיא הייליגע נשמה פון מענשען איז א טהייל פון השי"ת כביכול אונ זי איז מעורר דעם מענשען צו טאהן גוטעס מצות ומעשים טובים זי ברענגט איהם צו תורה ויראת שמים אונ זי שטרייט געגען יצר הרע וואס ער וויל דעם מענשען אריין ציהען אין אלע תאוות עולם הזה אונ צום ענדע איז ער אליין אויף איהם מקטרג אונ ברענגט אויף איהם אלע צרות נמצא אז יעדער איש ישראל האט אין זיך א טהייל פון גאט דאס איז דיא נשמה

## משלי אבות

(כל ישראל) יעדער יוד יש להם חלק לעוה"ב האט א חלק אין עוה"ב. פרעגן די מפרשים ווי באלד אז דר תנא וויל אז יעדער זאל האבען עולם הבא זאל דאך שטעהן כל ישראל יהיו להם כו' זיי וועלן האבן א חלק בעוה"ב ווען זיי וועלען היטען תורה ומצות. אז עס שטעהט אבער יש להם אז זיי האבן שוין פון פריהער עוה"ב וועט דאך קיין מענש ניט וועלן זיך בעמיהען אויף עוה"ב ווייל ער האט שוין אנגעגרייט. זאגט הרב

## פירוש ע"ט

(כל ישראל) אלע ישראל ווען זיי געהען אין די וועג פון זייערע אבות האבען זיי א חלק לעולם הבא אזו ווי אין פסוק שטעהט (ועמך כלם צדיקים) אונ דיין פאלק זענען אלע צדיקים אונ צו אייביג וועלען זייא ערבען דאס לאנד לעולם הבא ווייל זייא זענען א צווייג פון מיין פלאנצונג אונ זענען די ווערק פון מיינע הענט איך זאל זיך בארימען מיט זיי:

# א משה קבל תורה מסיני, ומסרה ליהושע, ויהושע לזקנים,

## תפארת אבות

(משה קבל תורה מסיני). משה האט צוגענומען די תורה פון בארג סיני. איז איין קשיא וואָרום שטעהט ביי משה'ן לשון קבלה קבל תורה מסיני ער האט צוגענומען די תורה אונ ביי יהושע מסרה דאס הייסט אז משה האט איהר איבער געגעבן צו יהושע עס האט דאך אייגענטליך בעדארפט שטעהן ויהושע קבלה ממשה יהושע האט איהר צו גענומען פון משה'ן, דער תירוץ איז עס איז ניט גלייך דען משה רבינו איז אן געקומען די תורה הקדושה זייער שווער ער האט געהאט גרויסע וכוחים מיט די מלאכי השרת זיי האבען געשריגן רבש"ע (תנה הודך על השמים) געב דיין שעהנהייט דאס הייסט די תורה צו וועלכע עס בעוואהנט דעם הימל די תורה וי איז איין טייערער אוצר דארף זיא בלייבן נאר פאר אונז מלאכי השרת מיר וועלען זיא היטן בקדושה ובטהרה אבער וויא קומט דר שטערבליכר מענש צו אזוי איין טייערן אוצר, האט זיך משה רבינו דר שראקען פאר זיי אונ זאגט רבש"ע זיך האב מורא פאר די מלאכים זיי וועלן מיך פערברענען מיט זייער פייער פון זייער מויל האט איהם השי"ת געהייסען ער זאל זיך האלטען פעסט אן כסא הכבוד אונ זאל זיי ענטפערן ווי אזוי קאנט איהר נעמען די תורה עס שטעהט דאך אין איהר לא תרצח, לא תנאף, לא תגנוב. האט איהר דען א יצר הרע צו רציחה גנבה וכדומה זיים איהר דען געוועזן אין גלות מצרים האט מען דען אייערע קינדער אין טייך נילוס געווארפן אונ אין דר תורה שטעהט (אשר הוצאתיך מארץ מצרים) לכן איז די תורה געגעבן געווארן נאר פאר אונז בשר ודם, זאגן די מלאכי השרת די אלע זאכען איז מאקי פאר

## ברית אבות

(משה קבל תורה מסיני וכו' ונביאים מסרוה לאנשי כנסת הגדולה). דיא היילגע מסכת דערציילט אונז באל"ד אין אנפאנגס אז די ישראל אונ הקב"ה אונ די תורה מיט די ישראל זענען איינס מיר זעהען דס אלע גוטע זאכן איז געבענטש בעונותינו הרבים פון די ישראל צו גענומען געווארן חוץ די תורה הקדושה האלט זיך מיט אונז אזוי וויא מיר זאגען וכל מחמדיה טבועות וגנוזות ואין לנו שיור רק התורה הזאת). דאס איז א סימן אז מיר האבען צו האבן דען הקב"ה מיט די תורה איז דאך אויך איינס זאגט די משנה דורך משה רבינו ווס ער איז געוועזן א רועה נאמן אונ ער האט זיך מקריב געוועזן פר די ישראל אונ ער האט באל"ד בעת קבלת התורה גענומען די תורה בזה האופן דאס די תורה זאל חלילה אין גלות אונז ניט פארלאזן וואָרום אונזערע חכמים זכרונם לברכה זאגן דס איבער דעם האט הקב"ש ברוך הוא זיך אנטפלעקט צו משה רבינו בסנה אין א דארן צו ווייזן דס (עמו אנכי בצרה) אז הקדוש ברוך הוא איז זיך כביכול מצער בצערן של ישראל די נאטור פארשר זאגן אז דס נאנצע געגענד פון דעם בארג סיני שלאגט נאך אב עד היום איין מראה פון סנה. איז דס א בעוויז אז תיכף אויף דעם בארג סיני האט מען ניי געשענקט די תורה בזה האופן דס אפילו בעת צרה ר"ל אין גלות וועט די תורה פון זייא אויך ניט אב טרעטען יהא ראיה דס ער רעכענט בסדר דס איבערטראגונג ביז די אנשי כנסת הגדולת וועלכע ייי זענען געוועזן בעת החורבן האבן זיי דערמים געטרייסט די ישראל אונ געגעבן באל"ד מאמרים אויף קיום התורה דאס אפי"ג אין גלות זאל זיך די תורת אויך ביי אונז דערהאלטן איבער דעם דארף די תורה ביי אונז זעהר חשוב זיין:

## זכות אבות

הקדושה. אונ דאס איז די כוונה כל ישראל יש להם חלק אלע יודען האבען ביי זיך איין חלק נ"ס איז די זיי וועלן זוכה זיין אויפצושטעהן צו תחית המתים, אם איך דעם זאגט דר פסוק (ועמך כלם צדיקים לעולם ירשו ארץ) זיי וועלן אויף איביג ארבען די וועלט דען נאך תחית המתים

## חסדי אבות

וועט מען דאך איביגע לעבן. (נצר מטעי). מיר געפינן אין ספרי קדמונים אז בעת תחית המתים וועלן דיא נשמות טהורות נים וועלן ארויס פון גן עדן פון זייער בייסטינע רוהע אונ אריין געהן צוריק אין זייערע גופים וועט די השי"ת

## משלי אבות

המגיד מדובנא ז"ל א משל. איין ארעמאן וועלכר האט נים געהאט קיין דירה פלעגט שטענדיג נעכטיגן וואו עס האט זיך איהם געמאכט בעגעגענט איהם זיינער אגוטער פריינד אונ זאגט צו איהם ליבער ברודר ווס וועט זיין מיט דיר דר תכלית דעם טאג קומסטו שוין ווי חס איז איבר,אבער די נאכט, א מענש מוז דאך האבן ווין אברגהונג, איך וועל דיר געבען איין עצה דו קלייבסט אויף אלע טאג צוויי גולדן נדבות בערך פאר"ג מיר לייג אט אלע טאג א גולדן אונ אין איין פערלויף פון איינינגע צענדליג יאהרן וועסט דו צו זאמען קלייבן אויף איין אייגענע שטיבל וועסט דו אונ דיין פאמיליע האבן אייער אברגהונג, פר אזא עצה וועט איהם דער ארעמאן געווים אויסצאלן צענדליגע יאהר וועט ער זיך פיינינגן אונ אבקומען אין גרוס דחקות כדי אז דערנאך

## פירוש ע"ט

משה קבל תורה מסיני, משה רבינו האט מקבל געוועזן די תורה פון גאט ווס האט זיך געוויזן אויף דעם בארג סיני אונ האט דיא תורה איבר געענטפערט צו יהושע אונ יהושע האט מוסר געווען די תורה ווס משה רבינו האט אים אויסגעלעגט צו די זקנים אונ די זקנים האבן איבר גיגעבן צו די נביאים ביז וואנען אז דר בית המקדש איז חרוב געווארן האט זיך שון אויסגעלאזן נביאים נאר אז דער אנדערער בית המקדש איז געבויט גיווארן האבן זיך צונויף

# וּזְקֵנִים לִנְבִיאִים, וּנְבִיאִים מְסָרוּהָ לְאַנְשֵׁי כְנֶסֶת הַגְּדוֹלָה. הֵם אָמְרוּ שְׁלֹשָׁה דְבָרִים, הֱווּ מְתוּנִים בַּדִּין, וְהַעֲמִידוּ תַלְמִידִים הַרְבֵּה, וַעֲשׂוּ

## צדקת אבות

(הֱווּ מְתוּנִים בַּדִּין). די טייטש פון דר משנה איז איהר זאלט זיין געווארענט ביי דעם דין תורה דהיינו מען זאל זיך גוט מיישב זיין איידר מען פסק'ענט דעם דין תורה כדי מען זאל זיך נישט טועה זיין. (וְהַעֲמִידוּ תַלְמִידִים הַרְבֵּה). איהר זאלט לערנען מיט פיעל תלמידים. (וַעֲשׂוּ סְיָג לַתּוֹרָה), איהר זאלט מאכן א גדר צו דר תורה. מען זאל נישט קומען צו קיין עבירה. דהיינו אין דר תורה שטעהט אז מען טאר ניט שבת ברענגן קיין פייער. האבען די חכמים געזאגט אז מען טאר אפילו ניט נעמן אין דר האנט אריין קיין לייכטער. דורך דעם וועט מען געווארענט זיין ניט אן צו צינדן קיין ליכט אום שבת. אונ אזוי אויך אנדערע זאכען אזא שטייגר. דא איז צו פרעגען די זאכע, וואס מיר האבן געשריבן דארפן דאך נאר וויסן די לומדים וואס פסק'ענען שאלות אונ דין תורה. אונ לערנען מיט תלמידים. אבר א סתם מענש. בענוצט דאך ניט דס

## תפארת אבות

איך נאר מיר וועלן נעמן די סודות אונ די טעמי המצות פון דר תורה וואס דס איז די נשמה פון איהר אונ פר אייך וועט בלייבן דר גוף התורה די תרי"ג מצות, ענטפערט משה די הייליגע תורה איז איין אוצר איין גאנצע כלי מען קען איהר נים צוטיילן אויף שטיקלך ווי אין פסוק שטעהט (תורת ה' תמימה) גאנץ לעהרע איז גאנץ דארום די וואס נעמען דעם גוף התורה והמצות איז שייך צו זיי די נשמה פון דר תורה אויך זיי זאלן האבן שכר די סודות התורה, מיט דעם הט משה רבינו אויסגעפיהרט אונ הט מקבל געוועזן די תורה פון הימל וואס מען הט זיא אראב געגעבען אויף דעם בארג סיני דס זאגט די משנה (משה קבל תורה מסיני) משה הט מקבל געוועזן דיא תורה דורך ויכוחים אונ טענות אונ הט זיא ביי דיא מלאכים אב גענומען געגען זייער ווילן (ומסרה ליהושע וכו') ער הט זיא איבר געגעבן מיט גוטן ווילען צו יהושע אונ יהושע הט זיא אזוי ווייטר איבער געגעבן צו די זקנים אונ אזוי ווייטער:

(וְהַעֲמִידוּ תַלְמִידִים הַרְבֵּה). אונ שטעלט אויף פיעל

תלמידים דארף דאך שטעהן (וְלַמְּדוּ לְתַלְמִידִים) לערענט תורה צו פיעל תלמידים וואס איז דר לשון (וְהַעֲמִידוּ) שטעלט אויף, נאר דיא הייליגע משנה לערענט אונז איין מוסר השכל אזוי וויא עס איז ידוע אז דער גאנצער קיום פון דיא אומה

## חסדי אבות

זאגן איהר הייליגע נשמות אייך איז דא נוט איהר שוועבט צווישן די אונצייליגע מלאכים אונ הט א גייסטיגן פערגניגן, אייער גוף אבר ליגט דאך אין דעת פינסטערען גרוב אונ הט נאך נים געזעהן קיין גוטס דם גאנצע לעבן נעהאט געגוג שמערצען וויל איך איהם אויך מהנה זיין ער זאל זעהן די ליכטיגע שיין ווי איך וועל ערשיינען, דורך איהם האט איהר געטהון מצות ומעשים טובים ביז איהר זענט געקומען צוא דר מדרגה אז אייערע נשמות זאלן זיין אין הימל, (נֵצֶר מַטָּעַי) דר גוף איז דאך אויך א צווייג פון מיינע פלאנצונג, (מַעֲשֵׂה יָדַי) ער איז דאך מיין האנדווערק, מיין ארבייט, איך האב איהם בעשאפן, דארום מוזט איהר אראב אין אייער גוף אונ אויפשטיין תחית המתים. (וּלְהִתְפָּאֵר) ער זאל זיך קענען בעריהמען אז ער האט אויך געזעהן מיין הילף:

## זכות אבות

נשמה וואס זי קאן ברענגן לעולם הבא צו עולם הבא זיצען אין גן עדן אויף דר אמתע וועלט:

## משלי אבות

זאל ער האבן איין אייגן הויז זאל געהן ווי עס געהט, דר אייגענער מענש הט איין מאל בעגעגנט איין אנדר גוט בעדערפטיגן וואס האט געהאט בירושה א קליין שטיבעלע פון זיינע עלטערן אונ ער לעבט זייער געדריקט זאגט ער צו איהם ווס דארפסט דו אזו פיל פערשווארצט ווערען אויף דער וועלט דר מאנגעל פון געלט לאזט דיר דאך ניט לעבן פערקויף דיין שטיבל וועסט דו האבן דיין לעבנסמיטעל, ענטפערט ער גיין ליבר פריינד דם וועל איך נים טאן בשום אופן איך זאל אפילו וויסן אז איך וועל פון הונגר שטארבן וועל איך אויך ניט פערקויפן א ירושה פון מיינע עלטער עלטערן וואס זיי האבן מיר געלאזן איין אנדענקונג השי"ת וועט מיר נאך העלפן אונ איך וועל ביי מיין ירושה בלייבן. דר נמשל איז דר תנא איז אונז א יועץ טוב א געטרייער פאטר ווס ער וויל אז יעדער איש ישראל זאל זעהן בלייבן ביי זיין ירושת אבות ביי אונזער הייליגע אמונה. היינט אז ער וואלט זאגן אז יעדער מענש זאל קיין הנאה גיט האבן פון דר וועלט נאר ער זאל זעהן אנגרייטן עולם הבא וואלטן ניט אלע ח"ו דאס וועלן ליידען נים אלע פארשטעהן דעם גליק פון דער גייסטיגען וועלט דארום זאגט ער מיט חכמה ווי א וואהרער יועץ טוב אז כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב יעדער ישראל הט שון פון אונזערע הייליגע עלטערן בירושה איין חלק אין עוה"ב זינד בני ישראל

## פירוש ע"ט

געקליבן הונדערט אונ צוואנציג גרוסע לייט זיי זענן גערופן גיווארן אנשי כנסת הגדולה דס איז טייטש גרויסע פארזאמלונג ווארים אזו א פערזאמלונג פון אזעלכע חשובים איז נאך גיט גיוועזן. זיי האבן גיזאגט דרייא זאכן, איר זאלט זיין געווארענט אין משפט דס הייסט איר זאלט ניט גיך פסק'נען ביז איר וועט אויסקלערן רעכט דעם משפט אונ איר זאלט אויפשטעלן

סְיָג לַתּוֹרָה: ב שִׁמְעוֹן הַצַּדִּיק הָיָה מִשְּׁיָרֵי כְנֶסֶת הַגְּדוֹלָה. הוּא הָיָה אוֹמֵר, עַל שְׁלֹשָׁה דְבָרִים הָעוֹלָם עוֹמֵד, עַל הַתּוֹרָה, וְעַל הָעֲבוֹדָה, וְעַל גְּמִילוּת חֲסָדִים: ג אַנְטִיגְנוֹס אִישׁ סוֹכוֹ, קִבֵּל מִשִּׁמְעוֹן הַצַּדִּיק.

## תפארת אבות

הישראלית איז נאר בזכות התורה הקדושה אונ מיר זעהן אז בעוה"ר פון דור צוא דור ווערט זיא נתמעט אונ מען שפיצט איהר זייער ווייניג. לערנן אונז די חכמים מיט וואס פר איין אופן די תורה זאל איין קיום האבן ביי אונז, היינו די עשירים פון יעדן דור אונ אלע יוס וועגן אומייסאנד זאל, זעהן ווייוויים מעגליך צו גרינדן ישיבות אונ תלמוד תורה פר קליינע קינדער. ווייל דר למוד פון תינוקות של בית רבן איז מבטל אלע גזירות אונ דאס ברענגט ישועות אויף דער וועלט. אויך מחזיק זיין ארימע תלמידי חכמים כדי עס זאל ניט פערלאשן ווערן די גוטע ליכט פון דר תורה, אונ זי זאל שיינען לארך ימים, איבערהויפט מגדל זיין איינענע קינדער צו תורה ומצות, דס איז דר עיקר פון אמונת ישראל אונ דס איז די כוונה פון (והעמידו תלמידים הרבה) שטעלט

## צדקת אבות

וואס מיר האבען געשריבען. אונ דעם פרק זאגט דאך יעדער מענש. מוז דאך זיין א כוונה אין די ווערטער וועלכעס יעדר מענש דארף וויסן. צו פר ענטפערן דס וועלען מיר מקדים זיין וואס דער ספר חסידים שרייבט (בסימן פ"ג ובסי' תרנ"ה) אז דר מענש דארף גווארענט צו זיין אז עס קומט איהם אן צו בייזערן זאל ער זיך ניט באלד בייזערן. אויך זאל ער נאר ניט רעדן בשעת ער איז אין כעס נאר ער זאל אפליינן דס בייזערן אויף מארגן ממילא קען דערווייל השם יתברך העלפען אז מארגן זאל ער שון ניט האבן אויף וואס זיך צו בייזערן. שרייבט דר ספר חסידים א מעשה אז איינר הט געלאזט א צוואה צו זיין זוהן. אז עס וועט דיר אנקומען צוא בייזערן זאלסט דו דיך ניט בייזערן. אונ זאלסט גאר ניט רעדן דעמאלט נאר זאלסט אפליינן דס בייזערען אוף מארגען. נאך דעם פאטערס פטירה איז דר זוהן אוועק געפארן קיין מדינת הים אונ הט איבערגעלאזט דס ווייב מעוברת אונ הט זיך געזומט פיעל יאהרן, דערנוייל הט זי דא געהאט א יונגעל אונ ער איז דר

## משלי אבות

זענן געשטאנן ביי דעם בארג סיני, אז אזוי וועלכר יגד נועם דס וועלען פערלירען זיין טהייל ירושת אבות בעוה"ב געווים וועט ער זיך בעמיהען אונ ליידן נאר ער זאל ערווערבן מצות ומעשים טובים כדי ער זאל בלייבן ביי זיין נחלת אבות, דס מיינט מען עוה"ב:

(ועשו סיג לתורה). דר מענש דארף זיך צו מאכן איין צוים צו דר תורה ער זאל זיא ניט עובר זיין ניט מען מיינט דס דער מענש זאל אויף זיך מאכען פיעל חומרות וועלכעס עס איז ניט נייטיג אדר ער וויל ווייזען פר מענשן דאס ער איז צו פרום, נייען מען מיינט נאר דס דר מענש דארף זוכען א גדר דס ער זאל ניט קומען צו דר עבירה ווען ער פארשטעהט אז דער גדר וועט איהם אפהאלטען פון די עבירה אזוי ווי מיר געפונען א מעשה אין דער גמרא דס שמעון הצדיק וועלכר איז געוועזן א כהן גדול הט ניט געוואלט עסען פון א קרבן אשם נזיר ווייל ער האט פון דיא נזירים ווייניג וואס געהאלטן ער הט אין זיי דערקענט פיעל צביעות נאר אמאל אין זיין לעבן הט זיך געטראפן א געשיכטע מיט א נזיר וועלכעס ער הט געגעסן פון זיין קרבן אשם ווייל

## אבות

ער הט איינגעזעהן דס זיין נזירות איז געוועזן לשם שמים דען אמאל איז געקומן צו איהם א נזיר פון דרום זייט ארץ ישראל זייער א שיינער בחור א העלד בלום אונ מילך מיט זייער שיינע געקרייזעלטע האר האבן זיך איהם ארום געוויקעלט זיינע אקסלן הט שמעון הצדיק צו איהם געזאגט מיין קינד פארוואס זאלסט דו דיר אפשנידן אזעלכע שיינע האר, הט דר נזיר געענפערט איך בין א פאסטעך ביי מיינעם פאטער איך פלעג מיך קיין מאל ניט שפיגלען, נאר איין מאל בין איך צו געקומן צו איין קוואל האב איך געזעהן אין דעם שאטן מיינעם ווי שיין איך בין אונ ווי שיין מיינע האר זענן דס איך האב געקריגן אין מיר גרוס גאות אונ דר יצר הרע הט זיך אין מיר אנגעצינדן האב איך אויף מיר אליין אנגעשריגן רשע וואס מאכסט דו דיך גרוס מיט דיינע שיינע קעפער וועלכעס עס וועט פון איהם ווערן ערד מיט ווערעם אונ די שיינע האר וועלן אוסקריכן אונ פוילן אין דער ערד. א שווער איך ביי גאט דאס איך מוז ווערען א נזיר אונ איך מוז מיינע שיינע האר אפשערן לשם שמים הט שמעון הצדיק איהם געקישט

## פירוש ע"ט

פיל תלמידים, אונ מאכט א צוים צו דר תורה מען זאל זי ניט עובר זיין. שמעון הצדיק דר כהן גדול שמעון הצדיק ער איז איבערגעבליבן פון די גרוסע פארזאמלונג ער פלעגט זאגן אויף דריי זאכן שטייט די וועלט מען זאל לערנען די תורה צו האלטן זיא אונ אוף די קרבנות וואס מען הט מקריב גיוועזן אין בית המקדש אונ היינט אוף דעם וואס מען זאגט די פרשיות פון קרבנות אונ אוף דעם וואס איין מענטש איז גומל חסד מיט דעם אנדערן. אנטיגנוס איש סוכו דר העער פון דר שטאט סוכו ער הט מקבל גיוועזן פון שמעון הצדיק ער פלעגט זאגן איר זאלט ניט זיין ווי די קנעכט וואס בעדינען דעם העער פון דעסט וועגן ווייל זאלן געבן געצאלט נאר איר

ניטל זאלט

הוּא הָיָה אוֹמֵר, אַל־תִּהְיוּ כַּעֲבָדִים, הַמְשַׁמְּשִׁין אֶת־הָרַב עַל־מְנָת לְקַבֵּל פְּרָס, אֶלָּא הֱווּ כַּעֲבָדִים הַמְשַׁמְּשִׁין אֶת־הָרַב שֶׁלֹּא עַל־מְנָת לְקַבֵּל פְּרָס, וִיהִי מוֹרָא שָׁמַיִם עֲלֵיכֶם: ד יוֹסֵי בֶּן־יוֹעֶזֶר אִישׁ צְרֵדָה, וְיוֹסֵי בֶּן־יוֹחָנָן אִישׁ יְרוּשָׁלַיִם קִבְּלוּ מֵהֶם. יוֹסֵי בֶּן־יוֹעֶזֶר אִישׁ צְרֵדָה אוֹמֵר, יְהִי בֵיתְךָ בֵּית וַעַד לַחֲכָמִים, וֶהֱוֵי מִתְאַבֵּק בַּעֲפַר רַגְלֵיהֶם, וֶהֱוֵי שׁוֹתֶה בַצָּמָא אֶת־דִּבְרֵיהֶם: ה יוֹסֵי בֶּן־יוֹחָנָן אִישׁ יְרוּשָׁלַיִם אוֹמֵר, יְהִי בֵיתְךָ פָּתוּחַ לִרְוָחָה, וְיִהְיוּ עֲנִיִּים בְּנֵי בֵיתֶךָ.

### צדקת אבות

וואקסן געווארן אזו ווי דר שטייגר איז. אונ נאכדעם איז ער אהיים געקומן ביי נאכט הט ער זיך געשטעלט לעבן דעם שטיבל וואס זיא איז געשלאפען. האט ער געהערט ווי זי רעדט מיט א בחור הט ער געמיינט אז דס איז א פרעמדר בחור הט ער געוואלט אריין געהן הרגענען זי מיט דעם בחור. הט ער זיך דערמאנט אז דער פאטער הט איהם געלאזט א צוואה ער זאל אפ לייגן דס בייזערן אויף מארגען הט ער דערווייל גאר ניט געטהון. דערנאך איז ער געוואהר געווארן אז דער בחור איז זיין זוהן. וועלכעס ער האט זיא איבערגעלאזט מעוברת הט ער געזאגט געלויבט איז השם יתברך וואס האט מיר געהאלפען אז איך האב איינגעהאלטען מיין כעס ביז איך בין דאס געוואהר געווארן אונ איין שבח צו מיין פאטער וואס הט מיר דס אן געזאגט. אונ אזו דארף זיך יעדר מענש נוהג זיין. אונ אז ער וועט ווארטן מיט דעם כעס ממילא וועט ער זיך דערמאנן אז עס איז אלין פון השם יתברך צו זיין גוטן. אונ השם יתברך וועט איהם העלפן אז ער וועט שון ניט האבן אויף וועם צו בייזערן. דס זאגט דר

### תפארת אבות

איף פיעל תלמידים ווען זיי האלטן ביי איין פאלצן חיו אונ מיט דעם אופן וועט איהר פערפעסטיגן דעם עמוד התורה, אונ דר לשון (תלמידים הרבה) פיעל תלמידים ווייזט אונז אז מען זאל ניט זאגן אז מיר זענן מחויב שטיצן נאר פרומע אונ גוטע תלמידי חכמים אבר די וואס זענן ניט אזוי דארף מען זיי ניט שטיצן דרום זאגט דר תנא (והעמידו תלמידים הרבה) איהר וועט זיא מאכן פיעל תלמידים עס מאכט ניט אוס צו זיי לערנן לשמה אדר ניט דען אז זייא וועלען נאר לערנען וועלן זיי סוף כל סוף ווערן פרום אונ גוט אזוי וויא די חכמים זאגן (המאור שבה) דער פונק אונ דיא ליכטיגע שטראהלען פון דר תורה (מחזיר למוטב) דס וועט זיי שוין צו אלעם גוטן ברענגן, ווידר זאגט די גמרא (לעולם יעסוק אדם בתורה ובמצות) דער מענש דארף עוסק זיין בתורה ובמצות אפילו ניט לשם שמים (שמתוך שלא לשמה בא לשמה) פון אנפאנג לערנט ער ניט פון גאטס וועגן נאר פר איין וויסענשאפט דר פון כבוד וועגן נאר דערנאך זענן מיר זיכער אז ער וועט בקומן איין דבקות אין דער תורה וועט ער שון לערנען בקדושה פון השי"ת וועגן פון דעסטוועגן (ועשו סיג לתורה) מאכט איין צאם צו דר תורה אונ ניט פר אלעמען זאלט איהר מגלה זיין דיא סודות אונ טעמים פון דר תורה, צום לערנען דארף מען אלעמען שטיין נאר דיא סודות התורה זאל מען אנטפלעקן נאר פאר דיא יחידי סגולה דיא גרויסע תלמידי חכמים יראי אלהים גאטס פורכטיגע בעלי מדות טובות:

### מילי אבות

אויף זיין קאפ אונ הט געזאגט אזעלכע אמתיגע גירים ווי דו ביזט מעג זיך מערען צווישן ישראל אונ ער האט געגעבען פון זיין קרבן אשם:

(אל תהיו כו' אלא הוו כעבדים כו' שלא על מנת לקבל פרס). איהר זאלט ניט זיין ווי די דיענר וועלכע דיענען פר געצאהלט נאר ווי די טרייע דינער וועלכע דינען נור פון טרייהייט. למשל, איין גרויסר שר איז געפאהרן אין וועג איז איהם אויסגעקומן צו נעכטיגן אין איין קליין שטעטל אין איין אכסניא, דר ווירט הט צו געגרייט זעהר שיינע חדרים פר דעם שר אונ זיינע

### פירוש ע"ט

זאלט זיין ווי די קנעכט וואס בעדינען דעם הער ניט פון געצאלט וועגן אונ עס זאל אויף אייך זיין די מורא פון הקב"ה. יוסי בן יועזר דר הער פון דר שטאט צרדה אונ יוסי בן יוחנן דר הער פון ירושלים זיי האבן פון זיי מקבל געוועזן די תורה. יוסי דר זון פון יועזר זאגט דיין הויז זאל זיין א פערזאמלונגס הויז צו די חכמים אונ זאלסט זיך בעשטויבן מיט דיא שטויב פון זייערע פים דס הייסט זאלסט געהן אין זייער וועג אונ זאלסט הערן זייערע רייד מיט לוסט אזו וויא איינער וואס איז דארשטיג אונ טרינקט מיט לוסט. יוסי בן יוחנן דר הער פון ירושלים זאגט דיין הויז זאל זיין אפן פון אלע זייטן עס זאל קיינעם ניט זיין ענג אין דיין שטוב אריין צוא געהן. דיינע הויזלייט וואס דו בדארפסט זיי דיך צו בעדינען זאלסט דו בעסר האלטן אביונים זיי זאגן

# וְאַל תַּרְבֶּה שִׂיחָה עִם הָאִשָּׁה. בְּאִשְׁתּוֹ אָמְרוּ, קַל וָחוֹמֶר בְּאֵשֶׁת חֲבֵרוֹ. מִכָּאן אָמְרוּ חֲכָמִים, כָּל הַמַּרְבֶּה שִׂיחָה עִם הָאִשָּׁה, גּוֹרֵם רָעָה לְעַצְמוֹ, וּבוֹטֵל מִדִּבְרֵי תוֹרָה, וְסוֹפוֹ יוֹרֵשׁ גֵּיהִנֹּם: ו יְהוֹשֻׁעַ

## מעשה אבות

(ואל תרבה שיחה עם האשה, דו זאלסט ניט צופיעל רעדן מיט איין פרויענצימר דר נידריש ברענגט א מעשה דר תנא רבי מתיא בן חרש איז געזעסן אין בית המדרש אונ האט געלערנט תורה מיט גרוס קדושה ומהרה זיין פנים האט געשיינט ווי די זון, אונ זיין בליק איז געוועזן ווי פייער אין הימל וויל אין זיין גאנצן לעבן האט ער נים געקוקט אונ נים גערעדט מיט איין אשה, ויהי היום האט זיך דער שטן אן איהם מקנא געוועזן אונ זאגט קאן דען זיין אז איין ילוד אשה זאל זיין אזוי אבגעהיט זאגט פר רבש״ע ווי איז ביי דיר גערעכנט רבי מתיא בן חרש ענטפערט איהם השי״ת ער איז איין גרויסער צדיק אין אלע מעלות ומדות. זאגט דר שטן גיב מיר רשות וועל איך איהם איבערדרעדן צו איין עבירה זאגט השי״ת גיה אראב אונ פרוב נאר דו וועסט איהם געוויס ניט בייקומען. האט זיך דער שטן פארגעשטעלט פאר איהם אלס איין זעהר שיינע פרוי אונ האט זיך געשטעלט פאר איהם אונ פערלויכטען מיט איהר שיינהייט האט ר׳ מתיא בן חרש אבגעקעהרט זיין פנים האט זי זיך געשטעלט געגען איהם אין דער צווייטע זייט אונ אזוי ווייטער אונ ווייטער. ער האט דאך מורא געהאט פילייכט וועט ער נכשל ווערן ח״ו אין

## צדקת אבות

תנא פון יעדערן מענש זאגן. (והוו מתונים בדין) אז עס וועט אייך אן קומען צו בייזערן אויף יעמעס. אדער צו רעדן שלעכטס אויף איהם זאלט איהר זיין געווארענט דערמיט היינו איהר זאלט אייך ניט באלד בייזערן אונ גישט שעלטן. אונ ניט רעדן קיין שלעכטס אויף יענעם. דען די אלע זאכן זענען גרויסע עבירות. מוז מען זיך היטען פון דעם נעמען וויא ווייט מעגליך איז. ממילא אז מען ווארט מיט דיא זאכען העלפט השם יתברך מען זאל זיך קענען אפהיטן פון דעם אלעמען. (והעמידו תלמידים הרבה). דאס איז אויך פון יעדען מענש זאגען דער וואס קען לערנען איז פשוט ער זאל לערנען מיט פיעל תלמידים אונ זאל זיי אויסלערנען די תורה מיט דעם גוטן ווענג צו דיענען השי״ת. אונ דער וואס קען ניט לערנען. דארף צו דערהאלטן די תלמידים מיט געלט. היינו ער זאל געבן עסען אונ הלבשה אונ צאהלען מלמד געלט פון די געמיינע יונגליך וואס לערנען ווער שמועסט ער זאל זיינע קינדער האלטן ביי מלמדים. אויך זאל מען קויפן עליות לספר תורה אדער הגבה גלילה אונ נאך שבת באלד בעצאהלן. עס זאל זיין בריוות האלטן מיט לעכט בבית המדרש. ממילא וועט מען קענען לערנען בבית המדרש וועט זיין פיעל תלמידים. אויך זאל מען געבען אויף פרנסה צוא דיא געמיינע עהרליכע יודן וואס קענען לערנען. וועלן זיי אויך קענען לערנען בריות. (ועשו סייג לתורה). דאס איז אויך פון יעדען מענש זאגן. היינו יעדער מענש האט איין אנדערען יצר הרע. איינר האט תשק צו פיעל געלט. מוז ער זיך מאכן א גדר ער זאל ניט יענעם בעגזלען. אונ ניט נארן יענעם דען אז ער וועט ניט דס פינטווען וועט איהם דער יצר הרע אן רעדען צוא טהון פיעל פאלשקייטן איין צו זאמלן געלט. דעסטגלייכן איינר האט יצר הרע צו זנות ח״ו מוז ער זיך מאכן א גדר צו היטן דערפון ער זאל ניט קוקן ווי מען דארף ניט אונ זאל ניט טראכטן קיין שלעכטע מחשבות אונ היטן זיך פון דעם מיט כל הכוחות. אונ אזוי אויך אין אנדערע זאכן דארף זיך יעדר צו מאכן גדרים אונ סייגים אפ צו היטן זיך ניט צו קומען צו קיין עבירה וועט מען זוכה זיין צו פיעל גוטס אויף דר וועלט אונ אויף יענר וועלט:

## משלי אבות

דיענר אונ האט צו גערעכט עסען אונ טרינקען פון דעם שענסטן אונ בעסטען אלעס ווי עס פאסט פר אזו איין גרויסארטיגן אורח. דר שר איז געוועזן זעהר צופרידן, מארגן פריה האט ער גע...מען דורך זיין דיענער איין חשבון דר ווירט האט געגעבן א חשבון אונ דר שר האט בעצאהלט וויא דער בעל אכסניא האט געשטעלט אין רעכנונג. דר שר איז ווייטער געפאהרן אונ ער איז ווידר געקומן אין איין אכסניא, דארטן האט מען איהם אויך אויפגענומען זעהר שיין מיט שיינע חדרים מיט דיא בעסטע שפייז אלעס ווי עס פאסט פר אזו איין שר, פר זיין אב רייזן בעט ער איין חשבון, ענטפערט דר בעל אכסניא ח״ו ביי אזוי איין גרויסן שר וואס זיין נאמן איז זעהר גרויס אויף דר וועלט וועל איך קיין געלד נעהמן, געננוג איז פר מיר די גרויסע עהרע אז אין מיין אכסניא זאל איינשטעהן איין שר מלוכה דס איז מיין בעסטע בעצאהלונג אונ מעהר דארף איך ניט. זאגט דר שר אויב דו ווילסט ניט נעמען קיין געלד מוסטו נעמען אמווענינגסטן איין מתנה צום אנדענקן, נאטירליך איז די מתנה פיעל מעהר ווערט געוועזן ווי דיא סטאנציע געלד אונ דאצו האט ער נאך פערשריבן זיין נאמען אונ

## פירוש ע״ט

ביי דיר פערדינגן, אונ זאלסט ניט פיל רעדן מיט א אשה, דס וואס זיי האבן געזאגט מען זאל ניט פיל רעדן מיט א אשה מיינען דיא חכמים מיט זיין ווייב זאל ער ניט פיל רעדן מכל שכן מיט דעם חבר׳ס ווייב. פון דעם וואס אובן איז געשטאנען האבן די חכמים גיזאגט ווען א מענש טהוט פיל רעדן מיט א אשה איז ער זיך גורם שלעכטס עס קאן זיין פיל קרינג דורך דעם אונ

בֶּן־פְּרַחְיָה וְנִתַּאי הָאַרְבֵּלִי קִבְּלוּ מֵהֶם. יְהוֹשֻׁעַ בֶּן־פְּרַחְיָה אוֹמֵר, עֲשֵׂה לְךָ רַב, וּקְנֵה לְךָ חָבֵר, וֶהֱוֵי דָן אֶת־כָּל־הָאָדָם לְכַף זְכוּת: ז נִתַּאי הָאַרְבֵּלִי אוֹמֵר, הַרְחֵק מִשָּׁכֵן רָע, וְאַל תִּתְחַבֵּר לָרָשָׁע, וְאַל־תִּתְיָאֵשׁ מִן־הַפֻּרְעָנוּת: ח יְהוּדָה בֶּן־טַבַּאי וְשִׁמְעוֹן בֶּן־שָׁטַח קִבְּלוּ מֵהֶם. יְהוּדָה בֶּן־טַבַּאי אוֹמֵר. אַל־תַּעַשׂ עַצְמְךָ כְּעוֹרְכֵי הַדַּיָּנִין וּכְשֶׁיִּהְיוּ בַּעֲלֵי הַדִּין עוֹמְדִים לְפָנֶיךָ, יִהְיוּ בְעֵינֶיךָ כִּרְשָׁעִים, וּכְשֶׁנִּפְטָרִים מִלְּפָנֶיךָ, יִהְיוּ בְעֵינֶיךָ כְּזַכָּאִין, כְּשֶׁקִּבְּלוּ עֲלֵיהֶם אֶת הַדִּין: ט שִׁמְעוֹן בֶּן־שָׁטַח אוֹמֵר, הֱוֵי מַרְבֶּה

### צדקת אבות

(וּקְנֵה לְךָ חָבֵר), אונ קויף דיר איין חבר. דער מדרש ברענגט א מעשה. איינר פון די גרוסע תנאים הט תפלה געטהון צו השי"ת אונ געפאסט תעניתים מען זאל איהם ווייזן מן השמים ווער איז זיין חבר אין ג"ע כדי ער זאל וויסן אין וועלכע מדרגה ער האלט. הט מען איהם מגלה געוועזן אין חלום אז איין געוויסער קצב וועט זיין זיין חבר בג"ע. ער האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף זעהר דערשראקן פון חלום אונ הט ווידר אנגעפאנגען צו פאסטן תעניתים מיט גרויס תשובה אונ האט מתפלל געוועזן אז מען זאל מבטל זיין דעם פאריגן חלום ווייל ער הט גערעכענט פר זיך פר איין שאנדע צו זיצן נעבן אזא פראסטן חבר. הט מען איהם ווידער געענטפערט אין חלום מען הט דיר שון איינמאל מודיע געוועזן אז דר קצב איז דיין חבר אונ עס קען אנדערש ניט זיין. האט ער אויף דעם צווייטן חלום נאך מעהר געוויינט אונ געקלאגט אונ

### מעשה אבות

איין עבירה. הט דר צדיק הקדוש גערופן זיין תלמיד וועלכר הט איהם בעדינט אונ זאגט צו איהם ברענג מיר א הייסן אנגעבריטן נאגעל. דר תלמיד הט איהם געברא... אונ ער הט זיך מיט דעם פייערדיגן נאגעל אויסגעבריגט דיא אויגען. ווי דר שטן הט דס געזעהן איז ער דערציטערט געווארן פון שרעק. עס איז געווארן אין גרוסער רעש אויפן הימעל האט השי"ת געשיקט דעם מלאך רפאל ער זאל איהם אויסהיילען די אויגען. ווי דר מלאך איז געקומען פרעגט איהם רבי מתיא בן חרש ווער בין דוא זאגט ער איך בין דער מלאך רפאל השי"ת האט מיך געשיקט היילען דיר די אויגען זאגט ער איך וויל ניט לאז שון זיין וויא עס איז. ווי דער מלאך איז געקומען מיט דיא תשובה צוריק אויבן הימל הט איהם השי"ת געשיקט צום צווייטן מאל ער זאל איהם זאגן אין זיין נאמן אז דער בורא יתברך איז איהם מבטיח אז דר שטן וועט שון אויף איהם ניט האבען קיין שום שליטה עד עולם. דר מלאך האט איהם געהיילט אונ זיינע אויגען האבן ווייטר געשיינט אין דער הייליגער תורה. דערפון זעהט מען ווי דער נס איז געוועזן גרוס פאר דיא הייליגע לייט וואס היטן זיך פון שלעכטע געדאנקען אונ ווי זענען שטארק בעהיטען אין דעם פערזאנג ואל תרבה שיחה עם האשה:

### משלי אבות

הט איהם אנגעזאגט אז ווען ער וועט דארפען האבן איין גייטיגע זאך אין עיר מלוכה זאל ער זיך גלייך ווענדן צו איהם וועט ער איהם ערשט... זיין וואונש. איצט פערשטעהט מען ווער פון דיא ביידע בעלי אכסניות הט בעסר געמאכט. נאטירליך דר צווייטר, ווען אויבר די גרויסע מתנה וועלכע ער הט געקריגן

### פירוש ע"ט

איז מבטל פון לערנען אונ זיין סוף וועט זיין ער וועט ירשינען דאס גיהנם. יהושע בן פרחיה ונתאי הארבלי זיי האבן מקבל געוועזן פון זיי, יהושע בן פרחיה זאגט זייא מקבל אויף דיר א רבי אונ זאלסט דיר קויפן א גוטן חבר אונ שאץ אלע מענשן צום בעסטן. נתאי הארבלי זאגט דו זאלסט דיך דערווייטערן פון צו וואנען מיט א שלעכטן מענשן, זאלסט דיך ניט בעהעפטן צו א רשע ווען ער איז מצליח אונ זאלסט זיך ניט מיאש זיין פון צוא בעטן רחמים ווען עס איז חלילה געקומען א פורענות. יהודה בן טבאי ושמעון בן שטח האבן פון זיי מקבל געוועזן, יהודה בן טבאי זאגט דו זאלסט דיך ניט מאכן ווי די וואס גרייטן אן טענות צו די בעלי דינים וואס דארפן זיך לאדן אונ אז די בעלי דברים וואס לאדן זיך שטעהן פר דיר אונ טענה'ן זאלן זיי ביידע ביי דיר זיין ווי רשעים אונ אז זיי געהען אוועק פון דיר זאלן זיי ביי דיר זיין אין דיינע אויגן אזוי ווי זייא וואלטן ביידע גערעכט אז זיי האבן אויף זיך מקבל געוועזן דעם משפט. שמעון בן שטח זאגט דוא זאלסט אויספארשען די עדות אונ זאלסט זיך היטן מיט דיינע רייד אז דוא רעדסט וואורום

לַחֲזוֹר אֶת־הָעֵדִים, וֶהֱוֵי זָהִיר בִּדְבָרֶיךָ, שֶׁמָּא מִתּוֹכָם יִלְמְדוּ לְשַׁקֵּר: י שְׁמַעְיָה וְאַבְטַלְיוֹן קִבְּלוּ מֵהֶם. שְׁמַעְיָה אוֹמֵר, אֱהַב אֶת־הַמְּלָאכָה, וּשְׂנָא אֶת־הָרַבָּנוּת, וְאַל־תִּתְוַדַּע לָרָשׁוּת: יא אַבְטַלְיוֹן אוֹמֵר, חֲכָמִים הִזָּהֲרוּ בְּדִבְרֵיכֶם, שֶׁמָּא תָחוֹבוּ חוֹבַת גָּלוּת, וְתִגְלוּ

## תפארת אבות

(וְאַל תִּתְוַדַּע לָרָשׁוּת). דיא וועלט האט איין טעות אין פשט בעט מיינט אז דיא כוונה איז ואל תתודע לרשות דוא זאלסט זיך ניט לאזן ערקענען צו די רעגירונג פון דעם לאנד ח"ו דאס טאר מען ניט דענקען גראד פארקעהרט מיר זיינען מחויב צו צו שעצן די ממשלה וויא אונזערע נביאים תנאים ואמוראים האבן אונז שטרענג פערזאגט אונ מיר געפינען אז דיא גרעסטע צדיקים פון דער וועלט האבן זיך געליקליך געשעצט אז זייא זיינען געוועזען קרובים למלכות וויא רבינו הקדוש אונ ר' אבהו וכדומה. נאר דר אמת'ער פשט איז אז יעדר מענש דארף קענען א מלאכה אונ דר וועט שוין אין אלע נויטן זיך קענען צורעכט געבן. ווארום די חז"ל זאגען אין סנהדרין אז ווען עס זאל ח"ו זיין יאהר נאך איין אנדר זיין איין הונגער איף דער וועלט וועט ער צוא דעם בעל מלאכה ניט צו קומען אוף עשירות קאן דר בעל מלאכה ניט רעכנן אבער זיין לעבענס ביטעל קאן ער אלע מאל האבען דארום האבן אונזערע גרעסטע תנאים ואמוראים געלעבט

## צדקת אבות

ווידר געפאסט תעניתים אונ תפלה געטהון. האט מען איהם געזאגט מן השמים א דריטען מאל אז ווען דו וואלסט ניט געוועזן אזו איין גרויסר חסיד אונ א גרויסר צדיק אונ א בעל מעשים טובים וואלט מען דיר דן געוועזן למיתה ח"ו. ווארום ווייל דוא ניט ליידען אז יענר קצב זאל זיין דיין חבר בעוה"ב וייסטו דען וואס דר מענש האט געטהון בעוה"ז. השי"ת זייס דאך אלס עס איז איין גרויסע זכיה פר דיר צו זיצן נעבן איהם אין גן עדן. אוף מארגן איז אריין דער תנא צום קצב אין קראם האט ער איהם צוגענומען מיט גרויס כבוד. פרעגט ער ביים קצב זאג מיר דעם אמת וואס וואסטו געטהון גוטס אוף דר וועלט ווים דו ביזט אזוי פיעל חשוב ביים רבש"ע. ענטפערט דר קצב זעהסט דאך מיין שווערע ארבייט. אונ וואס איך פערדיען גיב איך פון דעם העלפט אוף צדקה. אונ מיט דעם איבריגען שפייז איך זיך מיט מיין ווייב אונ קינדער. זאגט דר תנא דאס איז אפילו א גרויסע מצוה נאר וויא איך פערשטעה האסט דוא געטהון נאך א גרעסערע זאך וואס ניט אלע קאנן דס טהון האט ער גיט געוואלט זאגן נאר ווייל ער הט איהם שטארק געבעטן האט ער איהם דערצעהלט. מיט א צייט יארן צוריק בין איך געגאנגן אין גאס האב איך געזעהן א קאנאוואי פון רוימישע סאלדאטען פיהרען זייער פיעל געפאנגענע צווישן דיא געפאנגענע איז געוועזן איין יונג יודיש מיידל וועלכע האט שרעקליך געוויינט האב איך געפרעגט ביי איהר ליעב קינד וואס וויינסטו ענטפערט זיא איך בין פון ירושלים אונ געהער צוא איין גרויסע אלטע יודישע פאמיליע פון גרויסן יחוס. איצט בין איך געפאנגן ביי דיא רוימים אונ זיי קענן מיך מטמא זיין אונ גייטן איך זאל אומבייטן מיין רעליגיאן דארום וויין איך פי לייכט געפינט זיך דא איין גוטר מענש וועלכר עס זאל מיך ארוס נעמן פון די הענד פון דיא אכזרים. ווי איך האב דס געהערט האב איך איהר בערוהיגט אונ בין באלד אוועק צו דעם הויפטמאן פון דיא רוימים אונ בין מיט איהם דורכגעקומען פאר איין גרויסע סומע וועלכע עס איז אפילו געוועזן ניט נאך מיין שטאנד אונ ער האט זי מיר איבערגעגעבן אונ האב אזוי מקיים געוועזן די מצוה פון פדיון שבוים. איך האב זי צוגענומען צו מיר אונ געהאלטן ביי זיך וויא מיינע אייגענע קינדר איך האב זי ערצויגן אין יודישן וועג. זיא איז דאמאלס אלט געוועזן צוועלף יאהר. אז זי איז געווארן עלטר האב איך איהר פארגעבט מיט מיין זוהן. איך האב איהר געמאכט א שיינע גארדעראבע געקויפט פיינע תכשיטים אונ זיך צוגעגרייט צוא דר חתונה. פר דר חתונה האב איך געמאכט א גרויסע סעודה פאר ארימע לייט אונ האב געבעטן אלע שטאט לייט זיי זאלן קומען צו דר סעודה. איך האב אלעס געמאכט פון דאס שענסטע

## משלי אבות

פון שר איז ער נאך געווארן א חשוב אויך, דר נמשל איז השי"ת בעצאהלט יעדען מענשן נאך זיינע מעשים, דר וואס דיענט השי"ת צוליעב ער זאל האבן עוה"ב איז דאך דאס אליין שוין גענוג. נאר דער תנא גיט איין עצה טובה אז יעדער מענש זאל דיענען השי"ת ניט נאר צוליעב דעם שכר פון עוה"ב נאר צוליעב אהבת השי"ת אליין אונ ער דארף זיך פרייען אז ער האט איין זכיה אז השי"ת איז צו פרידען מיט זיין

## פירוש ע"ט

טאמר פון דיינע רייד וועלן זיי זיך לערנן ליגענד זאגן. שמעיה ואבטליון האבן מקבל געוועזן פון זיי. שמעיה זאגט האב ליעב די מלאכה זאלסט ארבייטן אוף פרנסה אונ האב פיינט דס רבנות, אבטליון זאגט איהר חכמים איהר זאלט געווארענט זיין אין אייערע רייד ווארום טאמער וועט איהר פארטריבן ווערן אוף אזו איין ארט וואס מען וועט ניט ראגן פארשטעהן אין גאנצען אייערע רייד וואס היסט שלעכטע דעות וואס זיי וועלן לערנען אין אייערע רייד אונ די תלמידים

לִמְקוֹם מַיִם הָרָעִים, וְיִשְׁתּוּ הַתַּלְמִידִים הַבָּאִים אַחֲרֵיכֶם וְיָמוּתוּ,
וְנִמְצָא שֵׁם שָׁמַיִם מִתְחַלֵּל: יב הִלֵּל וְשַׁמַּאי קִבְּלוּ מֵהֶם. הִלֵּל אוֹמֵר,
הֱוֵה מִתַּלְמִידָיו שֶׁל־אַהֲרֹן, אוֹהֵב שָׁלוֹם וְרוֹדֵף שָׁלוֹם, אוֹהֵב אֶת־
הַבְּרִיּוֹת, וּמְקָרְבָן לַתּוֹרָה: יג הוּא הָיָה אוֹמֵר, נְגִיד שְׁמָא אֲבַד שְׁמֵהּ,
וּדְלָא מוֹסִיף יָסֵף וּדְלָא יַלִּיף קְטָלָא חַיָּב, וּדְאִשְׁתַּמֵּשׁ בְּתָגָא חֲלָף:
יד הוּא הָיָה אוֹמֵר, אִם אֵין אֲנִי לִי מִי לִי, וּכְשֶׁאֲנִי לְעַצְמִי מָה אֲנִי,

### צדקת אבות

אונ בעסטע אונ אויפן רייכסטן ארט. בעת הסעודה בין איך ארום געגאנגן ארום די געסט זעהן זיי זאלן עסען אונ טרינקען אונ פארגניגען האבן. ערסט איך זעה אז דר עולם זיצט נאר שטיל אונ זענען זעהר אומעטיג. פרעג איך זיי וואס איז די אורזאכע. פיליכט געפעלט אייך ניט דאס עסען. די משקאות וועל איך לאזן געבן אנדערע. האבן זיי מיר אנגעוויזן אויף איין יונגען מאן וועלכער זיצט דיא גאנצע צייט אונ וויינט אונ דאס פארשטערט זיי די גאנצע שמחה. איך האב גענומען דעם יונגען מענשען אין זיימן צימער אונ האב איהם געפרעגט וואס איז די אורזאכע וואס ער וויינט. האט ער מיר דערצעהלט אז דיא כלה איז זיינע א פארקנס׳טע מיט א שטר קדושין כדת משה וישראל אונ ער אליין איז אויך פון איינע פון די גרעסטע יודישע פאמיליען אונ פון גרויסן יחוס. נאכדעם אז דיא רוזמים האבן איהר געפאנגן איז ער געפאהרן ממדינה למדינה. ביז ער האט איהר ענדליך דא געפונען גראדע פאר דר חופה. אונ ווי זאל איך ניט וויינען זאגט ער צו מיר, אז ערשטענס זעה איך וויא מיין טייערסטע זאך אין מיין לעבן געהט איבער צו איין אנדערן, אונ דאן איז דאך מיין כלה פערקנסט פון מיר כדין וכדת איז זיא דאך איין אשת איש. איך האב בייא איהם געבעטן ער זאל מיר ווייזן דעם שטר קדושין האט ער מיר געוויזן. דאן האב איך איהם געפרעגט צו קען ער מיר זאגען איין בעזונדערן סימן וועלכן זיא האט אויף זיך. האט ער מיר געזאגט. אז עס האט זיך בעוויזען אז עס איז אלעס ריכטיג האב איך איהם בערוהיגט אונ פערשפראכען אז ער וועט מיט זיין כלה חתונה האבען. איך האב ארויסגערופען מיין זוהן פון טיש אונ האב איהם דערצעהלט די גאנצע מעשה אונ זאג צו איהם מיין טייערער זוהן דוא זאלסט טהון מיין רצון אונ זיך אפזאגן

### תפארת אבות

נאר פון אומנות זיי האבן ליעב געהאט צוא עסן א שטיקעל ברוט מיניע כפים וויא רבי יהושע איז געוועזען א קוילען ברענער רבי יצחק איז געוועזען איין שמיד רב פפא איז געוועזען איין ביער ברויער וכדומה אונ דורך דעם האבן זיי געהאט זייער חיונה בכבוד אונ געדיענט השי״ת בקדושה ובטהרה. אייך זאגען די חז״ל כל מי שאינו מלמד את בנו אומנות וועט עס לערענט נים זיין זוהן א מלאכה כאלו מלמדו לסטיות איז גלייך ווי ער וואלט איהם געלערנט זיין א גזלן.

### משלי אבות

עבודה אונ ניט צו פאדערן שכר, וועט השי״ת אליין אויף איהם משפיע זיין פון הימעל אלעס גוטס אונ וועט זיין זעהר חשוב ביי הקב״ה, דס זאגט דר תנא ואל תהיו כעבדים כו׳) איהר זאלט ניט זיין וויא דיא דיענער וואס דיענען השי״ת צוליעב שכר. ואלא הוו כעבדים כו׳ ש״א ע״מ מנת לקבל פרס). נאר איהר זאלט זיין ווי דינער וואס דינען השי״ת ניט צוליעב שכר נאר צוליעב כבוד השי״ת:

### פירוש ע״ט

וואס וועלן נאך קומען וועלן טרינקען די וואסער זיי וועלן אוסליגן אויף שלעכטע דעות אונ וועלן בלייבן ביי דר שלעכטער דעה וועט זיין א חלול השם. הלל ושמאי קבלו מהם הלל אונ שמאי האבן מקבל גיוועזן פון זיי הלל זאגט דו זאלסט זיין פון די תלמידים פון אהרן הכהן ער האט ליב געם זאל זיין שלום צווישן ישראל אונ יאגט נאך שלום צו מאכן אזו ווי אהרן הכהן ער האט ליב אלע מענשן חאטשע שלעכטע אונ ער האט זיי גימאכט גענעהנן צו דר תורה. הוא היה אומר הלל פלעגט זאגן ווער עס מאכט זיך גרוס מיט א שם וואס הערט זיך ווייט ווערט זיין נאמען פארלארן ער וועט ניט לאנג געוועזן אויף דר וועלט, ווער עס מעהרט ניט צו חזר׳ן וואס ער האט געלערנט ווערט זיין לערנן פארגעסן, דר וואס לערענט גאר ניט איז ער זיך אליין שולדיג, ווער עס ניצט מיט דר קרון פון דר תורה וועט ער פארבייטן ווערן פון עולם הבא. הוא הלל פלעגט זאגן ווען איך וועל מיר אליין ניט העלפן איך זאל קונה זיין תורה ומעשים טובים ווער וועט מיר העלפן, ווען איך העלף מיר יוא וואס בין איך גלייך, אונ אז איך וועל ניט זעהען היינט אויף דר וועלט מיר צו העלפן צוא לערנן, אונ טהון מצות ווען וועל איך

וְאִם לֹא עַכְשָׁו אֵימָתָי: טו שַׁמַּאי אוֹמֵר, עֲשֵׂה תוֹרָתְךָ קֶבַע, אֱמוֹר מְעַט וַעֲשֵׂה הַרְבֵּה, וֶהֱוֵי מְקַבֵּל אֶת־כָּל־הָאָדָם בְּסֵבֶר פָּנִים יָפוֹת: טז רַבָּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, עֲשֵׂה לְךָ רַב וְהִסְתַּלֵּק מִן הַסָּפֵק, וְאַל תַּרְבֶּה לְעַשֵּׂר אֻמָּדוֹת: יז שִׁמְעוֹן בְּנוֹ אוֹמֵר, כָּל־יָמַי גָּדַלְתִּי בֵּין הַחֲכָמִים, וְלֹא מָצָאתִי לַגּוּף טוֹב מִשְּׁתִיקָה, וְלֹא הַמִּדְרָשׁ עִקָּר אֶלָּא הַמַּעֲשֶׂה וְכָל־הַמַּרְבֶּה דְבָרִים מֵבִיא חֵטְא: יח רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן־גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, עַל שְׁלשָׁה דְבָרִים הָעוֹלָם קַיָּם, עַל־הָאֱמֶת, וְעַל־הַדִּין, וְעַל־הַשָּׁלוֹם, שֶׁנֶּאֱמַר, אֱמֶת, וּמִשְׁפַּט שָׁלוֹם שִׁפְטוּ בְּשַׁעֲרֵיכֶם

## תפארת אבות

אונ דאס זאגט דער תנא אהב את המלאכה האב ליעב דיא ארבייט ושנא את הרבנות אונ האס פיינט דיא יראויסקייט זאל תהודע לרשות דאן וועסט דו ניט לאזען ערקענען צו דעם ארמוט דאס חייסט דו וועסט ניט זיין קיין אדימאן (רשות שטאמט פון דעם ווארט ריש ארמוט). דאס איז איין מוסר השכל אז עלטערען זאלען לערנען זייערע קינדר איין אומנות וועלען זיי קענען זיין מיט ליימען גלייך אונ דינגען נאם מיט פרייעם הערצען.

(על שלשה דברים העולם קים וכו' על האמת). צוליעב דריי זאכען עקסיסטירט דיא וועלט, דיא גמרא ברענגט א מעשה רבא האט איין מאל געזאגט אז עס איז ניט דא קיין אמת אויף דער וועלט. האט איהם געענטפערט איין תלמוד חכם רב טביומי אז מען קאן דס ניט זאגן בעשטימט דען איך ווען מען זאל מיר געבן אלע אוצרות פון דר וועלט וועל איך קיין שקר ניט זאגען. איין מאל האט זיך געטראפען אז ער איז געקומען אין איין שטאט קושטא דר

## צדקת אבות

פון דעם שידוך מיט דער געפאנגענע. מיין זוהן הט באלד ממלא געוועזן מיין רצון. אונ איך האב גלייך גענומען אלע בגדים אונ תכשיטין וועלכע איך האב אנגעגרייט פאר מיין זוהן אונ דיא כלה. אונ אוועק געגעבן דעם יונגן מענשן אונ גלייך געשטעלט איין חופה אונ געפייערט די חתונה אויף דעם שענסטען ארט. נאך דר חתונה האב איך געהאלטען די יונגע לייט א לאנגע צייט אויף קעסט ביז זיי האבן פערגעסן אן זייערע צרות אונ זענן אוועק צו זייערע ... איך האב זיי זעהר פיין אויסגעריכט מיט פיעל ... אונ מתנות אונ איצט הער איך פון זיי נאר גוטס פון נוויטען אונ מיין נחת פון זייא דאס איז מיין שכר פר אלעם וואס איך האב מיט זייא געטהון. וויא דער תנא הט דס אויסגעהערט זאגט ער צום קצב געלויבט זאלסטו זיין צו גאט וואס דו האסט מיך בערוהיגט אונ ערפרייט מיין הארץ. גליקליך בין איך אז דוא נפש יקרה וועסט זיין מיין חבר אין גן עדן. פון דאמאלס אן הט דר תנא מיט איהם קובע געוועזן איין צייט צו לערנן תורה מיט גרוס יראת שמים. אט דאס איז דיא כוונה (וקנה לך חבר), זעה צוא פערשאפן דיר איין גוטן חבר איין גרויסען בעל מעשים טובים. דו זאלסט זיך אב לערנען פון איהם גוטע מעלות ומדות אין עבודת השי"ת. וועסטו זוכה זיין צוא זיצען אין גן עדן תחת כנפי השכינה בסוד קדושי עליון, וואו עס זיצן אלע היילגע אונ כשרה נשמות:

## פירוש ע"ט

מיר קאנען העלפען. שמאי אומר שמאי זאגט מאך דיין תורה וואס דו לערענסט אויף תמיד. זאג בעסער וויניגער אונ טהון זאלסטו מעהר הן תורה ומצות אדר צדקה געבן אונ זאלסט אנטפאנגען איטליכען מענשן מיט גוטע געדאנקען אונ מיט א שיין פנים. רבן גמליאל רבן גמליאל זאגט מאך צו דיר איין רבי אז דו ווילסט פסקענען זאלסט דו איין עצה האלטען אונ דורך דעם וועסט דו אפגעטהון ווערען פון א ספק דען דו וועסט אויסקלערען דעם אמת אונ זאלסט ניט מעהרען מעשר'ען שאצענדיג נאר זאלסט איבר מעסטען אונ געבן מעשר. שמעון בנו זיין זוהן שמעון זאגט אלע מיינע יאהרען בין איך געוואקסען געצויגען צווישען די חכמים אונ האב ניט געפונען אבעסערע זאך צום גוף נאר שווייגען אז ער רעט ניט איבעריג זאגט ער ניט קיין רכילות אונ לשון הרע והראיה אפילו אין דברי תורה אז ער ... ניט אזוי ווי ער דרש'נט איז בעסער אז ער וואלט געשוויגן אונ ווער עס רעט פיעל ברענגט ער אויף זיך עבירות. רבן שמעון דער זוהן פון רבן גמליאל זאגט אויף דרייא זאכען הט די וועלט א קיום, אויף אמת מען זאל איינער דעם אנדערען ניט ליי...ענן אונ מען זאל טהון א משפט ווען איינער טהוט ניט רעכט יוזג עס זאל זיין שלום איינער מיט דעם אנדערען עס זאל ניט זיין קיין מחלוקת:

רַבִּי חֲנַנְיָא בֶּן־עֲקַשְׁיָא אוֹמֵר, רָצָה הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא לְזַכּוֹת אֶת־יִשְׂרָאֵל, לְפִיכָךְ הִרְבָּה לָהֶם תּוֹרָה וּמִצְוֹת, שֶׁנֶּאֱמַר. יְיָ חָפֵץ לְמַעַן צִדְקוֹ יַגְדִּיל תּוֹרָה וְיַאְדִּיר: עָלֵינוּ, קדיש יתום.

### משלי אבות

רבי חנניא בן עקשיא אומר רצה הקב"ה לזכות את ישראל וכו'. השי"ת הט געוואלט מזכה זיין די ישראל דארום הט ער זיי פארמעהרט די תורה ומצות, פרעגען די מפרשים דוכט זיך גראדע פערקעהרט אז נאט וואלט אונז געגעבן וויניגער מצות וואלט געוועזן גרינגער צו היטן, זאגט דר אהל יעקב א משל, אַרייכר יונגער מאן וועלכר עס הט זיך ביי איהם געענדיגט די קעסט הט ער צוזאמענגענומן זיין קאפיטאל אונ איז אוועק געפאהרן האנדלען סחורה אין איין גרויסע פאבריק שטאט, הט ער זיך צוזאמען געטראפן מיט זיין פעטר פר האט דעם פעטער דערציילט דעם צוועק פון זיין נסיעה, זיי האבען ביידע פערבראכט א צייט אונ דער נאך איז דר יונגר מאן אוועק צו זיך אוף זיין סטאנציע, דר טרייער פעטער איז געגאנגען צו זיינע בעקאנטע פאבריקאנטען אונ הט פר איהם צוזאמען געקויפט ביי פערשידענע פאבריקאנטען פערשידענע סארטען סחורת צו די בילינגסטע פרייזען, די פאבריקאנטען האבען אן געפאנגן צוזאמען צו שיקען די סחורה וועלכע דר פעטר הט פר איהם אבגעקליבן פון איין פאבריקאנט איז מען ארוים אונ פון דעם אנדערן איז מען געקומן מיט סחורה ביז מען הט איהם ארום גענומן פון אלע זייטן אונ ער איז מיט זיי בעשעפטיגט געוועזן איניגע טעג, דר יונגר מאן הט פר אלעם בעצאהלט מזומן ביז ער איז געבליבן אהן געלד גאר וואס ער הט זיך געלאזן אום צו קענען ריוזן צוריק, בעת ער הט אבשיער גענומן פון פעטער זאגט ער צוא איהם ליעבער פעטער מיט אייער פריינדשאפט האט איהר מיר פערמאטערט יעדער פאבריקאנט האט מיר געשיקט סחורה אין אייער נאמען מיט בעשטימטע פרייזען איך האב אלעם גענומן צוא נעמן אונ בעצאהלן אונ יעצט בין איך געבליבן אהן איין פרוטה, איך בין דעם ערשטן מאל דא האב איך געוואלט עטוואס פערגניגן האבן יעצט מוז איך שוין פארן צוא הויזע דען איך בין שוין קורץ אין געלד, ענטפערט איהם דער פעטער ווי גליקליך ביסטו יעצט איך האב דיר געשיקט די שענסטע אונ בעסטע סחורה וואס עס איז גיטא צו זיי קיין דמיון אונ זעהר בילינג ווי עס קאן גאר געבן דו וועסט קענן א"ה צוא הויזע וועסטו אן זיי זעהר גוט פערדיענן אונ דו וועסט מיר אימער דנקען וואס איך האב דיר די צייט אונ די געלד צו גענומן דען דא איז מעשים בכל יום אז עס קומן יונגע לייט מיט גרויסע קאפיטאלן עס לאזן זיך צו זייא צוא חברה אונ מען פארברייגגט נור אין פערגניגן ביז מען צאפט זיי אום די עטליכע גילדן אונ פערדייזן מיט נאר ניכטס האב איך דיר פערהיט אז מיט דיר זאל עס ח"ו ניט פאסירן, יעצט פאהר געזונד מיין קינד (וה' ישמר צאתך ובואך). דר יונגר מאן הט איהם געדאנקט פון מיעסן הרצן אונ איז אבגערייזט נאך הויזע לשלום. דער נמשל איז השי"ת האט אראב געשיקט דעם מענשן אוף דר וועלט ער זאל דא איין האנדלען תורה ומצות נאר וויא דר מענש קומט אהער זעהט ער פר זיך א וועלט מיט אלערליי תאוות עולם הזה אונ אז ער זאל זיך ח"ו צו לאזן צוא זיי איז ער איינגליקליך, (כי יצר לב האדם רע מנעוריו). דר מענש האט דאך א יצר הרע צו אלע נארישע פארגניגן אונ תאוות אונ ער שעמט זיך קומן לעולם הבא מיט שענדליכע מעשים ווי די חכמים ז"ל זאגן (עבירה גוררת עבירה) איין עבירה שלעפט נאך זיך

### תפארת אבות

טייטש פון "קושטא" איז אמת, אונ דערפאר הייסט וויא "קושטא" ווייל ליגנער זענע דארט ניטא. אונ צוליעב דעם טרעפט נים אין דער שטאט אז איין מענש זאל שטארבען פר דער צייט. ער הט פון דער שטאט גענומען איין ווייב אונ האט מיט איהר געהאט צוויי קינדער. איין מאל איז זיא געזעסען אין צימר אונ האט צורעכט געמאכט די האר קומט איין שכנה אונ האט אנגעקלאפט אין טהיר, עס איז דאך אבער נים שיין אריינצולאזן איין פרעמדן ווען די פרוי געהט מיט בלויסן קאפף. האט ער זיך אויסגערעדט אז זיין ווייב איז נים דא אין דר היים אונ פאר דעם קליינעם שטך זענען געשטארבען זיינע ביידע קינדער. היא מען האט זיך דערוואוסט אין שטאט פון זייער שטארבען האבען זיך איפגעקליבן די שטאט לייט צו איהם. ווען דס איז ביי זיי גאר געוועזן איין נייעס אז קינדר זאלן שטארבן. הט ער זיי דערציהלט דיא גאנצע מעשה אז צוליעב דעם קליינעם ליגן וועלכן ער הט געזאגט איז דר אומגליק געשעהן. זאגן זיי צו איהם מיר בעטן דיר אז דו זאלסט זיך ארויסקליבן פון שטאט, כדי דוא זאלסט איין אונז נים ברענגען דעם טויט פאר דער צייט. דערפון זעהט מען אז רבא איז גערעכט געוועזן אז עס איז זעהר שווער צו היטן זאגן דעם אמת אונ דארום הט ער געזאגט אז עס איז ניטא קיין אמת אוף דר וועלט. אונ דס זאגט די משנה על שלשה דברים העולם קים כו' על האמת. אז אוף וואהרע אמת שטייט די וועלט:

### פירוש ע"ט

רבי חנניא בן עקשיא זאגט גאט הט גישטעלט אין דר תורה אזעלכע מצות דהיינו ער זאל ניט עסן שקצים ורמשים חאטשע עס וואלט ניט שטעהן אין דר תורה וואלט מען אוך גיט גיגעסן הט ער געשטעלט ער זאל זיי געבן שכר דרוף ווי אין פסוק שטייט גאט הט געוואלט מזכה זיין די ישראל פון וועגן זיינע צדקות דרום טהוט גאט גרעסר מאכן די תורה כדי יודן זאלן קערנען וועלען זיי נעמן גוטען שכר בעולם הזה ובעולם הבא אמן:

של ישראל וכו'.

א רבי אומר, איזו היא דרך ישרה שיבור לו האדם, כל שהיא תפארת לעשה ותפארת לו מן האדם. והוי זהיר במצוה קלה כבחמורה, שאין אתה יודע מתן שכרן של מצות. והוי מחשב הפסד מצוה כנגד שכרה, ושכר עברה כנגד הפסדה. הסתכל

## תפארת אבות

(איזו היא דרך ישרה וכו'), וועלכער וועג איז דער גלייכער וואס דר מענש זאל זיך אויסקלייבען. עס איז ידוע אז עס איז דא צוויי סארטען מצות. א) בין אדם למקום. אזוי איין סארט מצוה וואס זיא בעלאנגט נאר צו השי"ת אליין אונ צו מענשען נים. ווי מאסטען יום כפור. סוכה. לולב. ציצת. תפלין. מזוזה וכדומה. דאס איז איין שווערע סארט מצוה ווייל מען דארף זיא טהון בכונה נאר לשם שמים אהן איין שום פניה. ב) בין אדם לחברו, אזוי איין סארט מצוה ווס בעשטייט נאר אין טהון גוטס צום צווייטען, געבען צדקה צו ארמע לייט, גמילות חסדים צו רייכע אונ צו ארעמע. הכנסת אורחים וכדומה. דער ארם

## ברית אבות

(והוי זהיר במצוה קלה כבחמורה שאין אתה יודע מתן שכרן של מצות). עס איז קשה דר תנא איז דאך סותר זיינע רייד ער זאגט דאס מען ווייסט ניט דעם שכר פון יעדע מצוה ווי אזו זאגט ער דאס מען זאל געווארענט זיין אפילו אין איין גרינגע מצוה, וועלכס הייסט דס איין גרינגע מצוה מען ווייסט דאך ניט אויף וועלכע מצוה מען נעמט מיין שכר זענען דאך אלע מצות אלס איינס. נאר דער פשט איז אזו (והוי זהיר במצוה) דו זאלסט שטענדיג זיין א זריז צו א מצוה הן קלה סייא דיא מצוה וועט דיר לייכט אן קומען צו טהון זאלסט דו אוך ניט אבלייגען אויף שפעטר ווייל ניען מען וויל קאן מען זיא טהון. (כבחמורה) אזו וויא דו בענגצט זריזות צו די מצוה ווס קומט דיר אן שווער ווארום (שאין אתה יודע) דוא ווייסט ניט (מתן שכרן של מצות) וואס פר א מתנה מען וועט דיר שענקן פר דיא מצוה דען באמת קומט פר די מצוה קיין שכר ניט דען די מצוה אליין איז א גוטע זאך נאר דער שכר איז א מתנה פון אייבערשטען קענסטו דאך גים וויסן מאמר וועט דיא מתנה נאך גרעסר זיין ווייל דו האסט געטהון די מצוה בזריזות:

## זכות אבות

(רבי אומר איזו היא דרך ישרה שיבור לו האדם כל שהיא תפארת לעושה ותפארת לו מן האדם). דר רשב"ץ זאגט דאס לעושה מיינט מען הקדוש ברוך הוא דאס הייסט תאטשי עס איז דאך זעהר גוט צו טהון איין מצוה וועלכעס נאר דער רבונו של עולם זאל וויסן. פון דעסטוועגען איז דא פיעל מצות וועלכע עס איז אמאל גלייך צו טהון דאס מענשען זאלן זיך פון איהם אבלערנען צוא טהון א מצוה. על פי משל אין א שטאדט איז געווען צוויי עשירים וועלכע זיי האבן ביידע געגעבען פיעל צדקה מתן בסתר שטילערהייט קיינר האט ניט געוואוסט נאר איין עושר האט געהאט די אנדערע. דארום איז געווען איין מצה פון השי"ת צו פערשאפן איהם זעהר פיעל סחורה דאס. איז פיעל תורה ומצות אז ער זאל גאר ניט האבן קיין ליידינגע צייט. (ומצוה גוררת מצוה), איין מצוה ברייננגט צו די אנדערע דען קוים האט ער מקיים געווען איין מצוה שטעהט איהם פאר נאך איין מצוה מקיים צו זיין, דס

## מעשה אבות

(איזו היא דרך ישרה וכו'). וועלכער וועג איז דער גלייכסטער וואס דער מענש זאל זיך אויס קלויבען. דער מדרש ברענגט א מעשה. רבי שמעון בן שטח האט איין מאל געקויפט איין אייזעל ביי איין ישמעאל. האבען דיא

## משלי אבות

זאגט דר תנא רצה הקב"ה כו' השי"ת האט געוואלט גליקליך מאכען דיא ישראל (לפיכך הרבה להם תורת ומצות). דארום הט ער זיי געגעבן פיעל תורה ומצות אז זיי זאלן קיין צייט ניט האבן צו זוכען תאוות עולם הזה נאר (להגדיל תורה ולהאדירה). אונ דר זכות פון דר תורה וועט אויף אונז מגין זיין לעולם נער:

## פירוש ע"ט

רבי אומר רבינו הקדוש ער האט געהייסן רבי יהודה הנשיא זאגט, וועלכער איז דער רעכטפארטיגער וועג ווס א מענש זאל זיך אויסקלויבן, די זאך ווס א מענש טהוט קאן ער זיך מיט דעם בעשיינען אונ פון אנדערע מענשען איז איהם אויך א שיינקייט אונ זאלסט זיין געווארענט א גרינגע מצוה צו טהון ווי א הארבע מצוה ווארום דו ווייסט ניט דם בעצאהלונג פון די מצות אפשר ווס דיר דאכט זיך עס איז א קליינע מצוה וועסט דוא דערפאר מעהר שכר נעמן אונ דו זאלסט בעטראכטן אונ רעכענען דעם שאדן ווס דו האסט דורך דעם ווס דו טהוסט א מצוה זאלסט אנטקעגן שטעלן דעם שכר פון דר מצוה וואס איז זייער פיעל אונ דעם שכר אונ די הנאה ווס דו האסט פון דר עבירה ווס דו טהוסט זאלסט דו דיר אנטקעגן שטעלן דעם גרויסן שאדן ווס דו וועסט האבן דורך דר עבירה, זאלסט תמיד טראכטן אויף די

בִּשְׁלשָׁה דְבָרִים וְאֵין אַתָּה בָא לִידֵי עֲבֵרָה, דַּע מַה לְּמַעְלָה מִמְּךָ, עַיִן רוֹאָה וְאֹזֶן שׁוֹמַעַת וְכָל־מַעֲשֶׂיךָ בַּסֵּפֶר נִכְתָּבִים: ב רַבָּן גַּמְלִיאֵל בְּנוֹ שֶׁל־רַבִּי יְהוּדָה הַנָּשִׂיא אוֹמֵר, יָפֶה תַלְמוּד תּוֹרָה עִם דֶּרֶךְ אֶרֶץ,

## דרך אבות

(יפה תלמוד תורה עם דרך ארץ). דר קדושת לוי טייטשט דעם מאמר עס איז גוט אז מען לערענט בשעת דעם האנדל הייננו בשעת דעם משא ומתן הט מען אין זינען די תורה, מען זאל האנדלען ערליך אזוי ווי דיא תורה הייסט מען זאל געבן איין ערליכע מאס איין ערליכע וואג מען זאל גישט נארען יענעם מען זאל נים זאגן קיין ליגענט, דס איז אלין די דינים פון דער תורה ממילא אז מען וועט דס אלין אין זינען האבען בשעת דעם האנדעל מקיים צו זיין הייסט דאך אז ער לערענט תורה בשעת משא ומתן, דעסטגלייבן דער וס האנדעלט מיט נשים דארף זיך היטן נים צו רעדן מיט זיי גאר דס וס ער דארף צום משא ומתן. אויך זאל ער נישט קוקן אויף זייא לשם תועבה ח"ו, כדי ער זאל נים האבען קיין שלעכטע געדאנקען. דיא גמרא שרייבט א מעשה (קידושין דף מ') רב כהנא האט

## תפארת אבות

מצות איז לייכטער, ווייל דערצו דארף מען נים קיין בעזונדערע כונה אונ אז ער האט א פניה פון כבוד וועגן איז איך גוט דען דעם ארעמאן איז אלס גלייך נאר ער זאל בעקומען די נדבה, דער רמב"ם שרייבט אז יעדער איש ישראל האט פר זיך איין צעטיל פון תרי"ג מצות אונ יעדר מעגטש מוז זיך פאר נעמען איין מצוה וואס אין דעם זאלען ליגען זיינע גאנצע געדאנקען אונ דס וועט איהם ברענגען לחיי עולם הבא. אונ דאס זאגט דר תנא, וואס פאר איין מצוה זאל ער מאכען פון איר דעם עיקר, כל שהיא תפארת לעושה. וועלכע זי איז שיין פאר דעם באשעפר. ותפארת

## מעשה אבות

תלמידים דערזעהן ביא איהם אויפ'ן האלז איין טייערען דימענט, זענען זיי ארייגגעלאפען צו רבי שמעון מיט גרויס שמחה אונ זאגען צו איהם. רבי, ברכת ה' היא תעשיר, דיא ברכה פון השי"ת מאכט איין מענשען רייך. איצט זים איהר גליקליך פון דער כשרה מציאה. מיר האבען געפונען ביים אייזעל אויפ'ן האלז איין טייערן דימענט. זאגט ער צו די תלמידים פרייט זיך נים דאס איז נים מיינע דען איך האב געקויפט נאר דאס אייזעל אונ

## זכות אבות

א נאטור אז די שבעה טובי העיר זענען געקומען צו איהם וועגן א דבר צדקה פר די שטאדט פלעגט ער זיי אן שרייען אונ ארויסווארפן נאר שטילערהייט ביי נאכט פלעגט ער זייא אונטערווארפען א ביוטיל מיט געלד דער צווייטער עושר פלעגט האבען א נאטור פר קעהרט ער פלעגט די שבעה טובי העיר זעהר שטארק מכבד זיין. אונ ער פלעגט זיין דר ערשטער לכל דבר שבצדקה דאס די גאנצע שטאדט הט זיך מיט איהם געבענטשט דאס זאגט רבי אויבוואהל זיי זענען דאך ביידע נאכט פארכטיגע אונ גרויסע בעלי צדקות פון דעסטוועגן איז דעם צווייטן עושרס דרך בעסער ווי דעם ערשטן עושרס דרך. צדקה מתן בסתר איז זעהר גלייך ווען אז מען גיבט דעם ארעמאן אליין די צדקה מוז איך זוכען איין אופן דאס ער זאל נים מבוייש ווערן איהם צוא געבען בסתר. אבער ווען מענשען אנשים מכובדים געהן אונ זענען זיך מבטל צוזאמען צוא מאכען פאר ארימע ליים א צדקה דארף מען זיי מחזק זיין נים זאגן איך וויל נים מען זאל וויסען בכדי דאס אנדערע זאלען זיך אויף זייא פארקוקן אונ אויך געבען צדקה צוא דיא טייערע זאך:

(וכל מעשיך בספר נכתבים). דער מדרש שמואל זאגט דעם פשט דאס דער תנא הייסט אז אלע מעשים וואס דר מענש טהוט זאל ער ביי זיך אין זיין טאג בוך פארצייכנן וועט דס זיין איין עצה צו תשובה דען דר מענש איז עלול צו שכחה אונ ער געפינט גארניט אין זיך קיין שלעכטע מעשים ער פארגעסט וואס ער האט אפגעטהון אבר אז ער וועט זיך פאר צייכענען וועט ער אליין דורכזעהן זיינע מעשים אונ אוב זיי זענען שלעכט וועט ער תשובה טהון אונ מתקן זיין:

## צדקת אבות

(עין רואה ואזן שומעת וכו') עס איז דא איין אונ וועלכע זעהט אונ איין אויער וואס הערט אלעס. די גמרא ברענגט אין מסכת ברכות ווען רבי יוחנן בן זכאי איז געווען קראנק האבען די תלמידים פערשטאנען אז ער וועט באלד שטארבען האבען זיי געבעטען פון איהם איין ברכה. זאגט ער צו זייא יהי רצון עס זאל זיין גאטס ווילען אז איהר זאלט מורא האבען פר איהם ווי איהר הט מורא פר איין בשר ודם. זאגען זיי צו איהם

## פירוש ע"ט

דריי זאכען וועסט דו נים קומען צו עבירות. וואס זענען די דריי זאכען, דו זאלסט וויסען תמיד וואס איבר דיר טהוט זיך אוין. איין אוג קוקט אויף דיר וואס דו טהוסט אונ איין אויער הערט וואס דו רעדסט אונ אלע דיינע מעשים וואס דו טהוסט ווערט פארשריבען אין א בוך. רבן גמליאל דער זון פון רבי יהודה הנשיא זאגט עס איז גוט צו לערנען תורה מיט דעם פיהרונג פון דר וועלט

מַעֲשָׂי · פֶּן יֹאמְרוּ מַכְעִיסַי · אַיֵּה נָא אֱלוֹהַּ עֹשָׂי · הַנּוֹתֵן זְמִרוֹת בַּלָּיְלָה: נַחְנוּ בְיָדְךָ כַּחוֹמֶר · סְלַח נָא עַל קַל וָחוֹמֶר · יוֹם לְיוֹם יַבִּיעַ אֹמֶר · וְלַיְלָה לְלָיְלָה: הַמַּבְדִּיל [אֵל פּוֹדֶה מִכָּל צַר · קְרָאנוּךָ מִן הַמֵּצַר · יָדְךָ לֹא תִקְצַר · לֹא יוֹם וְלֹא לַיְלָה · הַמַּבְדִּיל מִיכָאֵל שַׂר יִשְׂרָאֵל · אֵלִיָּהוּ וְגַבְרִיאֵל יָבֹאוּ נָא עִם הַגּוֹאֵל · קוּמוּ רֹנּוּ בַּחֲצִי הַלָּיְלָה: הַמַּבְדִּיל תְּנָה לָנוּ שָׁבוּעַ טוֹב · רַעֲנָן כְּגַן רָטֹב · גַּם יְיָ יִתֵּן הַטּוֹב · כָּל הַיּוֹם וְכָל הַלָּיְלָה] הַמַּבְדִּיל

אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא אֵלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי אֵלִיָּהוּ הַגִּלְעָדִי בִּמְהֵרָה יָבֹא אֵלֵינוּ עִם מָשִׁיחַ בֶּן דָּוִד: אִישׁ אֲשֶׁר קִנֵּא לְשֵׁם הָאֵל. אִישׁ בֻּשַּׂר שָׁלוֹם עַל יַד יְקוּתִיאֵל · אִישׁ גָּשׁ וַיְכַפֵּר עַל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל · אליהו: אִישׁ דּוֹרוֹת שְׁנֵים עָשָׂר רָאוּ עֵינָיו · אִישׁ הַנִּקְרָא בַּעַל שֵׂעָר בְּסִמָּנָיו · אִישׁ וְאֵזוֹר עוֹר אָזוּר בְּמָתְנָיו · אליהו: אִישׁ זָעַף עַל עוֹבְדֵי חַמָּנִים · אִישׁ חָשׁ וְנִשְׁבַּע מִהְיוֹת גִּשְׁמֵי מְעוֹנִים · אִישׁ טַל וּמָטָר עָצַר שָׁלֹשׁ שָׁנִים · אליהו: אִישׁ יָצָא לִמְצֹא לְנַפְשׁוֹ נַחַת · אִישׁ כִּלְכְּלוּהוּ הָעוֹרְבִים וְלֹא מֵת לַשַּׁחַת · אִישׁ לְמַעֲנוֹ נִתְבָּרְכוּ כַּד וְצַפַּחַת · אליהו: אִישׁ מוּסָרָיו הִקְשִׁיבוּ כְמֵהִים · אִישׁ נֶעֱנָה בָאֵשׁ מִשְּׁמֵי גְבוֹהִים · אִישׁ סָחוּ אַחֲרָיו יְיָ הוּא הָאֱלֹהִים · אליהו: אִישׁ עָתִיד לְהִשְׁתַּלֵּחַ מִשְּׁמֵי עֲרָבוֹת · אִישׁ פָּקִיד עַל כָּל בְּשׂוֹרוֹת טוֹבוֹת · אִישׁ צִיר נֶאֱמָן לְהָשִׁיב לֵב בָּנִים עַל אָבוֹת · אליהו: אִישׁ קָרָא קַנֹּא קִנֵּאתִי לַייָ בְּתִפְאָרָה · אִישׁ רָכַב עַל סוּסֵי אֵשׁ בִּסְעָרָה · אִישׁ שֶׁלֹּא טָעַם טַעַם מִיתָה וּקְבוּרָה · אליהו: אִישׁ תִּשְׁבִּי עַל שְׁמוֹ נִקְרָא · תַּצְלִיחֵנוּ עַל יָדוֹ בַּתּוֹרָה · תַּשְׁמִיעֵנוּ מִפִּיו בְּשׂוֹרָה טוֹבָה בִּמְהֵרָה · תּוֹצִיאֵנוּ מֵאֲפֵלָה לְאוֹרָה · אליהו: אִישׁ תִּשְׁבִּי תַּצִּילֵנוּ מִפִּי הָאֲרָיוֹת · תְּבַשְּׂרֵנוּ בְּשׂוֹרוֹת טוֹבוֹת · תְּשַׂמְּחֵנוּ בָּנִים עַל אָבוֹת · בְּמוֹצָאֵי שַׁבָּתוֹת · אליהו: כַּכָּתוּב הִנֵּה אָנֹכִי שֹׁלֵחַ לָכֶם אֵת אֵלִיָּה הַנָּבִיא לִפְנֵי בּוֹא יוֹם יְיָ הַגָּדוֹל וְהַנּוֹרָא · וְהֵשִׁיב לֵב אָבוֹת עַל בָּנִים וְלֵב בָּנִים עַל אֲבוֹתָם · אליהו: אַשְׁרֵי מִי שֶׁרָאָה פָנָיו בַּחֲלוֹם · אַשְׁרֵי מִי שֶׁנָּתַן לוֹ שָׁלוֹם וְהֶחֱזִיר לוֹ שָׁלוֹם · יְיָ יְבָרֵךְ אֶת עַמּוֹ בַשָּׁלוֹם · אליהו:

ויאמר פּוּרָה דָּרַכְתִּי לְבַדִּי וּמֵעַמִּים אֵין אִישׁ אִתִּי וְאֶדְרְכֵם בְּאַפִּי וְאֶרְמְסֵם בַּחֲמָתִי: וְנֹחַ מָצָא חֵן בְּעֵינֵי יְהוָה: וַיְהִי דָוִד לְכָל דְּרָכָו מַשְׂכִּיל וַיהוָה עִמּוֹ:

ויאמר ז' פעמים אנא בכח ואח"כ יאמר פטום הקטורת ויש נוהגין תיכף לקרות פרשת וישלח עד אל אלהי ישראל ויאמר שיר למעלות אשא עיני וכו' ואח"כ כל הפרשה של אותו השבוע ואשרי להם כי בזה הם מאריכים זמן משכבת הבאה עליהם:

בְּרֵאשִׁית בָּרָא אֱלֹהִים אֵת הַשָּׁמַיִם וְאֵת הָאָרֶץ: יְהוָה צְבָאוֹת עִמָּנוּ מִשְׂגָּב לָנוּ אֱלֹהֵי יַעֲקֹב סֶלָה:

דיא תְּחִנָּה זָאל מֶען זָאגִין שַׁבָּת צוּ נַאכְט נָאךְ הַבְדָּלָה:

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים אַב הָרַחֲמִים וְהַסְּלִיחוֹת בְּסִמָּן טוֹב וּמַזָּל טוֹב הָחֵל עָלֵינוּ אֶת

(כשל יוליש גלולש הבנוע לא יאמר רק ימי המעשה) שֵׁשֶׁת יְמֵי הַמַּעֲשֶׂה הַבָּאִים לִקְרָאתֵנוּ
לְשָׁלוֹם חֲשׂוּכִים מִכָּל חֵטְא וָפֶשַׁע וּמְנֻקִּים מִכָּל עָוֹן וְאַשְׁמָה וָרֶשַׁע וּמְדֻבָּקִים
בְּתַלְמוּד תּוֹרָה וּבְמַעֲשִׂים טוֹבִים וְחָנֵּנוּ דֵעָה בִּינָה וְהַשְׂכֵּל מֵאִתְּךָ וְתַשְׁמִיעֵנוּ בָהֶם
שָׂשׂוֹן וְשִׂמְחָה וְלֹא תַעֲלֶה קִנְאָתֵנוּ עַל לֵב אָדָם וְלֹא קִנְאַת אָדָם תַּעֲלֶה עַל לִבֵּנוּ.
מַלְכֵּנוּ אֱלֹהֵינוּ הָאָב הָרַחֲמָן שִׂים בְּרָכָה וּרְוָחָה וְהַצְלָחָה בְּכָל מַעֲשֵׂה יָדֵינוּ וְכָל
הַיּוֹעֵץ עַל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל עֵצָה טוֹבָה וּמַחֲשָׁבָה טוֹבָה אַמְּצוֹ וּבָרְכוֹ גַּדְּלוֹ וְקַיְּמוֹ
קַיֵּם עֲצָתוֹ כַּדָּבָר שֶׁנֶּאֱמַר יִתֶּן לְךָ כִלְבָבֶךָ וְכָל עֲצָתְךָ יְמַלֵּא: וְנֶאֱמַר וְתִגְזַר אֹמֶר
וְיָקָם לָךְ וְעַל דְּרָכֶיךָ נָגַהּ אוֹר: וְכָל הַיּוֹעֵץ עָלֵינוּ וְעַל כָּל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל עֵצָה
שֶׁאֵינָהּ טוֹבָה וּמַחֲשָׁבָה שֶׁאֵינָהּ טוֹבָה תּוּפַר עֲצָתוֹ כַּדָּבָר שֶׁנֶּאֱמַר יְיָ הֵפִיר עֲצַת
גּוֹיִם הֵנִיא מַחְשְׁבוֹת עַמִּים: וְנֶאֱמַר עֻצוּ עֵצָה וְתֻפָר דַּבְּרוּ דָבָר וְלֹא יָקוּם כִּי עִמָּנוּ
אֵל: וּפְתַח לָנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ אָב הָרַחֲמִים אֲדוֹן הַסְּלִיחוֹת בָּזֶה הַשָּׁבוּעַ וּבְכָל שָׁבוּעַ
שַׁעֲרֵי אוֹרָה שַׁעֲרֵי אֹרֶךְ יָמִים וְשָׁנִים שַׁעֲרֵי אֲרִיכַת אַפַּיִם שַׁעֲרֵי בְרָכָה שַׁעֲרֵי
בִינָה שַׁעֲרֵי גִילָה שַׁעֲרֵי גְדֻלָּה שַׁעֲרֵי גְאֻלָּה שַׁעֲרֵי גְבוּרָה שַׁעֲרֵי דִיצָה שַׁעֲרֵי דֵעָה
שַׁעֲרֵי הוֹד שַׁעֲרֵי הָדָר שַׁעֲרֵי הַצְלָחָה שַׁעֲרֵי הַרְוָחָה שַׁעֲרֵי וַעַד טוֹב שַׁעֲרֵי זְרִיזוּת
שַׁעֲרֵי זִמְרָה שַׁעֲרֵי זְכֻיּוֹת שַׁעֲרֵי זִיו שַׁעֲרֵי זֹהַר תּוֹרָה שַׁעֲרֵי זֹהַר חָכְמָה שַׁעֲרֵי זֹהַר
בִּינָה שַׁעֲרֵי זֹהַר דַּעַת שַׁעֲרֵי חֶדְוָה שַׁעֲרֵי חֶמְלָה שַׁעֲרֵי חֵן וָחֶסֶד שַׁעֲרֵי חַיִּים טוֹבִים

רבון העולמים: דו הער וואס דו ביסט איין הער פון אלע וועלטן פאטר פון דר בארימהערציקייט אות
פאר געבין · מיט אגוטין סימן אונ מיט מזל הייבן אן אויף אונז די וואכן טעג פון דער
וואך די דא קומען אן צו אונז אנטקעגין צו פריד זי זאלן זיין פאר היטן פון אלע זינד אונ
מיסטריט אונ זיין פון אלערליי עבירות אונ זאלן זיין צו אונז באהעפט צו לערנען תורה אונ
צו טאן גוטע מעשים אונ לייט זעליג אונז מיט אלערליא קלוגשאפט אונ דוא זאלסט אונז
מאכין הערין אין די וואכן טעג אלטיל פרייד עס זאל ניט אונזר קנאה אויף גיין אויף איין
הארין פון אמענטשין דאס הייסט עס זאל אונז קיינר ניט מקנא זיין אונ מיר זאלן אנדרע
אויך ניט מקנא זיין דו הער גאט פאטר פארעמהארציגער טו איין בענטשונג אונ ברייטקייט
אונ באגליקונג אין אונזר משא ומתן · אונ אלע די וואס ראטין אויף ישראל גוטע עצות אונ
גוטע מחשבות זאלסטו אים שטארקן אונ אבקעטן אונ בענטשין אונ באשטעטיגן אים מיט
זיין עצה וויא עס שטייט אין פסוק גאט וועט געבן וויא דיין הארין באגערט אונ דיין עצה
וועט ער מכלא זיין · נאך זאגט דער פסוק ווען דו וועסט באפעלין וועט דס איין קיום האבן
אונ אויף דיינע וועגן וועט שיינען ליכטיקייט · אונ עפין אונז אויף דו גאט אונזר גאט דו
פאטער פון דר בארימהערציקייט דו הער פון פאר געבין יעצט אין די וואך אונ אין אלע וואכן פון איין
נאכין יאר טויערן פון ליכטיקייט טויערן פון לאנג יארין טויערן פון צו דער לאנגערין דעם
צארין דאס מיינט מען ניט באלד הש״י שלום שטראפן אויף די עבירות טויערן פון בענטשונג
טויערן פון פאר שטאנדיקייט טויערן פון פרייד אונ אבקעקייט אונ שטארקייט טויערן
פון ליכטיקייט אונ שבל טויערן פון שיינקייט אונ הצלחה אונ פרייהייט זיין אין משא ומתן די
טויערן פון דעם בית המקדש די טויערן פון גישווינדקייט צו תורה ומצות אונ זאגנג פון
שירות ותושבחות אונ פון גירעכטיקייט אונ הייטערקייט פון פאר שטאנד אונ וויסין שאפט
טויערן פון פרייד אונ דער בארימקייט אונ חן וחסד אונ חיים טובים אונ חכמה טויער פון
הילף אונ רעכט פארטיקייט טויערן פון מבשר זיין אויף די עבירות אונ מיר זאלן געשפייזט

שַׁעֲרֵי חָכְמָה שַׁעֲרֵי טוֹבָה שַׁעֲרֵי טֹהַר שַׁעֲרֵי יְשׁוּעָה שַׁעֲרֵי יֹשֶׁר שַׁעֲרֵי כַּפָּרָה שַׁעֲרֵי כַלְכָּלָה שַׁעֲרֵי כָבוֹד שַׁעֲרֵי לִמּוּד שַׁעֲרֵי מָזוֹן שַׁעֲרֵי מְנוּחוֹת שַׁעֲרֵי מְחִילוֹת שַׁעֲרֵי מַדָּע שַׁעֲרֵי נֶחָמָה שַׁעֲרֵי נְקִיּוּת שַׁעֲרֵי סְלִיחָה שַׁעֲרֵי סִיַּעְתָּא דִשְׁמַיָּא שַׁעֲרֵי עֶזְרָה שַׁעֲרֵי פְדוּת שַׁעֲרֵי פַּרְנָסָה טוֹבָה שַׁעֲרֵי צְדָקָה שַׁעֲרֵי צָהֳלָה שַׁעֲרֵי קְדֻשָּׁה שַׁעֲרֵי קוֹמְמִיּוּת שַׁעֲרֵי רַחֲמִים שַׁעֲרֵי רָצוֹן שַׁעֲרֵי רְפוּאָה שְׁלֵמָה שַׁעֲרֵי שָׁלוֹם שַׁעֲרֵי שִׂמְחָה שַׁעֲרֵי שְׁמוּעוֹת טוֹבוֹת שַׁעֲרֵי שַׁלְוָה שַׁעֲרֵי תוֹרָה שַׁעֲרֵי תְפִלָּה שַׁעֲרֵי תְשׁוּבָה שַׁעֲרֵי תְשׁוּעָה כְּדִכְתִיב וּתְשׁוּעַת צַדִּיקִים מֵיְיָ מָעוּזָּם בְּעֵת צָרָה: וַיַּעְזְרֵם יְיָ וַיְפַלְּטֵם יְפַלְּטֵם מֵרְשָׁעִים וְיוֹשִׁיעֵם כִּי חָסוּ בוֹ: וְנֶאֱמַר חָשַׂף יְיָ אֶת זְרוֹעַ קָדְשׁוֹ לְעֵינֵי כָּל הַגּוֹיִם וְרָאוּ כָּל אַפְסֵי אָרֶץ אֵת יְשׁוּעַת אֱלֹהֵינוּ: וְנֶאֱמַר קוֹל צוֹפַיִךְ נָשְׂאוּ קוֹל יַחְדָּו יְרַנֵּנוּ כִּי עַיִן בְּעַיִן יִרְאוּ בְּשׁוּב יְיָ צִיּוֹן: וְקַיֶּם לָנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ מִקְרָא שֶׁכָּתוּב מַה נָּאווּ עַל הֶהָרִים רַגְלֵי מְבַשֵּׂר מַשְׁמִיעַ שָׁלוֹם מְבַשֵּׂר טוֹב מַשְׁמִיעַ יְשׁוּעָה אֹמֵר לְצִיּוֹן מָלַךְ אֱלֹהָיִךְ: רִאשׁוֹן לְצִיּוֹן הִנֵּה הִנָּם וְלִירוּשָׁלַיִם מְבַשֵּׂר אֶתֵּן ׃ אָמֵן כֵּן יְהִי רָצוֹן סֶלָה:

**ואחר כך** יסדר שולחנו במאכלים טובים (לכבוד סעודת מלכתא) אע"פ שא"צ אלא לכזית • ויאמר:

# דָּא הִיא סְעוּדָתָא דְדָוִד מַלְכָּא:

**ווערין פון דיין** האנט אונ מיט כבוד טויערין פון לערנין די תורה טויערין פון שפייז מיר זאלן געשפייזט ווערין מיט מנוחה אונ אונז מוחל זיין די חטאים אונ שכל צו דר תורה טויערן פון טרייסט אונ ריינקייט טויערן פון סליחה אויף אונזרע זינד אונ מיר זאלין גיהאלפין ווערין פון דעם הימיל אין אונזרע עסקים טויערין פון הילף טויערן פון אויס לייזונג אונ פון איין גוטע פרנסה טויערן פון צדקה אונ פרייד טויערין פון הייליקייט אונ מיר זאלין אויף גיריכט גפירט ווערין אין אונזר לאנד אריין טויערין פון רחמנות אונ גוטין ווילין אונ מיר זאלן האבן איין רפואה שלימה טויערן פון פריד אונ פון פרייד אונ מיר זאלן זוכה זיין באלד צו הערין בשורות טובות טויערין פון תורה ותפלה ותשובה אונ מיר זאלין גהאלפין ווערין אזו ווי אין פסוק איז געשריבין אז די הילף פון די צדיקים איז פון גאט אונ ער איז זייער באשיצער אין איין אייננע צייט אונ גאט העלפט זייא אונ איז מציל זיין פון די בייזע וויכטער אונ העלפט זיי ווען זיי באשיצן זיך אן אים כנ"ל ווי עס שטייט געשריבין חשף ה' את זרוע קדשו לעיני כל הגוים גאט האט אנפלעקט זיין מאכט די הייליגע פאר די אויגן די פעלקר אונ זייא זעהן אלע די הערין פון לאנד די הילף פון אונזר גאט אונ נאך זאגט דער פסוק דאס קול פון דיינע נביאים זיי ווערן אויף הייבין איין קול אונ וועלן באנאנדער זינגען ווארום זייא וועלין בשיינבערליך זעהן אז גאט וועט ווידער קערין די שטאט ציון • אונ זאל מקיים זיין וואס עס שטייט געשריבין ווי שיין וועט זיין ווען אליהו הנביא וועט קומן זיך שטעלין אויף די בערג אן צו זאגין די בשורה אונ וועט מאכן הערין פון גאט איין פריד אויף גאר דר וועלט אונ מאכן הערן בשורות טובות אונ וועט מאכן הערן הילף ער וועט זאגן צו ציון דיין גאט טוט קיניגן דר ערשטער וואס עס וועט קומן קיין ציון פון די וואס אין גלות איז גוועזן דר וועט זאגן אזדא קומן זיי אויך באלד אן אונ צו ירושלים וועל איך געבן איין אן זאגונג דאס איז אליהו הנביא וועט קומן אונ וועט אונז אויס לייזן בטהרה בימינו אמן סלה:

ס' א'

אומרים הללו את ה' מן השמים עד חק נתן ולא יעבור ואח"כ אומרים זה :

**הריני** מוכן ומזומן לקיים המצוה לקדש הלבנה לשם יחוד קודשא בריך הוא ושכינתיה על ידי ההוא טמיר ונעלם בשם כל ישראל :

ויאמר רגליו ויראה לאיה אחת קודם שיתחיל לברך וכשיתחיל לברך לא יראה כלל :

**בָּרוּךְ** אַתָּה יְהֹוָה אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר בְּמַאֲמָרוֹ בָּרָא שְׁחָקִים וּבְרוּחַ פִּיו כָּל צְבָאָם חֹק וּזְמַן נָתַן לָהֶם שֶׁלֹּא יְשַׁנּוּ אֶת תַּפְקִידָם ׃ שָׂשִׂים וּשְׂמֵחִים לַעֲשׂוֹת רְצוֹן קוֹנָם פּוֹעֵל אֱמֶת שֶׁפְּעֻלָּתוֹ אֱמֶת וְלַלְּבָנָה אָמַר שֶׁתִּתְחַדֵּשׁ עֲטֶרֶת תִּפְאֶרֶת לַעֲמוּסֵי בָטֶן שֶׁהֵם עֲתִידִים לְהִתְחַדֵּשׁ כְּמוֹתָהּ וּלְפָאֵר לְיוֹצְרָם עַל שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ ׃ בָּרוּךְ אַתָּה יְהֹוָה מְחַדֵּשׁ חֳדָשִׁים ׃

ג"פ בָּרוּךְ יוֹצְרֵךְ בָּרוּךְ עוֹשֵׂךְ בָּרוּךְ קוֹנֵךְ בָּרוּךְ בּוֹרְאֵךְ ׃

ורוקד ג"פ ואומר כְּשֵׁם שֶׁאֲנִי רוֹקֵד כְּנֶגְדֵּךְ וְאֵינִי יָכוֹל לִנְגּוֹעַ בָּךְ כַּךְ לֹא יוּכְלוּ כָּל אוֹיְבַי לִנְגּוֹעַ בִּי לְרָעָה ׃ ג"פ תִּפֹּל עֲלֵיהֶם אֵימָתָה וָפַחַד בִּגְדֹל זְרוֹעֲךָ יִדְּמוּ כָּאָבֶן ׃ ג"פ כָּאָבֶן יִדְּמוּ זְרוֹעֲךָ בִּגְדֹל וָפַחַד אֵימָתָה עֲלֵיהֶם תִּפֹּל ׃

ג"פ דָּוִד מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל חַי וְקַיָּם ׃

ויאמר לחבירו ג"פ שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם ׃ והחבירו משיב עֲלֵיכֶם שָׁלוֹם ׃ ג"פ

ג"פ סִמָּן טוֹב וּמַזָּל טוֹב יְהֵא לָנוּ וּלְכָל יִשְׂרָאֵל אָמֵן ׃

קוֹל דּוֹדִי הִנֵּה זֶה בָּא מְדַלֵּג עַל הֶהָרִים מְקַפֵּץ עַל הַגְּבָעוֹת ׃ דּוֹמֶה דוֹדִי לִצְבִי אוֹ לְעֹפֶר הָאַיָּלִים הִנֵּה זֶה עוֹמֵד אַחַר כָּתְלֵנוּ מַשְׁגִּיחַ מִן הַחַלֹּנוֹת מֵצִיץ מִן הַחֲרַכִּים ׃

שיר למעלות אשא עיני וגו' : ׳ הללויה אל בקדשו וגו' ׳ ואין כופלין הפסוק האחרון :

תָּנָא דְבֵי רַבִּי יִשְׁמָעֵאל אִלְמָלֵא לֹא זָכוּ יִשְׂרָאֵל אֶלָּא לְהַקְבִּיל פְּנֵי אֲבִיהֶם שֶׁבַּשָּׁמַיִם פַּעַם אַחַת בַּחֹדֶשׁ

דים · אמר אביי הלכך צריך למימרא מעומד: מי זאת עלה מן המדבר מתרפקת על דודה: ויהי רצון מלפניך יהוה אלהי ואלהי אבותי למלאת פגימת הלבנה ולא יהיה בה שום מיעוט · ויהי אור הלבנה כאור החמה וכאור שבעת ימי בראשית כמו שהיתה קודם מיעוטה שנאמר את שני המאורות הגדולים: ויתקיים בנו מקרא שכתוב ובקשו את יהוה אלהיהם ואת דוד מלכם אמן:

למנצח בנגינות מזמור שיר וכו׳:

---

# סדר נטילת לולב.

תפלה מטערי ציון לומר קודם נטילת לולב:

יהי רצון מלפניך יי אלהי ואלהי אבותי בפרי עץ הדר וכפות תמרים וענף עץ עבות וערבי נחל אותיות שמך המיוחד תקרב אחד אל אחד והיו לאחדים בידי ולידע איך שמך נקרא עלי וייראו מגשת אלי ובנענועי אותם תשפיע שפע ברכות מדעת עליון לנוה אפריון למכון בית אלהינו ותהא חשובה לפניך מצות ארבעה מינים אלו כאלו קימתיה בכל פרטותיה ושרשיה ותרי״ג מצות התלוים בה כי כונתי ליחדא שמא דקודשא בריך הוא ושכינתיה בדחילו ורחימו ליחד שם י״ה בו״ה ביחודא שלים בשם כל ישראל אמן: ברוך יי לעולם אמן ואמן:

## ברכות קודם נטילת לולב

דעם ערשטין טאג סוכות זאגט מען ביידע ברכות. אבער פון דעם אנדערין טאג סוכות אן זאגט מען נאר דיא ברכה על נטילת לולב אליין אן שהחיינו. אונ אז עס גיפאלט דער ערשטער טאג סוכות אום שבת זאגט מען דעם אנדערין טאג ביידע ברכות:

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו על נטילת לולב:

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה:

---

רָאס זַיינֶען דִי טֶעג וָועלְכֶע מֶען זָאגְט גַאנְץ הַלֵּל. דִי עֶרְשְׁטֶע צְוֵויי טֶעג פוּן פֶּסַח. בֵּיידֶע טֶעג שָׁבֻעוֹת. אוּנ דִי נַיין טֶעג פוּן סֻכּוֹת אוֹיךְ גַאנְץ חֲנֻכָּה. אָבֶּער ראש חוֹדֶשׁ אוּנ חוֹל הַמּוֹעֵד פֶּסַח אוּנ דִי לֶעצְטֶע טֶעג פֶּסַח, זָאגְט מֶען הַאלְב הַלֵּל:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו, וְצִוָּנוּ לִקְרוֹא אֶת הַהַלֵּל:

# הַלְלוּיָהּ, הַלְלוּ עַבְדֵי יְיָ, הַלְלוּ אֶת שֵׁם יְיָ: יְהִי שֵׁם יְיָ מְבֹרָךְ, מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם: מִמִּזְרַח שֶׁמֶשׁ עַד מְבוֹאוֹ. מְהֻלָּל שֵׁם יְיָ: רָם עַל כָּל גּוֹיִם יְיָ, עַל הַשָּׁמַיִם כְּבוֹדוֹ: מִי כַּייָ אֱלֹהֵינוּ, הַמַּגְבִּיהִי לָשָׁבֶת: הַמַּשְׁפִּילִי לִרְאוֹת בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ: מְקִימִי מֵעָפָר דָּל, מֵאַשְׁפֹּת יָרִים אֶבְיוֹן: לְהוֹשִׁיבִי עִם נְדִיבִים, עִם נְדִיבֵי עַמּוֹ: מוֹשִׁיבִי עֲקֶרֶת הַבַּיִת, אֵם הַבָּנִים שְׂמֵחָה הַלְלוּיָהּ:

# בְּצֵאת יִשְׂרָאֵל מִמִּצְרָיִם, בֵּית יַעֲקֹב מֵעַם לֹעֵז: הָיְתָה

בית ישראל

בָּרוּךְ גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ אוּנְזֶער גָאט, קֵינִיג פוּן דֶער וֶועלְט אֲשֶׁר וָואס עֶר הָאט אוּנְז גִיהֵיילִיגְט מִיט זַיינֶע מִצְוֹת וְצִוָּנוּ אוּנ אוּנְז גִיבָּאטִין צוּא זָאגִין הַלֵּל, לוֹיבֶּע זַיין לִיבֶּען נָאמֶען:

הַלְלוּיָהּ הַלְלוּ אִיר יוּדֶען גָאטְס קְנֶעכְט, לוֹיבְּט גָאטְס נָאמֶען, יְהִי אוּנ אַזוֹי זָאלְט אִיר זָאגֶען, גָאטְס נָאמֶען זָאל זַיין גִילוֹיבְּט פוּן הַיינְט בִּיז אֵייבִּיג, מִמִּזְרַח פוּן מִזְרַח זַייט וָואס דִי זוּן גֵייט אוֹיף בִּיז מַעֲרָב וָואס דִיא זוּן פַאר גֵייט, אִיז גָאטְס נָאמֶען גִילוֹיבְּט, רָם גָאט אִיז דֶר הוֹיבֶּען אוֹיף אַלֶע פֶעלְקֶער, זַיין עֶהְרֶע שְׁטַייגְט אִיבֶּער דֶעם הִימֶעל, מִי וֶוער אִיז אַזוֹי וִויא אוּנְזֶער גָאט הַגַּם עֶר זִיצְט אַזוֹי הוֹיךְ, דָאךְ בְּלִיקְט עֶר אַזוֹי נִידֶערִיג, אוֹיף דֶעם הִימֶעל וּוייל קֵינִיג זַיין הוֹיכְקַייט, אִיז דֶער הִימֶעל אוֹיךְ גִירֶעכֶענְט פַאר נִידֶערִיג), אוּנ אוֹיף דִיא עֶרְד, מְקִימִי מִיט זַיין הַשְׁגָּחָה מַאכְט עֶר אוֹיף שְׁטֶעלִין דֶעם אָרוּמַאן פוּן זַיין שִׁפְלוּת, פוּן דֶעם מִיסְט-פְּלַאץ הוֹיבְּט עֶר אוֹיף דֶעם אֶבְיוֹן, לְהוֹשִׁיבִי אוּנ מַאכְט זֵייא זִיצֶען מִיט דִיא אֵיידִילְסְטֶע לַייט פוּן זַיין פָאלְק מוֹשִׁיבִי עֶר בַּאזֶעצְט מִיט קִינְדֶער דָאס הוֹיז פוּן אַיין עֲקָרָה, דָאס דִיא מוּטֶער פְרֵייט זִיךְ מִיט אִירֶע קִינְדֶער, דְרוּם לוֹיבְּט גָאט:

בְּצֵאת יִשְׂרָאֵל אַז יִשְׂרָאֵל אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם בֵּית אַז דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען פוּן אַמֶעכְטִיגֶעם פָאלְק (דָאס אִיז מִצְרַיִם) הָיְתָה אִין דֶר צַייט אִיז גִיוָוארֶען שֵׁבֶט יְהוּדָה זַיין הֵיילִיג פָאלְק אוּנ יִשְׂרָאֵל זַיינֶען גִיוָוארְן זַיינֶע הֶערְשַׁאפְט.

הַיָּם

יְהוּדָה לְקָדְשׁוֹ יִשְׂרָאֵל מַמְשְׁלוֹתָיו: הַיָּם רָאָה וַיָּנֹס, הַיַּרְדֵּן יִסֹּב לְאָחוֹר: הֶהָרִים רָקְדוּ כְאֵילִים, גְּבָעוֹת כִּבְנֵי צֹאן: מַה לְּךָ הַיָּם כִּי תָנוּס, הַיַּרְדֵּן תִּסֹּב לְאָחוֹר: הֶהָרִים תִּרְקְדוּ כְאֵילִים, גְּבָעוֹת כִּבְנֵי צֹאן: מִלִּפְנֵי אָדוֹן חוּלִי אָרֶץ, מִלִּפְנֵי אֱלוֹהַּ יַעֲקֹב: הַהֹפְכִי הַצּוּר אֲגַם מָיִם, חַלָּמִישׁ לְמַעְיְנוֹ מָיִם:

אום ראש חודש אונ חול המועד פסח, אונ אויך די לעצטע טעג פסח, זאגט מען דאס ניט:

לֹא לָנוּ יְיָ לֹא לָנוּ, כִּי לְשִׁמְךָ תֵּן כָּבוֹד, עַל חַסְדְּךָ עַל אֲמִתֶּךָ: לָמָּה יֹאמְרוּ הַגּוֹיִם, אַיֵּה נָא אֱלֹהֵיהֶם: וֵאלֹהֵינוּ בַשָּׁמָיִם, כֹּל אֲשֶׁר חָפֵץ

## מעשה אלפס

הַיָּם רָאָה. דער ים האט גיזעהן אונ איז אנטלאפין, פרעגט דער מדרש וואס האט ער גיזעהן? (אנטווארט) ער האט גיזעהן דעם ארון פון יוסף הצדיק (וואס אידין האבין מיט גיפירט פון מצרים), וואס ביי אים שטייט „וינס" ויצא החוצה, דער ים האט גיזעהן ווי יוסף איז אנטלאפין איז ער אויך אנטלאפין, מיט דעם קלוגין אנטווארט ניט אונז דער מדרש אליכטיגען ביאור אויף דעם מזמור, עס איז ידוע, אז דער מענטש איז מורכב פון פיר הויפט יסורות (עלעמענטין), אש, רוח, מים, עפר, פון יסוד האש קומט כעס אונ רציחה, דער מענש וואס באהערשט זיך שטענדיג אונ שטילט איין זיין כעס (הגם ער ליידעט פון דעם זייער פיל) ווערט דער יסוד „האש" נכנע פאר אים (ווי ער איז נכנע גיווארין פאר אברהם אבינו, אונ חנניא מישאל ועזריה אין קאלך אויבין) פון „יסוד המים" קומט תאוה, דער וואס איז מכניע די תאוה, אונ באנוצט איר נור לשם שמים, לקיום המין, אונ אויסער דעם מאכט ער צו איר אנרעניץ. זי זאל ניט ארויס גיין איר גבול, הגם ער קען האבין פיל פערגעניגען אין לייכטזיניגע געזעלשאפטין, פאר דעם מענטשין ווערט דער „יסוד המים" נכנע, אז ער האט צו הערשין איבער אים. אז דער ים איז גיווארין נכנע פאר אידין אונ האט זיי נימאכט אוועג, זיי זאלין גיין ביבשה, זעט מען אז אידין האבין באהערשט דעם יסוד המים (ווי

יוסף

## בית ישראל

הַיָּם דער ים האט גיזעהן אז די יודען זיינען אריין גיטראטין אין אים איז ער אנטלאפין אונ איז גיווארין טרוקען, אונ אין דער צייט אז יהושע איז גיגאנגען מיט דיא יודען צום ירדן, האט דער ירדן אוועק גיקערט אהינטער. הֶהָרִים בשעת מתן תורה האבין דיא בערג גישפרונגען אזוי וויא דיא שאף מחמת ציטערניש גְּבָעוֹת אונ די הויכע בערג האבין גישפרונגען (ביי דיא נחלי ארנון) וויא די יונגע שאף. מַה גלייך וויא מען פרעגט דעם ים, וואס איז דיר גיוועזן וואס דו ביסט אנטלאפען? הַיַּרְדֵּן דוא ירדן ווארום האסטו זיך גיקערט אהינטער? הֶהָרִים איר בערג וואס האט איר גישפרונגען וויא די שאף? גְּבָעוֹת אונ איר הויכע בערג וואס האט איר גישפרונגען וויא דיא יונגע שאף? מִלִּפְנֵי גלייך ווי זייא ענטפערין, מיר זיינען אנטלאפען אונ מיר האבין גישפרונגען פאר דעם האר וואס האט באשאפען דיא ערד, וואס ער איז דער גאט פון יעקב, הַהֹפְכִי הַצּוּר וואס ער האט פערוואנדעלט דעם שטיין אויף א־וואסער־טייך אונ דעם הארטען שטיין האט ער פאר קערט צו קוואלין וואסער:

לֹא לָנוּ ניט וועגין אונזער גירעכטיקייט בעטין מיר דוא זאלסט טאן מיט אונז חסד נור וועגין דעם כבוד פון דיין ליבען נאמען, ער זאל גיעהרט ווערין מחמת דיין חסד אונ דיין אמת, לָמָּה ווארום זאלין דיא פעלקער זאגין, וואו איז דען זייער גאט? וֵאלֹהֵינוּ אבער באמת אונזער גאט זיצט אין הימעל כֹּל דרום טוט ער וואס ער

עָשָׂה: עֲצַבֵּיהֶם כֶּסֶף וְזָהָב מַעֲשֵׂה יְדֵי אָדָם: פֶּה לָהֶם וְלֹא יְדַבֵּרוּ. עֵינַיִם לָהֶם וְלֹא יִרְאוּ: אָזְנַיִם לָהֶם וְלֹא יִשְׁמָעוּ, אַף לָהֶם וְלֹא יְרִיחוּן: יְדֵיהֶם וְלֹא יְמִישׁוּן, רַגְלֵיהֶם וְלֹא יְהַלֵּכוּ, לֹא יֶהְגּוּ בִּגְרוֹנָם: כְּמוֹהֶם יִהְיוּ עֹשֵׂיהֶם, כֹּל אֲשֶׁר בֹּטֵחַ בָּהֶם: יִשְׂרָאֵל בְּטַח בַּיְיָ, עֶזְרָם וּמָגִנָּם הוּא: בֵּית אַהֲרֹן בִּטְחוּ בַיְיָ, עֶזְרָם וּמָגִנָּם הוּא. יִרְאֵי יְיָ בִּטְחוּ בַיְיָ, עֶזְרָם וּמָגִנָּם הוּא:

יְיָ זְכָרָנוּ יְבָרֵךְ, יְבָרֵךְ אֶת בֵּית יִשְׂרָאֵל, יְבָרֵךְ אֶת בֵּית אַהֲרֹן: יְבָרֵךְ יִרְאֵי יְיָ, הַקְּטַנִּים עִם הַגְּדֹלִים: יֹסֵף יְיָ עֲלֵיכֶם, עֲלֵיכֶם וְעַל בְּנֵיכֶם: בְּרוּכִים אַתֶּם לַיְיָ, עֹשֵׂה שָׁמַיִם

### בית ישראל

באגערט עצביהם אין זייערע בילדער איז קיין ממשות ניטא ווייל זיי זיינען נור פון גאלד אונ זילבער אונ מענשין האבען זיי גימאכט פה להם זיי האבין אמויל, איז איין בזיון, וויא קומט א גאט צוא א מויל (דאס הייסט צוא קערפערליכע גלידער) ? וואלטין זייא לפחות קענען ריידין וואלט גיוועזן אהאלבע צרה, קענען זייא נאך ניט ריידין אויך, איז דם אדאפעלע חרפה, אונ דס גלייכין איז מיט אלע זייערע גלידער אונ חושים עינים להם זייא האבין אויגען אונ זעהען ניט אזנים להם זיי האבין אויערין אונ הערין ניט, זייא האבין אנאז אונ קאנען ניט שמעקין,

### מעשה אלפס

יוסף הצדיק, וואס ער איז אנטלאפין פון די שענדליכע זאך, וואס זליכה האט אים פאר גילייגט, הגם ער האט פיל געליטין פון דעם, מ'האט אים פארזעצט אין נתב, אזוי האבין אידישע טעכטער אין מצרים זיך אויך גיפירט, אנטלאפין פון די מצרים, (הגם זיי האבן דאדורך פיל גיליטין), האט דער ים מיט זיין אנטלייפן געוויזן פאר דער וועלט די ארינטליכקייט אונ ריינטליכקייט פון אידישע פרויען אונ טעכטער, אונ אויך בחורי ישראל, ערשט פארשטייען מיר דעם ביאור, בצאת ישראל בעת די מאנס לייט זיינען ארויס פון די שווערע ארבייט פון מצרים, זיינען דאן ארויס „בית יעקב" אידישע פרויען אונ טעכטער „מעם לועז" פון דעם גרויסן נאכרייד (בעליידיגונג) וואס אלע נארעדין האבין זייא באררעט, אז זיי זיינען פעראונרייניגט גיווארין, ווייל פה דאך איבער אידישין קערפער האבין זייא ניהאט צו שאפין (פייניגען מיט כל עבודת פרך) אפשיטא שוין אויף אידישע

ידיהם זייא האבען הענד אונ קענין ניט אן טאפין קיין שום זאך, זייא האבען פיס אונ קענען ניט גיין לא זייא ברומען ניט זאגאר מיט זייער האלז, כמוהם דיא מייסטערס פון דיא בילדער מאגין אויך אזוי זיין (ניט צוא קאנען ריידען), אונ אזוי זאלין זיין אלע וואס האפין צוא זייא, ישראל אבער דוא ישראל פאר טרויא זיך אויף גאט (ניט אויף אלילים את פוסטע אידיאלע), דוא האסט דאך גיזעהן אז אין אלע צייטען. וואס איז אריבער אויף אייך, איז ער גיוועזן אייער הילף אונ באשיצער, בית אהרן דאס הויז געזינד פון אהרן פאר זיכערין זיך אין גאט ווייל ער איז זייער באשיצר אונ העלפער, יראי יי אונ דיא גאטס פארכטיגע וואס אונטער אלע נאראדין בטחו פאר זיכערט זיך אין גאט ווייל ער איז זייער העלפער אונ באשיצער (פון דיא וואס פארטרויען זיך אין אים):

יי זכרנו גאט וואס דיינקט אייביג אן אונז, דער וועט אונז אויך בענשין יברך ער וועט בענשין דם הויז געזינד פון ישראל יברך ערוועט בענשין דם הויז געזינד פון אהרן יברך ער וועט בענשין די גאטעס פורכטיגע פון קליין ביז גרויס, יוסף גאט זאל מערין אויף אייך אונ אויף אייערע קינדער ברכה. ברוכים איר זאלט זיין גיבענשט צו גאט וואס

האט

וארץ: השמים שמים ליי, והארץ נתן לבני אדם: לא המתים יהללו יה, ולא כל יורדי דומה: ואנחנו נברך יה, מעתה ועד עולם, הללויה:

אום ראש חודש אונ חול המועד פסח, אונ אויך די לעצטע טעג פסח, זאגט מען דאס ניט:

אהבתי כי ישמע יי את קולי תחנוני: כי הטה אזנו לי ובימי אקרא: אפפוני חבלי מות, ומצרי שאול מצאוני, צרה ויגון אמצא:

## מעשה אלפס

אידישע פרויען האבין זיי באהערשט, צו פייניגען אונ בטרויבין זייער עהרע? האט דער בורא ב"ה גיוויזין פאר די גאנצע וועלט, די ערליכקייט אונ ריינקייט פון אידין, אז ניט אזוי אידישע טעכטער זיינען גיבליבין ריין, אפילו די יונגע מענשין פון מאנסליים זייען אויך ארויס ריין פון טומאת מצרים (שטופי זימה), דער ציילם ער ווי אזוי דער אמת האבין זיך אידין גיקענט האלטין ריין אונ ציכטיג? „היתה יהודה לקדשו“ מיט דעם וואס אידישע אדיל-ליים (אריסטאקראטיע) האבין זיך גיהאלטין הייליג (כל מקום שאתה מוצא גדר ערוה, שם אתה מוצא קדושה) ניט צוזאמען קומען אין לייכטזיניגע קאמפאניעס פון דאמען, אונ אויף זיי האבין גיקוקט דער גאנצער פאלק, אונ זיך אויך גיהאלטין ריין אונ ציכטיג „ישראל ממשלותיו“ אז זיי זיינען גיווארין נאטעם הערשאפט, דער בורא וואס ער איז שונא זימה (ער האסט אונציכטיגע זאכין) איז א אידישער בעהערשער, זיי האבין מקבל גיוועזן זיין הערשאפט אויף זיך, דארכדעם איז הים ראה וינוס וכו׳:

## בית ישראל

האט באשאפען הימל אונ ערד, השמים דר הימעל וואס ער איז מיוחד צוא גאט (דער לעבעדיגער מענש האט דארטען ניט צו שאפען) אונ אויך דיא ערד, האט ער אלעס איבער גיגעבין צום מענשין, דאס הייסט הגם דר מענש קען מיט זיינע הענד ניט צו קומען צום הימל, אבער מיט זיינע גוטע מעשים קען ער באווירקען אויפען הימעל אויך, מיט זיינע מצות ומעשים טובים מאכט ער ליכטיג אין אלע הימלען אונ באווירקט אויף זייא משפיע צו זיין שפע ברכה אויף דר וועלט (יפתח ה׳ לך את אוצרו הטוב את השמים לתת מטר ארצך בעתו, ולברך את כל מעשה ידיך). ווייל דיא נשמה פון מענשין איז העכער וויא אמלאך, דאס איז אבער זייער איין איידעלער גידאנקען, דיא פארדארבענע מענשין וואס טייטין זייערע הייליגע געפילען האבין קיין בעגריף אין דעם, אונ פארשטייען ניט צוא לויבען גאט פאר דיא מתנה טובה. ואנחנו אבער מיר וואס ליבען דיא תורה ומצות אונ פארשטייען זייער וויכטיגקייט, וועלין לויבען גאט פון יעצט ביז אין דער עוויגקייט, הללויה:

אהבתי דוד המלך זאגט עס איז מיר ליב ווען גאט ב"ה הערט אויס מיין שטימע אונ מיין גיבעט כי דאס ער האט גענייגט זיין אויער צוא מיר, דרום, צייט מיין לעבין וועל איך רופען צו אים אפפוני אז עס הט מיך ארום גערינגילט טויט-שמערצין

## בנין ציון

השמים דיא הימיל איז צוא גאט אליין, ער האט איר באשאפין פאלקאם פארטיג, דער מענש האט נאר נים וואס צו פערענדיגען דארטין, אבער די ערד האט ער באשאפין נים פארטיג, דאס הייסט ער האט נור באשאפין מאטריאלין ווי עס שטייט „אשר ברא אלהים“ גאט האט באשאפין אלע מאטריאלין, „לעשות“ דער מענש זאל נאכהער דס בעארבייטין אונ מאכין פאסאנגען, ביז דער מענש דער פקיד פון דעם גרויסען ווירט, אונ ווען דעם ווירט גיפעלט נים דער פירונג פון פקיד, קען ער אים אב שאפין אונ זעצין אצווייטען, באריך דאך דער פקיד האבין רעספעקט פארין ווירט אונ דאנקען אים פאר אלע נוטעס וואס ער טוט מיט אים, ליידער אבער זיינען דא פיל רשעים וואס זיינען וויא טויטע וואס פאר שטייען נאר נים, אז דיא גרויסע וועלט איז אהערליכער בנפעם וואס דער גרויסער ווירט האט גינרייט פאר יין פקיד, דרום לויבען זייא נים גאט,

ווייא

וּבְשֵׁם יְיָ אֶקְרָא, אָנָּה יְיָ מַלְּטָה נַפְשִׁי: חַנּוּן יְיָ וְצַדִּיק וֵאלֹהֵינוּ מְרַחֵם: שֹׁמֵר פְּתָאִים יְיָ, דַּלּוֹתִי וְלִי יְהוֹשִׁיעַ: שׁוּבִי נַפְשִׁי לִמְנוּחָיְכִי. כִּי יְיָ גָּמַל עָלָיְכִי: כִּי חִלַּצְתָּ נַפְשִׁי מִמָּוֶת, אֶת עֵינִי מִן דִּמְעָה, אֶת רַגְלִי מִדֶּחִי: אֶתְהַלֵּךְ לִפְנֵי יְיָ, בְּאַרְצוֹת הַחַיִּים: הֶאֱמַנְתִּי כִּי אֲדַבֵּר. אֲנִי עָנִיתִי מְאֹד: אֲנִי אָמַרְתִּי בְחָפְזִי. כָּל הָאָדָם כֹּזֵב:

מָה אָשִׁיב לַייָ, כָּל תַּגְמוּלוֹהִי עָלָי: כּוֹס יְשׁוּעוֹת אֶשָּׂא, וּבְשֵׁם יְיָ אֶקְרָא: נְדָרַי לַייָ אֲשַׁלֵּם, נֶגְדָה נָּא לְכָל עַמּוֹ:

## בית ישראל

צין אונ עס האט מיך גיטראפין צרות אונ טרויערקייט ובשם יי האב איך גלייך אן גערופין גאטס נאמען אונ האב גיזאגט איך בעט דיך גאט רעטע מיין לעבין חנון ווארום דוא ביסט אגינעדיגער אונ אצדיק אונ דו אונזער גאט ביסט אדערבארעמיגער שומר דוא גאט היטסט דיא נארין וואס האבין אליין קיין שכל ניט צו היטען זיך דלותי איך בין דאך אויך ארעם אין פערשטאנד, דרום האף איך אז גאט וועט מיר העלפין שובי מחמת גרויס בטחון האב איך דערנסט מאל גיזאגט צו מיין זעלע, בערוהיג זיך ווארום גאט האט דיר גוטעס גיטאן פון לאנג אונ הייגט איז אויך דיין תפלה נתקבל גיווארין כי ווארום שטענדיג האסטו אויס גיצויגען מיין לייב פון דעם טויט את עיני מיין אויג האסטו פר מיטען פון טרערין את רגלי מיינע פיס האסטו פאר מיטען זיי זאלין ניט פאר שטויסען ווערין אין אשלעכטין ארט אתהלך דרום בין איך היינט איך בטוח אז איך וועל גיין פאר גאט אין ארץ ישראל אונ וועל זיין צווישען די לעבעדיגע, ניט אזוי וויא פריער אז איך בין גיוועז פאר טריבען פון דיא היילינע לאנד אונ בין אמינות ניט גיוועזן זיכער מיטען לעבין האמנתי עס איז גיוועזן אין מיין הארץ גרויס אמונה אין גאטס הילף כי אז איך האב שטענדיג גירעט וועגין איר בשעת איך בין גיוועזן זייער גיפייניגט אני בשעת אז איך האב גיאיילט צוא אנטלויפען פאר שאול המלך אונ בין גיוועזן אין אגרויסע סכנה האב איך דערנסט מאל אויך גיזאגט אז דער מענש וואס זאגט אז איך בין שוין פרלארין, זאגט ער ליגען: מה אשיב וואס פר אדאנק זאל איך בצאלין גאט פאר אלע גוטעס וואס ער האט מיר גיטאן כוס אבעכער מיט נסכים וועל איך טראגין אין בית המקדש פון וועגין

## מעשה אלפס

כוס ישועות, די גערטליכע פהילאזאפין שרייבין, אז די וועלט איז דער עולם הכסין. אזוי ווי אין אמלחמה ווערט איבערצייגט דיא פריהייט פון דיא שרי הצבא צו זייער קעניג מיט דעם וואס זיי לויפין ניט פון פלאץ, אונ קאמאנדעווען זייער חיל וועז אויך עס לויפין איבער זייערע קעפ קוילין אונ באמבעס, אזוי ווערט דער מענש אויך פרובירט אויף דיזע וועלט וואס זי איז אשטריים פלאץ, פון איין זייט לויפין קוילין פון ארימקייט אונ דחקות, אונ דער מענטש דארף שטיין ווי אהעלד אויפין פלאץ, ניט אנרירען קיין פרעמדין גילדין, אונ ניט דאס וואס ניט ראיעל אונ ערענטליך איז, הגם די ארימקייט

## בנין ציון

זיי געניסען פון אלע גוטעס וואס דר בורא האט באשאפין אונ גיבען אים אפילו קיין דאנק ניט, זיא זיינען וויא דיא וואס זינקען אין שמילען גרוב, אזוי זיינען זייא שטיל פון גאטעס לויב • ואנחנו נור מיר וואס פאר פרייען זיך אין אים אונ בעטערקין אלע נסים וואס מי כוט מיטען מענשין לויבין גאט פאר אלעס, פון יעצט אן ביז אייביג. דאס הייסט אפילו ווען אונזער קערפער ווערט שטארבין אבער אונזער זעלע וועט ניט שטארבין. דרום לויבט גאט:

יקר בעיני יי, המותה לחסידיו: אנה יי כי אני עבדך, אני עבדך בן אמתך, פתחת למוסרי: לך אזבח זבח תודה, ובשם יי אקרא: נדרי ליי אשלם, נגדה נא לכל עמו: בחצרות בית יי, בתוככי ירושלים הללויה:

הללו את יי כל גוים, שבחוהו כל האמים: כי גבר עלינו חסדו, ואמת יי לעולם הללויה:

## מעשה אלפס

צווינגט אים, נים האנדלין פרייטיג נאך די שקיעה ווען אויך עס וועט בלייבין סחורה וואס קען מכולה ווערין נאך שבת. פון צווייטין זייט לויפין באמצעם פון נסיון העושר, ער ווערט רייך, עס הייבט אים אן דיא זון צו שיינען אין פענסטער, הייבט ער אן צו לעבין מיט ראש קאש, אונ ווערט שוין גאר אויס מחותן מיט'ן רבונו של עולם, ער קען אים שוין גאר ניט. דער שטן קרוינט אים פארין „יעגיפטישען קעניג" אונ זאגט גאר „מי ה' אשר אשמע בקולו" ? לא ידעתי את ה', די פראקטיקע מייזט, אז „נסיון העושר"· איז גרעסער ווי „נסיון העוני" (דער רייכער עקזאמען איז שווערער פאר דעם ארימען) דרום האט דער בורא ב"ה גיהייסין משה רבינו בעטין ביי אידין „וישאלו נא" בכדי אברהם אבינו זאל ניט זאגין „ועבדום ועינו אותם קיים בהם" אז פון דעם וואס מיינע קינדער האבין אויסגיהאלטין דעם עקזאמען פון ארימקיים אונ צרות, איז נאך קיין ראיה, אז זייא וועלין אויס האלטין דעם עקזאמען פון רייכקייט (נסיון העושר), עס קען חלילה זיין „ורם לבבך ושכחת את ה'". דוד המע"ה אידער ער איז ארויף על כסא המלוכה, איז ער גינוג צרות אויס גישטאנען, גיוואלגערט זיך אכטצעהן יאר, גיאגט פון שאול המלך, אונ האט אויס גיליטין וואס קיין פעדער איז נים אימשטאנד אויס צו שרייבין, אונ האט אויס גיהאלטין דעם נסיון העוני (דעם טרויעריגען עקזאמען) מיט אגאלדענעם מעדאל. זאגט ער „מה אשיב לה'" מיט וואס קען איך (שוואכער מענשעלע) דיר גרויסער קעניג אבצאלין פאר די אלע גוטעס וואס דו האסט מיר גישיצט אין מיין טרויעריגע לאגע, אונ ווייטער דו דארפסט קיין זאך נים, נור איין זאך געפין איך וואס איך קען מיט דעם צאלין, אונ דוא וועסט זיין מיט דעם העכסט צו פרידין, איך האף אזוי ווי איך בין ביי גישטאנען ביין כס הפורעניות, בעת איך האב גיטרונקען דעם טרויעריגען בעכער פון הונגער אונ קעלט אונ נע ונד, האב איך אן דיר נים פארגעסין, אזוי האף איך, אז „כוס ישועות אשא" בעת איך וועל ענטפאנגען פון דיר דעם גליקס-בעכער, איך וועל זיצין על כסא המלוכה מיט גרויס הצלחה וועל איך זיך אויך נים פארגעסין אן דיר, נגד „ובשם ה' אקרא" איך וועל רופין אונ רפרסם זיין

## בית ישראל

דיא ישועות וואס דו האסט מיר גיטאן אונ גאטס נאמען וועל איך דענסט מאל אן רופין נדרי דיא נדרים וואס איך האב מנדר גיוועין צו גאט (אין מיינע אונגליקליכע צייטען) וועל איך זייא באצאלין עפענטליך פר אלע אידען, אלע זאלין זעהען אז יקר עס איז שווער אין גאטס אויגען צו ברייגגן אויף זיינע פרומע לייט איין אום צייטיגען טויט, אנא איך טוא דיך לויבען גאט אויף דעם חסד וואס דוא האסט מיר גיטאן, ניט מחמת מיינע מעשים, נאר ווייל איך בין דיין קנעכט אונ בין אונטער טעניג אנטקעגין דיר אזוי וויא א קינד פון אדינסט אונ דרום האסטו מיך לויז געבונדין פון מיינע באנדעו (קייטען). לך צו דיר וועל איך שעכטין אקרבן תודה (אדאנק אפפער) ובשם יי אונ גאטס נאמען וועל איך אן רופען נדרי מיינע נדרים וואס איך האב מנדר גיוועין צו גאט וועל איך באצאלען עפענטליך פר זיין גאנצין פאלק בחצרות איר אלע וואס שטייען אין הויף פון גאטס הויז בתוככי אין מיטען פון ירושלים לויבט מיט מיר גאט:

הללו את יי איר אלע פעלקר אונ נאציאנען לויבט גאט כי גבר עלינו חסדו וואר ום עס הט זיך געשטארקט אויף אונז זיין חסד ואמת יי לעולם אונ גאט בעשיצט אונז אויף עוויג, דרום לויבט גאט:

הודו ליי כי טוב כי לעולם חסדו:
יאמר נא ישראל כי לעולם חסדו:
יאמרו נא בית אהרן כי לעולם חסדו:
יאמרו נא יראי יי כי לעולם חסדו:

מן המצר קראתי יה, ענני במרחב יה: יי לי לא אירא, מה יעשה לי אדם: יי לי בעזרי, ואני אראה בשנאי: טוב לחסות ביי, מבטח באדם: טוב לחסות ביי, מבטח בנדיבים: כל גוים סבבוני, בשם יי כי אמילם: סבוני גם סבבוני, בשם יי כי אמילם: סבוני כדברים דעכו כאש

### בית ישראל

הודו לה׳ דאנקט אונ לויבט צו גאט וויל ער איז דיא קוועלע פון גוטהייט כי לעולם ווארום אויף אייביג איז זיין גינאד יאמר אז דיא גאולה וועט קומען וועלין דיא ישראל זאגין כי לעולם חסדו (דאס אויף אימער דויערט זיין גינאד) יאמרו נא דס הויז גזינד פון אהרן וועלן אויך זאגין כי לעולם חסדו יאמרו נא יראי יי דיא גאטס פארכטיגע וועלין אויך זאגין כי לעולם חסדו (דאס אויף אימער דויערט זיין גינאד):

מן המצר דוד המלך זאגט איך דער צייל דעם חסד פון גאט ב״ה, אז עס איז מיר איינג גיוועז האב איך גערופען צוא גאט

### מעשה אלפס

דיין היילינגן נאמען, אלע נדרים וואס איך האב מנדר גיוועזן בעת צרה, וועל איך זיי צאלין עפענטליך פאר אלעמען אין די אויגין, כדי אלע זאלין זעהען אז יקר בעיני ה׳ המותה לחסידיו״ הגם ער שטראפט זיינע פרומע לייט אונ ברענגט אויף זיי ארמוטה אונ צרות, איז דאס נור אלעס נסיון, אבער ווי ער זעהט אז זיי האלטין אוס עקזאמען, העלפט ער זיי גלייך, אונ גיט זיי אב גלייך כפל כפלים ווי איובן (וה׳ ברך את אחרית איוב מראשיתו) אונ ווי יוסף הצדיק אין מצרים, אונ ווי דוד׳ן אלייןן, וואס נאכהער איז ער ארויף על כסא המלוכה, אונ האט אים גיערבט לדורי דורות, אונ אזוי ביי די גאנצע פאלק ישראל איז די צרות אונ ארמוטה נור אלס נסיון, אבער שטירצין צום גרונט לאזט ער זיי ניט (לא מאסתים ולא געלתים לכלותם) אונ נאכהער וועלין מיר ערהאלטין פון זיין ליבע האנד דעם גליקס בעכער אויף אימער אונד עוויג:

האט ער מיר גיענטפערט אונ גישטעלט אויף אברייט ארט, איך זאל ניט פאלען ה׳ לי גאט איז גיוועז מיר צו הילף האב איך ניט מורא פאר קיינעם מה ווארום ווס קאן מיר אמענש טאן ה׳ לי ווען גאט איז מיר צוא הילף וועל איך שוין זעהען דיא מפלה פון מיינע שונאים טוב עס איז פיל בעסער צוא באשיצען זיך אין גאט מבטח איידער אבטחון צוא האבין אויף אמענשין, טוב עס איז בעסער צוא באשיצען זיך אויף גאט מבטח איידער אבטחון צו האבן אפילו אויף פירשטען, כל גוים סבבוני אלע פעלקער וואס האבין מיך ארום גערינגילט בשם יי האב איך אבטחון אויף גאטס נאמען, אז איך וועל זיי פארשניידין, סבוני חאטשע זיי וועלן מיך עטליכע מאל ארום רינגלען, האב איך אבטחון אויף גאטס נאמען, אז איך וועל זייא פארשניידין, סבוני כדבורים זיי האבין מיך ארום גערינגילט אזוי ווי די בינען, דועכו זייא האבין זיך אבער באלד אויס גילאשין, ווי

קוֹצִים, בְּשֵׁם יְיָ כִּי אֲמִילַם: דָּחֹה דְחִיתַנִי לִנְפֹּל, וַייָ עֲזָרָנִי: עָזִּי וְזִמְרָת יָהּ, וַיְהִי לִי לִישׁוּעָה: קוֹל רִנָּה וִישׁוּעָה בְּאָהֳלֵי צַדִּיקִים, יְמִין יְיָ עֹשָׂה חָיִל: יְמִין יְיָ רוֹמֵמָה, יְמִין יְיָ עֹשָׂה חָיִל: לֹא אָמוּת כִּי אֶחְיֶה, וַאֲסַפֵּר מַעֲשֵׂי יָהּ: יַסֹּר יִסְּרַנִּי יָּהּ, וְלַמָּוֶת לֹא נְתָנָנִי: פִּתְחוּ לִי שַׁעֲרֵי צֶדֶק, אָבֹא בָם אוֹדֶה יָהּ: זֶה הַשַּׁעַר לַייָ, צַדִּיקִים יָבֹאוּ בוֹ: אוֹדְךָ כִּי עֲנִיתָנִי, וַתְּהִי לִי לִישׁוּעָה: אודך אֶבֶן מָאֲסוּ הַבּוֹנִים, הָיְתָה לְרֹאשׁ

## מעשה אלפס

לא אמות די מענטשן וואס פארשטייען ניט זייער ציעל צו וואס זיי זיינען גיקומען אויף דער וועלט, אונ מיינען נאר, אז דער תכלית איז נור צו לעבין אמאג, פאשעגען דעם חומר, ממילא איז „כשוה קם" ווען דער גוף הייבט אן צו לעבין אמאג „זה נופל" פאלט דער נפש אונ עס שטארבין אב די היילינגע געפילען, ווי אחשורוש כטוב לבו ביין, האט ער זיך גינומען צו וויכטיגע זאכין (זה אומר מדיות נאות וזה אומר פרסיות נאות), אונ ער האט גיהייסין ברייגגען די מלכה ושתי ערומה, אונ ניט אזוי זייערע נשמות שטארבין אב, אפילו זייערע גופים שטארבין אויך מאנכע מאל, פון גרוים גולאניע קומען זיי צו צאנקעריי אונ קריג, אונ פלעטין איינע די אנדערע די קעפ מיט די פלעשער סאמפאניער, קומט אוים אז זייער מאן אלעבין ברייגגט זיי למיתת הנפש והגוף (הרוצה שימות יחיה את עצמו), אבער דער ערליכער איד אז ער מאכט א שמחה, אונ אפשיטא ווען עס קומט א שמחה כללית, דהיינו די היילינגע ימים טובים, איז לכד וואס זיין נפש שטארבט ניט אב, אין גענענטייל ער לעבט נאך אויף, מ'קלייבט זיך צוזאמען לבתי כנסיות ולבתי מדרשות לתורה ולתפלה, ביין טיש בעת מ'עסט מעדני מלך, אונ מ'טרינקט כוסות זאגט מען שירות ותשבחות וזמירות לאל עליון, דאס זאגט דוד המלך בשם כנסת ישראל „לא אמות" איך איד שטארב ניט אב „כי אחיה" ווען איך ניב אלעב, ווייל איך פיר זיך ניט ווי אחשורוש קומפאניא וואס פלודערין מדיות נאות או פרסיות נאות נור „ואספר מעשי יה" איך זינג זמירות שירים ותשבחות, איך בין מקיים „שירו לו זמרו לו שיחו בכל נפלאותיו" איך דערציול גאטעס וואונדער

## בית ישראל

דאס פייער פון דערנער וואס ווערט גיך פארלאשין, בשם יי איך האב אבטחון אויף גאטס נאמען, אז איך וועל זיי פארשניידין, דחה דוא פיינד האסט מיך גישטויסען צום פאלין, יי אבער גאט האט מיר גיהאלפין פון דיינע הענד, עזי מיין מאכט אונ מיין גיזאנג (אויף די הילף) איז פון גאט, ווייל ער וואר מיר צוא הילף, קול רנה אשטימע פון גיזאנג אויף גאטעס הילף הערט מען נור אין די גיצעלטין פון צדיקים, ווייל זיי זעהן אז גאטס רעכטע האנד וואס זי איז פון אייביג דערהויבען, די האנד האט היינט אויך גיטאן גבורות, לא אמות איך וועל שוין ניט שטארבין אין די הענד פון די שונאים כי אחיה נור איך וועל נאך לעבין, אונ וועל דערציילען פון גאטעס וואונדער־ווערק, יסור גאט האט מיך גישטראפט מיט יסורים אז עס זאל זיין אכפרה אויף מיינע זינד, ולמות אבער צום טויט האט ער מיך ניט איבער גיגעבין צו מיינע שונאים, פתחו לי דרום עפינט מיר די גירעכטע טויערין (פון בית המקדש) אבא בם איך זאל קומען אין זיי, אונ זאל גאט לויבין, זה השער ליי דער טויער פון גאט איז דאך גימאכט גיווארין אז דיא צדיקים זאלין קומען דרינען גאט לויבין, אודך איך דאנק דיר, ווייל דו האסט מיר גיענטפערט ותהי לי אונ דוא ביסט גיוועזן מיר צו הילף, אבן מאסו דער שטיין וואס דיא בוי־לייטע האבן אים פערווארפין, אונ ניט גיוואלט אריין מויערן, היתה לראש וואר נאכהער דער רעכטער ווינקעל שטיין (דאס

פִּנָּה: אבן מֵאֵת יְיָ הָיְתָה זֹּאת, הִיא נִפְלָאת בְּעֵינֵינוּ: מאת זֶה הַיּוֹם עָשָׂה יְיָ, נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בוֹ: זה

אָנָּא יְיָ הוֹשִׁיעָה נָּא: אָנָּא יְיָ הוֹשִׁיעָה נָּא:

אָנָּא יְיָ הַצְלִיחָה נָא: אָנָּא יְיָ הַצְלִיחָה נָא:

בָּרוּךְ הַבָּא בְּשֵׁם יְיָ, בֵּרַכְנוּכֶם מִבֵּית יְיָ: ברוך אֵל יְיָ וַיָּאֶר לָנוּ, אִסְרוּ חַג בַּעֲבֹתִים עַד קַרְנוֹת הַמִּזְבֵּחַ: אל אֵלִי אַתָּה וְאוֹדֶךָּ, אֱלֹהַי אֲרוֹמְמֶךָּ: אלי הוֹדוּ לַייָ כִּי טוֹב, כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ: הודו

יְהַלְלוּךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ (עַל) כָּל מַעֲשֶׂיךָ, וַחֲסִידֶיךָ צַדִּיקִים עוֹשֵׂי רְצוֹנֶךָ, וְכָל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל, כֻּלָּם

### בית ישראל

מיינט ער זיך אליין, ווס מ'האט אים פריער פעראכטעט איז לסוף א קיניג געווארין, אונ דאס גלייכין דער כלל ישראל וואס דיא מצריים האבין זיי פעראכטעט, זיינען נאכ־הער געווארן די העכסטע אונ שענסטע אויף דער וועלט), מאת ה' די גאולה איז געווען פון גאט, אונ ניט מחמת אונזער גבורה היא נפלאת אין אונזערע אויגין איז עס אויך וואונדער־באר, מיר ווייסין ניט פאר וואס האט אונז גאט גיגעבין אזוי אגרויסע גאולה, זה היום דעם טאג פון דר גאולה האט גאט גמאכט,

דרום וועלין מיר זיך פרייען מיט אים:

אנא ה' הושיעה נא, איך בעט דיך גאט דוא זאלסט אונז אויף ווייטער אויך העלפן

### מעשה אלפס

וואס ער האט גיטאן מיט אונזערע עלטערין אונ מיט אונז, פסח דערצייל איך מיינע קינדער די נסים ונפלאות פון יציאת מצרים, שבועות שטעל איך מיר פאר די וואונ־דערליכע סצענע פון קבלת התורה ווי דער גרויסר וועלטס קעניג אין ארויס מיט זיין היילינע קאמפאניע מלאכים אויפן הר סיני, אונ האט גירעט מיט אנאראד פון מיליאנען מענטשן פנים אל פנים, וואס זינט די וועלט שטייט האט אזא וואונדער ניט גישראפין (השמע עם קול אלהים ?), סוכות דערצייל איך די וואונדער ווי דער בורא האט אונז געפירט פערציג יאר אין א וויסטע מדבר אונ האט אונז אויס גיהאלטין מיט מן, מיט מים חיים פון בארה של מרים, מיט בעלייכטונג פון עמוד אש, מיט אוואוינונג צו באשיצין פון פייער פון די זון (כי בסוכות הושבתי את בני ישראל). חנוכה דערצייל איך די תשועות ונפלאות וואס ער האט אונז גיטאן דורך איינינע ערליכע אידין מתתיהו ובניו, ער האט אין זייער האנד איבער גיגעבין די צענדליגע טויזנדער גבורים פון די יונים.

פורים

אנא ה' איך בעט דיך גאט העלף אונז אנא ה' הצליחה נא איך בעט דיך גאט באגליק אונז:

ברוך הבא גיבענשט וועט זיין, דר ווס וועט קומען אין בית המקדש מקריב זיין קרבנות פון גאטס נאמען וועגין, ברכנוכם מיר ווינשען אייך מיט א ברכה, פון דעם וואס רוהט אין גאטס הויז, אל יי גאט איז מעכטיג, אונ האט אונז בעלייכטעט, דרום בינדט דעם קרבן פון יו"ט ער זאל זיין געהיט, ביז עס וועט קומען דער זמן פון שחיטה, אז מען זאל געבין דאס בלוט אויף דיא ווינקעלאך פון מזבח, אלי אתה דו ביזט דאך מיין שטארקער גאט פון אייביג, דרום טו איך דיך לויבין, אונ טו דיך דערהויבין,

הודו לה' דאנקט צו גאט ווייל ער איז גוט, ווייל אויף עוויג דויערט זיין גינאדע:

יהללוך יי אלהינו אלע דיינע ווערק וועלין דיך לויבין אונזער גאט, וחסידיך אונ דיינע פרומע די גירעכטע וואס טוען דיין ווילען, וכל עמך אונ דיין פאלק ישראל

ברנה יודו ויברכו וישבחו ויפארו וישוררו וירוממו ויעריצו ויקדישו וימליכו את שמך מלכנו תמיד, כי לך טוב להודות ולשמך נאה לזמר, כי מעולם ועד עולם אתה אל. ברוך אתה יי, מלך מהלל בתשבחות:

אפייל זיינען זיך נוהג אום ראש חודש נאך הלל צו זאגין דאס, אונ עס איז נוט צו אריכות ימים:

ואברהם זקן בא בימים, ויי ברך את אברהם בכל:

ויאמר זבדי״ה ישמרנו ויחינו, כן יהי רצון מלפניך אלהים חיים ומלך עולם אשר בידך נפש כל חי אמן: כל זה יאמר ג׳ פעמים

ראש חודש אונ יום טוב אונ חול המועד זאגט דער חזן קדיש שלם מיט תתקבל אונ חנוכה חצי קדיש. ראש חודש אונ יום טוב אונ חול המועד זאגט מען דא דעם שיר של יום, אונ אום ר״ח זאגט מען ברכי נפשי נאך שיר של יום. קדיש יתום. אונ מען לייענט אין דער תורה. חצי קדיש. אשרי ובא לציון. אונ מען שטעלט אריין די ס״ת אין היכל אונ דער חזן זאגט חצי קדיש. אונ ראש חודש טוט מען אויס די תפלין פאר קדיש. אונ מען דאבינט תפלת מוסף:

## מוסף לראש חודש

כי שם יי אקרא הבו גדל לאלהינו: אדני שפתי תפתח ופי יגיד תהלתך:

ברוך אתה יי, אלהינו ואלהי אבותינו, אלהי אברהם, אלהי יצחק, ואלהי יעקב. האל, הגדול, הגבור והנורא, אל עליון, גומל חסדים טובים, וקנה הכל, וזוכר חסדי אבות, ומביא גואל, לבני בניהם למען שמו, באהבה:

מלך, עוזר, ומושיע, ומגן: ברוך, אתה, יי, מגן אברהם:

אתה גבור, לעולם, אדני, מחיה מתים אתה, רב להושיע:

אום זומער זאגט מען מוריד הטל: אום ווינטער זאגט מען משיב הרוח ומוריד הגשם:

מכלכל חיים, בחסד, מחיה מתים, ברחמים רבים, סומך נופלים, ורופא חולים. ומתיר אסורים, ומקים אמונתו, לישני עפר. מי כמוך, בעל גבורות, ומי דומה לך, מלך, ממית ומחיה, ומצמיח ישועה:

ונאמן אתה להחיות מתים: ברוך אתה יי, מחיה המתים:

אין חזרת הש״ץ זאגט מען דא קדושה:

אתה קדוש, ושמך קדוש, וקדושים בכל יום יהללוך סלה. כי אל מלך גדול וקדוש אתה: ברוך אתה יי, האל הקדוש:

### מעשה אלפס

פורים דערציילט איך נפלאות הבורא פון מרדכי ואסתר. היינט ווער רעדט שבת, דא איז אגאנצער קאפיטל פון נפלאות הבריאה, ווי ער האט אין זעקס טעג איין געשטראלטע אזא וואונדערליכען וועלט פאלאץ ניט האבענדיג קיין שום מאטריאל (יש מאין) אונ זאג מיט גרויס התלהבות טוב להודות לה׳ ולזמר לשמך עליון, כי שמחתני ה׳ בפעליך, דו האסט מיר דערפרייט מיט דיינע וואונדערליכע ווערק, במעשה ידיך ארנן כו׳ כו׳:

### בית ישראל

די דאנקען מיט לויב גיזאנג, אונ לויבין אונ בארימען אונ באשיינען אונ דערהייכען אונ שטארקען אונ היילינגן, אונ מאכין קיניגען דיין נאמען אונזער קיניג, כי לך דען דיר איז גוט צו דאנקען ולשמך אונ צו דיינעם נאמען איז צימליך צו לויב זינגען, דען דו ביזט איין גאט פון אייביג ביז אין דער אייביגקייט, ברוך אתה ה׳ גילויבט ביזטו גאט, איין קיניג דער דא ווערט גלויבט מיט רימונג:

רָאשֵׁי חֳדָשִׁים לְעַמְּךָ נָתָתָּ. זְמַן כַּפָּרָה לְכָל תּוֹלְדוֹתָם. בִּהְיוֹתָם מַקְרִיבִים לְפָנֶיךָ זִבְחֵי רָצוֹן, וּשְׂעִירֵי חַטָּאת לְכַפֵּר בַּעֲדָם. זִכָּרוֹן לְכֻלָּם יִהְיוּ. וּתְשׁוּעַת נַפְשָׁם מִיַּד שׂוֹנֵא. מִזְבֵּחַ חָדָשׁ, בְּצִיּוֹן תָּכִין. וְעוֹלַת רֹאשׁ חֹדֶשׁ נַעֲלֶה עָלָיו וּשְׂעִירֵי עִזִּים נַעֲשֶׂה בְרָצוֹן. וּבַעֲבוֹדַת בֵּית הַמִּקְדָּשׁ נִשְׂמַח כֻּלָּנוּ. (וְשִׁירֵי דָוִד עַבְדְּךָ נִשְׁמַע)

## בית ישראל

רָאשֵׁי חֳדָשִׁים, דעם טאג „ראש חודש" האסטו צו דיין פאלק געגעבן, פאר אצייט פון זינד־פערגעבונג פאר אלע זייערע קינדער, נאך דאמאלס, ווען זיי האבין מקריב געווען פאר דיר וואהל־געפעליגע קרבנות און ציקעלאך פאר א קרבן חטאת אויף זייערע זינד צו פערגעבין די ראש חודש טעג זיינען פערבליבען צו איין ערינערונג פאר אידין, (זיי זאלין דערמאנט ווערין צו גוטין פאר השי"ת), און געהאלפן ווערין פון די האנד פון שונא (און פון יצר הרע וואס ער איז דער העכסטער שונא פון מענטשין). מזבח אנייעס מזבח זאלסטו (גאט) אין ציון ווידער אויפבויען, אום מיר זאלין דעם קרבן עולה פון ראש חודש קענען מקריב זיין אויף אים, און אויך די ציקעלעך זאלין מיר קענען ברייגגען צו אפפער מיט פערגעניגען, און מיט די עבודה אין בית המקדש זאלין מיר זיך אלע פרייען, און מיט די שירים (לויב געזאנג) פון דיין קנעכט דוד

## מעשה אלפס

רָאשֵׁי חֳדָשִׁים כו' זְמַן כַּפָּרָה לְכָל תּוֹלְדוֹתָם, דער רייכער רייזענדער וואס פארט מיט'ן באן נעמט מיט איין מאל א בילעט אויף די ערסטע סטאנציע ביז וואנען ער דארף פארין, פארדינט ער אין צווייטע, אז דאס קאסט ביליגער, אז ער זיצט רוהיג די גאנצע וועג, ער דארף ניט לויפען יעדער סטאנציע צום קאסע נאך א בילעט, דער געמיינער מאן אבער נעמט נור אויף איין סטאנציע, באבהער אויף יעדער סטאנציע זוכט ער באקאנטע זי זאלין אים אויס לייען אדער פשוט אנדבה מאכין אויף נאך א סטאנציע און אזוי קוועלט ער זיך ביז ער קומט וואו ער דארף, און מאנכע מאל פאר־זאמט ער דעם באן און וואלגערט זיך אויפ'ן סטאנציע ביז א צווייטען צוג, דאס גליכן פארצייטין בעת מיר זיינען געשטאנען אין ארייכין מצב, מיר האבין געהאט א בית המקדש, סנהדרין, מיט א כהן גדול פלעגט ער יום כפור אויס בעטין פארין כלל ישראל לעבין און פרנסה אויף א גאנץ יאהר, דאס הייסט כלענין מיר באקומען א בילעט אין המל־קאסע צו פארין אויפ'ן לעבענס־באן 350 טעג ביז ענדע יאהר, השי"ת איז דאך א צופה ומביט עד סוף כל הדורות, האט ער געזעהען אז עס וועט קומען צייטין וואס דער כלל ישראל וועט שטיין אין א שפל המצב אין תורה און עבודה, דער קאפיטאל

פון

## בנין ציון

מִזְבֵּחַ חָדָשׁ בְּצִיּוֹן תָּכִין, וּשְׂעִירֵי עִזִּים נַעֲשֶׂה בְרָצוֹן, דיא רָאשֵׁי חֳדָשִׁים זאל שוין ניט זיין וויא ביז אהער, אלעס סטאנציעס פאר ארימע מענשין, זייא זאלין זיך קווענצין ביין קאסע נעמען א בילעט ביז דיא צווייטע סטאנציע, נור אויף דעם ארט וויא ביי גבירים, הנם זייא נעמען גלייך א בילעט אויף דיא גאנצע וועג, דאך נוצט פאר זייא דיא סטאנציע זייא זאלין קענען זיך דורך גיין אופין פלאץ פארמא, האפין פרישע לופט און עטוואס געניסען אויפין בופעט זיך צו ערקוויקין דיא הארץ, אזוי זאלסטו אויף ריכטין אין ציון אנייעם זארט מזבח אז מיר זאלין די שעירי עזים מאכין ברצון, אלעס דאנקבארקייט אויף דיא צופרידענהייט וואס מיר זיינען צופרידען פון אונזער לעבין און דוא ביסט צוא פרידין פון אונזערע מעשים:

וּבְשִׁירֵי דָוִד עַבְדֶּךָ הַנִּשְׁמָעִים בְּעִירֶךָ • הָאֲמוּרִים לִפְנֵי מִזְבְּחֶךָ • אַהֲבַת עוֹלָם תָּבִיא לָהֶם • וּבְרִית אָבוֹת לַבָּנִים תִּזְכּוֹר: (יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, שֶׁתַּעֲלֵנוּ בְשִׂמְחָה לְאַרְצֵנוּ וְתִטָּעֵנוּ בִּגְבוּלֵנוּ) • וַהֲבִיאֵנוּ לְצִיּוֹן עִירְךָ בְּרִנָּה, וְלִירוּשָׁלַיִם בֵּית מִקְדָּשְׁךָ בְּשִׂמְחַת עוֹלָם • וְשָׁם נַעֲשֶׂה לְפָנֶיךָ אֶת קָרְבְּנוֹת חוֹבוֹתֵינוּ, תְּמִידִים

### מעשה אלפס

פון מעשים טובים וועט ניט מספיק זיין צו בעקומען ר"ה אבילעט פון חיים ופרנסה אויף אגאנץ יאהר, האט ער אונז געגעבין דיא ראשי חדשים, דאס איז ספאנציעס פון דרייסיג טעג, מאכין מיר איבער אנייס ערב ר"ח אזם כפור קטן מיט תשובה ותפלה אונ מיר בעטין חדש עלינו את החודש הזה לחיים ולשלום, לפרנסה ולכלכלה, בים מען אונז אבילעט ווידער אויף דרייסיג טעג. אונ אזוי פארין מיר דורך דעם יאהר ספאנציעס ווייס, פון איין ר"ח צום אנדערין אונ אמאל ווען מיר לאזין דורך איין ערב ר"ח אן תשובה ותפלה בלייבין מיר זיך וואלגערין חלילה אויסין ספאנציע אן פרנסה אונ אן בריאת הגוף ביזען צווייטין ר"ח. דאס איז דיא כוונה ראשי חדשים לעמך נתת, דוא האסט געגעבין דיא מתנה פון ר"ח צו דין פאלק, עס זאל זיין זמן כפרה לכל תולדותם, צו דיא קומענדיגע דורות וואס וועלין זיין גימיין אין מעשים טובים אויס צו בעקומין ר"ה אויף אגאנץ יאר האסטו אונז גימאכט ספאנציעס, מיר זאלין אויך האבין תשועת הנפש אהילפע אין נפש מיד שונא פון דעם יצה"ר וואס וויל אומברענגען דעם מענשין פון ביידע וועלטין, איז דורך דיא תפלות אונ תשובה פון ערב ר"ח אונ הלל והודאה ר"ח, ווערין מיר גיהאלפין פון אים, אונ מיר באקומען אבילעט פון לעבין אונ פרנסה ביז דעם צווייטען ר"ח:

### בית ישראל

די וואס זיינען אמאל געהערט גיווארין אין דיין שטאט, אונ די וואס זיינען גיזונגען גי־ווארין פאר דיין מזבח, מיט עוויגע ליב־שאפט זאלסטו זיי ווידער ברייגגען צו דעם פאלק ישראל, אונ די פערזיכערונג וואס דו האסט פערזיכערט צו די אבות זאלסטו צו זייערע קינדער גידיינקען. והביאנו ברייננ אונז שוין אין דיין שטאט ציון מיט גיזאנג אונ אין ירושלים (וואו דאס בית המקדש איז) מיט עוויגע פרייד, אונ דארט וועלין מיר מאכין פאר דיר די קרבנות וואס מיר זיינען שולדיג, די וואס מען האט תמיד אלע טאג

מקריב

### בנין ציון

בשמחת עולם, דיא חכמי התלמוד זאגין (שבת פח.) בעת אידין האבין גיענטפערט במעמד הר סיני „נעשה ונשמע" זיינען אראפ ששים רבוא מלאכי השרת אונ האבין באקרוינט יעדער אידין מיט „צווייא קרוינען" איינער גענין „נעשה" אונ איינער גענין „נשמע", ד. ה. קעגין דעם וואס זייא האבין מקבל גיוועזן אויף זיך דעם כתר תורה, וואס ער טיילט זיך אויף צווייא קרוינען „רמ"ח עשה" אונ „שס"ה לא תעשה" דאס איז „נעשה" מיר וועלין טאן אונ מקיים זיין דיא „מצות עשה" וואס זיינען נכלל אין דבור אנכי ה' אלהיך, אונ „נשמע" מיר וועלין זיין גיהארכזאם ניט עובר זיין די „לא תעשה" וואס זיינען נכלל אין דבור לא יהיה לך, האט מען זייא דאפיר אנגיקרוינט מיט צווייא קרוינען „כתר מלכות, וכתר כהונה" (ממלכת, כהנים) ד. ה. חרות משעבוד מלכיות אונ חרות ממלאך המות (וויא עס שטייט בייא אהרן הכהן ויעמוד בין המתים ובין החיים), וויא אידין האבין אבער גימאכט דעם עגל אונ עובר גיוועזן אויף דיא צווייא דברות (אנכי ה"א ולא יהיה לך) זיינען אראפ מלאכי חבלה אונ אוים גינומען זייא דיא קרוינען, ד. ה. דורך דעם חטא העגל זיינען זייא נמסר גיווארין צום מלאך המות אונ וועלין כוף כל סוף פארטריבין ווערין אין גלות [ויתנצלו את עדים מהר (ביהמ"ק) חורב ויחרב)]. נור משה ווייל ער האט ניט פארפלעקט זיין כתר תורה האט ער זוכה גיוועזן צו דיא קרוינען, השי"ת האט איהם



אים

בְּשָׁלשׁ פְּעָמִים רְגָלֵינוּ כַּכָּתוּב בְּתוֹרָתֶךָ. שָׁלשׁ פְּעָמִים בַּשָּׁנָה יֵרָאֶה כָל זְכוּרְךָ אֶת פְּנֵי יְיָ אֱלֹהֶיךָ, בַּמָּקוֹם אֲשֶׁר יִבְחָר. בְּחַג הַמַּצּוֹת, וּבְחַג הַשָּׁבֻעוֹת, וּבְחַג הַסֻּכּוֹת, וְלֹא יֵרָאֶה אֶת פְּנֵי יְיָ רֵיקָם: אִישׁ כְּמַתְּנַת יָדוֹ, כְּבִרְכַּת יְיָ אֱלֹהֶיךָ, אֲשֶׁר נָתַן לָךְ: וְהַשִּׂיאֵנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ אֶת בִּרְכַּת מוֹעֲדֶיךָ, לְחַיִּים וּלְשָׁלוֹם, לְשִׂמְחָה וּלְשָׂשׂוֹן, כַּאֲשֶׁר רָצִיתָ וְאָמַרְתָּ לְבָרְכֵנוּ: (לשבת אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ רְצֵה נָא בִמְנוּחָתֵנוּ) קַדְּשֵׁנוּ בְּמִצְוֹתֶיךָ, וְתֵן חֶלְקֵנוּ בְּתוֹרָתֶךָ, שַׂבְּעֵנוּ מִטּוּבֶךָ, וְשַׂמְּחֵנוּ בִּישׁוּעָתֶךָ, וְטַהֵר לִבֵּנוּ לְעָבְדְּךָ בֶּאֱמֶת, וְהַנְחִילֵנוּ יְיָ

### מעשה אלפס

וואס משה רבינו האט געמאכט, וואס עס שטייט נאך ביז יעצט באהאלטן (ויהי' זה לי לדורותיכם, מלמד שכולו קיים לעתיד), אונ מיר וועלן מיט דעם זאלבין דעם מקדש מיט אלע כלי הקדש, אויך איז מרומז אין ווארט "קדש קדשים" אז עס וועט נתגלה ווערין דער ארון מיט דיא לוחות וואס זייא זיינען גנוז געווארען, אויך דיא מזבחות מיט דיא כלי הקדש וועט געבראכט ווערין דורך דעם מלך המשיח (רש"י שם) אונ מיר וועלין זייא אלע צוזאמען שטעלין אין בית המקדש, יעדער זאך אויף איר ארט, וועט דאס הייסין "ועשו לי מקדש" ווייל "עשיה" לייגט זיך אויף דעם תקון הדבר (אויספוצען דיא זאך) דאס איז דיא כונה פון כפול לשון "והראנו בבנינו" ווען דגא וועסט אונז אראפ שיקען מן השמים אפארטיגין בית המקדש, אום ער זאל האבין אקיום נצחי אונ וועגין דעם דאס וואס אונז פעלט דיא מצוה (ועשו לי מקדש) בעטין מיר ווייטער "ושמחנו בתקונו" דוא זאלסט אונז מגלה זיין דעם ארט וואו עס איז באהאלטין דיא שמן המשחה, דער ארון מיט דיא לוחות, די מזבחות מיט אלע כלי הקודש אונ מיר וועלין דאס צוא ריכטין אוועק שטעלען יעדער זאך אויף זיין ארט וויא דוא האסט געשריבען אין דיין היילינע תורה אונ נאכהער וועלין מיר זאלבין אלעס מיט דיא שמן המשחה, וועט דס הייסין "ועשו לי מקדש" זייא זאלן צוריכטין דעם מקדש "לי" לשמי דאן "ושכנתי בתוכם" וועל איך רוהען צווישען זייא, יהי רצון מיר זאלין דס זוכה זיין צו זעהן בקרוב:

### בית ישראל

מאל אין יאהר כַּכָּתוּב אזוי וויא עס שטייט אין דיין תורה שָׁלשׁ דריי מאל אין יאר זאלין ערשיינען דיינע זכרים פאר דיין גאט אויף דעם ארט וואו ער וועט אויס דערוויילען דהיינו צום בית המקדש בְּחַג אום פסח אונ אום שבועות אונ אום סכות וְלֹא אונ זאלסט ניט ווערין געזעהען פאר גאט ליידיג נור מען זאל ברייגגען קרבנות אִישׁ איטליכער נאך זיין פארמעגין נאך כְּבִרְכַּת נאך דער ברכה וואס גאט האט דיר געגעבין:

### בנין ציון

כְּמַתְּנַת יָדוֹ, הערסטע מיין טייערער (זאגט אפרוי צוא איר מאן מיט גרויס שמחה), דער גבאי פון "תפארת בחורים" איז דא געוועזן, האט יעקב'ל (אקינד פון אַ יאהר) אים געגעבין דיא נדבה, וואס דוא האסט שבת צו געזאגט, זעלבסט-פערשטענדליך איז אז יעקב'ל האט נים געגעבין מיט זיין אייגענע קראפט אונ פארשטאנד, נור די מוטער האט אים אריינגעלייגט אמטבע אין הענטעלע אונ אויס געשפרעקט די הענטעלע האט ער געגעבין. דאס זעלבע פריים זיך השי"ת מיט אונזערע צדקות אונ פריינדען וואס מיר האבין געבראכט אין בית המקדש (מחזיק צוא זיין דיא כהנים העוסקים בתורה ועבודה), הגם דאס האט ער אליין פריער אונז אריין געלייגט אין האנד (מזמין געוועזן פרנסה) אונ געגעבין שכל אין מוח, אין האנד כח, צו געבין דיא נדבות, דאס איז דיא כונה "כמתנת ידו" השי"ת פאר רעכינט וויא יעקב'ל אליין מיט זיין כח וואלט דאס געבין. הגם עס איז נאר כברכת ה' אלהיך אשר נתן לך, וואס ער האט דיר פריער אריין געלייגט אין האנד (כי ממך הכל ומידך — שאתה נותן לתוך ידינו — נתנו לך):

אלהינו (באהבה וברצון) בשמחה ובששון (שבת ו) מועדי קדשך, וישמחו בך ישראל מקדשי שמך: ברוך אתה יי, מקדש (השבת ו) ישראל והזמנים:

רצה יי אלהינו בעמך ישראל ובתפלתם. (ולתפלתם שעה) והשב את העבודה, לדביר ביתך, ואשי ישראל. ותפלתם (מהרה) באהבה תקבל ברצון. ותהי לרצון תמיד עבודת ישראל עמך:

ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים. ברוך אתה יי, המחזיר שכינתו לציון:

מודים אנחנו לך, שאתה הוא יי אלהינו ואלהי אבותינו. לעולם ועד, (צורנו) צור חיינו, מגן ישענו, אתה הוא לדור ודור, נודה לך, ונספר תהלתך, על חיינו המסורים בידך, ועל נשמותינו הפקודות לך, ועל נסיך שבכל יום עמנו, ועל נפלאותיך וטובותיך, שבכל עת ערב ובקר וצהרים, הטוב, כי לא כלו רחמיך, והמרחם, כי לא תמו חסדיך, כי מעולם קוינו לך:

מודים דרבנן

מודים אנחנו לך שאתה הוא יי אלהינו ואלהי אבותינו, אלהי כל בשר, יוצרנו, יוצר בראשית, ברכות והודאות לשמך הגדול והקדוש, על שהחייתנו, וקימתנו, כן תחינו ותקימנו, ותאסוף גליותינו לחצרות קדשך, לשמור חקיך, ולעשות רצונך, ולעבדך בלבב שלם, על שאנו מודים לך, ברוך אל ההודאות:

ועל כלם, יתברך, ויתרומם, ויתנשא, (תמיד) שמך, מלכנו, תמיד, לעולם ועד:

וכל החיים, יודוך סלה, ויהללו, ויברכו את שמך, הגדול באמת, לעולם כי טוב האל ישועתנו ועזרתנו סלה, (האל הטוב). ברוך, אתה, יי, הטוב שמך, ולך נאה להודות: לש"ץ ברכת כהנים

שים שלום טובה וברכה, חיים חן וחסד, ורחמים, עלינו ועל כל ישראל עמך, ברכנו אבינו כלנו כאחד (יחד) באור פניך, כי באור פניך, נתת לנו יי אלהינו תורת חיים ואהבת חסד, וצדקה (ורומים) וברכה ורחמים וחיים ושלום, וטוב יהיה בעיניך לברכנו ולברך את כל עמך ישראל, בכל עת ובכל שעה, בשלומך (ברוב עוז ושלום): ברוך אתה יי, המברך את עמו ישראל בשלום:

אלהי, נצור לשוני מרע, ושפתותי מדבר מרמה, ולמקללי נפשי תדום, ונפשי כעפר לכל תהיה, פתח לבי בתורתך, ואחרי מצותיך תרדוף נפשי, וכל הקמים והחושבים עלי לרעה, מהרה הפר עצתם, וקלקל מחשבתם: יהי רצון מלפניך, יי אלהינו ואלהי אבותינו, שלא תעלה קנאת אדם עלי ולא קנאתי על אחרים ושלא אכעוס היום, ושלא אכעיסך, ותצילני מיצר הרע, ותן בלבי הכנעה וענוה: מלכנו ואלהינו, יחד שמך בעולמך, בנה עירך יסד ביתך ושכלל היכלך. וקבץ קבוץ גליות ופדה צאנך ושמח עדתך: עשה למען שמך. עשה למען ימינך, עשה למען תורתך: עשה למען קדשתך למען יחלצון ידידיך, הושיעה ימינך ועננו: יהיו לרצון אמרי פי, והגיון לבי לפניך, יי, צורי וגואלי: עשה שלום במרומיו, הוא יעשה שלום עלינו, ועל כל ישראל, ואמרו אמן: יהי רצון וכו'

דֶער חַזָן הֵייבְּט אָן בָּרוּךְ אתה ביז ומושיע ומגן אונ דֶער נָאךְ זָאגְט מֶען דָאס :

אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ :

פותחין הארון

**זְכוֹר**, אָב נִמְשַׁךְ אַחֲרֶיךָ, כַּמַּיִם. בֵּרַכְתּוֹ, כְּעֵץ שָׁתוּל עַל פַּלְגֵי מָיִם, גְּנַנְתּוֹ, הִצַּלְתּוֹ, מֵאֵשׁ וּמִמַּיִם, דְּרַשְׁתּוֹ, בְּזָרְעוֹ עַל כָּל מָיִם : קהל בַּעֲבוּרוֹ, אַל תִּמְנַע מָיִם :

**זְכוֹר**, הַנּוֹלָד בִּבְשׂוֹרַת יֻקַּח נָא, מְעַט מַיִם. וְשַׂחְתָּ לְהוֹרוֹ לְשָׁחֲטוֹ, לִשְׁפּוֹךְ דָּמוֹ כַּמַּיִם. זְהֵר גַּם הוּא, לִשְׁפּוֹךְ לֵב, כַּמַּיִם. חָפַר וּמָצָא בְּאֵרוֹת מָיִם : קהל בְּצִדְקוֹ, חוֹן חַשְׁרַת מָיִם :

## מעשה אלפס

דְּרַשְׁתּוֹ בְּזַרְעוֹ עַל כָּל מַיִם, הַשי"ת הָאט פַאר אָרְדִינְט זַיין וֶועלְט, אַז דֶר מֶענְשִׁין קִינְד זָאל דַארְפִין אָנְקוּמֶען צוּא זַיינֶע עֶלְטֶערִין לְפָחוֹת בִּיז בַּר מִצְוָה אונ מאַכֶע נָאךְ שְׁפֶּעטֶר (נִיט וִוי אַנְדֶערֶע בַּעֲלֵי חַיִּים דַארְפִין דִיא מוּטֶער נוּר בִּיזִיל אויס זֵייגֶען), אוֹיךְ דַארְף דֶער אָרִימֶער אָן קוּמֶען צוּם רַייכִין אונ דֶר אוֹרֵחַ צוּם בעה"ב (וָואס בַּיי אַלֶע בַּעֲלֵי חַיִּים אִיז עֶס נִיטָא), דָס אִיז בִּכְדֵי דִיא עֶלְטֶערִין זָאלִין הָאבִין יְכוֹלֶת צוּ לֶערְנֶען דִי קִינְדֶער תּוֹרָה וְחָכְמָה, מוּסָר וְדֶרֶךְ אֶרֶץ, בִּתְחִלַּת וֶועלִין דִיא קִינְדֶער זֵיי הָאבִין מִצַּד הַכָּרַת, נָאכְהֶער אַז זֵיי וֶועלִין קוּמֶען צוּם רֶעכְטֶען פַרְשְׁטַאנְד וֶועלִין זֵיי עֶס טָאן בְּשִׂמְחָה וּבְטוּב לֵב, דָאס גְלַייכִין וֶועם דֶער נוֹתֵן קֶענֶען מַשְׁפִּיעַ זַיין אוֹיפְ'ן מְקַבֵּל, דֵעוֹת וּמִדּוֹת יְשָׁרוֹת וִויא דִיא תּוֹרָה שְׁרַייבְּט אוֹיף אַבְרָהָם אָבִינוּ „וַיִּטַּע אֵשֶׁל בִּבְאֵר שָׁבַע" אַבְרָהָם הָט פֶערְאָרְדִינְט אַנַאסְט הוֹיז (חד אמר זה פונדק) מִיט אַ לוּסְט גָארְטִין (וח"א זה פרדס, אלו ואלו דא"ח) דוּרְךְ דֶעם הָאט עֶר נִיהַאט גִילֶעגִינְהַייט קוּמֶען צוּא זַיין צִיעל „וַיִּקְרָא שָׁם" עֶר הָאט דָארְטִין מְפַרְסֵם גִיוֶועזֶען אונ אַלֶעמֶען גִילֶערְנְט „בְּשֵׁם ה' אֵל עוֹלָם" אַז עֶס אִיז דָא אַבּוֹתֵא עוֹלָם *), וָואס עֶר אִיז דֶער אֶמֶת'ר וִוירְט פוּן אַלֶע וָואלְקְהַאט מְקוֹר הַחֶסֶד וְהָרַחֲמִים (ועולם חסד יבנה),

דאס

## בית ישראל

**זְכוֹר** אָב גִידֵיינְק דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם, וָואס עֶר הָאט זִיךְ גִיצוֹיגֶען נָאךְ דִיר וִוי וַואסֶער בֵּרַכְתּוֹ דוּ הָאסְט אִים גִיבֶּענְשְׁט, עֶר זָאל זַיין וִוי אַ בּוֹים וָוס וַואקְסְט בַּיי אַ טַייךְ וַואסֶער גְּנַנְתּוֹ דוּ הָאסְט אִים בַּאשִׁיצְט אונ מַצִּיל גִיוֶועזֶען פוּן פַייעֶר אונ וַואסֶער דְּרַשְׁתּוֹ דוּ הָאסְט אִים גִיפָארְשְׁט אונ גִיפְּרוּבְט אַז דוּא הָאסְט אִים גִיהֵייסִין גֵיין קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אונ עֶר הָט גִיזֵייעֶט בַּיי אַלֶע וַואסֶערִין אונ עֶס אִיז דָאךְ גִיוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶער הוּנְגֶער אונ עֶר הָט נִיט גִיקְלֶערְט נָאךְ דִיר בַּעֲבוּרוֹ אַל תִּמְנַע מָיִם פוּן וֶועגִין זַיין זְכוּת זָאלְסְטוּ נִיט פַאר מַיידִין וַואסֶער :

**זְכוֹר** הַנּוֹלָד גִידֵיינְק דֶעם זְכוּת פוּן יִצְחָק. וָואס עֶר אִיז גִיבָּארִין גִיוָוארִין אִין דֶר בְּשׂוֹרָה אַז אַבְרָהָם הָט גִיהֵייסֶען דִי מַלְאָכִים נֶעמֶען אַבִּיסֶעל וַואסֶער וְשַׂחְתָּ אונ דוּ הָאסְט גִיזָאגְט צוּא זַיין פָאטֶער עֶר זָאל אִים שֶׁעכְטִין אונ פַאר גִיסֶען זַיין בְּלוּט וִוי וַואסֶער, זְהַר עֶר אִיז אוֹיךְ גִיוָוארִינְט גִיוֶועזֶען פַאר גִיסֶען זַיין הַארְץ אִין תְּפִלָּה וִויא וַואסֶער חָפַר עֶר הָאט גִיגְרָאבִּין אונ גִיפוּנֶען בְּרוּנֶען מִיט וַואסֶער בְּצִדְקוֹ וֶועגִין זַיין גִירֶעכְטִיקַייט בֶּעשֵׁיינְק אוּנְז פִיל וַואסֶער :

---

*) שְׁטֶעל זִיךְ פָאר, דִיא אוֹרְחִים וָואס זַיינֶען אַיינְגִישְׁטַאנֶען בַּייא אַבְרָהָם אָבִינוּ אונ עֶר הָאט זֵייא אוֹיף גִינוּמֶען מִיט'ן גְרֶעסְטִין כָּבוֹד (כמ"ש בפ' וירא) אונ אַלֵיין זֵייא בַאדִינְט פְרֵיינְדְלִיךְ, אַז זֵייא הָאבִּין אִים גִיוָואלְט דַאנְקֶען עֶנְטְפֶערְט עֶר זֵייא, נִיט אִיךְ בִּין דֶער וִוירְט פוּן דִיזֶע וָואלְקְהֶעטִיגֶע הוֹיז, אִיךְ בִּין נוּר אַ מְשָׁרֵת בַּיי אִים, גֶעווֹיס זַייגֶען זֵייא נִתְפַּעֵל גִיוָוארִין אונ גִיפְרַאכְט בַּייא זִיךְ, מַה דָאךְ דֶער מְשָׁרֵת אִיז אַזאַ וִויכְטִיגֶער מֶענְשׁ, אַזאַ אֶדֶעל אַזאַ חָכָם, אַז עֶס אִיז אַפַארְגֶענִיגֶען מִיט אִים צוּ פֶערְבְּרֵיינְגֶען, הַיינְט וִויא אִיז שׁוֹין דֶער וִוירְט אַלַיין ? אונ הָאבִין בַּאקוּמֶען גְרוֹיס תְּשׁוּקָה צוּא וִויסֶען וֶוער דֶער וִוירְט פוּן דִיזֶע אֶדֶעלֶע הוֹיז אִיז, אונ וִויא זֵייא

זְכוֹר, טָעַן מַקְלוֹ, וְעָבַר יַרְדֵּן מַיִם, יִחַד לֵב, וְגָל אֶבֶן, מִפִּי בְּאֵר מַיִם. כְּנֶאֱבַק לוֹ שַׂר, בָּלוּל מֵאֵשׁ וּמִמַּיִם. לָכֵן הִבְטַחְתּוֹ. הֱיוֹת עִמּוֹ, בָּאֵשׁ וּבַמַּיִם:

קהל בַּעֲבוּרוֹ, אַל תִּמְנַע מָיִם:

זְכוֹר, מָשׁוּי, בְּתֵבַת גֹּמֶא, מִן הַמַּיִם. נָמוּ, דָּלֹה דָלָה, וְהִשְׁקָה צֹאן, מַיִם. סְגוּלֶיךָ, עֵת צָמְאוּ לַמַּיִם. עַל הַסֶּלַע הָךְ, וַיֵּצְאוּ מַיִם:

קהל בְּצִדְקוֹ, חֹן, חַשְׁרַת מָיִם:

זְכוֹר, פְּקִיד שָׁתוֹת טוֹבֵל חָמֵשׁ טְבִילוֹת בַּמַּיִם. צוֹעֶה, וּמַרְחִיץ כַּפָּיו בְּקִדּוּשׁ מַיִם. קוֹרֵא וּמַזֶּה טָהֳרַת מַיִם.

## בית ישראל

זְכוֹר טָעַן גידיינק דעם זכות פון יַעֲקֹב. ווס ער האט גיטראגין זיין שטעקין אונ איז אריבער דעם ירדן וואסער יִחַד ער האט גיאיינציגט דאס הארץ צו גאט אונ האט אפּ גיקייקילט דעם שטיין פון ברונען וואסער כְּנֶאֱבַק אז ער האט זיך גיראנגילט מיט דעם מַלְאָךְ ווס איז גימישט פון פייער אונ וואסער לָכֵן דרום האסטו אים פאר זיכערט צו זיין מיט איהם אין פייער אונ וואסער

בַּעֲבוּרוֹ פון וועגין זיין זכות זאלסטו ניט פאר מיידען וואסער;

## מעשה אלפס

דאס איז דיא כַּוָּנָה „הִרְשַׁתּוֹ" דאס האסטו גיפּארשט, גיזוכט אונ גיפונען אין אַבְרָהָם'ס הַנְהָגָה כְּלוֹמַר אַבְרָהָם האט צו גיטראפין דיין וואונש פון דיין אָרְדִינוּנג, וואס דער ארימער דארף אנקומען צום רייכין „בִּזְרְעוֹ" מ״ט זיין זייען צדקות אונ חֶסֶד (וויא די חז״ל זאגין אַשְׁרֵיכֶם זוֹרְעֵי עַל כָּל מַיִם, אין זריעה אלא צדקה שנא׳ זרעו לכם לצדקה), אַבְרָהָם האט גיזייט צדקות „עַל כָּל מַיִם" צום ציעל מְקָרֵב זיין נְפָשׁוֹת צו דער תּוֹרָה (הנמש״ה למים, כמ״ש ואת הנפש אשר עשו בחרן ות״א וית נפשתא דשעבידו לאורייתא), צו ליב זיין זכות זאלסטו פון אונז ניט פארמיידין וואסער:

זְכוֹר מָשׁוּי גידיינק דעם זכות פון משה רבינו, וואס ער איז גילעגין אין קאסטין פון קארקעס האלץ אונ בַּתְיָה בַּת פַּרְעֹה האט אים ארויס גיצויגען פון וואסער נָמוּ דיא טעכטער פון יִתְרוֹ האבין גיזאגט ער האט אונז אן גישעפּט אונ האט אן גיטרונקען דיא שאף מיט וואסער סְגוּלֶיךָ דיינע גיליבטע ישראל אין דר צייט אז זיי זיינען דארשטיג גיוועזען צוא וואסער עַל הַסֶּלַע האט ער גישלאגין אויף דעם שטיין איז ארויס וואסער בְּצִדְקוֹ וועגין זיין גירעכטיקייט זאלסטו בעשיינקען די וועלט מיט מערונג פון וואסער:

זְכוֹר פְּקִיד גידיינק דעם זכות פון אַהֲרֹן הַכֹּהֵן, וואס ער האט גישאפט איבער דעם ביהמ״ק אונ יום כפור האט ער זיך פינף מאל גיטובעלט אין וואסער צוֹעֶה ער האט גירייניגט אונ גיוואשין זיינע הענד אין דיא הייליגע וואסער קוֹרֵא ער טוט לייענען

---

שטיינען אזוי מים פולע הערצער אויס גיסען זייער דאנקבארקייט דעם ווירקליכען ווירמה, אין דעם ראציאנעם האט זייא אַבְרָהָם אָבִינוּ ערקלערט מיט גרויס חָכְמָה, אז דער אמת׳ר ווירט איז דער „אֵל עֶלְיוֹן קוֹנֵה שָׁמַיִם וָאָרֶץ". דער גרויסער איינזיגער וואס האט אויס גיקטרויעט דעם וואונדערליכען וועלט פּאלאץ, אונ בעת ער האט זייא באגלייט (אש״ל אכילה, שתיה, לויה) האט ער זייא דאס גוט ערקלערט, מיר זאגען פארשטיין וויא טיף דיזע הלכה אונ אדעלע ווערטער איז זייא גיווען אין הארצין אונ וואס פאר א איינדרוק דאס האט גימאכט.

רוּחַךְ, מוֹעֵם פְּחֵזוּ כַּמָּיִם: קהל בַּעֲבוּרוֹ אַל תִּמְנַע מָיִם:

זְכוֹר, שְׁנֵים עָשָׂר שְׁבָטִים. שֶׁהֶעֱבַרְתָּ, בְּגִזְרַת מָיִם. שֶׁהִמְתַּקְתָּ לָמוֹ, מְרִירוּת מָיִם. תּוֹלְדוֹתָם, נִשְׁפַּךְ דָּמָם עָלֶיךָ, כַּמָּיִם. תֵּפֶן, כִּי נַפְשֵׁנוּ, אָפְפוּ מָיִם:

קהל בְּצִדְקָם, חוֹן, חַשְׁרַת מָיִם:

שָׁאַתָּה הוּא, יְיָ אֱלֹהֵינוּ. מַשִּׁיב הָרוּחַ, וּמוֹרִיד הַגָּשֶׁם:

לִבְרָכָה, וְלֹא לִקְלָלָה: אמן לְחַיִּים, וְלֹא לַמָּוֶת: אמן לְשׂוֹבַע, וְלֹא לְרָזוֹן: אמן

דער נאך זאגט דער חזן מכלכל חיים אונ קדושה ביז נאך שמונה עשרה:

---

## תפלת טל למוסף יום ראשון של פסח

דער חזן הייבט אן ברוך אתה ביז ומושיע ומגן אונ דער נאך זאגט מען דאס:

אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ:

פותחין הארון

טַל תֵּן, לִרְצוֹת אַרְצָךְ. שִׁיתֵנוּ בְרָכָה, בְּדִיצָךְ. רוֹב דָּגָן וְתִירוֹשׁ, בְּהַפְרִיצָךְ. קוֹמֵם עִיר, בָּהּ חֶפְצָךְ, בְּטַל:

טַל צַוֵּה, שָׁנָה טוֹבָה, וּמְעֻטֶּרֶת, פְּרִי הָאָרֶץ, לְגָאוֹן וּלְתִפְאֶרֶת, בית ישראל

דעם סדר פון שפריינגן אונ טוט שפריינגן אום יום כפור מיט דעם הט ער גירייניגט דיא ישראל וויא אמקוה וואסער רוחך ער איז ווארין אפ גישייד זיבען טעג פריער פון דיא ישראל וואס זייא איילין ווי וואסער בעבורו וועגן זיין זכות זאלסטו ניט פאר מיידען וואסער:

זכור שנים עשר שבטים גידיינק דיא צוועלף שבטים וואס דוא האסט זייא דורך געפירט (אין ים) צווישען צוא שפאלטענע וואסער שהמתקת וואס דוא האסט גימאכט זיס (אין מרה) דיא ביטערע וואסער תולדותם ביי זייערע קינדער איז פר גאסין גיווארין פון דיין היילגען נאמען וועגין זייער בלוט וויא וואסער תפן דו זאלסט זיך ווענדין צו אונזער גיבעט ווארום אונזער זעלע איז ארום גירינגילט מיט צרות וויא וואסער בצדקם וועגין זייער גירעכטיקייט זאלסטו אונז בעשיינקען מיט פיל וואסער:

שאתה דען דו ביסט אונזר גאט, דער מאכט וויען דעם ווינט אונ נידערין דעם רעגין. דר רעגין זאל זיין צו ברכה אונ ניט חלילה צו קללה אמן: צו לעבין אונ ניט צום טויט אמן: צו זעט אונ ניט צו קיין הונגער אמן:

טל תן לרצות ארצך טוי גיב צוא באווילגען דיין לאנד שיתנו ברכה בדיצך מאך אונז פיר אבענטשונג (דיא וועלט זאל זיך מיט אונז בענשין) דורך דיין ערפרייען אונז מיט גרויס הצלחה פון פיל תבואה אונ ווין קומם עיר בה חפצך ריכט אויף די שטאט ירושלים וואס זיא איז דיין באגערונג, מיט טוי:

טל צוה מיט טוי בעפעהל צו זיין אגוטער אונ אגיקרוינטער יאהר פרי הארץ דיא פרוכט פון דיא ערד זאל זיין שיין אונ

פראכטפאל

עִיר, כַּסֻּכָּה נוֹתֶֽרֶת. שִׂימָהּ, בְּיָדְךָ עֲטֶֽרֶת. בְּטָל:

טַל נֹפֶת, עֲלֵי אֶֽרֶץ בְּרוּכָה. מִמֶּֽגֶד שָׁמַֽיִם, שַׂבְּעֵֽנוּ בְרָכָה. לְהָאִיר מִתּוֹךְ חֲשֵׁכָה. כַּנָּה, אַחֲרֶֽיךָ מְשׁוּכָה. בְּטָל:

טַל יַעֲסִיס, צוּף הָרִים. טְעֵם בִּמְאוֹדֶֽיךָ, מֻבְחָרִים. חַנּוּנֶֽיךָ, חַלֵּץ מִמַּסְגֵּרִים. זִמְרָה נַנְעִים, וְקוֹל נָרִים. בְּטָל:

טַל וְשׂוֹבַע, מַלֵּא אֲסָמֵֽינוּ. הֲכָעֵת, תְּחַדֵּשׁ יָמֵֽינוּ. דּוֹד, כְּעֶרְכְּךָ הַעֲמֵד שְׁמֵֽנוּ. גַּן רָוֶה שִׂימֵֽנוּ. בְּטָל:

טַל, בּוֹ תְּבָרֵךְ מָזוֹן. בְּמַשְׁמַנֵּֽינוּ, אַל יְהִי רָזוֹן. אֲיֻמָּה, אֲשֶׁר הִסַּֽעְתָּ כַּצֹּאן. אָנָּא, תָּפֵק לָהּ רָצוֹן. בְּטָל:

שָׁאַתָּה הוּא, יְיָ אֱלֹהֵֽינוּ, מַשִּׁיב הָרֽוּחַ, וּמוֹרִיד הַטָּל:

לִבְרָכָה, וְלֹא לִקְלָלָה: אמן לְחַיִּים, וְלֹא לַמָּֽוֶת: אמן לְשׂוֹבַע, וְלֹא לְרָזוֹן: אמן

דֶער נָאךְ זָאגְט דֶער חַזָּן מְכַלְכֵּל חַיִּים אוּנ קְדוּשָּׁה בִּיז נָאךְ שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה:

בית ישראל

פְּרַאכְטְפָאהל: עִיר כַּסֻּכָּה נוֹתֶֽרֶת דִיא שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם וָואס אִיז גִיבְּלִיבֶּען וִוִיסְט וִויא אַ בַּיידִיל (אָהנֶע אַיין וָואהנֶער) שִׂימָהּ בְּיָדְךָ עֲטֶֽרֶת זָאלְסְטוּ זִיא אוֹיפְרִיכְטִין וִויא אַקְרוֹין אוֹיף דַיין הַאנְט, מִיט טוֹי:

טַל נוֹפֶת דֶעם זִיסֶען טַל גִיבּ אוֹיף דֶעם גִיבֶּענְשְׁטִין לַאנְד מִמֶּגֶד שָׁמַיִם פוּן דֶעם זִיסֶען הִימֶעל מַאךְ אוּנְז זַאט מִיט בְּרָכוֹת לְהָאִיר מִתּוֹךְ חֲשֵׁכָה דִיא יִשְׂרָאֵל וָואס טוּעֶן זִיךְ נָאךְ דִיר צִיהֶען זָאלְסְטוּ זַייא דֶער לַייכְטֶען פוּן פִינְסְטֶערְנֶעס מִיט טַל:

טַל יַעֲסִיס צוּף הָרִים דוּרְךְ טוֹי מַאךְ זִיס וִויא הָאנִיג דִיא תְּבוּאָה. פוּן דִיא בֶּערְג טְעֵם בִּמְאוֹדֶיךָ מֻבְחָרִים גִיבּ פַּר זוּכִין דַיין גוּטְּס דַיינֶע אוֹיס דֶר וֶוַיילְטֶע חַנּוּנֶיךָ חַלֵּץ דַיין לִיבֶּע פָאלְק בֶּעפְרַייא פוּן פֶעסְטוּנְג (גָלוּת), זִמְרָה דַאן וֶועלִין מִיר אוֹיף הַייבִּין אוּנְזֶער שְׁטִימֶע מִיט אַיְיסֶע גִיזַאנְג, אַז עֶס וֶועט נִידֶערִין דֶער גִיבֶּענְשְׁטֶער טוֹי:

טַל וְשׂוֹבַע מַלֵּא אֲסָמֵינוּ מִיט טוֹי אוּנ זֶעטִיגְקַייט דֶר פִיל אוּנְזֶערֶע אוֹצְרוֹת הֲכָעֵת תְּחַדֵּשׁ יָמֵינוּ וִוי אַמָאלִיגֶע גְלִיקְלִיכֶע צַייט בַּאנַיי אוּנְזֶערֶע טֶעג דּוֹד כְּעֶרְכְּךָ גֶעלִיבְּטֶער גָאט! רִיכְטֶע אוֹיף אוּנְזֶער נָאמֶען נָאךְ דַיין הוֹיכְגִישֶׁעצְטֶע וֶוערְדֶע, מַאךְ אוּנְז וִוי אַיין אֶנְגִיטְרוּנְקֶענֶער גָארְטִין מִיט טוֹי:

טַל בּוֹ תְּבָרֵךְ מָזוֹן מִיט טוֹי זָאלְסְטוּ בֶּענְשִׁין דִיא שְׁפַּייז בְּמַשְׁמַנֵּינוּ אַל יְהִי רָזוֹן קַיין מָאגֶערְקַייט זָאל נִיט זַיין אִין אוּנְזֶערֶע פֶּעטְ־קַייט אֲיֻמָּה אֲשֶׁר הִסַּעְתָּ כַּצֹּאן דִי פָאלְק וָואס דוּ הָאסְט אוֹיס גִיצוֹיגִין פוּן מִצְרַיִם אוּנ הָאסְט זַייא גִיפִירְט וִויא שָׁאף אָנָּא תָּפֵק לָהּ רָצוֹן בֶּעט אִיךְ דִיר גַייז דַיין צוּפְרִידֶענְהַייט צוּ אִיר, מִיט טוֹי: שָׁאַתָּה דֶען דוּ בִּיסְט אוּנְזֶער גָאט, דֶער מַאכְט בְּלָאזִין דֶעם וִוינְט אוּנ לָאזְט הֶערָאבּ דֶעם טוֹי: לִבְרָכָה צוּ בֶּענְשׁוּנְג אוּנ נִיט חָלִילָה צוּא פְלוּךְ: אמן לְחַיִּים צוּ לֶעבִּין אוּנ נִיט צוּם טוֹיט: אמן לְשׂוֹבַע וְלֹא לְרָזוֹן צוּא זֶעטִיקַייט אוּנ נִיט צוּ מָאגֶערְקַייט: אמן

א) ווען דר חזן זאגט רצה דארפן אלע כהנים וואס זענן אין שוהל אוועק גיין פון זייערע ערטער גיין דוכענען. אונ אוב דר כהן איז ניט אוועק גיגאנגן פון ארט ביז דר חזן הט שון אפ גזאגט רצה. טאר ער שון ניט גיין דוכענין. אונ אוב ער איז יא גיגאנגן דוכענען אונ ער שטייט שון צווישען די כהנים זאל ער שון ניט צוריק גיין ליידיג. נאר ער זאל אויך דוכענען:

ב) פר רצה דארף ער וואשן די הענט. אונ אלוי זאל ארוף גיסן די וואסר אוף די הענט פון כהן. אוב עס איז ניט דא אלוי זאל אבכור פון אמוטר ארוף גיסען אוף די הענד פון כהן:

ג) אז די כהנים קומן צום ארון הקודש דארפען זיי זאגן פריער מודים דרבנן. גלייך מיט אלע. נאך דעם זאגן זיי דעם יהי רצון. אונ זיי לאזן אוס דעם יהי רצון גלייך ווען דר חזן לאזט אוס די ברכה ולך נאה להודות. אלע זאלן ענטפערן אמן אוף די ברכה אונ אוף דעם יהי רצון. אוף ביידע צו זאמן. די כהנים דארפן אוף הייבן די הענט קעגן די אקסלן. אונ דארפן צו שפרייטן די הענט אונ צו טיילן די פינגר. צו מאכן פינף בלייזען. יעדר צוויי פינגר באזונדר. אונ די צוויי גראבע פינגר זאלן ניט אנרירן איינר דעם אנדערן ווען מען דוכענט. עס זאל זיין פינף פענסטר. אונ די רעכטע האנד דארף זיין אביסל העכער ווי די לינקע האנט. אונ דר פינגר וואס הייסט אצבע פון די רעכטע האנט זאל אן רירען דעם פינגר וואס הייסט אצבע פון די לינקע האנט:

ד) די כהנים זאלן האלטן די הענט מיט דעם אינוויינג צו די ערד. מיט דעם אוס ווייניג צום הימל. די פינגר זאלן ניט זיין ארוף אין דער הייך. נאר אראפ גיבוגען:

ה) די כהנים טארן ניט אנהייבן די ברכה ביז דר חזן זאגט דעם ווארט כהנים. ווען די כהנים דרייען זיך אום מיט זייער פנים. סיי פר דעם דוכענען. סיי נאך דעם דוכענען. זאלן זיי זיך דרייען רעכטס. אונ ווען זיי גייען אוועק פון ארון קודש. זאלן זיי גיין אונטר זיך אונ מיט דעם פנים צום ארון קודש:

ו) די כהנים ווען זיי דוכענן זאלן זיי האלטן די אוגען אראפ אזוי ווי מען דאווינט שמונה עשרה. אונ זיי זאלן ניט קוקען אוף די הענט. דריבר איז גלייך זיי זאלן דעם טלית אראפ ציהן איבר דעם פנים אונ די הענט זאלן זיי האלטען אוסר דעם טלית. ווען די כהנים זאגן די ווערטר יברכך וישמרך אליך ויחונך אליך לך שלום. דארפן זיי אום דרייען דעם פנים צו דרום אונ צו צפון:

ז) אכהן וואס הט אפעלר אויף דעם פנים אדער אוף די הענט. למשל ער הט ווייסע בלאטרן. אדר גפלעקטע מיט פינטעלך. אדר איינגיבוגינע פינגר. אדר אום גדרייטע פינגר אין אזייט. אדר די האנט איז אום גדרייט אוף אינטן. אדר ער קען ניט צו טיילן די פינגר. אדר די שפייאכץ רינט אים אוף די בארד. אדר עס גיסט אים טרערן פון די אוגן. אדר איין אוג איז בלונד. אונ ער איז אפרעמדר. די אלע טארן ניט דוכענן. אבר אבלונדר אהיימישר. אפילו ביידע אוגין זענין בלונד מעג ער דוכענן. די וואס האבן אופן פנים זומר שפרענקלך. אוב פיל מענטשן האבן אזו. מעג ער דוכענן. דר זעלביגר דין איז ביי אפארבאר. אוב דר כהן איז אפארבאר אונ עס איז דא אין שטאט פיל פארבארס אזעלכע. מעג דר כהן דוכענן. פאר דרייצעהן יאר מיט אטאג טאר ער ניט דוכענן. אכהן וואס הט גנומן אווייב אגרושה אדער אחלוצה. טאר ער גוט דוכענין ביז ער איז זיא מגרש:

ח) אכהן ווח הט זיך מטמא גוועט צו אמת וואס ער טאר זיך ניט מטמא זיין צו אים טאר ער ניט דוכענען. אויב אכהן הט גינומען אווייב אגרושה. אונ זי הט גיהאט פון אים אזוהן. דר זוהן הייסט אחלל. אונ ער טאר ניט דוכענן:

ט) אכהן וואס איז אאונן טאר ניט דוכענען אאונן הייסט דעם טאג וואס ביי אים איז גישטארבען אזוי אמענטש וואס ער דארף נאך אים זיצען שבעה:

י) אאבל נאך אפאטר אדר נאך אמוטר אגאנץ יאר. אונ נאך אנדערע קרובים אין שלשים. טאר ער ניט דוכנן. נאר אז מען הייסט אים גיין דוכנן. מעג ער גיין דוכנן. נאר גלייכר איז ער זאל ארוס גיין פון שוהל איידר דר חזן הייבט אן צו זאגן רצה. אונ אוב אוסער אים איז נאר דא איין כהן. מעג דר אבל דוכענן. נאר אין שבעה טאר ער ניט דוכענען:

דִּיא תְּחִינָה זָאגְט מֶען אַז דֶער חַזָּן הֵייבְּט אָן צוּא זָאגֶען רְצֵה אוּנ דִּיא כֹּהֲנִים נֵייעֶן דוּכֶענֶען:

*) אָנָּא ה׳ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ:
מִיר בֶּעטִין דִיךְ לִיבֶּר גָאט וָוס דִי בִּיסְט
אוּנְזֶר גָאט אוּנ דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע
עֶלְטֶערִין אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב דוּ זָאלְסְט
זִיךְ שׁוֹין דֶערְבַּארֶעמֶן אוֹיף אוּנְז דָאס
מִיר זָאלֶען שׁוֹין גִיךְ הָאבֶּען אַ רֶעכְטֶע
יְשׁוּעָה אִין דֶעם זְכוּת וָוס בְּנֵי אַהֲרֹן
כֹּהֲנֶיךָ דִי קִינְדֶער פוּן אַהֲרֹן דַיינֶע כֹּהֲנִים
וֶועלֶען אַצוּנְד אוֹיף הֵייבֶּן דִיא הֶענְד צוּ
בֶּענְטְשֶׁען דַיין לִיבּ פָאלְק יִשְׂרָאֵל מִיט
נָאר זֵייעֶר הַארְטְץ אוּנ וֶועלֶן זָאגֶען דִי
בְּרָכָה וָוס דוּ הָאסְט זֵיי גְבָּאטֶן דָם מִיט
דֶער בְּרָכָה זָאלֶן זֵיי בֶּענְטְשֶׁן דַיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל וֶוען זֵיי שְׁטֶעלֶן זִיךְ צוּם דוּכָן.
רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם פַר נֶעם דָם גִיבֶּעט פוּן
דִי כֹּהֲנִים וָוס בֶּענְטְשֶׁן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל
אוּנ מִיר זָאלֶען גֶעבֶּענְטְשְׁט וֶוערֶן אַלֶע
יוּדֶען בַּאנַאנְד אוּנ אוֹךְ אִיךְ מִיט מַיין
מַאן אוּנ מַיינֶע קִינְדֶער צְוִוישֶׁן זֵיי צוּ גוּטֶן
לֶעבֶּען אוּנ גוּטִי פַּרְנָסָה פוּן דַיין פִילֶער
גִבֶּנְשְׁטֶער הַאנְד מִיר זָאלֶען נִיט דַארְפֶן
אָן קוּמֶען צוּ אֵיין בָּשָׂר וָדָם אוּנ דָם מִיר
זָאלֶן זוֹכֶה זַיין צוּא הָאבֶּען קִינְדֶער אוּנ
קִינְדְם קִינְדֶער גוּטֶע אוּנ פְרוּמֶע גָאטְם
דִינֶערְם אוּנ גָאטְם פָארְכְטִיגֶע אוּנ
זָאלְסְט אוּנְז הִיטֶן פוּן אַלֶעם בֵּייזֶן קֵיין
שׂוֹנֵא זָאל אוּנְז נִיט קֶענֶען טָאן קֵיין
שְׁלֶעכְטְץ אוּנ זָאלְסְט דֶר לַייכְטֶען דַיין
פָּנִים צוּ אוּנְז מִיר זָאלֶן קֶענֶן דֶר הַאלְטֶן
דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה מִיר זָאלֶן נִיט וִוידֶער
שְׁפֶּענִיגֶען אַקֶעגֶן דִיר אוּנ זָאלְסְט אוּנְז
לַייט זֶעלִיגֶן מִיט אַלֶעם גוּטְן מִיט אַגוּט
לֶעבֶּען. לֶעבֶּען פוּן גְזוּנְד. לֶעבֶּען פוּן
פַּרְנָסָה. לֶעבֶּן פוּן שְׁפַּייז. לֶעבֶּן פוּן דֶער
נֶערוּנְג. לֶעבֶּן פוּן רַייכְקֵייט. לֶעבֶּן פוּן
אַגוּט מַזָּל אוּנ זָאלְסְט אוּנְז נוֹשֵׂא פָּנִים
זַיין וֶוען דוּ קוּמְסְט צוּ מִשְׁפָּטֶן אוּנ אִין

דֶעם זְכוּת פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן מִיט זַיינֶע
קִינְדֶער אוּנ זָאלְסְט טוּעֶן צוּ אוּנְז פְרִיד
אוּנ שַׁלְוָה אוּנ שְׁטִילְקֵייט עֶס זָאל
חָלִילָה נִיט קוּמֶען קֵיין אִיבֶּער שְׁרֶעק
אִין אוּנְזֶער הוֹיז:
אַתָּה הָאֵל הַמְרוֹמָם עַל כָּל בְּרָכָה וּתְהִלָּה גָאט וָוס דוּ
בִּיסְט דֶר הוֹיבֶּן אוֹיף אַלִי בֶּענְטְשׁוּנְג
אוּנ לוֹב עֶס אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט פַר דִיר דָם
אִיבֶּער אוּנְזֶערִי זִינְד אִיז דֶר בֵּית הַמִּקְדָּשׁ
חָרוּב גְוָוארֶען אוּנ עֶס אִיז צוּא גְנוּמֶען
גְוָוארִין דִי לִיכְט פוּן אוּנְזֶערִי אוֹגֶען אוּנ
וֶוען דֶר בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז גְשְׁטַאנֶען פְלֶעגֶען
דִי יִשְׂרָאֵל מַקְרִיב זַיין קָרְבָּנוֹת צוּ פַאר
גִיבֶּען אוֹיף זֵייעֶרִי זִינְד אוּנ דִיא כֹּהֲנִים
זֶענִין גְשְׁטַאנֶען אוֹיף זֵייעֶר דוּכֶענֶן אוּנ דִי
לְוִיִּם מִיט זֵייעֶר גְזַאנְג אָבֶּער הַיינְט הָאבֶּן
מִיר דָם אַלְץ אָן גְוָוארֶן נָאר דָם אִיז אוּנְז
גְבְּלִיבֶּן דָם דִי כֹּהֲנִים קוּמֶן צוּ בֶּענְטְשֶׁן
דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל מִיט דֶר בְּרָכָה וָואס
דוּ הָאסְט זֵיי גְבָּאטֶן דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ
רִבּשׁ״ע פַר נֶעם דִי בְּרָכוֹת פוּן דִי כֹּהֲנִים
וָוס בֶּענְטְשֶׁן אוּנְז אוּנ עֶס זָאל פַר דִיר
זִיס זַיין אוּנְזֶער גְבֶּעט גְלַייךְ וִוי אֵיין
קָרְבָּן אִיךְ בֶּעט דִיךְ דֶער בַּארוּמִיגֶער
פָאטֶער זָאלְסְט מִיט דַיין גְרוֹיס דֶער
בַּארִימְקֵייט דֶר בַּארִימֶען אוֹיף אוּנְז אוּנ
זָאלְסְט בּוֹיעֶן דַיין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ פוּן אֵייטֶל
פַייעֶר אוּן טְרֵייסְט דִי שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם
דָם דוּ זָאלְסְט אוּם קֶערֶן אִירֶע קִינְדֶער
צוּ אִיר קֶער אוּם דַיין שְׁכִינָה קֵיין צִיּוֹן
אוּנ דֶעם סֵדֶר פוּן קָרְבָּנוֹת קֵיין יְרוּשָׁלַיִם
אוּנ דָארְט וֶועלֶען מִיר דִיךְ דִינֶען מִיט
פָארְכְטֶן אַזוֹ וִוי דִי טֶעג פוּן אֵייבִּג אוּנ
אַזוֹ וִוי דִי פְרִיעֶרִיגִי יָארֶן יְהִי׳ זֵיי זָאלֶן זַיין
צוּ בַּאוִוילִיגוּנְג דִי זָאג פוּן מַיין מוֹיל אוּנ
דָם טְרַאכְטֶן פוּן מַיין הַארְץ פַר דִיר גָאט
מַיין בַּשֶׁעפֶר אוּנ מַיין אוֹיס לֵייזֶר אָמֵן:

**וְתֶעֱרַב** עָלֶיךָ עֲתִירָתֵנוּ, כְּעוֹלָה וּכְקָרְבָּן. אָנָּא, רַחוּם, בְּרַחֲמֶיךָ הָרַבִּים, הָשֵׁב שְׁכִינָתְךָ, לְצִיּוֹן עִירֶךָ, וְסֵדֶר הָעֲבוֹדָה, לִירוּשָׁלָיִם: וְתֶחֱזֶינָה עֵינֵינוּ, בְּשׁוּבְךָ לְצִיּוֹן, בְּרַחֲמִים, וְשָׁם, נַעֲבָדְךָ בְּיִרְאָה, כִּימֵי עוֹלָם, וּכְשָׁנִים קַדְמוֹנִיּוֹת:

ע"כ והש"ץ מסיים בָּרוּךְ, אַתָּה יְיָ, שֶׁאוֹתְךָ לְבַדְּךָ, בְּיִרְאָה נַעֲבוֹד: מודים

דֶעם יְהִי רָצוֹן זָאגֶן דִי כֹּהֲנִים אוּנ קָהָל פַר דֶעם דוּכֶענֶען

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, שֶׁתְּהֵא הַבְּרָכָה הַזֹּאת.

| לקהל | לכהנים |
| --- | --- |
| שֶׁצִּוִּיתָ הַכֹּהֲנִים לְבָרְכֵנוּ, | שֶׁצִּוִּיתָנוּ לְבָרֵךְ אֶת עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל, |

בְּרָכָה שְׁלֵמָה, וְלֹא יִהְיֶה בָּהּ, שׁוּם מִכְשׁוֹל וְעָוֹן, מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם:

אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, בָּרְכֵנוּ בַבְּרָכָה הַמְשֻׁלֶּשֶׁת בַּתּוֹרָה, הַכְּתוּבָה עַל יְדֵי מֹשֶׁה עַבְדֶּךָ, הָאֲמוּרָה מִפִּי אַהֲרֹן וּבָנָיו. הש"ץ אומר בקול כֹּהֲנִים. והקהל עונים עַם קְדוֹשֶׁךָ כָּאָמוּר:

**בָּרוּךְ**, אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ, מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ, בִּקְדֻשָּׁתוֹ שֶׁל אַהֲרֹן, וְצִוָּנוּ, לְבָרֵךְ אֶת עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל, בְּאַהֲבָה: אמן

**יְבָרֶכְךָ.** יְבָרֶכְךָ יְיָ, מִצִּיּוֹן, עוֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ:

בָּרְכִי נַפְשִׁי אֶת יְיָ, וְכָל קְרָבַי אֶת שֵׁם קָדְשׁוֹ:

**יְיָ.** יְיָ אֲדוֹנֵינוּ, מָה אַדִּיר שִׁמְךָ, בְּכָל הָאָרֶץ:

יְיָ, בֹּקֶר תִּשְׁמַע קוֹלִי, בֹּקֶר אֶעֱרָךְ לְךָ וַאֲצַפֶּה:

**וְיִשְׁמְרֶךָ.** שָׁמְרֵנִי אֵל, כִּי חָסִיתִי בָךְ:

שָׁמְרֵנִי כְּאִישׁוֹן בַּת עָיִן, בְּצֵל כְּנָפֶיךָ תַּסְתִּירֵנִי:

וֶוען דֶער חַזָן זָאגְט דָס וָוארְט וְיִשְׁמְרֶךָ זָאגְט מֶען דָאס:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם, אֲנִי שֶׁלָּךְ, וַחֲלוֹמוֹתַי שֶׁלָּךְ, חֲלוֹם חָלַמְתִּי, וְאֵינִי יוֹדֵעַ מַה הוּא, יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי, וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי, שֶׁיִּהְיוּ כָּל חֲלוֹמוֹתַי, עָלַי וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל, לְטוֹבָה. בֵּין שֶׁחָלַמְתִּי, עַל עַצְמִי, וּבֵין שֶׁחָלַמְתִּי, עַל אֲחֵרִים, וּבֵין שֶׁחָלְמוּ אֲחֵרִים, עָלַי. אִם טוֹבִים הֵם, חַזְּקֵם וְאַמְּצֵם, וְיִתְקַיְּמוּ בִי וּבָהֶם, כַּחֲלוֹמוֹתָיו שֶׁל יוֹסֵף הַצַּדִּיק. וְאִם צְרִיכִים רְפוּאָה, רְפָאֵם, כְּחִזְקִיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה, מֵחָלְיוֹ, וּכְמִרְיָם

---

בית ישראל

**וְתֶעֱרַב** לְפָנֶיךָ עֲתִירָתֵנוּ אוּנ' עֶס זָאל זִיס זַיין פַר דִיר גָאט אוּנְזֶר גִיבֶּעט אַזוֹ וִוי אֵיין עוֹלָה אוּנ אֵיין קָרְבָּן אָנָּא אִיךְ בֶּעט דִיר גָאט וָוס דוּ וֶוערְסְט גִירוּפֶן רַחוּם מִיט דַיינֶע פִיל דֶר בַּארִימְהֶערְצִיקַייט זָאלְסְטוּ זִיךְ דֶער בַּארְמֶען אִיבֶּער אוּנְז הָשֵׁב טוּא אוּם קֶערֶען דַיין רוּאוּנְג אִין דַיין שְׁטָאט צִיּוֹן וְסֵדֶר אוּנ דֶעם אָרְדֶענוּנְג פוּן דֶער עֲבוֹדָה וָואס מֶען הָאט גֶעטָאן אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ זָאלְסְטוּ אוּם קֶערֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם וְתֶחֱזֶינָה אוּנ אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען זָאלֶן זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהֶן אַז דוּ וֶועסְט זִיךְ אוּם קֶערֶען צוּ דִי שְׁטָאט צִיּוֹן מִיט רַחֲמָנוּת אוּנ דָארְטֶען וֶועלֶן מִיר דִיךְ דִינֶען מִיט פָארְכְט אַזוֹי וִוי אִין דִי טֶעג פוּן אֵייבִּיג אוּנ דִי פָארִיגֶע יָארֶען:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם הֶערְר פוּן דֶר וֶועלְט אִיךְ בִּין דַיין אוּנ מַיינֶע חֲלוֹמוֹת זֶענֶען דַיין אֵיין חָלוֹם הָט מִיךְ גִיחָלֶמְתְּ אוּנ אִיךְ וֵויִיס נִיט וָוס עֶר בַּאטַייט יְהִי עֶס זָאל זַיין דֶער וִוילֶן פַר דִיר גָאט מֵיין גָאט אוּנ גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶן דָס אַלֶע מַיינֶע חֲלוֹמוֹת זָאלֶן זַיין אוֹיף מִיר אוּנ אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל צוּ גוּטִין בֵּין סַאיי מַיינֶע חֲלוֹמוֹת זֶענֶען אוֹיף מִיר זֶעלְבֶּערְט סַאיי מַיינֶע חֲלוֹמוֹת בַּאטַייטֶן אוֹיף אַנְדֶערֶע לַייט סַאיי אַנְדֶערֶע לַייט הָט גִיחָלֶמְתְּ אוֹיף מִיר אִם אוֹיב דִי חֲלוֹמוֹת בַּאטַייטֶן אוֹיף גוּטִין שְׁטַארְק זֵיי אוּנ קְרֶעפְטִיג זֵיי אוּנ זָאלֶן מְקוּיָם וֶוערִין אִין מִיר אוּנ אִין זֵיי וִוי דִי חֲלוֹמוֹת פוּן יוֹסֵף הַצַּדִּיק

הַנְּבִיאָה, מִצָּרַעְתָּהּ, וּכְנַעֲמָן מִצָּרַעְתּוֹ, וּכְמֵי מָרָה, עַל יְדֵי מֹשֶׁה רַבֵּנוּ, וּכְמֵי יְרִיחוֹ, עַל יְדֵי אֱלִישָׁע, וּכְשֵׁם שֶׁהָפַכְתָּ, אֶת קִלְלַת בִּלְעָם הָרָשָׁע, מִקְּלָלָה לִבְרָכָה, כֵּן תַּהֲפוֹךְ כָּל חֲלוֹמוֹתַי עָלַי וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל, לְטוֹבָה, וְתִשְׁמְרֵנִי, וּתְחָנֵּנִי, וְתִרְצֵנִי, אָמֵן:

**יָאֵר.** אֱלֹהִים, יְחָנֵּנוּ וִיבָרְכֵנוּ, יָאֵר פָּנָיו, אִתָּנוּ סֶלָה:
הָאִירָה פָנֶיךָ עַל עַבְדֶּךָ, הוֹשִׁיעֵנִי בְחַסְדֶּךָ:

**יְיָ.** יְיָ יְיָ, אֵל, רַחוּם, וְחַנּוּן, אֶרֶךְ אַפַּיִם, וְרַב חֶסֶד, וֶאֱמֶת:
יְיָ, אַל בְּאַפְּךָ תוֹכִיחֵנִי, וְאַל בַּחֲמָתְךָ תְיַסְּרֵנִי:

**פָּנָיו.** פְּנֵה אֵלַי, וְחָנֵּנִי, כִּי יָחִיד וְעָנִי, אָנִי:
פָּנָה, אֶל תְּפִלַּת הָעַרְעָר:

**אֵלֶיךָ.** אֵלֶיךָ יְיָ, נַפְשִׁי אֶשָּׂא:
אֵלֶיךָ יְיָ שִׁוַּעְתִּי, וּבַבֹּקֶר תְּפִלָּתִי תְקַדְּמֶךָּ:

**וִיחֻנֶּךָּ.** הִנֵּה, כְעֵינֵי עֲבָדִים, אֶל יַד אֲדוֹנֵיהֶם. כְּעֵינֵי שִׁפְחָה, אֶל יַד גְּבִרְתָּהּ, כֵּן עֵינֵינוּ, אֶל יְיָ אֱלֹהֵינוּ, עַד, שֶׁיְּחָנֵּנוּ:
חָנֵּנִי אֱלֹהִים כְּחַסְדֶּךָ, כְּרוֹב רַחֲמֶיךָ מְחֵה פְשָׁעָי: רבש"ע

**יִשָּׂא.** יִשָּׂא בְרָכָה, מֵאֵת יְיָ, וּצְדָקָה, מֵאֱלֹהֵי יִשְׁעוֹ. וּמְצָא חֵן, וְשֵׂכֶל טוֹב, בְּעֵינֵי אֱלֹהִים, וְאָדָם: נִשָּׂא לְבָבֵנוּ אֶל כַּפָּיִם, אֶל אֵל בַּשָּׁמָיִם:

**יְיָ.** יְיָ חָנֵּנוּ, לְךָ קִוִּינוּ, הֱיֵה זְרוֹעָם, לַבְּקָרִים, אַף יְשׁוּעָתֵנוּ, בְּעֵת צָרָה:
יְיָ אֱלֹהִים צְבָאוֹת, שִׁמְעָה תְפִלָּתִי, הַאֲזִינָה אֱלֹהֵי יַעֲקֹב סֶלָה:

**פָּנָיו.** אַל תַּסְתֵּר פָּנֶיךָ, מִמֶּנִּי, בְּיוֹם צַר לִי, הַטֵּה אֵלַי אָזְנֶךָ, בְּיוֹם אֶקְרָא, מַהֵר עֲנֵנִי: אֲנִי בְּצֶדֶק אֶחֱזֶה פָנֶיךָ, אֶשְׂבְּעָה בְהָקִיץ תְּמוּנָתֶךָ:

**אֵלֶיךָ.** אֵלֶיךָ, נָשָׂאתִי אֶת עֵינַי, הַיּוֹשְׁבִי, בַּשָּׁמָיִם:
אֵלֶיךָ אֶקְרָא בַּעֲטוֹף לִבִּי, בְּצוּר יָרוּם מִמֶּנִּי תַנְחֵנִי:

**וְיָשֵׂם.** וְשָׂמוּ אֶת שְׁמִי, עַל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, וַאֲנִי אֲבָרְכֵם:
שָׁם אַצְמִיחַ קֶרֶן לְדָוִד, עָרַכְתִּי נֵר לִמְשִׁיחִי. שִׂימֵנִי כַחוֹתָם עַל לִבֶּךָ כַּחוֹתָם עַל זְרוֹעֶךָ:

**לְךָ.** לְךָ יְיָ הַגְּדֻלָּה, וְהַגְּבוּרָה, וְהַתִּפְאֶרֶת, וְהַנֵּצַח, וְהַהוֹד, כִּי כֹל בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ, לְךָ יְיָ הַמַּמְלָכָה, וְהַמִּתְנַשֵּׂא, לְכֹל לְרֹאשׁ:
כִּי לְךָ יְיָ הוֹחָלְתִּי, אַתָּה תַעֲנֶה אֲדֹנָי אֱלֹהָי:

**שָׁלוֹם.** שָׁלוֹם, שָׁלוֹם, לָרָחוֹק וְלַקָּרוֹב, אָמַר יְיָ, וּרְפָאתִיו:
יְיָ עוֹז לְעַמּוֹ יִתֵּן, יְיָ יְבָרֵךְ, אֶת עַמּוֹ בַשָּׁלוֹם:

---

בית ישראל

וְאַם אונ ווען זיי דארפען איין רפואה היילן זיי אזו ווי דו האסט גיהיילט חזקיהו דעם מלך פון יהודה פון זיין קראנקהייט אונ וויא מרים הנביאה פון איין צרעת אונ ווי נעמן פון זיין צרעת וכמי אונ ווי די ביטערע וואסר פון מרה זענען זיס גיווארן דורך משה רבינו אונ ווי די בייזע וואסר פון יריחו איז גוט גיווארן דורך אלישע הנביא וכשם אונ אזי ווי דו האסט איבר גיקערט די קללות פון בלעם וואס ער האט גיוואלט שעלטן די ישראל איז עם איבר גיקערט גיווארין צו ברכות אזו זאלסטו איבער קערן אלע מיינע חלומות אויף מיר אונ אויף כל ישראל צו גוטין ותשמרני אונ זאלסט מיך היטען אונ זאלסט מיך לייט זעליגען אונ זאלסט מיך באוויליגען אמן:

---

די תפלה זאגט מען נאך ברכת כהנים ווען דער חזן זאגט אום שלום:

**רבונו** של עולם. מיר בעטן דיך זייער ‖ אבינו. מיר האפין צו גיניסן דעם זכות
לייט זעליג אונז בזכות אברהם ‖ פון דער עקידה פון יצחק. שפייז אונ

# סדר נשיאת כפים ליום א של סוכות

יהי רצון מלפניך, יי אלהי, ואלהי אבותי, שתעשה, למען קדשת חסדיך, וגודל רחמיך, הפשוטים, ולמען טהרת שמך הגדול, הגבור, והנורא, בן עשרים ושתים אותיות, היוצאים מהפסוקים, של ברכת כהנים, אנקת"ם פסת"ם פספסי"ם דיונסי"ם האמורה מפי אהרן ובניו, עם קדושיך, שתהיה קרוב לי בקראי לך, ותשמע תפלתי, נאקתי ואנקתי, תמיד, כמו ששמעת, אנקת יעקב, תמימך, הנקרא איש תם, ותתן לי ולכל נפשות ביתי, מזונותינו ופרנסתנו, ברוח ולא בצמצום, בהתר, ולא באסור, בנחת, ולא בצער, מתחת ידך הרחבה, כשם שנתת, פסת לחם לאכול, ובגד ללבוש, ליעקב אבינו, הנקרא איש תם, ותתננו לאהבה, לחן, ולחסד, ולרחמים, בעיניך, ובעיני כל רואינו, ויהיו דברי, נשמעים לעבודתך, כשם שנתת, את יוסף צדיקך, בשעה שהלבישו אביו, כתונת פסים, לחן, ולחסד, ולרחמים, בעיניך, ובעיני כל רואיו, ותעשה עמי, נפלאות ונסים, ולטובה אות, ותצליחני, בדרכי. ותן בלבי בינה, להבין

---

בית ישראל

יהי רצון עס זאל זיין דער ווילען פאר דיר גאט מיין גאט אונ גאט פון מיינע עלטערן אז דו זאלסט טאן אום ווילען די היליקייט פון דיינע חסדים וגודל אונ אום ווילען דאס גרויסקייט פון דיינע דער בארימקייט וואס זיי זענען פאר שפרייט איבער גאר דער וועלט אונ אום ווילען דעם היליקייט פון דיין נאמען דעם גרויסען אונ שטארקען אונ פארכטיגען וואס אין אים איז דא צוויי אונ צוואנציג אותיות היוצאים דאס זיי גייען ארויס פון די פסוקים פון ברכת כהנים די ברכה איז גזאגט גווארען אויס דעם מויל פון אהרן מיט זיינע קינדער דיין היילינגע פאלק שתהיה אז דו זאלסט זיין נאהענט צו מיר אז איך טוא רופען צו דיר אונ זאלסט פאר נעמען מיין גיבעט אונ מיין גישריי אלע צייטען כשם אזוי ווי דו האסט גיהערט דאס גישריי פון יעקב אבינו וואס ער הייסט איש תם ותתן אונ זאלסט מיר געבען מיט מיין גאנץ הויז גזינד אונזער שפייז אונ פרנסה מיט ברייטקייט ניט בצמצום מיט היתר ניט מיט איסור מיט נחת ניט מיט צער פון דיין ברייטע האנט כשם אזוי ווי דו האסט גיגעבען ברויט צו עסין אונ קליידער אן צו קליידען צו יעקב אבינו דער דא הייסט איש תם ותתננו אונ זאלסט אונז געבען צו ליבשאפט צו חן אונ צו חסד אונ צו רחמים אין דיינע אויגען אונ אין לייטינס אויגען כשם אזוי ווי דו האסט גיגעבען יוסף הצדיק אז דער פאטער האט אים אן גטאן דאס זיידענע העמדל צו חן אונ חסד אונ רחמים אין דיינע אויגען אונ אין לייטינס אויגען ותעשה אונ זאלסט טאן מיט מיר וואונדער אונ נסים אונ צייכען צו גוטין אונ זאלסט מיך באגליקען אין מיינע וועגען ותן אונ גיב אין מיין הארץ פאר שטאנד צו פאר שטיין אונ צו קלינגען אונ מקיים צו זיין די רייד פון דיין תורה מיט אירע סודות אונ זאלסט מיך מציל זיין פון אום גערן איך זאל מיך חס ושלום ניט טועה זיין אין דער תורה ותטהר אונ זאלסט מאכען ריין מיינע גידאנקען אונ מיין הארץ צו דיין דינסט אונ זאלסט דער לענגערן מיינע טעג אונ מיין מאן אונ קינדערס טעג בטוב מיט גוטס אונ איין זיס לעבען מיט פיל שטארקייט אונ פריד אמן סלה:

---

קלייד אונז בזכות יעקב וועלכער גיבעטען האט לחם לאכול ובגד ללבוש. ליבער גאט לאז אונז בייא שטיין דער זכות פון שרה רבקה רחל ולאה. אונ שיק אונז דיין השגחה וואס זאל אונז היטען פון אלעם בייזין אונ גיב מיר מיט מיין מאן אגוט מזל אין דער פרנסה אונ אין גיזונד. אדיר במרום שוכן בגבורה שטארקער גאט וואס רוהט אין הימל אתה שלום ושמך שלום דו אונ דיין נאמען איז לויטער שלום. יהי רצון שתשים עלינו ועל כל עמך בית ישראל חיים וברכה למשמרת שלום. דאס דו זאלסט אונז אונ כל ישראל געבען גו"ז פרנסה אונ גוט גזונד מיט לויטער שלום. אמן:

וּלְהַשְׂכִּיל. וּלְקַיֵּם אֶת כָּל דִּבְרֵי תַלְמוּד תּוֹרָתֶךָ. וְסוֹדוֹתֶיהָ. וְתַצִּילֵנִי מִשְּׁגִיאוֹת. וּתְטַהֵר רַעְיוֹנַי וְלִבִּי לַעֲבוֹדָתֶךָ. וְתַאֲרִיךְ יָמַי. וִימֵי אִשְׁתִּי וּבָנַי וּבְנוֹתַי. (בחור אומר וִימֵי אָבִי וְאִמִּי), בְּטוֹב וּבִנְעִימוֹת, בְּרוֹב עוֹז וְשָׁלוֹם, אָמֵן סֶלָה:

נָאךְ דֶעם דוכֶנִין זָאגְט קָהָל דָאס:

אַדִּיר בַּמָּרוֹם, שׁוֹכֵן בִּגְבוּרָה, אַתָּה שָׁלוֹם, וְשִׁמְךָ שָׁלוֹם. יְהִי רָצוֹן. שֶׁתָּשִׂים עָלֵינוּ וְעַל כָּל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל, חַיִּים וּבְרָכָה לְמִשְׁמֶרֶת שָׁלוֹם:

נָאךְ דֶעם דוכֶנִין זָאגִין דִי כֹּהֲנִים דָאס:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, עָשִׂינוּ, מַה שֶּׁגָּזַרְתָּ עָלֵינוּ, וְאַף אַתָּה, עֲשֵׂה עִמָּנוּ. כְּמָה שֶׁהִבְטַחְתָּנוּ. הַשְׁקִיפָה, מִמְּעוֹן קָדְשְׁךָ מִן הַשָּׁמַיִם, וּבָרֵךְ אֶת עַמְּךָ. אֶת יִשְׂרָאֵל, וְאֵת הָאֲדָמָה, אֲשֶׁר נָתַתָּה לָנוּ, כַּאֲשֶׁר נִשְׁבַּעְתָּ לַאֲבוֹתֵינוּ, אֶרֶץ. זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ:

# תחנה לראש חודש אלול וראש השנה

דיזע שיינע תחינה זאל מען זאגין ר״ח אליל אלע טאג ווען מען הערט שופר בלאזין בפרט אום (ראש השנה) מיט גרוים כוונה:

אֵל מלך דַיין שׁוֹפֵט צֶדֶק וֶועמֶת דוא בִּיסְט אַיין וָוארְהַאפְטִיגֶער גִירֶעכְטֶער נָאט דוא בִּיסְט גִירֶעכְט אוּנ דַיין מִשְׁפָּט אִיז גִירֶעכְט אוּנ דוא בִּיסְט בֵּן אַלֶע בַּאשֶׁעפֶּענֶעש מִיט וָוארְהַייט אוּנ מִיט גִירֶעכְטִיגְקַייט מַה נֶאֱמַר וּמַה נְּדַבֵּר וָואס זָאלִין מִיר רֵיידִין אָדֶער וָואס זָאלִין מִיר שְׁפְּרֶעכִין דֶער מִנְהָג אִיז צְווִישִׁין אוּנְז יִשְׂרָאֵל דָאס מֶען אָן פַאנְגְט דְרַייסִיג טָעג פַאר רֹאשׁ הַשָּׁנָה שׁוֹפָר צוּ בְּלָאזִין אוּם וֶועקִין צוּ דֶער וֶועקִין דִיא לַייט צוּ דֶער תְּשׁוּבָה דְרוּם דַארְף יֶעדֶער מֶענְטְשׁ צִיטֶערִין אוּנ דֶער שְׁרֶעקִין זִיךְ וֶוען עֶר הֶערְט שׁוֹפָר בְּלָאזִין אוּנ זָאל זִיךְ שְׁעלִין מִיט גְרוֹיסֶע פָארְכְט אוּנ אַנְגְסְט אוּנ צִיטֶערְנִעשׁ אוּנ גִיבֶּעט פַאר הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא קֶעגִין דֶעם יוֹם הַדִּין הַגָּדוֹל וְהַנּוֹרָא:

## דיני ראש השנה

אִין דֶער גַאנְצֶער וָואךְ וָואס רֹאשׁ הַשָּׁנָה גִיפַאלְט. הֵייבְּט מֶען אָן זוּנְטָאג סְלִיחוֹת צוּא זָאגִין אָבֶּער וֶוען רֹאשׁ הַשָּׁנָה גִיפַאלְט מָאנְטִיג אָדֶער דִינְסְטָאג הֵייבְּט מֶען אָן סְלִיחוֹת צוּא זָאגִין אִין דֶער וָואךְ וָואס אִיז פַאר דֶער וָואךְ וָואס רֹאשׁ הַשָּׁנָה גִיפַאלְט אִין אִיר. דֶער עוֹלָם אִיז זִיךְ נוֹהֵג צוּא פַאסְטִין דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג סְלִיחוֹת אוּנ אַנְדֶערִי מֶענְשִׁין פַאסְטִין דִיא צֶעהֶען טֶעג. נָאר וַוייל אִין דִיא עֲשֶׂרֶת יְמֵי תְּשׁוּבָה אִיז דָאךְ נָאר דָא זֶעקְס טֶעג צוּם פַאסְטִין ווארום עֶס פַאלִין דָאךְ אַוֶועק בֵּיידֶע טֶעג רֹאשׁ הַשָּׁנָה אוּנ שַׁבַּת תְּשׁוּבָה אוּנ עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר. אִיבֶּער דֶעם פַאסְטִין זֵייא פַאר רֹאשׁ הַשָּׁנָה דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג סְלִיחוֹת אוּנ עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה אוּנ נָאךְ אַנְדֶערִי צְווֵייא סְלִיחוֹת טֶעג. אוּנ דִיא תַּעֲנִיתִים מוּז מֶען נִיט אוֹיס פַאסְטִין בִּיז נַאכְט. נָאר מען מֶעג דַאוֶונֶען מִנְחָה הַאלְבּ אֵיינְס צוּא מִיטָאג אוּנ מֶען זָאגְט עננו אוּנ נָאךְ דֶעם בֵּייסְט מֶען אָן: עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה אִיז זִיךְ דֶער עוֹלָם נוֹהֵג צוּא פַאסְטִין אָבֶּער נִיט בִּיז נַאכְט. מֶען מוּז זִיךְ בָּאדִין אוּנ גֵיין אִין מִקְוֶה אַרַיין עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה אָבֶּער נִיט פְרִיעֶר פוּן זֵייגֶער אֵיינְס צוּא מִיטָאג: אֵיינֶער וָואס זִיצְט שִׁבְעָה מֶעג גֵיין עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה אִין שׁוּל צוּ סְלִיחוֹת אוּנ דַאוֶונֶען: דֶער מִנְהָג אִיז צוּא מַאכִין עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה נָאךְ דֶעם דַאוֶונֶען הַתָּרַת נְדָרִים. אוּנ וֶוער עֶס פַאר שְׁטֵייט נִיט קַיין לָשׁוֹן קוֹדֶשׁ זָאל מֶען זָאגִין אוֹיף טַייטְשׁ. (אִיךְ הָאבּ חֲרָטָה אוֹיף אַלֶע נְדָרִים וָואס אִיךְ הָאבּ גִיטָאן אוּנ וֶועל טָאן) אוּנ מֶען קָאן זַיין מַתִּיר זַיין (אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ חֲרָטָה אוֹיף אַלֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיף מִיר גֶענוּמֶען בְּנֶדֶר). אוּנ דֶער עוֹלָם אִיז אִים מַתִּיר. דֶער נָאךְ זָאגְט עֶר (אִיךְ בִּין מוֹסֵר מוֹדָעָה אַז וֶוען אִיךְ וֶועל טָאן אַנֶדֶר זָאל עֶר נָאר נִיט חַל זַיין):

ההתרה איננה מיועלה לאדם רק לנדרים ושבועות שבינו לבין עצמו. אבל לאלה שנוגעים לזולתו לכל איש שבעולם מאיזה דת שיהיה. או שנוגעים להממשלה. אין להם שום התרה בעולם:

שִׁמְעוּ נָא רַבּוֹתַי דַּיָּנִים מוּמְחִים. כָּל נֶדֶר אוֹ שְׁבוּעָה. אוֹ אִסּוּר אוֹ קוֹנָם. אוֹ חֵרֶם. שֶׁנָּדַרְתִּי אוֹ נִשְׁבַּעְתִּי בְּהָקִיץ אוֹ בַחֲלוֹם. אוֹ נִשְׁבַּעְתִּי בְּשֵׁמוֹת הַקְּדוֹשִׁים שֶׁאֵינָם נִמְחָקִים. וּבְשֵׁם הוי״ה בָּרוּךְ הוּא. וְכָל מִינֵי נְזִירוּת שֶׁקִּבַּלְתִּי עָלַי. וַאֲפִילוּ נְזִירוּת שִׁמְשׁוֹן. וְכָל שׁוּם אִסּוּר. וַאֲפִילוּ אִסּוּר הֲנָאָה שֶׁאָסַרְתִּי עָלַי. אוֹ עַל אֲחֵרִים. בְּכָל לָשׁוֹן שֶׁל אִסּוּר. בֵּין בִּלְשׁוֹן אִסּוּר. אוֹ חֵרֶם אוֹ קוֹנָם וְכָל שׁוּם קַבָּלָה. אֲפִילוּ שֶׁל מִצְוָה. שֶׁקִּבַּלְתִּי עָלַי בֵּין בִּלְשׁוֹן נֶדֶר. בֵּין בִּלְשׁוֹן נְדָבָה. בֵּין בִּלְשׁוֹן שְׁבוּעָה בֵּין בִּלְשׁוֹן נְזִירוּת. בֵּין בְּכָל לָשׁוֹן. וְגַם הַנַּעֲשֶׂה בִּתְקִיעַת כָּף. בֵּין כָּל נֶדֶר. וּבֵין כָּל נְדָבָה. וּבֵין שׁוּם מִנְהָג שֶׁל מִצְוָה שֶׁנָּהַגְתִּי אֶת עַצְמִי. וְכָל מוֹצָא שְׂפָתַי שֶׁיָּצָא מִפִּי. אוֹ שֶׁנָּדַרְתִּי וְגָמַרְתִּי בְּלִבִּי לַעֲשׂוֹת שׁוּם מִצְוָה מֵהַמִּצְוֹת. אוֹ אֵיזֶה הַנְהָגָה טוֹבָה. אוֹ אֵיזֶה דָּבָר טוֹב. שֶׁנָּהַגְתִּי שְׁלֹשָׁה פְעָמִים. וְלֹא הִתְנֵיתִי שֶׁיְּהֵא בְּלִי נֶדֶר. הֵן דָּבָר שֶׁעָשִׂיתִי הֵן עַל עַצְמִי. הֵן עַל אֲחֵרִים. הֵן אוֹתָן הַיְדוּעִים לִי. הֵן אוֹתָן שֶׁכְּבָר שָׁכַחְתִּי. בְּכֻלְּהוֹן אִתְחֲרַטְנָא בְהוֹן מֵעִקָּרָא. וְשׁוֹאֵל וּמְבַקֵּשׁ אֲנִי מִמַּעֲלַתְכֶם הַתָּרָה עֲלֵיהֶם. כִּי יָרֵאתִי פֶּן אֶכָּשֵׁל וְנִלְכַּדְתִּי חַס וְשָׁלוֹם בַּעֲוֹן נְדָרִים וּשְׁבוּעוֹת וּנְזִירוֹת וַחֲרָמוֹת וְאִסּוּרִין וְקוֹנָמוֹת וְהַסְכָּמוֹת. וְאֵין אֲנִי תוֹהֵא חַס וְשָׁלוֹם עַל קִיּוּם הַמַּעֲשִׂים טוֹבִים הָהֵם שֶׁעָשִׂיתִי. רַק אֲנִי מִתְחָרֵט עַל קַבָּלַת הָעִנְיָנִים בִּלְשׁוֹן נֶדֶר אוֹ שְׁבוּעָה אוֹ נְזִירוּת אוֹ אִסּוּר אוֹ חֵרֶם אוֹ קוֹנָם אוֹ הַסְכָּמָה אוֹ קַבָּלָה בְּלֵב. וּמִתְחָרֵט אֲנִי עַל זֶה שֶׁלֹּא אָמַרְתִּי הִנְנִי עוֹשֶׂה דָבָר זֶה בְּלִי נֶדֶר וּשְׁבוּעָה וּנְזִירוּת וְחֵרֶם וְאִסּוּר וְקוֹנָם וְקַבָּלָה בְּלֵב. לָכֵן אֲנִי שׁוֹאֵל הַתָּרָה בְּכֻלְּהוֹן. אֲנִי מִתְחָרֵט עַל כָּל הַנִּזְכָּר. בֵּין אִם הָיוּ הַמַּעֲשִׂים מֵהַדְּבָרִים הַנּוֹגְעִים בְּמָמוֹן. בֵּין מֵהַדְּבָרִים הַנּוֹגְעִים בְּגוּף. בֵּין מֵהַדְּבָרִים הַנּוֹגְעִים אֶל הַנְּשָׁמָה. בְּכֻלְּהוֹן אֲנִי מִתְחָרֵט. עַל לְשׁוֹן נֶדֶר וּשְׁבוּעָה וּנְזִירוּת וְאִסּוּר וְחֵרֶם וְקוֹנָם וְקַבָּלָה בְּלֵב. וְהִנֵּה מִצַּד הַדִּין הַמִּתְחָרֵט וְהַמְבַקֵּשׁ הַתָּרָה. צָרִיךְ לִפְרוֹט הַנֶּדֶר. אַךְ דְּעוּ נָא רַבּוֹתַי. כִּי אִי אֶפְשָׁר לְפוֹרְטָם כִּי רַבִּים הֵם. וְאֵין אֲנִי מְבַקֵּשׁ הַתָּרָה עַל אוֹתָם הַנְּדָרִים שֶׁאֵין לְהַתִּיר אוֹתָם. עַל כֵּן יִהְיוּ נָא בְעֵינֵיכֶם כְּאִלּוּ הָיִיתִי פוֹרְטָם: והמתירין משיבין לו שלשה פעמים בלשון זה.

הַכֹּל יִהְיוּ מֻתָּרִים לָךְ. הַכֹּל מְחוּלִים לָךְ. הַכֹּל שְׁרוּיִם לָךְ. אֵין כַּאן לֹא נֶדֶר וְלֹא שְׁבוּעָה וְלֹא נְזִירוּת וְלֹא חֵרֶם וְלֹא אִסּוּר וְלֹא קוֹנָם וְלֹא נִדּוּי וְלֹא שַׁמְתָּא וְלֹא אָרוּר. אֲבָל יֵשׁ כַּאן מְחִילָה וּסְלִיחָה וְכַפָּרָה. וּכְשֵׁם שֶׁמַּתִּירִים בְּבֵית דִּין שֶׁל מַטָּה כַּךְ יִהְיוּ מֻתָּרִים בְּבֵית דִּין שֶׁל מַעְלָה: ואחר כך יהא מוסר מודעה לפניהם ואומר בלשון זה.

הֲרֵי אֲנִי מוֹסֵר מוֹדָעָה לִפְנֵיכֶם. וַאֲנִי מְבַטֵּל מִכַּאן וּלְהַבָּא כָּל הַנְּדָרִים וְכָל שְׁבוּעוֹת וּנְזִירוֹת וְאִסּוּרִין וְקוֹנָמוֹת וַחֲרָמוֹת וְהַסְכָּמוֹת וְקַבָּלָה בְּלֵב שֶׁאֲקַבֵּל עָלַי בְּעַצְמִי. הֵן בְּהָקִיץ הֵן בַּחֲלוֹם חוּץ מִנִּדְרֵי תַעֲנִית בִּשְׁעַת מִנְחָה. וּבְאִם שֶׁאֶשְׁכַּח לִתְנַאי מוֹדָעָה הַזֹּאת. וְאֶדּוֹר מֵהַיּוֹם עוֹד. מֵעַתָּה אֲנִי מִתְחָרֵט עֲלֵיהֶם. וּמַתְנֶה עֲלֵיהֶם. שֶׁיִּהְיוּ כֻלָּן בְּטֵלִין וּמְבוּטָּלִין. לָא שְׁרִירִין וְלָא קַיָּמִין. וְלָא יְהוֹן חָלִין כְּלָל וּכְלָל. בְּכֻלְּהוֹן אִתְחֲרַטְנָא בְהוֹן מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם:

(כִּי שֵׁם יְיָ אֶקְרָא הָבוּ גֹדֶל לֵאלֹהֵינוּ) : אֲדֹנָי שְׂפָתַי תִּפְתָּח וּפִי יַגִּיד תְּהִלָּתֶךָ :

בָּרוּךְ אַתָּה יְהוָֹה אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ אֱלֹהֵי אַבְרָהָם אֱלֹהֵי יִצְחָק וֵאלֹהֵי יַעֲקֹב הָאֵל הַגָּדוֹל הַגִּבּוֹר וְהַנּוֹרָא אֵל עֶלְיוֹן גּוֹמֵל חֲסָדִים טוֹבִים וְקוֹנֵה הַכֹּל וְזוֹכֵר חַסְדֵי אָבוֹת וּמֵבִיא גוֹאֵל לִבְנֵי בְנֵיהֶם לְמַעַן שְׁמוֹ בְּאַהֲבָה :

זָכְרֵנוּ לְחַיִּים מֶלֶךְ חָפֵץ בַּחַיִּים וְכָתְבֵנוּ בְּסֵפֶר הַחַיִּים לְמַעַנְךָ אֱלֹהִים חַיִּים :

מֶלֶךְ עוֹזֵר וּמוֹשִׁיעַ וּמָגֵן : בָּרוּךְ אַתָּה יְהוָֹה מָגֵן אַבְרָהָם :

אַתָּה גִּבּוֹר לְעוֹלָם אֲדֹנָי מְחַיֵּה מֵתִים אַתָּה רַב לְהוֹשִׁיעַ : מוֹרִיד הַטָּל :

מְכַלְכֵּל חַיִּים בְּחֶסֶד מְחַיֵּה מֵתִים בְּרַחֲמִים רַבִּים · סוֹמֵךְ נוֹפְלִים וְרוֹפֵא חוֹלִים וּמַתִּיר אֲסוּרִים וּמְקַיֵּם אֱמוּנָתוֹ לִישֵׁנֵי עָפָר : מִי כָמוֹךָ בַּעַל גְּבוּרוֹת וּמִי דוֹמֶה לָּךְ מֶלֶךְ מֵמִית וּמְחַיֶּה וּמַצְמִיחַ יְשׁוּעָה :

כש״ת מִי כָמוֹךָ אָב הָרַחֲמִים זוֹכֵר יְצוּרָיו לְחַיִּים בְּרַחֲמִים :

וְנֶאֱמָן אַתָּה לְהַחֲיוֹת מֵתִים : בָּרוּךְ אַתָּה יְהוָֹה מְחַיֵּה הַמֵּתִים : (אמן)

אַתָּה קָדוֹשׁ וְשִׁמְךָ קָדוֹשׁ וּקְדוֹשִׁים בְּכָל יוֹם יְהַלְלוּךָ סֶּלָה :

לְדוֹר וָדוֹר הַמְלִיכוּ לָאֵל כִּי הוּא לְבַדּוֹ מָרוֹם וְקָדוֹשׁ :

וּבְכֵן יִתְקַדֵּשׁ שִׁמְךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ עַל יִשְׂרָאֵל עַמֶּךָ וְעַל יְרוּשָׁלַיִם עִירֶךָ וְעַל צִיּוֹן מִשְׁכַּן כְּבוֹדֶךָ וְעַל מַלְכוּת בֵּית דָּוִד מְשִׁיחֶךָ וְעַל מְכוֹנְךָ וְהֵיכָלֶךָ :

וּבְכֵן תֵּן פַּחְדְּךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ עַל כָּל מַעֲשֶׂיךָ וְאֵימָתְךָ עַל כָּל מַה שֶּׁבָּרָאתָ וְיִירָאוּךָ כָּל הַמַּעֲשִׂים · וְיִשְׁתַּחֲווּ לְפָנֶיךָ כָּל הַבְּרוּאִים וְיֵעָשׂוּ כֻלָּם אֲגֻדָּה אַחַת לַעֲשׂוֹת רְצוֹנְךָ בְּלֵבָב שָׁלֵם · (כְּמוֹ) שֶׁיָּדַעְנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ שֶׁהַשָּׁלְטָן לְפָנֶיךָ עֹז בְּיָדְךָ וּגְבוּרָה בִּימִינֶךָ וְשִׁמְךָ נוֹרָא עַל כָּל מַה שֶּׁבָּרָאתָ :

וּבְכֵן תֵּן כָּבוֹד יְיָ לְעַמֶּךָ תְּהִלָּה לִירֵאֶיךָ וְתִקְוָה טוֹבָה

---

ובכן אַזוֹ בעט איך דיך תן פחדך גיב דיין פַּחַד גָאט אונזער גָאט על כל מעשיך אויף גָאר דיין ווערק ואימתך און דיין פָארכְט על כל אויף אַלֶע דיינֶע בַּאשֶׁעפֶּענִעשׁ וייראוך און לָאזִין זיך פָארכְטין פאר דיר אַלֶע ווערק וישתחוו און לָאזִין זיך בוקין פאר דיר אַלֶע באשעפעניש ויעשו און לָאזִין זיך מאכין אַלֶע איין בונד לעשות רצונך זייא זָאלִין טָאן דיין ווילין מיט דעם גאנצין הארצין כמה שידענו אַזוֹא וויא מיר ווייסין גאט אונזֶר גאט דָאס דיא געוועלטיקייט איז פאר דיר עוז דער מאכט איז אין דיין האנט וגבורה און שטארקייט איז אין דיין רעכטע האנט ושמך און דיין נָאמֶען איז פָארכְטיג אויף אַלֶע דיינֶע בַּאשֶׁעפֶּענִעשׁ :

ובכן תן כבוד ה׳ לעמך איך בעט דיך גיב כבוד צו דיין פָאלְק · איין לויב צו דיינע פארכטער און איין גוט האפונג צו דיינע פָארְשְׁטֶער ופתחון פה און עֶפֶענֶען דָאס מויל צו דיא

לְדוֹרְשֶׁיךָ וּפִתְחוֹן פֶּה לַמְיַחֲלִים לָךְ. שִׂמְחָה לְאַרְצֶךָ. וְשָׂשׂוֹן לְעִירֶךָ. וּצְמִיחַת קֶרֶן לְדָוִד עַבְדֶּךָ וַעֲרִיכַת נֵר לְבֶן יִשַׁי מְשִׁיחֶךָ בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ:

וּבְכֵן צַדִּיקִים יִרְאוּ וְיִשְׂמָחוּ וִישָׁרִים יַעֲלֹזוּ. וַחֲסִידִים בְּרִנָּה יָגִילוּ. וְעוֹלָתָה תִּקְפָּץ פִּיהָ וְכָל הָרִשְׁעָה כֻּלָּהּ כְּעָשָׁן תִּכְלֶה. כִּי תַעֲבִיר מֶמְשֶׁלֶת זָדוֹן מִן הָאָרֶץ:

וְתִמְלוֹךְ אַתָּה הוּא יְיָ אֱלֹהֵינוּ מְהֵרָה לְבַדֶּךָ עַל כָּל מַעֲשֶׂיךָ בְּהַר צִיּוֹן מִשְׁכַּן כְּבוֹדֶךָ וּבִירוּשָׁלַיִם עִיר קָדְשֶׁךָ. כַּכָּתוּב בְּדִבְרֵי קָדְשֶׁךָ: יִמְלוֹךְ יְיָ לְעוֹלָם אֱלֹהַיִךְ צִיּוֹן לְדוֹר וָדוֹר הַלְלוּיָהּ:

קָדוֹשׁ אַתָּה וְנוֹרָא שְׁמֶךָ. וְאֵין אֱלוֹהַּ מִבַּלְעָדֶיךָ. כַּכָּתוּב וַיִּגְבַּהּ יְיָ צְבָאוֹת בַּמִּשְׁפָּט וְהָאֵל הַקָּדוֹשׁ נִקְדַּשׁ בִּצְדָקָה: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ הַמֶּלֶךְ הַקָּדוֹשׁ:

אַתָּה בְחַרְתָּנוּ מִכָּל הָעַמִּים. אָהַבְתָּ אוֹתָנוּ וְרָצִיתָ בָּנוּ וְרוֹמַמְתָּנוּ מִכָּל הַלְּשׁוֹנוֹת וְקִדַּשְׁתָּנוּ בְּמִצְוֹתֶיךָ וְקֵרַבְתָּנוּ מַלְכֵּנוּ לַעֲבוֹדָתֶךָ וְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל וְהַקָּדוֹשׁ עָלֵינוּ קָרָאתָ:

---

וואס האפין צו דיר שמחה מיט שמחה זאלכטו זייא ברייננגען צו דיין לאנד וששון און מיט פרייד צו דיין שטאט וצמיחת און אשפראצונג פון הערשאפט צו דיין קנעכט דוד ועריכת און זאלסט אן ריכטין איין דר לייכטונג צום זון פון ישי דיין געזאלבטן במהרה בימינו באלד און גיך:

ובכן צדיקים און אז דיא צדיקים וועלין זעהען אז משיח וועט קומען וועלין זייא זיך פרייען וישרים און די רעכט פארטיגע וועלין לוסטיג זיין און דיא חסידים מיט געזאנג וועלין זיך פרייען ועולתה און דאס אום רעכט וועט צו שליכין איר מויל וכל און דס גאנצע בייזקייט וועט פאר לענט ווערן וויא איין רויך אז דו וועסט איבער פירין פון דער ערד די מוטוויליקייט דאס הייסט דער יצר הרע וואס ברייננגט גאר דאס שלעכטס:

ותמלוך אתה און דו גאט וועסט קיניגין אליין אויף גאר דיין ווערק בהר אויף דעם בארג פון ציון וואו דיין כבוד רועט ובירושלים און אין ירושלים דיין הייליגע שטאט ככתוב אזוא וויא עס שטייט אין תהלים ימלוך ה' גאט ברוך הוא וועט קיניגן אויף אייביג דיין גאט פון ציון וועט קיניגין צו אלע גיבירטין הללויה לויבט גאט:

קדוש אתה דו ביסט הייליג און דיין נאמען איז פארכטיג ואין און עס איז ניט פאר האנדין קיין גאט חוץ דיר ככתוב אזו וויא עס שטייט גשריבין ויגבה און גאט ברוך הוא איז גיווארין דער הויבין אין משפט והאל הקדוש און דער הייליגער גאט איז גיהייליגט גיווארין מיט די צדקה וואס ער טוט צו גאר דיא וועלט: ברוך גלויבט ביסטו גאט דר הייליגער קיניג

די טייטש פון (אתה בחרתנו) גיפינט מען אין שחרית פון יו"ט

וָוען יום טוב גֶעפַאלְט אוּם מוֹצָאֵי שַׁבָּת זָאגְט מֶען דָאס :

וַתּוֹדִיעֵנוּ יְהֹוָה אֱלֹהֵינוּ אֶת מִשְׁפְּטֵי צִדְקֶךָ וַתְּלַמְּדֵנוּ לַעֲשׂוֹת בָּהֶם חֻקֵּי רְצוֹנֶךָ וַתִּתֶּן לָנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ מִשְׁפָּטִים יְשָׁרִים וְתוֹרוֹת אֱמֶת חֻקִּים וּמִצְוֹת טוֹבִים וַתַּנְחִילֵנוּ זְמַנֵּי שָׂשׂוֹן וּמוֹעֲדֵי קֹדֶשׁ וְחַגֵּי נְדָבָה. וַתּוֹרִישֵׁנוּ קְדֻשַּׁת שַׁבָּת וּכְבוֹד מוֹעֵד וַחֲגִיגַת הָרֶגֶל. וַתַּבְדֵּל יְיָ אֱלֹהֵינוּ בֵּין קֹדֶשׁ לְחוֹל בֵּין אוֹר לְחֹשֶׁךְ בֵּין יִשְׂרָאֵל לָעַמִּים בֵּין יוֹם הַשְּׁבִיעִי לְשֵׁשֶׁת יְמֵי הַמַּעֲשֶׂה בֵּין קְדֻשַּׁת שַׁבָּת לִקְדֻשַּׁת יוֹם טוֹב הִבְדַּלְתָּ וְאֶת יוֹם הַשְּׁבִיעִי מִשֵּׁשֶׁת יְמֵי הַמַּעֲשֶׂה קִדַּשְׁתָּ הִבְדַּלְתָּ וְקִדַּשְׁתָּ אֶת עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל בִּקְדֻשָּׁתֶךָ :

וַתִּתֶּן לָנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ בְּאַהֲבָה אֶת יוֹם (לשבת הַשַּׁבָּת הַזֶּה וְאֶת יוֹם) הַזִּכָּרוֹן הַזֶּה. יוֹם (לשבת זִכְרוֹן) תְּרוּעָה (לשבת בְּאַהֲבָה) מִקְרָא קֹדֶשׁ זֵכֶר לִיצִיאַת מִצְרָיִם :

אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ. יַעֲלֶה וְיָבֹא וְיַגִּיעַ וְיֵרָאֶה וְיֵרָצֶה וְיִשָּׁמַע וְיִפָּקֵד וְיִזָּכֵר זִכְרוֹנֵנוּ וּפִקְדוֹנֵנוּ וְזִכְרוֹן אֲבוֹתֵינוּ וְזִכְרוֹן מָשִׁיחַ בֶּן דָּוִד עַבְדֶּךָ. וְזִכְרוֹן יְרוּשָׁלַיִם עִיר קָדְשֶׁךָ. וְזִכְרוֹן כָּל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל לְפָנֶיךָ. לִפְלֵיטָה לְטוֹבָה לְחֵן וּלְחֶסֶד וּלְרַחֲמִים לְחַיִּים וּלְשָׁלוֹם בְּיוֹם הַזִּכָּרוֹן הַזֶּה : זָכְרֵנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ בּוֹ לְטוֹבָה. וּפָקְדֵנוּ בוֹ לִבְרָכָה. וְהוֹשִׁיעֵנוּ בוֹ לְחַיִּים טוֹבִים. וּבִדְבַר יְשׁוּעָה וְרַחֲמִים חוּס וְחָנֵּנוּ וְרַחֵם עָלֵינוּ וְהוֹשִׁיעֵנוּ כִּי אֵלֶיךָ עֵינֵינוּ כִּי אֵל מֶלֶךְ חַנּוּן וְרַחוּם אָתָּה :

אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ מְלוֹךְ עַל כָּל הָעוֹלָם כֻּלּוֹ בִּכְבוֹדֶךָ וְהִנָּשֵׂא עַל כָּל הָאָרֶץ בִּיקָרֶךָ וְהוֹפַע בַּהֲדַר גְּאוֹן עֻזֶּךָ עַל כָּל יוֹשְׁבֵי תֵבֵל אַרְצֶךָ. וְיֵדַע כָּל פָּעוּל כִּי אַתָּה פְעַלְתּוֹ וְיָבִין כָּל יְצוּר כִּי אַתָּה יְצַרְתּוֹ וְיֹאמַר כֹּל

---

די טייטש פון (ותודיענו) און פון (יעלה ויבא) געפינט מען אין שחרית פון יום טוב

ותתן לנו און דו גָאט אוּנְזֶר גָאט הָאסְט אוּנְז גִיגֶעבִּין מִיט לִיבְּשַׁאפְט את יום (דֶעם טָאג פון שַׁבָּת און) דֶעם טָאג ראש הַשָּׁנָה יום אַזוֹ אַיין טָאג וָוס מֶען בְּלָאזְט שׁוֹפָר (אַזִכָּרוֹן פון שׁוֹפָר) מקרא דֶר טָאג וֶוערְט אָן גְרוּפְן אַיין הֵיילִיגֶער טָאג זכר אַיין אָן דֵיינְקוּנְג צוּ יְצִיאַת מִצְרַיִם:

אלהינו ואלהי אבותינו אוּנְזֶר גָאט און אוּנְזֶרֶע עֶלְטֶערִינְס גָאט · קֵינִיג אויף גָאר דֶער וֶועלְט מִיט דַיין כָּבוֹד והנשא און וֶוער דֶער הויבִּין אויף גָאר דֶער לַאנְד מִיט דַיין יָקָרָע והופע און שַׁיין מִיט דַיין גְרוֹיס און שְׁטַארְק שֵׁיינְקַייט אויף אַלֶע וָואס זִיצִין אִין דֶער וֶועלְט וידע כל פעול און אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז וָוארִין גִיוֶוערְקְט זָאל וִויסִין אַז דוּ הָאסְט אִים גִיוֶוערְקְט

וְאֶהֱמָיָה · בִּרְאוֹתִי כָּל עִיר עַל תִּלָּהּ בְּנוּיָה · וְעִיר הָאֱלֹהִים מֻשְׁפֶּלֶת עַד שְׁאוֹל תַּחְתִּיָּה · וּבְכָל זֹאת אָנוּ לְיָהּ וְעֵינֵינוּ לְיָהּ · יי ׃ מִדַּת הָרַחֲמִים עָלֵינוּ הִתְגַּלְגְּלִי · וְלִפְנֵי קוֹנֵךְ תְּחִנָּתֵנוּ הַפִּילִי · וּבְעַד עַמֵּךְ רַחֲמִים שַׁאֲלִי · כִּי כָל לֵבָב דַּוָּי וְכָל רֹאשׁ לָחֳלִי · יי תָּמַכְתִּי יְתֵדוֹתַי בִּשְׁלֹשׁ עֶשְׂרֵה תֵּבוֹת · וּבְשַׁעֲרֵי דְמָעוֹת כִּי לֹא נִשְׁלָבוֹת · לָכֵן שָׁפַכְתִּי שִׂיחַ פְּנֵי בוֹחֵן לִבּוֹת · בָּטוּחַ אֲנִי בְּאֵלֶּה וּבִזְכוּת שְׁלֹשֶׁת אָבוֹת · יי ׃ יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ שׁוֹמֵעַ קוֹל בְּכִיּוֹת · שֶׁתָּשִׂים דִּמְעוֹתֵינוּ בְּנֹאדְךָ לִהְיוֹת · וְתַצִּילֵנוּ מִכָּל גְּזֵרוֹת אַכְזָרִיּוֹת ׃ כִּי לְךָ לְבַד עֵינֵינוּ תְלוּיוֹת ׃ יי יי אל כלך

רַחֵם נָא קְהַל עֲדַת יְשֻׁרוּן · סְלַח וּמְחַל עֲוֹנָם וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֱלֹהֵי יִשְׁעֵנוּ ׃

תו״ק שַׁעֲרֵי שָׁמַיִם פְּתַח · וְאוֹצָרְךָ הַטּוֹב לָנוּ תִפְתַּח · תּוֹשִׁיעֵנוּ וְרִיב אַל תִּמְתַּח · וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֱלֹהֵי יִשְׁעֵנוּ ׃

פעם אחת שְׁמַע יִשְׂרָאֵל יְיָ אֱלֹהֵינוּ יְיָ אֶחָד ׃

ג׳ פעמים בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ לְעוֹלָם וָעֶד ׃

ז׳ פעמים יְיָ הוּא הָאֱלֹהִים ׃ קדיש שלם

ותוקעין תקיעה אחת ואומרים לְשָׁנָה הַבָּאָה בִּירוּשָׁלָיִם ׃

טו גדיינקן אין גאט אונ טוא ברומען אונ שרייען מיט תפלה צו אים, אז איך זעה דאס אלע שטעט זיינן גבויט אויף זייער הויך אונ שיינקייט, אונ גאטס שטאט דס מיינט מען ירושלים איז ווארין גנידערט ביז דר אונטערשטער גרוב, אונ אין דעם אלימען רופן מיר נאר צו גאט אונ אונזערע אויגן האבן נאר צו גאט ׃ מדת הרחמים עלינו התגלגלי דוא מדת הרחמים דיך בעטין מיר וועלגער זיך אויף אונז, אונ פאר גאט דיין בשעפער מאך פאלין אונזר געבעט. בעט דער בארעמקייט פאר דיין פאלק, דען אלע הערצער זייגען וויי אונ קראנק מיט עבירות, אונ אלע קעפ זיינן קראנק, זיך טו מיך שטארק אן לעהנן אונ פאר לאז מיך איך זאל געהאלפן ווערן אין דעם זכות וס מיר האבן היינט גזאגט פר דיר שלש עשרה מדות, איך טו אויך מיר פר לאזן דאס די טרערן וס אונזערע טרערן גייען ארום דארטן ארויף ווערן קיין מאל ניט פאר בונדין אונ צו גמאכט, דרום טוא איך פאר גיסין רייד פון תפלה פר גאט וס ער פרובט אלע הערצר, איך בין פר זיכערט אין די דאזיגע וואס איך האב דר מאנט אונ אין זכות פון די דרייא אבות אברהם יצחק יעקב · עס זאל זיין דר ווילן פאר דיר גאט וואס דוא הערסט צו אלע תפלות וואס זיינען מיט גוויין, דוא זאלסט טאן אונזערע טרערן צו זיין אין דיין לאגיל, אונ זאלסט אונז מציל זיין פון אלע שלעכטס, דען נייערט צו דיר אליין האבן אונזערע אויגן אויף היינט ׃

(ער״י ס׳ א׳)

**איין שיינע תחינה וויא איטליכער מענש זאל זיך מתודה זיין איי ער זיין תפלה טוט.**
וויא קומט ארויס פון רבי אליעזר הגדול ע"ה זיין זכות זאלין מיר געניסען!

**דער** מענש זאל גידיינקן דאס פלוצלונג שטארבט אפט אמענש אמיתה משונה ח"ו **דרום** זאל דער מענש גיווארינט זיין אונ זאל תשובה טאן אלע טאג דען ער ווייס ניט ווען ער צום יום הדין אונ חשבון ווערט גירופין דרום איז וואול ווירדיג דאס ער זאל גיפרישט זיין אין גאטס דינסט דען אמענש איז ניט זיכער אפילו איין טאג אויך ניט. אונ דוד המלך זאגט צוא אלעם קאן אמענש האבין איין ארימער האפט רייך צוא ווערין. אתפיס האפט לויז צוא ווערין. אקראנקער האפט גיזונד צוא ווערין. אשוואכר האפט שטארק צו ווערין. אבער פון דיא מיתה האט מען קיין האפנונג לעבין צוא בלייבין. דען משה רבינו ע"ה האט גירעט פה אל פה מיט הקב"ה אונ האט זיך ניט גיקענט מציל זיין פון דער מיתה. דרום באדארף מען תשובה צוא טאן ווען זיין נשמה נאך אין גוף איז אז שלמה המלך ע"ה האט גיזאגט טוא תשובה ווייל דוא נאך יונג ביסט. אונ ווען דאס ליכט ברענט גיב אים איל. אונ אז עס גייט אויס אזו העלפט קיין איל ניט. גאט זאגט צוא דיא מענשין מיינע קינדער דיא טיר איז אפין פון דער תשובה. דער וואס טוט תשובה בעולם הזה. אבער לעולם הבא העלפט ניט קיין תשובה. אונ דאס איז גלייך אלס ווער זיך אן ערב שבת רעכט אנגרייט דער האט פיל צו עסין אום שבת. דען דער טאג איז קורין אונ דיא מלאכה איז פיל. אונ גידיינק אן דיין באשעפער אין דיינע יונגע טעג איידער דיא בייזע טעג קומען. אונ מען דארף אלע טאג אויס מען זאל תשובה טאן. דיא תפלה וואס מיר טוען בעטין צו באוויליגן הקב"ה מיט דעם גאנצין הארצין זייט גיפרישט אויס צוא בעטין פאר הקב"ה מיט טרערין דער ווארטין דאס ער דיא תפלה אנטפאנגין זאל דער ווייל דיא תפלת שחרית איז זייער באוויליגט פאר הקב"ה. אונ דער וואס טוט קיין תשובה ניט אויף דעם עולם דער האט אגרויסען עונש אויף יענעם עולם. ווען דער מענש זינדיגט. צוויא מלאכים דיא פלעגין מיט אים צוא גיין שיידין זיך פון אים אפ אונ טרויערין אויף אים. אונ ווען ער ווידער תשובה טוט אזו פרייען זייא זיך פון אים, אונ ווער דעם טאג פון שבת עהרט איז גלייך אלס ער זיך גיזעלט צוא דער שכינה. איטליכער זאל ווענין דיא עבירות ווי פיל זיי זיינען. אונ אזו זאל ער דער קענין ווידער משער זיין מצות. אונ זייא גיווארינט אז דוא ניט דער צערינסט דער דא תשובה טוט דער זעלביגער פארכט זיך ניט פאר זינד דען דיא תורה לערינט איינעם וויא ער זאל הקב"ה מרצה זיין אונ דאס ער זאל ניט ווייטער גישטרויכלט זיין. אונ אגילערינטער באדארף זיך ניט צוא פוילין פון חרטה אונ תשובה טאן פון ווענין דאס דיא תורה מוז ריין זיין. דען ווער חטאים אונ עונות אן זיך האט דא איז דיא תורה קיין נחת רוח צוא אונזער באשעפער דען פון דער תורה לערנין דער לייכט זיך דיא שכינה אויף אים ווען ער אבער פאר זיפעדט זיך מיט פלעקין פון דיא זינד ווערט דיא שכינה אויף אים ניט זיין. דרום מוז ער זיך זיינע עונות אפ וואשין מיט גרויס תשובה אונ דער נאך זאל ער גישעפטיגט זיין אין דער תורה אונ דער עיקר התורה דאס איז תשובה אונ מעשים טובים אונ אתלמיד חכם האט אגרעסערין עונש אז איין עם הארץ דער פון לערנין מיר אפ דאס מען באדארף תשובה טאן. דאס ערשטי איז אלע מענשין אן אונטער שייד איהרען גלייבין זייא צוא ליבען אונ ערנאך מיט איהנען צוא האנדלין. דאס אנדערי צוא פאסטין. דאס דריטע איז תפלה. דאס פערטע איז אין דער שול גיין. דאס פינפטע איז דיא תשובה. **דאס זעקסטע איז צדקה צוא געבין דיזע אלע זאכין פאר גיבען דיא זינד. אונ מען צו רייסט זיין בייזין גזר דין אמן סלה:**

אַז עֶס גִיפַאלְט דֶער עֶרְשְׁטֶער טָאג סוּכּוֹת מָאנְטָאג זָאגְט מֶען דִי הוֹשַׁעְנוֹת (למען אמתך. אבן שתיה. אערוך שועי. אום אני חומה. אל למושעות. אום נצורה): אוּן אַז עֶס גִיפַאלְט דֶער עֶרְשְׁטֶער טָאג דִינְסְטָאג אִיז אַזוֹי דֶער סֵדֶר (למען אמתך. אבן שתיה. אערוך שועי. אל למושעות. אום נצורה. אדון המושיע): אוּן אַז עֶס גִיפַאלְט דֶער עֶרְשְׁטֶער טָאג אִים דָאנֶערְשְׁטִיג אִיז אַזוֹי דֶער סֵדֶר (למען אמתך. אבן שתיה. אום נצורה. אערוך שועי. אל למושעות. אדון המושיע): אוּן אַז עֶס גִיפַאלְט דֶער עֶרְשְׁטֶער טָאג אִים שַׁבָּת אִיז אַזוֹי דֶער סֵדֶר (אום נצורה. למען אמתך. אערוך שועי. אבן שתיה. אל למושעות. אדון המושיע) אוּן אַלֶע טָאג נָאךְ דִי הוֹשַׁעְנוֹת זָאגְט מֶען (כהושעת אלים וגו') אוּן אִים שַׁבָּת זָאגְט מֶען אוֹם נְצוּרָה (כהושעת אדם וגו'):

# הוֹשַׁע נָא:

לְמַעַנְךָ אֱלֹהֵינוּ הוֹשַׁע נָא:
לְמַעַנְךָ בּוֹרְאֵנוּ הוֹשַׁע נָא:
לְמַעַנְךָ גּוֹאֲלֵנוּ הוֹשַׁע נָא:
לְמַעַנְךָ דּוֹרְשֵׁנוּ הוֹשַׁע נָא:

לְמַעַן אֲמִתָּךְ. לְמַעַן בְּרִיתָךְ. לְמַעַן גָּדְלָךְ וְתִפְאַרְתָּךְ. לְמַעַן דָּתָךְ. לְמַעַן הוֹדָךְ. לְמַעַן וִיעוּדָךְ. לְמַעַן זִכְרָךְ. לְמַעַן חַסְדָּךְ. לְמַעַן טוּבָךְ. לְמַעַן יִחוּדָךְ. לְמַעַן כְּבוֹדָךְ. לְמַעַן לִמּוּדָךְ. לְמַעַן מַלְכוּתָךְ. לְמַעַן נִצְחָךְ.

למען

הוֹשַׁעְנָא מִיר בֶּעטֶען פַאר גָאט הֶעלְף אוּנְז לְמַעַנְךָ אלהינו הושענא נִיט מַחֲמַת אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים נָאר פוּן וֶועגֶען וָואס דוּ בִּיסְט אוּנְזֶער גָאט בֶּעטֶען מִיר דִיךְ דוּ זָאלְסְט אוּנְז הֶעלְפֶען: למענך בוראנו אוּן פוּן וֶועגֶען וָואס דוּ בִּיסְט אוּנְזֶער בַּאשֶׁעפֶער זָאלְסְטוּ אוּנְז הֶעלְפֶען: למענך גואלנו אוּן פוּן וֶועגֶען וָואס דוּ בִּיסְט אוּנְזֶער אוֹיסְלֵייזֶער זָאלְסְטוּ אוּנְז הֶעלְפֶען למענך דורשנו אוּן פוּן וֶועגֶען וָואס דוּ בִּיסְט אוּנְזֶער פָארְשֶׁער זָאלְסְטוּ אוּנְז הֶעלְפֶען:

לְמַעַן אמתך פוּן וֶועגֶען דַיין וָוארְהַאפְטִיגֶע הַבְטָחָה וָואס דוּ הָאסְט מַבְטִיחַ גֶעוֶועזֶען צוּ אָדָם הָרִאשׁוֹן אַז זַיינֶע קִינְדֶער וֶועלֶען תְּשׁוּבָה טָאהן וֶועסְטוּ זֵיי דַן זַיין מִיט רַחֲמָנוּת זָאלְסְטוּ אוּנְז הֶעלְפֶען אוּן פוּן וֶועגֶען דֶעם וָואס דוּ הָאסְט כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען אַז מִיר זָאלֶען נִיט פַאר לֶענְט וֶוערֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט זָאלְסְטוּ אוּנְז הֶעלְפֶען אוּן פוּן וֶועגֶען דִי צַדִיקִים וָואס דוּרְךְ זֵיי וֶוערְט דַיין נָאמֶען גֶעגַאכְפֶּערְט זָאלְסְטוּ אוּנְז הֶעלְפֶען אוּן פוּן וֶועגֶען דַיין תּוֹרָה וָואס מִיר לֶערְנֶען זִי וֶועגֶען דַיין שֵׁיינְקַייט וָואס מִיר בַּאשֵׁיינֶען דִיךְ פוּן וֶועגֶען דֶעם וָואס דוּ בַּאשְׁטֶעטִיגְסְט זִיךְ דָארְטֶן פוּן וֶועגֶען וָואס מִיר דֶער מָאנֶען דִיר אוּן זָאגֶען שְׁמַע יִשְׂרָאֵל יְיָ וכו' נִיט מַחֲמַת אוּנְזֶער גִירֶעכְטִיגְקַייט נָאר פוּן וֶועגֶען דַיין חֶסֶד פוּן וֶועגֶען דַיין גוּטְקַייט פוּן וֶועגֶען וָואס מִיר זָאגֶען צְווֵייא מָאהל אִין טָאג אַז דוּ בִּיסְט אֵיין גָאט אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט פוּן וֶועגֶען דַיין כָּבוֹד אוּן פוּן וֶועגֶען דַיין לֶערְנוּנְג זָאלְסְטוּ אוּנְז הֶעלְפֶען וֶועגֶען דַיין מְלוּכָה פוּן וֶועגֶען דַיין נָאמֶען וָואס הָאט אַקִיוּם אוֹיף אֵייבִּיג פוּן וֶועגֶען דִי גָאנְץ פַארְבַּארְגֶענֶע וָואס דוּא בִּיסְט זֵייא מְגַלֶּה דַיין סוֹד

לְמַעַן סוֹדָךְ. לְמַעַן עֻזָּךְ. לְמַעַן פְּאֵרָךְ. לְמַעַן צִדְקָתָךְ. לְמַעַן קְדֻשָּׁתָךְ. לְמַעַן רַחֲמֶיךָ הָרַבִּים. לְמַעַן שְׁכִינָתָךְ. הוֹשַׁע נָא: לְמַעַן תְּהִלָּתָךְ. הוֹשַׁע נָא:

להו"ר כִּי אָמַרְתִּי עוֹלָם חֶסֶד יִבָּנֶה:

אֶבֶן שְׁתִיָּה. בֵּית הַבְּחִירָה. גֹּרֶן אָרְנָן. דְּבִיר הַמֻּצְנָע. הַר הַמּוֹרִיָּה. וְהַר יֵרָאֶה. זְבוּל תִּפְאַרְתֶּךָ. חָנָה דָוִד. טוֹב הַלְּבָנוֹן. יְפֵה נוֹף מְשׂוֹשׂ כָּל הָאָרֶץ. כְּלִילַת יֹפִי. לִינַת הַצֶּדֶק. מָכוֹן לְשִׁבְתֶּךָ. נָוֶה שַׁאֲנָן. סֻכַּת שָׁלֵם. עֲלִיַּת שְׁבָטִים: פִּנַּת יִקְרַת. צִיּוֹן הַמְצֻיֶּנֶת. קֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים. רָצוּף אַהֲבָה. שְׁכִינַת כְּבוֹדֶךָ: הוֹשַׁע נָא. תֵּל תַּלְפִּיּוֹת. הוֹשַׁע נָא:

להו"ר לְךָ זְרוֹעַ עִם גְּבוּרָה תָּעֹז יָדְךָ תָּרוּם יְמִינֶךָ:

אוֹם אֲנִי חוֹמָה. בָּרָה כַּחַמָּה. גּוֹלָה וְסוּרָה. דָּמְתָה לְתָמָר. הַהֲרוּגָה עָלֶיךָ. וְנֶחְשֶׁבֶת כְּצֹאן טִבְחָה. זְרוּיָה בֵּין מַכְעִיסֶיהָ. חֲבוּקָה וּדְבוּקָה בָךְ. טוֹעֶנֶת עֻלָּךְ. יְחִידָה לְיַחֲדָךְ. כְּבוּשָׁה בַּגּוֹלָה. לוֹמֶדֶת יִרְאָתָךְ. מְרוּטַת

פון וועגען דיין שטארקייט פון וועגען דעם וואס אין תפלין שטייט וואס זיי ווערען אן גירופען פאר פון וועגען דיין גירעכטיגקייט פון וועגען דיין היילינקייט פון וועגען דיין פיל רחמנות און פון וועגען דיין שכינה זאל דארט רוהען און פון וועגען דעם וואס דו מוסט צוהערען די לויב וואס די יודען לויבען דיך בעטען מיר דיך אז דו זאלסט אונז העלפען:

אבן שתיה דא ווערט גירעכינט דיא נעמען וואס דאס בית המקדש האט געהאט און דיא יודען דער מאגען זיי און בעטען אז גאט זאל בויען דאס וואס ער ווערט אן גרופען אבן שתיה דער שטיין וואס פון אים איז גיגרונד פעסטיגט גיוואָרין די וועלט, ווייל דאס איז דאס הויז וואס גאט האט אויס דר ווייילט, גורן ארנן ווערט אן גערופען ווייל דוד המלך האט גיקויפט איין שייער פון ארונה היבוסי, ווייל דער קדשי קדשים איז גיוועזן בעהאלטען פון איטליכען נאר דר כהן גדול וואס איז דארט גינ׳יען אום יום כפור, ווייל אויף דעם בארג מוריה איז גיבוט געוואָרין דער בית המקדש און נאך דער עקידה פון יצחק איז דער בארג גערופען געווארען יי יראה דער בית המקדש איז דיין שיין וואנונג, ווייל אין דער שטאט האט דוד המלך גערוהט און דער בארג איז אן גערופען טוב און לבנון ווייל ער פלעגט ווייס מאכען די עבירות פון די יודען און איז גירופען גיוואָרען שיינע צווייג אלע דאס שיינקייט פון דער גאנצער וועלט ווייל אין ירושלים האט קיין מענש ניט איבער גינעכטיגט מיט איין עבירה דער בית המקדש איז געוועזן מכוון אקעגין דיין זיצונג דאס איז דער כסא הכבוד אז דער בית המקדש איז גישטאנען אין ירושלים גיוועזן אבארוטער וואנונג דער בית המקדש איז אן גירופען גיוואָרין נאמס סוכה דיא שבטים פלעגן אהין אויף גיין אום יום טוב די שטאט ציון וואס איז גיוועזן מיט פיל מצות און קרבנות איז גיוועזן אחשיב וויגקל דר קדשי קדשים איז גיוועזן גיפלאסטערט מיט אהבה דאס איז דער ארון און דר כפורת און די כרובים און די לוחות דאס איז גיוועזן אזו איין ארט וואס איטליכער מויל פלעגט זיך קערין אהין מתפלל זיין דרום בעטען מיר אז דוא זאלסט אים גיך אויף בויען.

אום אני חומה העלף דאס פאלק ישראל די דא זיינען אין דער ליבשאפט פון גאט שטארק וויא איין מויער זיא איז קלאר מיט גוטע מעשים וויא דיא זון דיא דא איז געגליכען צוא

איין

לָחִי. נְתוּנָה לְמַכִּים. סוֹבֶלֶת סִבְלָךְ. עֲנִיָּה סֹעֲרָה. פְּדוּיַת טוֹבִיָּה. צֹאן קָדָשִׁים. קְהִלּוֹת יַעֲקֹב. רְשׁוּמִים בִּשְׁמֶךָ. שׁוֹאֲגִים הוֹשַׁע נָא. תְּמוּכִים עָלֶיךָ. הוֹשַׁע נָא:

להו"ר תִּתֵּן אֱמֶת לְיַעֲקֹב חֶסֶד לְאַבְרָהָם:

אָדוֹן הַמּוֹשִׁיעַ. בִּלְתְּךָ אֵין לְהוֹשִׁיעַ. גִּבּוֹר וְרַב לְהוֹשִׁיעַ. דַּלּוֹתִי וְלִי יְהוֹשִׁיעַ. הָאֵל הַמּוֹשִׁיעַ. וּמַצִּיל וּמוֹשִׁיעַ. זוֹעֲקֶיךָ תּוֹשִׁיעַ. חוֹכֶיךָ הוֹשִׁיעַ. טְלָאֶיךָ תַּשְׂבִּיעַ. יְבוּל לְהַשְׁפִּיעַ. כָּל שִׂיחַ תַּדְשֵׁא וְתוֹשִׁיעַ. לְגֵיא בַּל תַּרְשִׁיעַ. מְגָדִים תַּמְתִּיק וְתוֹשִׁיעַ. נְשִׂיאִים לְהַסִּיעַ. שְׂעִירִים לְהָנִיעַ. עֲנָנִים מִלְּהַמְנִיעַ. פּוֹתֵחַ יָד וּמַשְׂבִּיעַ. צְמֵאֶיךָ תַּשְׂבִּיעַ. קוֹרְאֶיךָ תּוֹשִׁיעַ. רְחוּמֶיךָ תּוֹשִׁיעַ. שׁוֹחֲרֶיךָ הוֹשִׁיעַ. הוֹשַׁע נָא. תְּמִימֶיךָ תּוֹשִׁיעַ. הוֹשַׁע נָא:

להו"ר נְעִימוֹת בִּימִינְךָ נֶצַח:

אָדָם וּבְהֵמָה. בָּשָׂר וְרוּחַ וּנְשָׁמָה. גִּיד וְעֶצֶם וְקָרְמָה. דְּמוּת וְצֶלֶם וְרִקְמָה. הוֹד לַהֶבֶל דָּמָה. וְנִמְשַׁל כַּבְּהֵמוֹת נִדְמָה. זִיו וְתוֹאַר וְקוֹמָה. חִדּוּשׁ פְּנֵי אֲדָמָה. טִיעַת עֲצֵי נְשַׁמָּה. יְקָבִים וְקָמָה. כְּרָמִים וְשִׁקְמָה. לְתֵבֵל הַמְּסֻיָּמָה. מְטָרוֹת עוֹז לְסַמְּמָה. נְשִׁיָּה לְקַיְּמָה. שִׂיחִים לְקוֹמְמָה. עֲדָנִים

אֵיין טַייטֶעל בוים וָואס שְׁטֵייט גְלַייךְ זִיא אִיז אוּם גֶעהַאלְזְט אוּן בַּאהֶעפְט אָן דִיר זִיא אִיז בַּאלָאדֶען פוּן דַיין יָאךְ זִיא אִיז דַיין פָאלְק צוּא אֵיינִיגֶען דִיךְ זִיא לֶערֶענְט דַיין פָארְבְּט זִיא אִיז בַּאלָאדִין מִיט מִצְוֹת זִיא אִיז גֶעשְׁטוּרֶעמְט גִיוָוארֶן פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דִיא דָא הֵייסְט אוֹיס גִילֵייזְטֶע פוּן משֶׁה רַבֵּינוּ נָאס עֶר הֵייסְט טוֹבִיָה דִיא דָא הֵייסְט שָׁאף דֶער הֵיילִיגְקֵייט דִיא פַאר זַאמְלוּנְג פוּן יַעֲקֹב דִיא דָא זַיינֶען גִיצֵייכֶענְט מִיט דַיינֶעם נָאמֶען דִיא דָא שְׁרַייעֶן צוּ דִיר זָאלְסְט זַייא הֶעלְפִין דִיא זִיךְ פַאר לָאזֶען אוֹיף דִיר הֶעלְף:

אדון המושיע דוּא גָאט בִּיסְט אַהַאר צוּא הֶעלְפִין אוּן חוּץ דִיר אִיז נִיט דָא קֵיינֶער וָואס זָאל קָאנֶען הֶעלְפִין עֶר אִיז אַגִיבּוֹר אוּן מֶערט צוּ טָאן הִילְף אִיךְ בִּין פַאר אָרוּמְט גִיוָוארֶען דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט מִיר הֶעלְפִין דוּא גָאט דוּא בִּיסְט מַצִּיל אוּן הֶעלְפְסְט אִיטְלִיכֶען דִיא וָואס שְׁרַייעֶן צוּ דִיר זָאלְסְטוּ הֶעלְפִין דִיא וָואס הָאפֶען צוּ דַיין הִילְף זָאלְסְטוּ הֶעלְפִין אוּן דַיינֶע שָׁאף זָאלְסְטוּ זַייא אָן זֶעטִין מִיט פִיל תְּבוּאוֹת אוּן פְרוּכְט זָאלְסְטוּ צוּ זַיי מַשְׁפִּיעַ זַיין אוּן זָאלְסְט הֶעלְפִין דִי עֶרְד מִיט אַלֶערְלֵייא פְרוּכְט אוּן דוּא זָאלְסְט דִיא עֶרְד נִיט שׁוּלְדִיג מַאכֶען מַחֲמַת אוּנְזֶערֶע עֲבֵירוֹת אוּן זָאלְסְט הֶעלְפִין דִיא פֵּירוֹת זָאלֶען זַיין זִיס אִין זָאלְסְט מַאכֶען צִיהֶען דִי וָואלְקֶען אוּן זָאלֶען גֶעבִּין רֶעגִין אוּן דִי רֶעגִינְס זָאלְסְטוּ מַאכֶן רִירֶען פוּן זַייעֶר אָרְט אוּן זָאלְסְט נִיט פַאר מַיידֶען דִיא וָואלְקֶען פוּן צוּ גֶעבִּין רֶעגִין אוּן דוּרְךְ דִיא רֶעגִין עֶפִינְט עֶר זַיין הַאנְט אוּן מַאכְט זַאט דִיא וֶועלְט אוּן דִיא וָואס זַיינֶען דָארְשְׁטִיג צוּא דַיין הִילְף זָאלְסְטוּ זַייא זַאט מַאכֶען דִיא וָואס רוּפֶען דִיךְ מִיט גִיבֶעט זָאלְסְטוּ הֶעלְפִין אוּן דִיא וָואס בֶּעטִין דִיךְ זָאלְסְטוּ הֶעלְפִין אוּן דַיינֶע גַאנְצֶע זָאלְסְטוּ הֶעלְפִין:

אדם ובהמה דוּא גָאט הֶעלְף דִיא מֶענְשִׁין אוּן דִיא בְּהֵמוֹת אוּן צוּא דֶעם וָואס הָאט אוֹיף זִיךְ פְלֵייש אוּן אֵיין אָטוּם אוּן אֵיין נְשָׁמָה אוּן אָדֶערִין אוּן בֵּיינֶער בַּאשְׁטַאנְד אוּן אִיז גִיוֶועבְּט גִיוָוארֶען מִיט אַגִישְׁטַאלְט וָואס זַיין שֵׁיינְקֵייט אִיז גִיגְלִיכְעֶן צוּ נִישְׁט אִין אִיז גִיגְלִיכֶען גִיוָוארֶען צוּ דִי בְּהֵמוֹת זַיין שֵׁיין גִישְׁטַאלְט אוּן זַיין בַּאשְׁטַאנְד זָאלְסְטוּ בַּאנַייעֶן דִיא עֶרְד מִיט תְּבוּאָה זָאלְסְטוּ הֶעלְפֶן דִי פַאר וֵוייסְטֶע בוֹימֶר וָואס אוֹיף זֵיי וַואקְסְט קֵיין פֵּירוֹת נִיט אוּן

לְעָצְמָה. פְּרָחִים לְהַעֲצִימָה. צְמָחִים לְגָשְׁמָה. קָרִים לְזָרְמָה. רְבִיבִים לְשַׁלְּמָה. שְׁתִיָּה לְרוֹמְמָה. הוֹשַׁע נָא. תְּלוּיָה עַל בְּלִימָה. הוֹשַׁע נָא:

להו״ר יְיָ אֲדֹנֵינוּ מָה אַדִּיר שִׁמְךָ בְּכָל הָאָרֶץ אֲשֶׁר תְּנָה הוֹדְךָ עַל הַשָּׁמָיִם:

אֲדָמָה מֵאֹרֶר. בְּהֵמָה מִמְּשַׁכֶּלֶת. גֹּרֶן מִגָּזָם. דָּגָן מִדַּלֶּקֶת. הוֹן מִמְּאֵרָה. וְאֹכֶל מִמְּהוּמָה. זַיִת מִנֶּשֶׁל. חִטָּה מֵחָגָב. טֶרֶף מִגּוֹבַאי. יֶקֶב מִיֶּלֶק. כֶּרֶם מִתּוֹלַעַת. לֶקֶשׁ מֵאַרְבֶּה. מֶגֶד מִצְּלָצַל. נֶפֶשׁ מִבֶּהָלָה. שׂוֹבַע מִסָּלְעָם. עֲדָרִים מִדַּלּוּת. פֵּרוֹת מִשִּׁדָּפוֹן. צֹאן מִצְּמִיתוּת. קָצִיר מִקְּלָלָה. רֹב מֵרָזוֹן. שִׁבֹּלֶת מִצִּנָּמוֹן. תְּבוּאָה מֵחָסִיל. הוֹשַׁע נָא:

להו״ר צַדִּיק יְיָ בְּכָל דְּרָכָיו וְחָסִיד בְּכָל מַעֲשָׂיו:

לְמַעַן אֵיתָן הַנִּזְרָק בְּלַהַב אֵשׁ: לְמַעַן בֵּן הַנֶּעֱקַד עַל עֵצִים וָאֵשׁ: לְמַעַן גִּבּוֹר הַנֶּאֱבַק עִם שַׂר אֵשׁ: לְמַעַן דְּגָלִים נָחִיתָ בְּאוֹר וַעֲנַן אֵשׁ: לְמַעַן

צו דיא קֶעלְטֶער אוּן צו דִי שְׁטֵייעֶנְדִיגֶע תְּבוּאָה אוּן צו דִי וויין גֶערְטְנֶער אוּן צו דִי טֵייטְל בּוֹימֶער אוּן זָאלְסְט הֶעלְפִין צו דֶער עֶרְד וָואס אִיז גְצֵייכִינְט מִיט פִיל מִצְוֹת אַז עֶס זָאל גֵיין רֶעגִין וֶוען מֶען בַּדַארְף אוּן צו דֶעם פַאר וויסְט לַאנְד זָאלְסְטוּ הֶעלְפִין עֶס זָאל אַקִיוּם הָאבִּין אוּן דִי פְרוּכְט פוּן דֶער עֶרְד זָאל אַקִיוּם הָאבֶּן דִי זִיסֶע שְׁפַּייזֶן צו שְׁטַארְקֶן אוּן אַלֶע בְּלִיאוּנְג זָאלְסְטוּ שְׁטַארְקֶען אִין אוֹיף אַלֶע שְׁפְּרָאצוּנְג זָאלְסְטוּ מַאכֶן רֶעגֶנֶען זָאלְסְט מַאכֶן רֶעגְנֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט וֶועלִין מַחֲמַת דֶעם דִיא קֶעלְטִין פַאלִין אוּן זָאלְסְט מַאכִין אָן קְלֵיידֶן דִי עֶרְד מִיט שְׁפְּרָאצוּנְג אוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ זָאלְסְטוּ אִים דֶער הֵייבֶן אוּן אוֹיף בּוֹיעֶן אוּן צו דֶער עֶרְד זָאלְסְטוּ הֶעלְפִין וָואס דִיא עֶרְד הֵיינְגְט אוֹיף נִישְׁט אַז זִיא זָאל אַקִיוּם הָאבֶּען:

אדמה מארר דוא גָאט זָאלְסְט הֶעלְפִין צו דֶער עֶרְד אַז זִיא זָאל נִיט פַאר פְלוּכְט וֶוערֶען דִיא בְּהֵמָה זָאלְסְטוּ מַצִּיל זַיין פוּן אַיין אָפּ וַוארְפוּנְג אוּן דֶעם שַׁייעֶר פוּן אַהֵיישֶׁערִיק דָם קָארִין זָאל נִיט פַאר בְּרֶענְט וֶוערִין פוּן דֶער זוּן דָאס הָאבּ זָאל נִיט פַאר פְלוּכְט אוּן גִימִינֶערְט וֶוערִין דִי תְּבוּאוֹת זָאלְסְטוּ הִיטֶען פוּן דוּנֶערִין אוּן פוּן הָאגֶעל אוּן דִיא אֵיילְבִּירְטִין זָאלִין נִיט אַרָאפּ פַאלִין פוּן דִיא בּוֹימֶר אִין דִיא וויין אוּן אַלֶע שְׁפַּייזִין צו הִיטֶען פוּן דֶעם מִין הֵי שֶׁערִיק אוּן דֶעם קֶעלְטֶער פוּן אַהֵיישֶׁערִיק דֶעם וַויין גָארְטֶען פוּן דִיא וֶוערִים דָאס גְרָאז פוּן דֶעם הֵיישֶׁערִיק אוּן דִי זִיסֶע פֵּירוֹת צו הִיטֶען פוּן דֶעם מִין הֵיישֶׁערִיק אִין דָאס לַייבּ פוּן דִי מֶענְשֶׁן מַצִּיל צוּא זַיין פוּן דֶער שְׁרֶעקֶנִיש אוּן דִיא תְּבוּאָה וָואס זִיא וֶועט אָן זָאלְסְטוּ מַצִּיל זַיין פוּן אַמִין הֵיישֶׁערִיק דִי שָׁאף זֵיי זָאלִין נִיט מָאגֶער וֶוערִין אוּן דִי פֵּירוֹת זָאלִין נִיט אוֹיס גִישְׁלָאגִין וֶוערִין אוּן דִי שָׁאף זָאלִין נִיט פַאר שְׁנִיטֶן וֶוערִין אַז מֶען שְׁנַייט דִי תְּבוּאָה זָאלְסְטוּ הִיטֶען פוּן אַקְלָלָה אוּן זָאלְסְט שִׁיקֶן אַבְּרָכָה אַז עֶס אִיז דָא פִיל קֶערְנְדְלִיךְ אִין דִי זַאנְגֶן זָאלְסְטוּ זֶעהֶן אַז עֶס זָאלֶן נִיט זַיין מָאגֶערֶע דִי זַאנְגֶן צוּ הִיטֶן פוּן דַארְקַייט אוּן דִי תְּבוּאָה צוּ הִיטֶן פוּן דֶעם מִין הֵיישֶׁרִיק:

למען איתן מִיר בֶּעטִין דִיךְ אַז דוּ זָאלְסְט אוּנְז הֶעלְפִין פוּן וֶועגִין דֶעם זְכוּת פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ וָואס עֶר אִיז אָן גִירוּפֶען אֵיתָן הָאֶזְרָחִי אוּן אִיז אַרַיין גִיוָוארְפִין גִיוָוארֶען אִין אוֹיבֶן, פוּן וֶועגִין יִצְחָק וָואס עֶר אִיז גְבּוּנְדֶן גִיוָוארֶן אוֹיף הָאלְץ מִיט פַייעֶר, פוּן וֶועגֶן יַעֲקֹב אוּנְזֶער פָאטֶער וָואס עֶר הָאט זִיךְ גִיבַאנְגִילְט מִיט דֶעם שַׂר שֶׁל אֵשׁ אוּן הָאט יַעֲקֹב נִיט בַּיי גִיקוּמֶען, פוּן וֶועגֶן

הוֹעֲלָה לַמָּרוֹם וְנִתְעַלָּה כְּמַלְאֲכֵי אֵשׁ: לְמַעַן וְהוּא לָךְ כְּסֶגֶן בְּאֶרְאֶלֵּי אֵשׁ:
לְמַעַן זֶבֶד דִּבְּרוֹת הַנִּתּוּנוֹת מֵאֵשׁ. לְמַעַן חִפּוּי יְרִיעוֹת וַעֲנַן אֵשׁ: לְמַעַן טֶכֶס
הַר יָרַדְתָּ עָלָיו בָּאֵשׁ: לְמַעַן יְדִידוּת בַּיִת אֲשֶׁר אָהַבְתָּ מִשְּׁמֵי אֵשׁ: לְמַעַן
כָּמַהּ עַד שָׁקְעָה הָאֵשׁ: לְמַעַן לָקַח מַחְתַּת אֵשׁ וְהֵסִיר חָרוֹן אֵשׁ: לְמַעַן מְקַנֵּא
קִנְאָה גְדוֹלָה בָּאֵשׁ: לְמַעַן נָף יָדוֹ וְיָרְדוּ אַבְנֵי אֵשׁ: לְמַעַן שָׂם טְלֵה חָלָב
כְּלִיל אֵשׁ: לְמַעַן עָמַד בַּגֹּרֶן וְנִתְרַצָּה בָאֵשׁ: לְמַעַן פִּלֵּל בָּעֲזָרָה וְיָרְדָה
הָאֵשׁ: לְמַעַן צִיר עָלָה וְנִתְעַלָּה בְּרֶכֶב וְסוּסֵי אֵשׁ: לְמַעַן קְדוֹשִׁים מוּשְׁלָכִים
בָּאֵשׁ: לְמַעַן רִבּוֹ רִבְבָן חָז וְנַהֲרֵי אֵשׁ: לְמַעַן שְׁמֵמוֹת עִירְךָ הַשְּׂרוּפָה בָאֵשׁ:
הוֹשַׁע נָא: לְמַעַן תּוֹלְדוֹת אַלּוּפֵי יְהוּדָה תָּשִׂים כְּכִיּוֹר אֵשׁ. הוֹשַׁע נָא:

כהו"ר בהקפה שביעית יכללם ביחד ויאמר זה:

לְךָ יְיָ הַגְּדֻלָּה וְהַגְּבוּרָה וְהַתִּפְאֶרֶת וְהַנֵּצַח וְהַהוֹד כִּי כֹל בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ:
לְךָ יְיָ הַמַּמְלָכָה וְהַמִּתְנַשֵּׂא לְכֹל לְרֹאשׁ: וְהָיָה יְיָ לְמֶלֶךְ עַל כָּל הָאָרֶץ
בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה יְיָ אֶחָד וּשְׁמוֹ אֶחָד: וּבְתוֹרָתְךָ כָּתוּב לֵאמֹר שְׁמַע יִשְׂרָאֵל
יְיָ אֱלֹהֵינוּ יְיָ אֶחָד: בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ לְעוֹלָם וָעֶד:

# אֶעֱרוֹךְ שׁוּעִי. בְּבֵית שַׁוְעִי. גָּלִיתִי בְּצוֹם פִּשְׁעִי. דְּרַשְׁתִּיךָ בּוֹ לְהוֹשִׁיעִי. הַקְשִׁיבָה לְקוֹל שַׁוְעִי.

די וָואס זַיינֶען גינַאנגֶען שָׁארין וַויים אין דֶער מִדְבָּר מיט אַפייערדיגֶן וָואלְקֶן בַּייא דֶער נַאכְט
און פון וֶועגֶען משֶׁה רַבֵּינוּ וָואס עֶר איז גינַאנגֶען אויף דֶעם הימֶעל מְקַבֵּל זַיין דיא תּוֹרָה און
עֶר איז דֶער הויכֶען גיוָוארֶען דורְךְ דיא פַייעֶרדיגֶע מַלְאָכִים פון וֶועגֶען אַהֲרֹן הַכֹּהֵן וָואס עֶר
הָאט מְשַׁמֵּשׁ גיוֶוען בִּכְהוּנָה גְדוֹלָה אַזוֹי וִויא די פַייעֶרדיגֶע מַלְאָכִים זַיינֶען מְשַׁמֵּשׁ אויף דֶעם
הימֶעל און פון וֶועגֶען די עֲשֶׂרֶת הַדִּבְּרוֹת וָואס זַיינֶען גיגֶעבֶן גיוָוארֶען פון פַייעֶר פון וֶועגֶען
דֶעם מִשְׁכָּן וָואס עֶר איז גיוֶוען בַּדֶעקְט מיט יְרִיעוֹת און מיט אַפייעֶרדיגֶן וָואלְקֶן און פון וֶועגֶען
דֶעם בַּארג סִינַי וָואס עֶר איז גיוֶוען גיצִירְט און אָן גיבְּרֵייט אַז דוא זָאלְסְט נידֶערֶען אויף אים צוּ
גֶעבִּין די תּוֹרָה מיט פַייעֶר פון וֶועגֶען דֶעם גֶעלִיבְּטֶען וָואס דוא הָאסְט אים לִיבּ גיהַאט פון דֶעם
פַייעֶרדיגֶן הימֶל פון וֶועגֶן משֶׁה רַבֵּינוּ וָואס עֶר הָאט גיגְלוֹסְט תְּפִלָּה צוּ טָאן בִּיז דָאס פַייעֶר
איז שְׁטִיל גיוָוארֶען פון וֶועגֶן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן וָואס עֶר הָאט גינוּמֶען אַפייעֶר פַאן מיט קְטוֹרֶת בְּשַׁעַת
אַז די עֵדָה פון קֹרַח הָאט גיקְרִיגְט און הָאט אָפּ גיטָאן דֶעם פַייעֶרדיגֶן גְרִים צָארין פון וֶועגֶען
אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא וָואס עֶר הָאט מְקַנֵּא גיוֶוען גָאטְס קִנְאָה הָאט אַרָאפּ גֶנידֶערְט אַפייעֶר פון דֶעם
הימֶעל און הָאט זֵיי פַארְבְּרֶענְט פון וֶועגִין דֶעם זְכוּת פון יְהוֹשֻׁעַ וָואס עֶר הָאט אויף גיהוֹיבֶּן
זַיין הַאנְד צוּם הימֶעל הָאט אויף זֵיי גינידֶערְט פון דֶעם הימֶעל פַייעֶרדיגֶע שְׁטֵיינֶר פון וֶועגִין
דֶעם זְכוּת פון שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא וָואס עֶר הָאט גינוּמֶען אַיוּנגֶע שֶׁעפְּסִיל און הָאט דָאס אויף
גיבְּרַאכְט פַאר אַיין עוֹלָה צוּ גָאט וָואס עֶם וֶוערְט פַאר בְּרֶענְט אין פַייעֶר און פון וֶועגִין דֶעם
זְכוּת פון דָּוִד הַמֶּלֶךְ וָוס עֶר איז גישְׁטַאנֶען אין דֶעם שַׁייעֶר פון אֲרַוְנָה הַיְבוּסִי און הָאט דָארְט
מַקְרִיב גיוֶוען קָרְבָּנוֹת אויף דֶעם פַייעֶר און גָאט איז צוּ אים מְרוּצֶּה גיוָוארֶען פון וֶועגִין דֶעם
זְכוּת פון שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ וָואס עֶר הָאט מִתְפַּלֵּל גיוֶוען און אַפייעֶר הָאט אַרָאפּ גינידֶערְט פון דֶעם
הימֶעל און הָאט פַאר בְּרֶענְט די עוֹלָה מיט דיא זְבָחִים פון וֶועגִין דֶעם שָׁלִיחַ דָאס איז אֵלִיָּהוּ
הַנָּבִיא וָואס עֶר איז אַרויף גינַאנגֶען אויף דֶעם הימֶל מיט פַייעֶרדיגֶע רייט וָואגֶן מיט פֶערְד און
פון וֶועגִין די הֵיילִיגֶע דָאס זַיינֶען חֲנַנְיָה מִישָׁאֵל וַעֲזַרְיָה וָואס זַיינֶען אַריין גיוָוארְפֶן גיוָוארֶען
אין קַאלְךְ אויבֶן פון וֶועגֶען דֶעם זְכוּת פון דָּנִיאֵל וָואס עֶר הָאט גיזֶעהֶן פַאר גָאט פִיל צֶעהֶען
טויזֶענְד מַלְאָכִים און טַייכֶן פון אַיין פַייעֶר און פון וֶועגֶן ביין פַאר ווִיסְטֶע שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם וָואס

וְקוּמָה וְהוֹשִׁיעֵנִי. זְכוֹר וְרַחֵם מוֹשִׁיעִי. חַי כֵּן תְּשַׁעְשְׁעֵנִי. טוֹב בְּאֶנֶק שַׁוְעִי. יוֹחַשׁ מוֹשִׁיעִי. כַּלֵּה מַרְשִׁיעִי. לְבַל עוֹד תַּרְשִׁיעֵנִי. מַהֵר אֱלֹהֵי יִשְׁעִי. נֶצַח לְהוֹשִׁיעִי. שָׂא נָא עֲוֹן רִשְׁעִי. עֲבוֹר עַל פִּשְׁעִי. פְּנֵה נָא לְהוֹשִׁיעִי. צוּר צַדִּיק מוֹשִׁיעִי. קַבֵּל נָא שַׁוְעִי. רוֹמֵם קֶרֶן יִשְׁעִי. שַׁדַּי מוֹשִׁיעִי. הוֹשַׁע נָא. תּוֹפִיעַ וְתוֹשִׁיעֵנִי. הוֹשַׁע נָא:

אֵל לְמוֹשָׁעוֹת. בְּאַרְבַּע שְׁבוּעוֹת. נָּשִׁים בְּשַׁוְעוֹת. דּוֹפְקֵי עֶרֶךְ שׁוּעוֹת (נ״א שְׁעוֹת). הוֹגֵי שַׁעֲשֻׁעוֹת. וְחִידוֹתָם מִשְׁתַּעַשְׁעוֹת. זוֹעֲקִים לְהַשְׁעוֹת. חוֹכֵי יְשׁוּעוֹת. טְפוּלִים בְּךָ שְׁעוֹת. יוֹדְעֵי בִין שָׁעוֹת. כּוֹרְעֶיךָ בְּשַׁוְעוֹת. לְהָבִין שְׁמוּעוֹת. מְפִיקָךְ נִשְׁמָעוֹת. נוֹתֵן תְּשׁוּעוֹת. סְפִירוֹת מַשְׁמָעוֹת (נ״א מְשַׁמְּעוֹת). עֵדוּת מַשְׁמִיעוֹת. פּוֹעֵל יְשׁוּעוֹת. צַדִּיק נוֹשָׁעוֹת. קִרְיַת (נ״א קָרֵב) תְּשׁוּעוֹת. רֶגֶשׁ תְּשׁוּעוֹת. שָׁלֹשׁ שָׁעוֹת. הוֹשַׁע נָא: תָּחִישׁ לִתְשׁוּעוֹת. הוֹשַׁע נָא:

אֲנִי וָהוּ הוֹשִׁיעָה נָּא:

זיא איז פַר בְּרֶענְט גִיוָוארֶען אִין פַייעֶר פוּן וֶועגֶן דֶעם זְכוּת פוּן דִי הֶערֶן פוּן יְהוּדָה הֶעלְף אוּנְז:

אערוך שׁוּעי אִיךְ וֶועל מְסַדֵר זַיין מַיין תְּפִלָּה אִין דֶעם הויז וָואס אִיז אָן גֶעבְּרֵייט אַז אִיךְ זָאל שְׁרַייעֶן אוּן בֶּעטִין צוּ גָאט אִיךְ הָאבּ אַנְטְפְּלֶעקְט אוּן מְתְוַדָה גִיוֶועזֶען פַר דִיר אוֹיף מַיינֶע עֲבֵירוֹת אִין דֶעם טָאג וָואס אִיךְ הָאבּ גִיפַאסְט דָס אִיז יוֹם כִּפּוּר אִיךְ הָאבּ דִיךְ אוּם יוֹם כִּפּוּר גִיפָּארְשְׁט אִין מִתְפַּלֵל גִיוֶוען פַאר דִיר אוּן הַיינְט בֶּעטִין מִיר אוֹיךְ אַז דוּא זָאלְסְט פַאר נֶעמֶען דָאס קוֹל פוּן מַיין גִישְׁרֵייא אוּן זָאלְסְט אוֹיף שְׁטֵיין הֶעלְפִין מִיר דוּא גָאט זָאלְסְטִי גִידֵיינְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ דוּא גָאט וָואס דוּא לֶעבְּסְט אֵייבִּיג דוּא זָאלְסְט אוּנְז דֶער פְרֵייעֶן וַוייל מִיר זַיינֶען רֶעכְט פַארְטִיג דוּא גָאט וָואס דוּ וֶוערְסְט אָן גִירוּפֶן טוֹב זָאלְסְטוּ דִיךְ קֶערִין צוּ אוּנְזֶערֶע גִישְׁרֵייא אוּנְזֶער הֶעלְפֶער דָאס אִיז מָשִׁיחַ זָאל אַיילִין צוּ קוּמֶען פַאר לֶענְד דֶעם יֵצֶר הָרָע פוּן דֶער וֶועלְט אַייל מַיין גָאט צוּ טָאן מַיין הִילְף פַאר גִיבּ אוּן פָאר אִיבֶּר אוֹיף מַיינֶע עֲבֵירוֹת דוּא זָאלְסְט זִיךְ קֶערִין צוּ הֶעלְפִין מִיר דוּא גָאט מַיין בַּאשֶׁעפֶער אוּן מַיין גִירֶעכְטֶער הֶעלְפֶער בֶּעט אִיךְ דִיר אַז דוּא זָאלְסְט מְקַבֵּל זַיין מַיין גִישְׁרֵייא דוּא גָאט וָואס דוּא בִּיסְט מַיין הֶעלְפֶער זָאלְסְטוּ אוּנְז דֶער הֵייבֶען דוּא אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט אוּן מַיין הֶעלְפֶער בֶּעט אִיךְ דִיר אַז דוּא זָאהֶלְסְט דֶער לַייכְטֶען אוּן זָאלְסְט מִיךְ הֶעלְפֶען:

אל למושעות אִין דִיא פִיר וָואכֶען תִּשְׁרֵי בֶּעטִין מִיר דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט זַיין צוּא אוּנְז אֵיין הִילְף הֶעלְף דִי יוּדֶען וָואס גִיגֶעהֶען צוּ דִיר מִיט גִישְׁרֵייא אוּן גִיבֶּעט אוּן זֵיי קְלַאפֶּען אוֹיף דִיא טִירֶען פוּן דִיא בָּתֵּי מִדְרָשִׁים זֵיי לֶערְנֶען דִיא תּוֹרָה וָואס זִיא אִיז אֵיין דֶער מַייאוּנְג אוּן אָן דִיא רֶעטֶענֶעשׁ פוּן דֶער תּוֹרָה דֶער מַייגֶען זֵייא זִיךְ זֵייא שְׁרַייעֶן צוּ דִיר זֵייא הָאפֶען צוּא גָאטִ'ס הִילְף זֵייא זַיינֶען בַּאהֶעפְט אָן דִיר אוּן קֶערִין זִיךְ נָאר צוּא דִיר זֵייא ווייסֶען צוּא פַאר שְׁטֵיין אוּן צוּא רֶעכֶענֶען דִיא צַייטֶען וֶוען יָמִים טוֹבִים גִיפַאלֶען זֵייא קְנִיעֶן צוּא דִיר מִיט גִישְׁרֵייא אוּן מִיט גִיבֶּעט אַז זֵייא זָאלֶען פַאר שְׁטֵיין דֶעם עִנְיָן פוּן דֶער גְאוּלָה וֶוען דָאס וֶועט זַיין אוּן דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען דָאס גִיהֶערְט פוּן דַיין מוֹיל דֶער גָאט וָואס עֶר גִיט הִילְף צוּא אִיר צַייט זָאל עֶר מַאכֶען הֶערִין דִיא גְאוּלָה וֶוען זִיא וֶועט זַיין דִיא תּוֹרָה וָואס זִיא וֶוערְט אָן גֶערוּפֶען עֵדוּת לֶערְנֶען דִיא יוּדֶען דוּא גָאט וָואס וֶוערְקְסְט אַלֶע הִילְף זָאלְסְט אוּנְז שִׁיקֶען

משיח

**כְּהוֹשַׁעְתָּ** אֵלִים בְּלוּד עִמָּךְ. בְּצֵאתְךָ לְיֵשַׁע עַמָּךְ. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ גּוֹי וֵאלֹהִים. דְּרוּשִׁים לְיֵשַׁע אֱלֹהִים. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ הֲמוֹן צְבָאוֹת. וְעִמָּם מַלְאֲכֵי צְבָאוֹת. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ זַכִּים מִבֵּית עֲבָדִים. חַנּוּן בְּיָדָם מַעֲבִידִים. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ טְבוּעִים בְּצוּל גְּזָרִים. יְקָרְךָ עִמָּם מַעֲבִירִים. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ כַּנָּה מְשׁוֹרֶרֶת וַיּוֹשַׁע. לְגוֹחָהּ מְצֻיֶּנֶת וַיִּוָּשַׁע. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ מַאֲמָר וְהוֹצֵאתִי אֶתְכֶם. נָקוּב וְהוּצֵאתִי אִתְּכֶם. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ סוֹבְבֵי מִזְבֵּחַ. עוֹמְסֵי עֲרָבָה לְהַקִּיף מִזְבֵּחַ. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ פִּלְאֵי אָרוֹן כְּהֻפְשַׁע. צִעֵר פְּלֶשֶׁת בַּחֲרוֹן אַף וְנוֹשַׁע. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ קְהִלּוֹת בָּבֶלָה שִׁלַּחְתָּ. רַחוּם לְמַעֲנָם שֻׁלַּחְתָּ. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ שְׁבוּת שִׁבְטֵי יַעֲקֹב. תָּשׁוּב וְתָשִׁיב שְׁבוּת אָהֳלֵי יַעֲקֹב. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: כְּהוֹשַׁעְתָּ שׁוֹמְרֵי מִצְוֹת וְחוֹכֵי יְשׁוּעוֹת אֵל לְמוֹשָׁעוֹת. וְהוֹשִׁיעָה נָּא:

אֲנִי וָהוּ הוֹשִׁיעָה נָּא:

מָשִׁיחַ בֶּן דָּוִד וָואס עֶר אִיז אַצַדִּיק דוא זָאלְסְט גִּינֶעהְגֶען צוא אוּנְז דִיא הִילְף אוּן עֶס זָאל אָן אוּנְז מְקוּיָּם ווֶערֶען דִיא נְבוּאָה פוּן זְכַרְיָה הַנָּבִיא אַז אִין דֶעם טָאג וָואס מָשִׁיחַ ווֶעט קוּמֶען ווֶעט זַיין אַבְּרוּמוּנְג דִיא עֶרְשְׁטֶע דְרַייא שָׁעָה פוּן דֶעם טָאג ווָאס גָאט אִיז בַּן אִין שְׁפַּייזְט דִיא גַאנְצֶע ווֶעלְט בֶּעטִין מִיר אַז דוא זָאלְסְט אַיילֶען צוּא אוּנְזֶער הִילְף אִין זָאלְסְט אוּנְז בַּן זַיין מִיט רַחֲמָנוּת מִיר בֶּעטֶען אַז גָאט זָאל הֶעלְפֶען אוּנְז:

**כהושעת** אלים אַזוֹי ווִיא דוּ גָאט הָאסְט גִיהָאלְפֶען דִיא יוּדֶען אִין גָלוּת פוּן מִצְרַיִם אִין דוא הָאסְט גִיטָאן אַרוֹיס גֵיין צוּא דֶער הִילְף פוּן דַיין פָאלְק אַזוֹי זָאלְסְטוּ אוּנְז הֶעלְפֶען אַזוֹיא ווִיא דוּא הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּא דִיא יוּדֶען דִיא דָא פַארְשְׁטִין דִיךְ אוֹיף צוּא דֶער הִילְף פוּן גָאט אַזוֹי זָאלְסְטוּ אוּנְז אוֹיךְ הֶעלְפֶען אַזוֹי ווִיא דוּא הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּ דֶעם הֶערְשָׁארִין פוּן דִיא יוּדֶען וָואס זֵייא קוּמֶען אַרוֹיס פוּן אַבְרָהָם אִין מִיט זֵייא זַיינֶען גִיהָאלְפֶען גִיוָארֶען דִי מַלְאָכִים וָואס פַאר דִיא מֶענְשֶׁען זַיינֶען אִין צַעַר אַזוֹיא ווִיא דוּא הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּא דִיא רֵיינֶע אוּן לוֹיטֶערֶע יוּדֶען פוּן דֶעם הוֹיז פוּן פַּרְעֹה דוּ גָאט וָואס דוּ בִּיסְט אֵיין דֶער בַּארִימִיגֶער הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּא זֵיי אִין דֶער צַייט אַז דִיא מִצְרִים הָאבֶען זֵיי גִימַאכְט אַרְבֶּעטִין אַזוֹי ווִיא דוּ הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּ דִי יוּדֶען וָואס זֵיי הָאבֶען גִיזוּנְקֶען אִין דֶער טִיפֶענִישׁ פוּן דֶעם יַם דוּא אַלֵיין מִיט דַיין כָּבוֹד כִּבְיָכוֹל בִּיסְטוּ אִיבֶּער גִיפָארִין מִיט דִי יוּדֶען אִיבֶּער דֶעם יַם אַזוֹי ווִי דוּא הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּ דִי יוּדֶען אַז דוּ הָאסְט גִיזָאגְט אִיךְ ווֶעל אַייךְ אִיס צִיהֶען פוּן מִצְרַיִם אַזוֹי ווִיא דוּ הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּא דִי יוּדֶען אַז זֵיי הָאבֶען יְרִיחוֹ אַרוּם גִירִינְגֶעלְט מִיט דֶעם מִזְבֵּחַ זִיבֶּען מָאל זָאלְסְטוּ הֶעלְפֶען הַיינְט צוּא דִי יוּדֶען וָואס טְרָאגֶען דִי עֲרָבוֹת אַרוּם צוּא רִינְגְלֶען דֶעם טִישׁ וָואס דִיא סִפְרֵי תּוֹרוֹת זַיינֶען אוֹיף אִים אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט גִיהָאלְפֶען אִין דֶער צַייט פוּן עֵלִי הַכֹּהֵן אַז דִי פְּלִשְׁתִּים הָאבֶען אַוֶועק גִינוּמֶען דֶעם אָרוֹן אַזוֹי ווִי עֶס שְׁטֵייט אִין שְׁמוּאֵל אוּן גָאט מִיט זַיין גְרִים צָארֶען הָאט עֶר אָן גִיטָאן צַעַר דִיא פְּלִשְׁתִּים אוּן דֶער אָרוֹן אִיז אִים גִיקֶערְט גִיוָארֶען צוּא דִיא יוּדֶען אַזוֹיא ווִיא דוּא הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּא דֶעם אַיין זַאמְלוּנְג פוּן דִי יוּדֶען וָואס זַיינֶען פַארְשִׁיקְט גֶעוָוארֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם קַיין בָּבֶל אוּן גָאט וָואס עֶר אִיז אַרַחוּם בִּיסְטוּ צוּא זֵייא כִּבְיָכוֹל גִיגַאנְגֶען אִין בָּבֶל אַזוֹי ווִי דוּא הָאסְט גִיהָאלְפֶען אִין ווִידֶער גִיקֶערְט דִיא שְׁבָטִים פוּן יַעֲקֹב פוּן גָלוּת אַזוֹי זָאלְסְטוּ אוֹיךְ ווִידֶער קֶערִין דָאס ווִידֶער קֶערוּנְג פוּן דִיא גִיצֶעלְטִין פוּן יַעֲקֹב דָאס אִיז דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַזוֹי ווִיא דוּא הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּא דִיא וָואס הִיטֶען דַיינֶע מִצְוֹת אוּן צוּא דִיא וָואס הָאפֶען צוּא דַיין הִילְף דוּא גָאט וָואס דוּא בִּיסְט צוּא אוּנְז תָּמִיד צוּ אַיין הִילְף זָאלְסְט אוּנְז הַיינְט אוֹיךְ הֶעלְפֶען: אני והו הושיעה נא:

הושיעה

**הוֹשִׁיעָה** אֶת עַמֶּךָ וּבָרֵךְ אֶת נַחֲלָתֶךָ וּרְעֵם וְנַשְּׂאֵם עַד הָעוֹלָם: וְיִהְיוּ דְבָרַי אֵלֶּה אֲשֶׁר הִתְחַנַּנְתִּי לִפְנֵי יְיָ קְרוֹבִים אֶל יְיָ אֱלֹהֵינוּ יוֹמָם וָלָיְלָה לַעֲשׂוֹת מִשְׁפַּט עַבְדּוֹ וּמִשְׁפַּט עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל דְּבַר יוֹם בְּיוֹמוֹ: לְמַעַן דַּעַת כָּל עַמֵּי הָאָרֶץ כִּי יְיָ הוּא הָאֱלֹהִים אֵין עוֹד: ק״ש אין כאלהינו עלינו ק״י שש״י:

לשבת **אוֹם** נְצוּרָה כְּבָבַת. בּוֹנֶנֶת בְּדָת נֶפֶשׁ מְשִׁיבַת. גּוֹמֶרֶת הִלְכוֹת שַׁבָּת. דּוֹרֶשֶׁת מַשְׂאַת שַׁבָּת. הַקּוֹבַעַת אַלְפַּיִם תְּחוּם שַׁבָּת. וּמְשִׁיבַת רֶגֶל מִשַּׁבָּת. זָכוֹר וְשָׁמוֹר מְקַיֶּמֶת בַּשַּׁבָּת. חָשָׁה לְמַהֵר בִּיאַת שַׁבָּת. טוֹרַחַת כֹּל מִשִּׁשָּׁה לַשַּׁבָּת. יוֹשֶׁבֶת וּמַמְתֶּנֶת עַד כְּלוֹת שַׁבָּת. כָּבוֹד וָעֹנֶג קוֹרְאָה לַשַּׁבָּת. לְבוּשׁ וּכְסוּת מַחֲלֶפֶת בַּשַּׁבָּת. מַאֲכָל וּמִשְׁתֶּה מְכִינָה לַשַּׁבָּת. נוֹעַם מְגָדִים מַנְעֶמֶת לַשַּׁבָּת. סְעוּדוֹת שָׁלֹשׁ מְקַיֶּמֶת בַּשַּׁבָּת. עַל שְׁתֵּי כִכָּרוֹת בּוֹצַעַת בַּשַּׁבָּת. פּוֹרֶטֶת אַרְבַּע רְשׁוּיוֹת בַּשַּׁבָּת. צִוּוּי הַדְלָקַת נֵר מַדְלֶקֶת בַּשַּׁבָּת. קִדּוּשׁ הַיּוֹם מְקַדֶּשֶׁת בַּשַּׁבָּת. רֹנֶן שֶׁבַע מִתְפַּלֶּלֶת בַּשַּׁבָּת. שִׁבְעָה בְּדָת קוֹרְאָה בַּשַּׁבָּת. תַּנְחִילֶנָּה לְיוֹם שֶׁכֻּלּוֹ שַׁבָּת. הוֹשַׁע נָא:

אֲנִי וָהוּ הוֹשִׁיעָה נָּא:

**הושיעה** את עמך דָוִד האט מִתְפַּלֵל געוועזן צו גאט די תְּפִלָּה דוא זאלסט העלפען דיין פאלק און זאלסט בענשען דיין ארב זאלסטו זיי ווייטען און זאלסט זיי דער הייבען ביז אייביג דאס איז די תְּפִלָּה פון שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ עס זאל זיין מיינע ווערטער דיא דאזיגע וואס איך האב געבעטען פאר גאט נאהינט צו אונזער גאט טאג און נאכט צו טאן דעם מִשְׁפָּט פון זיין קנעכט און דעם מִשְׁפָּט פון זיין פאלק צו טאן אונז אלע טאג טובות וואס מיר באדארפען און מַחֲמַת דעם וועלען וויסען אלע פעלקער פון דער גאנצער וועלט אז גאט איז אגאט ווארום דיא וואס זיינען געוועזן באהעפט אן אים האבען פיל גוטס און עס איז מער ניט דא קיין גאט אויף דער וועלט נאר דוא אליין:

**אום** נצורה כבבת דיא אוּמָה יודען ווערט געהיט אזוי וויא דאס שוואַרצאַפּיל פון דעם אויג און זיא פאַר שטייט און לערינט דיא תּוֹרָה וואס זיא דער קוויקט די לייבער זיא לערינט די דינים פון שַׁבָּת זיי דארשענען פון דעם פָּסוּק אז מען טאר ניט טראגען אים שַׁבָּת אין ארשות הרבים זיי האבען זיך קובע געוועזן אתחום שַׁבָּת אים צו גיין נאר צוויי טויזענט איילין און זיא קערט ווידער דיא פוס ארונטער פון צו גיין אום שַׁבָּת מער פון אתחום אלע דרשות וואס אונזערע חֲכָמִים האבען גדרשת זיינען זיי מְקַיֵּים אום שַׁבָּת זיא איילט אריין צו קומען אין דעם שַׁבָּת פריא זיא איז זיך מַטְרִיחַ אן צו גרייטען אלץ אויף שַׁבָּת פון וועכען טעג פון דר וואך זיא זיצט אין ווארט פון צו טאן אמְלָאכָה ביז שפעט אין דער נאכט אז שַׁבָּת גייט אוועק כָּבוֹד מיט עוֹנֶג רופט זיא צום שַׁבָּת לְכָבוֹד שַׁבָּת פאר בייטען זיי אן צו טאן אנדערע קליידער עסין און טרינקען גרייט זיא אן אויף שַׁבָּת זיסקייט און גוטע פֵּירוֹת מאכט זיא זיס

**כְּהוֹשַׁעְתָּ** אָדָם יְצִיר כַּפֶּיךָ לְגוֹנְנָה. בְּשַׁבַּת קֹדֶשׁ הִמְצֵאתוֹ כּוֹפֶר וַחֲנִינָה. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ גּוֹי מְצֻיָּן מְקַיְּמִים חוֹפֶשׁ. דֵּעָה כִּוְּנוּ לָבוֹר שְׁבִיעִי לְנוֹפֶשׁ. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ הָעָם נִהַגְתָּ כַּצֹּאן לְהַנְחוֹת. וְחוֹק שַׂמְתָּ בְּמָרָה עַל מֵי מְנוּחוֹת. כ"ה: כהו' זְבוּדֶיךָ בְּמִדְבַּר סִין בַּמַּחֲנֶה. חָכְמוּ וְלָקְטוּ בַּשִּׁשִּׁי לֶחֶם מִשְׁנֶה. כ"ה: כהו' טְפוּלֶיךָ הוֹרוּ הֲכָנָה בְּמַדְּעָם. יָשַׁר כֹּחָם וְהוֹרִדָה לָמוֹ רוֹעָם. כ"ה: כהו' כַּלְכְּלוּ בְּעוֹנֶג מָן הַמִּשְׁמָר. לֹא הָפַךְ עֵינוֹ וְרֵיחוֹ לֹא נָמָר. כ"ה: כהו' מִשְׁפְּטֵי מַשְׂאוֹת שַׁבָּת גָּמָרוּ. נָחוּ וְשָׁבְתוּ רְשׁוּיוֹת וּתְחוּמִים שָׁמָרוּ. כ"ה: כהו' סִינַי הָשְׁמְעוּ בְּדִבּוּר רְבִיעִי. עִנְיַן זָכוֹר וְשָׁמוֹר לְקַדֵּשׁ שְׁבִיעִי. כ"ה: כהו' פְּקֻדּוּ יְרִיחוֹ שֶׁבַע לְהַקִּיף. צָרוּ עַד רִדְתָּהּ בַּשַּׁבָּת לְתַקִּיף. כ"ה: כהו' קְהִלַּת וַעֲמוֹ בְּבֵית עוֹלָמִים. רִצּוּךָ בְּחָגְגָם שִׁבְעָה וְשִׁבְעָה יָמִים. כ"ה: כהו' שָׁבִים עוֹלֵי גוֹלָה לִפְדוּיוֹם. תּוֹרָתְךָ בְּקָרְאָם בְּחָג יוֹם יוֹם. כ"ה: כהו' מְשַׂמְּחֶיךָ בְּבִנְיָן

אויף שבת דרייא סעודות איז זיא מקיים אום שבת איף צווייא חלות מאכט זיא המוציא אום שבת אינזערע חכמים האבען מפורש גיוועזן אז עס איז פאר האנדין פיר ערלייא דינים פון רשויות אים שבת מען זאל צינדען ליכט לכבוד שבת זיינען זייא דאס מקיים דעם טאג שבת צייגען זיי מקדש מיט דעם וואס זיי מאכען קידוש אויף וויין אין דער שמונה עשרה זייגען זיי מתפלל אים שבת נאר זיבען ברכות זיבען מענשין רופט מען איף אום שבת צו דר תורה בזכות זה וואס די יודען זייגען מקיים שבת אזוי וויא רעכט איז זאלסטו זייא מאכען ארבין צו דעם טאג וואס ער איז אין גאנצין שבת דאס איז עולם הבא: הושע נא אני והו הושיעה נא:

כהושעת אדם אזוי ווי דו האסט גיהאלפען צו אדם הראשון מציל צו זיין אים פון דעם טויט ווייל ער האט גיגעסין פון דעם עץ הדעת מחמת ווייל דער שבת קודש האט מתפלל גיוועזן אדם הראשון זאל בלייבען לעבען האסטו אים גימאכט גרייכען איין איים לייזונג פון דעם טויט אזוי זאלסטו אונז אויך העלפען אזוי ווי דוא האסט גיהאלפען צו די יודען אין מצרים און האבען גיהאפט ארויס צו גיין פריי פון פרעה אלע יודען האבען איין דעה מכוין גיוועזן אין מצרים אויס צו קלייבען זיך דעם זיבעטען טאג פון דער וואך פון איין רואונג וועגין כ"ה וויא דוא האסט גיהאלפען צו דעם פאלק יודען אז זיי זיינען ארויס גיגאנגען פון מצרים און איין מקצת גיזעצין פון דער תורה האסטו צוא זיי גיטאן אין מרה בייא די גאנץ שטילע וואסערן כ"ה וויא דו האסט גיהאלפען צוא די יודען וואס זיינען דיין חלק אין דעם מדבר סין אין דער מחנה זיי האבען גיקליבען דעם זעקסטען טאג טאפעל דעם מן כ"ה ווי דו האסט גיהאלפען צו די יודען וויאס באהעפטין זיך אן דיר וואס זיי האבען מיט זייער שכל אליין פאר שטאנען און גילערינט אז מען דארף אן גרייטען פון דעם זעקסטען טאג אויף שבת און זייער פאסטוך דאס איז משה רבינו האט זיי מודה גיוועזן אז גאט האט אים גיזאגט אז אים שבת וועט ער ניט גיין נאר ער האט פאר געסין צוא זאגין זיי כ"ה וויא דוא האסט גיהאלפען צוא די יודען וואס זיינען גישפייזט גיווארען מיט דעם זעטיגען מן וואס ער איז גיהיט אין בשאפען גיווארען משׁשׁת ימי בראשית דער גישטאלט פון דעם מן איז ניט פר קערט גיווארען און ער איז תמיד קלאר גיוועזן דער ריח און דער טעם פון דעם מן איז ניט אויס גיוועבט גיווארען כ"ה וויא דוא האסט גיהאלפען צו דיא יודען וואס האבען גילערינט און מקיים גיוועזן דיא דינים פון טראגען אום שבת דיא דינים פון דיא פיר רשויות פון שבת און פון תחומים האבען זיי גילערינט און מקיים גיוועזן כ"ה ווי דוא האסט גיהאלפען צו די יודען אין דער צייט אז זיי האבען גיהערט דיא עשרת הדברות און דעם ענין פון גידיינקען און צוא היטען צו הייליגען דעם זיבענטען טאג האבען זיי גיהערט אין דעם פערטען דיבור פון עשרת הדברות כ"ה ווי דו האסט גיהאלפען צו יהושע וואס דוא האסט אים גיבאטען אז ער זאל יריחו זיבען מאל ארום רינגלען אין דעם

ערשטין

שְׁנֵי הַמְחֻדָּשׁ. נוֹטְלִין לוּלָב כָּל שִׁבְעָה בַּמִּקְדָּשׁ כ"ה: כהו' חִבּוּט עֲרָבָה שַׁבָּת מַדְחִים. מְרַבִּיּוֹת מוֹצָא לִיסוֹד מִזְבֵּחַ מַנִּיחִים. כ"ה: כהו' בְּרֵכוֹת וַאֲרוּכוֹת וּגְבוֹהוֹת מְעַלְּסִים. בִּפְטִירָתָן יוֹפִי לְךָ מִזְבֵּחַ מְקַלְּסִים. כ"ה: כהו' מוֹדִים וּמְיַחֲלִים וְלֹא מְשַׁנִּים. כֻּלָּנוּ אָנוּ לְיָהּ וְעֵינֵינוּ לְיָהּ שׁוֹנִים. כ"ה: כהו' יֶקֶב מַחְצָבֶיךָ סוֹבְבִים בִּרְנָנָה. רוֹנְנִים אֲנִי וָהוֹ הוֹשִׁיעָה נָּא. כ"ה: כהו' חֵיל זְרִיזִים מְשָׁרְתִים בִּמְנוּחָה. קָרְבַּן שַׁבָּת כָּפוּל עוֹלָה וּמִנְחָה. כ"ה: כהו' לְוִיֶּיךָ עַל דּוּכָנָם לְהַרְבָּת. אוֹמְרִים מִזְמוֹר שִׁיר לְיוֹם הַשַּׁבָּת. כ"ה: כהו' נְחוּמֶיךָ בְּמִצְוֹתֶיךָ תָּמִיד יִשְׁתַּעַשְׁעוּן. וּרְצֵם וְהַחֲלִיצֵם בְּשׁוּבָה וָנַחַת יִוָּשֵׁעוּן. כֵּן הוֹשַׁע נָא: כְּהוֹשַׁעְתָּ שְׁבוּת שִׁבְטֵי יַעֲקֹב. תָּשׁוּב וְתָשִׁיב שְׁבוּת אָהֳלֵי יַעֲקֹב. וְהוֹשִׁיעָה נָּא:

אֲנִי וָהוֹ הוֹשִׁיעָה נָּא:

**כְּהוֹשַׁעְתָּ** שׁוֹמְרֵי מִצְוֹת. וְחוֹכֵי יְשׁוּעוֹת. אֵל לְמוֹשָׁעוֹת. וְהוֹשִׁיעָה נָּא.
אֲנִי וָהוֹ הוֹשִׁיעָה נָּא: הושיעה את עמך וכו'

---

עֶרְשְׁטִין טָאג פוּן דֶער וָואךְ אוּן הָאבֶּען זִיא בַּאלֶעגֶערְט בִּיז זַיי הָאבֶּן זִיא אַיין גִינוּמֶען אַז זַיי הָאבֶּן גוֹמֵר גִיוֶועזֶען דָאס זִיבֶּעטֶע מָאל אַרוּם רִינְגְלֶען אוּם שַׁבָּת כ"ה וִוי דוּ הָאסְט גִיהָאלְפֶן צוּ שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ אוּן צוּ זַיין פָאלְק אַז דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז נִגְמַר גִיוָוארִין הָאבֶּן דִיךְ בַּאוִוילִיגְט אַז זַיי הָאבֶּן מְחַנֵּךְ גִיוֶועזֶען דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּן הָאבֶּן יוֹם טוֹב גִימַאכְט זִיבֶּען טֶעג אוּן זִיבֶּען טֶעג דָאס אִיז פֶערְצֶען טָאג כ"ה וִויא דוּא הָאסְט גִיהָאלְפֶען אַז זַייא הָאבֶּען זִיךְ אוּם גִיקֶערְט אוּן זַיינֶען אוֹיף גִיגַאנְגֶען פוּן גָלוּת בָּבֶל קַיין יְרוּשָׁלַיִם אוּן הָאבֶּן גִילֵייעֶנְט אִין דַיין תּוֹרָה אוּם יוֹם טוֹב אַלֶע טָאג כ"ה וִויא דוּא הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּ דִי וָואס הָאבֶּן זִיךְ דֶער פְרֵייט אִין דֶעם אַנְדֶערְן גִיבַּיי פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וָואס עֶס אִיז בַּנַייט גִיוָוארֶן אוּן הָאבֶּען גִינוּמֶן דֶעם לוּלָב אַלֶע זִיבֶּן טֶעג אֲפִילוּ אוּם שַׁבָּת כ"ה וִוי דוּ הָאסְט גֶהָאלְפֶן אִין דֶער צַייט אַז דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז גִישְׁטַאנֶען אוּן דָאס נְטִילָה פוּן דֶער עֲרָבָה הָאט אֲפִילוּ דוֹחֶה שַׁבָּת גִיוֶועזֶען נִיט אַזוֹי וִויא הַיינְט אוּן דִיא צְוַוייגֶען פוּן עֲרָבוֹת וָואס זַייא הָאבֶּען גִיקְלִיבֶּען פוּן דֶעם אָרְט מוֹצָא וָואס אִיז גִיוֶוען אוּנְטֶער יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען זַייא גִילֵייגְט אָן דִיא זַייטֶען פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ כ"ה וִוי דוּא הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּא דִיא וָואס מִיט וְוייכֶע אוּן לַאנְגֶע אוּן הוֹיכֶע עֲרָבוֹת הָאבֶּען זַיי גִילוֹיבְּט אַז זַייא זַיינֶען אַוֶועק גִיגַאנְגֶען הָאבֶּען זַיי גִיטָאן לוֹיבֶּען אוּן הָאבֶּען גִיזָאגְט שֵׁיין זַיי צוּ דִיר מִזְבֵּחַ כ"ה וִויא דוּ הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּ דִי וָואס הָאבֶּען זַיי גִילוֹיבְּט אוּן גִיהָאפְט צוּ דִיר גָאט אוּן הָאבֶּען נִיט מְשַׁנֶּה גִיוֶוען פוּן גָאטְ'ס מִצְוֹת אוּן הָאבֶּען צְווֵיי מָאל גִיזָאגְט מִיר אַלֶע זַיינֶען צוּא גָאט אוּן אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען הָאפֶען צוּא גָאט כ"ה וִויא דוּא הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּא דִיא פוּן בַּיִת שֵׁנִי וָואס הָאבֶּן מְנַסֵּךְ גִיוֶועזֶען וַויין אוּן הָאבֶּען אַרוּם גִירִינְגֶלְט דֶעם מִזְבֵּחַ מִיט צְוַוייגֶען כ"ה וִוי דוּ הָאסְט גִיהָאלְפֶען צוּ דֶעם חַיִל וָואס זַיינֶען גִיוֶועזֶען זְרִיזִים אִין זַייעֶר אַרְבַּייט דָאס זַיינֶען דִי כֹּהֲנִים אוּן הָאבֶּען בַּאדִינְט מִיט מְנוּחָה אוּן דֶער קָרְבַּן שַׁבָּת אִיז גִיוֶועזֶען טָאפִּיל אַיין עוֹלָה מִיט אַמִנְחָה כ"ה וִוי דוּ הָאסְט גִיהָאלְפֶען אַז דַיינֶע לְוִיִּם הָאבֶּען זִיךְ גִיטָאן מֶערִין אוֹיף זַייעֶר אָרְט וָואס עֶס אִיז אָן גִירוּפֶען גֶעוָוארֶען דוּכָן הָאבֶּען זַיי גִיזָאגְט מִזְמוֹר שִׁיר לְיוֹם הַשַּׁבָּת כ"ה וִוי דוּ הָאסְט גֶהָאלְפֶן צוּא דַיינֶע מְרֵייסְטֶער דָאס זַייעֶן דִיא יוּדֶען וָואס אִין דַיינֶע מִצְוֹת טוּעֶן זַייא זִיךְ תָּמִיד דֶער מַייעֶן אוּן בַּאוִוילִיג זַייא אוּן שְׁטַארְק זַייא אִין דַיין דִינְסְט מִיט שְׁטִילְקַייט אוּן מִיט אָפּ רוּאוּנְג זָאלֶען זַייא גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען כן הושענא:

**תתננו** לשם ולתהלה זָאלְסְט אוּנְז גֶעבִּין צוּ אַיין גוּטֶען שֵׁם אוּן צוּ אַלוֹיבּ דוּא זָאלְסְט אוּנְז ווִידֶער קֶערִין צוּ אוּנְזֶער טֵייל אוּן צוּ אוּנְזֶער אַרְבּ דָאס אִיז אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דוּא זָאלְסְטְ אוּנְז דֶער הֵייבֶּען גַאנְץ הוֹיךְ אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דוּ זָאלְסְט אוּנְז אוֹיף רִיכְטֶען פַאר אַיין גְלִיבְּטִין וַויין גארטען

בק"ק אומרים בהושענא רבה הושענות אלו על הסדר שנרשם כאן. למען אמתך. אבן שתיה. אום אני חומה. אדון המושיע. אדם ובהמה. אדמה מארר. למען איתן. כהושעת אלים ואחר כך אומרים תתננו וכל ההושענות כמו שנדפס כאן ובקראקא אין אומרים תתננו:

# אֲנִי וָהוּ הוֹשִׁיעָה נָּא:

**תְּתְנֵנוּ** לְשֵׁם וְלִתְהִלָּה. תְּשִׁיבֵנוּ אֶל הַחֶבֶל וְאֶל הַנַּחֲלָה. תְּרוֹמְמֵנוּ לְמַעְלָה לְמָעְלָה. תְּקַבְּצֵנוּ לְבֵית הַתְּפִלָּה. תַּצִּיבֵנוּ כְּעֵץ עַל פַּלְגֵי מַיִם שְׁתוּלָה. תְּפַדֵּנוּ מִכָּל נֶגַע וּמַחֲלָה. תְּעַטְּרֵנוּ בְּאַהֲבָה כְלוּלָה. תְּשַׂמְּחֵנוּ בְּבֵית הַתְּפִלָּה. תְּנַהֲלֵנוּ עַל מֵי מְנוּחוֹת סֶלָה. תְּמַלְּאֵנוּ חָכְמָה וְשִׂכְלָה. תַּלְבִּישֵׁנוּ עֹז וּגְדֻלָּה. תַּכְתִּירֵנוּ בְּכֶתֶר כְּלוּלָה. תְּיַשְּׁרֵנוּ בְּאֹרַח סְלוּלָה. תִּטָּעֵנוּ בְּיוֹשֶׁר מְסִלָּה. תְּחָנֵּנוּ בְּרַחֲמִים וּבְחֶמְלָה. תַּזְכִּירֵנוּ בְּמִי זֹאת עוֹלָה. תּוֹשִׁיעֵנוּ לְקֵץ הַגְּאֻלָּה. תְּהַדְּרֵנוּ בְּזִיו הַמּוּלָה. תַּדְבִּיקֵנוּ כְּאֵזוֹר חֲתוּלָה. תְּגַדְּלֵנוּ בְּיָד הַגְּדוּלָה. תְּבִיאֵנוּ לְבֵיתְךָ בְּרִנָּה וְצָהֳלָה. תְּאַדְּרֵנוּ בְּיֶשַׁע וְגִילָה. תְּאַמְּצֵנוּ בְּרֶוַח וְהַצָּלָה. תְּלַבְּבֵנוּ בְּבִנְיַן עִירְךָ כְּבַתְּחִלָּה. תְּעוֹרְרֵנוּ לְצִיּוֹן בְּשִׁכְלוּלָה. תְּזַכֵּנוּ בְּנִבְנְתָה הָעִיר עַל תִּלָּהּ. תַּרְבִּיצֵנוּ בְּשָׂשׂוֹן וְגִילָה. הוֹשַׁע נָא: תְּחַזְּקֵנוּ אֱלֹהֵי יַעֲקֹב סֶלָה. הוֹשַׁע נָא:

# אָנָּא הוֹשִׁיעָה נָּא:

**אָנָּא** אֱזוֹן חִין תְּאֵבֵי יִשְׁעָךְ. בְּעַרְבֵי נַחַל לְשַׁעְשְׁעָךְ. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: אָנָּא גְּאַל כַּנַּת נִטְעָךְ. הוּמָּה בְּטַאטְאָךְ. והושיעה נא: אָנָּא הַבֵּט לַבְּרִית טִבְעָךְ. וּמַחֲשַׁבֵּי אֶרֶץ בְּהַטְבִּיעָךְ. והו' נא: אָנָּא זְכָר לָנוּ אָב יְדָעָךְ. חַסְדְּךָ לָמוֹ בְּהוֹדִיעָךְ: והו' נא: אָנָּא טְהוֹרֵי לֵב בְּהַפְלִיאָךְ. יוֹדֵעַ כִּי הוּא פִלְאָךְ. והו' נא: אָנָּא כַּבִּיר

נָארְטֶען דוּ זָאלְסְט אוּנְז מַאכֶען שְׁטֶעלֶען וְויא אַבוֹים וָואס אִיז גִיפְלַאנְצְט בַּיי דִי בֶּעך וַואסֶער דוּא זָאלְסְט אוּנְז אוֹיס לֵייזֶן פוּן אַלֶע פְּלַאגִין אוּן קְרֵיינְקֶען דוּ זָאלְסְט אוּנְז אָן קְרֵיינֶען מִיט אַנַאנְדֶער לִיבְשַׁאפְט תשמחנו דוּ זָאלְסְט אוּנְז דֶר פְרֵייעֶן אִין דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ דוּ זָאלְסְט אוּנְז פִירֶען בַּייא דִי בַּארוּטֶע וַואסֶערִין אוֹיף אֵייבִּיג דוּ זָאלְסְט אוּנְז דֶער פִילֶן מִיט חָכְמָה אוּן מִיט שֵׂכֶל תלבישנו דוּא זָאלְסְט אוּנְז אָן קְלֵיידֶען מִיט שְׁטַארְקַייט אוּן מִיט גְדוּלָה דוּא זָאלְסְט אוּנְז קְרֵיינֶען מִיט דֶר קְרוֹין פוּן דֶר תּוֹרָה דוּ זָאלְסְט אוּנְז פִירֶן אִין אַרֵיינֶעם שְׁטֶעג דִי זָאלְסְט אוּנְז דֶער בַּארִימֶן מִיט דֶער בַּארֶעמוּנְג תזכירנו דוּא זָאלְסְט אוּנְז דֶער מָאנֶען מִיט דֶעם וָואס מֶען זָאל זָאגֶען וֶוער אִיז דִי דָאזִיגֶע וָואס גֵייט אוֹיף תושיענו דוּא זָאלְסְט אוּנְז הֶעלְפֶען מִיט דַיין גְרוֹיסֶע הַאנְד דוּא זָאלְסְט אוּנְז בַּאשֵׁיינֶען מִיט פִיל לוֹיטֶערְקַייט דוּא זָאלְסְט אוּנְז בַּאהֶעפְטֶען אָן דִיר אַזוֹי וְויא אַגַארְטֶעל דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אוּנְז גְרֵייכֶען צוּא דֶעם סוֹף פוּן דֶער גְאוּלָה דוּא זָאלְסְט אוּנְז בְּרֵיינְגֶען אִין דַיין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ מִיט גֶעזַאנְג תאדרנו דוּא זָאלְסְט אוּנְז שְׁטַארְקֶען מִיט הִילְף אוּן מִיט פְרֵייד דוּא זָאלְסְט צוּא אוּנְז מַאכֶען צִיהֶען דַיין הַארְץ מִיט דֶעם וָואס דוּא וֶועסְט בּוֹיעֶן דַיין שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם דוּא זָאלְסְט אוּנְז דֶער וֶועקֶען צוּא אַלוֹיבּ דוּא זָאלְסְט אוּנְז גִידֵיינְקֶען מִיט פְרֵייד אוּן מִיט לוּסְט תרביצנו דוּא זָאלְסְט אוּנְז מַאכֶען הוֹיעֶרֶען אִין פֶעסְטֶע פַּאשֶׁע צוּא מַאכֶען אוּנְז פְרֵיילִיךְ תחזקנו דוּא גָאט פוּן יַעֲקֹב זָאלְסְט אוּנְז מַאכֶען שְׁטַארְקֶען אוֹיף אֵייבִּיג:

**אנא** אזון חין תאבי ישעך אִיךְ בֶּעט דִיךְ פַאר נֶעם דָאס גִיבֶּעט פוּן דִי וָואס גֶעלוּסְטֶען צוּא דַיין הִילְף אוּן גֶעמֶען עֲרָבוֹת וָואס וַואקְסֶען בַּיי דֶעם טַייךְ דָאס אִיז הוֹשַׁעְנוֹת צוּ דֶער פְרֵייעֶן אוּן הֶעלְף אוּנְז אנא גאל אִיךְ בֶּעט דִיר לֵייז אוֹיס דִיא יוּדֶען וָואס דוּא הָאסְט גִיפְלַאנְצְט זֵיי וֶוערֶען גִירוּפֶען כַּנָּה אִיךְ בֶּעט דִיךְ לוּג אוֹיף דֶער מִצְוָה פוּן מִילָה וָואס זִיא אִיז גֶעצֵייכֶענְט אוֹיף דִיא לַייבֶּער פוּן דִיא יוּדֶען גִידֵיינְק זַייא אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ וָואס עֶר אִיז

גערופען

כֹּחַ תֵּן לָנוּ יִשְׁעֶךָ. לַאֲבוֹתֵינוּ כְּהִשָּׁבְעֶךָ. והו׳ נא: אָנָּא מָלֵא מִשְׁאֲלוֹת עַם מְשַׁוְּעֶךָ. נֶעֱקַד בְּהַר מוֹר כְּמוֹ שַׁוְּעָךְ. והו׳ נא: אָנָּא סַגֵּב אֶשְׁלֵי נִטְעֶךָ. עֲרִיצִים בְּהַנִּיעֶךָ. והו׳ נא: אָנָּא פְּתַח לָנוּ אוֹצְרוֹת רִבְעֶךָ צִיָּה מֵהֶם בְּהַרְבִּיעֶךָ. והו׳ נא: אָנָּא קוֹרְאֶיךָ אֶרֶץ בְּרוֹעֲעֶךָ. רְעֵם בְּטוּב מִרְעֶךָ. והו׳ נא: אָנָּא שְׁעָרֶיךָ תַּעַל מִמְּשׁוֹאָךְ. תֵּל תַּלְפִּיּוֹת בְּהַשִּׁיאָךְ. וְהוֹשִׁיעָה נָּא:

# אָנָּא אֵל נָא. הוֹשַׁע נָא וְהוֹשִׁיעָה נָּא:

אֵל נָא תָּעִינוּ כְּשֶׂה אוֹבֵד. שְׁמֵנוּ מִסִּפְרְךָ אַל תְּאַבֵּד. הוֹשַׁע נָא וְהוֹשִׁיעָה נָּא: אֵל נָא רְעֵה אֶת צֹאן הַהֲרֵגָה. קְצוּפָה וְעָלֶיךָ הֲרוּגָה. הוֹשַׁע נָא וְהוֹשִׁיעָה נָּא: אֵל נָא צֹאנְךָ וְצֹאן מַרְעִיתֶךָ. פְּעֻלָּתֶךָ וְרַעְיָתֶךָ. הוֹשַׁע נָא וְהוֹשִׁיעָה נָּא: אֵל נָא עֲנִיֵּי הַצֹּאן. שִׂיחָם עֲנֵה בְּעֵת רָצוֹן. הוֹשַׁע נָא וְהוֹשִׁיעָה נָּא: אֵל נָא נוֹשְׂאֵי לְךָ עַיִן. מִתְקוֹמְמֶיךָ יִהְיוּ כְּעָיִן. הוֹשַׁע נָא. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: אֵל נָא לִמְנַסְּכֵי לְךָ מַיִם. כְּמִמַּעַיְנֵי הַיְשׁוּעָה יִשְׁאֲבוּן מַיִם. הוֹשַׁע נָא. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: אֵל נָא יַעֲלוּ לְצִיּוֹן מוֹשִׁיעִים. טְפוּלִים בְּךָ וּבְשִׁמְךָ נוֹשָׁעִים. הוֹשַׁע נָא. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: אֵל נָא חֲמוּץ בְּגָדִים. זְעוֹם לְנַעֵר כָּל בּוֹגְדִים. הוֹשַׁע נָא. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: אֵל נָא זָכוֹר תִּזְכּוֹר. הַנְּכוּרֵי בִּלְתֶּךָ וָכוֹר. הוֹשַׁע נָא. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: אֵל נָא דּוֹרְשֶׁיךָ בְּעַנְפֵי עֲרָבוֹת. גְּעָיִם שְׁעֵה מֵעֲרָבוֹת. הוֹשַׁע נָא. וְהוֹשִׁיעָה

גערופֿען געוואָרען אַב הֲמוֹן גוֹיִם און האָט דיך דער קענט פֿאַר איין גאָט אַז ער איז אַלט געוועזען דרייא יאָר און דיין חֶסֶד וואָס דוא האָסט מַבְטִיחַ געוועזען צוא דיינע קינדער אַז זייא זאָלען ניט פֿאַר לענט ווערען האָסטו איהם מוֹדִיעַ געוועזען אנא טהורי לב בהפליאך אַז דוא וועסט טאָן וואונדער צו די יודען וואָס זיי האָבען זייערע ריינע הערצער וועט געוואויסט ווערין אויף דער וועלט אַז דאָס איז דיינע וואונדער און דוא ביסט מַשְׁגִּיחַ הַשְׁגָּחָה פְּרָטִית איך בעט דיך גאָט וואָס דוא האָסט פֿיל כֹּחַ גיב דיין הילף צו אונז אַזוי וויא דוא האָסט געשוואָרען צו אונזערע עלטערן אנא מלא משאלות עם משועך איך בעט דיר דער פֿיל דאָס גיבעט פֿון די וואָס שרייען פֿאַר דיר יִצְחָק וואָס ער איז גיבונדען געוואָרען אויף דעם באַרג מוֹרִיָּה פֿאַר איין עוֹלָה האָט ער בְּשַׁעַת עֲקֵידָה אויך אַזוי מִתְפַּלֵּל געוועזען פֿאַר דיר אַז גאָט זאָל גידיינקען צו די יודען זיין זְכוּת בְּשַׁעַת אַז זייא וועלין מִתְפַּלֵּל זיין פֿאַר איהם און דער פֿילען זייער רָצוֹן אנא סגב אשלי נטעך שטאַרק דיא וואָס זיינען די בוימער פֿון דיין פֿלאַנצונג איך בעט דיר עפֿן צו אונז דיא אוֹצְרוֹת פֿון דיין רעגין וואָס ווערן אָן גירופֿען רְבִיעָה מיט דיין טאָן רעגענען זאָל די דאַרע לענדר פֿון זיי זאַט זיין אנא קוראיך ארץ ברועעך איך בעט דיך אַז דו וועסט פֿאַשין די וואָס רופֿען צו דיר זאָלסטו זיי ווידין אין דיין גוטער ווייד אַז דיינע טויערען פֿון בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וואָס זיינען איין גיזונקען גיוואָרען אין דער ערד זאָלסטו זיי אויף ברייננען פֿון דיין פֿאַר וויסטענעס תל תלפיות בהשיאך דעם בהמ״ק וואָס איטליכענס מויל קערט זיך צו איהם מִתְפַּלֵּל זיין זאָלסטו מאַן אויף הייבען: אל נא איך בעט דיך גאָט מיר זיינען גיוואָרין פֿאַר אירט וויא אַשאָף וואָס ווערט פֿאַר לאָרען פֿון דער כְּטאַרע אונזער נאָמען זאָלסטו ניט מאַכען פֿאַר לירן פֿון דיין סֵפֶר, ווייל די יודען וואָס זיי זיינען גירופֿען שאָף וואָס גילויבט צוא דיינע גיליבטע העלף צוא די יודען וואָס זיינען דיא שאָף וואָס דוא ווידעסט זיי וואָס זיינן דיינע ווערק און דיינע גיליבטע אל נא עניי הצאן דאָס זיינען די יודען וואָס זיינען אָרים פֿון נְבוּאָה צוא זייער תְּפִלָּה זאָלסטו ענטפֿערן אין דער באַוויליגטער צייט דיא יודען וואָס היבען אויף צוא דיר די אייגען אין זייער תְּפִלָּה צוא דיא יודען וואָס זיינען מְנַסֵּךְ צוא דיר וואַסער אום יום טוֹב זאָל זייער הילף ניט נִפְסַק ווערען פֿון דיר אַזוי וויא עס ווערט ניט נִפְסַק קיין וואַסער אַז מען שעפּט פֿון אַקוואַל עס זאָלן אויף גיין

נָא. אֵל נָא בָּרוּךְ בְּעִטּוּר שָׁנָה. אֲמָרַי רְצֵה בִּפְלּוּלִי בְּיוֹם הוֹשַׁעְנָא. הוֹשַׁע נָא. וְהוֹשִׁיעָה נָּא:

# אָנָּא אֵל נָא הוֹשַׁע נָא. וְהוֹשִׁיעָה נָּא אָבִינוּ אָתָּה:

לְמַעַן תָּמִים בְּדוֹרוֹתָיו. הַנִּמְלָט בְּרוֹב צִדְקוֹתָיו. מֻצָּל מִשֶּׁטֶף בְּבוֹא מַבּוּל מַיִם. לְאוֹם אֲנִי חוֹמָה. הוֹשַׁע נָא וְהוֹשִׁיעָה נָּא אָבִינוּ אָתָּה: לְמַעַן שָׁלֵם בְּכָל מַעֲשִׂים. הַמְנֻסֶּה בַּעֲשָׂרָה נִסִּים. כְּשֶׁר מַלְאָכִים נָם יֻקַּח נָא מְעַט מַיִם. לְבָרָה כַּחַמָּה. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן רַךְ וְיָחִיד נֶחֱנַט פְּרִי לְמֵאָה. זָעַק אַיֵּה הַשֶּׂה לְעוֹלָה. בִּשְּׂרוּהוּ עֲבָדָיו מָצָאנוּ מָיִם: לְגוֹלָה וְסוּרָה. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן קִדֵּם שְׂאֵת בְּרָכָה. הַנִּשְׂטַם וּלְשִׁמְךָ חִכָּה. מְיַחֵם בְּמַקְלוֹת בְּשִׁקְתוֹת הַמָּיִם. לְדָמְתָה לְתָמָר. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן צָדַק הֱיוֹת לְךָ לְכֹהֵן. כֶּחָתָן פְּאֵר יְכַהֵן. מְנֻסֶּה בְּמַסָּה בְּמֵי מְרִיבַת מָיִם. לְהָהָר הַטּוֹב. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן פּוֹאַר הֱיוֹת גְּבִיר לְאֶחָיו. יְהוּדָה אֲשֶׁר גָּבַר בְּאֶחָיו. מִסְפַּר רוֹבַע מִדָּלְיָו יִזַּל מָיִם. לֹא לָנוּ כִּי אִם לְמַעַנְךָ. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן עָנָו מִכֹּל וְנֶאֱמָן. אֲשֶׁר בְּצִדְקוֹ כִּלְכֵּל הַמָּן. מָשׁוּךְ לְגוֹאֵל וּמָשׁוּי מִמָּיִם. לְמִי זֹאת הַנִּשְׁקָפָה. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן שַׂמְתּוֹ כְּמַלְאֲכֵי מְרוֹמִים. הַלּוֹבֵשׁ אוּרִים וְתֻמִּים. מְצֻוֶּה לָבֹא בְּמִקְדָּשׁ בְּקִדּוּשׁ יָדַיִם וְרַגְלַיִם וּרְחִיצַת מָיִם. לְחוֹלַת אַהֲבָה. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן נְבִיאָה מְחוֹלַת מַחֲנַיִם. לִכְמֵהֵי לֵב הוּשְׁמָה עֵינַיִם. לְרַגְלָהּ רָצָה עָלוֹת וְיָרֶדֶת בְּאֵר מָיִם. לְטוֹבוּ אֹהָלָיו. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן מְשָׁרֵת לֹא מָשׁ מֵאֹהֶל. וְרוּחַ הַקֹּדֶשׁ עָלָיו אָהֵל. בְּעָבְרוֹ בַּיַּרְדֵּן נִכְרְתוּ הַמָּיִם. לְיָפָה וּבָרָה. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן לִמַּד רְאוֹת

הֶעלְפֶער צוּא דִי שְׁטָאט צִיון זִיי זַיינֶען בַּאהֶעפְט אִין דִיר אוּן מִיט הִילְף פוּן דַיין נָאמֶען וֶועֶן וִויא גִיהָאלְפֶען דוּא זָאלְסְט גִידֵיינְקֶען דִיא יוּדֶען וָואס זַיינֶען צוּ דִיר גִיקִייפְט גִיוָוארֶען אַז זַייא זַיינֶען אַרוֹיס גִינַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם בִּיז זַייא הָאבֶּן דִיא תּוֹרָה מְקַבֵּל גִיוֶועֶן אל נא דורשיך דִיא וָואס פָארְשְׁטֶעֶן אוּן זַיינֶען מִתְפַּלֵּל פַאר דִיר מִיט דִיא צְווַייגֶען פוּן עֲרָבוֹת זַייעֶר גִישְׁרֵייא זָאלְסְטוּ פַאר נֶעמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל וָואס הֵייסְט עֲרָבוֹת זָאלְסְט דָאס יָאר בַּאקְרֵיינֶען מִיט אַלֶע בְּרָכוֹת אוּן אִין דֶעם טָאג פוּן הוֹשַׁעְנָא זָאלְסְטוּ אוּנְז בַּאַיילֶיגֶען:

למען תמים בדורותיו פוּן וֶועגִין דָאזִיגֶען וָואס עֶר אִיז גִיוֶועֶן אַגַאנְצֶער אוּן אַצַדִּיק אִין זַיין דוֹר דָאס אִיז נֹחַ וָואס עֶר אִיז אַנְטְרוּנֶען גִיוָוארֶען וֶועגִין זַיין פִיל צִדְקוֹת וָואס עֶר אִיז נִיצוֹל גִיוָוארֶען אַז דֶער מַבּוּל אִיז גִיקוּמֶען צוּא דִי יוּדֶען וָואס זַיינֶען שְׁטַארְק אִין גָאטְס אֱמוּנָה אַזוֹי וִויא אַמוֹיעֶר בֶּעטִין מִיר דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט הֶעלְפֶען וָוארוּם דוּ בִּיסְט אוּנְזֶער פָאטֶער למען שלם בכל מעשים פוּן וֶועגֶען דֶעם וָואס עֶר אִיז גִיוֶועֶן גַאנְץ אִין אַלֶע מַעֲשִׂים דָאס אִיז אַבְרָהָם אָבִינוּ וָוס עֶר אִיז גִיפְּרוּבְט גִיוָוארֶען מִיט צֶעהֶן נִסִּים אַזוֹי עֶר הָאט גִיזֶעהֶן דִי מַלְאָכִים הָאט עֶר גֶעזָאגְט לָאז מֶען נֶעמֶען אַבִּיסֶעל וַואסֶער צוּא דִיא יוּדֶען וָואס זַיינֶען קְלָאר אַזוֹי וִויא דִיא זוּן זָאלְסְטוּ הֶעלְפִין, פוּן וֶועגִין דֶעם אֵיינְצִיגֶען צוּא זַיין מוּטֶער דָאס אִיז יִצְחָק וָואס הָאט גִישְׁפְּרָאצְט צוּא הוּנְדֶערְט יָאר פוּן אַבְרָהָם בַּיי דֶער עֲקֵידָה הָאט עֶר גִישְׁרִיעֶן הָאלְץ מִיט פַייעֶר אִיז דָא אוּן וואוּ אִיז אַשָׁאף פַר אַיין עוֹלָה אוּן זַיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּן אִים מְבַשֵּׂר גִיוֶועֶן מִיר הָאבִּן גִיפוּנֶען וַואסֶער פוּן וֶועגִין זַיין זְכוּת זָאלְסְטוּ הֶעלְפֶען צוּ דִיא יוּדֶען למען קדם שאת ברכה פוּן וֶועגִין דֶעם וָואס הָאט זִיךְ גִיפֶּעדֶערְט צוּ נֶעמֶען דִיא בְּרָכָה דָאס אִיז יַעֲקֹב אָבִינוּ וָואס עֶר אִיז גִיהַאסְט גִיוָוארֶען פוּן זַיין בְּרוּדֶער אוּן צוּ דַיין נָאמֶען הָאט עֶר גִיטָאן הָאפֶען צוּ דִי יוּדֶען וָואס זַיינֶען גִיגְלִיכֶען

# סדר הושענות

לְטוֹבָה אוֹת. זָעַק אַיֵּה נִפְלָאוֹת. מִצָּה טַל מִגִּזָּה מְלֹא הַסֵּפֶל מָיִם. לְכַלַּת לְבָנוֹן. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן כְּלוּלֵי עֲשׂוֹת מִלְחַמְתֶּךָ. אֲשֶׁר בְּיָדָם תָּתָה יְשׁוּעָתֶךָ. צְרוּפֵי מִגּוֹי בִּלְקָקָם בְּיָדָם מָיִם. לְלֹא בָגְדוּ בָךְ. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן יָחִיד צוֹרְרִים דָּשׁ. אֲשֶׁר מֵרֶחֶם לְנָזִיר הֻקְדָּשׁ. מִמַּכְתֵּשׁ לֶחִי הִבְקַעְתָּ לוֹ מָיִם. לְמַעַן שֵׁם קָדְשֶׁךָ. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן טוֹב הוֹלֵךְ וְגָדֵל. אֲשֶׁר מֵעֹשֶׁק עֵדָה חִדֵּל. בְּשׁוּב עָם מֵחֵטְא צָו שְׁאֹב מָיִם. לְנָאוָה כִּירוּשָׁלָיִם. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן חֵךְ מְכַרְכֵּר בְּשִׁיר. הַמְלַמֵּד תּוֹרָה בְּכָל כְּלֵי שִׁיר. מְנַסֵּךְ לְפָנָיו כְּתָאֵב שְׁתוֹת מָיִם. לְשָׁמוּ בְךָ סִבְרָם. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן זָךְ עָלָה בִסְעָרָה. הַמְקַנֵּא וּמֵשִׁיב עֶבְרָה. לִפְלוּלוֹ יָרְדָה אֵשׁ וְלִחֲכָה עָפָר וּמָיִם. לְעֵינֶיהָ בְּרֵכוֹת. הו׳ והו׳ אבינו אתה: לְמַעַן וְשֵׁרֵת בֶּאֱמֶת לְרַבּוֹ. פִּי שְׁנַיִם

צוּ אַטַייטֶל בּוֹים זָאלְסְטוּ הֶעלְפֶען׳ פוּן וֶועגִין דֶעם גִירֶעכְטֶען צוּ זַיין צוּ דִיר אַכֹּהֵן דָאס אִיז אַהֲרֹן הַכֹּהֵן בְּשַׁעַת עֶר הָאט גִידִינְט אִיז עֶר גִיגַאנְגֶען אָן גִיטָאן אִין שֵׁיינֶע קְלֵיידֶר אַזוֹי וִויא אַחָתָן אִיז עֶר גִיפְּרוּבְט גְוָוארֶן מִיט אַפְּרוּבוּנְג בַּיי דֶר מֵי מְרִיבָה צוּם גוּטֶען בַּארְג דָאס אִיז דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ זָאלְסְטוּ הֶעלְפֶען, פוּן וֶועגִין דֶעם בַּשַׁיינְטֶען צוּ זַיין אַהַאר צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער דָאס אִיז יְהוּדָה וָואס עֶר הָאט זִיךְ גִשְׁטַארְקְט צְוִוישֶׁן זַיינֶע בְּרִידֶער אוּן אוֹיף אִים אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארֶען וֶוער קָאן צֵיילֶען זַיינֶע פִיל מַתָּנוֹת מַחְמַת פִילְקַייט אוּן אוֹיף אִים אִיז גֶזָאגְט גְוָוארֶן מְלָכִים וֶועלִין אַרוֹיס קוּמֶען פוּן זַיינֶע קִינְדֶר נִיט מַחְמַת אוּנְז נָאר פוּן וֶועגֶן דִיר זָאלְסְטוּ הֶעלְפֶען פוּן וֶועגֶן משֶׁה רַבֵּינוּ וָואס עֶר אִיז גִיוֶועזֶען אַיין עָנָיו מֶער פוּן אַלֶע יוּדֶן וָואס מַחְמַת זַיין צִדְקוּת הָאט דֶער מַן גֶשְׁפַּייזְט דִי יוּדֶען עֶר אִיז אַרוֹיס גִיצוֹיגֶען גִיוָוארֶען פוּן דֶעם וַואסֶער אַז עֶר זָאל זַיין אַיין אוֹיס לֵייזֶער למי זאת הנשקפה צוּ דִי יוּדֶען וָואס זַיינֶען וָוארֶן גִילוֹיגְט אַזוֹי וִויא דֶער מָארְגֶן שְׁטֶערְן זָאלְסְטוּ הֶעלְפֶען פוּן וֶועגִין אַהֲרֹן הַכֹּהֵן וָואס דוּא הָאסְט אִים גִיטָאן אַזוֹי וִויא דִי מַלְאָכִים פוּן דֶעם הִימֶל וָואס עֶר הָאט אָן גִיקְלֵייד אוּרִים וְתוּמִים וָואס עֶר אִיז גִיבָּאטִין גִיוָוארֶן צוּ קוּמֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַז עֶר זָאל פְּרֵייעֶר מְקַדֵּשׁ זַיין דִי הֶענְט מִיט דִי פִּיס אוּן זָאל זֵייא וַואשֶׁען מִיט וַואסֶער צוּא דִיא יוּדֶען וָואס זַיינֶען קְרַאנְק מַחְמַת לִיבְשַׁאפְט וָואס זֵייא הָאבֶּען דִיךְ לִיבּ זָאלְסְטוּ הֶעלְפֶען פוּן וֶועגִין דֶער נְבִיאָה דָאס אִיז מִרְיָם וָואס זִיא אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען מִיט פּוֹיקֶען אוּן מִיט טַאנְצֶען אִין דֶער מַחֲנֶה פוּן דִיא יוּדֶען צוּ דִי יוּדֶען וָואס זֵייעֶר הַארְץ גְלוּסְט צוּ גָאט הָאט זִיא גִיטָאן אַקְוַואל וַואסֶער פוּן וֶועגִין אִיר זְכוּת אִיז גִילָאפֶען דֶער בְּרוּנֶען וַואסֶער צוּ אִיטְלִיכֶען אִין זַיין גֶעצֶעלְט אַרַיין צוּא דִיא יוּדֶען וָואס אוֹיף זֵיי אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארֶען וִויא גוּט זַיינֶען דַיינֶע גֶעצֶעלְטִין זָאלְסְטוּ הֶעלְפֶען, פוּן וֶועגִין דֶעם בַּאדִינֶער דָאס אִיז יְהוֹשֻׁעַ וָוס הָאט זִיךְ נִיט אָפּ גִיטָאן פוּן משֶׁה רַבֵּינוּ אוּן דֶר רוּחַ הַקֹּדֶשׁ הָאט אוֹיף אִים גְשַׁיינְט אִין זֵייעֶר אִיבֶּער פָארֶען אִין יַרְדֵּן זַיינֶען גִיוָוארִין פַאר שְׁנִיטֶן דִי וַואסֶער דִי שֵׁיינֶע אוּן לוֹיטֶרֶע דָאס זַיינֶען דִיא יְהוּדִים זָאלְסְטוּ הֶעלְפֶען פוּן וֶועגֶען גִדְעוֹן עֶר הָאט גִיבֶּעטֶען אַז גָאט זָאל אִים וַוייזֶן אַצֵייכֶן אוֹיף גוּטְס עֶר הָאט גִישְׁרִיעֶן אוֹיבּ גָאט אִיז מִיט אוּנְז וואוּ זַיינֶען וואוּנְדֶער וָואס אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּן אוּנְז דֶער צֵיילְט עֶר הָאט אוֹיס גִיקְוֶועטְשְׁט פוּן דֶער גִישָׁארִינֶער וָואל אַפוּלֶע כְּלִי מִיט וַואסֶר לכלת לבנון צוּ דִיא יוּדֶען וָואס הֵייסֶן כַּלַּת לְבָנוֹן זָאלְסְטוּ הֶעלְפִין פוּן וֶועגֶען דִיא דְרַייא הוּנְדֶערְט מֶענְשֶׁען וָואס זַיינֶען גִיוֶועזֶען מִיט גִדְעוֹן צוּא טָאן דַיין מִלְחָמָה וָואס דוּרְךְ זֵייעֶרֶע הֶענְט הָאסְטוּ גִיטָאן דַיין הִילְף צוּא דִיא יוּדֶען זֵייא זַיינֶען גִיוֶועזֶען אוֹיס דֶער וַויילְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל וַוייל זֵיי הָאבֶּען גִילֶעקְט מִיט זֵייעֶרֶע הֶענְט וַואסֶר אוּן הָאבֶּען נִיט גִיקְנִיעֶט צוּא דִי יוּדֶען וָואס פֶעלְשֶׁען נִיט אָן דִיר זָאלְסְטוּ הֶעלְפֶען, פוּן וֶועגִין דֶעם בֵּן יָחִיד דָאס אִיז שִׁמְשׁוֹן הַגִּבּוֹר וָואס עֶר הָאט דִיא בַּאלֵיידִיגֶער פוּן דִי יוּדֶען צוּ טְרֶעטֶן וָואס פוּן דֶער צַייט אַז עֶר אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען פוּן דֶער מוּטֶערְס טְרַאכְט אִיז עֶר גִיוָוארֶען גִיהֵיילִיגְט פַאר אַיין נָזִיר פוּן דֶעם גְרוּבּ פוּן דֶעם קִין בַּאק צָאן הָאסְטוּ אִים גִימַאכְט שְׁפַּאלְטֶען וַואסֶער פוּן וֶועגִין

ברוחו נאצל בו. בקחתו מנגן נתמלאו גבים מים. לפצו מי כמכה. הו׳ והו׳ אבינו אתה: למען הרהר עשות רצונך. הבריז תשובה לצאנך. אז בבוא מחרף סתם עינות מים. לציון מכלל יופי. הו׳ והו׳ אבינו אתה: למען דרשיך בתוך הגולה. וסודך למו נגלה. בלי להתגאל דרשי זרעונים ומים. לקוראיך בצר. הו׳ והו׳ אבינו אתה: למען גמר חכמה ובינה. סופר מהיר מפלש אמנה. תחכמנו אמרים המשולים ברחבי מים. לרבתי עם. הו׳ והו׳ אבינו אתה: למען באי לך היום בכל לב. שופכים לך שיח בלא לב ולב. שואלים ממך עז מטרות מים. לשוררוך בים. הו׳ והו׳ אבינו אתה: למען אומרי יגדל שמך. והם נחלתך ועמך. צמאים לישעך כארץ עיפה למים. לתרת למו מנוחה.
הושע נא והושיעה נא אבינו אתה:

דיין הייליגען נאמען זאלסטו העלפען צו אונז, וועגין דעם גוטען וואס ער איז אלע מאל גרעסער געווארען צווישען דיא יודען דאס איז שמואל הנביא ער האט פאר מיטען די יודען פון צו פאר קרימען זייער הארץ צוא זינדיגען און אז דיא יודען האבען תשובה געטאן האט ער געשאפט שעפין וואסער צו ווייזען אז זיי זיינען אונטער טעניג פאר גאט צו די יודען וואס זיינען אזוי שיין וויא ירושלים זאלסטו העלפען פון וועגין דוד המלך וואס ער האט מיט זיין מויל געזונגען און האט געשפרונגען מיט דעם כח וואס ער האט געלערנט תורה מיט שמחה אויף אלע כלי זמר אז ער האט געגלוסט צו טרינקען וואסער האבען אים זיינע דריי גבורים געבראכט וואסער לשמו כך סברם צו די יודען וואס טוען זייער בטחון אויף דיר זאלסטו העלפין, פון וועגין דעם לויטערן דאס איז אליהו הנביא וואס ער איז אויף געגאנגען אויף דעם הימל מיט דעם שטורם ווינד וואס ער האט זיך מקנא געווען גאטס קנאה און מאכט ווידר קערן דעם צארן פון גאט דורך זיין געבעט האט אראפ גענידערט פייער פון הימעל און האט פאר ברענט דיא ערד מיט דעם וואסער לעיניה ברכות דיא וואס אירע אויגען זיינען געווען אזוי ווי דיא טייכען דאס מיינט מען דיא סנהדרין אין ירושלים זאלסטו העלפען, וועגין דעם וואס האט באמת גידינט צום הערין דאס איז אלישע הנביא צוויי פאבענדיגע נבואה איז געווארין אפ גישייט צו אים אז ער האט גינומען דעם כלי זמר שפילען זיינען געווארען פול די גריבער מיט וואסער לפצו מי כמוך צוא די יודען וואס האבען געעפינט זייער מויל בייא דעם ים, פון וועגין דעם וואס האט תמיד מהרהר געווען צוא טאן אזוי וויא דיין רצון איז דאס איז יחזקיהו המלך. וואס ער האט אוים גירופען און האט מזהיר געווען אז די יודען וואס זיינען דיינע שאף זאלען טאן תשובה און ער האט גיהיילט אז דער וואס האט גאט גילעסטערט איז גיקומען דאס איז סנחריב האט ער פאר שטאפט דיא קוואלען וואסער צוא דער שטאט ציון זאלסטו העלפין פון וועגין די וואס האבען דיך געפארשט אין דער גולה דאס איז דניאל חנניה מישאל ועזריה און דיין סוד איז צוא זייא אנפלעקט געווארין בלי להתגאל ווייל זייא האבען זיך ניט גיוואלט פאר אום ווערדיגען זייער שם טוב האבען זיי גיבעטען אז מען זאל זייא געבין אמאכל פון גיזייטע זאכען לקוראיך צו די יודען וואס רופען דיך זאלסטו העלפען פון וועגען דעם וואס האט גילערינט דיא תורה וואס זיא איז חכמה ובינה וואס ער איז געווען איין גיבער סופר וואס ער האט מפורש און מפרסם געווען דיא אמונה פון דיא יודען ער האט אונז גימאכט קלוג אין דיא רייד פון דער תורה וואס זיינען גיגליכען צוא דער ברייט פון דעם ים צו ירושלים וואס זיא איז געווען פול מיט מענשען זאלסטו העלפען, פון וועגען די יודען וואס קומען צו דיר היינט טאן תפלה מיט דעם גאנצען הארצען זייא פאר גיסען צוא דיר זייערע תפלות ניט מיט עטליכע ערלייא הערצער אין כונות אלע יודען זיינען נאר מכון צוא איין זאך מתפלל צוא זיין פאר דיר און בעטין פון דיר שטארקע רעגין וואסער לשוררוך בים צו די יודען וואס האבען געזונגען שירה

חזן וקהל **הוֹשַׁע נָא. אֵל נָא. אָנָּא הוֹשִׁיעָה נָּא: הוֹשַׁע נָא. סְלַח נָא. וְהַצְלִיחָה נָא. וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֵל מָעֻזֵּנוּ:**

**תַּעֲנֶה** אֱמוּנִים שׁוֹפְכִים לְךָ לֵב כַּמַּיִם. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: לְמַעַן בָּא בָאֵשׁ וּבַמַּיִם, גָּזַר וְנָם יֻקַּח נָא מְעַט מַיִם. וְהַצְלִיחָה נָא וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֵל מָעֻזֵּנוּ: תַּעֲנֶה דְגָלִים גָּזוּ גִּזְרֵי מַיִם. וְהוֹשִׁיעָה נָּא. לְמַעַן הַנֶּעֱקַד בְּשַׁעַר הַשָּׁמַיִם. וְשָׁב וְחָפַר בְּאֵרוֹת מַיִם. וְהַצְלִיחָה נָא וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֵל מָעֻזֵּנוּ: תַּעֲנֶה זַכִּים חוֹנִים עֲלֵי מַיִם. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: לְמַעַן חָלָק מְפַצֵּל מַקְלוֹת בְּשִׁקְתוֹת הַמַּיִם. טָעַן וְגָל אֶבֶן מִבְּאֵר מַיִם. וְהַצְלִיחָה נָא וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֵל מָעֻזֵּנוּ: תַּעֲנֶה יְדִידִים נוֹחֲלֵי דָת מְשׁוּלַּת מַיִם. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: לְמַעַן כָּרוּ בְּמִשְׁעֲנוֹתָם מַיִם. לְהָכִין לָמוֹ וּלְצֶאֱצָאֵימוֹ מַיִם. וְהַצְלִיחָה נָא וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֵל מָעֻזֵּנוּ: תַּעֲנֶה מִתְחַנְּנִים כְּבִישִׁימוֹן עֲלֵי מַיִם. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: לְמַעַן נֶאֱמַן בַּיִת מַסְפִּיק לָעָם מַיִם. סֶלַע הָךְ וַיָּזוּבוּ מַיִם. וְהַצְלִיחָה נָא וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֵל מָעֻזֵּנוּ: תַּעֲנֶה עוֹנִים עֲלֵי בְּאֵר מַיִם. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: לְמַעַן פָּקַד בְּמֵי מְרִיבַת מַיִם. צְמֵאִים לְהַשְׁקוֹתָם מַיִם. וְהַצְלִיחָה נָא וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֵל מָעֻזֵּנוּ: תַּעֲנֶה קְדוֹשִׁים מְנַסְּכִים לְךָ מַיִם. וְהוֹשִׁיעָה נָּא: לְמַעַן רֹאשׁ

בַּייא דֶעם יַם זָאלְסְטוּ הֶעלְפִין, פוּן וֶועגִין דִיא יוּדֶן וָואס זֵיי הָאבֶּען גִיזָאגְט אַז דַיין נָאמֶען זָאל גִיאַכְפֶּערְט וֶוערִין אוּן זַיינֶען דַיין אַרְבּ אוּן דַיין פָאלְק זֵייא זַיינֶען דָארְשְׁטִיג אוּן גִילוּסְטֶען צוּא דַיין הִילְף אַזוֹיא וִויא אַלַאנְד וָואס אִיז מִיד אוּן גִילוּסְט צוּא וַואסֶער צוּא דִיא יוּדֶען וָואס דוּא הָאסְט אוֹים גִיזֶעהְן צוּא זֵייא אַיין בַּארוּהְט אָרְט זָאלְסְטוּ הֶעלְפִין:

**תענה** אמונים דוּא זָאלְסְט עֶנְטְפֶערְן צוּ דִי תְּפִלּוֹת פוּן דִיא בַּגְלֵייבְּטֶע יוּדֶען וָואס פַאר גִיסֶען צוּ דִיר דָאס הַארְץ אַזוֹי וִוי וַואסֶער אוּן הֶעלְף אוּנְז פוּן וֶועגִין דִי וָואס זַיינֶען גִיקוּמֶען אִין פַייעֶר אוּן אִין וַואסֶער פוּן דַיינֶעט וֶועגִין דָאס מֵיינְט מֶען אַבְרָהָם אָבִינוּ גזר ונם אוּן אַז דִי מַלְאָכִים זַיינֶען גִיקוּמֶען צוּ אִים הָאט עֶר גִיהֵייסֶן אַז מֶען זָאל גֶעמֶען אַבִּיסֶעל וַואסֶער זֵיי זָאלֶן זִיךְ אָפּ וַואשֶׁען דִיא פִּים אוּן זַיי אוּנְז מַצְלִיחַ אוּן הֶעלְף אוּנְז דוּא שְׁטַארְקֶער גָאט תענה דגלים דוּא בִּיסְט דֶער גָאט וָואס דוּא הָאסְט גִיעֶנְטְפֶערְט צוּ דִי דְגָלִים דָאס זַיינֶען דִיא יִשְׂרָאֵל וָואס פוּן וֶועגִין זֵייא אִיז צוּא שְׁנִיטֶען גִיוָוארֶען דֶער יַם אוֹיף שְׁטִיקֶער פוּן וֶועגִין. יִצְחָק וָואס עֶר אִיז גִיבּוּנְדֶען צוּ דֶער עֲקֵידָה אוֹיף דֶעם הַר הַמּוֹרִיָּה ושב וחפר אוּן הָאט זִיךְ אוּם גִיקֶערְט אוּן הָאט גִיגְרָאבֶּען בְּרוּנִימֶער מִיט וַואסֶער דוּ בִּיסְט דֶער גָאט וָואס הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט צוּ דִי רֵיינֶע יוּדֶן וָואס הָאבֶּען גִירוּעֶט לֶעבֶּען דִי צְוֶועלְף קְוַואלֶן וַואסֶער פוּן וֶועגִין יַעֲקֹב אָבִינוּ וָואס עֶר הָאט גִיזָאגְט אוּן הָאט אַרָאפּ גִיוֶועלְגֶערְט דֶעם שְׁטֵיין פוּן דֶעם בְּרוּנֶען וַואסֶער זָאלְסְטוּ אוּנְז מַצְלִיחַ זַיין תענה ידידים נוחלי דת דוּ בִּיסְט דֶער גָאט וָואס דוּ הָאסְט גִיעֶנְטְפֶערְט צוּ דִי גְלִיבְּטֶע יוּדֶען אִין דֶער צַייט אַז דוּא הָאסְט זֵייא גִימַאכְט אַרְבֶּען דִי תּוֹרָה וָואס זִיא אִיז גִיגְלִיכֶען צוּ וַואסֶער פוּן וֶועגִין מֹשֶׁה אוּן אַהֲרֹן וָואס זֵיי הָאבֶּען גִיגְרָאבֶּען מִיט זֵייעֶרֶע שְׁטֶעקִינֶם דִיא וַואסֶער אוּן אָן צוּ בְּרֵייטֶען צוּ זֵיי אוּן צוּ זֵייעֶרֶע קִינְדֶער וַואסֶער זָאלְסְטוּ אוּנְז מַצְלִיחַ זַיין תענה מתחננים דוּא בִּיסְט דֶער גָאט וָואס דוּא הָאסְט גִיעֶנְטְפֶערְט צוּא דִי יוּדֶען אִין דֶער צַייט אַז זֵיי הָאבֶּען גִיבֶּעטֶען אִין דֶער מִדְבָּר אוֹיף וַואסֶער פוּן וֶועגִין דֶעם בַּגְלֵייבְּטֶן פוּן דֶעם הוֹיז דָאס אִיז מֹשֶׁה רַבֵּינוּ וָואס עֶר הָאט מַסְפִּיק גִיוֶועזְן צוּם פָאלְק יוּדֶען וַואסֶער עֶר הָאט גִישְׁלָאגֶען דֶעם שְׁטֵיין הָאט גִירוּנֶען וַואסֶר, דוּ בִּיסְט דֶער גָאט וָואס דוּ הָאסְט גִיעֶנְפֶערְט צוּ דִי יוּדֶען וָואס זֵיי הָאבֶּן שִׁירָה גִיזָאגְט אוֹיף דֶעם וַואסֶער למען פקד במי מריבת מים פוּן וֶועגִין מֹשֶׁה אִין אַהֲרֹן וָואס זַיינֶן נִפְקַד גִיוָוארֶן בַּיי דֶער מֵי מְרִיבָה זָאלְסְטוּ אוּנְז עֶנְטְפֶערֶן וָואס מִיר זַיינֶען דָארְשְׁטִיג. צוּ בְּרֵיינְגֶען

מְשׁוֹרְרִים כְּתָאֵב שְׁתוֹת מַיִם. חֲלִילָה פִּין וְנָסַךְ לְךָ מַיִם. וְהַצְלִיחָה נָא וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֵל מָעֻזֵּנוּ: תַּעֲנֶה שׁוֹאֲלִים בְּרִבּוּעַ אֶשְׁלֵי מַיִם. וְהוֹשִׁיעָה נָא: לְמַעַן תֵּל תַּלְפִּיּוֹת מוֹצָא מַיִם. תִּפְתַּח אֶרֶץ וְתַרְעִיף שָׁמַיִם. וְהַצְלִיחָה נָא וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֵל מָעֻזֵּנוּ:

# רַחֵם נָא קְהַל עֲדַת יְשֻׁרוּן. סְלַח וּמְחַל עֲוֹנָם. וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֱלֹהֵי יִשְׁעֵנוּ:

**אָז** כְּעֵינֵי עֲבָדִים אֶל יַד אֲדוֹנִים. בָּאנוּ לְפָנֶיךָ נְדוֹנִים. וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֱלֹהֵי יִשְׁעֵנוּ: גֵּאֶה אֲדוֹנֵי הָאֲדוֹנִים. נִתְגָּרוּ בָנוּ מְדָנִים. דְּשׁוּנוּ וּבְעָלוּנוּ זוּלָתְךָ אֲדוֹנִים והושיענו אלהי ישענו: הֵן גַּשְׁנוּ הַיּוֹם בְּתַחֲנוּן. עָדֶיךָ רַחוּם וְחַנּוּן. וְסִפַּרְנוּ נִפְלְאוֹתֶיךָ בְּשִׁנּוּן. והושיענו אלהי ישענו: זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ. נָא אַל תִּיבָשׁ. חַשְׁרַת מַיִם בְּאִבֶּיהָ תֶּחְבָּשׁ. והושיענו אלהי ישענו: טָעֲנוּ בִשְׁמֹנָה. בְּיַד שִׁבְעָה וּשְׁמוֹנָה. יָשָׁר צַדִּיק אֵל אֱמוּנָה. והושיענו אלהי ישענו: כָּרַתָּ בְּרִית לָאָרֶץ. עוֹד כָּל יְמֵי הָאָרֶץ. לְבִלְתִּי פְּרָץ בָּהּ פָּרֶץ. והושיענו אלהי ישענו: מִתְחַנְּנִים עֲלֵי מַיִם. כַּעֲרָבִים עֲלֵי יִבְלֵי מָיִם. נָא זְכָר לְמוֹ נִסּוּךְ הַמַּיִם. והושיענו אלהי ישענו: שִׂיחִים בְּדֶרֶךְ מַטָּעָתָם. עוֹמְסִים בְּשַׁוְעָתָם. עֲנֵם בְּקוֹל פְּגִיעָתָם. והושיענו אלהי ישענו: פּוֹעֵל יְשׁוּעוֹת. פְּנֵה לְפִלּוּלָם שְׁעוֹת. צַדְּקֵם אֵל לְמוֹשָׁעוֹת. והושיענו אלהי ישענו: קוֹל רִגְשָׁם תִּשַּׁע. תִּפְתַּח אֶרֶץ וְיִפְרוּ יֶשַׁע. רַב לְהוֹשִׁיעַ וְלֹא חָפֵץ רֶשַׁע. והושיענו אלהי ישענו:

וַואסֶער תענה קדושים דוא הָאסְט גִיעֶנְטְפֶערְט צוּ דִי הֵיילִיגֶע יוּדֶען וָואס הָאבֶּען צוּ דִיר מְנַסֵּךְ גִיוֶועֶן וַואסֶער אַז דָאס בְּהַמ"ק אִיז גִישְׁטַאנֶען פוּן וֶועגֶן דָוִד הַמֶּלֶךְ וָואס עֶר אִיז גִיוֶועֶן דֶער ראש אִיבֶּער דִיא זִינְגֶערְס וָואס עֶר הָאט גִילוּסְט צוּ טְרִינְקֶען וַואסֶער פוּן בֵּית לֶחֶם אוּן אַז מֶען הָאט אִים גִיבְּרַאכְט וַואסֶער פוּן דָארְט הָאט עֶר גִיזָאגְט עֶס אִיז פַאר מִיטֶן צוּ מִיר צוּ טְרִינְקֶען דִיא וַואסֶער דוא זָאלְסְט אוּנְז עֶנְטְפֶערִין וָואס מִיר בֶּעטֶען פַאר דִיר מִיט פִיר עֶרְלֵייא פְלַאנְצוּנְג וָואס אִיז לוּלָב אֶתְרוֹג הֲדַס עֲרָבָה פוּן וֶועגִין וַואסֶער פוּן וֶועגִין דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וָואס עֶר וֶוערְט אָן גִירוּפֶן תַּלְפִּיּוֹת וָואס דוּרְךְ אִים אִיז גִינַאנְגֶן אוֹיף דֶער וֶועלְט רֶעגִין בֶּעטִין מִיר דִיךְ הַיינְט אוֹיךְ אַז דִיא עֶרְד זָאל גִיהָאלְפֶען וֶוערִין אוּן דִיא הִימְלֶען זָאלֶען מַאכֶען טְרִיפֶען רֶעגֶען אוּן זָאלְסְט אוּנְז מַצְלִיחַ זַיין אוּן זָאלְסְט אוּנְז הֶעלְפֶען דוּא אוּנְזֶער שְׁטַארְקֶער גָאט:

**רחם** נא קהל עדת ישורון דֶער בַּארִים דִיךְ אִיבֶּער דֶעם רֶעכְט פַארְטִיג אַיין זַאמְלוּנְג דָאס זַיינֶען דִי יוּדֶען אוּן פַאר גִיבּ זַייעֶרֶע עֲבֵירוֹת אוּן הֶעלְף אוּנְז דוּ אוּנְזֶער גָאט פוּן אוּנְזֶער הִילְף:

**אז** כעיני עבדים פוּן לַאנְג זֶען הָאבֶּען מִיר צוּ דִיר אַזוֹי וִוי דִי אוֹיגֶען פוּן דִי קְנֶעכְט הָאבֶּען צוּ דִיא הֶענְט פוּן זַייעֶרֶע הֶערִין מִיר קוּמֶען הַיינְט אוֹיךְ פַאר דִיר וָואס דוּ הָאסְט הֶערְשַׁאפְט אוּן בִּיסְט צַהַאר אִיבֶּער אַלֶע הֶערֶען הן גשנו בתחנון מִיר הָאבֶּען הַיינְט גִינֶעהֶנְט מִיט גִיבֶּעט צוּ דִיר וָואס דוּ בִּיסְט אַ רַחוּם וְחַנּוּן אוּן מִיר הָאבֶּען דֶער צֵיילְט דַיינֶע ווּאוּנְדֶער מִיט שַׁארְפֶע רֵייד זבת חלב ודבש אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וָואס עֶס אִיז אַפְּטֶע לַאנְד אוּן עֶס רִינְט מִילְךְ אוּן הָאנִיק בֶּעט אִיךְ דִיךְ אַז עֶס זָאל נִיט דַאר וֶוערֶן מַחֲמַת וֶוייניג רֶעגֶן אַיין זַאמְלוּנְג פוּן פִיל וַואסֶער זָאלְסְטוּ אַיין זַאמְלֶען אוּן אִיר פְרוּכְט פוּן דֶר עֶרְד טענו בשמנה לָאד אוּנְז זֶען מִיט אַפֶּעט יָאר מִיט תְּבוּאָה אוּן מִיט פֵּירוֹת בִּזְכוּת וָואס מִיר זַיינֶען מְקַיֵּם דִי זִיבֶּן טֶעג פֶּסַח אוּן דִי אַכְט טֶעג סוּכּוֹת גָאט אִיז אַצַדִּיק אוּן גְרֶעכְט פַארְטִיגֶער כרת ברית לארץ דוּ הָאסְט כּוֹרֵת בְּרִית גִיוֶועֶן צוּ דֶער עֶרְד אַז כָּל זְמַן אַז דִיא וֶועלְט וֶועט שְׁטֵיין אַז עֶס זָאל נִיט קוּמֶען קֵיין בְּרָאךְ קֵיין מַבּוּל אוֹיף דֶער וֶועלְט מִיט דִיא עֲרָבוֹת וָואס וַואקְסֶען בַּיי דִיא בֶּעךְ וַואסֶער בֶּעטִין מִיר דִיךְ גִידֵיינְק צוּא אוּנְז דָאס וָואס מִיר הָאבֶּן מְנַסֵּךְ גִיוֶוען וַואסֶער אַז דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז גִישְׁטַאנֶען שיחים בדרך מטעתם

שַׁעֲרֵי שָׁמַיִם פְּתַח. וְאוֹצָרְךָ הַטּוֹב לָנוּ תִפְתַּח. תּוֹשִׁיעֵנוּ וְרִיב אַל תִּמְתַּח. וְהוֹשִׁיעֵנוּ אֱלֹהֵי יִשְׁעֵנוּ:

ש״ץ קוֹל מְבַשֵּׂר מְבַשֵּׂר וְאוֹמֵר: והקהל חוזר

אוֹמֶץ יֶשְׁעֲךָ בָּא. קוֹל דּוֹדִי הִנֵּה זֶה בָּא. מְבַשֵּׂר וְאוֹמֵר: קוֹל בָּא בְּרִבְבוֹת כִּתִּים: לַעֲמוֹד עַל הַר הַזֵּיתִים. מ״ו: קוֹל גִּשְׁתּוֹ בַּשּׁוֹפָר לִתְקַע. תַּחְתָּיו הַר יִבָּקַע. מ״ו: קוֹל דָּפַק וְהֵצִיץ וְזָרַח. וּמָשׁ חֲצִי הָהָר מִמִּזְרָח. מ״ו: קוֹל הֵקִים מִלּוּל נְאֻמוֹ. וּבָא הוּא וְכָל קְדוֹשָׁיו עִמּוֹ. מ״ו: קוֹל וּלְכָל בָּאֵי הָעוֹלָם בַּת קוֹל יִשָּׁמַע בָּעוֹלָם. מ״ו: קוֹל זֶרַע עֲמוּסֵי רַחְמוֹ. נוֹלְדוּ כְּיֶלֶד מִמְּעֵי אִמּוֹ. מ״ו: קוֹל חָלָה וְיָלְדָה מִי זֹאת. מִי שָׁמַע כָּזֹאת. מ״ו: קוֹל טָהוֹר פָּעַל כָּל אֵלֶּה. וּמִי רָאָה כָּאֵלֶּה. מ״ו: קוֹל יֶשַׁע וּזְמַן הוּחַד. הֲיוּחַל אֶרֶץ בְּיוֹם אֶחָד. מ״ו: קוֹל כַּבִּיר רוֹם וָתַחַת. אִם יִוָּלֵד גּוֹי פַּעַם אֶחָת. מ״ו: קוֹל לְעֵת יִגְאַל עַמּוֹ נָאוֹר וְהָיָה לְעֵת עֶרֶב יִהְיֶה אוֹר. מ״ו: קוֹל מוֹשִׁיעִים יַעֲלוּ

דִיא כּוּימֶער פוּן דִי פִיר מִינִים אַזוֹי וִוי זֵיי וַואקְסֶען אִין גַאנְצֶען גִיפְלַאנְצְט טְרָאגֶען זֵיי בְּשַׁעַת אַז זֵייא שְׁרַייעֶן אוּן זַיינֶען מִתְפַּלֵּל פַאר גָאט בִּזְכוּת זֶה עֶנְטְפֶער זֵייא אִין דֶעם קוֹל פוּן זֵייעֶר תְּפִלָּה פּוֹעֵל ישועות גָאט וָואס עֶר וֶוערְקְט הִילְף קֶער דִיךְ צוּ זֵייעֶר תְּפִלָּה צוּ פַאר נֶעמֶען זֵיי אוּן מַאךְ זֵייא גִירֶעכְט אִין דֶעם מִשְׁפָּט דוּא גָאט וָואס דוּ בִּיסְט אַ גָאט אוֹיף צוּא הֶעלְפֶען קול רנשם תשע דָאס קוֹל פוּן זֵייעֶר תְּפִלָּה וָואס זֵיי זַיינֶען מִתְפַּלֵּל מִיט בְּרוּמוּנְג זָאלְסְטוּ מְקַבֵּל זַיין דִיא עֶרְד זָאל אָפֶען וֶוערֶען צוּ גֶעבֶּען אִיר תְּבוּאָה אוּן דִי הִילְף זָאל גִימֶערְט וֶוערֶען פוּן גָאט גָאט מֶערְט צוּא הֶעלְפֶען ולא חפץ רשע אוּן בַּאגֶערְט נִיט קֵיין שְׁלֶעכְץ:

**שַׁעֲרֵי** שמים פתח דִי טוֹיעֶרְן פוּן דֶעם הִימֶעל זָאלְסְטוּ עֶפֶענֶען צוּ גֶעבֶּן רֶעגֶען פוּן דַיין גוּטֶען אוֹצָר אוּן זָאלְסְט הֶעלְפֶען אוּן דִי קְרִיג זָאלְסְטוּ נִיט פַאר שְׁפְּרֵייטֶן אַנְטְקֶעגֶען אוּנְז צוּ מִשְׁפְּטֶ׳ן אוּנְז אוּן דוּא אוּנְזֶער גָאט פוּן אוּנְזֶער הִילְף:

**קוֹל** מבשר דֶער קוֹל פוּן דֶעם וָואס וֶועט קוּמֶען מְבַשֵּׂר זַיין דָאס אִיז אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא וָואס עֶר וֶועט קוּמֶען פְרִיעֶר פוּן מָשִׁיחַ בֶּן דָוִד מבשר ואומר וֶועט עֶר מְבַשֵּׂר זַיין אוּן וֶועט זָאגֶען:

**אוֹמֶץ** דָם שְׁטַארְקַייט עֶס אִיז פַאר וָואר אַז דַיין הִילְף אִיז גִיקוּמֶן אוּן דֶר קוֹל פוּן מַיין פְרַיינְד דָאס אִיז גָאט אִיז גִיקוּמֶן דָאס וֶועט עֶר מְבַשֵּׂר זַיין אוּן וֶועט זָאגֶן קול בא ברבבות כתים עֶר וֶועט מְבַשֵּׂר זַיין אוּן וֶועט זָאגֶן אַז דֶער קוֹל פוּן גָאט אִיז גִיקוּמֶן מִיט צֶעהֶן טוֹיזֶינְד כִּיתּוֹת פוּן מַלְאָכִים צוּ שְׁטֶעלֶען זִיךְ אוֹיף דֶעם הַר הַזֵּיתִים הֶעלְפֶען צוּ דִי יוּדֶן פוּן גוֹג וּמָגוֹג אוּן מֶען וֶועט מְבַשֵּׂר זַיין אַז דֶער קוֹל פוּן גָאט אִיז גִיקוּמֶן גִיגֶעהֶן צוּ בְּלָאזֶען מִיט דֶעם גְרוֹיסֶען שׁוֹפָר אוּן אוּנְטֶער אִים וֶועט צוּ שְׁפָּאלְטֶן וֶוערֶן דֶער הַר הַזֵּיתִים קול דופק והציץ וזרח אוּן וֶועט מְבַשֵּׂר זַיין אַז דֶער קוֹל פוּן גָאט הָאט גִיקְלַאפְּט אוּן גָאט הָאט גִילוּגְט אוּן גִישַׁיינְט אוּן אַהַאלְבֶּר בַּארְג הָאט זִיךְ אָפּ גִיטָאן פוּן מִזְרָח בִּיז מַעֲרִיב קול הקים מלול נואמו דֶער קוֹל פוּן דֶעם מְבַשֵּׂר וֶועט קוּמֶען אוּן וֶועט זָאגֶן אַז גָאט הָאט מְקַיֵּים גִיוֶועֶן וָואס עֶר הָאט מַבְטִיחַ גִיוֶועֶן דוּרְךְ דִי נְבִיאִים עֶר וֶועט מְבַשֵּׂר זַיין אַז גָאטְס קוֹל אִיז גִיקוּמֶן צוּ דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אוּן אַבַּת קוֹל אִיז גִיהֶערְט גִיוָארֶן אוֹיף דֶער וֶועלְט קול זרע עמוסי רחמו פוּן דֶעם טְרַאכְט אָן זַיינֶן זֵיי גִּיי גִיבָּארֶן אַז אַיין קִינְד פוּן מוּטֶער לַייבּ עֶס וֶועט קוּמֶען אַקוֹל פוּן דֶעם מְבַשֵּׂר אַז דִיא שְׁטָאט צִיּוֹן הָאט גִיהַאט וֶוייטָאג וִויא אֵיין אִשָּׁה מְעוּבֶּרֶת אוּן הָאט גִיוואוּנְגֶען דִי יוּדֶען וָואס אוֹיף זֵיי אִיז גִיזָאגְט אוּן דִי וֶועלְט וֶועט זִיךְ פַאר וואוּנְדֶרֶן אוּן וֶועלִין זָאגִין וֶוער הָאט גִיהֶערְט אַזוֹי אַזַאךְ קול טהור פעל כל אלה עֶס וֶועט קוּמֶן אַקוֹל פוּן דֶעם מְבַשֵּׂר אַז גָאט הָאט עֶם דָאס אַלְץ גִיוֶוערְקְט אוּן וֶוער הָאט גִיזֶעהֶן אַזֶעלְכֶע נִסִּים וִויא דִיא דָאזִיגֶע דֶער קוֹל פוּן דֶעם מְבַשֵּׂר וֶועט קוּמֶען אוּן וֶועט זָאגֶין

לְהַר צִיּוֹן. כִּי חָלָה גַּם יָלְדָה צִיּוֹן. מ״ו: קוֹל נִשְׁמַע בְּכָל גְּבוּלֵךְ. הַרְחִיבִי מְקוֹם אָהֳלֵךְ. מ״ו: קוֹל שִׂימִי עַד דַּמֶּשֶׂק מִשְׁכְּנוֹתַיִךְ. קַבְּלִי בָנַיִךְ וּבְנוֹתַיִךְ. מ״ו: קוֹל עִלְזִי חֲבַצֶּלֶת הַשָּׁרוֹן. כִּי קָמוּ יְשֵׁנֵי חֶבְרוֹן. מ״ו: קוֹל פְּנוּ אֵלַי וְהִוָּשְׁעוּ. הַיּוֹם אִם בְּקוֹלִי תִשְׁמָעוּ. מ״ו: קוֹל צֶמַח אִישׁ צֶמַח שְׁמוֹ. הוּא דָוִד בְּעַצְמוֹ. מ״ו: קוֹל קוּמוּ כְּפוּשֵׁי עָפָר. הָקִיצוּ וְרַנְּנוּ שׁוֹכְנֵי עָפָר. מ״ו: קוֹל רַבָּתִי עָם בְּהַמְלִיכוֹ. מִגְדּוֹל יְשׁוּעוֹת מַלְכּוֹ. מ״ו: קוֹל שֵׁם רְשָׁעִים לְהַאֲבִיד. עֹשֶׂה חֶסֶד לִמְשִׁיחוֹ לְדָוִד. מ״ו: קוֹל תְּנָה יְשׁוּעוֹת לְעַם עוֹלָם. לְדָוִד וּלְזַרְעוֹ עַד עוֹלָם. מְבַשֵּׂר וְאוֹמֵר:

## ג״פ קוֹל מְבַשֵּׂר מְבַשֵּׂר וְאוֹמֵר: הושיעה את עמך וכו׳

מען זאל אפּ קלאפּען דיא ערבה אויף דער ערד דוקא, און עס זאל מער ניט זיין וויא פינעף ריטלאך אין דיא ערבה, און מען זאל מער ניט קלאפּען וויא פינעף מאל אזויא שרייבען דיא מקובלים, און נאך דעם אפּ שלאגען דיא ערבה זאל מען זאגען דיא תחנה:

ק״ש א״כ עלינו ק״י. אחר חביטת הערבה יאמר זה:

**יְהִי** רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ הַבּוֹחֵר בִּנְבִיאִים טוֹבִים וּבְמִנְהֲגֵיהֶם הַטּוֹבִים שֶׁתְּקַבֵּל בְּרַחֲמִים וּבְרָצוֹן אֶת תְּפִלָּתֵנוּ וְהַקָּפוֹתֵינוּ:

די הילף איז גיקומען אין איין צייט און מען וועט זאגען קאן דען אלאנד גיבארען ווערין אין איין טאג דער קול פון דעם מבשר וועט קומען אז דער פיל קראפטיגער גאט וואס האט באשאפען די הויך מיט דעם נידער האט דאס גיטאן ווארום אז ניט קאן דען אפאלק גיבארען ווערין אין איין מאל קול לעת יגאל עמו נאור דער קול פון גאט וואס ווערט אן גירופען נאור אין דער צייט אז ער וועט אויס לייזען זיין פאלק אין דער צייט פון אבינט וועט דיא ליכט זיין פון דר גאולה עס וועט קומען אקול פון דעם מבשר אז העלפערס זאלין אויף גיין אין ציון אז די שטאט ציון האט גיהאט ווייטאג אזוי ווי איין אשה וואס גייט צו קינד און האט גיוואינען אירע יודען עס וועט אקול גיהערט ווערין אין אלע דיינע גימארקען מאך ברייט דאס ארט פון דיין גיצעלט פון וועגן פיל יודען וואס וועלען קומען צו דיר קול שימי עד דמשק משכנותיך עס וועט קומען אקול פון דעם מבשר טוא ביז דמשק דיין וואנונג און זייא מקבל דיינע זין מיט דיינע טעכטער צו דיר עס וועט קומען אקול פון דעם מבשר פרייט זיך איר יודען וואס ווערט אן גירופען חבצלת השרון ווארום די אבות זיינען אויף גישטאנען תחית המתים פריער פאר אלע יודען צו קומען מיט משיח בן דוד קול עס וועט קומען אקול פון דעם מבשר אז לעתיד לבא וועט גאט זאגן צו דיא יודען קערט אייך צו מיר און ווערט גיהאלפען אויב איר וועט היינט אין מיין קול צו הערן קול צמח איש צמח שמו עס וועט קומען אקול פון דעם מבשר אז משיח בן דוד וועט קומען וואס ווערט אן גירופען צמח און דאס איז דוד המלך אליין עס וועט קומען אקול פון דעם מבשר אז דיא מתים וואס זיינען צוא גידעקט מיט ערד זאלען אויף שטיין וואכט אייך אויף און זינגט איר וואס ליגט אין דער ערד קול רבתי עם בהמליכו אין דיא צייט אז משיח בן דוד וועט קיניגען וועט קומען אקול קיין ירושלים וואס זיא ווערט אן גירופען רבתי עם אז גאט וועט גרייסען די הילף פון זיין קעניג משיח און ער וועט חסד טאן צוא זיין גיזאלבטען מלכות דאס איז דוד המלך, דאס איז דער שליח צבור מתפלל פאר גאט גיב אהילף צוא דיא יודען וואס זיינען דיין פאלק פון אייביג אזוי וויא דוד המלך האט מתפלל גיוועזען אז גאט זאל טאן חסד צוא אים און צו זיינע קינדער ביז אייביג מבשר ואומר און עס זאל ארוים גיין אקול בשורה אויף דער וועלט אז גאט גיט הילף צוא דיא יודען:

**יהי** רצון מלפניך עס זאל זיין דער ווילען פאר דיר דו גאט אונזער גאט און גאט פון אונזערע עלטערען וייל דו האסט אויס דער ווילט אן דיא היילגע נביאים און אן זייערע גוטע

וזכר לנו זכות שבעת תמימיך. ותסר מחיצת הברזל המפסקת בינינו ובינך ותאזין שועתנו. ותיטיב לנו החתימה. תולה ארץ על בלימה. ותחתמנו בספר חיים טובים. והיום הזה תתן בשכינת עזך חמשה גבורות ממתקות על ידי חביטת ערבה מנהג נביאיך הקדושים. ותתעורר האהבה ביניהם ותנשקנו מנשיקות פיך ממתקת כל הגבורות וכל הדינין. ותאיר לשכינת עזך (יו״ד ה״א וא״ו) שהוא טל אורות טלך ומשם תשפיע שפע לעבדך המתפלל לפניך מחילה שתאריך ימי ותמחול לי חטאי ועונותי ופשעי ותפשוט ימינך וידך לקבלני בתשובה שלמה לפניך ואוצרך הטוב תפתח להשביע מים נפש שוקקה כמו שכתוב יפתח יי לך את אוצרו הטוב את השמים לתת מטר ארצך בעתו ולברך את כל מעשה ידך. אמן:

מנהגים אזוי ווי מיר טוען נאר וויא מיר האבן מקבל גיווען פון אונזערע עלטערן אזוי זאלסטו מקבל זיין אונזערע גיבעט און ארום רינגלען מיט דער בארימקייט און מיט גוטן ווילען וזכור לנו זכות שבעת תמימיך דו זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות פון דיא זיבען גאנץ פרומע אבות אברהם יצחק יעקב משה אהרן דוד ושלמה, און אין זייער זכות זאלסטו אפ טאן די אייזערנע וואנט דאס מיינט מען די קליפות וואס זייגען מפסיק צווישען אונז און צווישען דיר אזוי וויא איין אייזערנע וואנט כדי אונזער תפלה זאל ניט אויף גיין צוא דיר בעטין מיר דיך דו זאלסט זיא אפ טאן וועט אונזער תפלה גלייך א״יף גיין צוא דיין הייליגען נאמען תאזין שועתינו און זאלסט פאר נעמען אונזער גישריי און זאלסט אונז אן חתמנן צו גוטען תולה ארץ על בלימה דו גאט וואס דוא האסט באשאפען דיא וועלט און האסט זיא אויף גיהאנגען אויף גאר נישט זאלסטו אונז אן חתמנן צו גוטען אין בוך פון לאנג לעבען אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט און קיינער קען דיך ניט ווערען און אן דעם היינטיגען טאג זאלסטו געבען איין דער לייכטונג אין דער הייליגער שכינה און די פינף מקטרגים וואס ווילען אלע צייט מקטרג זיין אויף אונז די זעלביגע ווערען אונטער טעניג דורך אונזער אפ שלאגען די ערבה און אזוי ווי מיר האלטען דעם מנהג פון אונזערע הייליגע נביאים ותתעורר האהבה ביניהם זאלסטו דער וועקן דאס ליבשאפט פון אונזערע עלטערן אויף אונז און זאלסט אויף אונז גיסען דעם טויא אזויא וויא דו האסט גיגאסען אויף אונזערע עלטערן בשעת זייא האבען מקבל גיווען די הייליגע תורה און פון דעם אוצר זאלסטו מיר פב״פ דיא פאר דיר שטייט מיט גיבעט שתאריך ימי זאלסטו מיר געבען לעבען און זאלסט מיר מוחל זיין אויף מיינע עבירות און זאלסט ארויס שטרעקן דיין רעכטי האנד אן צו נעמען די תשובה וואס איך האב גיטאן פאר דיר און זאלסט מיר עפענען דעם אוצר פון דעם גן עדן און זאלסט אונז אן זעטין אגוטע חתימה פון לאנג לעבין און גוטע משא ומתן מיט מיין מאן און קינדער אזוי וויא אין פסוק שטייט יפתח ה׳ לך את אוצרו הטוב וכו׳ גאט זאל געבען מזל און ברכה צוא אלע מיינע טעג און דאס איך זאל
באגליקען אין אלע מיינע טעג אמן:

דיא תחנה זאגט מען ווען מען בייסט אפ דעם פיטום פון דעם אתרוג:

רבש״ע הער פון דער וועלט ווייל חוה האט גיגעסין פון דעם עפיל זאלין מיר אלע ווייבער ליידען אזוי אין צער פון טראגען, און ווען איך וואלט דענסטמאל גיווען וואלט איך בודאי ניט גיוואלט קיין הנאה האבען פון דעם עפיל. אזוי וואויל אז איצונד האב איך פון דעם אתרוג קיין הנאה גיהאט גאנצע זיבען טעג מחמת ער איז גיגעבין גיווארען צו איין מצוה און אפילו היינט אין הושענא רבה איז שוין די מצוה אויס פון דעסט וועגען האב איך נאך קיין חשק ניט הנאה צו האבן פון אים, אזוי ווייניק הנאה וואס איך האב פון דעם פיטום אזו ווייניק וואלט איך הנאה גיהאט פון דעם עפיל וואס דו האסט פאר באטען הנאה האבען:

זמן הדלקת נר חנוכה בתחלת הלילה . ואם שכח להדליק בתחלת הלילה יוכל להדליק כל הלילה . יתן שמן או נר כשיעור שידלק חצי שעה . בע"ש ידליק מקודם נר חנוכה ואח"כ נר שבת . ובמוצ"ש יבדיל קודם ואח"כ ידליק נ"ח : בלילה הראשונה יאמר שהחיינו . ואם שכח לומר שהחיינו בשעת הדלקה יוכל לומר כל הלילה כשיזכור . בלילה הראשונה ידליק נר א' לימין המנורה . ובשניה ולהלן מוסיף והולך . ויתחיל להדליק בכל פעם מנר הימיני . אם שכח להדליק נר אחד ידליק אח"כ בלא ברכה :

בָּרוּךְ אַתָּה יְהֹוָה אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר חֲנוּכָּה :

בָּרוּךְ אַתָּה יְהֹוָה אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁעָשָׂה נִסִּים לַאֲבוֹתֵינוּ בַּיָּמִים הָהֵם בִּזְמַן הַזֶּה :

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה :

מיד אחר הדלקת נר הראשון שהוא עיקר יאמר הנרות הללו ויגמור הדלקתן בסוד שאומר הנרות הללו :

הַנֵּרוֹת הַלָּלוּ אָנוּ מַדְלִיקִין עַל הַנִּסִּים. וְעַל הַתְּשׁוּעוֹת. וְעַל הַנִּפְלָאוֹת וְעַל הַמִּלְחָמוֹת. שֶׁעָשִׂיתָ לַאֲבוֹתֵינוּ בַּיָּמִים הָהֵם בִּזְמַן הַזֶּה. עַל יְדֵי כֹּהֲנֶיךָ הַקְּדוֹשִׁים: וְכָל מִצְוֹת שְׁמוֹנַת יְמֵי חֲנֻכָּה : הַנֵּרוֹת הַלָּלוּ קֹדֶשׁ הֵן וְאֵין לָנוּ רְשׁוּת לְהִשְׁתַּמֵּשׁ בָּהֵן אֶלָּא לִרְאוֹתָן בִּלְבָד. כְּדֵי לְהוֹדוֹת וּלְהַלֵּל לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל עַל נִסֶּיךָ וְעַל נִפְלְאוֹתֶיךָ וְעַל יְשׁוּעָתֶךָ :

מָעוֹז צוּר יְשׁוּעָתִי · לְךָ נָאֶה לְשַׁבֵּחַ · תִּכּוֹן בֵּית תְּפִלָּתִי · וְשָׁם תּוֹדָה נְזַבֵּחַ · לְעֵת תָּכִין מַטְבֵּחַ · מִצָּר הַמְנַבֵּחַ · אָז אֶגְמוֹר · בְּשִׁיר מִזְמוֹר · חֲנֻכַּת הַמִּזְבֵּחַ :

רָעוֹת שָׂבְעָה נַפְשִׁי · בְּיָגוֹן כֹּחִי כִּלָּה · חַיַּי מֵרְרוּ בְּקוֹשִׁי · בְּשִׁעְבּוּד מַלְכוּת עֶגְלָה · וּבְיָדוֹ הַגְּדוֹלָה · הוֹצִיא אֶת הַסְּגֻלָּה · חֵיל פַּרְעֹה וְכָל זַרְעוֹ · יָרְדוּ כְּאֶבֶן בִּמְצוּלָה :

דְּבִיר קָדְשׁוֹ הֱבִיאַנִי · וְגַם שָׁם לֹא שָׁקַטְתִּי · וּבָא נוֹגֵשׂ וְהִגְלַנִי · כִּי זָרִים עָבַדְתִּי · וְיֵין רַעַל מָסַכְתִּי · כִּמְעַט שֶׁעָבַרְתִּי · קֵץ בָּבֶל · זְרֻבָּבֶל · לְקֵץ שִׁבְעִים נוֹשַׁעְתִּי :

כְּרוֹת קוֹמַת בְּרוֹשׁ · בִּקֵּשׁ אֲגָגִי בֶּן הַמְּדָתָא · וְנִהְיָתָה לוֹ לְפַח וּלְמוֹקֵשׁ : וְגַאֲוָתוֹ נִשְׁבָּתָה · רֹאשׁ יְמִינִי נִשֵּׂאתָ · וְאוֹיֵב שְׁמוֹ מָחִיתָ · רוֹב בָּנָיו וְקִנְיָנָיו · עַל הָעֵץ תָּלִיתָ :

יְוָנִים נִקְבְּצוּ עָלַי · אֲזַי בִּימֵי חַשְׁמַנִּים · וּפָרְצוּ חוֹמוֹת מִגְדָּלַי · וְטִמְּאוּ כָּל הַשְּׁמָנִים · וּמִנּוֹתַר קַנְקַנִּים · נַעֲשָׂה נֵס לַשּׁוֹשַׁנִּים · בְּנֵי בִינָה · יְמֵי שְׁמוֹנָה · קָבְעוּ שִׁיר וּרְנָנִים :

חֲשׂוֹף זְרוֹעַ קָדְשֶׁךָ · וְקָרֵב קֵץ הַיְשׁוּעָה · עֲשֵׂה נָא לְמַעַן שְׁמֶךָ לִהְיוֹת לָנוּ תְּשׁוּעָה · כִּי אָרְכָה לָנוּ הַיְשׁוּעָה · וְאֵין קֵץ לִימֵי הָרָעָה · מְחֵה פֶּשַׁע וְגַם רֶשַׁע · הָקֵם לָנוּ רוֹעֶה שִׁבְעָה :

א) דעם דרייצעהנטען טאג אין ניסן (ווען ער פאלט אויף פרייטאג, דאן איז דאנערשטאג) גלייך נאך מעריב איז דער עלשטער פון הויז בודק חמץ:

ב) מען געממט צוזאמען אללע געזייערטע ברויט (חמץ) פון גאנצען הויז אין איין ארט, דאבייי בעגעהט מען זיך זא:

ג) צו ערשט לאזט מען אוועקלייגען אין איינינגע ערטער קליינע שטיקלאך ברויט דאמיט מען זאל נים דארפען מאכען איין ברכה לבטלה:

ד) פאר דעם שיין פון אוועכסענע ליכט אונ מיט א פעדער אין האנד זוכט דער חמץ פון הויז אויפגעזוכט אונ אין א הילצערנע לעפעל אריין געלייגט צוזאמען מיט דעם פעדער אונ מים איין טיכעל ארומגעבונדען, אונ מען זאל עס אוועק לייגען אז קיין שרץ זאל נים קענען צוא קומען:

ה) אז ער זאל מאכין די ברכה אונ ער זאל נים רייד׳ן ביז ער וועט גומר זיין די בדיקה:

פאר דעם זוכען דעם חמץ זאגט מען דיא ברכה:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ עַל בִּעוּר חָמֵץ:

ו) נאך דער בדיקה נעמט מען צוזאמען אלע חמץ פון גאנצען הויז אין איין ארט אונ מען זאגט:

**כָּל חֲמִירָא וַחֲמִיעָא דְּאִכָּא בִרְשׁוּתִי דְּלָא חֲמִתֵּהּ וּדְלָא בִעַרְתֵּהּ וּדְלָא יָדַעְנָא לֵיהּ לִבָּטֵל וְלֶהֱוֵי הֶפְקֵר כְּעַפְרָא דְאַרְעָא:**

ווער עס פאר שטייט נים קיין לשון קודש מעג זאגען אויף עברי טייטש פאלגענדען טעקסט:

כל חמירא: אלע זויערטייג אונ אלע געזייערטע ברויט וועלכע עס געפינט זיך אין מיין רשות ביי איך דאס מבטל אונ דאס זאל זיין הפקר וויא דיא שטויב פון דיא ערד:

## דינים פון חמץ פאר ברענען:

ט) דעם פירצעהנטען טאג אין ניסן (ער״פ) מעג מען עסען חמץ נים שפעטער וויא ביז 9 אוהר אין דער פריא, די צוריק געבליבענע עסענוואַרג צוזאמען מיט דיא געבליבענע פון נאך דער בדיקה, פערברענט מען נים שפעטער פון 10 אוהר אין דער פריא, ווען דער פירצענטער טאג פאלט אויף שבת, דאן פערברענט מען דאס חמץ פרייטיג מיט איין טאג פריער, נים שפעטער וויא ביז 12 אוהר האלבען טאג. אונ מען מעג עסען חמץ צו דער ביינאכטיגע סעודה אונ אויך צו שבת פריהדיגע סעודה:

ערב פסח נאך דעם פערברענען דעם חמץ (ווען ער״פ פאלט אויף שבת נאך די מארגענדיגע סעודה) איז מען מבטל אין הארצען דעם חמץ אונ מען זאגט:

**כָּל חֲמִירָא וַחֲמִיעָא דְּאִכָּא בִרְשׁוּתִי דַּחֲזִתֵּהּ וּדְלָא חֲזִתֵּהּ דַּחֲמִתֵּהּ וּדְלָא חֲמִתֵּהּ דְּבִעַרְתֵּהּ וּדְלָא בִעַרְתֵּהּ בָּטֵל וְלֶהֱוֵי הֶפְקֵר כְּעַפְרָא דְאַרְעָא:**

## סדר ערוב תבשילין

יום טוב טאר מען נים קאכען אויף שבת אונ ווען יום טוב פאלט אויף פרייטאג טאר מען יום טוב נים ארבייטען אן צו גרייטען עסען ווארג אויף שבת סיידען מען זאל מאכען ערב יום טוב איין ערוב תבשילין. דהיינו מען נעמט ערב יום טוב איין שטיק חלה אדער ברויט מער מצוה איז צו נעמען איין חלה וואס איז אן גיגרייט אויף שבת פריא אדער אויף סעודה שלישית אויך געבט מען א כזית גיקאכטע פלייש, אונ מען זאגט:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ עַל מִצְוַת עֵרוּב:

**בְּדֵין יְהֵא שָׁרֵא לָנָא לַאֲפוּיֵי וּלְבַשּׁוּלֵי וּלְאַטְמוּנֵי וּלְאַדְלוּקֵי שְׁרָגָא וּלְתַקָּנָא וּלְמֶעְבַּד כָּל צָרְכָּנָא מִיּוֹמָא טָבָא לְשַׁבְּתָא לָנָא וּלְכָל יִשְׂרָאֵל הַדָּרִים בָּעִיר הַזֹּאת:**

---

קַדֵּשׁ. וּרְחַץ. כַּרְפַּס. יַחַץ. מַגִּיד. רָחְצָה. מוֹצִיא. מַצָּה.
מָרוֹר. כּוֹרֵךְ. שֻׁלְחָן עוֹרֵךְ. צָפוּן. בָּרֵךְ. הַלֵּל. נִרְצָה.

קדש מען לאזט יין איינשענקען דעם ערשטען כוס און מען מאכט קידוש פאר דעם קידוש זאגט מען דאס:

הריני מוכן ומזומן לקים מצות כוס ראשון מארבע כוסות לשם יחוד קודשא בריך הוא ושכינתיה על ידי ההוא טמיר ונעלם בשם כל ישראל:

אום שבת פאנגט מען אן דא:

בלחש ויהי ערב ויהי בקר

יום הששי. ויכלו השמים והארץ וכל צבאם: ויכל אלהים ביום השביעי מלאכתו אשר עשה וישבת ביום השביעי מכל מלאכתו אשר עשה: ויברך אלהים את יום השביעי ויקדש אתו כי בו שבת מכל מלאכתו אשר ברא אלהים לעשות:

כשחל בחול מתחילין כאן סברי מרנן ורבנן ורבותי:

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם בורא פרי הגפן:

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר בחר בנו מכל עם ורוממנו מכל לשון וקדשנו במצותיו ותתן לנו יי אלהינו באהבה (לשבת שבתות למנוחה ו) מועדים לשמחה חגים וזמנים לששון (את יום השבת הזה ו) את יום חג המצות הזה. זמן חרותנו (באהבה) מקרא קדש זכר ליציאת מצרים. כי בנו בחרת ואותנו קדשת מכל העמים (ושבת ו) מועדי קדשך (באהבה וברצון) בשמחה ובששון הנחלתנו ברוך אתה יי מקדש (השבת ו) ישראל והזמנים:

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה:

ווען פסח איז אום מוצאי שבת זאגט מען דאס פאר שהחינו:

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם בורא מאורי האש:

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם המבדיל בין קדש לחול בין אור לחשך בין ישראל לעמים בין יום השביעי לששת ימי המעשה. בין קדשת שבת לקדשת יום טוב הבדלת. ואת יום השביעי מששת ימי המעשה קדשת. הבדלת וקדשת את עמך ישראל בקדשתך: ברוך אתה יי המבדיל בין קדש לקדש: שהחינו

ורחץ וואש דיא הענט און זאג ניט דיא ברכה פון על נטילת ידים:

כרפס נעם איין שטיקעל גרינס און טונק איין אין זאלץ וואסער און מאך די ברכה:

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם בורא פרי האדמה:

יחץ טייל איבער די מיטעלסטע מצה דאס איז דער לוי אויף צוויא טייל די גרויסע טייל נעם ארויס פון צווישען די מצות און ליינ אונטער דיא קישען פון וועגען דעם אפיקומן:

**מגיד** גֶעם פון דֶעם טֶעלֶער אַרָאפּ די זְרוֹעַ אונ דָאס אֵיי אונ הויבּ אויף דֶעם טֶעלֶער אונ זָאג:

הִנְנִי מוּכָן וּמְזוּמָּן לְקַיֵּם הַמִּצְוָה לְסַפֵּר בִּיצִיאַת מִצְרַיִם לְשֵׁם יִחוּד קוּדְשָׁא בְּרִיךְ הוּא וּשְׁכִינְתֵּיהּ עַל יְדֵי הַהוּא טָמִיר וְנֶעְלָם בְּשֵׁם כָּל יִשְׂרָאֵל:

הָא לַחְמָא עַנְיָא דִּי אֲכָלוּ אַבְהָתָנָא בְּאַרְעָא דְמִצְרָיִם. כָּל דִּכְפִין יֵיתֵי וְיֵיכוֹל. כָּל דִּצְרִיךְ יֵיתֵי וְיִפְסַח. הָשַׁתָּא הָכָא. לְשָׁנָה הַבָּאָה בְּאַרְעָא דְיִשְׂרָאֵל. הָשַׁתָּא עַבְדֵי. לְשָׁנָה הַבָּאָה בְּנֵי חוֹרִין:

הַיּים אָן גיסין דֶעם כּוֹס אונ דֶער זון פְרֶעגְט דֶעם פָאטֶער דיא פִיר קַשְׁיוֹת:

מַה נִּשְׁתַּנָּה הַלַּיְלָה הַזֶּה מִכָּל הַלֵּילוֹת. שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אָנוּ אוֹכְלִין חָמֵץ וּמַצָּה. הַלַּיְלָה הַזֶּה כֻּלּוֹ מַצָּה: שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אָנוּ אוֹכְלִין שְׁאָר יְרָקוֹת. הַלַּיְלָה הַזֶּה מָרוֹר: שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אֵין אָנוּ מַטְבִּילִין אֲפִילוּ פַּעַם אֶחָת. הַלַּיְלָה הַזֶּה שְׁתֵּי פְעָמִים: שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אָנוּ אוֹכְלִין בֵּין יוֹשְׁבִין וּבֵין מְסֻבִּין. הַלַּיְלָה הַזֶּה כֻּלָּנוּ מְסֻבִּין:

## תרגום עברי

הא לחמא עניא. דָאס איז די אָרֶעמֶע בְּרוֹיט וָואס אונזֶערֶע עֶלְטֶערִין הָאבְּן (אַזֶעלְכֶע) גִיגֶעסִין אין לַאנְד מִצְרַיִם, וֶוער עס איז הונגֶעריג קָאן קומֶען עסֶען מיט אונז, וֶוער עֶס איז בֶּעדֶערְפְטִיג קָאן קומֶען פַייֶערִין מיט אונז דֶעם פֶּסַח. דֶעם יָאהְר זַיינֶען מִיר דָא, אִיבֶּער אַיָאהְר וֶועלֶען מִיר זַיין אין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. דֶעם יָאהְר זַיינֶען מִיר קְנֶעכְט, אִיבֶּער אַיָאהְר הָאפֶען מִיר צו זַיין פְרַייֶע לֵייטֶע:

מה נשתנה. וָוארוּם איז דָאס נַאכְט (פון סֵדֶר) אויסְגֶעצֵייכֶענְט פון אַלֶע אִיבֶּרִיגֶע נֶאכְט (פון גַאנְץ יָאהְר). אַלֶע נַאכְט קָאנֶן מִיר עֶסֶען חָמֵץ אונ מַצָּה, (הלילה הזה) דִיזֶע נַאכְט נור מַצָּה? אין אַלֶע נֶעכְט קֶענֶען מיר עֶסֶען אַלֶערְלֵייא קְרַייטִיכֶער, די נַאכְט (פון פֶּסַח) נור בִּיטֶערֶע? אַלֶע נַאכְט בְּרוֹיכֶען מִיר נִיט אֵיינְטוּנְקֶען אֲפִילוּ אֵיין מָאל. דִיא נַאכְט–צְווייא מָאל? (פֶעטֶערְזִילְיֶע אין זַאלְצְוַואסֶער אונ בִּיטֶערֶע קְרַייטֶער אין חֲרוֹסֶת). אַלֶע נַאכְט עֶסִין מִיר וִויא מִיר ווילֶען אָן גֶעלֶענְט אָדֶער נִיט, דִיא נַאכְט זִיטְצֶען מִיר אַלֶע אָנְגֶעלֶענְט?.

---

### ספורי גאולת מצרים

דיא תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה הָאט אונז בַּאפוילִין צו דֶערְצֶעהלִין די נִסִּים וְנִפְלָאוֹת וָואס גָאט הָאט גֶעטהוּן מיט אונזֶערֶע עֶלְטֶערְן אין מִצְרַיִם דֶער פְּפְלִיכְט לִיגְט אויף יֶעדֶען יוּדֶען. וַוייל גִיט אונזֶערֶע עֶלְטֶערְן אַלֵיין הָאט גָאט בֶּעפְרַייט פון סְקְלַאפֶערַייא נור אונז אויך, ווי דֶער בַּעַל הַגָּדָה זָאגְט. דַארוּם הָאבֶּען אונזֶערֶע חֲכָמִים מְתַקֵּן גִיוֶועזֶען דיא הַגָּדָה שֶׁל פֶּסַח כְּדֵי דיא יוּדֶען זָאלִין יוֹצֵא זַיין מיט דיא מִצְוָה פון „לְמַעַן תְּסַפֵּר", נור פַאר דיא יְחִידֵי סְגוּלָה איז וֶוייניג דיא הַגָּדָה אַלֵיין, אויף

### משלי חכמים

הָא לַחְמָא עַנְיָא. אַמָאל איז גֶעוֶועזֶען דֶער נוּסַח „הָא כְּלַחְמָא". אונ יֶעטְצְט זָאגֶען מִיר דֶעם נוּסַח „הָא לַחְמָא". דֶער דוּבְּנֶער מַגִּיד רַבִּי יַעֲקֹב זצ"ל זָאגְט אויף דֶעם אַמָשָׁל: אַ אָרֶעמַאן פְּלֶעגְט אַרוּמְפָאהרֶען פון שְׁטָאדְט צוּא שְׁטָאדְט פַארְקוֹיפֶען קְלֵיינִיגְקֵייטֶען: צִיצִית, תְּפִילִין, מְזוּזוֹת, א. ז. וו. אַמָאל איז עֶר גֶעקוּמֶען אין אַשְׁטָאדְט אונ הָאט גֶעהַאנְדֶעלְט, פַארְדִינְט. גָאט הָאט איהם גֶעהָאלְפֶען עֶר איז רַייךְ גֶעוָוארֶען, אין דֶעם טָאג וָואס עֶר איז אַרַיין אין יֶענֶער שְׁטָאדְט הָאט עֶר גֶעמַאכְט יֶעדֶעם יָאהר אַבַּאל. עֶר הָאט צוּם אַנְדֶערְקֶען זִיךְ אָנְגֶעצוֹיגֶען זַיינֶע אַמָאלִיגֶע אָרֶעמֶע קְלֵיידֶער מיט זַיין גֶעוֶועזֶענֶע טָארְבֶּע, אונ פְלֶעגְט זַיין וַוייבּ, קִינְדֶער אונ פְרֶעמְדֶע

נעבע

דָאס אִיז דֶער תֵּירוּץ:

עֲבָדִים הָיִינוּ לְפַרְעֹה בְּמִצְרָיִם. וַיּוֹצִיאֵנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ מִשָּׁם בְּיָד חֲזָקָה וּבִזְרוֹעַ נְטוּיָה. וְאִלּוּ לֹא הוֹצִיא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אֶת אֲבוֹתֵינוּ מִמִּצְרָיִם. הֲרֵי אָנוּ וּבָנֵינוּ וּבְנֵי בָנֵינוּ מְשֻׁעְבָּדִים הָיִינוּ לְפַרְעֹה בְּמִצְרָיִם. וַאֲפִילוּ כֻּלָּנוּ חֲכָמִים. כֻּלָּנוּ נְבוֹנִים. כֻּלָּנוּ זְקֵנִים. כֻּלָּנוּ יוֹדְעִים אֶת הַתּוֹרָה. מִצְוָה עָלֵינוּ לְסַפֵּר בִּיצִיאַת מִצְרָיִם. וְכָל הַמַּרְבֶּה לְסַפֵּר בִּיצִיאַת מִצְרַיִם הֲרֵי זֶה מְשֻׁבָּח:

מַעֲשֶׂה בְּרַבִּי אֱלִיעֶזֶר וְרַבִּי יְהוֹשֻׁעַ וְרַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה וְרַבִּי עֲקִיבָא וְרַבִּי טַרְפוֹן שֶׁהָיוּ מְסֻבִּין בִּבְנֵי בְרַק. וְהָיוּ מְסַפְּרִים בִּיצִיאַת מִצְרַיִם כָּל אוֹתוֹ הַלַּיְלָה עַד שֶׁבָּאוּ תַלְמִידֵיהֶם וְאָמְרוּ לָהֶם רַבּוֹתֵינוּ הִגִּיעַ זְמַן קְרִיאַת שְׁמַע שֶׁל שַׁחֲרִית:

אָמַר רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה הֲרֵי אֲנִי כְּבֶן שִׁבְעִים שָׁנָה. וְלֹא זָכִיתִי שֶׁתֵּאָמֵר יְצִיאַת מִצְרַיִם בַּלֵּילוֹת. עַד שֶׁדְּרָשָׁהּ בֶּן זוֹמָא

תרגום עברי

**עבדים** מִיר זַיינֶען גֶעוֶועזֶען קְנֶעכְט צוּ פרעה אִין מצרים, הָאט אוּנְז דֶר אֶוִויגֶער אוּנְזֶער גָאט אַרוֹיסְגֶעפִירְט פוּן דָארְט מִיט אַשְׁטַארְקֶער הַאנְד אוּנ מִיט אַיין אוֹיס גֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אַרֶם, וֶוען גָאט וָואלְט אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן נִיט אַרוֹיס גֶעפִיהְרְט פוּן מצרים, וָואלְטֶען מִיר אוּנ אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער אוּנ קִינְדֶס קִינְדֶער גֶעבְּלִיבְּן קְנֶעכְט צוּא פרעה אִין מצרים. דַארוּם וֶוען מִיר אַלֶע זָאלְן זַיין חכמים, פַארְשְׁטֶענְדִינֶע אוּנ עֶרְפַארֶענֶע מֶענְגֶער אוֹיךְ קָאנֶען דִיא תורה, אִיז דָאךְ אוֹיף אוּנְז אמצוה צוּא עֶר צֵיילֶען פוּן יציאת מצרים, אוּנ יֶעדֶער וָואס מֶעהְר עֶר רֶעדְט פוּן יציאת מצרים אִיז דָאס בֶּעסְסֶער (לָאבֶּענְסְוֶוערְט).

**מעשה** אַזוֹ אִיז גִיוֶועזֶען דֶער פַאל, (עֶס הָאט גִיטְרָאפֶען) מִיט רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוּנ רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ אוּנ רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה אוּנ רַבִּי עֲקִיבָא אוּנ רַבִּי טַרְפוֹן וֶועלְכֶע זַיינֶען אִין דֶער שְׁטָאט בְּנֵי בְרַק גִיזֶעסֶען פֶּסַח אָבֶענְד אֶנְגֶעלֶעהְנְט אוּנ הָאבֶען דִיא גַאנְצֶע נַאכְט עֶרְצֵיילְט פוּן יציאת מצרים, בִּיז זַייעֶרֶע תַּלְמִידִים זַיינֶען גִיקוּמֶען אוּנ הָאבִּין גֶעזָאגְט: רבותינו! עֶס אִיז שׁוֹין צַייט צוּ לֵייעֶנֶען קר"ש פוּן פְרִיה מָארְגֶענְס!.

**אמר** הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה גִיזָאגְט: אִיךְ בִּין אַזוֹ גוּט וִויא זִיבְּצִיג יָאהְר אַלְט אוּנ אִיךְ הָאבּ נִיט זוֹכֶה גִיוֶועזֶען עֶס זָאל גִיזָאגְט וֶוערְין יְצִיאַת מִצְרַיִם *) בַּיי נַאכְט.

---

### ספורי גאולת מצרים

וַויא אִיז אַמִצְוָה צוּ דֶער צֵייהְלִין וָואס מֶעהְר, דַארוּם ווילין מִיר מְזַכֶּה זַיין פִיל לֶעזֶער מִיט דִי סִפּוּרִים וָואס מִיר הָאבִּין גֶעלֶעזֶען אִין פִיעֶל פֶערְשִׁידֶענֶע הֵיילִיגֶע סְפָרִים, נוּר צוּ עֶרְשְׁט וֶועלִין מִיר שְׁרֵייבֶּען בְּקִיצוּר גִמְרָץ אַקְלֵיינֶעם אויסצוג

### משלי חכמים

גֶעבֶּען גְרוֹיסֶע מַתָּנוֹת דִיא קִינְדֶער הָאבֶען גֶעוואוּכְט דִיא צַייט וֶוען דֶער פָאטֶער צִיהְט אָן דִיא מָארְגֶע גִיט עֶר זֵייא מַתָּנוֹת. וַיְהִי הַיּוֹם, אַמָאל אִיז עֶר צוּרִיק אָרֶעם גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט גֶעטְוּזְט פוּן דָאס זַייא אָנְצִיהֶען דִיא מָארְגֶע גֶעהְן אִין דִיא הַייזֶער. וִויא דִי קִינְדֶער הָאבֶען גֶעזֶעהֶען דָאס דֶער פָאטֶער הָאט אָנְגֶעצוֹיגֶען דִיא מָארְגֶע הָאבִּין זַיי בַּיי אִיהם גִיבֶּעטִין מַתָּנוֹת. —קִינְדֶערְלִיךְ! — הָאט דֶער פָאטֶער גֶעזָאגְט עֶס אִיז בַּייא מִיר הַיינְט קֵיין יו"ט גִיט. אַמָאל פְלֶעגְט

* דאס הייסט דיא פרשה ציצית.

שֶׁנֶּאֱמַר לְמַעַן תִּזְכּוֹר אֶת יוֹם צֵאתְךָ מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ. יְמֵי חַיֶּיךָ הַיָּמִים. כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ הַלֵּילוֹת. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים יְמֵי חַיֶּיךָ הָעוֹלָם הַזֶּה. כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ לְהָבִיא לִימוֹת הַמָּשִׁיחַ:

בָּרוּךְ הַמָּקוֹם. בָּרוּךְ הוּא. בָּרוּךְ שֶׁנָּתַן תּוֹרָה לְעַמּוֹ יִשְׂרָאֵל. בָּרוּךְ הוּא. כְּנֶגֶד אַרְבָּעָה בָנִים דִּבְּרָה תוֹרָה. אֶחָד חָכָם. וְאֶחָד רָשָׁע. וְאֶחָד תָּם. וְאֶחָד שֶׁאֵינוֹ יוֹדֵעַ לִשְׁאוֹל:

חָכָם מָה הוּא אוֹמֵר. מָה הָעֵדוֹת וְהַחֻקִּים וְהַמִּשְׁפָּטִים אֲשֶׁר צִוָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ אֶתְכֶם. וְאַף אַתָּה אֱמָר לוֹ כְּהִלְכוֹת הַפֶּסַח אֵין מַפְטִירִין אַחַר הַפֶּסַח אֲפִיקוֹמָן:

תרגום עברי

בִּיז בֶּן זוֹמָא הָאט גִידַרְשְׁת דֶעם פָּסוּק: לְמַעַן תִּזְכֹּר אֶת יוֹם צֵאתְךָ מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ (דברים טז, ג) דָאס הֵייסְט: דַאמִיט דוּא דִיךְ אִין דַיינֶער גַאנְצֶען לֶעבֶּענְסְצַייט דֶעם טָאג עֶרְאִינֶערְסְט אָן וֶועלְכֶען דוּ בִּיןְסְט אוֹיס מִצְרַיִם גֶעגַאנְגֶען. וֶוען עֶס [illegible]ט גֶעשְׁטַאנֶען "יְמֵי חַיֶּיךָ" וָואלְט מֶען גִימֵיינְט "דִיא טֶעג" אָבֶּער אַז עֶס שְׁטֵייט "כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ" מֵיינְט מֶען דִי נֶאכְט אוֹיךְ. דִי אַנְדֶערֶע חֲכָמִים זָאגֶען: "יְמֵי חַיֶּיךָ" מֵיינְט מֶען דֶעם גֶעגֶענְוֶוערְטִיגֶען לֶעבֶּען, אוּנ "כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ" דִיא צַייט אַז מָשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען.

ברוך המקום. גֶילוֹיבְּט אִיז גָאט (הערת המעתיק: גָאט הָאט פִיל נֶעמֶען, יֶעדֶער נָאמֶען אִיז אַצַייכֶען פוּן זַיין גְרוֹיסְקַייט, אֵיינֶע פוּן זַיינֶע נֶעמֶען אִיז "המקום" וַוייל עֶר אִיז דֶער אָרְט פוּן דֶער וֶועלְט אוּנ נִיט דִי וֶועלְט אִיז זַיין אָרְט). הָאכְגֶעלוֹיבְּט אִיז עֶר וָואס עֶר הָאט זַיין תּוֹרָה גֶעגֶעבֶּען זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, גֶעלוֹיבְּט אִיז עֶר וָואס הָאט דִיא גֶעזֶעצֶע גֶעגֶעבֶּען גֶעגֶען פִירֶערְלַייא פֶערְשִׁידֶענֶע קִינְדֶער, אֵיינֶער אַ חָכָם, אֵיינֶער אַ רָשָׁע אֵיינֶער אַ תָּם אוּנ אֵיינֶר אַ שֶׁאֵינוֹ יוֹדֵעַ לִשְׁאוֹל:

חכם. דֶער קְלוּגֶער וָואס זָאגְט עֶר? וָואס זַיינֶען דִיא פָארְשְׁרִיפְטֶען דִיא גֶעזֶעצֶע אוּנ דִיא רֶעכְטֶע וֶועלְכֶער דֶער עֶווִיגֶער, אוּנְזֶער גָאט הָאט אַייךְ גֶעבָּאטֶען? בַּייא דִיא גֶעלֶעגֶענְהַייט זָאג אִיהְם אַלֶע דִינִים פוּן פסח, בִּיז דֶעם דִין: "נָאךְ דֶעם קָרְבַּן פֶּסַח בַּארְף מֶען נִיט עֶסֶען אַנְדֶערֶע שְׁפַּייז":

משלי חכמים

אִיךְ אָנְטָאן דִיא טָארְבֶּע נוּר לְזִכָּרוֹן אוּנ בֶּאֱמֶת בִּין אִיךְ נִיוֶועט רַייךְ, אָבֶּער יֶעטְצְט בִּין אִיךְ מַאקֶע אַ אֲמִתֶר אָרְעמַאן. דֶער נִמְשָׁל דֶערְפוּן: אַמָאל אַז יוּדֶען זֶענֶען גֶעוֶוען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט דֶעם נוּסַח הָא כְּלַחְמָא עַנְיָא, אָבֶּער אַז זֵייא זֶענֶען פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל פַארְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען קֶענֶען זֵייא זָאגֶען "הָא לַחְמָא עַנְיָא".

א) חָכָם מָה הוּא אוֹמֵר? א. ז. וו. עֶרְקְלֶעהְר דֶעם חָכָם דִי דִינִים פוּן פֶּסַח: אִין דֶער תּוֹרָה אִיז פַארַאן בַּייא דעם

ספורי גאולת ממצרים

אוֹיסְצוּג פוּן דֶער תּוֹרָה. יַעֲקֹב מִיט פַאמִילְיֶע, זִיבֶּעְנְצִיג נְפָשׁוֹת זַיינֶען גֶעקוּמֶען אִין מִצְרַיִם. אִין אַלַאנְגֶע צַייט שְׁפֶּעטֶער אִיז יוֹסֵף גִישְׁטָארְבִּין. אוּנ דִיא יוּדֶען הָאבִּין זִיךְ זֵייעֶר פִיל אוּנ שְׁטַארְק פַארְמֶערְט, (אַפְרוּי פְלֶעגְט גִיבָּארִין זֶעכְּס קִינְדֶער אוֹיף אַמָאל) הָאט דֶער קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם מוֹרָא גִיהַאט פִילַייכְט וֶועט וֶוערִין אַמִלְחָמָה וֶועלִין דִיא יוּדֶען הֶעלְפִין זַיינֶע פַיינְד אוּנ וֶועלִין אַרוֹיס צִיעֶן פוּן מִצְרַיִם. הָאט עֶר אָנְגִיפַאנְגֶען צוּ אוּנְטֶער דְרִיקִין דִיא יוּדֶען, עֶר הָאט זֵייא גֶעמַאכְט פַאר שְׁקְלַאפֶען, גֶעאַרְבַּייט מִיט

רָשָׁע מָה הוּא אוֹמֵר. מָה הָעֲבֹדָה הַזֹּאת לָכֶם. לָכֶם וְלֹא לוֹ. וּלְפִי שֶׁהוֹצִיא אֶת עַצְמוֹ מִן הַכְּלָל כָּפַר בְּעִקָּר. וְאַף אַתָּה הַקְהֵה אֶת שִׁנָּיו וֶאֱמָר לוֹ בַּעֲבוּר זֶה עָשָׂה יְיָ לִי בְּצֵאתִי מִמִּצְרָיִם. לִי וְלֹא לוֹ. אִלּוּ הָיָה שָׁם לֹא הָיָה נִגְאָל:

תָּם מָה הוּא אוֹמֵר מַה זֹּאת. וְאָמַרְתָּ אֵלָיו בְּחֹזֶק יָד הוֹצִיאָנוּ יְיָ מִמִּצְרַיִם מִבֵּית עֲבָדִים:

וְשֶׁאֵינוֹ יוֹדֵעַ לִשְׁאוֹל אַתְּ פְּתַח לוֹ. שֶׁנֶּאֱמַר וְהִגַּדְתָּ לְבִנְךָ בַּיּוֹם הַהוּא לֵאמֹר בַּעֲבוּר זֶה עָשָׂה יְיָ לִי בְּצֵאתִי מִמִּצְרָיִם:

תרגום עברי

**רשע.** דֶער אוֹיסְגֶעלַאסֶענֶער זָאגְט: וָואס בֶּעדַייטֶעט דִי עֲבוֹדָה צוּא אַייךְ? — אַייךְ אוּנ נִיט אוֹיךְ אִים? וֶוען עֶר הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט פוּן כְּלַל (אַלְגֶעמֵיינֶעם גֶעבְּרוֹיךְ) אוֹיס גֶעשְׁלָאסֶען, אִיז עֶר אַכּוֹפֵר בְּעִיקָר, דַארוּם מַאךְ אִיהֶם שְׁטוּמְפְּף (הֵיילִין) זַיינֶע צֵיינֶער אוּנ אַנְטְוָוארְט אִים: דָאס הָאט גָאט אוֹיךְ מִיר גִיטָאן, נוּר מִיר אִיז דָאס גִיטָאן גִיוָוארִין אַלֶעם אִיךְ זֶעלְבְּסְט וָואלְט פוּן מִצְרַיִם הֶערוֹיסְגֶעצוֹיגֶען. מִיר, נִיט אִים, דֶען וָואלְט עֶר דָארְטִין גִיוֶוען וָואלְט עֶר גֶעוִויס נִיט עֶרְלֵייזְט גִיוָוארִין.

**תם.** דֶער אַיינְפֶעלְטִיגֶער פְרֶעגְט: וָואס אִיז דָאס? זָא זָאג צוּא אִים: וַוייל מִיט אַשְׁטַארְקֶע הַאנְד הָאט גָאט אוּנְז אוֹיס מצרים, דֶעם שְׁקְלַאפֶּענְהוֹיז הֶערְאוֹיס גֶעפִיהְרְט.

**ושאינו.** דֶער וָואס פֶערְשְׁטֵייט נִיט צוּ פְרֶעגִין מִיט דֶעם עֶרְאֶפְנֶע דוּ דָאס גֶעשְׁפְּרֶעךְ, דֶען עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבִּין, דוּא זָאלְסְט צוּא דַיין זָאהְן אַן דִיזֶען טָאג זָאגֶען נָאמְלִיךְ: דָאס גֶעשֶׁיעהְט וֶועגֶען דֶעם וֶועלְכֶעס גָאט הָאט מִיר גִיטָאן אַלְס אִיךְ הָאבּ פוּן מצרים אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען.

---

ספורי גאולת מצרים

זֵייא טָאג אוּנ נַאכְט, אוּנ אַז פרעה הָאט גִיזֶעהֶען זַיין פְּלַאן הֶעלְפְט נִיט, דִיא יִידֶען פַארְמֶעהְרֶען זִיךְ אִיבֶּער נַאטִירְלִיךְ, הָאט פרעה בֶּעפוֹילִין אוֹיף זַיין גַאנְצֶע פָאלְק: זֵייא זָאלִין אַלֶע יוּדִישֶׁע קִינְדֶער וָואס וֶועלִין גִיבָּארִין וֶוערִין זְכָרִים, זֵייא אַרַיין וַוארְפִין אִין טַייךְ. אִין יֶענֶע שְׁלֶעכְטֶע צַייט אִיז משה רבנו גִיבָּארִין גִיוָוארִין, דִיא מוּטֶער (יוכבד) הָאט אִים דְרַייא חֳדָשִׁים פַארְבָּארְגִין, מֶער הָאט זִיא אִיהֶם נִיט גִיקָאנְט בֶּעהַאלְטֶען, הָאט זִי אִיהֶם אִין אַקֶעסְטֶעל אַרַיינְגֶעלֵייגְט אוּנ הָאט דִי קֶעסְטֶעל אַרַיינְגִישְׁטֶעלְט אִין טַייךְ צְוִוישִׁין גְרָאז, (כְּדֵי דִי קֶעסְטִיל זָאל נִיט אַוֶועק שְׁווִימֶען

ווייט

משלי חכמים

דֶעם „קָרְבַּן פֶּסַח" אַרִין „וְעֶצֶם לֹא תִשְׁבְּרוּ בוֹ". ד. ה. אַ בֵּיין פוּן קָרְבַּן פֶּסַח טָאר מֶען נִיט צוּבְּרֶעכֶען. אֲפִילוּ וֶוען עֶר הָאט אִין זִיךְ מַארְךְ (פסחים פ"ג): דִיא כַּוָּנָה פוּן דֶעם דִין אִיז: אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעלֶערְנְט דִיא יוּדִישֶׁע גֶעשִׁיכְטֶע וֵוייסֶען אַז פִיעל מָאל הָאט מֶען גֶעזָאגְט צוּם יוּדֶען: צוּ וָואס דַארְפְסְט דוּא דַיין רֶעלִיגְיָאן? עֶר אִיז דָאךְ פַאר דִיר טְרוּקֶען וִויא אַבֵּיין. צוּבְּרֶעךְ דֶעם בֵּיין, וֶועסְט דוּא גֶעפִינֶען מַארְךְ (חֵלֶב הָאָרֶץ) דֶערְפַאר הָאט מֶען אִיהֶם דִי עֶרְשְׁטֶע זַאךְ גֶעזָאגְט: אַבֵּיין טָאר מֶען נִיט צוּבְּרֶעכֶען. ב) דֶער זֶעלְבִּיגֶער חָכָם פְרֶעגְט: „מָה הָעֵדוֹת וְהַחֻקִּים וְהַמִּשְׁפָּטִים" דָאס הֵייסְט: צוּ וָואס דַארְפֶען מִיר דִי תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה (גמרא) עֶס וָואלְט אֶפְשַׁר גֶענוּג גִיוֶוען דִיא תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב (תנ"ך) — עֶנְטְפֶער אִיהֶם. דִיא גְמָרָא זָאגְט אוּנְז אַז דֶעם „קָרְבַּן פֶּסַח" מוּזֶען מִיר עֶסֶען זַאטְטֶערְהַייט אוּנ דָאס אִיז דִיא כַּוָּנָה פוּן „אֵין מַפְטִירִין אַחַר הַפֶּסַח אֲפִיקוֹמָן" (פסחים קי"ט) אָבֶער עֶסֶען דֶעם קָרְבַּן פֶּסַח הוּנְגֶערִיסְטֶערְהַייט וָואלְט מֶען גֶעוִויס צוּ בְּרֶעכֶען אַבֵּיין. אַלְזָא נָוער פַארְהַייט אוּנְז דֶעם דִין

פרי

יָכוֹל מֵרֹאשׁ חֹדֶשׁ תַּלְמוּד לוֹמַר בַּיּוֹם הַהוּא. אִי בַּיּוֹם הַהוּא יָכוֹל מִבְּעוֹד יוֹם תַּלְמוּד לוֹמַר בַּעֲבוּר זֶה. בַּעֲבוּר זֶה לֹא אָמַרְתִּי אֶלָּא בְּשָׁעָה שֶׁיֵּשׁ מַצָּה וּמָרוֹר מֻנָּחִים לְפָנֶיךָ:

מִתְּחִלָּה עוֹבְדֵי כוֹכָבִים הָיוּ אֲבוֹתֵינוּ. וְעַכְשָׁו קֵרְבָנוּ הַמָּקוֹם לַעֲבוֹדָתוֹ. שֶׁנֶּאֱמַר וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֶל כָּל הָעָם כֹּה אָמַר יְיָ אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל בְּעֵבֶר הַנָּהָר יָשְׁבוּ אֲבוֹתֵיכֶם מֵעוֹלָם. תֶּרַח אֲבִי אַבְרָהָם וַאֲבִי נָחוֹר וַיַּעַבְדוּ אֱלֹהִים אֲחֵרִים:

וָאֶקַּח אֶת אֲבִיכֶם אֶת אַבְרָהָם מֵעֵבֶר הַנָּהָר וָאוֹלֵךְ אוֹתוֹ בְּכָל אֶרֶץ כְּנָעַן וָאַרְבֶּה אֶת זַרְעוֹ וָאֶתֵּן לוֹ אֶת יִצְחָק וָאֶתֵּן לְיִצְחָק אֶת יַעֲקֹב וְאֶת עֵשָׂו וָאֶתֵּן לְעֵשָׂו אֶת הַר שֵׂעִיר לָרֶשֶׁת אוֹתוֹ וְיַעֲקֹב וּבָנָיו יָרְדוּ מִצְרָיִם:

### תרגום עברי

**יכול.** איך וואלט מיינען דאס מען איז פערפליכטעט צו דר ציילין יְצִיאַת מִצְרַיִם פון אָנְ־פאנג חֹדֶשׁ ניסן, דארום ווערט געזאגט בַּיּוֹם הַהוּא אין דיזען טאג. ווען נון "אין דיזען טאג" קאן דאך איינער גלויבען אטאג פריער פאר פֶּסַח (ד״ה עֶרֶב פֶּסַח) דארום ווערט געזאגט בַּעֲבוּר זֶה ווענגען דעססען, דאס הייסט: נור צו דער צייט ווען עס ליגען פאר דיר מַצָּה אונ מָרוֹר (אונגעזייערטע קוכען אונ ביטערע קרייטער).

**מתחלה.** אין אנפאנג האבען אונזערע עלטערן געדינט פרעמדע געטער, יעצט אבער האט אונז גאט געבראכט נאהנט צוא זיינעם דינסט, ווען אזוי שטייט געשריבען: יְהוֹשֻׁעַ האט געזאגט צום גאנצען פאלק: אזויא זאגט גאט, דער יודישער גאט: אויף יענער זייט (טייך) האבין אייערע עלטרן פריער געוואהנט. תֶּרַח, דער פאטער אַבְרָהָם׳ס אונ נָחוֹר׳ס, אונ זייא האבען געדינט פרעמדע געטער אונ איך האב גענומען אייער פאטער דעם אַבְרָהָם אונ איך האב איהם געפיהרט דורך דאס גאנצע לאנד כְּנַעַן אונ איך האב פערמעהרט זיינע קינדער אונ איך האב אים גיגעבין דעם יִצְחָק, דיעזען האב איך געגעבען דעם יַעֲקֹב אונ עֵשָׂו. אונ דעם עֵשָׂו האב איך געגעבען דעם בארג שֵׂעִיר אלס איינענטהימליכען בעזיטץ. אבער יַעֲקֹב מיט זיינע קינדער האבען ארונטער געריזט נאך מִצְרַיִם.

### משלי חכמים

פון "וְעֶצֶם לֹא תִשְׁבְּרוּ בוֹ" דיא רַבָּנָן! אונ אזוי איז אלע מאל. דיא רַבָּנָן פארהיטין אונז מיר זאלען ניט קומען חָלִילָה צוא אַ אִיסּוּר דְאוֹרַיְיתָא. ג) בייא דעם קָרְבַּן פֶּסַח איז געזאגט: "וְאַתֶּם לֹא תֵצְאוּ אִישׁ מִפֶּתַח בֵּיתוֹ עַד בֹּקֶר" דיא כַּוָּנָה איז: מיר זאלען ניט ארויסגעהען פון בֵּית יִשְׂרָאֵל (דיא יודישע שטוב) ווען אפילו אונז איז פינסטער אונ ביטער. מיר דארפין ווארטין אויף דעם פְּרִיָּה מארגין. עס זאל ווערין טאג ליכטיג העל. ד) אויך האט דער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אנגעזאגט בייא דעם קָרְבַּן פֶּסַח: "אִישׁ לְפִי אָכְלוֹ תָּכֹסּוּ עַל הַשֶּׂה" דיא חֲכָמִים זאגען אז דיא געזונדטע מענשען זאלען זיך ציילען אויפען קָרְבַּן פֶּסַח אבער



### ספורי גאולת מצרים

ווייט, ווען זיא אים קאנען בייא דער נאכט אן זייגען) די שוועסטער (מרים) איז גישטאנען פון ווייטין אונ האט געהיט די קעסטיל כְּדֵי צו וויסען דעם סוף. פרעה׳ס טאכטער מיט איהרע בעדינטע זיינען גיגאנגען זיך באדין אין טייך, האט זי גיזעהן די קעסטיל אין טייך האט זיא גילאזט ברייננען צוא זיך, האט גיעפינט אונ גיזעהען וויא דאס קינד וויינט, האט זיא זיך אויף איהם ערבארעמט, אונ גילאזט בריינגען איין אם (טאקע זיין מוטער)

בָּרוּךְ שׁוֹמֵר הַבְטָחָתוֹ לְיִשְׂרָאֵל. בָּרוּךְ הוּא שֶׁהַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא חִשַּׁב אֶת הַקֵּץ לַעֲשׂוֹת כְּמָה שֶׁאָמַר לְאַבְרָהָם אָבִינוּ בִּבְרִית בֵּין הַבְּתָרִים. שֶׁנֶּאֱמַר וַיֹּאמֶר לְאַבְרָם יָדֹעַ תֵּדַע כִּי גֵר יִהְיֶה זַרְעֲךָ בְּאֶרֶץ לֹא לָהֶם וַעֲבָדוּם וְעִנּוּ אוֹתָם אַרְבַּע מֵאוֹת שָׁנָה: וְגַם אֶת הַגּוֹי אֲשֶׁר יַעֲבֹדוּ דָּן אָנֹכִי וְאַחֲרֵי כֵן יֵצְאוּ בִּרְכֻשׁ גָּדוֹל:

מען נעמט דעם כוס אין האנט און מען דעקט צו די מצות און מען זאגט דאס:

# וְהִיא שֶׁעָמְדָה לַאֲבוֹתֵינוּ וְלָנוּ שֶׁלֹּא אֶחָד בִּלְבָד

תרגום עברי

**ברוך**. געלויבט איז ער, דער וואס האלט זיין פארשפּרעכען צו זיין פאלק ישראל.
געלויבט איז הקב"ה וואס האט גערעכענט די ענדע (פון גלות מצרים) צו טאן אזוי ווי ער האט געזאגט צו אברהם אונזער פאטער ביי דעם בונד צווישען דעם שטיקען. ווי עס שטייט געשריבען אין דער תורה: און ער האט געזאגט צו אברהם "דו זאלסט וויסען דאס דיינע קינדער (זאמען) וועלען זיין פרעמדלינגע אין איינעם לאנד וואס געהערט ניט צו זיי, מען וועט מיט זיי ארבייטען און זיי דריקען פיר הונדערט יאהר, און אויך דאס פאלק וועלכע זיי וועלען דינען, וועל איך ריכטען, און נאכדעם וועלען זיי ארויסציהען מיט אגרויסען פארמעגען.

**והיא**. דיזע צוזיכערונג (וואס גאט געדיינקט דעם ברית בין הבתרים) האט ערהאלטען אונזערע עלטערן און אונז (מיר זאלין זיין איין פאלק) דען ניט נור

## ספורי גאולת מצרים

"אכדעם האט זיא אים צוגינומען פאר א זון, און זיא האט אים איין נאמין גינעגין "משה" אין אקורצע צייט איז משה גרויס גיוואָרין, פרעה האט איהם אויף גינומען אויף זיין הויז, נאר משה האט דאס אלעס גילייגט אן אזייט, ער איז גיגאנגען זעהען וויא זיינע ברידער ארבייטין שווער. אמאל האט ער גיזעהען וויא א מצרי שלאגט א יודען, האט משה גיהרגת דעם מצרי, פון די מעשה האט פרעה גיהערט, האט ער גיוואלט הרגענען משה'ן איז משה אנטלאָפין אין מדין, דארטין האט ער חתונה גיהאט מיט צפורה יתרו'ס אטאכטער און ער האט גיפיטערט יתרו'ס שאף אין דער מדבר, דארטין האט גאט זיך בעוויזען צו אים ער האט איהם בעפוילין געהן צו פרעה בעטען איהם ער זאל די יודען בעפרייען, משה האט אין אנפאנג ניט גיגלויבט אז ער וועט קאנען בעהויבען אזא שווערע זאך, ביז גאט האט אים איבערגירעדט, ער זאל געהן מיט זיין ברודער אהרן צוזאמען, דורך גרויסע וואונדער און איבערנאטירליכע מכות האט

## משלי חכמים

ניט דיא אלטע אדער קראנקע מענשען (פסחים פ"א) דיא כונה דערפון איז אזוי: טהון מצות דארפען דיא געזונדטע מענשען, אבער אקראנקער (אז דער דקטאר הייסט איהם ניט) דארף ער ניט עססען דעם קרבן פסח, און אזוי איז ביא אללע מצות געזונטע אבער ניט קראנקע דארפען זייא מקיים זיין. ה) ביי דיא מצה באקען איז אמצוה מען זאל דיא טייג קנעטען און רעדלען, ווען ניט חאפט דיא מצה זיך בלעזלען (שו"ע או"ח סי' תנט). מיר זעהען אפט אז מען קנעט אונז און מען רעדעלט אונז כדי מיר יודען זאללען זיך ניט בלאזלען... אין תנ"ך געפינען מיר פיעל מאהל אז מען האט אונז ניט געקנאטין און ניט גערעדעלט האבען מיר זיך דאן געבלעזעלט...
(מהר"ר משה אנטאקאלסקי)

א) והיא שעמדה וכו'. דער יודישער גליק איז וואס ניט "אחד" דאס מיינט מען אקעניג האט געוואלט אונז פארניכטען. ווען אקעניג אליין, וואלט גיוועזען גיט נגט: נאר אין יעדען דור—"עומדים"—עס איז פאראן פיעל וואס ווילען אונז פארניכטען, אבער וואס טהוט גאט? ער איז אונז "מציל מידם" דורך זייערע הענד. וויא מיר זעהען למשל: משה איז ערצויגען גיווארין ביי פרעה, אין שושן, אסתר איז גיווארין אקעניגין.

עָמַד עָלֵינוּ לְכַלּוֹתֵנוּ . אֶלָּא שֶׁבְּכָל דּוֹר וָדוֹר עוֹמְדִים עָלֵינוּ לְכַלּוֹתֵנוּ . וְהַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא מַצִּילֵנוּ מִיָּדָם:

שְׁטֶעל דֶעם כּוֹס אַנִידֶער און דֶעק אויף דיא מַצוֹת:

צֵא וּלְמַד מַה בִּקֵּשׁ לָבָן הָאֲרַמִּי לַעֲשׂוֹת לְיַעֲקֹב אָבִינוּ. שֶׁפַּרְעֹה לֹא גָזַר אֶלָּא עַל הַזְּכָרִים וְלָבָן בִּקֵּשׁ לַעֲקוֹר אֶת הַכֹּל שֶׁנֶּאֱמַר אֲרַמִּי אֹבֵד אָבִי וַיֵּרֶד מִצְרַיְמָה וַיָּגָר שָׁם בִּמְתֵי מְעָט וַיְהִי שָׁם לְגוֹי גָּדוֹל עָצוּם וָרָב: וַיֵּרֶד מִצְרַיְמָה אָנוּס עַל פִּי הַדִּבּוּר. וַיָּגָר שָׁם מְלַמֵּד שֶׁלֹּא יָרַד יַעֲקֹב אָבִינוּ לְהִשְׁתַּקֵּעַ בְּמִצְרַיִם אֶלָּא לָגוּר שָׁם . שֶׁנֶּאֱמַר וַיֹּאמְרוּ אֶל פַּרְעֹה לָגוּר בָּאָרֶץ בָּאנוּ כִּי אֵין מִרְעֶה לַצֹּאן אֲשֶׁר לַעֲבָדֶיךָ כִּי כָבֵד הָרָעָב בְּאֶרֶץ כְּנָעַן. וְעַתָּה יֵשְׁבוּ נָא עֲבָדֶיךָ בְּאֶרֶץ גֹּשֶׁן:

**תרגום עברי**

איינֶער הָאט זיך עֶרהוֹיבֶּען (אויפְגֶעשְׁטַאנֶען) אוּנְז צוּא פֶאר דַארְבֶּען , זָאנְדֶערְן אִין יֶעדֶער דוֹר (צַייטְאַלְטֶער) אִיז מֶען אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אויף אוּנְז צוּא פֶערְדַארְבֶּען . אוּנ דֶער הָאכְגֶלוֹיבְּטֶער הֵיילִיגֶער בֶּעפְרַייעֶט אוּנְז פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד .

**צא .** אוּנְטֶערְזוּךְ אֵיינְמָאל וָואס הָאט גֶעוָואלְט אוּנְטֶערְנֶעהמֶען לָבָן הָאֲרַמִּי גֶעגִין אוּנְזֶער פָאטֶער יַעֲקֹב ?–דֶען פַּרְעֹה הָאט בֶּעשְׁלָאסְּעֶן נוּר דֶעם אוּנְטֶערְגַאנְג פוּן דֶעם מֶענְלִיכֶען גֶעשְׁלֶעכְט , (פַּרְעֹה הָאט נוּר גִיוָועֶן צוּ פֶערְנִיכְטֶען דִי זְכָרִים) אָבֶער לָבָן הָאט גֶעוָואלְט אַלֶעמֶען אויסְרָאטֶען , וִוי דֶער פָּסוּק זָאגְט : אֲרַמִּי אֹבֵד אָבִי (דברים כו. ה.) דָאס הֵייסְט : דֶער אַרַאמִיטֶער אִיז גִיוֶועןְ מַיין פָאטֶערְס פֶערְפָאלְגֶער , עֶר הָאט אָפּ גֶעבְּייזְט אִין מִצְרַיִם , עֶר וָואר דָארְט פְרֶעמְד מִיט וֶויינִיג פָאלְק (אַקְלֵיינֶע פַאמִילְיֶע) אוּנ עֶר אִיז דָארְטֶען גֶעוָוארֶען אַגְרוֹיסֶע מַאכְטִיגֶע אוּנ צָאהְלְרַייכֶע נַאטְצְיָאן .

**וירד .** עֶר הָאט אָבּ גֶעבַּייזְט נָאךְ מִצְרַיִם (גֶעדְרִיקְט, גֶעצְווָאוּנְגֶען) דוּרְךְ דֶעם גֶעטְלִיכֶען אוֹיפְטְרַאג , אוּנ אִיז דָארְט גֶעזֶעסֶען אַלְס פְרֶעמְדְלִינְג . דִי פְּסוּקִים אִין דֶער תּוֹרָה לֶערְנֶען אוּנְז דָאס יַעֲקֹב אוּנְזֶער פָאטֶער הָאט הִינַאבּ גֶענִידֶערְט אִין מִצְרַיִם , נִיט זִיךְ צוּ סַאבֶּען זִיךְ דָארְט הֵיימִישׁ זָאנְדֶערְן נוּר אַלְס פְרֶעמְדְלִינְג . אַזוֹיא וִויא דֶער פָּסוּק שְׁרַייבְּט : זַייא (יוֹסֵף׳ס בְּרִידֶער) הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה : נוּר אַלְס פְרֶעמְדֶע זַיינֶען מִיר גֶעקוּמֶען אִין לַאנְד , דֶען אִין לַאנְד כְּנַעַן–וואוּ דֶער הוּנְגֶער הֶערְשְׁט זָא דְרִינְג קֶענְד–הָאבֶּען דִי פִּיה פוּן דַיינֶע דִינֶער , קַיין ווַיידֶע מֶעהְר . עֶרְלוֹיבּ נוּן דַיינֶע דִינֶער צוּא וָואהנֶען אִין לַאנְד גֹשֶׁן .

---

משלי חכמים

**צֵא וּלְמַד .** דָא עֶרְקְלֶערְט אוּנְז דֶער בַּעַל הַגָּדָה וִויא וַוייט דִיא נִסִים וָואס גָאט טוּט מִיט אוּנְז שְׁטֶענְדִיג , וֶוען אויךְ מִיר פִילֶען זֵייא נִיט , אָבֶער דֶער בַּעַל הַנֵּס דֶערְקֶענְט נִיט זַיין נֵס , דַארוּם לֶערְנְט אוּנְז דֶער בַּעַל הַגָּדָה גֶעה אוּן זֶעה וָואס לָבָן הָאֲרַמִּי הָאט גִיוָואלְט טָאן . רוּכְט זִיךְ אָבֶּערְפְלֶעכְלִיךְ גֶעפִינְט מֶען נִיט קֵיין רָעוֹת וָואס עֶר הָאט גֶעטָאן יַעֲקֹב אָבִינוּ , נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אַז דִיא תּוֹרָה זָאגְט עֵדוּת אויף אִים , אֲרַמִּי אֹבֵד אָבִי . בְּעֵווּיס הָאט עֶר אִיהם גֶעוָואלְט אַללֶע רָעוֹת טָאן נוּר הַשֵּׁי״ת הָאט פֶערְקֶערְט אַלֶעס צוּם גוּטֶען , אוּנ אַזוֹיא טוּט עֶר שְׁטֶענְדִיג נִיסִים מִיט אוּנְז וָואס מִיר פִילֶען זֵיי נִיט .

דֶער מִדְרָשׁ שְׁרַייבְּט : בְּעֶסָאר דִיא יוּדֶען זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם , הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פֶארְשְׁפְּרֵייט אִין גַאנְצֶען לַאנְד בֶּעטֶען בַּייא דִיא עֶגִיפְּטֶער זִילְבֶּערְנֶע אוּנ גָאלְדֶערְנֶע כֵּלִים אויךְ טְהַייעֶרֶע קְלֵיידֶער אָבֶער משֶׁה רַבֵּינוּ הָאט זִיךְ בֶּאשֶׁעפְטִיגְט צוּנֶעהמֶען דִיא צֶעבֶּערְבּוֹימֶער וָוא ס

בִּמְתֵי מְעָט כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר בְּשִׁבְעִים נֶפֶשׁ יָרְדוּ אֲבוֹתֶיךָ מִצְרָיְמָה וְעַתָּה שָׂמְךָ יְיָ אֱלֹהֶיךָ כְּכוֹכְבֵי הַשָּׁמַיִם לָרֹב:

וַיְהִי שָׁם לְגוֹי מְלַמֵּד שֶׁהָיוּ יִשְׂרָאֵל מְצֻיָּנִים שָׁם: גָּדוֹל עָצוּם. כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר וּבְנֵי יִשְׂרָאֵל פָּרוּ וַיִּשְׁרְצוּ וַיִּרְבּוּ וַיַּעַצְמוּ בִּמְאֹד מְאֹד וַתִּמָּלֵא הָאָרֶץ אֹתָם:

וָרָב כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר רְבָבָה כְּצֶמַח הַשָּׂדֶה נְתַתִּיךְ וַתִּרְבִּי וַתִּגְדְּלִי וַתָּבֹאִי בַּעֲדִי עֲדָיִים שָׁדַיִם נָכֹנוּ וּשְׂעָרֵךְ צִמֵּחַ וְאַתְּ עֵרֹם וְעֶרְיָה:

וַיָּרֵעוּ אוֹתָנוּ הַמִּצְרִים וַיְעַנּוּנוּ וַיִּתְּנוּ עָלֵינוּ עֲבֹדָה קָשָׁה. וַיָּרֵעוּ אוֹתָנוּ הַמִּצְרִים כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר הָבָה נִתְחַכְּמָה לוֹ פֶּן יִרְבֶּה וְהָיָה כִּי

תרגום עברי

**במתי.** מיט ווייניגער פאמיליע, וויא דיא תורה ערצײלט: מיט זיבעציג פערזאנען זיינען דיינע עלטערן געקומען אין מצרים אונ יעצט האט דיך גאט געמעהרט וויא דיא שטערין אין הימעל.

**ויהי** אונ ער איז דארטען געווארען א גרויס פאלק דאס בעוויזט דאס זיא האבען זיך דארט אויסגעצייכענט גרויס אונ מעכטיג ווי דער פסוק ערצײלט אונז: דיא קינדער ישראל וואהרען פרוכטבאר, אונ ווידמען זיך אונ פערמעהרטען זיך אונ וואהרען אויסער ארדענטליך מעכטיג, אזוי אז דאס לאנד איז געווארען פול מיט זייא.

**ורב** אונ צאהלרייך. ווי דער נביא (פראפהעט) דריקט זיך אויס: צאהלרייך וויא די געוועבסע (שפראצונג) אין פעלד מאך איך דיך. דוא בינסט געווען אנזעהנליך אונ גרויס, געשמוקט מיט טייערע שיינע צירונג, דיא ברוסט געוואלבט, דאס האר אין לאקקען, נור ביזט נאקעט אונ בלויז.

**וירעו.** דיא מצריים האבין אונז איבעל בעהאנדעלט, זייא האבען אונז בעדריקט. אונ זייא האבין אויף אונז געלייגט שווערע ארבייט, דיא עניפטער האבין אונז בעהאנדעלט איבעל וויא דער פסוק זאגט: (פרעה שפראך:) בּרייט אייך אן מיר וועלין דורך ליסט בייקומען דאס יודישע פאלק, פיללייכט וועט ער זיך פערמעהרין,

---

ספורי גאולת מצרים

האט פרעה לסוף דיא יודען שנעל ארויס גיטריבין אין מיטין נאכט אונ זיי (די יודען) האבין קיין צייט ניהאט צוא באקין ברויט פון זויערע טייג. זייא האבין די טייג מיט גינומען אין דר מדבר אונ זייא האבין גיבאקין מצות, צום אנדיינקען דארפין מיר מאכין פסח.

משלי חכמים

יעקב אבינו האט אנגעגרייט צוא מאכען פון זייא דעם משכן אונ זיינע כלים. אויך האט משה געזוכט דיא ביינער פון יוסף הצדיק, דרייא טעג אונ דרייא נעכט איז ער ארומגעגאנגען אין מצרים זוכענדיג דעם ארט וואו יוסף ליגט בעהאלטען, אבער זיין מיה וואר אומזיסט, אז ער איז גיווארין מיד זוכענדיג האט ער געטראפען סרח בת אשר (הערה: זיא האט מבשר געוועהן יעקב אבינו אז זיין זאהן יוסף לעבט.

דער

האט יעקב איהר געענטפערט דו זאלסט אזוי לעבען האט זיא געלעבט ביז די יודען זיינען ארויס געגאנגען פון מצרים נאכדעם איז זיא לעבעדיגערהייט אריין אין גן עדן). זי האט איהם געפרעגט פאר וואס איז ער אזויא שוואך מיד ז—משה האט איהר דערצעלט דאס ער זוכט יוסף'ס ביינער אונ קאן זייא ניט געפינען קום מיט מיר—האט זי צו אים געזאגט—איך וועל דיר ווייזען דעם ארט וואו יוסף'ס ארון ליגט בעהאלטען. זי האט איהם אוועקגעפירט צום טייך נילוס אונ געוויזען דעם ארט וואו די מכשפים האבען דורך כשוף געמאכט אקאסטען (ארון) פון בליי פינף הונדערט ככר (אזא גיוויכט) האט דער ארון געוואויגען אונ דורך כשוף האבין זיי דעם ארון אריינגעלאזען אין נילוס. דיא מכשפים האבען געזאגט צו פרעה'ן, יוסף האט בעשווארען דיא יודען אז זייא זאלען איהם זיינע ביינער מיט גענעמען יעטצט אז זייא וועלען איהם ניט

געפינען

תִקְרֶאנָה מִלְחָמָה וְנוֹסַף גַּם הוּא עַל שֹׂנְאֵינוּ וְנִלְחַם בָּנוּ וְעָלָה מִן הָאָרֶץ:

וַיְעַנּוּנוּ כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר וַיָּשִׂימוּ עָלָיו שָׂרֵי מִסִּים לְמַעַן עַנֹּתוֹ בְּסִבְלוֹתָם וַיִּבֶן עָרֵי מִסְכְּנוֹת לְפַרְעֹה אֶת פִּתֹם וְאֶת רַעַמְסֵס: וַיִּתְּנוּ עָלֵינוּ עֲבֹדָה קָשָׁה כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר וַיַּעֲבִדוּ מִצְרַיִם אֶת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל בְּפָרֶךְ:

וַנִּצְעַק אֶל יְיָ אֱלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ וַיִּשְׁמַע יְיָ אֶת קֹלֵנוּ וַיַּרְא אֶת עָנְיֵנוּ וְאֶת עֲמָלֵנוּ וְאֶת לַחֲצֵנוּ: וַנִּצְעַק אֶל יְיָ אֱלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר וַיְהִי בַיָּמִים הָרַבִּים הָהֵם וַיָּמָת מֶלֶךְ מִצְרַיִם וַיֵּאָנְחוּ בְנֵי יִשְׂרָאֵל מִן הָעֲבוֹדָה וַיִּזְעָקוּ וַתַּעַל שַׁוְעָתָם אֶל הָאֱלֹהִים מִן הָעֲבֹדָה: וַיִּשְׁמַע יְיָ אֶת קֹלֵנוּ כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר וַיִּשְׁמַע אֱלֹהִים אֶת נַאֲקָתָם וַיִּזְכֹּר אֱלֹהִים אֶת בְּרִיתוֹ אֶת אַבְרָהָם אֶת יִצְחָק וְאֶת יַעֲקֹב: וַיַּרְא אֶת

תרגום עברי

אונ ווען אַקְרִיג וועט זיך טְרֶעפֶען וועט ער זיך פֶערְאֵיינִיגֶען מִיט אוּנְזֶערֶע פֵיינְדֶע. ער וועט גֶעגֶען אוּנְז שְׁטְרֵייטֶען אונ וועט אוֹיס צִיהֶען פוּן דָאס לַאנְד.

ויענונו. זֵייא הָאבִּין אוּנְז בֶּעדְרִיקְט (גְעפֵּיינִיגְט) וִויא דֶער פָּסוּק זָאגְט: זֵייא הָאבִּין גִיזֶעצְט אוֹיף אִים בֶּעאַמְטֶע, זֵייא זָאלִין פָאהְרֶען (אֵיין מָאנֶען) דִי אָבְּגַאבֶּען אוּם אִים דוּרְךְ שְׁווֶעהְרֶע אַרְבֵּייט צוּא בֶּעדְרִיקֶען. אונ ער הָאט פַאר פַּרְעֹה גֶעבּוֹיט פְּרָאבְאנְטְ הֶעשְׁטֶעדְט גֶעמֶלִיךְ: פִּתֹם אונ רַעַמְסֵס אונ זֵיי הָאבִּין אוֹיף אוּנְז אַרוֹיף גִילֵייגְט שְׁווֶערֶע אַרְבֵּייט, וויא דער פָּסוּק זָאגְט: דִיא עֶגִיפְּטֶער הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל שְׁטְרֵייְנְג אוּנְטֶערְדְרִיקְט מִיט שְׁווֶעהְרֶע אַרְבֵּייט.

ונצעק. אונ מִיר הָאבִּין גֶעשְׁרִיעֶן צוּ דֶעם עֶווִיגֶען גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין, אונ גָאט הָאט עֶרְהֶערְט אוּנְזֶער שְׁטִימֶע, דֶען ער הָאט גִיזֶעהֶן אוּנְזֶער עֶלֶענְד, אוּנְזֶער מִיה, אוּנְזֶער פַּיין אונ אוּנְזֶער בֶּעצְווִינְגֶענִיס.

ונצעק. אונ מִיר הָאבִּין גֶעשְׁרִיעֶן צוּ דֶעם עֶווִיגֶען, דֶעם גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִן, וויא דִיא שְׁרִיפְט עֶרְצֵיילְט: אונ עֶס וַואר אִין אַלַאנְגֶע צֵייט הֶערְנָאךְ, אִיז דֶער קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם גֶעשְׁטָארְבֶּן אונ אִימֶער נָאךְ הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעזִיפְצֶעט אוּנְטֶער שְׁווֶעהְרֶע אַרְבֵּייט, אונ זֵייא הָאבִּין גֶעשְׁרִיעֶן. אונ זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא שְׁווֶערֶע אַרְבֵּייט אִיז גֶעשְׁטִיגֶען צוּא גָאט. אונ דֶער עֶווִיגֶער הָאט עֶרְהֶערְט אוּנְזֶער שְׁטִימֶע, וויא דֶער פָּסוּק זָאגְט: אונ גָאט הָאט גֶעהֶערְט זֵייעֶר יַאמֶערְן גֶעדֵיינְקְט זַיין

משלי חכמים

דֶער מִדְרָשׁ רַבָּה שְׁרַייבְּט (שמות פ׳ א׳) משֶׁה רַבֵּנוּ אִיז גִיוֶועזֶען זֵייעֶר שֵׁיין קְלוּג אונ גִירָאטִין אַלֶע הוֹיפְלַייט הָאבִּין אִים לִיבּ גִיהַאט, אַמָאל אִיז פַּרְעֹה גִיזֶעסִין מִיט אַלֶע זַיינֶע דִינֶער אונ עֶר הָאט גִיהַאלְטִין משֶׁה׳ן אוֹיף זַיין שׁוֹיס הָאט משֶׁה אַרָאפּ גִינוּמֶען דֶעם קְרוֹין פוּן פַּרְעֹה׳ס קָאפּף אונ הָאט אָן גִיטָאן אוֹיף זַיין קָאפּף,

ספורי גאולת ממצרים

גֶעפִינֶען ווֶעלֶען זֵייא נִיט קֶענֶען אַרוֹיסְגֵיין פוּן מִצְרַיִם וויא משֶׁה הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט ער גִישְׁרִיעֶן יוֹסֵף יוֹסֵף! גִיב כָּבוֹד דֶעם יוּדִישֶׁען גָאט, מִיר קֶענֶען אָהְן דִיר נִיט אַרוֹיסְגֶעהְן פוּן מִצְרַיִם זֵייא נִיט מְעַכֵּב דִי גְאוּלָה, דוּ בִּיזְט אַצַדִּיק בֶּעט בַּייא גָאט ער זָאל דִיךְ אוֹיפְבְּרֶענְגֶען פוּן תְּהוֹם, דֶער וַואסֶער הָאט בַּאלְד אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ רוֹישֶׁען אונ דֶער אָרוֹן אִיז אַרוֹיפְגֶעשְׁווֹאוּמֶען פוּן אוֹיבֶּען אוֹיף דֶעם וַואסֶער הָאט משֶׁה גִינוּמֶען דֶעם אָרוֹן וויא מֶען הֵייבְּט אוֹיף

פון דער ערד אַשְׁטְרוֹיא אונ הָאט אִים אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען צוּא זִיךְ אַהֵיים. (הערה: מֶען קָאן זָאגֶען אַז ווייל

משה

עָנְיֵנוּ זוֹ פְּרִישׁוּת דֶּרֶךְ אֶרֶץ כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר וַיַּרְא אֱלֹהִים אֶת בְּנֵי
וַיֵּדַע אֱלֹהִים: וְאֶת עֲמָלֵנוּ אֵלּוּ הַבָּנִים כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר כָּל הַבֵּן הַיִּלּוֹד
הַיְאֹרָה תַּשְׁלִיכֻהוּ וְכָל הַבַּת תְּחַיּוּן: וְאֶת לַחֲצֵנוּ זוֹ הַדְּחַק כְּמָה
שֶׁנֶּאֱמַר וְגַם רָאִיתִי אֶת הַלַּחַץ אֲשֶׁר מִצְרַיִם לֹחֲצִים אוֹתָם:

**וַיּוֹצִיאֵנוּ** יְיָ מִמִּצְרַיִם בְּיָד חֲזָקָה וּבִזְרוֹעַ נְטוּיָה וּבְמוֹרָא גָּדוֹל
וּבְאוֹתוֹת וּבְמוֹפְתִים: וַיּוֹצִיאֵנוּ יְיָ מִמִּצְרַיִם. לֹא עַל יְדֵי
מַלְאָךְ וְלֹא עַל יְדֵי שָׂרָף וְלֹא עַל יְדֵי שָׁלִיחַ אֶלָּא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ
הוּא בִּכְבוֹדוֹ וּבְעַצְמוֹ שֶׁנֶּאֱמַר וְעָבַרְתִּי בְאֶרֶץ מִצְרַיִם בַּלַּיְלָה
הַזֶּה וְהִכֵּיתִי כָל בְּכוֹר בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם מֵאָדָם וְעַד בְּהֵמָה וּבְכָל
אֱלֹהֵי מִצְרַיִם אֶעֱשֶׂה שְׁפָטִים אֲנִי יְיָ: וְעָבַרְתִּי בְאֶרֶץ מִצְרַיִם בַּלַּיְלָה

## תרגום עברי

בּוּנְד מִיט אַבְרָהָם יִצְחָק אוּנ יַעֲקֹב, אוּנ עֶר הָאט גִיזֶעהֶען אוּנְזֶער עֶלֶענְד דַאס אִיז גִיוֶועֶן פְּרִישׁוּת דֶרֶךְ אֶרֶץ (דֶער אָבְּשֵׁיידֶען זִיךְ פוּן זַייעֶרֶע פְרוֹיעֶן) וִויא דֶער פָּסוּק זָאגְט: אוּנ גָאט הָאט גִיזֶעהֶען דֶעם צוּשְׁטַאנְד פוּן דִי קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנ הָאט זִיךְ גֶעשְׂלָאגֶען אָן צוּא גֶעסֶען פַאר זִייא (דַאס הֵייסְט זִייא רֶעטְטֶען) וְאֶת עֲמָלֵנוּ אוּנְזֶערֶע מִיהֶזֶעלִיגְקַייט (מִידִיגְקַייט) אִין בֶּעצִינְג דֶער קִינְדֶער, וִויא דִיא שְׁרִיפְט עֶרְצֵיילְט יֶעדֶען גֵיינִיבָּארֶענֶען זָאהְן זָאלְט אִיהְר אִין דֶעם פְלוּס אַרַיינְוַוארְפֶען, אוּנ יֶעדֶע טָאכְטֶער קָאנְט אִיהְר עֶרְהַאלְטֶען. וְאֶת לַחֲצֵנוּ אוּנ אוּנְזֶער בְּצְווִינְגֶנֶעם גֶעמְבְּלִיךְ דֶעם דְרוּק וִויא דֶער פָּסוּק זָאגְט: אוּנ אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען דָאס דְרַאנְגְזַאל מִיט וֶועלְכֶען דִיזֶע עֶגִיפְּטֶער בֶּעדְרִיקְקֶען זִייא אוּנ גָאט הָאט אוּנְז אַרוֹיס גִיצוֹיגֶען פוּן מִצְרַיִם מִיט אַשְׁטַארְקֶע הַאנְד, מִיט אֵיין אוֹיס גִישְׁטְרֶעקְטִין אָרֶם מִיט גְרוֹיס פוֹרְכְטְבָּארֶע אוּנ וואוּנְדֶער.

**וַיּוֹצִיאֵנוּ.** דֶער עֶווִיגֶער הָאט אוּנְז אַרוֹיס גִיצוֹיגֶען פוּן מִצְרַיִם. נִיט דוּרְךְ אַמַלְאָךְ אוּנ נִיט דוּרְךְ אַשָׂרָף אוּנ נִיט דוּרְךְ אשָׁלִיחַ זָאנְדֶערְן הקב"ה הָאבְּגֶעלוֹיבְטֶער הֵיילִיגֶער עֶר זֶעלְבְּסְט אִיז גִיוֶועֶן אִין אֵייגִינֶער מַאיֶעסְטֶעט אוּנ הֶערְלִיכְקַייט. זִויא דֶר פָּסוּק זָאגְט: אוּנ אִיךְ (גָאט זָאגְט דָאס) וֶועל דִיזֶע נַאכְט דוּרְכְצִיהֶען דָאס לַאנְד מִצְרַיִם. אוּנ אִיךְ וֶועל שְׁלָאגִין אַלֶע עֶרְשְׁט גֶעבָּארֶענֶע אִין לַאנְד מִצְרַיִם פוּן מֶענְשֶׁען בִּיז צוּם פִיעה. אוּנ אָן אַלֶע גֶעטֶער אִין מִצְרַיִם וִויל אִיךְ שְׁטְרַאפְגֶערִיכְט אִיבֶען, אִיךְ

---

### משלי חכמים

משֶׁה הָאט זִיךְ מְטַמֵּא גִיוֶועֶן מִיט דֶעם אָרוֹן דֶער פַאר אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶען אַ לֵוִי אוּנ זַיין בְּרוּדֶער אַהֲרֹן אַכֹּהֵן–) נָאךְ אַוואוּנְדֶער (שְׁרַייבְּט דֶער מִדְרָשׁ) הָאט גֶעטְרָאפֶען מִיט דֶעם אָרוֹן: דִיא מִצְרַיִם הָאבֶען דוּרְךְ כִּישׁוּף גֶעמַאכְט הוּנְדֶערְט פוּן גָאלְד זִיי הָאבֶען גֶעהִיט דֶעם אָרְט וואוּ דֶער אָרוֹן אִיז גֶעלֶעגֶען דָאס קֵיינֶער זָאל אִים פוּן דָארְט נִיט אַרוֹיסְנֶעמֶען וִויא אֵיינֶער הָאט גֶעוָואלְט צוּגֵיין בַּיי יֶענֶעם אָרְט הָאבֶען דִיא הוּנְדֶערְע גֶעבִּילִין אַזוֹיא הוֹיךְ אַז אִין גַאנְץ מִצְרַיִם (אַמַהֲלָךְ

### ספורי גאולת מצרים

וִויא דִיא חַרְטוּמִים הָאבִּין דָאס גִיזֶעהֶען הָאבִּין זַייא גִיזָאגְט צוּם קֶענִיג מִיר הָאבִּין דִיר אַמָאל גִיזָאגְט אַז אֵיינֶער וֶועט צוּנֶעמֶען דַיין קְרוֹין, מִיר פִירְכְטֶען פִילַייכְט אִיז דָאס דֶער מֶענְטְשׁ. אֵיינִיגֶע פוּן דִיא חַרְטוּמִים הָאבִּין גִיזָאגְט, מֶען דַארְף אִים הַרְגֶענֶען, אַנְדֶערֶע– מֶען זָאל אִים פַארְבְּרֶענֶען, יִתְרוֹ אִיז אוֹיךְ גִיוֶועֶן אוֹיף

פוּן פֶערְצִיג טֶעג) הָאט מֶען גֶעהֶערְט זַייעֶרֶע קוֹלוֹת אוּנ אַז מֹשֶׁה אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען הָאבִּין דִי הוּנְדֶערְע גֶעשְׁווִינְגֶען דֶער מִדְרָשׁ שְׁרַייבְּט: דִיא יִדְעֶן אִין מִצְרַיִם הָאבֶען קֵיין זְכוּת נִיט גֶעהַאט אוֹיסְגֶעלֵייזְט צוּא וֶוערֶען. הָאט דִיא גָאט גֶעגֶעבֶּען (דוּרְךְ משֶׁה צְוַייא מִצְוֹת, דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח אוּנ מִילָה זִייא זָאלֶען זִיךְ מַל זַיין אָבֶּער פִיעל

הזה אני ולא מלאך. והכיתי כל בכור בארץ מצרים אני ולא שרף. ובכל אלהי מצרים אעשה שפטים אני יי אני הוא ולא השליח. אני יי אני הוא ולא אחר:

ביד חזקה זו הדבר כמה שנאמר הנה יד יי הויה במקנך אשר בשדה בסוסים בחמרים בגמלים בבקר ובצאן דבר כבד

תרגום עברי

דער עווינגער!. ועברתי איך וועל דורכציהען אין לאנד מצרים, איך זעלבסט קיין מלאך אונ איך וועל שלאגען אלע בכורים (ערשט נעבארענע) איך זעלבסט אונ ניט קיין שרף. אונ אלע געטער פון מצרים וועל איך טהון אשטראפגעריכט איך זעלבסט קיין שליח (אבגעארדענטער). איך דער עווינגער, איך בין עס, קיין אנדערער. ביד מיט אשטארקער האנד, דאס מיינט מען דיא פעסט, אזוי ווי דער פסוק זאגט: נאטעס האנד וועט זיין אן ביינגע פיעה וועלכע זיינען אין פעלד, אן דיא פערד, אייזלען, קאמעלען, רינדפיעה, אונ קליין פיה, איין זייער שווערע פעסט. ובזרוע מיט

משלי חכמים

פיעל פון דיא יודען האבען ניט געוואלט זיך מל זיין, וואס האט גאט געטהון? האט באפוילין משה רבינו דאס ער זאל מאכין איין קרבן פסח, האט משה אזוי געטהון, ער האט גוזר געווען אויף דיא רוחות פון דיא פיער עקען דער וועלט זייא זאלען בלאזען פון גן עדן אויף משה'ס קרבן פסח. דעם ריח האבען דיא יודען געפילט דען ער האט זיך געהערט פערציג טעג ווייט, זענען אללע יודען אריינגעגאנגען צוא משה'ן אונ האבען געזאגט צוא איהם: אונזער הער! מיר בעטען דו זאלסט אונז געבען פארזוכען פון דיין קרבן פסח, ווייל זיין ש' ארקער ריח מאכט אונז מיד . . . האט משה צו זייא געזאגט: דער וואס איז ניט געמלת קאן פון מיין קרבן פסח ניט עססען, האבען זייא זיך געלאזט מל זיין האט זיך פארמישט די בלוט פון קרבן פסח מיט די בלוט פון מילה. משה האט מל גיווען, אהרן פורע גיווען, אונ יהושע-מציצה. רבי אליעזר זאגט: אלאנגע צייט פריער עהדער משה האט דיא יודען בעפרייט פון מצרים איז געקומען איינער פון שבט אפרים זיין נאמען איז גיוועזן „גנון" אונ האט גיזאגט דאס גאט האט צו איהם זיך בעוויזען אונ געזאגט ער זאל דיא יודען בעפרייען פון מצרים דער שבט אפרים זענען גיוועזן גרויסע העלדען זיי האבען זיך פארלאזען אויף זייער גבורה זענען זיי ארויסגעגאנגען פון מצרים פאר דיא בעשטימטע צייט זיי האבין מיטגענומען זייערע ווייבער אונ קינדער, דיא מענשען פון גת האבען אויסגעהארגעט פון שבט אפרים צוויא הונדערט טויזענט מאן ווייל זייא האבען זיך בעפרייט פאר דער צייט, גאט האט געפירט דיא יודען מיט זיבען וואלקען (ענני כבוד) פון אלע פיער זייטען, אויבען, אונטען, איז זעקס אונ אזיבע ער איז גיגאנגין פאראויס, צבארג האט ער נידעריג געמאכט, אטהאל-אויף געהויבען אויסגעגלייכט, שלאנגען געהארגת, געמאכט אגלייכע וועג. אז דיא יודען זענען גיקומען ביי דעם ים איז אין הימעל גיווארין אגרויסער רעש. עוזא דער שר של מצרים האט געזאגט צו גאט. דיא פאלק יודען וואס דוא האסט בעפרייט פון מצרים האב איך מיט זייא אדין תורה, זאל קומען מיכאל זייער שר וועלען מיר ביידע טענהן פאר דיר דער רבונו של עולם האט גיזאגט צום מלאך מיכאל: האב מיט איהם אדין תורה. עוזא האט געזאגט, גרויסער גאט, דוא האסט גוזר געווען אויף דיא יודען זייא זאלען אין מצרים ארבייטען פיר הונדערט יאהר יעטצט זענען



ספורי גאולת מצרים

דער אסיפה, האט ער גיזאגט: דאס קינד האט קיין שכל, ער האט דאס גיטאן אן אשוט כונה, אט וועל איך אייך ווייזען אפראבע, שטעלט אוועק אשיסעל מיט גאלד אין פייער אויב ער וועט חאפין דיא גאלד איז אסימן אז ער האט שכל קומט איהם מיתה, אונ אויב ער וועט חאפין דיא פייער איז אסימן דאס ער האט קיין שכל, קומט אים קיין מיתה ניט עס איז באלד גיבראכט גיווארין אשיסעל מיט גאלד אונ הייסע קוילען, האט משה גיוואלט חאפין דיא גאלד איז גיקומען דער מלאך גבריאל אונ האט אים אשטופ גיגעבין האט ער גיחאפט אהייסין קויל אין מויל אריין האט ער פארברענט דעם צונג איז ער גיווארין אשטאמלער.

אויך שרייבט דער מדרש: אז פרעה האט גיהערט דאס משה האט גיהרגת דעם

מֹרָא: וּבִזְרֹעַ נְטוּיָה זוֹ הַחֶרֶב כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר וְחַרְבּוֹ שְׁלוּפָה בְּיָדוֹ נְטוּיָה עַל יְרוּשָׁלָיִם: וּבְמוֹרָא גָּדוֹל זוֹ גִּלּוּי שְׁכִינָה כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר אוֹ הֲנִסָּה אֱלֹהִים לָבוֹא לָקַחַת לוֹ גוֹי מִקֶּרֶב גּוֹי בְּמַסֹּת בְּאֹתֹת וּבְמוֹפְתִים וּבְמִלְחָמָה וּבְיָד חֲזָקָה וּבִזְרוֹעַ נְטוּיָה וּבְמוֹרָאִים גְּדֹלִים כְּכֹל אֲשֶׁר עָשָׂה לָכֶם יְיָ אֱלֹהֵיכֶם בְּמִצְרַיִם לְעֵינֶיךָ: וּבְאֹתוֹת זֶה הַמַּטֶּה כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר וְאֶת הַמַּטֶּה הַזֶּה תִּקַּח בְּיָדֶךָ אֲשֶׁר תַּעֲשֶׂה בּוֹ אֶת הָאֹתֹת: וּבְמוֹפְתִים זֶה הַדָּם כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר וְנָתַתִּי מוֹפְתִים בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ:

מען גיסט עטוואס אפ פון כוס:

## דָּם. וָאֵשׁ. וְתִמְרוֹת עָשָׁן:

## דָּבָר אַחֵר בְּיָד חֲזָקָה שְׁתַּיִם. וּבִזְרֹעַ נְטוּיָה שְׁתַּיִם. וּבְמוֹרָא גָדוֹל

### תרגום עברי

אוים גישטרעקטען ארם, דאס מיינט מען דעם שווערד צוא געהמען נקמה, דען עס שטייט מיט איין אוים גישטרעקטין שווערד אין דער האנד אוים גישטרעקט איבער ירושלים. ובמורא אונ מיט גרויסע שרעק, דאס מיינט מען די אפפענבארונג דר געטליכען מאיסטעט, דען עס שטייט: האט װען גיטראפין דאס די געטליכקייט זאל ערשיינען צו בעפרייען אפאלק פון אפאלק מיט פרובונגען, צייכין, אונ מיט וואונדר, מיט מלחמה (קריג), אונ מיט אשטארקע האנד, אונ מיט א אויסגישטרעקטען ארעם אונ מיט גרוים פורכטבארע טהאטען, אזו וויא דער עווינער אייער גאט האט גיטאן אין מצרים פאר דיינע אויגין, דוא האסט דאס אליין גיזעהען. ובאותות דורך צייכין, דאס מיינט מען דעם שטעקין וויא דער פסוק זאגט: אונ דעם שטעקין זאלסטו נעמען אין דיין האנד מיט וועלכין דו וועסט מאכין די וואונדערצייכן. ובמופתים וואונדער, דאס בעדייט אויף דאס בלוט. אזויא וויא דער פסוק זאגט: אונ איך וועל צייגען וואונדער אויף דעם הימעל אונ אויף דער ערד. בלוט אונ פייער אונ זיילען פון רויך (געבעל זיילען). דבר אחר איין אנדערע ערקלעהרונג לעהרט: מיט שטארקער האנד, צוויי מאל בעשטראפט, מיט אויסגעשטרעקטען ארם אויך

### משלי חכמים

זייא פון דארטען ארויסגעצויגען פאר דער צייט. וויא זייגען דארטין געוועזען נור צווייא הונדערט יאהר דארום בעט איך דיר רבש"ע גיב מיר רשות וועל איך זייא צוריק קערען אין מצרים נאט האט געזאגט צו מיכאל'ן: מיכאל, ענטפער איהם אריכטיגע תשובה מיכאל האט געשוויגען — דוא שווייגסט מיכאל? — האט נאט געזאגט — דוא האסט ניט וואס צו ענטפערן וועל איך איהם זאגען א ריכטיגע תשובה: דער גלות האט זיך אנגעפאנגען פון דער צייט וואס איז גיבארין געווארען יצחק קומט אוים ריכטיג פיער הונדערט יאהר. (הערה דער דובנער מגיד זצ"ל פרעגט אשטארקע קשיא, וויא באלד דער גלות רעכענט נאט פון דיא אבות. פאר וואס האבען דיא יודען אין מצרים געארבייט אזויא שווערער ארבייטען האבין זייא גיזאלט זיין אין גלות וויא יצחק אונ יעקב?! דער תירוץ איז אמענש צוא אמענש איז ניט גלייך, דעם גרויסען מענשען איז אשטראף איין ווארט אבער פאר אפראסטען מענשען דארף זיין דער שטראף גרעססער. למשל ווען אייגער איז איינגעוויינט צוא עססען פלייש אונ טרינקען וויין ווען ער זאהל האבען נור ברויט מיט וואססער וועט דאס זיין פאר אים אשטראף אבער אמענש וואס עסט נור ברויט אונ טרינקט וואססער אלע מאל פאר איהם וועט זיין דער שטראף-הונגערן. די זעלבינע איז געוועזען מיט דעם גלות, פאר יצחק'ן איז גיוועזען גינוג גלות אז ער איז גיוועזען אין אפרעמדער לאנד ניט זיינע, פאר יעקב'ן איז געוועזען גענוג גלות געשפייזט צוא ווערען פון זיין זאהן אבער דיא שפעטערדיגע דורות האבען שוין בעדארפט ארבייטן.

שְׁתַּיִם. וּבְאוֹתוֹת שְׁתַּיִם. וּבְמוֹפְתִים שְׁתַּיִם. אֵלּוּ עֶשֶׂר מַכּוֹת שֶׁהֵבִיא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא עַל הַמִּצְרִים בְּמִצְרַיִם. וְאֵלּוּ הֵן:

מֶען גִיסְט אָב עֶטְוָואס פוּן כּוֹס, בַּייא דַם צְפַרְדֵעַ אוּנְ דְצַ"ךְ:

# דָּם. צְפַרְדֵּעַ. כִּנִּים. עָרוֹב. דֶּבֶר. שְׁחִין.
# בָּרָד. אַרְבֶּה. חֹשֶׁךְ. מַכַּת בְּכוֹרוֹת:

## רַבִּי יְהוּדָה הָיָה נוֹתֵן בָּהֶם סִמָּנִים:
## דְּצַ"ךְ. עֲדַ"שׁ. בְּאַחַ"ב:

רַבִּי יוֹסֵי הַגְּלִילִי אוֹמֵר מִנַּיִן אַתָּה אוֹמֵר שֶׁלָּקוּ הַמִּצְרִים בְּמִצְרַיִם עֶשֶׂר מַכּוֹת וְעַל הַיָּם לָקוּ חֲמִשִּׁים מַכּוֹת. בְּמִצְרַיִם מָה הוּא אוֹמֵר. וַיֹּאמְרוּ הַחַרְטֻמִּים אֶל פַּרְעֹה אֶצְבַּע אֱלֹהִים הִוא. וְעַל הַיָּם

### תרגום עברי

צְווייא שְׁטְרָאף, אוֹיךְ מִיט גְרוֹיסֶע פוּרְכְטְבָּארֶע מְהַאט. צְווייא שְׁטְרָאף. דוּרְךְ צֵייכֶען, צְווייא מַכּוֹת. מֶען רוּפְט מֶען: בְּלוּט. פְרֶעשׁ. כִּנִּים (אוּנְגֶעצִיפֶער). גֶעווילְד. דֶבֶר (פִיעהְזֵייכֶע). שְׁחִין (אֵיטֶערְבַּיילֶען) הָאגֶעלְשְׁלָאג. הֵיישֶׁערִיקֶען. פִינְסְטֶערְנִישׁ. מַכַּת בְּכוֹרוֹת (שְׁטֶערְבִין דֶער עֶרְשְׁטְגֶעבָּארֶענֶע).

רַבִּי יְהוּדָה בֶּעלֵייגְט מִיט אַצֵייכֶען דְצַ"ךְ עֲדַ"שׁ בְּאַחַ"ב. (דִי אָנְפַאנְג אוֹתִיּוֹת פוּן דִי צֶעהֶן מַכּוֹת).

רַבִּי יוֹסֵי הַגְּלִילִי זָאגְט: פוּן וַואנֶען קָאנְסְטוּ זָאגֶין אַז דִי עֶגִיפְּטֶער זַיינֶען אִין מִצְרַיִם גֶעשְׁלָאגֶען גִיוָוארֶען מִיט צֶעהֶן מַכּוֹת אוּנ בַּייא דֶעם יַם מִיט פוּנְפְצִיג מַכּוֹת? אִין מִצְרַיִם וָואס זָאגְט עֶר? דִיא חַרְטֻמִּים הָאבִין גֶעזָאגְט צוּא פַּרְעֹה: דָאס אִיז גָאטְס

---

### משלי חכמים

דִיא עֶרְשְׁטֶע מַכָּה הָאט גָאט גֶעשְׁלָאגֶען דִיא מִצְרִים מִיט בְּלוּט ווייל זיי„די מִצְרִיִּים" הָאבֶען גֶעדִינְט צוּם טַייךְ נִילוּס, פַּרְעֹה הָאט זִיךְ בֶּערִיהמְט אַז עֶר הָאט דֶעם טַייךְ נִילוּס בֶּעשַׁאפֶען, זַיין טָעוּת אִיז גֶעוֶוען דֶערְפוּן, דֶער טַייךְ פְלֶעגְט זִיךְ אוֹיפְהֵייבֶען גֶעגֶען אִים דוּרְךְ דִיא בְּרָכָה פוּן יַעֲקֹב אָבִינוּ הָאט פַּרְעֹה גֶעמֵיינְט אַז דֶער טַייךְ הָאט פַאר אִיהם מוֹרָא דֶערְפַאר הָאט גָאט דָאס עֶרְשְׁטֶע גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם טַייךְ אוּן גָאט הָאט גֶעטָה

### ספורי גאולת ממצרים

מִצְרִי, הָאט פרעה אִים גֶעוָואלְט הַרְגֶענֶען, דאן הָאט פרעה גינוּמֶען אוּנ אוֹיסגֶעקְלִיבֶען דֶעם בֶּעסְטִין שַׁארְפִין שְׁוֶוערְד אוּנ הָאט צֶעהֶען מָאל גֶעשְׁנִיטִין משה'ס הָאלְדְז, אָבֶּער זַיין הַאלְדְז אִיז גִיוָוארִין הַארְט וִויא אַצַייל פוּן אָהֶעלְפַאנְד בֵּיין עֶס הָאט אִים נָאר נִיט גישאדט

נִיט וִויא אַמֶענְשׁ ווייל מָאן שְׁלֶעכְטֶעס דֶעם צְווייטֶען הִיט עֶר זִיךְ אַז יֶענֶער זָאל נִיט וויסֶען פְרִיהֶער, אָבֶער גָאט הָאט מַתְרֶה גֶעוֶוען עֶהֶעדֶער עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט דִיא מַכָּה. פוּן דִיא מַכָּה דַם זַיינֶען פִיעל יוּדֶען רַייךְ גֶעוָוארֶען וִויא רַבִּי לֵוִי עֶרְקְלֶעהְרְט אוּנְז, אַז אַיוּד מִיט אַמִצְרִי הָאבֶען גֶעוָואהְנְט צוּזַאמֶען, אִיז דִיא וַואסֶער פוּן מִצְרִי גֶעוָוארְן בְּלוּט אוּן דִיא וַואסֶער פוּן יוּדֶען נִיט. הָאט דֶער מִצְרִי גֶענוּמֶען דָאס וַואסֶער פוּן יוּדֶען, וִויא עֶר הָאט דָאס גֶענוּמֶען אִין מוֹיל אִיז גֶעוָוארֶען בְּלוּט אָבֶער וֶוען דֶער מִצְרִי הָאט דֶעם יוּדֶען בֶּעצָאהְלְט פַאר דָאס וַואסֶער הָאט עֶר גֶעטְרוּנְקֶען וַואסֶער. דִיא מִצְרִיִּים הָאבֶען פְּרוּבִּירְט אַלֶערְלֵייא מִיטְלֶען זֵייא הָאבֶען גֶעגְרָאבֶען נַייעֶ בְּרוּנֶעמֶער, אָבֶער עֶס הָאט קֵיין זַאךְ נִיט גֶעהָאלְפֶען, אוּיסֶער גֶעלְד! דִיא צְווייטֶע מַכָּה: פְרֶעשׁ, „זַאבֶּעס" פַאר וָואס הָאט גָאט אוֹיף דִיא מִצְרִיִּים גֶעבְּרַאכְט דִיא מַכָּה צְפַרְדְּעִים? ווייל דִיא עֶגִיפְּטֶער הָאבֶען גֶעצְווִאוּנְגֶען דִי יוּדֶען צוּא בְּרֵיינְגֶען שְׁקָצִים וּרְמָשִׂים. אִיז דִיא מַכָּה גֶעוֶוען מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה. דוּרְךְ דִיא פְרֶעס הָאבֶען אַלֶע גֶעוואוּקְסְט דֶעם רִיכְטִיגֶען גְרֶענִיץ פוּן מִצְרַיִם ווייל דִי פְרֶעס זַיינֶען גֶעקוּמֶען גָאר אִין לַאנְד וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּא דִיא מִצְרִיִּים, אָבֶער נִיט אִין אַנְאנְדֶער לַאנְד. דִיא צְפַרְדְּעִים פְלֶעגֶען אַרַיינְקְרִיכֶען צוּ דִיא עֶגִיפְּטֶער אִין בּוֹיךְ אוּן דָארְטֶען שְׁרַייעֶן, דִי עֶגִיפְּטֶער הָאבִין דֶערְפוּן גִיהַאט

מַה הוּא אוֹמֵר. וַיַּרְא יִשְׂרָאֵל אֶת הַיָּד הַגְּדוֹלָה אֲשֶׁר עָשָׂה יְיָ בְּמִצְרַיִם וַיִּירְאוּ הָעָם אֶת יְיָ וַיַּאֲמִינוּ בַּייָ וּבְמשֶׁה עַבְדּוֹ: כַּמָּה לָקוּ בְּאֶצְבַּע עֶשֶׂר מַכּוֹת. אֱמוֹר מֵעַתָּה בְּמִצְרַיִם לָקוּ עֶשֶׂר מַכּוֹת וְעַל הַיָּם לָקוּ חֲמִשִּׁים מַכּוֹת:

רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר מִנַּיִן שֶׁכָּל מַכָּה וּמַכָּה שֶׁהֵבִיא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא עַל הַמִּצְרִים בְּמִצְרַיִם הָיְתָה שֶׁל אַרְבַּע מַכּוֹת שֶׁנֶּאֱמַר יְשַׁלַּח בָּם חֲרוֹן אַפּוֹ עֶבְרָה וָזַעַם וְצָרָה מִשְׁלַחַת מַלְאֲכֵי רָעִים.

תרגום עברי

פִינְגֶער אוּנ אוֹיף דֶעם יַם הָאט עֶר גֶעזָאגְט: אוּנ דִי יוּדֶען הָאבִּין גֶעזֶעהֶען דִי גְרוֹיסֶע הַאנְד וָואס גָאט הָאט גִיטָאן אִין מִצְרַיִם. דָאס פָאלְק הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אוּנ הָאבֶען גֶעגְלוֹיבְּט אִין גָאט אוּנ אִין משֶׁה זַיין קְנֶעכְט. וויפִיעל זַיינֶען זֵיי גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם פִינְגֶער? צֶעהֶען מַכּוֹת: זָאג יֶעטְצְט אַז אִין מִצְרַיִם זַיינֶען זֵיי גֶעשְׁלָאגִין גֶעוָוארִין מִיט צֶעהֶען מַכּוֹת. זַיינֶען זֵייא אוֹיף דֶעם יַם גֶשְׁלָאגֶען גִיוָוארִין מִיט פוּנְפְצִיג מַכּוֹת.

רַבִּי אֱלִיעֶזֶר זָאגְט: פוּן וַואנֶען ווייס אִיךְ דָאס אִין יֶעדֶער מַכָּה וָואס גָאט הָאט גֶעבְּרַאכְט (גִינֶעבֶּען) דִיא עֶגִיפְּטֶער אִין עֶגִיפְּטֶען אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן פִיהְר פֶערְשִׁידֶענֶע מַכּוֹת? ווייל עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען: יְשַׁלַּח עֶר שִׁיקְט אוֹיף זֵייא זַיין גְלִיהֶענְדֶען גְרִימְצָארְן, ווָאוּט, אַנְגְסְט, אוּנ אַיין אָנְשִׁיקֶענְגֶעס פוּן בֵּייזֶע עֶנְגְלֶען. „צָארְן" אִיז אֵיינְס, „ווָאוּט" אִיז צְווייא, „אַנְגְסְט" אִיז דְרַייא. אוּנ אַיין אָנְשִׁיקֶענִיס פוּן בֵּייזֶע עֶנְגְלֶען

ספורי גאולת מצרים

גִישַׁארְט, משֶׁה אִיז אַנְטְלָאפִין פוּן פַּרְעֹה. רַבִּי יַנַּאי זָאגְט, וִויא אִיז דָאס מֶעגְלִיךְ אַז משֶׁה זָאל קֶאנֶען אַנְטְלֵייפִין פוּן קֶענִיג? נוּר וִויא פַּרְעֹה הָאט אַרֶעסְטִירְט משֶׁה'ן אוּנ עֶר הָאט אִים פַאר אוּרְטֵיילְט אַרָאפּ צוּ נֶעהְמֶען זַיין קָאפּ, אִיז גִיקוּמֶען אמַלְאָךְ פוּן הִימֶל וָואס זֵייא הָאט זִיךְ גִידוּכְט אַז דָאס אִיז משֶׁה, הָאבִּין זֵייא דֶעם מַלְאָךְ אַרֶעסְטִירְט אוּנ משֶׁה אִיז אַנְטְלָאפִין. רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי זָאגְט,

אלע

משלי חכמים

גְרֵיסֶע יִסוּרִים דִי פְרֶעשׁ הָאבִּין גֶעבִּיסֶען דִיא קִישְׁקֶעס דִיא פְרֶעשׁ זַיינֶען גֶעקְרָאכֶען אִין דִיא טֵייג וָועלְכֶע דִי מִצְרִיוֹת הָאבֶען גֶעוָואלְט בַּאקֶען אוּנ גֶעגֶעסֶען דִי טֵייג, דִיא פְרֶעשׁ זַיינֶען גִיקְרָאכֶען אִין דִי אוֹיוֶוענ'ס. פִילֶע פוּן דִיא מִצְרִים הָאבִּין זִיךְ בֶּעהַאלְטִין אִין חֲדָרִים וָואס זַיינֶען גֶעוֶועזֶען פוּן מַארְמָאר שְׁטֵיינֶער, דִי פְרֶעם הָאבֶען גִיזָאגְט צוּ דִיא שְׁטֵיינֶער אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען אַז מִיר גֵייהֶען פוּן דֶעם רְצוֹן הַבּוֹרֵא הָאט עֶר אוּנְז גִישִׁיקְט צוּא דִיא עֶגִיפְּטֶער, וִויא דִי שְׁטֵיינֶער הָאבִּין דָאס גֶעהֶערְט הָאבֶען זֵייא זִיךְ צוּשְׁפָּאלְטִין אוּנ דִיא פְרֶעשׁ זַיינֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דִי חֲדָרִים, אוּנ גִישְׁרִיעֶן מִיט מְשׁוּנֶּה קוֹלוֹת. נוּר לְסוֹף אַז משֶׁה הָאט גֶעמַאכְט דִיא פְרֶעס זָאלֶען ווערֶען ווייט הָאט פַּרְעֹה שְׁווֶעהר גֶעמַאכְט זַיין הַארְץ נִיט צוּא בֶּעפְרַייעֶן דִיא יוּדֶען וִויא דֶער שְׁטֵיינֶער אִיז פוּן דִי רְשָׁעִים בְּעֵת זֵייא אִיז שְׁלֶעכְט ווערֶען זֵייא גוּט אוּנ פְרוּם קוּים הֶערְט זֵייא בֶּעסֶער ווערֶען זֵייא שְׁלֶעכְט וִויא פְרִיהֶער. דִיא דְרִיטֶע מַכָּה אִיז גֶעוֶועזֶען כִּנִּים, פַאר וָועלְכֶען חֵטְא הָאט גָאט אוֹיף זֵייא דִיא כִּנִּים גֶעבְּרַאכְט? — ווייל דִי יוּדֶען הָאבֶען גֶעמוּזְט קֶעהְרֶען דִי גַאסֶען אוּנ רֵיינִיגֶען דִי עֶגִיפְּטֶערְס הַייזֶער פוּן שְׁמוּטְץ פוּן שְׁטוֹיבּ, דֶערְפַאר הָאט גָאט פוּן זֵייעֶרֶע עֶרְד גֶעמַאכְט כִּנִּים, הָאבֶען זֵיי קֵיין עֶרְד גֶעהַאט וָואס צוּ רֵיינִיגִין. פֶערְצִן מִינִים כִּנִּים זַיינֶען גִיוֶועזֶען אִין מִצְרַיִם דִי גְרֶעסְטֶע זָארְט אִיז גְרוֹיס גֶעוֶועזֶען ווִי אַ הִינֶערְשֶׁע אֵייא, אוּנ אַ אֵייל דִיא הוֹיךְ. פוּן דִיא עֶרְד זַיינֶען גֶעוֶועזֶען כִּנִּים. בַּייא דִי מַכָּה פוּן כִּנִּים הָאבֶען זֵייא עֶרְקַאנְט אוּנ מוֹדֶה גִיוֶועזֶען אַז דָאס אִיז אַוואוּנְדֶער פוּן גָאט, ווייל דִי מְכַשְּׁפִים הָאבֶען דָאס נִיט גֶעקָאנְט נָאכְמַאכֶען, אַזוֹיא וִויא זֵייא הָאבֶען נָאכְגֶעמַאכְט דִיא עֶרְשְׁטֶע צְווייא מַכּוֹת. דִיא פִיעֶרְטֶע מַכָּה אִיז גֶעוֶועזֶען עָרוֹב, פַאר וָואס הָאט גָאט ב"ה אָנְגֶעשִׁיקְט אוֹיף זֵייא דֶעם עָרוֹב? — ווייל דִיא עֶגִיפְּטֶער הָאבֶען גֶעצְווָאוּנְגֶען דִיא יוּדֶען זֵייא זָאלְלֶען גֶעהֶען אִין ווַאלְד חַאפֶּען אַלֶערְלֵייא חַיּוֹת הָאט גָאט גֶעזָאגְט אִיךְ וֶועל דִיא חַיּוֹת בְּעוֹת מִיט דִי רוֹיבּ פֵייגֶעל שִׁיקֶען צוּ אַייךְ. אַמֶערְקְווִירְדִיגֶער ווָאוּנְדֶער אִיז גֶעוֶועזֶען צוּא

זעהען

עֶבְרָה אַחַת וָזַעַם שְׁתַּיִם וְצָרָה שָׁלֹשׁ מִשְׁלַחַת מַלְאֲכֵי רָעִים אַרְבַּע. אֱמוֹר מֵעַתָּה בְּמִצְרַיִם לָקוּ אַרְבָּעִים מַכּוֹת וְעַל הַיָּם לָקוּ מָאתַיִם מַכּוֹת:

רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר מִנַּיִן שֶׁכָּל מַכָּה וּמַכָּה שֶׁהֵבִיא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא עַל הַמִּצְרִים בְּמִצְרַיִם הָיְתָה שֶׁל חָמֵשׁ מַכּוֹת. שֶׁנֶּאֱמַר יְשַׁלַּח בָּם חֲרוֹן אַפּוֹ עֶבְרָה וָזַעַם וְצָרָה מִשְׁלַחַת מַלְאֲכֵי רָעִים. חֲרוֹן אַפּוֹ אַחַת. עֶבְרָה שְׁתַּיִם וָזַעַם שָׁלֹשׁ וְצָרָה אַרְבַּע מִשְׁלַחַת מַלְאֲכֵי רָעִים חָמֵשׁ. אֱמוֹר מֵעַתָּה בְּמִצְרַיִם לָקוּ חֲמִשִּׁים מַכּוֹת וְעַל הַיָּם לָקוּ חֲמִשִּׁים וּמָאתַיִם מַכּוֹת:

### תרגום עברי

איז פיהר. אמור זאג מעתה דער פון קאנסטו וויסען דאס אין מצרים זיינען זייא גישלאגין גיוואָרען מיט פערציג מכות. אונ אויף דעם ים זיינען זייא געשלאגען געוואָרן מיט צוויא הונדערט מכות.

רבי עקיבא זאגט: פון וואנען וויים איך דאס אין יעדער מכה וואס גאט האט געבראכט, גיגעבען דיא עגיפּטען אין עגיפּטען איז גיוועזען פון פינף פערשידענע מכות ווייל עס שטייט געשריבען: ער שיקט אויף זיי זיין גליהענדען גרים, צארין, וואוט, אנגסט, אונ א אנשיקענעס פון בייזע ענגלען. „גליהענדע גרים" איז איינס, „צארן" צוויי, „וואוט" דריי, „אנגסט" פיהר. אונ איין אנשיקענעס פון בייזע ענגלען פינף, דערפון קאנסטו וויסין אז אין מצרים זיינען זיי גישלאגין גיוואָרין מיט פונפציג מכות, אונ אויף דעם ים זיינען זייא גישלאגין גיוואָרין מיט צוויא הונדערט אונ פונפציג מכות.

---

### משלי חכמים

עהען דאס קיין איינציגע חיה אונ קיין רויב פייגעל זיינען ניט אריינגעגאנגען צוא די יודען אין זייערע וואהנונגען. אמצרי מיט זיינע קינדער זיינען אויף דער גאס געגאנגען האט אלייב צוא געכאפּט איין קינד, אטיגער — דעם צווייטען אבער דעם דריטען, אוואלף דעם פיערטען אזאנגאר דעם פינפטען, א. ז. וו. דבר די פינפטע מכה האט גאט גיבראכט אויף דיא עגיפּטער ווייל זייא פלעגען בעגזלען דיא יודישע בהמות, דורך דעם דבר האט מען געוואוסט וויפיעל בהמות דיא עגיפּטער האבען בעגזלת דיא יודען ווייל דיא יודישע בהמות איז געבליבען לעבען. דיא זעכסטע (דאס) מכה איז געוועזען שחין, ווייל דיא עגיפּטער האבען ניט ערלויבט די יודען זיך ארומצוואשען. גרויסע נסים איז געוועזען בייא דיא מכה שחין דאס ערשטע: משה אונ אהרן האבען גענומען פולע הויפען אש פון אקאלכאויוען נאכדעם האט אהרן אריינגעשאטין זיינע אש אין משה'ס האנד אונ דיא אש איז אריין געגאנגען אין זיינע האנד הגם זייא זיינען געוועזען פול. דאס צווייטע אגרינגע זאך קאן אמענש ניט ווארפען ווייט, אונ דיא אש האט משה געווארפען ביז דעם כסא הכבוד. דאס דריטע: אזא ביסעלע אש האט באדעקט גאנץ מצרים. דאס פערטע דיא אש איז דורכגעגאנגען דיא דעכער אונ ווענד פון דיא מויערן אונ עס איז געפאלען אויף דיא מענשען זייא זיינען באלד קרעטציג גיוואָרען, פון די קרעצין האבען די חרטומים געליטען מעהר פון אלע, זיי האבען זיך געשעמט צוא ווייזען פאר משה'ן, ווייל דורך זייער עצה איז משה רבינו אריינגעוואָרפין געוואָרען אין טייך.

די זיבעטע מכה, ברד (האגעל) דאס איז גיוועזען מדה בנגד מדה. דיא עגיפּטער פלעגין פריהר שרייען אויף די יודען נאכדעם זיי שלאגין, מיט פייערדיגע קלעפּ, דערפאר האט גאט געלאזט פריהר דונערן נאכדעם איז געגאנגען האגעל מיט פייער צוזאמען אונ דער האגעל האט ניט געקאנט פארלעשען דעם

### ספורי גאולת מצרים

אלע ראטהעגעבער וואס זיינען גיוועזען בייא פרעה, אמייל פון זייא זיינען גיוואָרין טויב. אמייל שטום, אונ אמייל בלינד. פרעה האט געפרעגט וואו איז משה? האבין די נים גיהערט אונ די ניט גיזעהען. אז משה האט געפירט דיא שאף פון זיין שווער יתרו האט גאט זיך בעוויזין צו אים אונ ער האט גיבעטין

כַּמָּה מַעֲלוֹת טוֹבוֹת לַמָּקוֹם עָלֵינוּ: אִלּוּ הוֹצִיאָנוּ מִמִּצְרַיִם וְלֹא עָשָׂה בָהֶם שְׁפָטִים דַּיֵּנוּ: אִלּוּ עָשָׂה בָהֶם שְׁפָטִים וְלֹא עָשָׂה בֵאלֹהֵיהֶם דַּיֵּנוּ: אִלּוּ עָשָׂה בֵאלֹהֵיהֶם וְלֹא הָרַג אֶת בְּכוֹרֵיהֶם דַּיֵּנוּ: אִלּוּ הָרַג אֶת בְּכוֹרֵיהֶם וְלֹא נָתַן לָנוּ אֶת מָמוֹנָם דַּיֵּנוּ: אִלּוּ נָתַן לָנוּ אֶת מָמוֹנָם וְלֹא קָרַע לָנוּ אֶת הַיָּם דַּיֵּנוּ: אִלּוּ קָרַע לָנוּ אֶת הַיָּם וְלֹא הֶעֱבִירָנוּ בְתוֹכוֹ בֶּחָרָבָה דַּיֵּנוּ: אִלּוּ הֶעֱבִירָנוּ בְתוֹכוֹ בֶּחָרָבָה וְלֹא שִׁקַּע צָרֵינוּ בְּתוֹכוֹ דַּיֵּנוּ: אִלּוּ שִׁקַּע צָרֵינוּ בְּתוֹכוֹ וְלֹא סִפֵּק צָרְכֵּנוּ בַּמִּדְבָּר אַרְבָּעִים שָׁנָה דַּיֵּנוּ: אִלּוּ סִפֵּק צָרְכֵּנוּ בַּמִּדְבָּר אַרְבָּעִים שָׁנָה וְלֹא הֶאֱכִילָנוּ אֶת הַמָּן דַּיֵּנוּ: אִלּוּ הֶאֱכִילָנוּ אֶת הַמָּן וְלֹא נָתַן לָנוּ אֶת הַשַּׁבָּת דַּיֵּנוּ: אִלּוּ נָתַן לָנוּ אֶת הַשַּׁבָּת וְלֹא

## תרגום עברי

כמה. פאר וויפיל וואהלטהאטען זיינען מיר פערפליכטעט צו דאנקען גאט. אלו. ווען ער וואלט אונז נור אויס מצרים ארויס גיצויגען אונ זייא ניט בעשטראפט דיינו. דאס אליין וואלט פאר אונז גיוועזען גינוג. ווען ער וואלט נור זייא בעשטראפט ניט זייערע געטער דיינו. ווען ער וואלט בעשטראפט זייערע געטער אונ ניט גיהרגעט זייערע בכורים דיינו. ווען ער וואלט גיהרגעט זייערע בכורים אונ ער וואלט אונז זייערע געלד ניט געגעבען דיינו. ווען ער וואלט אונז זייער געלד געגעבען אבער דעם ים וואלט ער ניט שפאלטען דיינו. ווען ער וואלט דעם ים פאר אונז געשפאלטען אבער ער וואלט אונז ניט דורכגיפירט זיין אים אזוי ווי אין דער טריקענעס דיינו. ווען ער וואלט אונז דורכגעפיהרט אין טריקענעס אבער ניט פארזונקען אונזערע פיינד דיינו. ווען ער וואלט אונזערע פיינד פארזונקען אין אים, אבער אין דער מדבר וואלט ער אונז ניט אזוי רייכליך געשפייזט פערציג יאר דיינו. ווען ער וואלט אונז פערציג יאהר אין דער מדבר אזו רייכליך געשפייזט, נור מיט דעם מן וואלט ער אונז ניט געשפייזט, דיינו. ווען ער וואלט אונז געשפייזט מיט דעם מן נור ער וואלט אונז ניט געגעבען דעם שבת דיינו. ווען ער וואלט אונז געגעבען דעם שבת נור ער וואלט אונז ניט צוגעפיהרט צום

---

## ספורי גאולת מצרים

דאס ער זאל געהמען דעם שטעקין אונ גיין צו פרעה. דער שטעקין איז גיוועזען אין דיא הענד פון אדם הראשון, אדם האט איהם גיגעבין צו חנוך, חנוך צו שם, שם צו אברהם, נאכדעם

צו

## משלי חכמים

פייער, הפלא ופלא! די אכטע איז ארבה (אהיישרעק) ווייל די עגיפטער האבען ניט געוואלט אז דיא יודען זאלען זיך פארמעהרין דערפאר האט זייא גאט געשיקט די היישרעקען וואס זיי מעהרען זיך זעהר פיל.

דיא ניינטע מכה איז געוועזען חשך, פאר וואס האט גאט געבראכט אויף דיא מצרים דיא מכה חשך?

ווייל גאט האט געוואוסט דאס אין מצרים זיינען פאראן פיל יודען וואס ווילין ניט ארויסגיין פון דארטין ווייל זייא זיינען רייך זיי האבען דארטען געהאט פיל רייכטהום, דערפאר האט גאט געוואלט זיי טייטען, צו וואס זאלען זייא גייהן נאך ארץ ישראל? דערפאר האט גאט געוואלט זייא טייטען כדי זיי זאלען ניט שטערין די יודען וואס ווילען פאלגען גאט אונ ארויסגעהען פון מצרים, נור גאט האט ניט געוואלט אז דיא עגיפטער זאלען זעהען ווי אזוי פיל יודען שטארבען, כדי זיי זאלען ניט זאגען אז דיא מכות איז נים צוליב דיא יודען, ווארום זייא שטארבען אויך, דערפאר האט גאט געבראכט אויף מצרים דיא חשך, דרייא טעג איז געוועזען חשך אפילה אונ נאך דרייא טעג אדאפעלטע פינסטערניס, ווער עס איז געזעסען האט זיך ניט געקאנט שטעלען אונ ווער עס איז געשטאנען האט זיך ניט געקאנט זעצען. די פינסטערניש האט מען געקאנט אנטאפען. אין יענע פינסטערע טעג זיינען אלע שלעכטע זינדיגע יודען געשטארבען, אונ זייא ווארען בעגראבען, דער צאהל פון די געשטארבענע יודען זיינען געוועזען, אז וויפיל יודען עס זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים, איז געוועזען אפינפטע טהייל, נאך דעם רעכענונג זיינען פון די יודען גישטארבין אין דער צייט פון דיא פינסטערע טעג פיער מאל זעכס הונדערט טויזענד מענער אויסער פרויען אונ קינדער. פאר דיא יודען זיינען געוועזען דיא פינסטערע טעג ליכטיג, זיי האבען אלץ גיזעהען. די יודען זיינען גיקומען צו דיא עגיפטער אין זייערע וואוהנונגען אונ האבען געזעהען די ערטער וואו עס שטעהען זייערע גאלדענע אונ זילבערנע כלים און וואו עס הייגען זייערע טייערע קליידער,

נאכדעם

קֵרְבָנוּ לִפְנֵי הַר סִינַי דַּיֵּנוּ: אִלּוּ קֵרְבָנוּ לִפְנֵי הַר סִינַי וְלֹא נָתַן לָנוּ אֶת הַתּוֹרָה דַּיֵּנוּ: אִלּוּ נָתַן לָנוּ אֶת הַתּוֹרָה וְלֹא הִכְנִיסָנוּ לְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דַּיֵּנוּ: אִלּוּ הִכְנִיסָנוּ לְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וְלֹא בָנָה לָנוּ אֶת בֵּית הַבְּחִירָה דַּיֵּנוּ:

עַל אַחַת כַּמָּה וְכַמָּה טוֹבָה כְפוּלָה וּמְכֻפֶּלֶת לַמָּקוֹם עָלֵינוּ. שֶׁהוֹצִיאָנוּ מִמִּצְרַיִם. וְעָשָׂה בָהֶם שְׁפָטִים. וְעָשָׂה בֵאלֹהֵיהֶם. וְהָרַג אֶת בְּכוֹרֵיהֶם. וְנָתַן לָנוּ אֶת מָמוֹנָם. וְקָרַע לָנוּ אֶת הַיָּם. וְהֶעֱבִירָנוּ בְתוֹכוֹ בֶּחָרָבָה. וְשִׁקַּע צָרֵינוּ בְּתוֹכוֹ. וְסִפֵּק צָרְכֵּנוּ בַּמִּדְבָּר אַרְבָּעִים שָׁנָה. וְהֶאֱכִילָנוּ אֶת הַמָּן. וְנָתַן לָנוּ אֶת הַשַּׁבָּת.

תרגום עברי

בארג סיני דיינו. ווען ער וואלט אונז צוגעפיהרט צום בארג סיני, אבער ער וואלט אונז ניט גיגעבין דיא תורה, דיינו. ווען ער וואלט אונז געגעבן דיא תורה און ניט אריין געבראכט אין ארץ ישראל דיינו. ווען ער וואלט אונז אריין געבראכט אין ארץ ישראל און ער וואלט אונז ניט געבויט דיא אויסערוועהלטע הויז (דאס מיינט מען דעם בית המקדש) דיינו.

על און ווי אן אצאהל זיינען מיר גאט מחויב צו לויבען דאס ער אונז אוים מצרים געפיהרט. די עגיפטער בעשטראפט. איהרע געטער דאס גלייכען. געהרגעט זייערע בכורים. אונז אפגעגעבען זייער געלד. געשפאלטן דעם ים פאר אונז. אין דער טרוקען אונז דורכגעפירט און אונזערע פערפאלגער פארזונקען אין איהם, אונזערן בעדארף אין דער מדבר פערציג יאהר צוגעטהיילט. און דעם מן אונז גיגעבין צוא עסען. און דעם שבת אונז גישיינקט, און אונז צוגעפיהרט צום בארג

משלי חכמים

נאכדעם אז די יודען זיינען געקומען צו זיי בעטען לייען האבען דיא עגיפטער געזאגט מיר האבען ניט אזעלכע כלים און קליידער, מיר האבען אליין געזעהען די כלים מיט די קליידער האבען די יודען געענטפערט, דיא עגיפטער האבען ניט געקאנט ענטזאגען און זייא האבען געמוזט לייען כדי עס זאל מקוים ווערין וואס גאט האט צוגעזאגט אברהם אבינו ואחרי כן נאכדעם וועלין דיא יודען ארויסגיין מיט פיל גוטעס דערפאר האט משה רבנו ניט אנגעזאגט פריער אז עס וועט קומען חשך, אזויא וויא ער האט אנגעזאגט בייא אלע מכות כדי דיא מצריים זאלען ניט בעהאלטען זייערע גאלד און זילבער.

די צעהנטע מכה איז געווען מכת בכורות אלע ערשטגעבארענע זיינען גישטארבען, פאר וואס גראדע דיא בכורים? דאס ערשטע ווייל פרעה איז גיוועזן אבכור נאר איהם האט גאט גיוואלט לאזין לעבין כדי ער זאל ערציילין גאטעס נסים. דאס צווייטע צו ליב פרעהן האבען די עגיפטער היילינ געהאלטען אלע בכורים האט זיי גאט געוויזען דאס זייערע היילינע האבען בייא איהם קיין ווערט ניט, און אזויא וויא די יודען האבען אלאנגע צייט געוואהנט אין מצרים האבען זייא זייערע בכורים אויך געהאלטען היילינ ביז משה רבנו האט זייא איבערגעביטען אויף די לוים.

עוזא האט ווייטער געזאגט, רבש"ע דוא ביזט דאך אצדיק און אישר, דוא טהוסט קיינעם ניט קיין אונרעכט פאר וואס ווילסטו די עגיפטער דערטרינקען אין ים. גאט האט באלד צוזאמענגערופען דיא "פמליא של מעלה" און האט צו זייא געזאגט משפט איהר צווישען מיר און עוזא. דער פסק איז באלד ארויס דאס דיא עגיפטער פארדינען דיא שטראף דערטרונקען צוא ווערין אין ים, עוזא האט געמוזט מודה זיין דאס עפ"י דין קומט זייא דעם פסק נור ער האט געזאגט: ערבארמדיגער גאט האב אויף זייא

רחמנות

ספורי גאולת מצרים

צו יצחק, יעקב צו יוסף, אז יוסף איז גישטארבין האט פרעה צוגינומען אלע זיינע הויזיגע ווירטשאפט, אויך דעם שטעקין, יתרו איז גיוועזן איינער פון דיא חרטומים, דער שטעקין איז אים גיפעלין גיווארין האט ער אים גינומען צו זיך אהיים אין מדין, און אים איינגעפפלאנצט אין זיין גארטין, קיין מענטש האט ניט גיקאנט אויס רייסין דעם שטעקין פון זיין ארט, ביז משה רבנו איז גיקומען אין מדין און האט גינומען דעם שטעקין, אז יתרו

האט

